# דאס נייע ישראל

דאָס פּאָליטישע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן אין לאַנד

איינדרוקן פון א באזוך אין ישראל

פון

מרדכי גינזבורג



אַרויסגעגעבן פון „פּרדס" פּאָבלישינג

ניו־יאָרק — 1966

די גינזבורג משפחה דריקט אויס איר
הארציקן דאנק צום קאמיטעט, וועלכער האט
דערמעגלעכט דאס ארויסגעבן פון דעם דאזיקן בוך

# אינהאַלט

CONSULATE GENERAL OF ISRAEL
1555 McGREGOR AVENUE
MONTREAL 25, P.Q., CANADA




CONSULAT GÉNÉRAL D'ISRAËL
1555 AVENUE McGREGOR
MONTRÉAL 25, P.Q., CANADA

מונטריאל, אייר תשכ"ה.

קונסוליה כללית של ישראל

# הערכה לספרו של מרדכי גינזבורג

הקורא בפרקי רשמים אלה של ביקור וסיור בישראל, יצלול בים של חומר מידעי (אינפורמטיבי) מרתק ויסחף בגלי תיאור-על-תיאור, פרוזאיים ולויריים, שמהם לא ירצה לצאת עדי כיום קריאתו.

בעט סופרים חרוץ, במכחול אמנים ובעין עתונאי בוחנת וחודרת, מילא מרדכי גינזבורג את עמודי פרקיו על ישראל כפי שראה אותה וכפי שהרשימה אותו והציתה את ליבו באביב 1962.

זמן קצר, מספר שבועות בלבד, שהה הסופר-העתונאי בישראל ונטל עמו שלל רב: פגישות ראיונות ושיחות; סקירות ומסות, תיאורים ורשומים בנושאי תרבות, מדע וחינוך; בחזיון העליה והקליטה ובעיותיהן; בשטחי המדיניות, הכלכלה והבפחון; המפלגות בארץ ויחסי החוץ של המדינה; ישובים ואזורי-פתוח; תעשיה וחקלאות וכל אחד מיתר תאי חיותה וגידולה של הארץ. אך לא רשמים בלבד ואף לא ברפורטז'ה גרידא, לפי שחדר גם לתוך-תוכן של בעיות, הלכי-רוח וערכים, הציג שאלות והתמודד עמהן, ביחוד במסכתות הנכבדות של דמות הנוער הישראלי, החינוך העברי, הגשר והקשר עם התפוצות ומקומו של איש הרוח המכלול החברה הישראלית החדשה.

היתכן להעלות את כל זאת בצורה יסודית ונאמנה בביקור כה קצר בישראל? פליאה היא. אך גם עובדה היא בשחור על-גבי לבן. אין זאת אלא שמלבד עינו העתונאית המנוסה והחודרת ומלבד כשרון כתיבתו העממי-עסיסי וקולח, הביא עמו גינזבורג לביקורו בישראל גם את מוחו העירני וגם, ובעיקר, את נפשו הגועשת שכל-כולה הומיה לישראל גם כשאינו נמצא בה בגופו – שכל-כולו חי הוא עם ישראל, מודע בתודעתה ונושם בנשימתה. ובבואו אליה לא בא כאורח לשעה אלא כבן השב אל אמו להתרפק עליה!... הוה-אומר, שלא בחמשת שבועות שהותו בלבד למד גינזבורג את אשר כתב, אלא כל מה שלמד וידע קודם-לכן, פרץ ושטף חוצה דרך עטו, להשלים תוך מגע בלתי אמצעי את מטען הידע שרכש על ישראל תוך קריאה ושמיעה וחלומות... כי איש יהודי הוא מרדכי גינזבורג, בכל רמ"ח ושס"ה, וכולו מלא אהבת העם ואהבת ישראל, דבקות במסורת ובמורשה, ספוג ידע עם נסיון-חיים-יהודיים – ציוני אשר נסע את מדינת ישראל החדשה ואת נס תקומתה במרכז תודעתו האנושית והיהודית כאחת. מכאן הדרת-הקודש והרטט של דחילו-ורחימו שבהם דרך והילך יהודי יקר זה על אדמת ישראל, מקצה אל קצה, ושבהם ניגש לכתיבתו. רטט זה עולה מכל שורה ואוחז גם בקורא. מכאן גם ההבנה, הידיעה בנושאים והחמימות שבהם הציג שאלותיו למרואייניו שעליהם נחחבב ותיאורי פגישותיו עמהם הינם, אכן, מפניני הפרקים שבספר זה.

בבית הקונסוליה-הכללית של ישראל במונטריאל, גינזבורג הינו בן-בית מיום היפתח הנציגות. יהודי חביב ועתונאי פורה זה ששמו ידוע ומוכר לכל קוראי העתונות האידית בקנדה, ארה"ב, דרום-אמריקה ועוד, היה לחבר ולאח-מבוגר לנציגי ישראל בעיר זאת ובקהילה היהודית הגדולה שבתוכה. אין מאורע בעיר ובקהילה כאן הקשור בישראל ובנציגי ישראל, שגינזבורג אינו עד ושותף לו. בפרסמו את פרקיו לסירוגין, עם שובו מישראל בעתונות האידית כאן ובמרכזים יהודיים אחרים, שטף וסחף בהם את קוראיו. עכשיו שזכה לכנסם לכרך אחד ולהנציחם בספר, ודאי שיעשו לנכס חשוב בספריות רבות ויוסיפו כבוד וגדולה למדינתנו.

ברכתנו למרדכי גינזבורג מעומק-לב – כה-לחי!

דוד ריבלין

# *Preface*

The great significance of this stimulating volume derives from the fact that it was conceived as a labor of love. Its author is a foremost essayist and journalist, whose manifold literary activities have spanned five decades of Jewish sufferings which have culminated in the re-creation of the State of Israel in its ancestral homeland. Steeped in Jewish life and lore, Mr. Ginsburg's trained eye scanned the wide horizons of the fast changing geography of the Diaspora. No major event remained hidden from him. He had studied all of them, and reacted in wise words and manner to many. The author is fully aware of the strengths and capabilities of every important aspect of Jewish life. This book reveals insights acquired through a life-long devotion to Jewish causes, ideals, and aspirations. It will prove of tremendous importance to every Jew, regardless of political affiliation and sentiments.

Within the framework of a travel book to Israel, Mr. Ginsburg has compressed multitudes of fascinating and challenging facts. A veritable storehouse of information on every major facet of its development, it discusses Israel's industrial and scientific growth, religious foundations, problems of defense and of maintaining territorial integrity, internal law and order, immigrants and their absorption, Hebraization, and Yiddish culture.

To depict the struggles of destitute immigrants in their striving for a better life and to picture the flourishing institutions of higher learning seeking the keys to prosperity and happiness requires unusual skill. Into official proclamations, statements, and releases Mr. Ginsburg delves for the meanings of events. A pulsating panorama of ingathered exiles and a rapidly developing industrial society are the background for this examination of the influences of prophets, seers, rabbis, and saints. In this book, as in Israel, past and present are imperceptibly interwoven.

Its appearance coincides with the completion by Mr. Ginsburg of fifty years' extensive participation in Jewish affairs on several continents. This volume is a most fitting climax to a distinguished career devoted to many and deserving causes, all centered around the primacy of Eretz-Yisrael in Jewish life and thought.

A highly valuable book, it will enable all readers of Yiddish to obtain a fuller appreciation of the miracle called Israel. It will provide unspeakable joy for the thousands still looking forward to making the cherished pilgrimage to their ancient homeland, and will also equip those thousands who have already enjoyed that great privilege to behold the fledgling state in its glory and to gain a deeper appreciation of it.

**LAWRENCE MARWICK**

**Head, Hebraic Section, Library of Congress, Washington, D. C.**

**Visiting Professor of Arabic and Islamic Studies, Dropsie College, Philadelphia, Pa.**

# פאָרוואָרט

## חכם שמת הכל קרוביו (שבת פח:)

עס איז שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק אַז מרדכי גינזבורג ז״ל איז שוין ניטאָ צווישן אונז.

מרדכי גינזבורג איז געווען אַן אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט צווישן שרייבער. ער איז געווען מער ווי אַ זשורנאַליסט, מער ווי אַ פּובליציסט און ליטעראַטור־קריטיקער. ער האָט זיך ניט געקענט מצמצם זיין, ער האָט זיך ניט באַשרענקט בלויז אויף זיין געביט. ער האָט געשפּרודלט מיט לעבן. און דעריבער געוואָרן אַ כלל־טוער פון גרויסן פאַרנעם. אין קאַנאַדער אידנטום איז מרדכי גינזבורג געווען אַן אינסטיטוציע.

שרייבער על פּי רוב, שטייען פון דערווייט און מישן זיך זעלטן אין פּראַקטישע כלל־אַרבעט. די שפע פון זיין ענערגיע, זיין פּילזייטיקייט, זיינע שאַפענדע כחות, זיין אומרו, האָט אים ניט ערלויבט צו שטיין פון אַ דיסטאַנץ. עס האָט אים געקלעקט אויף ביידע, דאָס שרייבן און דאָס קהל׳שן לעבן.

מרדכי גינזבורג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם תלמיד־חכם און משכיל. ער איז געווען באַהערשט פון דער רייכער ירושה פון אונזער פאָלק, וואָס האָט באַאיינפלוסט זיין לעבנס־וועג. ער האָט איינגעזאַפּט די בעסטע אידעאַלן פון אונזערע קולטור־אוצרות און די אַלגעמיינע מענטשלעכע געדעכטיקייט. זיין טיפע אמונה, האָט אים געגעבן דעם פּערספּעקטיוו צו קאָנען אָפּשאַצן וועלט־פּראָבלעמען מיט אַ דורכאויס אידישן בליק, מיט אַ בליק פון אמונה און אָפּטימיזם.

גינזבורגס אַנדערשקייט, איז אויך באַשטאַנען דערין וואָס ער איז געווען אַ נאה דורש און אַ נאה מקיים. ער האָט ניט געניצט זיין וויסן צו פּרעדיקן צו אַנדערע, נאָר ווי אַן אויסגעהאַלטענער איד האָט ער זעלבסט פּראַקטיצירט וואָס ער האָט פּרעזענטירט אין שריפט.

גינזבורג איז אויך געווען דער גרויסער טריביון פון פּלאַטפאָרם און בימה. ער האָט זיך געפילט אין דער היים סיי אויף דער אַלגעמיינער פּלאַטפאָרם, סיי אויף דער בימה פון שול. אָט דער שטריך עפנט אַ נייע פּערספּעקטיוו צו דער פּערזענלעכקייט פון מרדכי גינזבורג. די גרויסע מאָס תורה וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין די ישיבה־יאָרן, האָט ער קיינמאָל ניט איבערגעריסן, דאָס האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן פון זיינע רעדעס און רעצענזיעס אויף ערנסטע לומדישע ווערק, ווי שו״ת, תלמודישע ענציקלאָפּעדיע א. אַ. וו.

פון דער בימה האָט גינזבורג באַגייסטערט טויזנטער מענטשן מיט אויסטייטשן אַ מאמר חז״ל, אַ מדרש פליאה. זיין דרוש איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט אַ נאַטירלעכן חוש פאַר הומאָר וואָס האָט צוגעצויגן די מאַסן צו זיינע פאָרטראַגן. זיין ברייטער וויסן אין די אידישע אוצרות האָבן אים ערמעגלעכט צו אַנאַליזירן די פּראָבלעמען פון טאָג מיט אַ היסטאָרישן צוגאַנג.

פאַר גינזבורגן איז דער היינט, ניט געווען זעלבסטשטענדיק, נאָר אַן איבערטראָג פון דעם נעכטן צו דעם מאָרגן. ער האָט געזען אין דעם לעבן פון דעם מענטשן, ניט נאָר זיינע אייגענע דערגרייכונגען, נאָר דאָס וואָס ער האָט איבערגענומען בירושה פון זיינע פאָרגייערס און איבערגעגעבן צו די נאָכפאָלגערס די שאַפונגען און דערגרייכונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט. אָט־דער המשך וואָס פאַרבינדט דעם יחיד מיט די אייביקייט, וואָס איז אַ טייל פון דער געטלעכקייט, איז זיכער אויך דער אינסטרומענט וואָס פאַרזיכערט דעם המשך פון גאַנצן אידישן פאָלק. גינזבורג האָט דערין געזען דעם אידישן פאָלק ווי אַ נצחיות.

זיין שטאַרקע אמונה האָט אים איבערצייגט, אַז די ירושה פון נעכטן, וואָס מיר זעצן פאָר היינט, וועט זיכער ניט פאַלן אויף טויבע אויערן פאַר אונזערע נאָכפאָלגערס אין דעם מאָרגן. דעריבער דער פעסטער גלויבן אין גינזבורג, פאַר דער אייביקייט פון דער אידישער קייט. די וויזיע האָט אים געמאַכט אַ ווירדיקן קעמפער פאַר אידישקייט אין איר טאָטאַליטעט!

גינזבורג האָט געזען אין דער תורה, אַ תורת חיים, וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן מהות פון מענטשלעכן לעבן. ציוניזם, דעם געדאַנק פון שיבת ציון, צו וועמענס רעיון ער האָט געווידמעט זיין לעבן מיט זיין גאַנצן הארץ און נשמה, איז נאַטירלעך געווען אַ טייל פון זיין אידישקייט. און אַלס אויסגעהאַלטענער איד, וואָס האָט געלעבט מיט די פּרינציפּן פון אַ גאַנצן אידנטום, איז דער מזרחי־פּראָגראַם און פילאָזאָפיע געווען זיין ציוניזם. ער האָט אין מזרחי געזען דעם מקור פון דעם היסטאָרישן ציוניזם און מיט שטאָלץ פאַרטיידיקט זיין פּאָזיציע.

זיין גאַנצן לעבן האָט מרדכי גינזבורג געאַרבעט פאַר דער אויפלעבונג פון זיין פאָלק און פאַר די פאַררייכערונג פון די מחשבות פון זיין פאָלק. אין דעם טאָג פון זיין פּלוצימדיקער פּטירה, האָבן מיר געפילט, אַז ניט לייכט וועט געפונען ווערן אַ תמורה פאַר דעם פּלאַץ וואָס ער האָט פאַרלאָזן. עס איז צו פרי צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון דעם לעבן און ווירקונג פון מרדכי גינזבורג. דערצו פאָדערט אַ גרינטלעכע פאָרשונג אויף די פילע געביטן פון זיין טעטיקייט, זיכער איז צו פרי צו שרייבן אַ ביאָגראַפיע פון זיין לעבן.

פאַרן שלוס, מוז אָבער דערמאָנט ווערן איין שטריך פון זיין גרעסטע שטרעבונג, וואָס ער האָט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן, נעמלעך, אַ באַזוך אין דעם הייליקן לאַנד, מדינת ישראל, וואָס איז געווען זיין גרעסטע בענקשאַפט. ער איז צוריקגעקומען מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג, מיט וועלכער ער האָט אָנגעשטעקט אַלע זיינע לעזער און הערער. דאַן דער באַשלוס צו פאַראייביקן זיינע איינדרוקן אין אַ בוך „דאָס נייע ישראל״, וואָס ער האָט באַוויזן צו ענדיקן אָבער, ליידער, ניט זוכה געווען צו זען זיין ערשיינונג. „דאָס נייע ישראל״ איז ניט נאָר איינדרוקן פון אַ רייזע, נאָר אַן אָביעקטיווער שטודיום פון מדינת ישראל, אַ גרינטלעכע אָפּהאַנדלונג פון יעדן געביט פון מדינה־לעבן, פון אירע בויער און פירער. „דאָס נייע ישראל״ איז אַ ווירדיקער קלימאַקס פון זיין לעבן און שאַפן. אַ פאַרווירקלעכונג פון זיין אייביקן חלום. געאָגראַפיש, ווייט פון דעם לאַנד פון זיינע אבות איז מרדכי גינזבורג נפטר געוואָרן, אָבער זיין נשמה איז געבליבן אין ציון.

„חכם שמת הכל קרוביו״, ווייל, הכל, אַלע האָבן פון אים געלערנט און וועלן לערנען פון זיין בוך.

חז״ל זאָגן אונז אויף דעם טאָג פון פּטירה: „יום ששני עולמות נושקין זה את זה, העולם הזה יוצא והעולם הבא נכנס״, אַ טאָג וואו די צוויי וועלטן באַגעגענען זיך ווי מיט אַ קוש. איין וועלט גייט אַרויס און די צווייטע וועלט קומט אָן. דאָס אַוועקגיין פון דער וועלט, מיינט ניט דער טויט פון אַ מענטשן וועמענס לעבן איז געווען שעפעריש און געווידמעט צו זיין פאָלק. מרדכי גינזבורגס לעבן איז געווען אַ שעפעריש לעבן, איבערגעגעבן צו די אינטערעסן פון זיין פאָלק. ער וועט לעבן דורך זיין ירושה, דאָס בוך „דאָס נייע ישראל״.

**תהי נפשו צרורה בצרור חיי עולם!**

הרב צמח זאַמבראָווסקי

# אַריינפיר

האָבנדיק דריי־פערטל לעבן גע׳חלומ׳ט צו זען אַמאָל די אַלטע און נייע אידישע היימלאַנד „ארץ ישראל" — וועלכע איז אַריינגע־דרונגען אין האַרץ און נשמה זינט די פריסטע קינדער־יאָרן, פון חדר, פון תנ"ך און גמרא, און נאָך דעם אַלעמען — די השכלה־ליטעראַטור, — האָבן מיר ענדלעך זוכה געווען צו פליען „על כנפי נשרים" און זען ענדלעך דאָס טייערסטע און הייליקסטע — די באַנייטע מדינת ישראל.

ס׳איז שווער זיך אַליין צו ערקלערן, פאַרוואָס דער אַמאָליקער חדר, דער תנ"ך און שפּעטער די גאַנצע השכלה־ליטעראַטור, פון ימי הבינים און ביזן געבורט פון ציוניזם און שיבת־ציון באַוועגונג, האָט פּלוצלונג אויפגעטליט אין אונזער מוח און מחשבה, דערמאָנענדיק אָן אונזער תפילה „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים"...

דער ווייט־ווייטער עבר פון אונזער פאָלקס־געשיכטע האָט אונז געפאַנגען, און אויפגעעפנט אַ נייעם קוואַל פון חלומות און האָפנונגען. אויף שריט און טריט האָט זיך אונז געדוכט, אַז מיר טרעטן אויף אַלטע פּסוקים פון דער תורה און די גרויסע נביאים. אָט זעען מיר, ווי אין חלום, אונזערע הייליקע אבות און אמהות. אָט שפּיגלט זיך אין אונזער פאַנטאַזיע דער אַמאָליקער היסטאָרישער פּראָצעס פון לעבן אין מצרים, וואו אונזער יוסף הצדיק איז געווען דער וויצע־קעניג, אונטער פרעה, און איז געווען דער אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער אַפּצוראַטעווען דאָס לאַנד פון אַ הונגער־קאַטאַסטראָפע... דער גלות מצרים און זיינע פאָלגן, די שנאה פון פרעה׳ן וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק צעשפּילט, און ברענט נאָך עד היום אין זכרון פון אַ נאַסער, וועלכער וויל דאָך פאַרניכטן דאָס אידישע פאָלק, הגם ער זעט, ווי דאָס איז אַ צו שווערער „ביסן" פאַר אים אַרונטערצושלינגען...

די פרעה׳ס און די נאַסערס האָבן שטענדיק געוואָלט, אַרויס־רייסן דעם אידישן נאָמען פון דער וועלט־געשיכטע. די מצריים פאַר־שטייען ניט, אַז אידן האָבן מיט טויזנטער יאָרן צוריק אָפּגעראַטעוועט זייער לאַנד פון הונגער און אונטערגאַנג. אויך היינט וואָלט דער אידישער זשעני פעאיק געווען צוצוהעלפן עגיפּטן אויפצובליען ווי אַ גרוים און מעכטיק פאָלק אין נאָענטן מזרח... זיי פאַרשטייען ניט, אַז אין אַלע ביטערע געפערלעכע צייטן האָבן אידן געהאָט צווישן זיך קעמפער, וואָס זיינען גרייט געווען אויף די שווערסטע קרבנות, צו ראַטעווען זייער פאָלק. אויך אונזער איצטיקע תקופה איז ניט

אָרעם אין גייסטיקע און פיזישע כוחות, וואָס העלפן ממשיך צו זיין, און דערלעבן אַ פרייען זעלבסטשטענדיקן לעבן אין לאַנד פון אונזערע אבות... אונזער גאַנצע געשיכטע פון די לעצטע 60 יאָר איז פול מיט העלדן און קעמפער, וואָס זיינען גרייט זיך מקריב צו זיין אויפן מזבח פון פאָלק. דעריבער האָבן אונזערע זין און טעכ־טער, ווען די געשיכטלעכע שעה האָט געשלאָגן, זיך אָנגענומען מיטן גרעסטן מוט און קוראַזש, זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם מאָדערנעם פרעה און זיינע אַראַבישע מיטהעלפער, און בלייבן די בעלי־בתים פון אידישן חלק ארץ־ישראל, וואָס איז אַ נחלת אבות, און אַ ירושה, פון וועלכער דאָס אידישע פאָלק וועט זיך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן! ... אמת, די דעראָבערטע מדינת ישראל איז אַרויסגעקומען מיט „ריסוק־איברים", ווייל עבר הירדן איז נאָך אַלץ אין פרעמדן רשות; אויך פיל הייליקע קברים, צוזאַמען מיטן כותל מערבי זיינען פאַרבליבן אין דער אָפּ־געריסענער טייל פון ארץ ישראל. דאָך איז רעסטאָורירט געוואָרן דער אידישער נאָמען אין זיין אַלטן געבורט־פּלאַץ — ארץ ישראל, און פאַר די לעצטע 18 יאָר זיצט דאָס פאָלק אויף דעם אייגענעם באָדן, געניסט פון אַן אייגענער פאָן או עמבלעם — די מנורה פון מדינת ישראל.

עס איז קלאָר: ירושלים עיר־הקודש איז צוריק די אידישע רעזידענץ־שטאָט; אין איר ליגט דער כוח פון דער אידישער פּאָלי־טישער, גייסטיקער און רעליגיעזער וועלט. מדינת ישראל שיקט כסדר אַמבאַסאַדאָרן, גענעראַל־קאָנסולן, אַטאַשעען, און פאַרשידענע אַנדערע דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער אין אַלע טיילן פון דער וועלט, און עס האָט זיך שטאַרק געגלויבט, אַז „בשוב ד' את שיבת ציון היינו כחולמים"...

די נייע דעמאָקראַטישע מדינת ישראל איז נאַטירלעך געבוירן געוואָרן אין אַ ים פון בלוט און טרערן, שוין נאָך די אַלע היטלערישע קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן. דאָס אידישע פאָלק האָט אָבער באַשלאָסן אויף דעם זעלבן חורבן־האומה, אויפצובויען דאָס אייגענע נייע היימלאַנד אין ארץ־ישראל, און — די אידישע עקשנות האָט געזיגט.

דער הויכער ניוואָ פון אידישער קולטור און וויסנשאַפט האָט גובר געווען אַלע שטרויכלונגען און קעגן־קאַמפן; דאָס אידישע פאָלק איז צוגעטראָטן אויפצולעבן דאָס היסטאָרישע היימלאַנד — מלכות ישראל — אונטער אַ נייעם, מאָדערנעם נאָמען: אַ אידישע רעפּובליק, אַ פּרעזידענט, פאַרלאַמענט און מיניסטאָרן און אַלץ, וואָס אַ פריי זעלבסטשטענדיק פאָלק מוז האָבן. נאַטירלעך, איז דער ערש־

טער ציל געוועז שאפן אן איינהייטלעכע אידישע מיליטער; באַ־זאָרגן דאָס לאַנד און דעם ישוב מיט גענוג וואַסער צום טרינקען און פאַר אַלע אַנדערע געברויכן, ווייל א״י איז פון אייביקע צייטן געוועז א טרוקן לאַנד. מען האָט אַנגענומען וויסנשאַפטלעכע מיט־לען צו אַנטזאַלצן ים־וואַסער פאַרן געברויך פון דער משפחה, הויז־חיות און אינדוסטרי. מען האָט געשאַפן אן אייגענעם לופט־פלאָט און ים־פלאָט. מען האָט געבויט אוניווערסיטעטן, שפּיטאַלן, הויכ־שולן פון טעכנישן און וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער, כדי צו הויבן ווי ווייט מעגלעך דעם ניוואָ פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס.

ישראל האָט באַוויזן אַזעלכע וואונדער, וואָס קיין שום אַנדער פאָלק האָט ניט באַוויזן אַפילו אַ ברוכטייל פון דעם פּראָגרעס, וואָס ישראל האָט דערגרייכט.

די קונסט און וויסנשאַפט פון דער יונגער מדינה שטייען היינט ניט אָפּ פון די פיל עלטערע לענדער אויף דער וועלט; ישראל׳ס נאָמען אין דער פאַראייניקטער פעלקער־משפחה (יו־ען) קלינגט ניט אָפּ ווייניקער, ווי פון די מעכטיקסטע און ציוויליזירטסטע לענדער... די גרויסע צאָל רעגירונגס־אינסטיטוציעס, די מעכטיקע אינדוסטריעס, דער איינגעשטעלטער געזונטהייטס־אַפּאַראַט דורך די קופּת חולים, קליניקס און אַנשטאַלטן, די גרויסע צאָל קאָלאָניעס, וואָס זיינען צעשפּרייט איבערן לאַנד, די גרויסע באַדייטונג פון נגב, וועלכע אַנטוויקלט זיך פון טאָג צו טאָג.

עס פעלט נאָך אָבער פיל אין דער עליה־מאַשין, וואָס קען ניט באַווייזן איינצוזעצן מענטשן אויף גוט איינגעזעסענע פּלעצער מיט אַ גרויסער מאָס פון עקאָנאָמישער און גייסטיקער שפע. דאָס איז אַ היסטאָרישער פּראָצעס, וואָס אַנטוויקלט זיך לאַנגזאַם, און וועט האָפנטלעך מיט דער צייט ברענגען די געווינטשטע רעזול־טאַטן. זיכער אַרבעטן די ישראל־צייטונגען פון אַלע ריכטונגען, צו העלפן אין דעם מיזוג גלויות. די פּרעסע אין ישראל איז די גרעסטע מאַכט נאָך דער כנסת, און זי פירט דורך די גרעסטע און אחריות־פולסטע פונקציעס לטובת המדינה. העברעאיש ווערט די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון לאַנד און פאָלק. די אינדוסטרי און האַנדל בליען. אויך דאָס רעליגיעזע לעבן האָט באַקומען אַ תיקון, אַ סטאַנדאַרט, און אין קיין שום פּלאַץ אין דער דיאַספּאָראַ קען אַ איד זיך ניט אויסלעבן אַזוי אידישלעך, ווי אין ישראל.

די גרויסע צאָל קיבוצים, מושבים און אַלערליי אַנדערע סאָרטן סעטעלמענטס, זיינען דער ספּעציפישער שטריך פון מדינת ישראל. זינט דער „בילו" רוף אין די אַכציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָר־

הונדערט, האָבן זיך כסדר געבויט אַ קאָלאָניע נאָך אַ קאָלאָניע, אַ קיבוץ נאָך אַ קיבוץ, דערפער און שטעט, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבערן גאַנצן פלאַך פון דער אידישער מדינה.

עס לאָזט זיך ניט שילדערן דאָס גרויסע בילד פון דער יונגער מדינה, וועלכע קאָכט און זידט ממש ווי אַ סיר נפוח. דערצו קומט נאָך די פלאָג פון פיל פּאַרטייען, וועלכע זיינען זייער ערנסטע אבני־נגף אויפן וועג צום פּאַנאַנדערבלי פון דער מדינה. דער ביטערער קאַמף צווישן בן־גוריונען און מפא״י האָט זייער שטאַרק פּאַר־וואָלקנט דעם ישראל־האָריזאָנט, און דאָס האָט געדאַרפט אויסגע־מיטן ווערן פאַר יעדן פּרייז! מיר האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו וואַרפן קליינע סנאָפּעס ליכט אין די אַלע פאַרנעפּלטע ווינקעלעך, כדי דער לייענער זאָל באַקומען ווי וויט מעגלעך אַ געוויסע אָריענ־טאַציע אין דעם פּאָליטישן און מאָראַלישן קלימאַט פון לאַנד.

מוזן מיר דאָך באַטאָנען, אַז נאָך די אַלע חבלי־לידה האָט מדינת ישראל אַרויסגערופן די גרעסטע נאַציאָנאַלע מעטאַמאָרפאָזע וואָס איז געקומען אין אונזער אידישן לעבן! פון אַ צעזייט און צע־שפּרייט מענטשן־מאַסע איבער דער גאַנצער וועלט, און איבעראַל אָן אַ היים, אָן אַ דאַך, אָן אַ נאַציאָנאַלן „איך״, זיינען מיר געוואָרן פולבלוטי־קע בירגער פון אָן אייגענער מדינה׳לע, וואָס וועקט רעספּעקט צו אונזער פאָלק פאַר די בראַווקייט, עקשנות און אויסגעהאַלטנקייט במשך פון צוויי טויזנט יאָר. מיר טוישן ניט ארץ־ישראל אויף וועלכע עס איז אַנדער לאַנד, מיר זאָגן זיך ניט אָפּ פון אונזער פאָלקס־יחוס און ירושת־אבות, וואָס דאָס איז אייביק געוועז — ארץ־ישראל. מיר באַזעצן אונזער פאָן, וואָס פלאַטערט אין דער יונייטעד ניישאָנס צוגלייך מיט די גרעסטע און מעכטיקסטע פעלקער פון דער וועלט. מיר האָבן צוריק אָנגעצונדן די אַלטע מנורה און אוועקגעשטעלט זי אַלס עמבלעם פאַר אַלע רעגירונגס־דאָקומענטן, אַלס סימבאָל פון אונזער פאַרגאַנגענהייט. מדינת ישראל האָט אונז צוריקגעגעבן אונזער אַלטן שטאָלץ, צו זיין אַ ליכט פאַר דער איבעריקער וועלט, און דאָס האָבן מיר מער־ווייניקער דערפילט אין דעם באַנייטן מדינת ישראל.

ווילט זיך ביי דער געלעגנהייט אויסדריקן אַ האַרציקע אָנער־קענונג און דאַנק צו די אַלע, וועלכע האָבן דערמעגלעכט אַזאַ נסיעה צו באַזוכן דאָס אַלט־נייע ארץ־ישראל. מיר האָבן אַריינגעאָטעמט דורך דער צייט פיל „אווירא דארץ ישראל״, און האָבן געהאַט די זייער גינסטיקע געלעגנהייט צו ווערן אויפגענומען פון די גרעסטע פירער פון דער מדינה אויף אַ זייער פריינטלעכן און חבר׳ישן אופן.

מיר גלויבן, אַז דאָס איז אויך די פרייד און מאָראַלישע סאַטיספאַקציע פון די אַלע נאָענטע איבערגעגעבענע פריינט, פון די קאָנאַדער נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס ווי אויך פון יחידים, וועלכע האָבן אונדירעקט צוגעהאָלפן צו פאַרווירקלעכן אונזער אַלטן חלום און האָפענונג.

מיר האָפן, אַז אויב מיר האָבן ניט באַוויזן צו דעקן דעם גאַנצן באַדן פון מדינת ישראל, האָבן מיר דאָך, ביז אַ געוויסער מאָס, אַנגערירט זייער „עמפינדלעכע״ פונקן אין לעבן פון ישראל און שטיצן זיך אויף די פאַקטן און ציפערן, וואָס דער לעזער וועט געפינען אין בוך און אויב מיר האָבן כאָטש טיילוויז דערגרייכט אונזער ציל און אָנגערירט מערערע קאַרדינאַלע פונקטן און פאַזן פון דער באַנייטער מדינת-ישראל, זאָל דאָס זיין אונזער צופרידנהייט און באַלוינונג.

מרדכי גינזבורג

---

# ביאָגראַפישע נאָטיצן

מרדכי גינזבורג געבוירן 15-טן אָקטאָבער 1894, אין סלאָנים, גראָדנער גוב., געלערנט אין אָרטיקער ישיבה, באַזונדערס תנ״ך און געהאַט די בעסטע רביים פון זיין צייט. גראַדואירט די רעגירונגס שטאַטישע שול, און צו 15 יאָר אַריינגעטראָטן אין ווילנער אידישן לערער סעמינאַר, וואו שטודירט 4 יאָר, מערסטנס רוסיש, נאַטירלעך, און אַביסל העברעאיש מיט „זאַקאָן באָזעי״. צוליב דעם אויסברוך פון 1-טן וועלט-קריג אַריבער אין לאָדזש און אונטערגעריכטעט אין שאַקי׳ס פּראָ-גימנאַזיע. דערנאָך אָנגעפאַנגען צו שרייבן אין אידיש, נאָכדעם, ווי ער האָט דעביוטירט מיט 2 לידער אין דער רוסישער „ניוואַ״ און אין דעם „סעווערא-זאַפּאַדני גאָלאָס״. אין לאָדזש זיך פאַרנומען מיט שרייבן קורצע לידער, און אין יאָר 1919 אַרויסגעגעבן אַ קליינע זאַמלונג א. נ. „אין דער שטיל״, וואו ער האָט פאַרעפנטלעכט אייניקע לידער פון יצחק קאַצענעלסאָן, משה בראָדערזאָן, בערמאַן (גראַף קאַלי), גאַרפינקל א. אַ. גלייכצייטיק קאָרעספּאָנדירט אין לאָדזשער טאָגעבלאַט, און פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן זיין באַזוך אויף די מזרח קרעסן, און אויך אַנדערע אַרטיקלען, צו וועלכע מר. ישעיה אוגר, אַלס דער רעדאַקטאָר האָט אים שטאַרק דערמוטיקט.

אין 1924 פאַרלאָזן לאַדזש און אַריבער קיין בריסק דליטע, וואו גע־הייראַט די צווייט דר. רבקה שטערמאַן, און גליקלעך געשאַפן דאָרט אַ אידישע וואָכנבלאַט, וועלכע האָט אונטער פאַרשידענע ענדערונגען פון נאָמען, צוליב צענזור־אזהרות'ן פון דער פוילישער מאַכט. אזוי האָט ער אַרויסגעגעבן די „פּאָלעסער וואָכנבלאַט", די „בריסקער וואָכנבלאַט", די „קאָב־רינער שטימע", און אייניקע אַנדערע פּראָווינץ וואָכנבלעטער, וועלכע פלעגן „דערשיינען" אין אַנדערע פּאָלעסער שטעט, אָבער פלעגן געדרוקט ווערן, אַלס ביילאַגעס צו זיין צייטונג אין בריסק, וועלכע איז דערשינען ביזן יאָר 1930, ווען ער האָט עמיגרירט קיין קאַנאַדע.

אין זעלבן טאָג פון זיין אָנקום קיין מאָנטרעאַל, איז ער אַריינגענומען געוואָרן אין רעדאַקציע־סטעף פון „קענעדער אָדלער", און דאָס איז שוין אַ קאַפּיטל פון 35 יאָר.

דורך דער צייט האָט ער אַנטוויקלט אַ גרויסע ליטעראַריש־זשורנאַ־ליסטישע טעטיקייט און באַטייליקט זיך אין איבער 20 אידישע צייטונגען און אויסגאַבן. האָב פאַרעפנטלעכט אַ צאָל מאמרים אין דער העברעאישער שריפט „הצופה", אין „הבוקר", אין „פאָלק און לאַנד", אין דער „צוקונפט", „הדואר", און אין אַ צאָל העברעאישע אויסגאַבעס, „חורבן ליטעראַטור" א. אַ. וו.

פּסעוודאָנימען: „ר' מרדכי'לע" (פאַר הומאָריסטישע ענינים: „קאַרלי־נער חסיד", „אַ סלאָנימער" און אַנדערע) פאַרעפנטלעכט דריי גרויסע מאמרים אין דער אויסגאַבע לכבוד דעם זכרון פון נחום ברוך מינקאָוו ע"ה.

לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער (33 יאָר) אין „די אידישע צייטונג" בוענאָס איירעס, אין „היינט" מאָנטעווידעאָ, „אילוסטרירטע בלעטער" און אין די ספּעציעלע יזכור־ביכער וועגן בריסק, נאָוואַרידאָק, סלאָנים, קאָברין א. אַ.

אויף דער איינלאַדונג פון ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם פּריינט ריבאַלאָוו, פאַרעפנטלעכט אַ צאָל מאמרים אין „הדואר". אַ גרויסע בריוו־זאַמלונג און קאָרעספּאָדענצן מיט די חשובסטע שרייבער פון דעם לעצטן דור. באַטייליקט זיך בקביעות אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" שוין איבער 30 יאָר, געשריבן פיל אין געוועזענעם „אַמעריקאַנער", און אַנדערע חשובע פּעריאָדישע אויסגאַבעס.

אין דרוק — זיין נייער בוך וועגן מדינת ישראל, וועלכע ער האָט לעצטנס באַזוכט, און דאָס איז אַ ווערק, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס נייע און אַלטע מדינת ישראל.



ערשטער קאַפּיטל

# ישראל — דער גרעסטער נס
# אין דער מענטשלעכער געשיכטע

**דער כאַראַקטער פון דער מדינה, און איר שטרעבן צו אַ וועלט־שלום. — נביאישער גייסט, און רעאַלע ווירק־לעכקייט. — ישראל אַלס לאַבאָראַטאָריע פון אַן אייגנאַרטיקער אידישער ציוויליזאַציע און לעבנסשטייגער. — די נייע האָריזאָנטן פון אונזער דור. און זיין ענטפער צו דער געשיכטע.**

דער גורל האָט געוואָלט, אַז מיין ערשטער באַזוך אין דער באַנייטער מדינת ישראל, און מיין ערשטער אָפּשטעל זאָל פאָרקומען ערב דעם פרייהייטס יום טוב פסח, דעם זמן חירותנו, און במילא אויך נאָענט צום יום העצמאות, און דווקא אין ירושלים, די רעזידענץ פון דער אידישער מדינה. אויפן ערשטן מאָמענט האָט דאָס אויסגעזען, ווי אַ גוטער צוזאַמענפאַל: פאַרברענגען אַ פסח אין ירושלים עיר הקודש, זיין געלאַדן פון פיל חשובע פערזענלעכקייטן און פירער פון ישוב אַלס גאַסט צום „סדר" און צום יו"ט בכלל; איינזאַפּן אין זיך אַביסל אווירא דארץ ישראל, און דערמאָנען מיט פאַר־וואונדערונג ביים סוף סדר דעם „לשנה הבאה בירושלים הבנויה", — דאָס אַלעס האָט לכתחילה געמיינט צו האָבן אַ זייער גינסטיקן „ברוך הבא" אין ירושלים. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַביסל אַנדערש. די לופט אין ירושלים איז ניט געווען צו גינסטיק צו אָטעמען; די גאַסן זיינען ס'רוב זייער געדרייט, שלענגלען זיך באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ, און מאַכן כמעט אוממעגלעך דאָס שפּאַצירן. דערצו איז דער וועטער געווען היבש קאַלט און אַביסל רעגנדיק, און דאָס האָט ערשטנס אָוועקגענומען דעם עונג יו"ט, און צווייטנס — ניט דערמעגלעכט צופיל אַרומצושפּאַצירן און זען די ירושלימער מערקווירדיקייטן, איר אַרכיטעקטור, געבוי אא"וו.

נאָך אַ דיסאַנאַנס האָט זיך געשאַפן צוליב דעם, וואָס די ישראלים פייערן נאָר איין סדר, איין ערשטן און איין לעצטן טאָג יו"ט, בעת אַ בירגער פון די תפוצות דאַרף פראַוון 2 סדרים, און דאָס מאָל איז אויס־געקומען צו פייערן 3 טעג, אַלס די ערשטע טעג פסח, און כמעט נאָך אַ מאָל 3 טעג, אַלס די צווייטע טעג פסח, אַזוי, אַז דער יו"ט האָט זיך צו שטאַרק

געלאָזט פילן. מען האָט פּשוט נישט געקענט אויסנוצן די צייט אויף אַ בעסערן אופן, כאָטש די טעג זיינען געווען געציילטע, און יעדער אַוועקגייענדיקער טאָג האָט פאַרקירצט די וואַקאַציע־צייט, נישט ברענגענדיק קיינע פּרוכט און באַזונדערע פאַרגעניגן...

דאָך האָבן מיר גלייך דעם ערשטן טאָג פון אַריינקום קיין ירושלים, נאָך איידער מיר האָבן באַוויזן צו ווערן מיד, אַריינגעכאַפּט עולה צו זיין אויפן הר ציון, און שוין דאָס אַליין האָט היפּש פאַרכאַפּט אונזער פאַנטאַזיע: מיר האָבן גאָרנישט געקענט באַנעמען מיטן שכל הישר, ווי אַזוי עס איז געלונגען די בראַווע קעמפער פון ישראל, בעת דער מלחמת השחרור, אָפּצוראַטעווען דעם דאָזיקן היסטאָרישן הר ציון, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס דער קבר פון דוד המלך... דער הר ציון איז אַריינגעשניטן אין סאַמע האַרץ פון דער ירדן מדינה, און שטייענדיק אויפן באַרג, זעט מען פון ביידע זייטן די אַראַבישע זעלנער מיט די אָנגעשטעלטע ביקסן פון הינטער די זעק מיט זאַמד. עס איז פּשוט אומגלויבלעך, ווי אַזוי מען האָט דאָך אויסגעקעמפט דעם הר ציון, וועלכער איז פאַרבליבן אַלס אידיש אייגנטום, און איז פריי פאַר אַלע אידן צו קומען און זען, וואָס עס טוט זיך אין די באַרג־היילן און אין די אַלע ווינקעלעך פון זייער אינגעווייד...

דאָרט זעט מען דעם טרויעריקן סך הכל פון אומקום פון אונזערע זעקס מיליאָן אידן אין צענטראַל אייראָפּע. מען זעט 6 גרויסע בעכער מיט אַש, וואָס דערמאָנען די 6 מיליאָן קרבנות פון היטלערס נאַצי דייטשלאַנד, ימח שמו וזכרו! מען זעט שילדן מיט נעמען פון חרוב־געוואָרענע שטעט און קהלות, וואָס האָבן עקזיסטירט איבער טויזנט יאָר, און זיי זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן און אַרויסגעריסן פון אידישן פנקס...

דאָס איז דער טרויעריק באַקאַנטער מוזיי פון חורבן, פון שואה, וואָס וואַרפט אָן אַ פּחד אויף יעדן אייגעם, וואָס קומט אַרויף אויפן הר ציון. דאָ זעט מען דעם שרעקלעכן איבערברוך פון אונזער געשיכטע; דאָ שפּירט מען דעם גרויסן קאָשמאַר פון דער אידישער פאַרטיליקונג; דאָ זעט מען אַ דורכגעשטאָכענע ספר־תורה פאַרפלעקט מיט בלוט, ווייל דער וואָס האָט געוואָלט זי אָפּראַטעווען פון די ברודיקע נאַצי־הענט, האָט זי אָנגעטאָן אויף זיך, ווי אַ מאַנטל, אָבער די בלוטדורשטיקע נאַצים האָבן דורכגעשטאָכן דעם פאַרמעט און דעם, וואָס האָט געוואָלט אָפּראַטעווען דעם ספר פון שענדונג. דאָ פילט מען דעם גערויש פון די מערדער־פליגלען, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן אויסצומעקן אונזער פאָלק פון רעגיסטער פון דער וועלט...

די קדושה פון הר ציון איז אָבער שטאַרקער און מעכטיקער פון יענע בייזע געדאַנקען און וויזיעס פון דער ניט־וויטער פאַרגאַנגענהייט. מען דערמאָנט זיך אַז מען שטייט אויפן הר ציון, וואָס איז, לויט דעם סיפּור אין שמואל ב׳ און דברי הימים א׳, געווען ציונס פעסטונג, באַקאַנט אַלס

„מצודת ציון", און יואב האָט שפּעטער איינגענומען די גאַנצע שטאָט דורך דעם, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן דעם וואַסער שטראָם פון צינור. דאָס וואַסער האָט אַוועקגעשטראָמט מחוץ לעיר, אָבער מיט פיל יאָרן שפּעטער האָט חזקיהו המלך באַשלאָסן צוריק צו ברענגען דאָס וואַסער אויף אַ נאָרמאַלן אופן דאָרט וואו ס'איז נויטיק געווען.



דער הר ציון איז אַמאָל געווען פאַראייניקט מיט אַ בריק מיטן הר המוריה איבערן טייך, וואָס די אידן רופן „רחוב מקום המקדש". דער נאָמען פון בריק איז „המלוא" און ער האָט נאָך עקזיסטירט פאַר די צייטן פון דוד המלך. דוד האָט אָבער אויפגעבויט די פּאַלאַצן אויפן הר ציון, לויט ווי עס ווערט דערמאָנט אין שמואל ב׳, ח׳ ט׳, און שלמה המלך האָט אויפגעשטעלט אַ הויכע וואַנט, מיט טורעמס, כדי אָפּצושליסן דעם אַריינגאַנג צו דער עיר דוד...

אָט פאַרוואָס דער הר ציון איז אַזוי היסטאָריש פאַרבונדן מיט אונזער ווייטן עבר, און מיטן נאָמען ציון ווערט אויך אָנגערופן דער בית המקדש, ירושלים און אַפילו גאַנץ ארץ ישראל. אונזערע נביאים האָבן מלכות יהודה אויך אָנגערופן „בת ציון", אָדער „בתולת בת ציון", צוליב דער שיינקייט פון אויסדרוק... אין די שפּעטערע צייטן איז אויפן פּלאַץ פון עיר דוד געשטאַנען (אין די טעג פון בית שני) די אַזוי גערופענע „העיר העליונה" אָדער „השוק העליון", ווי עס ווערט וועגן דעם דערציילט אין פסחים י״ט.

יעדע רגע וואָס מען שטייט אויפן הר ציון, קומען אויפן געדאַנק פאַרשידענע זכרונות, און מען זעט, ווי אַפילו ניט־אידן ציען זיך צום הר ציון. דאָרט צינדט מען אָן ליכטלעך; דאָרט זאָגט מען תהלים; דאָרט קריגט מען אַ ברכה, און דאָרט האָבן מיר אויך געזען אַ גרויסע גרופּע עולי רגל׳ניקעס, וואָס זיינען קורץ פאַר פסח אָנגעקומען מיט אַ ספר תורה אין די הענט און האָבן מיט מוזיק און פּויקן אַרויפגעשטיגן צום הר ציון...

וועלכעס אידיש האַרץ קען בלייבן גלייכגילטיק צו אַזאַ איבערלעבונג? ווי אָנגעשטרענגט מען זאָל ניט זיין פון אַרויפגיין צום שפּיץ פון באַרג, פון נישטערן אין די היילן פון באַרג, פון זען און אַריינקוקן אין די פאַרשידענע אָפּגעראַטעוועטע צייכנס פון חורבן־מוזיי, — קאָן דען לייכט פאַרלאָזן דעם הר ציון מיט אַ גרינג געמיט... די פּאַנאָראַמע אַרום דעם באַרג, און דער באַוואוסטזיין, אַז בייזע אויגן לויערן אויף דיין יעדן שריט, און דאָך איז מען ביי זיך זיכער, אַז קיין שלעכטס וועט ניט פּאַסירן, ווייל די אַראַבער דאַנקען ממש גאָט, וואָס מען טשעפּעט זיי נישט, — דאָס אַלץ פּילט אָן דאָס האַרץ און דעם מוח מיט זיסע געדאַנקען און מחשבות...

דער גוטמוטיקער נהג באַמערקט גלייך אויפן אָרט, אַז מען שלאָפט דאָ רואיק; אַז די אַראַבער זיינען אָנגעלערנט און האָבן שטאַרק „דרך ארץ" פאַר די אידישע סאָלדאַטן, וועלכע ווייסן ווי צו פאַרטיידיקן אידישע רעכט און אידישן באַזיץ... מיר זיינען איבער 2 מיליאָן אידן אין ישראל, האָט דער קלוגער נהג צוגעגעבן, אָבער דאָס מיינט פּונקט אַזוי פיל סאָלדאַטן, ווייל יעדער איינער איז גרייט מיט לייב און לעבן פאַרטיידיקן די מדינה. אין אין האַלבער שעה צייט קאָן דאָס ישראל מיליטער גרייכן אין יעדן ווינקעלע

פון לאַנד, און „באַצאַלן" כדבעי פאַר יעדן פאַרזוך צו שטערן ישראל'ס פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט...

מיר האָבן געמערקט אין זיינע רייד דעם גייסט פון דער ישראל אַרמיי, די קוואַלעגדיקע ענערגיע וואָס שלאָגט פון יעדן איינעם וועלכער איז גרייט אויף אַלץ, וויסנדיק, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ!... יעדער תושב אין ישראל דענקט נאָר אין טערמינען, אַז ער איז אַ טייל פון לאַנד, און אַז דאָס לאַנד איז אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין „איך"... מהאי טעמא איז יעדער איינער העכסט פּאַטריאָטיש געשטימט, און עלטערן שיקן מיט פרייד זייערע זין און טעכטער אין דער צבא הגנה לישראל. אַלע פאַרשטייען, אַז די ישראל אַרמיי איז דער „גענעראַל אין ברירה", און דאָס פּירט אויך צו דעם וואָס מען צאָלט גוטוויליק הויכע, קאָלאָסאַל הויכע שטייערן, וויסנדיק, אַז דאָס העלפט אויפצוהאַלטן די אַרמיי און במילא די זיכערקייט פון לאַנד.

צווייטער קאַפּיטל

# אמת'ע פולע פרייהייט אין ישראל

**די פרייהייט אין ישראל פילט אַן מיט גרויס שטאָלץ יעדן בירגער פון לאַנד. — זכרונות פון פּאָגראָמען און רדיפות אין אַמאָליקע אייראָפּעאישע לענדער, און די ישראל ווירקלעכקייט. — דער פולשטענדיק געענדערטער לעבן אין מדינת ישראל און דאָס „נייע" אידישע פאָלק, וואָס קריסטאַליזירט זיך אויס. — ווי דער ישוב לויבט די ישראל־אַרמיי, און די מסירת־נפש פון אידישע זין און טעכטער. — דער מערקווירדיקער פּאַטריאָטיזם פון יעדן בירגער אין ישראל.**

די פרייהייט פון דעם ישראל בירגער געפינט איר אויסדרוק אויף אַלע געביטן פון לעבן. סיי ביי דער אַרבעט, סיי ביי מסחר, סיי אין שול, און סיי אין דער גאַס, סיי אין געזעלשאַפטלעכן און סיי אין פריוואַטן לעבן. איבעראַל פילט מען די אמתע פרייהייט און נחת־רוח, וואָס דער ישוב אין ישראל האָט זוכה געווען צו דערגרייכן...

עס האָדעוועט זיך אַ יוגנט אָן קאָמפּלעקסן, אָן מורא פאַר חברים אין שול, אַז מען זאָל זיי שלאָגן. אָן פחד, אַז דער קריסטלעכער לערער זאָל געבן מער אנערקענונג צו אַ קריסטלעכן תלמיד, ווי צו אַ אידישן... דער גייסט פון דער דאָזיקער יוגנט ווערט נאַטירלעך אַריבערגעבראַכט אין הויז אַריין, אין משפחה און פאַמיליע־לעבן. במילא שאַפט זיך און קריסטאַליזירט זיך אויס אַיין אַטמאָספערע, איין שטימונג, וואָס מאַכט די אידישע היים סטאַביל, באַלאַנסירט, אָן קיינע פאַראורטיילן, אויסרעכענונגען און חשבונות.

די אידישע היים אין ישראל איז אַ „גאַנצע" אָן עכט אידישלעכע, אָן פרעמדע יום טובים און פייערונגען, אָן פרעמדער השפעה. שבת — איז די אינסטיטוציע, וואָס ברענגט אָן איבעררייס אין דער אַרבעט, וואָס פירט דעם גרעסטן טייל אידן אין שול אַריין, וואָס פאַראייניקט במילא עלטערן מיט קינדער אין דעם דאָזיקן טאָג. מיט אַלע „יוצאי מן הכלל" פון דעם אַזוי גערופענעם „חילול שבת", איז דאָס דאָך דער טאָג פון מנוחה ושלוה, וואָס שאַפט אַ בילד, וואָס מען קאָן אין ערגעץ אין דער וועלט נישט זען.

דעריבער קאָן און דאַרף יעדער איד, און ביחוד יעדער רעליגיעז־געשטימטער איד, זיך אידענטיפיצירן מיט מדינת ישראל, אויב ער מיינט צו זען פולבלוטיקע אידישקייט. ער מעג טראָגן וועלכע קאַפּאָטע ער וויל,

וועלכע לאַנגע פּיאות׳ן און גאַרטלען ער וויל, און זיך אויפסדאָסניי אָפּטובלען אין אַלטער אידישקייט, וואָס האָט שטענדיק געשלאָגן מיט פרישן אימפּעט, קראַפט און האָפנונג.

פאַרמעגלעכע רעליגיעזע אידן, וואָס קאָנען געפינען זייער עקזיסטענץ און פּרנסה אין מדינת ישראל, און בלייבן דאָך אין גלות, אין די רייכע אַמעריקאַנער לענדער, זיינען לויט אונזער מיינונג ניט ערנסט פרום און אויסגעהאַלטן אין זייער אידעאָלאָגיע; זייער פרומקייט און אידישקייט אין חוץ לארץ מוז שטענדיק ליידן, און זיי קאָנען קיינמאָל ניט צופרידנשטעלן זייערע אידישע רעליגיעזע אַמביציעס, ווי דאָס איז מעגלעך נאָר אין ישראל... שוין לאַנג פאַר פּסח האָבן פון אַלע ווענט און אַלע עפנטלעכע פּלעצער אַראָפּגעשריען די גרויסע פּלאַקאַטן „חג שמח" (אַ פריילעכן יום טוב). סיי אין געשעפט, סיי אין אָפיס, סיי אין גאַס און סיי ביי אַ מיטינג. איבעראַל האָט אָפּגעקלונגען דער פריילעכער „חג שמח". צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד האָט אונז אַלץ געהילכט אין די אויערן דער „גוט יום טוב", וואָס ווערט אויסגעדריקט אין חג שמח. זיכער האָבן מיר קיינמאָל אין די גלות־לענדער ניט געהערט דעם דאַזיקן הערלעכן וואונטש פון „גוט יום טוב", ווי אין ירושלים און שפּעטער אין תל אביב און אַלע אַנדערע שטעט און דערפער...

הערנדיק דאָס אָנגענעמע „חג שמח", האָבן מיר געטראַכט ביי זיך: אָט גייט אַרויס ביי אונז אַ איד פון שול אום יום טוב, און זאָגט אויך דעם צווייטן איד „גוט יום טוב", אָדער אַן ענלעך וואָרט אין ענגליש, און גלייך פאַרגעסט ער אָן דעם יום טוב, ווייל די גאַס, דער וועג אַהיים מאַכט אים שוין אויס יום טוב... דער טומל פון דער אַרומיקער סביבה, דער גערויש פון ביזנעס, די פרישע פּאָסט, וואָס איז אָנגעקומען און ברענגט נייעס פון פרישע צרות, חזיקות אָדער איינלאַדונגען צו פאַרשידענע באַנקעטן, שמחות, וואָס מיינען אין לעצטן סך הכל — געלד, דאָנאַציעס, פּלעדזשעס און דער־מאָנונגען צו באַצאָלן פון דאָס פריער צוגעזאָגטע... קיין אמת׳ע שמחת־החג, קיין „חג שמח" קאָן ער נישט פילן, אפילו ביים בעסטן ווילן...

גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע אין ישראל. נישטאָ אום יום טוב קיין פּאָסט, נישטאָ קיין פרישע צייטונג, נישטאָ קיינע ביזנעס־אינטערעסן. אַלץ יום טוב׳ט צוזאַמען, פון קליין ביז גרויס, און דאָס מאַכט די גאַס אַליין יום טוב׳דיק, די לופט אָטעמט מיט יו"ט און עס איז באמת „חג שמח"!...

שבת אין ירושלים האָבן מיר בייגעוואוינט אַ בילדל, וואָס איז כמעט אַנזעעוודיק אין גאַנץ ישראל. דער שול־עולם שטעלט זיך דאַווענען אום 8 אַזייגער, און אום 10 איז מען שוין אַרויס פון שול. גייט דער עולם אַהיים, מען עסט אָנבייסן, מילכיגס, מען טרינקט קאַווע און טיי, און דאַן איז די צייט פון גיין צו גאַסט איינע צו די אַנדערע...

ביז׳ן טשאָלנט, אָדער ביז מיטאָג, וואָס ווערט געוויינלעך געגעסן אום 1־2 אַ זייגער, קומען זיך צונויף, מערסטנס משפּחה־מיטגלידער, שכנים, פריינט, וועלכע זיינען אַ גאַנצע וואָך פאַרנומען מיט זייער טעגלעך אַרבעט

און ברויט, מיט פרנסה און אַנדערע ענינים. שבת — איז דער בעסטער טאָג פון דער וואָך, וואָס מען זעט זיך מיט אייגענע. מען קומט טאַקע איינע צו די אַנדערע מיט די קינדער, וועלכע קערן איבער אַ וועלט, זיינען אָפטמאָל שטאַרק צולאָזן און פאַרשטיפט (מיר מיינען דאָ קינדער ביזן עלטער פון 5־6 יאָר), און נאָך דעם גייט מען צוריק אַהיים, יעדער צו זיין אייגענער משפחה, צו עסן דעם שבת׳דיקן מאָלצייט.

ווילט איר, ליבע לייענער וויסן, וואָס מען עסט אין ישראל, און ווי מען דערנערט זיך דאָרט? אפשר געדענקט איר נאָך די צייט פון ירושלימס־באַלאַגערונג, ווען עס איז באמת קיין ברויט און קיין וואַסער ניט געווען, און אונזער מאַנטרעאַלער דוב יוסף איז דאַן געווען דער קאָמענדאַנט פון ירושלים, און געזען צו לינדערן די לאַגע. היינט געהערט דאָס אַלעס צו דער פאַרגאַנגענ־הייט!... עס פעלט ב״ה גאָרנישט אין מדינת ישראל. נאַטירלעך, צוליבן הייסן קלימאַט, עסט מען ווייניקער פלייש, און מער ירקות (גרינסן), מער פיש און אַנדערע מילך־פּראָדוקטן, אָבער עס פעלט חלילה גאָרנישט! עס איז פאַראַן פון כל טוב, הלוואי אויף ווייטער ניט ערגער! יעדער איינער אין ישראל זעט אויס פיזיש געזונט, גוט גענערט, גליקלעך און צופרידן. דאָס זעלבע די יוגנט: גוט „אויסגעפּאַשעט", קרעפטיק, געזונטע מוסקולן, מען טרייבט ספּאָרט און מען לעבט ניט ווי ג־ט אין אָדעס, נאָר ווי ג־ט אין ישראל...

איר קאָנט ניט בלייבן גלייכגילטיק, אַריינקומענדיק אין שול ביים דאַוונען, און זען, ווי אַ יונגער בחור׳ל פון 14־15 יאָר שטייט מיט׳ן טלית׳ל אויף די אַקסלען און דאַוונט פאַר׳ן עמוד... די הייזעלעך כאַפּן ניט ביז די קני, ער איז כולו „סברה" (סאַברא) נאַטירלעך בראַקט ער עברי מיט הברה ספרדית, וואו אַ „פּתח", דאָרט אַ קמץ, און אָט דער בחור׳ל איז דאָס דער „שליח ציבור"... קומט צו לייענען, כאַפּט זיך אַרויף אַ צווייטער בחורל און אויך אין דער ענלעכער הלבשה, און לייענט אין דער תורה, ביז חמישי. דאַן קומט אַרויף אַ נייער חבר און ענדיקט די גאַנצע סדרה. דער עולם „מיידט" כמעט אויס צו שטעלן ביים עמוד אַן עלטערן איד ווייל מען ווייסט דאָך, אַז ער קאָן שוין ב״ה דאַוונען... מען זוכט אַ יונגן חברה׳מאַן וואָס זאָל קאָנען מיט דער צייט ווערן אַ רגיל, און אַזוי דאַוונט מען... אויב איר ווילט נאָך עפּעס וויסן וועגן דעם דאַוונען אין ירושלים און אין אַנדערע שטעט, דוכנ׳ט מען איבעראַל 2 מאָל: צו שחרית, ווען עס קומט צו ברכת כהנים, און צו מוסף ביי ברכת כהנים, בעת אין אונזערע גרויסע שולן אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער האָט מען שוין אינגאַנצן אָפּגעלאָזט דאָס דוכענען...

יעדע שול איז שבת און יו״ט איבערפולט מיט מתפללים. בישטאָ קיין דרשות פון די גייסטיקע פירער (לייען ראַבאַיס). מען קומט דאַוונען, און נאָכ׳ן דאַוונען אַ קידוש רבתי פאַר די הונדערטער מתפללים, אייגענע און טוריסטן, און מיר האָבן טאַקע געהערט בעת׳ן לייענען אַ „מי שברך" בעבור שנדב עשרה בקבוקים יין לקידוש... הכלל, קיין ווײַן פעלט ניט אין ישראל...

דריטער קאַפּיטל

# גאַסטפריינטלעכקייט אין ישראל

**דאָס עסן און קליידן זיך. — דער סיסטעם פון שליסן די געשעפטן אויף 3 שעה יעדן טאָג. — דער הייליקער קולט פון אַרבעט. — וועלכע פאַכן זיינען דרינגענד נויטיק, און ווי זעט אויס די לאַגע פון די פּראָפעסיאָנאַלן. — די גרעסערע צופרידנהייט פון די וועלכע זיינען מער פּעאיק אָפּצושאַצן די לאַגע. — די קאָנסעקווענצן פון דער סיני־אַקציע, וואָס האָט געמאַכט די זיכערהייט פון לאַנד פיל פעסטער און צוגעגעבן נייעם מוט און בטחון.**

גאַסטפריינדלעכקייט אין ישראל האָט געפונען די בעסטע אכסניה... אַזאַ הארציקייט און אַזאַ אינטערעס פאַר'ן צווייטן, אַזאַ אויפריכטיקע אידישע וואַרימקייט, איז שווער צו טרעפן ערגעץ אַנדערש. איבערהויפּט ווייזט מען דאָס אַרויס צום טוריסט, וועלכן מען וויל מקרב זיין און דערמוטיקן צו קומען נאָך אַמאָל אָדער שוין מאַכן זיין באַשלוס „להשתקע"...

איך קאָן ניט פאַרגעסן אַזאַ קליינעם עפּיזאָד, וואָס אַ מיידעלע פון 10־12 יאָר איז צוגעקומען צו מיר און מיין פרוי און מיט אַ נאַאיוון פּנים'ל געפרעגט: גלייכט איר אונזער מדינה? וועט איר קומען נאָך אַמאָל?...

דער דאָזיקער סענטימענט באַהערשט אַלעמען אין ישראל. קיין שום אידישער בירגער אין חוץ לארץ קאָן זיך ניט דערהויבן, ביים בעסטן ווילן, צו אַזאַ מדריגה פון ליבע צו דער מולדת, ווי אין ישראל. זיכער זיינען פאַראַן גורמים, וואָס באַרעכטיקן די דאָזיקע געפילן, סיי ביים בירגער אין ישראל און אויך ביים תושב אין די תפוצות, ווי רייך, רעספּעקטירט און געשעצט ער זאָל ניט זיין אין דער ניט־אידישער געזעלשאַפט...

עפּעס הערשט דאָרט אַן אַנדער „רוח־הקודש", אַן אַנדער געמיט־צושטאַנד, און ניט דוקא ביים גאַסט, ביים טוריסט, נאָר ביי יעדן איינעם. זיצן, למשל, אידן אין אַ קאַפעטעריע, אויף דער גאַס, ביי טישלעך, און מען טרינקט אַ טעפּעלע קאַווע, מען שמועסט אפשר וועגן ביזנעס, אָדער וועגן אַנדערע ענינים, און איר פילט, אַז דאָס זיינען ניט יענע אידן, וועלכע מיר געדענקען פון די נאַלעווקיס און פּעטראַקאָווסקאַ, וואו אידן פלעגן אויך זיצן אין די קאַפעטעריעס און מסחר'ן צווישן זיך... עס איז ניט יענער עלעמענט אידן, און יענער סאָרט שמועס... גייען דורך אין גאַס הונדערטער בחורים'לאַך מיט יאַרמולקעס, און קיינעם פאַלט ניט איין צו וואַרפן אַן איבעריקן בליק,

ווי אויף בייז־וואונדער, ווי דאָס וואָלט למשל פּאַסירט אין ניו יאָרק אויף טיימס־קוועך... ווער עס וויל טראָגן אַ יאַרמולקע, ווער עס גייט בגלוי־ראש, — אַלע זיינען ברידער און אַלע זיינען גלייכע, און קיין שום פּאַרגעפּיל, קיין שום בייז וואונדער רופט דאָס ניט אַרויס...

וואָס אָנבאַלאַנגט פרויען, הויפּטזעכלעך מיידלעך, זיינען זיי כמעט די זעלבע, ווי אומעטום... ווער עס פּוצט זיך מער, און ווער ווייניקער; ווער עס ליפּן זיינען מער קאַרשענדיק, און ווער עס ניט, אָבער בדרך כלל אַ היבש ביסל וועניגער, ווי ביי אונז. מענער און פרויען גייען איינפאַך געקליידעט, מען איז ניט פאַרקאַכט אין דער לעצטער פּאַריזער מאָדע... דער הויפּט אינטערעס איז געווידמעט צו העכערע ענינים, צו קולטור־אויפגאַבן, צום שטודירן, הגם ווען עס קומען אָן די „בגרות יאָרן", זיינען זיך די ישראל יונגעלייט נוהג פּונקט ווי ביי אונדז: מען גייט אין גאָס פאַרוואָרפן אַ האַנט אויפ'ן אַקסל, צוגעדריקט די „געליבטע" נעענטער צו זיך, און דער גאָט פון „אַמור" האָט וואַרשיינלעך ניט קיין גרעניצן... — די גאַנצע וועלט איז ווי איין שטאָט, סדנא דארעא חד הוא...

דער הויפּט־קולט פון מדינת ישראל — איז אַרבעט, שאַפן, ענערגיע, לייסטן פאַר'ן לאַנד. האַלב נאָך זיבן אין דער פרי — איז שוין יעדער אָפיס, יעדע פאַבריק אין גאַנג... אָנהויבענדיק פון די גאָר גרויסע רעגירונגס אָפיסעס, און ביז די גאָר קלענסטע, קאָנט איר שוין האַלב נאָך זיבן אין דער פרי אָפּרופן אין טעלעפאָן, און מען וועט אייך ענטפערן, עס איז אַ ישוב וואָס שאַפט, וואָס רוט ניט, אַ לאַנד, וואָס וויל דוכט זיך אָניאָגן דאָס, וואָס מען האָט פאַרפעלט אין די לעצטע צוויי טויזנט יאָר!... מען יאָגט זיך און מען שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כוחות, כדי אַרויסצוגעבן אַ טאָג אַרבעט...

קומט איינס אַזייגער בייטאָג — ווערט אַלץ אָפּגעשטעלט: אַן איבער־רייס אויף דריי שעה צייט, ביז 4, ווען אַלע געשעפטן ווערן צוריק אָפן, און מען האַנדלט ביז 7 אַזייגער פאַרנאַכט...

פאַר אַ טוריסט קומט דאָס אויס אַביסל פרעמד: וואָס הייסט, פאַרמאַכן אַ באַנק אום 1 אַזייגער ביז 4, און ערשט דאַן אויפדאָסניי זי עפענען אויף דריי שעה? דער אַרבעטער אין אָפיס ענדיקט אויס זיין אַרבעט אום 3 בייטאָג, און גייט אַהיים ביז מאָרגן פרי. אַנדערע, וואָס זוכן אַ „צוגאָב־פונט" מאַכן אַביסל „אָווערטיים" — אַרבעטן ווידער דריי שעה פון 4 ביז 7 אַזייגער פאַרנאַכט, און קריגן נאַטירלעך מער שכירות...

ניט אַלע אָבער אַרבעטן אַזוי לאַנג, און ניט אַלע זוכן דעם עקסטראַ פונט צו פאַרדינען. מען לעבט באַגרענעצט, מען האָט ניט קיין צו גרויסע אויסגאַבן, און קיין אַמעריקאַנער השגות...

די באַשיידענע שכירות, וואָס אַ באַאַמטער פון דער רעגירונג באַקומט, זיינען ניט צו גרויס, אָבער דערפאַר האָט דער באַאַמטער קיינע זאָרג וועגן געזונטהייטס פראַגן. ער איז געשיצט געגן קראַנקהייטן, האָבענדיק פולע

מעדיצינישע השגחה, סיי אין שפּיטאָל, און סיי פּריוואַט. ער איז געשיצט און באַזאָרגט מיט עלטער־פּענסיע, ניט מורא האָבענדיק פאַר׳ן „אל תשליכינו לעת זקנה״. צו 65 יאָר ווערט יעדער באַאַמטער און אַרבעטער אַ „פּענסיאָנער״, און באַקומט פון דער רעגירונג לעבענס־לענגלעכע פּענסיע — פינף און זיבעציק פּראָצענט פון זיינע געוועזענע שכירות. די רעגירונג שטייט אויף דער וואַך, און העלפט אַרויס די מער פעאיקערע יוגנטלעכע מיט סטיפּענדיעס אין די מיטל שולן און אין אוניווערסיטעט, אויב נאָר דער סטודענט אָדער מיידל האָט בעסערע פייאיקייטן און איז וויליג צו שטודירן.

איבערהויפּט שטעלט די רעגירונג דעם טראָפּ אויף טעכנישער אויס־בילדונג פון דער יוגנט, און זי איז פאַראינטערעסירט צו ענטוויקלען טעכנישע וויסענשאַפטן צו דער העכסטער מדריגה. היינט צו טאָג פילט זיך אַ היפּשער מאַנגל אין בעסערע פאַכלייט, וואָס מיר רופן „סקילד לייבאָר״, און אַזעלכע זיינען קיינמאָל ניט פאַראַן צווישן אַרבעטסלאָזע. פאַר זיי איז שטענדיק פאַראַן אַ פאָדערונג, ווייל דאָס לאַנד בויט זיך מיט אַן אויסערגעוויינלעכן טעמפּאָ און שטעט און דערפער וואַקסן ווי אויף הייוון. חורבות ווערן אָוועקגערוימט און נייע פּרעכטיקע בנינים קומען צו יעדן חודש. דאָס פאָדערט טעכנישע וויסענשאַפט, ערפאַרענע אַרבעטער, ממש ספּעציאַליסטן, און דער טעכניאָן אין חיפה, די גרויסע נעץ פון די „אָרט״ שולן און אַנדערע טעכנישע לערן־אַנשטאַלטן איילן זיך צוצושטעלן דעם דאָזיקן נויטיקן אַרבעטער מאַטעריאַל, אָן וועלכן דאָס לאַנד קאָן ניט געבויט ווערן.

פיל לייכטער זעט אויס די לאַגע אויפ׳ן געביט פון מעדיצין. ישׂראל האָט אַ גרויסע צאָל דאָקטוירים, און זי קאָן אפילו „אויסלייען״ פאַר אַ צייט דאָקטוירים צו די אַפריקאַנער און אַזיאַטישע לענדער, ווייל אין לאַנד פעלן קיין דאָקטוירים ניט אויס. מיר וועלן אין אַ באַזונדער אַרטיקל שפּעטער איבערגעבן וועגן דעם מצב הבריאות אין ישׂראל, לויט ווי עס האָט דאַן אינפאָרמירט דער ממונה אויף געזונדהייטס ענינים יצחק רפאל, וויצע מיניסטער פון געזונדהייטס מיניסטעריום.

רעדענדיק וועגן דעם לעבן פון די ישׂראל בירגער, דאַרף מען צוגעבן, אַז ווי איבעראַל, אַזוי אויך אין ישׂראל, קאָנען ניט אַלע בירגער געמאָסטן ווערן מיט איין מאָסשטאָב. מיר האָבן דערמאָנט דעם אַרבעטער און באַאַמטן עלעמענט, וואָס איז באַשעפטיקט ביי דער רעגירונג. דאָס איז אַ מין מיטל־קלאַס בירגער, לעבט זיך דורך אָן זאָרג, קוקט רואיק אין דער צוקונפט, און ערוואַרטעט ניט צופיל, ווייל ער פאַרשטייט אַז די מלוכה איז נאָך יונג; די אויסגאַבן זיינען קאָלאָסאַל גרויס, און דאָס לעבן קאָן ניט זיין פולשטענדיק אָרגאַניזירט, ווי אין די אַלטע איינגעפונדעוועטע לענדער. דער דאָזיקער סאָרט בירגער האָט ניט קיינע טענות ומענות צום לאַנד, אָדער צו דער רעגירונג, ווייל עס ווייסט, אַז אָט ניט לאַנג איז נאָך ישׂראל געווען אונטער אַ פרעמדער מאַנדאַט־מאַכט, וואָס האָט ניט געוואָלט אַרויסגעבן קיין איבעריקן סערטיפיקאַט

פאַר אַן עולה אַריינצוקומען אין ישראל. און היינט זיינען טיר און טויער אָפן פאַר יעדן איד.

עס דערמאָנט זיך די מלחמת השחרור — באַפרייאונגס קאַמף מיט די אַראַבער, ווען אַ פחד האָט באַהערשט סיי די פירער און סיי די 650 טויזנט אײנוואוינער, וועלכע האָבן אויסגעזען שרעקלעך קליין אין צאָל לגבי די פערציק מיליאָן אַראַבער, וואָס האָבן ערקלערט אַלע צוזאַמען קריג דער נאָר וואָס פראָקלאַמירטער מדינה. עס דערמאָנט זיך, ווי ישראל האָט געהאַט בלויז עטלעכע האַרמאַטן, וועלכע מען פלעגט אַריבערפירן איבער נאַכט פון איין פונקט אין אַ צווייטן און שיסן כמעט „אויף פוסט" כדי צו מאַכן די אַראַבער גלויבן, אַז די ישראלים האָבן אַ סך געווער און קאָנען שיסן...

יעדער בירגער פון ישראל לייקענט ניט דעם פאַקט, אַז מען וואָלט נאָך היינט געקענט און געדאַרפט יעדן טאָג זאָגן „על הנסים", ווייל עס איז ניט געווען עפּעס אַנדערש, ווי אַ נס מן השמים, וואָס מען האָט דאָס דעראָבערט, דערהאַלטן, פאַרפעסטיקט און איינגעפונדעוועט ביז מדינת ישראל איז געוואָרן אַ מעכטיקער פאַקטאָר און אַ חי הנושא את עצמו, כאָטש אידן פון די תפוצות שיקן נאָך אַלץ און וועלן אויך ווייטער ניט אויפהערן צו שיקן הילף...

ביים שמועסן מיט די ישראל בירגער וועגן דער זיכערקייט פון דער מדינה, האָבן אַלע בקול אחד געענטפערט, אַז זינט די סיני אַקציע איז די זיכערקייט געשטיגן אויף פולע הונדערט פּראָצענט... אַזוי פילן זיך די ישראל אידן, אין אַלע סכנה'דיקע ווינקעלעך פון לאַנד, אָן מינדסטן פחד פאַר די אַראַבער...

דער ישוב אַרבעט רואיק, שלאָפט רואיק, געניסט פון פולסטער פריי־הייט, ווי אַ בירגער דאַרף זיך פילן אין זיין אייגענעם לאַנד...

פערטער קאַפּיטל

## ווי גרויס איז מדינת ישראל?

**ווי געדיכט איז די באַפעלקערונג. — דער איינדרוק פון די בערג און טאָלן, פון די נייע בנינים און די חורבות, וואָס בעטן זיך פאַרבויט צו ווערן. — דער מאַנגל אין וואַסער און די אונטערנעמונגען פון דער רעגירונג צו רעגו־לירן דעם וואַסער־פּראָבלעם. — ווי שנעל בויט זיך ישראל, די וועגן און שאָסייען, וועלדער און וועלדלעך. — ווי גרויס איז דער שטח פון קולטיווירטן באָדן, און וואָס גיט ער אַרויס. — די פאַרבעסערטע עקאָנאָמישע לאַגע פון לאַנד, און וואַקסנדיקע אינדוסטריע.**

זינט דער גרינדונג פון מדינת ישראל, און פיל פריער, ווען מען האָט געטראַכט וועגן צעטיילן דאָס לאַנד אויף אַ אידיש און אַראַבישע מדינות, איז פאַרבליבן דער איינדרוק, אַז ישראל איז זייער קליין אין שטח. אין די סאַמע אָפּטימיסטישע ספערן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן „חלוקה", האָבן אַלטע ציוניסטישע פירער געטראַכט, אַז ווען מען זאָל געבן דעם צפון־טייל, וואָס איז דורך אידן געשאַפן געוואָרן זינט דעם אָנפאַנג פון הייַנטיקן יאָר־הונדערט, די קאָלאָניעס און קיבוצים, די מושבים און דערפער, פּלוס דעם נגב, וועלכער איז געווען פאַררעכנט אַלס אמת'ער מדבר, וואָס האָט קיין ווערט ניט פאַר קיינעם, — וואָלט שוין געווען ניט שלעכט... אידן וואָלטן דאָס אַקצעפּטירט בדלית ברירה, און געשאַפן דעם אָנפאַנג פון אַ באַגייטער מדינת ישראל.

די רעוויזיאָניסטן, וועלכע האָבן דווקא געוואָלט האָבן אויך דעם עבר הירדן, לויט דער אַמאָליקער ארץ ישראל און אירע גרענעצן, האָבן אויסגעזען פאַר'עקשנ'ט מיט זייער פאָדערונג. די אַלגעמיינע ציוניסטן און די גרויסע מחנה אַרבעטער־ציוניסטן, האָבן אָבער באַשלאָסן צו מאַכן אַ „הנחה", כדי ניט צו פאַרלירן אינגאַנצן דעם ענין פון חלוקה. די הויפּט־פראַגע איז געווען: ירושלים! צי זאָל מען דערלאָזן, אַז ירושלים זאָל אינטערנאַציאָנאַליזירט ווערן, און פאַרזיגלען דעם גורל צו קענען ווען עס איז מאַכן ירושלים אַלס הויפּט־שטאָט און הויפּט־צענטער פון דער אידישער מדינה? צום גליק האָט זיך אויסגעלאָזט אַנדערש. מיר געדענקען נאָך זייער גוט דעם ענטפער, וואָס הרב ר' מאיר בערלין (בר־אילן) האָט דאַן געגעבן אויף דער פראַגע צי קען דער רעליגיעזער ציוניזם איינגיין אויף אַ נייע ישראל אָן ירושלים? ער איז געווען

דער פרעזידענט פון וועלט מזרחי און געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין קאַמף פאַר ארץ ישראל.

וויסנדיק, ווי ריזיקאַליש די לאַגע האָט דאַן אויסגעזען; ווען איינשפּאַרן זיך דווקא פאַר אַן אייגענע ירושלים וואָלט געמיינט ריזיקירן אפשר גאָר אַ סך, און ווידער לאָזן דעם ענין פאַר דער צוקונפט — האָט ער דאַן אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן געענטפערט אויף דער דערמאָנטער פראַגע מיט אַ מערקווירדיק צוגעפּאַסטן אויסדרוק: „מן המיצר קראתי י־ה", וואָס האָט געמיינט פון ענגשאַפט, פון אַן ברירה׳דיקייט, אָן אַן אויסוועג זאָל זיין דערווייל „יאָ", מסכים! — זאָל די פראַגע פון ירושלים אָפּגעלייגט ווערן אויף שפּעטער, אַבי דערווייל קריגן די ערשטע הסכמה אויף חלוקה, און זאָל מען שוין זען אַ התחלה, אַ „בראשית" פון אַ נייער ארץ ישראל אונטער אַן אייגענער אידישער הערשאַפט...

אין קורצן — דער איינדרוק איז געווען און פאַרבליבן, אַז ישראל איז זייער קליין, אַז בסך הכל פאַרנעמט זי אַ וואָסערע 8,000 סקווער מייל, און ציילט 2 און אַ פערטל מיליאָן נפשות. אָבער אָט האָבן מיר געזען דאָס לאַנד מיט אונזערע אייגענע אויגן; דורכגעפאָרן פון וויטן צפון ביז באר־שבע, און פון דאָרט ביז אילת, בלייבט נאָך איבער נאָך אַזוי פיל טעריטאָריע, ווי ביז באר שבע, און מיר זיינען דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן געדאַנק, אַז ישראל קען נאָך אַריינגעמען ניט בלויז אַ מיליאָן נייע עולים, נאָר ממש אַלע אידן פון דער וועלט, און דאָס מיינט, דעם סאָוועטישן אידנטום און אַלע אידן פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. עס וואָלט אַלץ געווען פּלאַץ. פאַרנדיק און זעענדיק אַזוי פיל ליידיקע שטחים לאַנד, אַזויפיל חורבות, אַזוי פיל נאַקעטע בערג און טאָלן, ממש צענדליקער און הונדערטער מיילן ליידיק באָדן האָבן מיר געטראַכט: וואו זיינען די אַלע אידן, וואָס קענען געפינען אַן אייגענע היים פאַר זיך, און ציען פאַר צו בלייבן אין חוץ לארץ?...

נאַטירלעך, קענען מיר די פראַגע ניט שטעלן צו די אידן, וואָס געפינען זיך הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, וואָס וואָלטן זיכער, אפילו צופּוס געקומען, ווען זיי שטייען ניט הינטער געשלאָסענע טויערן, און אויב ניט אַלע, איז זיכער דער גרעסטער טייל פון זיי. אָבער די אידן פון די לענדער, וואו דער אַרויספאָר איז פריי, זייער הימל איז ווייט פון קלאָרקייט, און די לופט איז היבש אָנגעפילט מיט רעוואָלוציע־מיקראָבן — אָט די אידן וואָלטן אפשר געדאַרפט באַצייטנס איבער׳חשבונען זייער חשבון, און זען, כל זמן עס איז ניט שפּעט, צו קומען אַהיים, צו דער אַלטער מאַמע ציון, וועלכע וואַרט אויף זיי...

מיטן אויסנאַם פון תל אביב, חיפה, ירושלים און נאָך אַ פּאָר גרעסערע שטעט, האָט נאָך ישראל זייער אַ סך מעגלעכקייטן צו אַבזאָרבירן מיליאָנען אידן, וואָס וואָלטן געווען אַ ברכה פאַר דעם לאַנד און ניט קיין קלענערע ברכה פאַר זיי אַליין אויך... ישראל איז ניט קיין קליין מדינה׳לע, און צוקוקנדיק זיך צו די חורבות און ליידיקע שטחים, זיינען אונז געקומען אויפן

זכרון פיל פון די מאמרי חז״ל, וועלכע האָבן מיט פיל הונדערטער יאָרן צוריק געזאָגט: „ארץ ישראל משובחת משאר הארצות״ — ארץ ישראל איז געלויבטער פון אַלע אַנדערע לענדער, אָדער „ארץ ישראל נקראת ביתה, שאר ארצות — חוצות״ — א״י איז די היים, און אַלע אַנדערע לענדער — גאַסן״; „ארץ ישראל, בזמן שיושבין עליה, רווחא, ובזמן שאין יושבין עליה — גמרא״ (גיטין נ״ז), וואָס עס מיינט, אַז ווען מען זיצט דאָרט, ווערט דאָס לאַנד אויסגעברייטערט, און ווען מען גייט אַוועק פון איר, ווערט זי איינגעשרומפּן...

אַזעלכע און ענלעכע געדאַנקען האָבן אונז פאַרפאָלגט, ווען מיר זיינען געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון קאָלאָניע צו קאָלאָניע. איבעראַל פיל ליידיקער פּלאַץ, בלויז שטיינער און פאַרוויסטונגען! דאָס לאַנד וואָלט זיך גליקלעך געפילט, ווען אידן קומען און נעמען זיך באַפרוכפּערן דעם באָדן מיט זייער אַרבעט, מוח און קאַפּיטאַל... דעריבער קען מען ניט מעסטן די געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג בלויז מיט עטלעכע פריער דערמאָנטע שטעדט. — ישראל „הונגערט״ ממש, נאָך נייע מענטשן, פרישע עולים, אימיגראַנטן, אַלטע לייט, יונגע מענטשן און וועלכער אידן פון וואַנען זיי זאָלן ניט קומען... די „קליינע ישראל״ האָט אַ זייער גרויסן „אַפּעטיט״ פאַר אַ סך מענטשן, און נאַטירלעך ווערט יוגנט באַטראַכט אַלס „הויפּט־קאַפּיטאַל״ פאַר דער מדינה. מיר האָבן דאָס שטאַרק אַרויסגעלערנט פון אונזער שמועס מיטן געוועזענעם ראש הממשלה, דוד בן־גוריון, וועגן וואָס מיר וועלן איבערגעבן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען. אידן, וואָס האָבן צוויי טויזנט יאָר געהאַלטן אין איין מתפלל זיין „לשנה הבאה בירושלים״; אידן, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן פאַרן ציוניזם זייערע בעסטע יאָרן און כוחות, און יעדעס מאָל ביים זאָגן „ולירושלים עירך ברחמים תשוב״, אָדער „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״ האָבן זיי זיך פאַר־דבקה׳ט אויס בענקעניש און גלוסטעניש נאָך ציון וירושלים, — די דאָזיקע אידן זיינען פאַרבליבן בלויז מיט׳ן ציוניזם, אַלס אידייע, מחשבה, אפשר אפילו אַלס „אידייע־פיקס״, אָבער, זיינען ניט געגאַנגען דעם גאַנצן וועג לויט זייער אַלטן פאַרלאַנג און וואונטש...

מיר ווילן דאָ ניט אַריינגיין אין פּרטים, און נאָך ווייניקער ווילן מיר ניט אָנרירן דעם זעלבסטגעפיל פון יענע, וואָס האָבן געפּריידיקט ציוניזם, און ווען דער ציוניזם האָט דערגרייכט זיין אַפּאָגעי, זיינען זיי פאַרבליבן האַלב־וועג. מיר האַלטן אויך ניט, אַז ציוניזם דאַרף שוין ליקווידירט ווערן, ווייל עס איז נאָך פאַראַן פיל אַרבעט צו טאָן אין די תפוצות לטובת ישראל. עס איז אָבער זיכער פאַראַן אַ גאַנץ באַדייטנדער פּראָצענט ציוניסטן, וואָס וואָלטן געקענט עולה זיין, און טוען דאָס ניט. דאָס זעלבע איז מיט אַ סך עכט־רעליגיעזע אידן, פאַר וועלכע ארץ ישראל איז זיכער טייער און הייליק, אפשר פיל מער ווי פאַר ציוניסטן, — און אויך זיי בלייבן דערווייל זיצן אויף דעם היוועץ, און זענען ניט עולה קיין ישראל...

דאָס מאַכט אָבער ניט אָפּהענטיק דעם ישוב! ישראל הערט ניט אויף

צו וויזען וואונדער. ישראל ענדערט דעם גאַנג פון טייכן און פירט אַוועק דאָס וואַסער ניט, לויט ווי דער טייך פליסט און שטראָמט, נאָר אין ווייטע ווינקעלעך, און פאַרטריקענטע פעלדער און וועלדער, מאַכנדיק זיי פרוכטבאַר און בליענד, ממש צום שטוינען...

דער וואַסער מאַנגל איז נאָך אַלץ קענטיק אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד, אָבער די רעגירונג זוכט אַלע מעגלעכע מיטלען צו לינדערן די נויט. זי טוט אָבער אַלץ מיט רעכענונג און מיט לאָגיק, ניט אָפּנויגנדיק פון גערעכטיקייט און געזעץ.

רעדנדיק וועגן וואַסער, איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער ענין ליגט בכלל אונטער דער דירעקציע פון מינהל־המים, וואָס איז אַ צווייג פון אַגריקולטור־מיניסטעריום, וועלכע פירט אָן מיטן וואַסער־פאַרברויך. די ישראל־וואַסער פלאַנירונג קאָרפּאָריישאָן איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן סכום וואַסער, וואָס זי דאַרף צושטעלן לויט געשלאָסענע אָפּמאַכן. ווי מיר האָבן דערפאַרן, נעמט צו פאַנאַדערגעטיילט צווישן דער אידישער אַגענטור און דעם קרן קימת לישראל, גלייך אויף גלייך. דער דאָזיקער בודזשעט באַטרעפט אַרום דריי מיליאָן דאָלער יערלעך, און דער סטעף אָנגעשטעלטע גרייכט צו 500 מענטשן, דערונטער 350 אינזשיניערן און טעכניקער.

לויט דער אינפאָרמאַציע, וואָס מיר האָבן באַקומען, ווערן די גרעסערע פּראָיעקטן אָפּעררירט דורך דער „מקורות המים קאָ." און זי ווערט קאָנטראָלירט פון דער רעגירונג, חברת עובדים, די אידישע אַגענטור צוזאַמען מיטן אידישן נאַציאָנאַל פאָנד. דאָס איז אַ געזעלשאַפט וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַקציעס און יעדער פון די שותפים האָט אַ גלייכן חלק פון די אַקציעס. ליגן שוין איבער 150 מיליאָן דאָלער אינוועסטירט אין די גרעסערע וואַסער־ווערק. די איריגאַציע ווערט נאַטירלעך אויסגעברייטערט לויט דעם סכום וואַסער, וואָס מען קען באַקומען. איבעריק צוצוגעבן, אַז די אַלע וואַסער־שפּאָרונגען און עקאָנאָמיעס צילן צו איבערלאָזן וואָס מער וואַסער פאַרן נגב וועלכער איז טויט־דורשטיק... מער וועגן ענין וואַסער וועט דער לייענער געפינען אין די ווייטערע קאַפּיטלעך.

דער בוי פון לאַנד גייט דערווייל אָן אומאונטערבראָכן. טאָג און נאַכט ווערט פאַרגעזעצט די בוי־טעטיקייט, און הייזער וואַקסן ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן... זיבן אַזייגער פרי איז מען שוין אויף די פיס, ווייל אַרום און אַרום בויט מען; עס גייט אָן אַ פיבער־האַפטע אַרבעט; דאָ קלאַפּט מען טשוועקעס, דאָרט ברענט מען סמאָלע, דאָ טראָגט מען אויף די אַקסלען צענדליקער ציגל, און דאָרט מישט מען זאַמד מיט ליים, מיט וואַפּנע און וואַסער, כדי די אַרבעט זאָל ניט אָפּגעהאַלטן ווערן.

דאָס לאַנד פאַרמאָגט פּרעכטיקע שאָסייען (כבישים), וואָס פירן צווישן די גרעסערע שטעט און עס גלויבט זיך קוים, אַז דאָס אָרעמע מדינה'לע האָט דאָס באַוויזן צו שאַפן, הויפּטזעכלעך אין די 16 יאָר, זינט זי איז פּראָקלאַמירט

געוואָרן... מען פאָרט און מען זעט אַלייען מיט ביימער, גאַנצע וועלדער פוןביידע זייטן שאָסיי, און מען פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע, אַז דאָס איז נאָך אַלץ די יונגעטשקע מדינה׳לע ישראל, וואָס איז שוין אַ „חתן בחור״ געוואָרן...

מען זעט די אַרבעט פון דעם נאַציאָנאַל פאָנד, יונגע וועלדלעך צעוואָרפן דאָ און דאָרט. אויך עלטערע וועלדער פיל פריער פאַרפלאַנצט. מען דערפילט די מדינה מיט אַלע חושים. צײַטנווײַז פאָרט מען אָפּ גאַנצע שעה׳ן, און די ביימער פון ביידע זײַטן וועג נעמען זיך ניט אויס. אַז ביימער זײַנען איינע פון די גרעסטע מזל־ברכות פאַרן לאַנד, איז ניט נויטיק מסביר צו זײַן. ווי וויי ס׳טוט ביים האַרצן, ווען מען פאָרט פאַרביי אַ שטיק טרוקן, ליידיק לאַנד, און מען זעט ניט קיין ביימער, נאָר זאַמד, שטיינער און מדבר... יאָ, שטיינער, און וועלכע שטיינער... מאָמענטנווײַז האָט זיך געדוכט, אַז אַלע שטיינער פון דער וועלט האָבן זיך פאַרקליבן אין ישראל.

עקספּלואַטירט טאָקע די רעגירונג די שטיינער און צווינגט אַרויף אויף דער באַפעלקערונג צו נוצן זיי דאָרט, וואו מען וואָלט געקאָנט נוצן אַנדערע בוי־מאַטעריאַלן, ווי האָלץ, אײַזן, שטאָל א. אַ. וו. זעט מען כסדר אין ישראל מויערן פון שטיינער, פּרעכטיקע באַלקאָנען פון שטיינער, אַלץ, וואָס קען דינען פאַרן הויז־געברויך און געבוי — איבעראַל האָט שטיין פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ... ציען זיך באַלקאָנען אויף האַלבע גאַסן, איבערגעצאַמט אין פאַרשיידענע ערטער, און אַלץ פון שטיין, אפילו די איבערצאַמונגען אַליין זײַנען אויך פון שטיין... וואַקסן אַרויס פּרעכטיקע בנינים אויף גאַסן־ווינקלען, מיט שיינע אָרנאַמענטן האַלב רונדיק, מעשה אַמפיטעאַטער, און אַלץ פון שטיין... דילן פון שטיין, סופיטן פון שטיין, טרעפּ כסדר און כסדר פון שטיין. עס איז אַ „שטיינערנע״ מדינה...

אַ טוריסט איז ניט צוגעוואוינט צו אַזאַ סאָרט געבוי, צו אַזאַ שטיינערנער „מאָזאַיק״, אָבער אַזוי איז עס, און מען ווערט צוגעוואוינט צו דעם...

די ווירטשאַפטלעכע לאַגע בעסערט זיך פון טאָג צו טאָג, צוליב די פאַרשיידענע רעגולאַציעס, וואָס די רעגירונג פירט איין. דאָס טרײַבט די אינדוסטריע פון דער מדינה צו נייע הויכן און גרעסערע פאַרמעטסן. עס קאָכט און זידט די אַרבעט, סיי אין אָפּיס און סיי אין גאַס, און אחינו בני ישראל מכל קצווי־ארץ פרעגלען זיך פון נחת פון דעם הויכן שוואונג און שטאַרקן פּולס, וואָס קלאַפּט אָן אויפהער, און רעגט אָן, צו נייע שריט און נאָך גרעסערע אַרבעטס־פּלענער...

פינפטער קאַפּיטל

# די הויפּט פּראָבלעמען פון דער ישראל רעגירונג

**ווי ברייטערט מען אויס די „גרינע טעריטאָריע" איבער דעם נגב און אַנדערע ווייסטעניישן פון דער מדינה. — דאָס וואַסער־פּראָבלעם, וואָס לאָזט ניט רוען, און דער פיבערהאַפטער פּראָצעס פון באַלעבן און „אויפמונטערן" דעם האַלב־טויטן באָדן, וואָס זאָל דערמעגלעכן אַ שנעלערע און לייכטערע התישבות. — דער תנ"ך, וואָס שטייט די גאַנצע צייט פאַר די אויגן, ווען מען שפּאַצירט איבער די פאַרשידענע שטעט און דערפער פון לאַנד. — דער מיסטעריעזער כוח פון אונזערע נביאים, וואָס האָט אויפגעוועקט אונזער פאָלק צו אַ „תחית המתים" נאָך 2 טויזנט יאָר פון גלות־לעבן.**

עס איז ממש שווער צו קאָנטראָלירן די אייגענע געפילן, ווען מען שפּאַצירט איבער די גאַסן פון דער מדינה, וועלכע איז אויסגעוואַקסן צו אַן אמת'ן ספינקס, צו אַ ריזיקן גיגאַנטישן פאַרנעם, וואָס שלאָגט מיט מערקווירדי־קער ענערגיע, און שפּרודלט מיט חכמה און וויסנשאַפט כמעט אויף אַלע געביטן פון טאָג טעגליכן לעבן. מען פילט איסטינקטיוו, אַז קיין שום אַנדער מדינה אויף דער גאָרער וועלט האָט ניט געהאַט און וועט ניט האָבן אַזוי פיל נייע פּראָבלעמען, אַזוי פיל וואונדער צו באַווייזן, ווי דאָס איז דער גורל פון אונזער מדינת ישראל... מיר האָבן ניט געהערט, למשל, אַז וועלכע עס איז ניי־אַנטשטאַנענע מדינה, זאָל האָבן אַ פּראָבלעם פון וואַסער... זאָל דאַרפן אַריינלייגן מיליאָנען דאָלאַרן און פונטן, כדי צו אַרויסקריגן וואַסער, וואָס דאָס פאָלק האָט נויטיק. ישראל, מוז דעריבער פירן אַ שטאַרקע וויסנ־שאַפטלעכע און ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט, כדי צו באַזאָרגן דאָס לאַנד מיט וואַסער. מיר האָבן שוין אויבערפלעכלעך אַנגערירט דעם ענין אין פריקן קאַפּיטל, אָבער די „פּרשה" פון וואַסער איז פיל צו גרויס און צו קאָמפּליצירט, אַז מען זאָל זי קאָנען אָפּפאַרטיקן מיט עטלעכע פּאַראַג־ראַפן, און אַפילו מיט עטלעכע באַזונדערע אַרטיקלען. דער נגב אַליין, דער גרויסער מדבר, איז דער שטאַרקסטער מאַנער פון דער רעגירונג: הבה לי מים! — ברענגט אַריבער וואַסער צו מיר, אויב מען וויל, אַז איך זאָל אויך ווערן פרוכטבאַר און גרין, און ניט דינען, ווי אַ דאָרן אין די אויגן...

אמת, דאָס וואַסער פּראָבלעם איז ניט ניי אין ארץ ישראל. זינט

מיר האָבן געלערנט דעם חומש, אָנפאַנגענדיק מיט דער פרשת וירא, האָבן מיר געזען אַז וואַסער איז געווען אַ זייער ערנסטער פּראָבלעם. ווען אברהם האָט אַרויסבאַגלייט הגר׳ן אין מדבר, האָט ער איר מיטגעגעבן אַ חמת־מים — אַ לאָגל מיט וואַסער, ווייל אין באר שבע איז קיין איבריק וואַסער ניט געווען. ווען הגר האָט אַ פאַרטרויערטע און דורשטיקע אויפגעעפנט אירע אויגן, האָט זי דערזען באר־מים, אַ ברונעם מיט וואַסער, האָט זי אָנגעפילט איר לאָגל און אָנגעטרונקען ישמעאל׳ן. אין דער זעלבער סדרה וירא לייענען מיר וועגן דעם סיכסוך צווישן אברהם און אבימלך׳ן וועגן אַ ברונעם מיט וואַסער, וואָס אבימלך׳ס קנעכט האָבן אַוועקגע׳גזל׳ט פון אברהם׳ען, און לזכר דער געשעעניש האָט אברהם געגעבן צו אבימלך׳ן 7 שעפּסן, אַלס עדות, ד. ה. אַלס באַווייז, אַז ער האָט אַליין געגראָבן דעם ברונעם, און דאַן אַ נאָמען געגעבן דעם פּלאַץ „באר שבע״. די זעלבע באר שבע איז היינט דער הויפּט־צענטער פון נגב...

אברהם האָט דורכגעמאַכט אַ הונגער צייט, צוליב מאַנגל אין וואַסער. אויך זיין זון יצחק האָט געהאַט די זעלבע מערכה, ווייל עס איז קיין סך וואַסער ניט געווען. זעען מיר דעם קאַמף פון יצחק׳ן מיט די פלישתים, וועלכע האָבן פאַרשטאָפּט אַלע ברונימער, וואָס ער האָט גע׳ירש׳נט פון זיין פאָטער אברהם. יצחק האָט קיין ברירה ניט געהאַט און געדאַרפט כסדר גראָבן נייע ברונימער אין נחל־גרר. ווידער זיינען אויסגעוואַקסן דיספּוטן און צאַנקערייען, די פלישתים האָבן כסדר פאַרשטאָפּט די ברונימער, און יצחק האָט געדאַרפט גראָבן נייע, ביז ער איז אַוועק קיין באר שבע. אַזוי איז אייביג שווער געווען דער ענין פון וואַסער אין ארץ ישראל.

היינט, ווען מדינת ישראל איז צוריק אויפגעשטאַנען צום לעבן נאָך אַ צוויי טויזנט יאָר פון פרעמדער פאַרנאַכלעסיקטער הערשאַפט און ווירטשאַפט, און די מדבר זון האָט אויסגעטריקנט יעדן טראָפּן פייכטקייט און נאַסקייט, — איז דער ענין וואַסער געוואָרן נאָך שאַרפער. קיין אינדוסטריע און קיין שום פּראָגרעס קאָן אַ מאָדערנע ווירטשאַפט ניט מאַכן, אָן בויטיקן סכום וואַסער. אין די אַמאָליקע צייטן פלעגט אויך מצרים האָבן אַ וואַסער פּראָבלעם. זי פלעגט מאַכן ציסטערנעס און קינסטלעכע גריבער, וואו אָנצוזאַמלען דעם איבערפלוס פון וואַסער, ווען דער נילוס פלעגט 2 מאָל אין יאָר אַרויסגיין פון די ברעגן און פאַרפלייצן גרויסע לאַנד שטחים. אָבער קיין שום אַנדער לאַנד אין נאָענטען מזרח האָט ניט געהאַט אַזאַ שאַרף פּראָבלעם מיט וואַסער, ווי ארץ ישראל.

מיר האָבן זיך דעריבער טיפער פאַראינטערעסירט מיט דעם ענין, בעת אונזער באַזוך אין לאַנד, און אויף וויפל מיר האָבן געקענט אויסגעפינען, טוט די רעגירונג שענקען זייער פיל אויפמערקזאַמקייט צום וואַסער פּראָבלעם. אַזוי זיינען מיר אינפאָרמירט געוואָרן, אַז דער ראַט, וואָס גיט זיך אָפּ מיט דערדאָזיקער וואַסער־טעטיקייט, האָט שוין באַשטעטיקט אַ פּלאַן ווי אַרויס־

צופירן 150 מיליאָן קוביק וואַסער פון ים כנרת צו די פּאָמפּעס פון וואַסער־לייטונג ירקון־נגב. דאָס איז די ערשטע פאַזע פון אַ פאַרגרעסערטן פּלאַן, וואָס צילט צוצושטעלן גענוג וואַסער פאַר דעם מרכז (צענטער), שפלה און צפון נגב. דאָס האָט געמיינט אַ סכום פון 400 מיליאָן קוביק מעטער וואַסער ביזן ווינטער 1965.

די גרויסע זאָרג פון דער רעגירונג דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס דער



יצחק בן־צבי ע"ה
צווייטער פּרעזידענט פון ישראל



זלמן שזר
נשיא המדינה

סכום פון גרונט־וואַסער איז זייער קליין און באַגרענעצט דעם באַפּעלקערונגס צוזואוקס. די יונגען פּלאַנצונגען, די אויסגעברייטערטע אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט פאָדערן וואָס מער וואַסער, און דעריבער ווערט אַזוי צוגע־איילט דער פּראָצעס פון צושטעלן דאָס וואַסער פון כנרת פאַר דער וואַסער־לייטונג ירקון־נגב. אָבער אויך דאָס וועט נאָך ניט לייזן קאַרדינאַל דעם וואַסער ענין. ניט דער ירקון, ניט דער ירדן און ניט כנרת קאָנען צושטעלן גענוג וואַסער, וויפל עס פאָדערט זיך. די פראַגע פון וואַסער איז דער באַראָמעטער פון ישראל'ס לעבנס־פעהיקייט, און דעריבער איז דער ענין אַזוי שאַרף און קריטיש.

וועגן די סאַמע לעצטע ענטוויקלונגען ביים אָפּציען דאָס וואַסער פון ירדן וואָס איז פאַר מדינת ישראל אַ פראַגע פון לעבנס־נויטווענדיקייט פאַר'ן נגב און פאַר דער מדינה בכלל, וועט קומען אַן אויסשעפּענדיקער קאַפּיטל

ווייטער אין בוך, וואו מיר וועלן ברענגען די סאַמע לעצטע ידיעות וועגן דעם ענין.

טראַכטענדיק וועגן וואַסער, קומט אונז אויפן געדאַנק דער אויסדרוק פון אונזערע חז"ל: אין מים אלא תורה... דער גאַנצער תנ"ך שוועבט פאַר די אויגן, ווען מען דענקט אין טערמינען, וואָס האָבן אויפגעהאַלטן אונזער פאָלקס־קיום און וואָס וועלן אויך אין דער צוקונפט דינען אַלס דער בעסטער



לוי אשכול
ראש הממשלה



קדיש לוז
יו"ר הכנסת

לעבנס־וויטאַמין פאַר אונזער פאָלקס־עקזיסטענץ. מדינת ישראל איז דאָס לאַנד פון אונזער תנ"ך. וואו מען זאָל ניט גיין, מיט וועמען מען זאָל זיך ניט טרעפן, אין וועלכן הויז מען זאָל ניט אַריינקומען, — איבעראַל און ביי יעדער באַגעגעניש קומט מען אַרויף אויפן תנ"ך... מיר האָבן געהאַט עטלעכע געלעגנהייטן צו מערקן, ווי טיף און ווי גרויס עס איז דער כוח פון תנ"ך אין מדינת ישראל. עס האָט זיך פשוט ניט געגלויבט: אַ לאַנד האָט אויפגעלעבט אַן אַלטן קולט פון נביאים, חוזים, וויזיאָנערן, וואָס הגם, ווען מען האָט געלערנט דעם תנ"ך אין די יונגע יאָרן, איז מען אויך אַ היבש ביסל באַגייסטערט געוואָרן, אָבער ווייט ניט אַזוי, ווי היינט אין מדינת ישראל. דער תנ"ך איז דער אינהאַלט פון לאַנד, פון בן־גוריונען און ביזן קליינוואַרג, וואָס זיצט אויף די שול־בענק אין די עלעמענטאַרע בתי־ספר...

דער תנ"ך איז פאַרבליבן אַלס מאָראַלישער יסוד פון דער אידישער

מדינה, און אַז דעם יסוד וואָלט מדינת ישראל אפשר ניט געפונען קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. לייענענדיק דעם תנ״ך, טרעפט מען זיך אַן אומצייליקע מאָל אויף דער גרויסער פאַרביטערטקייט פון די נביאים וועלכע האָבן זיך ניט צוריקגעהאַלטן פון טאַדלען די גרעסטע מלכים אונזערע, די מלכי ישראל. זיי פלעגן אָנגעפילט ווערן מיט כעס און צאָרן, ווען זיי פלעגן דערפילן, אַז די מלכים ושרים גייען ניט אין ריכטיקן וועג, און אַז די מדינה דערפילט ניט איר גייסטיקע ראָלע, אַז זי פאַרקוקט אויף עטישע און מענטשלעכע שטרעבונגען און צילן. די נביאים האָבן אומ׳רחמנות׳דיק געשטראָפט און געטאַדלט די מלכים פאַר זייער אָפּנויג פון דרך ד׳, און אויב די תורה האָט אין טאָג־טעגליכן לעבן פאַרפעלט צו באַווירקן די אידישע מאַסן, האָט דאָס די אידישע נבואה דערגענצט און געזען צו פאַרוואָרצלען אין אידישן פאָלק אַלע מאָראַלישע שטרעבונגען און צילן, אָן וועלכע מיר וואָלטן באמת ניט געהאַט קיין באַזונדער ״ריזאָן ד׳עטער״, קיין זכות הקיום!!

דער תנ״ך איז געווען דער גרונטשטיין פון דער אַלטער תורה־מדינה. די פרינציפּן פון תנ״ך האָבן פּאַקטיש אויך אויסגעפורעמט די געשטאַלט פון דער איצטיקער מדינת ישראל. עס איז נאַטירלעך לייכט צו קוקן און זען און באַוואונדערן... אָבער פונוואַנען האָט זיך גענומען דער נייער סטראַטעגישער און פּאָליטישער חשבון, אויסצוגלייכן אַלע בירגער פון לאַנד, פון וועלכן ווינקל פון דער וועלט זיי זאָלן ניט האָבן געקומען? עס איז געווען די תורה, וועלכע האָט מיט טויזנטער יאָרן צוריק אָוועקגעלייגט די פונדאַמענטן פון אַ אידישער פּאָליטישער יוריסדיקציע, וואָס אָנערקענט די הייליקייט פון יעדן איינעמס לעבן און די פולע רעכט פון יעדן בירגער. די דאָזיקע גייסטיקע השפעה האָט ערשט נאָך פיל צענדליקער דורות שפּעטער דעראָבערט די בעסערע טיילן פון דער מענטשהייט, און אַנטפּלעקט די פּערמאַנענטע השפעה פון תנ״ך. מלכות יהודה האָט נאָך מיט איבער 2 טויזנט יאָר צוריק פאַרזייט די קערנדלאַך, וועלכע האָבן מיט אַ סך דורות שפּעטער געבראַכט די ערשטע סימנים פון אידענטיפיצירונג מיטן אידישן געזעץ, יושר און גערעכטיקייט.

דער תנ״ך האָט ניט אַוועקגעשטעלט דעם מלך ביי אידן אַלס האַלבן, אָדער גאַנצן גאָט... ביי אידן איז דער מלך קיינמאָל ניט געשטאַנען העכער פון געזעץ, ווי דאָס האָט געהאַט פּלאַץ ביי אַנדערע מלוכות. לויטן תלמוד איז דער קעניג אונטערגעוואָרפן געווען אַ פּאָליטישער פּראָצעסירונג, און דער העכסטער געריכט, דער בית דין הגדול, האָט אים געקענט ניט נאָר איינלאַדן צו אַ משפט, נאָר אויך באַשטראָפן, אויב ער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס שולדיק... אָט פאַרוואָס דער תנ״ך האָט אַ נייעם תיקון באַקומען, און מען לערנט אים מיט גרויס התמדה, מיט חשק סיי אין די שולן, סיי אין לערער קרייזן, אויף כינוסים, דורך ראַדיאָ, אין דער ליטעראַטור און פּרעסע. גערעכט זיינען אַלע, מיט דוד בן־גוריונען בראש, אַז דער אומקער צום תנ״ך וועט העלפן שאַפן די נייע אָריגינעלע אידישע קולטור אין ישראל.

עס איז דער תנ"ך, וואָס האָט דערמעגלעכט צו דערגרייכן דעם מיזוג גלויות. די העברעאישע שפּראַך מאַכט דאָס לעבן ישראל'דיק. אָט פאַרוואָס דער תנ"ך איז ביי בן גוריונען ממש אַן „אידעע פיקס", און ער שיידט זיך מיט אים ניט, האַלטנדיק אים שטענדיק ביי זיך אויפן טיש...

אויך דער נפטר געוואָרענער פּרעזידענט יצחק בן צבי איז געווען אַ תנ"ך ליבהאָבער און פאַרשער, און פלעגט אָפּהאַלטן תנ"ך דיסקוסיעס ביי זיך אין הויז מיט די גרעסטע תנ"ך עקספּערטן.

איבעריק צוצוגעבן אַז דער היינטיקער נשיא ש. ז. שזר יבדל לחיים, איז אַ גרויסער מומחה אין תנ"ך, און אויך ער זעצט פאָר די טראַדיציע פון אָפּהאַלטן לעקציעס מיט תנ"ך קענער, וועלכע חקירה'ן זיך אין יעדן אויסדרוק פון נביא, און שטרעבן צו דערגיין זיין מענטאַליטעט און כוונות...

נאַטירליך, זיצן היינט הונדערטער סטודענטן פון בר אילן, העברעאישן אוניווערסיטעט און אַנדערע הויכשולן, אויך וויסענשאַפטליכע חוקרים פון פרעמדע לענדער און גריבלען זיך אין אונזער תנ"ך, וואו עס ליגט דאָס האַרץ און נשמה פון אונזער פאָלק ישראל, און זיינע גרויסע וועגווייזער...

אַזוי אַרום איז פאַרווירקליכט געוואָרן דער „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך" (יהושע א' ח').

מער אויספירליכער וועגן תנ"ך און זיין ראָל אין לעבן פון ישראל, ביים רעדן מיט סאַבראַס און סתם אידן, אין אַ ווייטערן קאַפּיטל.



מר. און מרס. אברהם הרמאַן, ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן

זעקסטער קאַפּיטל

# ישׂראל אין קאַמף מיט אינפלאַציע

דער כּסדר שטייגנדער יקרות. — פּראָבלעמען, וואָס זיינען שטאַרק ענלעך צו די עקאָנאָמישע שוועריקייטן אין אַנדערע לענדער. — די גרויסע צאָל טוריסטן, און אַ צווייטער פּסח־סדר פאַר זיי. — אונזער סדר ביי ר' שלמה זלמן שרגאַי.

ניט אין אַלע הינזיכטן איז מדינת ישׂראל אַנדערש פון די לענדער, וועלכע זיינען טעריטאָריעל פיל גרעסער פון איר, און עקאָנאָמיש אַ סך שטאַרקער פון איר. פאַראַן פּראָבלעמען, וואָס אידענטיפיצירן ישׂראל מיט אַנדערע לענדער, און אין געוויסע פאַלן — אפילו ענלעך מיט אַמעריקע און קאַנאַדע.

די ישׂראל רעגירונג האָט באַשלאָסן, אַז אום צו האָבן אַ גרעסערן עקספּאָרט, מוז זי דעוואַלואירן אַביסל דעם פונט, כּדי צו דערמוטיקן פרעמדע סוחרים צו קויפן ישׂראל׳ס אויסאַרבייטונגען. נישט גאָר לאַנג צוריק איז דער ישׂראל פונט געשטאַנען 2.18 דאָס הייסט, פאַר איין אַמעריקאַנער דאָלער האָט די רעגירונג געצאָלט נאָר צוויי פונט מיט 18 גרוש. צוליבן מאַנגל אין אויסלענדישע מערק און דער נויטווענדיקייט צו פאַרבעסערן דעם עקספּאָרט, האָט דער פריערדיקער פינאַנץ־מיניסטער לוי אשכול (דער היינטיגער פּרעמיער), אין הסכם מיט דער פּאַרטיי, באַשלאָסן אַרונטערצונידערן דעם ווערט פון פונט צו אַ דריטל פון איין דאָלער, ד. ה. אַז מען וועט צאָלן אַנשטאָט 2.18 פונט פאַר אַ דאָלער, גאַנצע 3 פונט. דאָס האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך געגעבן אַ גרעסערן שטויס דעם עקספּאָרט, און עס האָט זיך גענומען פילן אַ נייער פּולס אין האַנדעל און אינדוסטרי. על פּי שׂכל, איז דאָס אַ נאָרמאַלע פּאָליסי פון אַ רעגירונג, וועלכע זוכט אַלע מעגלעכע מיטלען צו עקספּאָרטירן וואָס מער אירע אייגענע סחורות. די דעוואַלואַציע פון פונט האָט אָבער היבש געטראָפן אַ סך בירגער, וועלכע האָבן געהאַט פאַרפליכטונגען צו צאָלן זייערע חובות, מאָרטגיידזשעס און אַנדערע שולדן אין אַמעריקאַנער דאָלאַרן, און מיט די פאַרקלענערטע אין פּרייז פונטן האָבן זיי ניט געקענט על רגל אחת אויסוויקלען זיך פון זייערע צאָלונגען...

דאָס האָט לכתחילה געבראַכט צו אַ גאַנץ היבשן טומל אין לאַנד, און דער פינאַנץ־מיניסטער האָט זיך געזען געצוואונגען אַריינצוטראַכטן אין דעם ענין, כּדי צו געבן די געליטענע אַ געוויסע מעגלעכקייט, און אַ פאַרלענגערונג פון דעם דאַטום, כּדי זיי זאָלן קאָנען נאָכקומען זייערע שולדן. אוודאי איז

געווען די הויפּט־זאָרג צו זען, אַז קודם זאָלן די פּרייזן אין לאַנד גופא ניט שטייגן. ווייל אין אַזעלכע פאַלן זוכן בירגער צו שלאָגן קאַפּיטאַל, כאָטש בדיעבד ווערן זיי גאַרניט אָנגערירט פון דעם נייעם געלט־קורס...

דאָס האָט בשעתו פאַרשאַפט דער רעגירונג היבשע זאָרג. דערווייל האָט דער ישראל עקספּאָרט געשטיגן, וואָס דאָס איז פון ערשטראַנגיקער נויטווענדיקייט. זיינען טאַקע ניט פאַראַן היינט צו טאָג קיין אַרבעטסלאָזע אין ישראל. אַלע פאַבריקן זענען באַשעפטיקט, און דער לעבנס־נערוו פון דער מדינה האָט כמעט אַ נאָרמאַלע פונקציאָנירונג.

ענלעכע ערשיינונגען מערקן מיר אין אַלע לענדער, וואָס ליידן פון אַ ניט־באַלאַנסירטן האַנדלס־בודזשעט, און זוכן מיט אַלע מעגלעכע מיטלען צו פאַרגרעסערן זייער עקספּאָרט. דער בעסטער מיטל פאַר דעם איז — קלענער מאַכן דעם ווערט פון דער מטבע, וואָס גילט אין לאַנד. דאַן קאָנען אַנדערע מלוכות בעסער קאַלקולירן די פּרייזן פון זייערע אימפּאָרטירטע אַרטיקלען, און זיי קויפן מער...

די דאָזיקע שטימונג האָט דאַריבער גוט געווירקט אויף די איבער צוואַנציק טויזנט טוריסטן, וואָס זיינען ערב פּסח אָנגעקומען אין לאַנד, און פאַרפלייצט ממש אַלע האָטעלן, געניסנדיק פון דער פּריווילעגיע צו קריגן 3 פונט פאַר אַ דאָלער... דאָס האָט היבש געהאָלפן אין דעם ערב יו״ט האַנדל, און אַלע געשעפטן זיינען געווען כמעט באַלאַגערט פון טוריסטן... מען דאַרף פאַרשטיין, אַז פיל האָבן מיטגעבראַכט זייערע ישראל־באָנדס, און טאַקע באַקומען אָן שוועריגקייטן פולע 3 פונט פער דאָלער...

וואָס איז נוגע די ישראל באָנדס, קאָן מען מיט זיי אויסקויפן האַלב ישראל, אויב מען האָט נאָר אַ סך באָנדס. יעדער באַנק צאָלט גלייך אויס דעם פולן פּרייז פון דאָלער, ד. ה. צו 3 פונט, פּליוס אינטערעסט, זינט דער באָנד איז אויסגעשטעלט געוואָרן. מיט אַנדערע ווערטער, פיל קומען קיין ישראל, ברענגען כמעט גאַרניט קיין אויסלענדישע געלט, און לעבן אויפן חשבון פון די באָנדס, וועלכע זיי פאַרקויפן צוריק צו דער ישראל־רעגירונג... מען קויפט אפילו אָן מתנות און אַלץ, וואָס עס אינטערעסירט אין ישראל, און מען באַצאָלט מיט די באָנדס...

וואָס אָנבאַלאַנגט די פּסח־סדרים, האָט זיך יעדער איינגעאָרדנט לויט די בעסטע געלעגנהייטן, און טויזנטער טוריסטן האָבן אָנטייל גענומען אין עפנטלעכע סדרים. אַזוי, למשל, איז אין ת״א האָטעל „שרתון״ געפּראַוועט געוואָרן דער סדר מיט 700 טוריסטן, און צווישן זיי אַ גרעסערע צאָל אַמעריקאַנער אידן, וועלכע זיינען געקומען פּראַווען דעם יו״ט אין ישראל, אָנשטאַט אין אַמעריקע, וואו זיי זענען תושבים... אין דעם „מלון־המלכים״, אין ירושלים, וואו מיר האָבן געפּראַוועט דעם 2־טן סדר, זיינען אויך געווען קנאַפּע 500 טוריסטן, און דער מיניסטער פאַר געזעלשאַפטלעכער שוץ, דר. שלמה יוסף בורג איז געווען דער גאַסט רעדנער, און הרב כהנא — פאָרזיצער...

אין „בית ציוני אמריקה״ האָבן אָנטייל גענומען 500 געסט, און צווישן זיי אַ גרופּע אַפראָ־אַזיאַנער סטודענטן, וועלכע האָבן גענומען אַ קורס אין אַ ישראל־סעמינאַר. ביים צווייטן סדר אין זעלבן הויז האָבן זיך באַטייליקט נאָר 200 געסט פון 22 לענדער, און דער ערן־גאַסט איז געווען דער זייער באַליבטער רב ראשי פון תל־אביב־חיפה, הרב הג׳ איסר יהודה אונטערמאַן, וועלכער איז לעצטנס דערוויילט געוואָרן אַלס רב ראשי למדינת ישראל. אין חיפה אַליין זיינען אָריינגעקומען ערב פּסח אַ 3,000 טוריסטן. די אַמעריקאַנער לוקסוס שיף „אַטלאַנטיק״, האָט געבראַכט 600 טוריסטן קיין ישראל, און דער סדר איז געפּראַוועט געוואָרן אויף דער שיף... אַזוי זיינען איבערן גאַנץ לאַנד געפּייערט געוואָרן סדרים, אָבער דער 2־טער סדר איז נאָר געווען פאַר די טוריסטן.



שלמה זלמן שרגאי
הויפּט פון עליה־דעפּאַרטמענט

מיר האָבן געהאַט דעם זכות צו זיין די געסט פון מר. און מרס. שלמה זלמן שרגאי, הויפּט פון עליה דעפּאַרטמענט ביי דער אידישער אַגענטור, און דאָס איז געווען אַ סדר צו גערענקען.

ניט קוקנדיק, וואָס ביים טיש זיינען געזעסן איניקע געלאַדענע געסט, ווי דער מעיאָר פון גיבראַלטאַר, און עטלעכע חשוב׳ע געסט פון די שטאַטן, האָט דאָך דער הדרת פּנים פון מר. שרגאי אַראָפּגעלויכטן מיט אַזוי פיל אידישן חן און צאַרטקייט, וואָס האָט דערמאָנט די אַמאָליקע געשטאַלטן פון די גאָר גרויסע רביים אין אַלטן פּוילן, גאַליציע, אונגאַרן א. אַז. וו.

פריינט שרגאי איז איצט 62 יאָר, און זיינע געזיכטס־צוגן האָבן דערמאָנט די נאָענטע משפּחה אָפּשטאַמיקע זיינע, ווי דעם ש״ך, מהרש״א און ר׳ נפתלי כ״ץ פון וועמען זיין גאָטזעליקע מוטער, פרומע בת ר׳ אליהו שמואל וויינגאַרטען קומט אַרויס.

דער תלמיד חכם איז אויסגעגאָסן אויף זיין הערלעך מאַיעסטעטישן געזיכט. די באַוועגונג, וועלכע ער האָט אָנערקענט פון זיין פריסטער יוגנט „תורה ועבודה״, און וועלכע איז פאַרבליבן אַלס זיין לעבנס־מאָטאָ ביז היינט צו טאָג, האָט עדות געזאָגט, אַז מיר געפונען זיך אין די דלת אמות פון אַ

מנהיג בישראל, וועלכער האָט שוין באַקליידט אייניקע חשוב׳ע אַמטן אין ציוניזם, און דאַרונטער אויך געווען דער מעיאָר פון ירושלים. מר. שרגאי איז געווען אַ דעלעגאַט צו אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן, זינט דעם 15־טן, און אויפן 22־טן ציוניסטישן קאָנגרעס איז ער דערוויילט געוואָרן צו דער אַגענטור, וואו ער האָט אָנגעפירט דעם רעליגיעזן דעפּאַרטמענט. ער איז אויך איצט חבר פון דער הנהלת הסוכנות אין ירושלים און הויפּט פון עליה דעפּאַרטמענט. די משפחה שרגאי וואָס שליסט איין זיין פרוי די צנועה מרים בת יהושע שפּילבערג, און זיין זון און טאָכטער, איז איינע פון די שענסטע אין ירושלים. דאַריבער איז געווען אַזוי אָנגענעם צו זיין אַלס געסט פון דער שרגאי הייםביים סדר. זיין אויסטיילן יעדן באַזונדער די חרוסת, מרור, דאָס געבן די כזית׳ן יעדן לוי׳טן חסידישן שטייגער, אפילו דאָס אָנגיסן יעדן די כוסות — האָט געהאַט אַ באַזונדערן חן, און דער עונג יום טוב האָט זיך געפילט ממש אין דער לופט.

אגב אורחא האָט מען געהערט ביים סדר עטלעכע ניגונים פון וויזשניץ, קאַרלין און אַנדערע. און אַ באַגריסונג לכבוד יו״ט פון שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף דער גרויסער ראָל, וואָס פריינט שרגאי שפּילט אין רעליגיעזן ציוניזם בכלל, און אין דער סוכנות בפרט. עס איז געווען אַ גייסטיקע איבערלעבונג צו פאַרברענגען אַזאַ סדר־נאַכט ביי דער משפחה שרגאי, וואו מען איז אגב אויפגענומען געוואָרן מיט אַזוי פיל פריינטלעכקייט און מיט אַזאַ שטאַרקן סענטימענט פון הכנסת אורחים... וועגן די פונקציעס פון מר. שרגאי אין דער אידישער אַגענטור, זיינע פליכטן און אויפגאַבן, אין ווייטערן המשך פון די קאַפּיטלעך.

זיבזעטער קאַפּיטל

# מיט׳ן בלייפעדער איבער די ירושלים׳ער גאַסן

**שילדלעך דערמאָנען די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן און עפּאָכעך אין אידישן לעבן. — די אידיש־העברעאישע און רבנישע ליטעראַטור, וואָס וועקט אויף די וויטע און נאָענטע אידישע פאַרגאַנגענהייט, און צווינגט צו פאַרטראַכטן זיך איבער די גרויסע גייסטער, וואָס האָבן באַגלייט אונזער פאָלקס־לעבן פאַר די לעצטע 2־3 טויזנט יאָר. — קליינע שמאָלע גאַסן מיט גרויסע נעמען. — אנשטאָט אַ שפּאַציר, אַן אָנשטרענגונג צו דערמאָנען זיך, וואָס מען האָט אַמאָל געלערנט אין חדר, און וואָס מען האָט שוין לאַנג פאַרגעסן.**

אין ירושלים איז בכלל שווער צו שפּאַצירן, הויפּטזעכלעך פאַר אַ טוריסט, וואָס איז געקומען צום ערשטן מאָל באַזוכן מדינת ישראל. אויב דער איינגעזעסענער תושב, אָדער דער געבוירענער אין ארץ־ישראל איז שוין צוגעוואוינט צו די פאַרשידענע נעמען פון די גאַסן, קאָלאָניעס, קיבוצים, קבוצות, מושבים וכדומה, — קאָן אַ טוריסט ניט אַזוי שנעל „פאַרדייען״ די אַלע נעמען, וועלכע ראַנגלען זיך אין זיין מוח און נשמה, און רופן אַרויס יעדעס מאָל נייע אַסאָציאַציעס פון גערדאַנקען, נייע זכרונות, וואָס גייען אַזש ביז צו די קינדער־יאָרן אין אַמאָליקן אַלטן חדר.

עס איז באַזונדערס אינטערסאַנט, וואָס אין זייער אַ סך פאַלן האָבן די רעגירונגס־שילדלעך פון די אינסטיטוציעס, זיך מערקווירדיק „אידענטיפיצירט״ מיט די נעמען פון די גאַסן, און דאָס אַליין האָט אונז געבראַכט צום פאַרטראַכטן זיך. צי איז דאָס נאָר אַ צופאַל, אָדער עס איז געווען די מחשבה פון די, וואָס האָבן די נעמען געגעבן, אַז יעדע רעגירונגס אָפּטיילונג זאָל זיך געפינען אויף דער ענטשפּרעכענדער גאַס?...

עס איז יעדנפאַלס אַן ערשיינונג, וואָס רופט אַרויס אַביסל אויפמערקזאַמקייט, און מיר וועלן דאָ איבערגעבן אייניקע קורצע פאַרצייכענונגען, וואָס מיר האָבן געמאַכט בעת אונזער ירושלים׳ער שפּאַציר, ווייל אויך דאָס איז אַ טייל פון איינדרוקן פון אַן ערשטמאָליקן באַזוך אין מדינת ישראל.

דאָ זענען אייניקע ביישפּילן: אָט, למשל, שיינט אַראָפּ אַ קליין רעגירונגס־שילדל: מעדאַלן און מטבעות (לויט דער אידישער איבערזעצונג), און קומענדיק צום ברעג גאַס האָבן מיר דערזען דעם נאָמען: „רח׳ קינג דזשאָרדזש״. מעגלעך, אַז עס איז אפשר נאָר אַ צופאַל, אָבער ווי ריכטיק

עס פּאַסט זיך אַריין דער באַגריף פון מעדאַלן און מטבעות אין דער גאַס פון קינג דזשאָרדזש... איז דאָך גאַנץ ענגלאַנד — איין גרויסער מוזעאום פון מעדאַלן, פון טיטולן אָרדנס, צלמים (קראָסעס) פאַר דער אָדער יענער אויסצייכענונג בעת אַ שלאַכט, אָדער אַ מלחמה. זיינען דאָך טויזנטער ברוסטן באַהאַנגען מיט מעדאַלן פון דער בריטישער קרוין, און עס איז אַבסאָלוט אין פּלאַץ, אַז דער דערפּאַרטמענט פון מעדאַלן און אויסצייכענונגען זאָל זיך געפינען אויף דער קינג דזשאָרדזש גאַס...

אָט שטויסן מיר זיך אָן אויף אַ זייער באַקאַנטן גאַס־אויפשריפט „עמק רפאים” און דאָרט געפינט זיך גראַדע דער דעפּאַרטמענט פאַר מיליטערישע מאָנומענטן און אויסצייכענונגען.

דערמאָנען מיר זיך באַלד, אַז צווישן די זיבן נעמען פון די נפילים וואָס האָבן געלעבט אין מזרח הירדן, האָט עקזיסטירט דער נאָמען רפאים, בעת אין מערב־דיקן טייל האָבן זיך די נפילים, די ריזן גערופן ענקים... ד. ה. די זייער שטאַרקע מענטשן, וואָס זיינען געזעסן אין דרום־ירושלים אין „עמק־רפאים”. וועגן די בני ענק — די ריזן, ווערט דערציילט אין חומש במדבר י״ז. אַזוי אַרום האָט דער נאָמען פון דער גאַס דערמאָנט אָן העלדישקייט, בראַווקייט, גבורה, וואָס שפּיגלט אָפּ אַמאָליקע חומש ענקים, די רפאים.

פיל ערנסטער האָט אונז פאַראינטערעסירט דאָס שילדל „רחוב שבטי־ישראל” ד. ה. די גאַס פון אידישע שבטים. געדענקען מיר דאָך אַלע, אַז די שבטים זיינען געווען די קינדער פון יעקב אבינו, וואָס יעדער פון זיי איז געוואָרן אַ שבט בפני עצמו, יעדער איז געווען „ראשית בית אבות למשפחותם”. זיי האָבן זיך אויך גערופן „ראשי המטות” — די קעפּ, די אָנפירער פון די ענטשפּרעכנדע שבטים און זייערע הערשאַפטן. חז״ל טייטשן אויס דאָס וואָרט „שבט”, כמו מושל, ווי אַ הערשער, לויטן אויסדרוק אין בראשית מ״ט: לא יסור שבט מיהודה. ריידנדיק וועגן די שבטי־ישראל, איז כדאי אָפּצופרישן אין זכרון דעם דאָזיקן גרויסן קאַפּיטל פון אידיש־סטראַטעגישן און געאָגראַפישן לעבן. עס ווערט געבראַכט אין תלמוד: תניא עתידה א״י שתתחלק לי״ג שבטים. בתחילה לא נתן חלקה אלא לי״ב שבטים, ולא נחשב שבט לוי, כי הוא לקח חלקו בערים ומגרשיהם בכל גבולות השבטים האחרים, וואָס עס מיינט, אַז א״י האָט געזאָלט פאַרנאַנדערגעטיילט ווערן אויף 13 חלקים פאַר 13 שבטים, אָבער זי איז פאַרטיילט געוואָרן נאָר אויף 12, ווייל דער שבט לוי האָט שוין געהאַט באַקומען זיין חלק אין אַלע אַנדערע שטעט און פלעצער פון די איבריקע שבטים, און דאַריבער, האָט ער קיין באַזונדער ספּעציפישן ווינקל ניט באַקומען. נאַטירלעך, האָט עקזיסטירט אַ מאַנגל פון שלום און ברידערלעכקייט צווישן די שבטים. געפילען פון קנאה און שנאה האָבן אָפּט די רעגירונג גאַנצע 52% פון וואַסער־סכום, און דאָס איבעריקע וואַסער ווערט דערפירט צו שטאַרקע מחלוקות צווישן זיי. די מסיכתא מגילה (דף כ״ו) גיט איבער אַז די גרעניצן פון די שבטים האָט נאָך יהושע באַשטימט, און די

הויפט־פראַגע איז פאַרבליבן, צי ירושלים איז אַריין אין דער חלוקה, אָדער ניט? דער געדאַנק פון דעם איז געווען, אַז ירושלים איז פאַרן גאַנצן כלל ישראל, און יעדער איד האָט אַ חלק אין איר. דער פאַרקער צווישן די שבטים איז אָבער געווען זייער אַ באַגרענעצטער, און ערשט נאָך דער פּאַסירונג פון פילגש בגבעה האָט מען שוין געקענט פריי אַריינקומען פון איין שבט אין צווייטן. און ניט נאָר אייגענע, נאָר אויך פרעמדע, לויטן אויסדרוק פון דער גמרא אין בבא קמא קכ״א.

וואָס מער מיר האָבן זיך אַריינגעטראַכט אין דעם שילדל „רחוב שבטי ישראל״, אַלץ מער האָט אונזער מוח געגראָבן אין אונזער פאַרגאַנגענהייט און דאָ זיינען מיר צוגעקומען צום עפּיזאָד פון די עשרת השבטים, וואָס האָבן זיך שפּעטער אָפּגעטיילט פון די שבטי יהודה ובנימין. די עשרת השבטים זיינען אַנפּאַנגס פאַרטריבן געוואָרן פון ארץ ישראל אין יאָר 555 פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג. דער גלות יהודה האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט נבוכדנצר׳ן און חורבן בית שני אין יאָר 422 פאַר קריסטוסן, ד. ה. מיט 133 יאָר נאָך דעם ערשטן גלות, און מיט זיי די כהנים און לויים אין דער צייט פון רחבעם בן שלמה און ירבעם בן נבט (זע מלכים א׳ י״ב) רחבעם האָט געהייסן מלך יהודה, און ירבעם בן נבט — מלך ישראל, צוליב דעם מצב זיינען אויסגעוואַקסן צוויי פאַרטייען און צוויי באַזונדערע רעליגיעזע וועלט־אַנשויאונגען.

פאַרשידענע ווערסיעס האָבן באַוויזן, אַז די עשרת השבטים האָבן זיך באַזעצט אין די אַראַבישע לענדער, אויך איז אַדען, אַביסיניע, וועלכע רופט זיך, לויט געוויסע פאָרשער, ארץ החוילה. איז די לעצטע צייטן האָט זיך אַנטוויקלט אַ נייע חקירה, אַז די היינטיקע יאַפּאַנעזער זיינען דאָס די אָפּ־שטאַמיקע פון די עשרת השבטים, ווייל אויך זיי זיינען מתפלל צו די אור־עלטערן, און האַלטן טייער זייער זכר, פונקט ווי מיר אידן שעצן אונזערע אבות... פיל געפינען אפילו אַ שטאַרקע ענלעכקייט אין די געזיכט־ציגע פון די אידן און יאַפּאַנעזער, אָבער די דאָזיקע ביאָלאָגישע פאָרשונג איז נאָך ווייט ניט באַגרינדעט.

יעדנפאַלס, אַ איד, וואָס האָט אַמאָל געלערנט תנ״ך און אַריינגעקוקט אין שפּעטערע ספרים, אויך אין די חיצונים, קאָן ניט פאַרבייגיין אַזאַ נאָמען פון אַ גאַס, וואָס רופט זיך „שבטי ישראל״. עפּעס אַ קלייניקייט — די אַלע אידישע שבטים? דאָס איז דאָך אונזער גאַנצער היסטאָרישער פאַרמעגן, אונזער גרעסטער קולטור באַגאַזש, וואָס מיר פירן מיט זיך פאַר איבער צוויי טויזנט יאָר פון אונזער צושפּרייטקייט און צעוואָרפנקייט איבער דער גאָרער וועלט...

אָדער נעמט אַזאַ אויפשריפט איבער אַ גאַס „מסילת ישרים״. פאַר טויזנטער פרעמדע טוריסטן איז דאָס סתם אַ נאָמען, ווייל זיי האָבן אפשר קיינמאָל ניט באַגעגענט אַזאַ אויסדרוק „מסילת ישרים״ און זיי גייען נאַטירלעך

גלייכגילטיק פאַרביי. עס דערמאָנט זיי גאָרניט אַזאַ נאָמען פון אַ גאַס. די אָבער, וואָס זיינען ניט פרעמד אין דער אַלטער און נייער אידישער ליטעראַטור, פאַר זיי איז דער אויסדרוק „מסילת ישרים״ אַ זייער שטאַרקע דערינערונג פון דעם גרויסן אידישן געלערנטן משה חיים לוצאַטו ז״ל. ער איז געווען דער גרויסער בעל־מוסר ביי אידן און פריידיקער פון יראת ד׳ על יסודות אגדות ותלמוד. ער איז געווען אַ באַרימטער העברעאישער דיכטער און דער פאָטער פון דער נייער העברעאישער פּאָעזיע. ער איז אויך געווען אַ מקובל. אַ דענקער, און איינער פון די גרעסטע פערזענלעכקייטן, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. ער האָט געלעבט בסך הכל 60 יאָר. ער האָט איבערגעלאָזן זעהר קענטיקע צייכענס אין אונזער געשיכטע, הויפּטזעכלעך פאַר די אידן אין פּאַדוא, איטאַליע, וואו ער האָט מערסטנס געווירקט. במשך פון זיין לעבנס־דויער 1707־1647 האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין היסטאָריש ווערק „מסילת ישרים״ (אין אַמסטערדאַם). ליידער האָט זיך זיין לעבן פאַרענדיקט העכסט טראַגיש, צו פריי, און דערצו צוזאַמען מיט זיין פרוי און משפּחה, וואָס איז אויסגעשטאָרבן אין אַ מגיפה אין עכו. ער איז נקבר געוואָרן אין טבריה.

משה חיים לוצאַטו האָט הינטער זיך אַ ריי ווערק און ספרים. אָבער זיין קרוין־ווערק איז געווען דער ספר „מסילת ישרים״ — דער וועג פון די ערלעכע, ווייל אין דעם ספר האָט ער אַריינגעלייגט אַלע הומאַניטאַרע מענטשלעכע געדאַנקען און אַוועקגעלייגט דעם יסוד פאַר ווייטערער גע־שטאַלטונג פון אידישן לעבן על פּי דרכי המוסר, די דאָזיקע אידייע האָט ער געפּריידיקט אַלע זיינע יאָרן, אין ישיבה און אין פּריוואַטן לעבן.

עס איז זיכער געווען אַן אָריגינעלער איינפאַל פון דער ירושלים׳ער שטאָט־פאַרוואַלטונג צו קרוינען איין חשוב׳ע גאַס מיטן נאָמען „מסילת ישרים״, און זאָל דער טוריסט, וואָס האָט פריער געוואוסט וואָס דער נאָמען האָט געמיינט, ווייטער האַלטן אין זכרון די הייליקע פּרינציפּן פון מאָראַל און יושר, מוסר און דעת אלוקים. ערגעץ אַנדערש האָט נאָך דער דאָזיקער נאָמען ניט געפונען קיין בעסערן תיקון, ווי אין ירושלים עיר הקודש, די רעזידענץ פון אונזער מדינת ישראל.

אכטער קאַפּיטל

# ציוניזם און גאולה־מאָטיוון אין ליכט פון די גאַסן־שילדן

**די פאַראייביקונג פון העלדן, אידישע און טיילווייז ניט־אידישע, וואָס האָבן זיך אַריינגעשניטן אין אונזער באַפרייאונגס־געשיכטע. — מדינת ישראל וואָס האָט אויסגעטיילט גערעכטיקייט צו פאַקל־טרעגער פון אונזער פאָלקס־געשיכטע, און וואָס האָט אַזוי שטאַרק אינספּירירט די אידישע מחשבה צו זיין שטאָלץ מיט'ן עבר.**

וואָס מער מיר האָבן געזען און געלייענט די פאַרשידענע שילדען פון די ירושלים'ער גאַסן, אַלץ מער האָבן אויך אויפגעלעבט אין אונזער זכרון טיפן און פיגורן פון דער ציוניסטישער וועלט, מענטשן, וועלכע האָבן דערשפּירט דעם אידעאַל פון חיבת ציון מיט זייער גאַנצן וועזן. נאַטירלעך אין לויף פון יאָרן ווערן שטאַרק פאַרגעסן פיל נעמען פון מענטשן, ווייל דער לעבנס שטראָם פאַרווישט זיי, און דער מענטשלעכער מוח ווערט אָפּגעשוואַכט צו קענען דערהאַלטן אַלעמען אין זכרון. דעריבער ווערן במשך הזמן אויסגעלאָשן, און אָפּטמאָל לגמרי אויסגעווישט, פון זכרון פיל פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן ערשט מיט געציילטע יאָרן צוריק געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין אונדזער אויפלעבונגס־געשיכטע. אפילו פילאַרן, וועלכע האָבן געפורעמט דעם גאַנג פון אונדזער פאָלק און זיין שווערן קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיקייט, ווערן פאַרגעסן. דעריבער האָבן די מאַגיסטראַטן, אָדער ווי זיי הייסן אין ישראל „עיריות", פאַרשטאַנען אומצוקערן זיך מיט'ן פּנים צום „נעכטן", און וואַרפן אַ פרישן לעבנס־שיין אויף יענע אַלע, וועלכע האָבן אין זייער צייט, ווער מער און ווער ווייניקער, צוגעטראָגן צום אידעאַל פון ציוניזם, דורך זייערע פינאַנציעלע, קולטורעלע, ליטעראַרישע, פילאָזאָפישע, תלמודישע אָדער סתם וויסענשאַפט־לעכע מעטאָדן, וואָס אַלע צוזאַמען האָבן געשאַפן דעם איינהייטלעכן כוח פון פאָלקס באַפרייאונג, און האָבן דערפילט זייער נאַציאָנאַלן חוב צו זייער לאַנד און צום אידענטום בכלל.

די דאָזיקע דאַנקבאַרע עובדה איז דערגרייכט געוואָרן דורך מישן די בלעטער פון אונדזער געשיכטע אויף צוריק: דורך ווידמען לכל הפּחות גאַסן, פּאַרקן, געגענטן אויף די נעמען פון פאַרשטאָרבענע פירער, האָט מען זיי צוריקגעבראַכט צום זכרון פון אונדזער פאָלק און צום אייביקן רעספּעקט און יראת־הכבוד וואָס זיי האָבן פאַרדינט דורך זייער מסירת נפש און מיה צו דינען דעם אידעאַל פון יהדות און נצח ישראל.

מיר האָבן שוין אין פּאַריקן קאַפּיטל דערמאָנט אַ צאָל גאַסן, וועמעס נעמען האָבן געדאַרפט פּאַראייביקט ווערן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, און וואו דען, אויב ניט אין מדינת ישראל? מיר וועלן דאָ ברענגען נאָך אייניקעביישפּילן פון נעמען אויף גאַסן אין ירושלים. מען דאַרף פאַרשטיין, אַז די זעלבע נעמען קאָנען זיך אויך ווידערהאָלן אין תל אביב, חיפה, רמת גן, אין די קיבוצים, מושבים און בכלל אין צענדליקער און הונדערטער פלעצער אין מדינת ישראל. דאָס פאַרמינערט אָבער ניט זייער חשיבות ווייל פירער פון אַ פאָלק און בפרט אַזעלכע וועגווייזער, אין אַ צייט ווען ס'פאָלק האָט געבלאָנדזשעט איבער פרעמדע וועגן און שטעגן, הויפּטזעכלעך אין די לעצטע אַכציג יאָר זינט די אידייע פון שיבת ציון האָט גענומען רייף ווערן — זיי דאַרפן אַרויסלויכטן פון יעדן ווינקעלע פון דער מדינה, פון יעדער גאַס. אָט צום ביישפּיל זעט מען אַ שילד „רחוב הילל", און ניט יעדער תושב, ניט יעדער טוריסט כאַפּט זיך, אַז דאָס איז אַ פאַראייביקונג פון אַ נאָמען, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג אויפגעהערט צו עקזיסטירן בס"ה איבער 30 יאָר צוריק, אַ וויכטיקער פירער און איינער פון די געוועזענע רייכסטע צוקער־פאַבריקאַנטן אין קיעוו, אוקראַינע, הילל זלאַטאָפּאָלסקי, ע"ה.

הילל האָט ביטער געקעמפט געגן דעם פּראָיעקט פון אוגאַנדע אין יאָר 1903, ווען דער אוגאַנדע קריזיס האָט באַדראָט די גאַנצע ציוניסטישע וועלט מיט שפּאַלטונגען, הילל איז געווען פון די אויפריכטיקסטע מיטגלידער פון „ציוני־ציון", פון די גרינדער פון קרן היסוד, איינער פון די נאָהענסטע פריינט און שטיצער פון זשאַבאָטינסקי'ס לעגיאָן, און איינער, וועלכער האָט טיף צעאַקערט דעם באָדן פון דער ציוניסטישער אידישער פּרעסע אין יענע יאָרן, קעמפענדיק פאַר ישראל. זיין טאָכטער שושנה פערסיץ איז אַ מיטגליד פון דער כנסת אין ישראל און זיין אייניקל איז גרשון שאָקען, רעדאַקטאָר פון „הארץ". אַזאַ פערזענלעכקייט ווי הילל זלאַטאָפּאָלסקי, אַזאַ ציוניסט, האָט ניט געטאָרט פאַרבלייבן אָן אַ צייכן, דעריבער האָט זיין נאָמען געפונען אויסדרוק אויף איינער פון די חשוב'סטע גאַסן אין ירושלים.

אָדער לאָמיר זיך ווענדן צו „רחוב בנימין פון טאָלעדאָ", וואָס דערמאָנט אונז דעם געוועזענעם גרויסן היסטאָרישן רייזענדן פון 12־טן יאָרהונדערט, וועלכער האָט אין זיין צייט כמעט באַזוכט דריי פערטל וועלט און איבעראַל זיך אינטערעסירט מיט'ן מצב פון אידן. לויט די באַשרייבונגען אין זיינע „מסעות" וואָס אַן אומבאַקאַנטער מאַן האָט שפּעטער פאַרצייכנט אין יאָר 1175, האָט ער באַזוכט אַ גרויסע צאָל לענדער, אָנפאַנגענדיק פון סאַראַגאָסאַ (שפּאַניע), דרום אַפריקע, איטאַליע, גריכנלאַנד, טערקיי, סיריע, ארץ ישראל, מעסאָפּאָטאמיע, פערסיע, טיבעט, אדען, תימן, אביסיניע, מצרים און סיציליע. איבעריק צוצוגעבן, אַז זיינע „מסעות" זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף פיל שפּראַכן, און זיי האָבן דערפילט אַ גרויסע אויפגאַבע דורך לאָזן וויסן דער ניט־אידישער וועלט ווי אידן לעבן און שאַפן איבעראַל. אַזאַ נאָמען

האָט זיכער פאַרדינט אַרויסגעצויגן צו ווערן פון אידישן אַרכיוו און אַ נייעם תיקון באַקומען.

אָט מערקן מיר אָן אַנדער אויפשריפט: „רחוב שלמה מולכו". אַ נאָמען פון איינעם, וואָס האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר אידישקייט, כאָטש ניט קיין געבוירענער איד. ער איז פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטער הויפן אין מאַנטוא, איטאַליע, אויף קידוש השם, אין יאָר 1532, און ער איז פאַרעכנט געוואָרן צווישן די גרעסטע קדושים אין דער אידישער געשיכטע. ער איז געבוירן געוואָרן ביי עלטערן אנוסים. ער האָט זיך שפּעטער מגייר געווען און זיך שטאַרק פאַרטיפט אין קבלה, זיך באַקענט מיט ר' יוסף קארו מחבר פון „שולחן ערוך" און איז געוואָרן אַ דרשן. ער האָט אויך פיל געוואַנדערט, אָנגעשריבן צוויי ספרים אין וועלכע ער האָט אָנגעזאָגט משיח־נביאות. ער האָט פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט אין צפת, אין דער שטאָט פון מקובלים. זיין פאָן, וואָס ער האָט מיט זיך שטענדיק געהאַט, איז געווען אויסגעשטריקט מיט די אותיות „מי כמוך באלים ד'", בראשי תיבות — מכב"י.

צוליב זיין עקשנות'דיקער מסירת־נפש פאַר אידישקייט, איז ער פאַראורטיילט געוואָרן פאַרברענט צו ווערן. מען האָט אים געוואָלט שענקען דאָס לעבן, אויב ער וועט זיך צוריקקערן צום קריסטענטום. ער האָט אָבער צוריקגעוויזן יעדן פאַרלאַנג, און מיט „שמע ישראל" אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם אויפ'ן שייטער הויפן!...

אַזאַ נאָמען אויף אַ גאַס צווינגט ממש צו פאַרהאַלטן זיך און פאַרטראַכטן זיך. באַלד קומען מיר צו צו אַ גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען „רחוב סעדיה גאון". דערמאָנט מען זיך תיכף, אַז סעדיה גאון איז געווען פון די פאַרבנ־רייכסטע פערזענלעכקייטן וואָס אונדזער פאָלק האָט אַרויסגעגעבן. סעדי' גאון איז געווען פון די גרעסטע פוסקים אין זיין צייט און באַקליידט דעם אַמט פון ראש ישיבה אין סורא (בבל). ער איז געווען אַ מנהיג, אַ פילאָזאָף, אַ מפרש התנ"ך און בכלל איינער פון די לייכטענדע שטערן אויפ'ן אידישן האָריזאָנט. ער איז געבוירן געוואָרן אין מצרים אין יאָר 892 און איז נפטר געוואָרן אין סורא (בבל) 942. ער האָט אָנגעשריבן אייניקע וויכטיקע ווערק, דאַרונטער דעם „ספר המועדים"; ער האָט אויך איבערגעזעצט דעם תנ"ך און משניות אויף אַראַביש, און געשריבן אייגענע פירושים צו זיי. קאָן זיין עפּעס מער יושר'דיקער ווי אויפצולעבן אין פאָלקס־זכרון אַזאַ הערלעכן נאָמען, ווי סעדיה גאון, וועלכער האָט אונדז איבערגעלאָזן אַזאַ אומשטערבלעך ווערק, ווי „אמונות ודעות", מיט וועלכן די שפּעטערע וועלט פילאָזאָפן האָבן זיך באַנוצט, דאַרונטער אונדזערע אייגענע גאונים, ווי רבינו בחיי, מחבר פון ספר „חובת הלבבות", אבן עזרא, רמב"ם און אַנדערע, וואָס האָבן געצויגן אַ געוויסע יניקה פון זיינע מחשבות און שאַפונגען. ר' סעדיה גאון איז געווען פון די גאָר ערשטע שעפער פון דער אידיש רעליגיעזער פילאָזאָפיע נאָך פילאָן האַלעקסנדראַני, וועלכער האָט געהערט צו דער גאָר פריערדיקער תקופה.

אָדער וואָרפט אַ בליק אויפ'ן שילדל „רחוב בוסתנאי". זיכער איז דער נאָמען ניט צופיל פּאָפּולער און ווייניק מענטשן געדענקען אים, הגם בוסתנאי איז געווען ראש־הגולה אין בבל אין 7־טן יאָרהונדערט, און ס'זיינען פאַראַן אַ שיער לעגענדעס וועגן אים וואָס קאָנען זיך ניט פאַרשעמען לגבי די גריכישע מיטען. לויט דער טראַדיציע האָט די גאַנצע ראש הגולה משפּחה אָפּגעשטאַמט פון דוד המלך. דער נאָמען בוסתנאי שטאַמט פון פּערסיש און באַדייט אַ גאָרטן. בוסתנאי זאָל האָבן געבוירן געוואָרן אין יאָר 620, און נפטר געוואָרן אין יאָר 670, וואָס עס מיינט, אַז ער האָט געלעבט ניט מער ווי אַ פופציק יאָר. אַ דאַנק זיינע גרויסע פייאיקייטן איז ער שנעל רייף געוואָרן און אָנגענומען דעם אַמט פון ראש הגולה פון אידן אין בבל. לויט געשיכטלעכער פאַרצייכנונג, זיינען אין זיין לעבענס־פּעריאָדע פאָרגעקומען זייער וויכטיקע געשעענישן: מאַכאַמעד האָט געגרינדעט די נייע רעליגיע פון איסלאַם, און זיין תלמיד, דער מאַכמעדאַנישער קאַליף, אָמאַר, האָט איינגענומען פיל לענדער אין אַזיע, אויך פּערסיע און בבל. דאָך האָט אָמאַר באַשטעטיקט אויף ווייטער בוסתנאי אַלס ראש־לגולה, און דאָס אַליין ווייזט שוין, ווי וויכטיק בוסתנאי איז געווען אין זיין צייט. דאָס וואָרפט אַ רעפלעקס אויף איינער פון די גאָר קענטיקע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן מיט פיל יאָרהונדערטער צוריק באַשיינט דעם אידישן פאָלקס־יחוס, ווי אַן אָרנאַמענט פאַר די ווייטערע דורות.

דערוועקט זיך די פראַגע: וואו אַנדערש וואָלט בוסתנאי באַקומען אַזאַ „תחית המתים" ווי ער האָט דאָס זוכה געווען אין אונדזער אייגענעם לאַנד — מדינת ישראל?

עס לאָזט זיך נאַטירלעך ניט אויסשעפּן אַלע נעמען פון גאַסן, אַלייען (שדרות), פּלעצער און ווינקעלעך, וואָס טראָגן הייליקע נעמען, אָפּגערעדט פון אונדזערע אמוראים און תנאים נביאים, וועלכע האָבן אונדז צוגעגרייט צו אַזאַ לאַנגן היסטאָרישן קאַמף, ביז מיר האָבן צוריק זוכה געווען צו דערזען דאָס לאַנד פון די אָבות, דאָס לאַנד וואָס האָט ניט קיין גלייכן פאַר אונזער פאָלק.

מיר וואָלטן געקאָנט דעם דאָזיקן לאַנגען צעטל פון נעמען ציען נאָך זייער לאַנג. ווייל צו גיין איבער די גאַסן פון ירושלים, און וויסן גענוי ווער און וואָס עס איז — וואָלט מען געדאַרפט מיטברענגען מיט זיך אויסער אַ תנ"ך, אויך גאַנץ ש"ס, אַלע מדרשים, ילקוטים, דערצו די פאָלקס געשיכטע, אָנפאַנגענדיק פון יאָזעפוס פלאַוויוס, גרעץ, דובנאָוו, ביז די לעצטע פאַרציי־כענונגען פון איצטיקן יאָר־הונדערט. יעדער טראָט אין ירושלים רירט אָן אַ בלעטל געשיכטע, אַן עפּיזאָד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין אונזער אידישן לעבן; יעדע שילדל רירט אָן אַ סטרונע אין אונזער האַרץ און וועקט אויף לאַנג־פאַרגעסענע זכרונות און איבערלעבונגען. ירושלים אַלס גאַנצע, צוזאַמען מיט איר גאַלעריי פון גאַסן און נעמען, פון פּערזענליכקייטן פון

גרויסע הייליקע גייסטער, וואָס האָבן געוואָרפן רעפלעקסן אויף דער ניט־אידישער וועלט — דאָס איז אַזאַ סאָרט געפיל, וואָס אַ טוריסט קאָן זיך פון אים ניט באַפרייען.

יעדער נאָמען איז אַ רינג אין דער קייט פון אונזער פאָלקס־עקזיסטענץ און אויסדויער. יעדער נאָמען דערמאָנט אָן דעם ווייטן עבר און וואַרפט ליכט־שטראַלן אויף אונדזער הווה און עתיד. די הונדערטער אַנדערע נעמען ווי רבי עקיבא, ריש לקיש, בן סירא, יחזקאל הנביא, עובדיה, עמוס, הושע, רבינו תם, רש״י, באַראָן הירש, פינסקער, עמנואל נח, חשמונאים, יהושפט, אבא חלקיהו, יהושע בן גמלא, בצלאל, צפניה, שמואל הנגיד, אלעזר הקליר, און פון די גאָר לעצטע ווי — א. ד. גאָרדאָן, ביאַליק, טשערניכאָווסקי און די ציוניסטישע פילאָרן ווייצמאַן, סאָקאָלאָוו, אוסישקין, טשעלנאָוו, לייב יפה, הרב בר אילן, הרב קוק, הרב עמיאל, הרב זאב גאָלד, יצחק בן צבי און די גאַסן און פלעצער, קאָלאָניעס אויפן נאָמען פון זאב זשאַבאָטינסקי, הרב הג׳ הערצאָג, דוד פינקס, און די היינטיקע פירער, יבדלו לחיים, ווי עקס־פרעמיער דוד בן גוריון, אשכול, גאָלדע מאיר, משה שרת, משה שפירא און צענדליקער אַנדערע, וואָס שטייען אויף דער וואָך און היטן אָפּ ניט בלויז די שילדן אויף די גאַסן נאָר די גאַסן און היימען, די לעבנס, פאַרמעגנס פון אַלע בירגער אָן אונטערשייד — זאָלן זיי אַלע זיין געבענשט אויף אייביק!

די ירושלימ׳ער גאַסן זעהן אויס יום טוב׳דיק, שטאָלץ, ווען זיי טראָגן אויף זיך די אומפאַרגעסלעכע נעמען פון אונזערע גייסטיקע און פיזישע העלדן, וועלכע וועלן אייביק מונטערן אונזער פאָלק און ניט דערלאָזן חלילה צו אַ דריטן חורבן. ירושלים איז דער שטאָלץ פון דער מענטשהייט און מיר אידן שפּיגלען זיך אַמערסטנס אין איר גלאַנץ און גלאָריע...

נײַנטער קאַפּיטל

# וועלכע שפּראַכן ווערן מערסטנס גערעדט אין ישׂראל

**וויפיל קלינגט העברעאיש. — די מערכה פונם העברעאישן שרייבער און העברעאישן בוך. — ליכט און שאָטן־זייטן אין לעבן און כאַראַקטער פון דעם סאַברע. — זיין אָריענטאַציע אויפן „היינט", און די פאַרנאַכלעסיקונג פון דעם „נעכטן".**

עס שיינט, אַז עס וועט ניט זיין קיין גוזמא, קיין איבערטרייבונג צו זאָגן, אַז אין קיין שום אַנדער לאַנד אויף דער גאַנצער וועלט ווערט ניט גערעדט אויף אַזוי פיל שפּראַכן, ווי אין מדינת ישׂראל. דאָס אַליין מאַכט דאָס לעבן פון טוריסט אנגענעם און באַקוועם, ווייל קיין שפּראַכן־פּראַגע אין פולן זין פון וואָרט, עקזיסטירט דאָרט ניט. אויב עספּעראַנטאָ וואָלט געווען איינע פון די בעסטע לייזונגען פאַר דעם בבל פון שפּראַכן, און וואָלט פאַרשפּאָרט אַ סך מי און אומבאַקוועמלעכקייטן פאַר אַ טוריסט, קאָן אָבער מדינת־ישׂראל שטאָלצירן ממש מיטן „רעגנבויגן" פון שפּראַכן, קולטורן, דיאַלעקטן און אַלערליי פילאָלאָגישע רייכקייטן און בויגזאַמקייטן, וואָס פילן אָן די מדינה פון לוד ביז ירושלים, און פון דן ביז אילת...

זעלבסטפאַרשטענדלעך, קומט אויפן ערשטן פּלאַץ די אייגענע שפּראַך — העברעאיש. וועלכע איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון לאַנד, און אויף וועלכער עס בויט זיך און עס ווערט דערצויגן דער יונגער דור מיטן פולן באַוואוסטזיין, אַז העברעאיש איז זיין שפּראַך, פּונקט ווי פאַר דעם ענגלישן קינד איז די נאַטירלעכע שפּראַך ענגליש, פאַרן פראַנצויז — פראַנצויזיש, פאַרן איטאַליענער — איטאַליעניש א. אַז. וו. אמת, אין די שולן ווערן אויך געלערנט אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכן, און גאַנץ באַזונדערס — אַראַביש, אָבער דער הויפּט־טראָפּ, דער עיקר־העיקרים פון אַלע שפּראַכן איז העברעאיש, וועלכע די קינדער זאַפּן איין פון זייער פריסטער יוגנט. דאַריבער קאָנט איר ניט טרעפן קיין ישׂראל־געבוירענע קינדער זאָלן צווישן זיך ריידן און שטיפן, לאַכן און „קאָמאַנדעווען" אין אַ פרעמדער שפּראַך... אַזוי בעת זייער לערנען, זייער שפּאַציר, זייער טרייבן ספּאָרט, פאַרווילן זיך, אין הויז, אין חברים־קלוב, אין קעמפּ, אין טעאַטער, מואווי און איבעראַל. די שפּראַך פון דעם סאברא איז העברעאיש. זיכער וועלן די אַלע ווייטערע דורות נאָך מער זיך איינגלידערן אין דער העברעאישער שפּראַך און קולטור, און וועלן ווערן באַהערשט פון דעם גייסט פון דער העברעאישער אַלטער און נייער ליטעראַטור, וואָס הערט ניט אויף צו שפּרודלען און צו באַרייכערן די פּאָליצעס פון די ביבליאָטעקן,

ביכער־געשעפטן, פּריוואַטע הויזלעכע ביבליאָטעקן מיט אַלץ נייע צוגעקומענע שאַפונגען און איבערזעצונגען אין העברעאיש.

דאָך, קאָן מען ניט זאָגן, מיטן פולן מויל, אַז דער עולם זיצט יומם ולילה על התורה ועל העבודה, און לייענט כסדר ביכער. דאָס איז ווייט ניט אַזוי. מען קויפט טאַקע ביכער, מען פּאָלגט נאָך דעם גאַנג פון לעבן, מען ווייסט יעדן מחבר, וואָס פאַר אַן אָרט ער פאַרנעמט אין דער ליטעראַטור. דאָס מיינט אָבער נאָך אַלץ ניט, אַז מען לייענט צו־פיל. עס איז פשוט ניטאָ קיין סך פרייע צייט! דאָס לאַנד שלינגט איין אַ סך פיזישע כוחות ווייל דער געבוי און טעמפּאָ פון לאַנד איז אַ זייער שנעלער און פיבערהאַפטער. מען ענדיקט די אַרבעט ניט צו־שפּעט, אָבער דער פליכט אויפצושטיין אויף מאָרגן אַרום 5 פרי, יעדנפאַלס ניט שפּעטער פון 6 אַזייגער, טרייבט דעם מענטש פרי צום אָפּרו. דערצו האָט מען דאָך משפחות, פרויען און קינדער, וואָס ווילן אַביסעלע געניסן פון לעבן. די פרוי אַרבעט אַגב מערסטנס אויך אַ גאַנצן טאָג און עס בלייבט ניט קיין צופיל פרייע צייט צום לייענען. עס מערקט זיך אָבער דאָך אַ קאַלאָסאַלער אונטערשייד צווישן דער באַציאונג צום בוך ביי אונז, און אין ישראל. ביי אונז קומט אַן דעם מחבר ממש קריעת־ים־סוף צו פאַרקויפן אַ אידיש, און ווער רעדט אַ העברעאיש בוך, — וויפיל בזיונות, שפיכת־דמים ער מאַכט דורך, צושיקט זיי צו באַקאַנטע מענטשן, וואָס ער ערוואַרט אויף זיכער, אַז זיי וועלן אָפּשיקן אַ טשעק, אָדער אַ מתנה — קריגט ער אָפּטמאָל צוריק געשיקט זיין בוך, דערצו נאָך אַן פאָסט־מאַרקעס, צוק־נייטשט, באַשעדיקט, וואָס ער קאָן שוין אַ צווייטן דעם בוך ניט פאַרקויפן אַלס אַ „נייעם״... אין ישראל האָט ניט דער שרייבער אַזעלכע שווער־יקייטן. דער עולם קויפט ביכער, פילט אָן די הויז־ביבליאָטעק מיט די בעסטע שאַפונגען, און טראַכט ביי זיך „לכשירחיב״, אַז עס וועט זיך מאַכן אַ פרייע שעה, אַ יום־טוב, אַ שבת, אַ וואַקאַציע, וועט ער אַרויסנעמען דאָס בוך פון שאַנק און לייענען... דאָס איז אָבער אָפּטמאָל מער אילוזיע, ווי רעאַליטעט, ווייל ווען עס קומט שוין די „פרייע שעה״, יאָגט זיך אַרויס פאַרשיידענע אַנדערע „בויטיקע״ זאַכן, ווי באַזוכן פריינט, אַ גוטע אָפּערע, אַ מוזיקאַלישער קאָנצערט, אַ וויכטיקע פּרעמיערע, אַ לעקציע, און דאָס בוך בלייבט ווייטער שטיין אין שאַפע, וואַרטנדיק אויף אַן אַנדער געלעגנהייט. דאָך איז דעם ישראל־מחבר פיל לייכטער צו לעבן און צו „אָטעמען״, ווי אין די אַמעריקאַנער לענדער. ער האָט זיין „סחורה״ פאַרקויפט, און טראָגט זיך שוין אַרום מיט נייע מחשבות וועגן נייע שאַפונגען.

מיר האָבן אויבן דערמאָנט די שפּראַכן, וואָס ווערן גערעדט אין ישראל, אָבער מיר האָבן נאָטירלעכערוויז זיך קודם אָפּגעשטעלט אויף דער העברע־אישער שפּראַך, איר קולטור און אויף דער באַציאונג צום העברעאישן בוך אין ישראל. דאַרף מען דאָ פאַרגרעסערן די ליסט פון שפּראַכן, כדי דער לייענער זאָל האָבן אַ טיפערן אַריינבליק און באַגריף וועגן דעם שפּראַכן־קאָמפּלעקס,

וואָס הערשט אין ישראל. נאָך העברעאיש קומט אין ישראל ענגליש, און דאָס איז אַבסאָלוט פאַרשטענדלעך; די בריטישע מאַנדאַט-מאַכט האָט „אָפּגעקיניגט" אין ישראל גאַנצע 30 יאָר, און אויב זי האָט ניט צוגעלייגט אַ האַנט צו באַפרוכפּערן דעם נגב, צו טאָן, וועלכע עס איז אַנדערע נוצלעכע זאַכען, ווי באַוואַלדן דאָס לאַנד, ברענגען וואַסער צו די דורשטיקע געגענטן, פאַר־נאַנדערבויען דעם באַן־וועזן וכדומה, — האָט זי אָבער דירעקט און אינדירעקט כסדר געאַרבעט אין דער ריכטונג פון פאַרשפּרייטן איר שפּראַך — ענגליש...

דאַריבער איז פאַרבליבן אַ גרויסע צאָל פון פריערדיקע באַאַמטע, וואָס באַהערשן ווער מער, און ווער ווייניקער, די ענגלישע שפּראַך. זי האָט אויך אין די שולן איינגעשטעלט ענגליש אַלס צוואַנגס־שפּראַך, און דאַריבער קומט ענגליש אויפן נעקסטן פּלאַץ נאָך העברעאיש. מען רעדט אָבער אויך פיל פראַנצויזיש, ווייל די פריערדיקע „אַליאַנץ איזראַעליט"־שולן פלעגן אונ־טעריכטן נאָר אויף פראַנצויזיש. דאַן קומט אַראַביש, דייטש, ווייל אַ גאַנץ באַדייטנדע צאָל וויסענשאַפטלער און געלערנטע זענען עולה געווען פון דייטשלאַנד; פיל זיינען אַנטלאָפן אין דער היטלער־עפּידעמיע, און ניט קוקנדיק אויף דער שנאה צו היטלער׳ן און די נאַציס, איז ביי זיי דייטש נאָך אַלץ די „ליבלינג־שפּראַך" מיט וועלכער עס איז זיי שווער צו שיידן זיך...

קומט איר אַריין אין די שענסטע האָטעלן, אין ירושלים, תל־אביב, הרצליה, און איבעראַל, זענען מערסטנס די אייגנטימער, די בויער פון די האָטעלן — דייטשע אידן, און הגם זיי רעדן אַ גאַנץ היבשן העברעאיש, דערקענט איר אָבער גלייך דעם „יעקישן" אַקצענט, ווער רעדט צווישן זיך „שפּרעכן" זיי נאָר דויטש... בנוגע אַראַביש, איז קלאָר, אַז מדינת ישראל מוז פלעגן די שפּראַך פון די אַרומיקע שכנים, וועלכע רעדן און זיינען ערצויגן אין דער אַראַבישער שפּראַך און ליטעראַטור. במילא, לערנען די קינדער אין די שולן אַראַביש, און היות, עס געפינען זיך מינדעסטנס אַ פערטל מיליאָן אַראַבער אין די גרעניצן פון ישראל, קומט מען מיט זיי אין זייער אָפטן קאָנטאַקט. דאַריבער איז אַראַביש איינע פון די לאַנד־שפּראַכן, און זי ווערט גענוצט אויף די רעגירונגס־געלטער, אויף די פּאָסט־מאַרקעס, אין אַלע עפנטלעכע פּלעצער, פּאַראַלעל צו העברעאיש. נאַטירלעך זענען פאַראַן אויך פּאָליטישע מאָטיוון, וועגן וועלכע מען רעדט ניט, אָבער וועלכע אַ גוטער טוריסט־באַאָבאַכטער קאָן לייכט באַמערקן.

אויסער די דערמאָנטע שפּראַכן קאָנט איר אויך הערן אין גאַס לאַדינאָ־שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש (מערסטנס פון טוריסטן), און די סאַמע גאַנגבאַרסטע שפּראַך, וועלכע „רעדט זיך אַליין" — אידיש. נאַטירלעך זענען אַמווייטסטן פון אידיש די ישראל־געבוירענע, די סאַברעס, וועלכע האָבן זיך אויפגע־האָדעוועט אין ישראל. אויב זיי פאַרשטייען אידיש, אָדער רעדן אַ שוואַכן אידיש, איז דאָס אַ דאַנק זייערע עלטערן, וועלכע רעדן צווישן זיך אידיש, און האָבן ניט באַוויזן אויפצוכאַפּן העברעאיש, אָדער ענגליש, כדי צו קאָנען

זיך פריי באַוועגן און פירן אַ לייכטע קאָנווערזאַציע. ווילן מיר ניט אַרויסקומען מיט אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער ישראל־יוגנט, וועלכע איז ווייט פון אידיש, איר ליטעראַטור און פרעסע, וואָס מיר האָבן אין די תפוצות אַנגעהאָדעוועט במשך פון די לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר. די יוגנט לייענט הויפּטזעכלעך די העברעאישע צייטונגען, זשורנאַלען און בכלל די העברעאישע ליטעראַטור. קומט זי אַריין שפּעטער אין די מיליטער־רייען, ווערט זי אײַנגאַנצן פאַרשלונגען פון דער העברעאישער שפּראַך, ווייל דאָס מיליטערישע לעבן איז אינגאַנצן געבויט אויף העברעאיש. סיי די „קאָמאַנדע", סיי די געשפּרעכן מיט די אָפיצירן, און בכלל דער גאַנצער מיליטערישער קאָדעקס, די אויסבילדונג, אַלץ איז כולו העברעאיש.

די אַרמיי איז דער „שמעלץ־טאָפּ", וואָס מישט אויס אידן מארבע פנות העולם, און שאַפט פון זיי איין מענטשן־מאַסע, איין אידיש פאָלק, ריכטיקער געזאָגט, איין ישראל פאָלק.

וואו ליגט דער שוואַך־פּונקט אין כאַראַקטער און אין לעבן פון סאברא?

לויט אונזער באַשיידענער מיינונג האָבן די סאַבראַס פּשוט ניט געהאַט די געלעגנהייטן צו דערגרונטעווען זיך צו די סאַמע טיפעניש פון ציוניזם. זיי פעלט דער וויכטיקער אַספּעקט פון אונזער רענעסאַנס־עפּאָכע, פון אונזער שטרעבן און קאַמף פאַר די לעצטע 60־70 יאָר: מיר, — דער „דור הגאולה" — האָבן דורכגעמאַכט, אַזויפיל שווערע נסיונות און ערפאַרונגען, אַזויפיל פּאָליטישע און מאָראַלישע מעטאַמאָרפאָזעס וואָס איז זיי לגמרי פרעמד. מיר האָבן געלעבט אין אַן אַטמאָספערע פון אַ ניט־אידישער מערהייט, זייענדיק אַרומגערינגלט פון הונדערטער מיליאָנען פרעמדע מענטשן און שפּראַכן, קולטורן און טראַדיציעס, מנהגים און זיטן, צו וועלכע מיר האָבן, בשוגג צי במזיד, זיך כסדר געדאַרפט צופּאַסן אויב מיר האָבן ניט געוואָלט פאַרלירן אונזער לעצטע פּינטעלע בירגער... דער סאַבראַ האָט דאָס אַלעס ניט דורכגעמאַכט. אים איז פרעמד דער קולט פון גלות, ווייל ער איז שוין געבוירן געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע פון פרייהייט. ער האָט ניט געדאַרפט זיין ציוניסטיש געשטימט, ווייל ער האָט געאָטעמט די לופט פון ציון וירושלים אַלע זיינע יאָרן. ער קאָן אפילו זייער שווער באַגרייפן די פּסיכאָלאָגיע פונם גלות־איד, ווייל ער האָט דעם גלות־קאָמפּלעקס ניט געטראָגן אויף זיינע יונגע פּלייצעס.

די יוגנט אין ישראל געניסט היינט זייער אַ סך פון די אַלע פרוכט, וואָס דער ציוניסטישער קאַמף האָט געבראַכט, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון אָנשטרענגונג און דיפּלאָמאַטישער „זשאָנגלירונג" מיט דער גאַנצער וועלט, און ראשית כל, מיט ענגלאַנד. אָבער זי גייט ניט אַריין אין די עמקות פון דעם פּראָצעס. ווער רעדט, די יוגנטלעכע עלעמענטן, וואָס זענען אַריבער־געבראַכט געוואָרן פון די אַרומיקע אַראַבישע לענדער, האָבן זיכער קיין אַנונג ניט געהאַט, וואָס די אידן אין אייראָפּע האָבן דורכגעמאַכט אין זייערע

לעצטע 80־70 יאָר. דאָס אַלץ מאַכט קלאָר, פאַרוואָס די ישראל יוגנט, צוליב די אָדער אַנדערע סיבות, איז ווייט פון אונזער דור פון די תפוצות. דאָס פירט אפילו אָפט צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן דעם סאַבראַ און דעם נייעם עולה, און ביחוד מיטן טוריסט, וועלכער באַטראַכט די סאַבראַ׳ס אַלס מאָדנעם „פלאַנץ" אויפן בוים פון אידישן פאָלק אין אידישן לאַנד.

אפילו דער געבורט פון מדינת ישראל האָט ניט געמאַכט קיין גייסטיקן „קייזער שניט" אין דער סאַבראַ־פּסיכאָלאָגיע, ווייל אַזאַ ערשיינונג קאָן זיך ניט ענדערן — בין לילה.

דאָס איז נאַטירלעך איינער פון די קראַנקהאַפטע פּונקטן, וואָס מערקט זיך ביים סאַבראַ. פיל האָט לעצטנס אינדירעקט בייגעטראָגן דער אייכמאַן־פּראָצעס, דער משפט און דער אורטייל. ניט בלויז סאַבראַס — זרע אברהם יצחק ויעקב — האָבן דערפילט אַ שרעקלעכן שוידער, וואָס מיט די אידן אין אייראָפּע האָט פּאַסירט, נאָר אויך ניט־אידן האָבן דערזען אין אַן אספּקלריה מאירה דעם שוידערלעכן צוריקפאַל פון דער מענטשלעכער בריאה צו אַ סטאַטוס ערגער פון דזשאַנגל. דער אייכמאַן־פּראָצעס האָט היבש אויפגעוועקט דעם סאַבראַ פון זיין גלייכגילט, אין וועלכן ער האָט ביז דאַ ניט לאַנג צוריק געלעבט, און דאָס איז אַ באַזונדער וויכטיקער עטאַפּ אין לעבן פון סאַבראַ, וועלכער מוז איצט דענקען אין אַנדערע טערמינען וועגן זיין פאָלק און זיין פאַרגאַנגענהייט. דער סאַבראַ איז אַרויס פון זיין לעטאַרגיע!

ער דאַרף זיך איצט אומקערן אַ היבש ביסל מיטן פּנים צום נעכטן, אַריינקוקן אין דער אידישער ליטעראַטור און פּרעסע, און דערפילן די וואָרצלען, וואָס האָבן אים פאַראייניקט מיט זיין אידישן שטאַם, מיט זיין גרויסן און רומפולן עבר. אָן דעם, וועט ער אויף אַלע צייטן פאַרבלייבן ווי אַן אבר המדולדל פאַר אונזער פאָלק, כאָטש ער וועט כסדר רעדן העברעאיש, די שפּראַך פון תנ״ך, אָבער וועט דורכאויס זיין ווייט פון אונזער פאַרגאַנגענהייט; אַ יוגנט אָן וואָרצלען, וועט ניט קאָנען בלייבן לעבן נאָר מיטן „היינט", נאָר מיטן „ויחנו"... זי מוז אויך געדענקען דעם „ויסעו", די אַלע שווערע עטאַפּן, וואָס אונזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט פאַר די לעצטע 2000 יאָר גלות־לעבן. אונז שיינט אַז די ישראל־יוגנט וועט פריער, אָדער שפּעטער אַליין קומען צו אַזאַ מסקנה, און דאַן וועט דער טערמין „סאַבראַ" ניט דינען אַלס ענין פון פּוסטן שטאָלץ און גדלות, נאָר פון עכטן המשך פון אונזער אַלטן אויסגע־פּרוּווטן פאָלק.

צענטער קאַפּיטל

# די העראָאישע האַנדלונג פון די ישראל־רעדאַקטאָרן

די ישראל רעדאַקטאָרן און זשורנאַליסטן ביים שוועל פון פון איבערגאַנג פון דער מאַנדאַט מאַכט צו דער פּראַקט לאַמירונג פון מדינת ישראל. — די היסטאָרישע ראָל פון „וועדת התגובה של עורכי העתונים". — דער נצחון פון ישראל'ס צייטונגסלייט איבער דער מאַנדאַט־מאַכט. — פאַר־וואָס ענגלאַנד האָט אָפּגעשטעלט די דערשיינונג פון די ישראל צייטונגען און זיך געמוזט נאָכהער איבערבעטן מיט די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן. — וואָס יצחק בן צבי, דאַמאָלסטיגער פּאָרזיצער פון ועד הלאומי און געוועזענער פּרעזידענט פון מדינת ישראל, האָט דאַן פאַרעפענטלעכט אין זיינעם אַ ברייוו.

פאַרברענגענדיק אין ישראל אין בית סוקולוב אַ לענגערע צייט אין דער סביבה פון רעדאַקטאָרן און שרייבער האָבן אייניקע חברים פון אגודת העתונאים געצייגן אונזער אויפמערקזאַמקייט אויף אַ פּאַסירונג, וועלכע איז פאָרגעקומען טאַקע מיט די ישראל רעדאַקטאָרן און זשורנאַליסטן נאָך פאַר דער ענשטייאונג פון מדינת ישראל. הגם דאָס געהערט שוין היינט צו דער פאַרגאַנגענהייט, האָבן מיר דאָך געפונען פאַר נויטיק איינצוגלידערן דעם דאָזיקן הערואישן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון ישראל'ס צייטונגס־וועזן, ווייל אַזאַ זעלבסבאַוואוסטזיין פון אידישע שרייבער און רעדאַקטאָרן האָט אפשר ניט ווייניקער בייגעטראָגן צו דער באַפרייאונג פון ישראל, ווי דאָס מיליטער און אַלע מיטלען, וואָס אידן האָבן אָנגעווענדט לגבי ענגלאַנד, מאַכענדיק איר זיין אין פּאַלעסטינע אומדערטרעגלעך, ביז צו רעזיגנירן פון דעם מאַנדאַט און איבערגעבן דעם ענין צו דער פאַראייניקטער פעלקער־משפחה...

ווען די אידישע פּען־מענטשן וואָלטן דאַן געהאַט צו טאָן ניט מיט ענגלאַנד, נאָר מיט וועלכער ס'איז דיקטאַטור־מאַכט, וואָלטן זיי מעגלעך שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע. עס איז אָבער געווען ענגלאַנד, וועלכע האָט געפילט, אַז די ישראל רעדאַקטאָרן קאָנען זי קאָמפּראָמיטירן אין די אויגן פון דער גאַנצער דעמאָקראַטישער וועלט, און אויך אין איר אייגן לאַנד, און זי האָט באַשלאָסן צו קאַפּיטולירן צו די ישראל שרייבער, און געענדערט איר טאָן און שטעלונג... דער עפּיזאָד געהערט צום יאָר 1943, ווען ענגלאַנד האָט אַרויסגעגעבן דעם ווייסן פּאַפּיר געגן דעם ישוב אין ישראל. זי האָט דאַן געשלאָסן די טויערן פון ישראל פאַר אידישע אימיגראַנטן וועלכע עס

איז געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון היטלער׳ס נעגל. זי האָט דאַן פאַרבאָטן אידן צו קויפן באָדן־שטרעקעס אין א״י; זי האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ ווילדן געיעג צו זוכן וואָפן אין די ישראל קיבוצים און קאָנפיסקירט אַ סך געוועהר, כדי די אידן זאָלן זיך ניט קאָנען פאַרטיידיקן אויב די אַראַבער וועלן מאַכן אַן איבערפאַל. מיט אַנדערע ווערטער, די מאַנדאַט מאַכט האָט געוואָלט ווערן די „אַפּיטרופּוס" איבער דעם אידישן לעבן, כדי די אידן אַליין זאָלן דאָרט זיך דערפילן „פּאַראַליזירט" און גאָרניט קאָנען אויפטאָן.

דער קולמינאַציע פונקט איז געווען, ווען ענגלאַנד האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין קיבוץ רמת הכובש מיט דער גרעסטער מאָס פון ברוטאַליטעט, און גענומען מאַכן דאָרט זוכונגען. דאַן האָט אויסגעבראָכן אַ ביטערער קאַמף צווישן די קיבוצניקעס און ענגלישער פּאָליציי און מיליטער־מאַכט. איינציגע פון קיבוץ זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן און דער חבר ש. וואַלניץ איז אומגעקומען אין דעם ניט גלייכן קאַמף. זעהענדיק צו וואָס די אַבלאַווע האָט דערפירט, האָט ענגלאַנד געוואָלט פאַרטושן דעם פיינלעכן עפּיזאָד, כדי קיינער זאָל זיך ניט דערוויסן. זי האָט זיך אויך מקדים געווען און צוגעשיקט צו די רעדאַקציעס אַ קאָמוניקאַט לויט איר ווילן פון רעכטפערטיקונג. דאַ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ מערקווירדיקער פאַל, וואָס קיין איינציקער רעדאַקטאָר האָט אַזאַ שקר קאָמוניקאַט ניט פאַרעפענטלעכט, און עס איז קלאָר געוואָרן פאַר ענגלאַנד, אַז אידישע רעדאַקטאָרן און שרייבער וועלן זיך ניט לאָזן טעראָריזירן!...

להיפוך צו איר פאָדערונג האָבן אַלע רעדאַקטאָרן זיך צונויפגערעדט דעם זעלבן אָוונט און מען האָט פאַרעפענטלעכט פונקט אַ פאַרקערטן קאָמוניקאַט, וועלכער האָט אויפגעקלערט דעם פולן אמת און אויפגעדעקט די מאַסקע פון דער ענגלישער פאַלשער פּאָליטיק, מיט אַלע איינצעלהייטן.

ענגלאַנד האָט דערפילט, אַז זי קען ניט קעמפן קעגן דער ישראל פּרעסע, און אויף׳ן מאָמענט גענומען אָפּשטעלן יעדן טאָג 2 ישראל צייטונגען. די רעדאַקטאָרן האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ לאַנגזאַמע גסיסה פאַר דער ישראל פּרעסע און זיי האָבן אַליין באַשלאָסן אָפּצושטעלן מיט איין מאָל אַלע צייטונגען. דאַן איז ישראל פאַרבליבן אָן קיין שום פּרעסע־אָרגאַן. דאָס האָט געצוואונגען ענגלאַנד אַרונטערצובויגן דעם קאָפּ און שלום מאַכן מיט די רעדאַקטאָרן, כדי די ישראל צייטונגען זאָלן אויפדאָסניי אָנהויבן צו דערשיינען.

דער וועד הלאומי, אָדער ווי ער האָט זיך גערופן „די ישראל מדינה אונטערוועגס", אין וועמעס שפּיץ ס׳איז דאַן געשטאַנען יצחק בן צבי ז״ל, דער פריהערדיגער פּרעזידענט פון מדינת ישראל, האָט געפונען פאַר נויטיק צו פאַרעפענטלעכן אַ בריוו מיט אַנערקענונג צו די אידישע שרייבער פאַר זייער שטעלן אין געפאַר דאָס אייגענע לעבן, ווי אויך דעם גורל פון די צייטונגען, וועלכע זיי האָבן רעפּרעזענטירט. מיר גיבן דאָ איבער מיט איניקע פאַר־קירצונגען דעם אינהאַלט פון היסטאָרישן דאָקומענט, וועלכע איז פאַרשריבן געוואָרן מיט גאָלדענע בוכשטאַבן אין דעם פּנקס פון דער ישראל־פּרעסע:

„מיטן באַנייען די דערשיינונג פון די ישראל צייטונגען געפינט דער

ועד הלאומי פאַר אַ חוב אויסצודריקן דער פרעסע אַ דאַנק און אַנערקענונג אין נאָמען פון גאַנצן ישוב. דאָס איז דער ערשטער פאַל אין דער געשיכטע פון אונזער אויפבוי־ווערק, ווען די פרעסע האָט געמאַכט אַזאַ געוואַגטן שריט, אַלע מיט איין ציל און איין געדאַנק. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז אַלע אָן אויסנאַם צייטונגען, האָבן צוגעשטאַנען צו דער אַקציע, אָן וועלכע עס איז ספקות, און מיט וואונדערבאַרער גרייטקייט דערפילט זייער אויפגאַבע, אַלס דערציער פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, ניט קוקענדיק אויף אַלע שטרויכלונגען און סכנות. דער פליכט־באַוואוסטזיין פון אונזערע זשורנאַליסטן איז שטאַרקער ווי זייער פאַרטייאישער „אני מאמין". צוזאַמען מיטן וועד הלאומי שטאַלצירן אַלע קרייזן פון ישראל מיט אַזאַ פרעסע, וועלכע ווייסט ווי אָפּצולאָזן אַלע אירע פערזענלעכע און אידעאָלאָגישע חשבונות פאַר אַ מער דערהויבענער זשורנאַליסטישער פליכט. מיט באַנייטער און פאַרשטאַרקטער אָפּשאַצונג וועט דער ישוב פון היינט און ווייטער זיך נאָך מער צוהערן צו אייערע ווערטער. מאַרשירט פאָרווערטס מיט אייער כוח, און איר וועט דערנענטערן די גאולה פון ישראל און זיין הײמלאַנד".

בכבוד, יצחק בן צבי (ועד הלאומי)".

האָבענדיק געבראַכט דעם אינהאַלט און אָפּשאַצונג פון דער ישראל פרעסע, נאָך פיל פריער פון דער אידישער זעלבסטשטענדיקייט, ווען מען האָט ערשט קוים קוים געמערקט אויפן האָריזאָנט דעם נייעם זון־אויפגאַנג פון אַ אידישער מדינה — האָט די אידישע פרעסע ווירדיק געלייסטעט און אַרויסגעוויזן גייסטיקן קשה־עורף קעגן די ברוטאַליטעטן פון דער מאַנדאַט־מאַכט. די דאָזיקע ראָל דערפילט די פרעסע אין ישראל ביז היינט צו טאָג.

ניט קוקענדיק אויף אַלע מישטיינס געזאָגט, געפאַרן, דאַרף מען געדענקען, אַז מדינת ישראל איז דאָס פרייסטע לאַנד אויפן גאַנצן ערד קוגל. מען דאַרף נאָר קומען קיין ישראל, אָפּ׳טובל׳ען זיך אין איר טאָג־טעגלעכקייט, אַריינאָטעמען איר לופט, און דאַן קאָן מען מיט אַלע חושים דערפילן דעם דעמאָקראַטישן גייסט פון לאַנד. אויב די פרעסע צענזור האַלט אַן אויג אויף ענינים, וואָס רירן אָן די גאַנצקייט פון דער מדינה איז דאָס לטובת דעם גאַנצן ישוב, והראיה עס איז שוין לאַנג דערגרייכט געוואָרן אַ פאַרשטענדעניש צווישן פרעסע־דעפּאַרטמענט און רעדאַקטאָרן־וועד.

דער בולט׳ער פאַקט, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַלער פרעסע אינסטיטוט אין ציריך האָט איידער ער האָט באַשלאָסן דורכצופירן אין ישראל זיין קאָנגרעס, פריער גוט אויסגעפאָרשט די לאַגע, צי די ישראל פרעסע איז לחלוטין פריי, און געפונען, אַז אויסער ווען עס האַנדלט זיך אין זיכערהייטס פראַגן, איז די ישראל פרעסע אַבסאָלוט זעלבסטשטענדיק אין איר מיינונג און קאָמענטאַרן, רעדט שוין פאַר זיך אַליין. עס איז באַוואוסט, אַז פאַר לאַנגע יאָרן עקזיסטירט אַ פאַרשטענדעניש צווישן פרעסע־דעפּאַרטמענט און רעדאַקטאָרן־וועד מיטן גענעראַל שטאַב וועגן שאַפן בשותפות׳דיקע געריכטן

אין פאַלן פון עובר זיין אויף דעם אָפּמאַך, און וועגן פאַרלעצן צענזור־אויטאָריטעט.

דערמאָנענדיק אַזאַ וויכטיקע „פּרשה" פון דער ישראל פּרעסע, ווילן מיר צוגעבן עפּעס צו די לאַנגע דיסקוסיעס, טענות ומענות, וועלכע עקזיסטירן נאָך אַלץ צווישן העברעאיש און אידיש. מיר האָבן אין זינען אַז אידיש אין ישראל, וועט לויט אונזער מיינונג דויערן לענגער ווי אין אַנדערע לענדער אויף דער וועלט. דער גרויסער טייל פּוילישע, ליטווישע און אַנדערע צענטראַל אייראָפּעאישע אידן, וואָס איז געווען פאַרוואָרצלט אין אידיש, וועט נאָך לאַנגע יאָרן ניט קאָנען אַרויסרייסן פון זיין האַרץ און נשמה דעם אידישן קלאַנג, אפילו ווען ער זאָל שוין קאָנען העברעאיש פּערפעקט... דער אונטער־טאָן וועט אַלץ בלייבן אַ אידישער... דערצו עקזיסטירן עטלעכע אידישע טעאַטערן, וואָס געניסן פון גרויס פּאָפּולאַריטעט. יעדן סיזאָן ענטשטייען נייע טעאַטער גרופּן, וואָס גאַסטראָלירן איבערן לאַנד און דווקא מיט דערפאָלג.

אידישע מיטינגען קומען פאַר פראַנק און פריי, און עס הערשט אַבסאָלוט ניט יענער פאַרביטערטער אַנטאַגאָניזם, וואָס האָט געהערשט מיט יאָרן צוריק, ווען מען פלעגט באַפאַלן אידישע פאַרזאַמלונגען, און מער ווי איין מאָל איז געקומען צו געשלעגן ווייל מען האָט דאָרט גערעדט אידיש... די קאַטעדרע פאַר אידיש אונטער דער פירערשאַפט פון פּראָפ. דוב סדון איז אַ באַזונדער־מעכטיקע פּאָזיציע פון אידיש, בפרט אַז זי געפינט זיך אין העברעאישן אוניווערזיטעט. דער אידישער ליטעראַטן פאַראיין האָט שוין געפייערט זיין 15־יאָריקן יובל. די אידישע ביבליאָטעק און ביכער פאַרלאַג אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, וועלכע מיר האָבן באַזוכט און פאַרבראַכט דאָרט אַ לענגערע צייט, ענטוויקלט זיך צופרידנשטעלנד. וואָלט זי געהאַט מער פּאַסיקע לאָקאַלן און מער פּלאַץ פאַר די ביכער, וואָלט זי געוואָרן גאָר אַ גרויסע קולטור אינסטיטוציע. אויך דער אידישער פאַרלאַג „מנורה" מאַכט פאַרשריט און פאַרעפנטלעכט פון צייט צו צייט חשוב'ע ווערק.

בקיצור, דער קאַמף צווישן אידיש און העברעאיש און דער „הכצעקתה", וואָס האָט זיך געלאָזט הערן פריער איז כמעט גענצלעך איינגעשטילט געוואָרן.

דער פּראָצעס „אידיש־העברעאיש" וועט ענטגילטיק געוואונען ווערן פון זיך אַליין און מיט דער צייט וועלן אידיש און העברעאיש נאָך הויזן צוזאַמען אין נחת און אין פרידן, עס וועט ווערן אויס „דיאַלאָג" צווישן אונזערע צוויי שפּראַכן.

דערמיט פירן מיר אַריין דעם לייענער אין דער ספערע פון דער אידישער און העברעאישער פּרעסע, און הגם דאָס איז אַן ענין הויפּטזעכלעך פאַר זשורנאַליסטן און צייטונגסלייט, ווילן מיר דאָך פאַרצייכענען אין אונזערע זכרונות פון מדינת ישראל דעם גאַנצן היקף פון דעם פּרעסע אַפּאַראַט, למען ידע דור אחרון.

עלפטער קאַפּיטל

# די פּרעסע אין מדינת ישראל

**די היינטיקע ראָל, וואָס די פּרעסע אין מדינת ישראל שפּילט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. — דער כוח פון „לשכת העתונות הממשלתית" וואָס קאָאָפּערירט מיט׳ן גרויסן פּרעסע אַפּאַראַט. — די צאָל און כאַראַקטער פון די ישראל צייטונגען און זשורנאַלן. — די אידישע פּרעסע און די מערכה פון אידיש בכלל.**

אַלס צייטונגסמאַן, האָט אונז נאַטירלעך גאָר באַזונדערס אינטערעסירט דער ניוואָ און דער פאַרמעסט פון דער פּרעסע אין ישראל, און לאָמיר מודה זיין, אַז זי איז ניט אין פּראָפּאָרץ גרעסער, שטאַרקער און איינפלוס־רייכער, לויט דער ישוב פון לאַנד מאַכט אויס. אויף אַ באַפּעלקערונג פון איבער צוויי מיליאָן אידן (איבער דעם פערטל מיליאָן אַראַבער) האָט מדינת ישראל 23 טעגלעכע פּרימאָרגן־צייטונגען און 2 זייער שיינע אָוונט־צייטונגען, ווי „ידיעות אחרונות" און „מעריב". צו די העברעאישע צייטונגען געהערען: „הארץ", „דבר", „הבקר", „הצפה", „על המשמר", „חירות", „קול העם", „הקול", „המודיע", „עומר", „שערים", „למרחב" און „חדשות ספורט".

וואָס אָנבאַלאַנגט דער פּרעסע אין פּרעמדע שפּראַכן, דערשיינט די „דזשערוזאַלעם פּאָסט" אין ענגליש, „ידיעות חדשות" — אין דייטש, אויך „ידיעות העם" — אין דייטש. „אל יום" — אין אַראַביש; „אוי קעלעם" — אין אונגאַריש; „ל׳אינפאָרמאַסיאָן" — אין פראַנצויזיש; „איזראַעלסקאָ נאָוויני אי קוריער" — אין פּויליש; „אילוסטראַווען פּאַר" — אין בולגאַריש און „וויאַטאַ נאַאסטרא" — אין רומעניש. עס גייט אויך אַרויס אַ צייטונג אין שוועדיש פאַר נייע עולים.

אַ באַזונדערס חשוב׳ן אָרט פאַרנעמט די וויניק באַקאַנטע צייטונג „שער" („יומן המשק והבורסה"), וואָס גיט זיך אָפּ אויסשליסלעך מיט פינאַנץ־פּראָבלעמען און בירזשע נייעס, אַ מין ישראל אויסגאַבע פון „וואָל סטריט זשורנאַל", אָדער „די פינאַנשעל פּאָוסט". אין איר ווערן מערסטנס אָפּגעשפּיגלט ווירטשאַפטס־פּראָבלעמען. אַ נומער קאָסט אַ האַלבן פונט. מען זעט פון דער צייטונג, אַז אין ישראל זיינען שוין פאַראַן הונדערטער אַקציען־געזעלשאַפטן, וועמענס אַקציעס ווערן פאַרהאַנדלט אויף דער ישראל בירזשע.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער אידישער פּרעסע, פאַרנעמט נאַטירלעך דעם ערשטן און חשובסטן פּלאַץ „די לעצטע נייעס״, וואָס ווערט רעדאַגירט פון דעם זייער פעאיקן זשורנאַליסט משה צאַנין, אויך צוויי באַזונדערע אידישע וואָכנבלעטער: „די אידישע צייטונג״, רעדאַגירט פון ישראל חדש און די „נייע ישראל צייטונג״, רעדאַגירט פון ישראל שווייצער א. אַ. לאָמיר דאָ באַמערקן קודם כל, אַז ניט קוקנדיק, וואָס די לאַגע פון דער אידישער פּרעסע איז ניט אַזוי גינסטיק, וואָלט מען געקענט פאַרגלייכן די מערכה פון דער אידישער צייטונג צו דער לאַגע, וואָס אידיש האָט אין אַלע אַנדערע לענדער, אויסער ישראל. מ׳זעט, אַז עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג האָבן נאָר צייטונגען וואָס שטיצן זיך אויף פּאַרטייען, אַלס פּשוטע פּאַרטיי־אָרגאַן. צייטונגען מיט פּריוואַטער איניציאַטיוו אין אידיש מוזן זיך שטאַרק ראַנגלען פאַר זייער קיום, ווייל צי מען וויל, צי מען וויל ניט, דער באַראָמעטער פון אידיש שטייגט ניט!

אידיש קאָן זיך ניט ראַנגלען מיט העברעאיש, און נאָך ווייניקער מיט די פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען, וועמעס לייענער, זיינען, ערשטנס ניט קאָמפּעטענט אין אַ אידישער צייטונג, און צווייטנס זיינען זיי צוגעבונדן צו זייערע אייגענע אָרגאַנען, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן מיט דער קאָאָפּעראַציע פון זייער גאַנצן „שבט״...

אַט פאַרוואָס מיר האָבן געמערקט אין ישראל די זייער פיינלעכע דערשיינונג ביים אויפנעמען אייניקע רעדאַקטאָרן פון וואָכן־צייטונגען, וועלכע האָבן צוגעגעבן, אַז זיי פירן אַן אומגעהויער שווערן קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ. כאָטש דער ענין פּרעסע איז איינער פון די גרעסטע פאַקטאָרן אין ישראל. עס דערשיינט אַ חודש זשורנאַל „די גאָלדענע קייט״, אַ רוסישער חודש זשורנאַל „וועסטניק איזראַאילאַ״; אַ זייער ווירדיקער און חשובער זשורנאַל „פאָלק און ציון״, אונטער דער רעדאַקציע פון דעם זייער ראַפינירטן זשורנאַליסט משה הורוויץ, — אָבער אַלע האָבן אונטער זיך די שטיצע פון פּאַרטייען און באַוועגונגען, וואָס אָן דער געזיכערטער הילף, וואָלטן זיי ניט געקענט עקזיסטירן.

לויט דער אינפאָרמאַציע פון פּרעסע דעפּאַרטמענט, דערשיינען אין ישראל אַ 35 צייטונגען אין אַ טוץ שפּראַכן. די טעגלעכע צייטונגען האָבן געוויינלעך צו 4 זייטן, און מאַנכעס מאָל ביז 8 זייטן. אין די פרייטיק און ערב יום טוב נומערן איז די צאָל זייטן פיל פאַרגרעסערט, ווייל די ביילאַגעס זיינען פון זייער גרויס וויכטיקייט. אויסער די צייטונגען, זיינען פאַראַן אין ישראל אַרום 340 אַנדערע פעריאָדישע אויסגאַבעס, דאַרונטער איבער אַ 50 רעגירונגס פּובליקאַציעס. אייניקע פון זיי זיינען געדרוקט אין העברעאיש, אַנדערע אין די פרעמדע שפּראַכן. נאַטירלעך ווערן אויך רעגירונגס־מודעות און ספּעציעלע פאַראָרדענונגען געגעבן אין די אידישע צייטונגען.

עס זיינען פאַראַן פיל אילוסטרירטע צייטשריפטן, אייניקע פון האַנדלס

כאַראַקטער, פון ליטעראַטור, רעליגיע, פּאָליטיק, קונסט, פּאַרשידענע מאַגאַזינען אין אַ צאָל שטעט און קיבוצים. אויך מ. צאַניִנ'ס אילוסטרירטע וואָך.

די צאָל וואָכנבלעטער דערגרייכט צו 60, און אַ 140 — זיינען חודש'לעכע אויסגאַבעס.

דער רעגירונגס אָפּיס פ אַר דער פּרעסע האַלט אינפאָרמירט אַלע אויסלענדישע קאָרעספּאָדענטן וועגן רעגירונגס טעטיקייטן, און העלפט די זשורנאַליסטן באַקומען אַלע געווינשטע אינפאָרמאַציעס. די פּרעס אַגענטור, אונטערן נאָמען „עיתים" איז אין פּרעסע לאָקאַל פון דער סוכנות, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1950. די שותפים זיינען — די ישראל טעגלעכע צייטונגען און די „אַסאָשיאייטעד ישראל פּרעס". זיי שטעלן צו אַלע בויטיקע נייעס, וואָס זאַמלען זיך אָן במשך פון טאָג פון די פּאַרשידענע קאָרעספּאָדענטן און בייטרעגער צו נייעס־קוואַלן אין ישראל.

די „אַסאָשיאייטעד ישראל פּרעס" איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1933, און האָט אָפּטיילונגען: אין בית סוקולוב — תל אביב; אויך אין ירושלים. איינוואוינער קאָרעספּאָדענטן פון פרעמדע לענדער, געהערן צו דער געזעלשאַפט פון אויסלענדישע זשורנאַליסטן.

ווי עס איז צו מערקן, איז דער פּרעסע אַפּאַראַט קאָלאָסאַל גרויס פאַר אַזאַ קליין לאַנד. דער עולם לייענט טאָקע צייטונגען אָן אויפהער, אין דער פרי, בייטאָג און אין אָוונט. דער „מעריב" איז די גרעסטע לויט דער צאָל עקזעמפּלאַרן, וואָס ווערן געדרוקט. „דבר" איז די צווייטע גרעסטע צייטונג לויט איר טיראַזש און פאַרנעם. עס איז מער ווי כדאי געווען אָפּצושטאַטן אַ באַזוך אין „מעריב" און „דבר", ווּעמעס בילדינגס פאַרכאַפּן ממש דאָס אויג. גרויסע נייע בנינים, מיט אָן אַ שיעור צימערן, מיט זשורנאַליסטן, רעדאַקטאָרן און אַרויסהעלפער, — ממש אַ „זיבעטע מאַכט", און אפשר די 2־טע מאַכט נאָכן מיליטער...

פון באַזונדער אינטערעס איז געווען פאַר אונז צו באַקענען זיך נענטער מיטן הויפּט־דירעקטאָר פון דער רעגירונגס „לשכת העתונות הממשל־תית", מר. ד. לענדאר, און זיינע 2 אַסיסטענטן. זיי האָבן דעם געהעריקן חוש פאַר דער פּרעסע און זיינען די טרעגער פון אידישן וואָרט בכל אתר ואתר... זיי האָבן באַוויזן אָפּצושאַצן די חשיבות פון דער אידישער פּרעסע, וואו זי זאָל ניט זיין, וויסנדיק, אַז אויב אידיש מוז זיך שטאַרק ראַנגלען פאַר איר עקזיסטענץ, — על אחת כמה וכמה העברעאיש... די תפוצות זיינען אויסגעזעצט צום אידישן געדרוקטן וואָרט, צו דער אידישער פּרעסע, און זיי האָבן מיט דער גרעסטער פריינטלעכקייט אונז אויפגענומען, ווי אַ חבר לדעה, און באמת, פולהאַרציק אַרויסגעוויזן זייער פאַרשטענדעניש פאַר אַ אידישן שרייבער.

זאָל אונז דאָ דערלויבט זיין אויסצודריקן ביי דער געלעגנהייט דעם טיפסטן און אויפריכטיקסטן דאַנק און אָנערקענונג צו פריינט ד. לענדאר, צו

מר. זוהר, מר. ריבלין און די אַנדערע, וועלכע שטייען ביים רודער פון פּרעסע־אָפּיס, און היטן אָפּ די ריינקייט, די שיינקייט און ספּעציעל דעם פּרעסטיזש פון מדינת ישראל... נאַטירלעך זיינען פאַראַן ענינים, וואָס מוזן דורך זיי לכתחילה דורכגעקוקט ווערן, צוליב מדינה־אינטערעסן, אָבער דאָס מיינט ניט, אַז זיי זיינען סתם „שומרים", וואָס ווילן אַרויסווייזן אויטאָריטעט און גדלות... זיי דינען דעם לאַנד און דער רעגירונג לויט זייערע בעסטע מעגלעכקייטן. זיי באַשליסן אויך, ווער און ווען עס דאַרף אויפגענומען ווערן דורך די ראשי המדינה, דורך די „קעפּ" און „שפּיצן" פון דער רעגירונג.

מיר האָבן באַגעגנט די גרעסטע מאָס פון קאָאָפּעראַציע מצד מר. לענדאר, און זאָלן די עטלעכע ווערטער דינען אַלס קליינער און באַשיידענער אויסדרוק פון אמת'ער דאַנקבאַרקייט און קאָלעגיאַליטעט. מיר ווייסן, אַז די רעגירונגס־„קעפּ" נעמען אָן זייערע אָנווייזונגען, און דערטיילן גאַסט־פריינטלעכקייט און קבלת פּנים צו די יעניקע, וועלכע זיי אָנערקענען אַלס וויכטיק און ווינטשנסווערט, פון וואָס מיר האָבן אַגב זייער פיל געגאָסן.

ווענדיק זאָגן אַ קורץ וואָרט וועגן דער מערכה פון אידיש אין ישראל, מוז מען צוגעבן, אַז דער פריערדיקער אַנטאַגאָניזם פון „האַרינטע" און „שפּחה" איז שוין ניט בנמצא. אידיש ווערט גערעדט און געלייענט, אַפילו בן־גוריון אַליין האָט פאָרגעלייגט מיין פרוי צו ריידן אין אידיש, אויב עס קומט איר אָן שווערלעך צו פאַרשטענדיקן זיך אין העברעאיש. אָבער מיין פרוי האָט דווקא געוואָלט אַז דער געשפּרעך זאָל פאָרקומען אין העברעאיש, און אַזוי איז טאַקע געשען...

אָבער נאָך דעם אַלעמען, וואָלט נאָך אַלץ ניט געשאַדט, ווען אידיש זאָל ווערן מער פּראָטעזשירט אין ישראל, און אידישע שרייבער און דיכטער זאָלן געפינען אַ לייכטערע מערכה, ווי זיי האָבן דאָס ביז איצט...

צוועלפטער קאַפּיטל

# אינפאָרמאַציעס וואָס איז שווער צו קאָנטראָלירן

צייטונגס טיראַזשן, זייער פּלאַץ אין געזעלשאַפט. — רעדאַק־ציאָנעלע און ליטעראַרישע פּראָבלעמען. — אינגערע צייטונגען וואָס האָבן איבערגעשטיגן עלטערע אין זייער גערעג נאָך גרעסערע צירקולאַציעס. — רעדאַקטאָרן, וואָס האָבן פאַרשידנאַרטיק אויפגעפּאַסט זייער ראָל בנוגע דער צייטונג, וועלכע זיי האָבן זיך גענומען רעדאַקטירן. — די גרויסע שטאַבן מיטאַרבעטער און קאָרעספּאָנדענטן אין לאַנד און אויסלאַנד.

וויפיל אַ טוריסט זאָל ניט וועלן אַריינדרינגען אין די פאַרשיידענע קעמערלעך פון דעם ישראל־לעבן, און געפינען אַ פולע אָריענטאַציע, וועט ער אַלץ ניט קאָנען באַווייזן צו זיין פינקטלעך און ערלעך צו זיך, און איבער־הויפּט צו דער געזעלשאַפט, מיט וועלכער ער וועט זיך וועלן טיילן. אַזאַ אחריות דאַרף פירן דעם געוויסנהאַפטן באַזוכער צו קאָנטראָלירטע קוואַלן פון דער רעגירונג, ריכטיקער געזאָגט, צו דער שפּראַך פון ציפער. אמת, זיי זיינען אָפט זייער טרוקן און געוויינלעך האָט דער לייענער אַפּאַטיע צו ציפער, וועלכע פירן צו אַ „בלבול המוח", — דאָך איז כדאי אויפצוגעמען נויטיקע ציפער. אין פיל פאַלען מוז מען זיך אָבער באַגנוגענען מיט אומאָפיציעלע אינפאָרמאַציעס, ווי למשל וועגן גייסטיקן און עקאָנאָמישן געבוי פון דער מדינה. זאָל דעריבער דער חשוב'ער לייענער, אונז מוחל זיין פאַרן אַריינפירן אים אַביסל טיפער אין דער שפּראַך פון ציפער און השערות, וואָס קלינגען איבערצייגענד, און שאַפן אַ מעגלעכקייט צו פאַרשטיין, און אָריענטירן זיך אַביסל בעסער אין די פאַרשיידענע פּראָבלעמען, וואָס הערשן אין לאַנד.

מיר האָבן אין פאָריקן אַרטיקל געגעבן אַזוי גערופענע „ראשי־פּרקים" פון דעם מצב פון דער ישראל־פּרעסע. די דאָזיקע הויפּט־שטריכן זיינען אָבער ניט גענוג, אויב מען וויל זיך נענטער באַקענען מיט דעם גרויסן פּרעסע־אַפּאַראַט, וועלכער איז אַן ענין פון ערשט קלאַסיגער וויכטיקייט. עס איז דעריבער כדאי צו ברענגען נענטערע אינפאָרמאַציעס, כדי בעסער צו אויסקריסטאַליזירן די פיזיאָנאָמיע פון דער פּרעסע. מיר האָבן אויסגערעכנט די נעמען פון די הויפּט־צייטונגען, אין העברעאיש, אידיש, און — פרעמד־שפּראַכיקע אויסגאַבעס, מיר ווילן דאָ ממלא זיין דעם „בלויז", וואָס פעלט נאָך לשם בעסערער אָריענטאַציע, פאַר דעם לייענער, וועלכער וויל אָנטאַפּן

דעם דופק פון דער גאַנצער ישראל־פּרעסע. אַזוי, למשל, ווערט געשאַצט, אַז במשך פון די וואָכן־טעג גייען אַרויס איבער דריי הונדערט טויזנט צייטונגס־עקזעמפּלאַרן טעגלעך; אין די ערב שבתים און ערב יום טובים — קנאַפּע פיר הונדערט טויזנט צייטונגען. קאָלעגע צאַנין, רעדאַקטאָר פון די „לעצטע נייעס" די איינציקע טעגלעכע צייטונג אין אידיש, האָט אונז געזאָגט, אַז איר טעגלעכער טיראַזש איז איבער דרייסיק טויזנט, און ערב שבת און ערב יום טוב קרוב צו פופציק טויזנט עקזעמפּלאַרן.

פון די העברעאישע צייטונגען שלאָגט דעם העכסטן רעקאָרד דער „מעריב", וועלכער האָט אַ טעגלעכע צירקולאַציע פון 85 טויזנט עקזעמפּלאַרן, און די ערב יום־טוב טעג — קרוב צו אַ הונדערט טויזנט. די נאָכמיטאָג צייטונג „ידיעות אחרונות" גיט אָן איר צירקולאַציע אַלס איבער זעכציק טויזנט עקזעמפּלאַרן. עס איז יעדנפאַלס צו מערקן, אַז די צוויי נאָכמיטאָג־צייטונגען האָבן דעם גרעסטן טיראַזש, כמעט אַ העלפט פון אַלע צייטונגען צוזאַמען. מיר האָבן דאָס אויך געמערקט שפּאַצירנדיק אין די נאָכמיטאָג שעה'ן, אָדער פאָרנדיק אין אויטאָבוס; כמעט יעדער איינער האָט געהאַלטן, ווער אַ „מעריב" און ווער אַ „ידיעות אחרונות", און מיר האָבן געטראַכט, אַז אין די פרימאָרגן־שעה'ן האָט מען ניט וואַרשיינלעך קיין סך פרייע צייט צו לייענען. דאַקעגן, נאָכמיטאָג, נאָכדעם, ווען מען האָט זיך אָפּגערוט אַביסל צווישן 1 ביז 4 אַזייגער, כאַפּט מען אַ נאָכמיטאָג צייטונג. אגב, אויב מען באַווייזט ניט אַזוי שנעל אין די מאָרגן־שעה'ן אַריינצוקוקן אין אַ צייטונג, וואַרט מען שוין צו נאָך אַביסל, און מען לייענט די שפּעטערע נייעס אין „מעריב" אָדער „ידיעות אחרונות". די דריטע גרעסטע פרימאָרגן צייטונג, לויט איר טיראַזש איז דער „דבר", אָרגאַן פון מפא"י און „הסתדרות", וואָס דערשיינט טעגלעך אין אַרום פופציק טויזנט עקזעמפּלאַרן, ווייניגער אַביסל, איז די צאָל פון „הבוקר". אַלע אַנדערע צייטונגען ווערן געדרוקט אין פיל קלענערע צאָלן, וואָס הויבן זיך אָן פון אַ טויזנט, ביז עטלעכע טויזנט נומערן. נאַטירלעך, וואָס קלענער דער טיראַזש, אַלץ גרעסער איז דער דעפיציט פון די צייטונגען, הגם זייער בודזשעט ווערט רעגולירט פון די פּאַרטייען, אויף וועלכע זיי שטיצן זיך. דאָס מיינט אויך, אַז די צאָל מודעות איז אָפּהענגיק פון דעם טיראַזש, און אַזוי קאָן מען יעדע צייטונג אָפּשאַצן, לויט איר אויסזען.

האָבנדיק באַזוכט ווי שוין פריהער באַמערקט, די רעדאַקציע־אַדמיניס־טראַציע פון „מעריב", „דבר", „הבוקר", די „לעצטע נייעס", „וועסטניק איזראַאילא", זיינען מיר פאַרוואונדערט געוואָרן פון די שיינע לאָקאַלן, זייער צאָל מיטאַרבעטער, אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַטן, אויסשטאַטונגען פאַר די פאַר־שיידענע טעכנישע דערגרייכונגען, די אָפּטיילונגען פון קלישייען, „מעטס", גראַפישער קונסט און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום צייטונגס־און זשורנאַל־וועזן. עס איז אַ קאָלאָסאַלע שפע פון דרוק־אַפּאַראַטן, פון די נייעסטע ער־פינדונגען, זאַץ ראָטאַציע־מאַשינען און אַזוי ווייטער. יעדע צייטונג איז

אַ באַזונדער רינג אין דער קייט פון פּרעסע אַפּאַראַט, און פירט איר אייגענע „ממשלה", אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. די צאָל אָנגעשטעלטע אין די פאַרשיידענע צייטונגען איז גאַנץ גרויס. אַזוי, למשל, גיט דער „מעריב" באַשעפטיקונג צו אַ 250 מענטשן, און נאַטירלעך ווערט איר בודזשעט געשאַצט אין מיליאָנען פונטן.

דער „מעריב" האָט נאַטירלעך אייגענע פּרעסע־פאַרשטייער אין די גרעסערע צענטערן פון דער מדינה, און אויך אין די תפוצות. פּראָפּאָרציאָנעל צום „מעריב" זיינען אויך אַלע אַנדערע צייטונגען, באַלאָדן מיט גרויסע פּערסאָנאַלן, שווערע בודזשעטן, און פליכטן.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם עלטער פון די העברעאישע צייטונגען, קומט דער „הארץ" אויפן ערשטן אָרט, מיט דער „מעטריקע" פון 50 יאָר עקזיסטענץ, וואָס דאָס מיינט אַלס די עלטסטע העברעאישע צייטונג אין לאַנד, וועלכע איז מיט אַלע „אָפּנויגונגען" פון צייט־צו־צייט, דאָך אַ ריין־ציוניסטישער אָרגאַן. דער אַרויסגעבער און הויפּט־רעדאַקטאָר איז גרשום שאָקען, דער אייגנטימער פון באַרימטן שאָקען פאַרלאַג. די דאָזיקע רעדאַקציע אַליין האָט 32 מיט־אַרבעטער אין תל־אביב, אויסער אַ סטעף פון 5 מענטשן אין ירושלים, אַ פלעיאַדע פון אַ פּאָר צענדליק אויסערלעכע קאָרעספּאָנדענטן איבער דער וועלט, און אַ קנאַפּע צוויי צענדליק אין לאַנד גופא. דער „הארץ" גיט אויך אַרויס אַ באַזונדער וואָכנשריפט פאַר קינדער, וואָס רופט זיך „הארץ שלנו".

דער „דבר" קומט אויפן צווייטן אָרט, מיט אַן עקזיסטענץ פון 40 יאָר. ער ווערט רעדאַגירט פון חיים שורער, און האָט אין תל־אביב׳ער סטעף אַליין קרוב צו פופציק מיטאַרבעטער. אויך אין ירושלים, וואו עס קלאַפּט דער רעגירונגס־אַפּאַראַט, האָט דער „דבר" אַ באַזונדער רעדאַקציע־סטעף און אויסערדעם אַ 15 רעפּאָרטערס איבער דער מדינה און אַ צאָל איבער די תפוצות. פון דעם רעדאַקטאָר, חיים שורער, זיינען מיר בשעתו אינפאָרמירט געוואָרן, אַז בעת בן־גוריונ״ס באַזוך אין קאַנאַדע, זיינען מיטגעווען צוויי קאָרעספּאָנדענטן פון „דבר" וועלכע האָבן תיכף מודיע געווען וועגן יעדער אויפנאַמע, יעדן שריט, וואָס דער פּרעמיער האָט בשעתו געמאַכט. דער „דבר" גיט אויך אַרויס אַ באַזונדער אילוסטרירטע וואָכנבלאַט „דבר השבוע", „דבר לילדים" — קינדער וואָכנבלאַט: „דבר הפועלת" — איין מאָל חודש׳לעך פאַר די אינטערעסן פון דער אַרבעטער־פרוי.

צען יאָר שפּעטער, נאָך דער גרינדונג פון „דבר", איז געבוירן געוואָרן דער ליבעראַלער אָרגאַן „הבוקר" אין יאָר 1934. ביז ניט לאַנג צוריק איז ער געווען דער אויסדרוק פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, אָבער לעצטנס טראָגט ער די פאָן פון די פאַראייניקטע ליבעראַלן. זיין הויפּט־רעדאַקטאָר איז דער באַקאַנטער געלערנטער דר. פּרץ בערנשטיין. דער „הבוקר" האָט אַ רעדאַקציע־סטעף פון קרוב צו 30 מיטגלידער, וואָס געפינען זיך אין תל־אביב און ירושלים. אויסער אַ צאָל קאָרעספּאָנדענטן אין ישראל, און אין די תפוצות.

אַ באַזונדער חשוב׳ן פּלאַץ פאַרנעמט דער אָרגאַן פון די רעליגיעז־נאַציאָנאַלע ציוניסטן, „הצופה״, וואָס האָט לעצטנס געפייערט אַ פערטל יאָר־הונדערט פון עקזיסטענץ. איר רעדאַקטאָר איז דער זייער חשוב׳ער תלמודיסט און שפּראַך־קענער ש. דניאל, וועמענס פאַקטישער פּולער נאָמען איז שבתי דון יחיא (דניאל), און וועמענס משפחה ציט אַ שלשלת היוחסין פון לאַנגע דורות העברעאיסטן. זיין גאָטזעליקער פאָטער בן ציון איז געווען אַ רב אין ליטע, און מחבר פון אַ ריי ספרים, ווי „ליקוטי מגדים״, „יחס אבות״ א. א. ער איז געווען פון די ערשטע מזרחי פּיאָנערן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אַ צאָל קאָנפערענצן אין ליטע, און ער איז ליידער אומגעקומען על קידוש השם מיט איבער 25 יאָר צוריק, אין עלטער פון 70 יאָר. באַטירלעך. האָט דער יונגער שבתי דניאל באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע ערציאונג אין די ליטווישע ישיבות, און ווען ער איז עולה געווען מיט איבער 30 יאָר צוריק קיין ארץ ישראל, איז ער אַריין אין דער ישיבה פון הרב הג׳ קוק ז״ל, שפּעטער האָט ער באַזוכט דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, וואו ער האָט שטודירט עניני יהדות. ער האָט באַקומען „סמיכה״ פון הרב קוק, הרב הג׳ אליהו קלאַצקין און פון דעם באַרימטן הרב יוסף חיים זאָנענפעלד ז״ל, אַלס געוועזענער העברעאישער לערער אין „כפר חסידים״ און גענעראַל סעקרעטאַר פון דער עקזעקוטיוו פון „הפּועל המזרחי״. ער איז לכתחילה געווען דער רעדאַקטאָר פון „נתיבה״, און זיך פאַרנומען מיט שרייבן מאמרים וועגן רעליגיעזן ציוניזם. ווען דער טעגלעכער מזרחי־אָרגאַן „הצופה״ איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תרצ״ח, איז ער אַריינגעטראָטן אַלס רעדאַקציע מיטאַרבעטער, צוזאַמען מיטן גרינדער און ערשטן רעדאַקטאָר הרב ר׳ מאיר בערלין (בר אילן) ז״ל. זינט דעם יאָר תש״ח איז ש. דניאל דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דעם טעגלעכן „הצופה״, און ער רעדאַגירט אים מיט פיל טאַקט, ערנסט און אחריות. פּריינט דניאל האָט שוין צו זיין קרעדיט אַ גאַנצע שורה פון חיבורים און קונטרסים, ווי „באהלי תורה ועבודה״, „הרב קוק״, ר׳ ישעיה שאַפּיראָ״, „ר׳ שמואל חיים לאַנדוי״, הרב יעקב משה חרל״פ״ און פיל אַנדערע. דאָס ווייזט, אַז ער איז ניט בלויז אַ בר סמכא צו רעדאַגירן אַזאַ ערנסטע צייטונג, נאָר אויך ראוי לאותה איצטלא. זיין ציוניזם שטראָמט אַרויס פון די קוואַלן פון תורה, יהדות, אונזער אַלטער תלמודישער ליטעראַטור, ווי אויך פון דער ספרות ימי־הביניים, און ביזן היינטיקן טאָג.

ש. דניאל פערזאָניפיצירט מיט זיך פולשטענדיק דעם כאַראַקטער און מהות פון רעליגיעזן ציוניזם, און דאָס מאַכט דעם „הצופה״ אַלס זייער חשוב׳ן פּרעסע־אָרגאַן, געטריי צו די טראַדיציעס און אויפגאַבן פון רעליגיעזן אידנטום. די דריי צענדליג רעדאַקציע מיטאַרבעטער און אַ היבשע צאָל ערפאַרענע קאָרעספּאָנדענטן איבער די תפוצות, גיבן צו דער צייטונג אַ באַזונדער קאָליר און אינהאַלט. דער שרייבער פון די שורות איז דער קאַנאַדער קאָרעספּאָדענט פון דער צייטונג.

אין יאָר 1939 האָט אָנגעהויבן דערשיינען „ידיעות אחרונות", אַלס נאָכמיטאָג־אויסגאַבע, איר הויפּט רעדאַקטאָר איז הערצל ראָזענבלום, וועלכער איז עולה געווען פון ליטע קיין א״י אין יאָר 1935, און איז געווען טעטיג היבשע יאָרן אין פאַרשיידענע צייטשריפטן, אַלס זייער באַגאַבטער און געלערנ־טער מענטש. אין „ידיעות אחרונות" אַרבעטן איבער פערציק מענטשן, און אַ שטאַב קאָרעספּאָנדענטן אין לאַנד און אויסלאַנד.

צווישן אַנדערע צייטונגען זיינען „על המשמר" (מפּ"ם) מיט אַ „סטאַזש" פון 22 יאָר, און אַ סטעף פון 35 פּערזאָן, אויסער אויסווערטיקע מיטאַרבעטער און קאָרעספּאָנדענטן. די רעוויזיאָניסטישע צייטונג „חירות" וועלכע איז שוין 17 יאָר אַלט, טראָגט דעם נאָמען פון איר פּאַרטיי „חירות", און איר רעדאַקטאָר איז דער זייער חשוב׳ער זשורנאַליסט אייזיק רעמבאַ, וועלכן מיר האָבן געהאַט דעם כבוד צו האָבן ביי אונזער רעכטער זייט בעת דער פריינטלעכער אויפנאַמע לכבוד אונז אין „בית סוקולוב". „חירות" האָט אויך אַ באַדייטנדן רעדאַקציע־סטעף פון איבער צוויי צענדליק מיטאַרבעטער און דערצו אַ היבשע צאָל קאָרעספּאָנדענטן אין לאַנד און אויסלאַנד.

אין יאָר 1948, איז געשאַפן געוואָרן די גרויסע נאָכמיטאָג צייטונג „מעריב", וועלכע האָט, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, דעם גרעסטן טיראַזש, איר גרינדער און הויפּט רעדאַקטאָר איז געווען דער באַרימטער זשורנאַליסט דר. עזריאל קאַרלבאַך ע"ה, און זי איז געוואָרן די קאָנקורענטין צו „ידיעות אחרונות", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1939. „מעריב" ציילט אַ רעדאַקציע־פּערסאָנאַל פון 50 שרייבער; נאַטירלעך האָט זי אויך פיל קאָרעספּאָנדענטן אין לאַנד און אין די תפוצות. דאַן קומט די צייטונג „למרחב" מיט אַ געבורטשיין פון 11 יאָר, אַלס אָרגאַן פון „לאחדות העבודה", וועלכע ווערט רעדאַגירט פון משה כרמל. איר רעדאַקציע־פּערסאָנאַל גרייכט צו 25 פּערזאָן אין תל־אָביב און ירושלים. און נאַטירלעך, האָט זי אויך פיל מיטאַרבעטער אויסער ישראל. דער אָרגאַן פון אגודת־ישראל רופט זיך „המודיע", געגרינדעט אין 1950, און די צייטונג פון די „פּועלי אגודת ישראל" טראָגט דעם נאָמען „שערים", געגרינדעט אין 1951.

די צייטונג האָט 2 רעדאַקטאָרען — און ווי עס פּירט זיך ביי אידען, הערשט ניט אַלע מאָל אַ פולשטענדיגע אייניגקייט צווישן 2 בעלי דעה, און דאָס שאַפט פיל שוועריגקייטן, ספּעציעל פאַר דער פּאַרטיי, וועלכע איז פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר׳ן בודזשעט.

דאָך האָט אויך „שערים" אַ סטעף פון קרוב צו 20 שרייבער. די צייטונג „אומר", געגרינדעט אין 1950, פון דער הסתדרות, האָט אַ זייער לייכטן צוגענגלעכן העברעאיש און דערצו מיט נקודות. זי ערשיינט אַלס אַ פּראָדוקט פון „דבר", און ווערט אַרויסגעהאָלפן סיי פון דעם שרייבער סטעף, און סיי פון דעם אַדמיניסטראַציע־פּערסאָנאַל, וואָס דאָס פאַרלייכטערט איר קיום.

לשם גאַנצקייט, ווילן מיר אויך דערמאָנען די קאָמוניסטישע צייטונג אין העברעאיש, א. נ. „קול העם", — די „שטימע פון פאָלק". זי איז שוין אַלט

אַ 18 יאָר, און איר הײנטיקער רעדאַקטאָר איז דר. משה סנה, װעמענס פריערדיקער נאָמען איז געװען קלײנבױם. דער סטעף באַשטײט פון 16 פּערזאָן.

פאַר די לעצטע 10 יאָר דערשײנט אַ ספּעציעלע טעגלעכע ספּאָרט־צײטונג „חדשות הספורט", און אויך זי האָט אַ 12 מיטאַרבעטער. איר רעדאַקטאָר איז א. חלד. די צײטונג „הקול" פון „אגודת ישראל" איז ענטשטאַנען אין יאָר 1949.

װאָס אָנבאַלאַנגט די צײטונגען אין אַנדערע לשונות, איז כדאי צו דער־מאָנען די „דזשערוזאַלעם פּאָסט", װעלכע האָט שוין אָפּגעצײלט איבער דרײ צענדליק יאָר פון עקזיסטענץ. זי איז די טעגלעכע ענגלישע צײטונג, אונטער דער רעדאַקציע פון טעד לוריע (פריער גרשון אַגרון, ע"ה). איר סטעף באַשטײט פון פערציק מיטאַרבעטער, און זי איז די אײנציקע ענגלישע טאָגצײטונג, מיט װעלכער מען רעכנט זיך שטאַרק.

די „לעצטע נײעס" רעדאַגירט פון משה צאַנין, אין אידיש, עקזיסטירט שוין 15 יאָר, און זי איז פון די אינהאַלטסרײכסטע צײטונגען אין ישראל, אַ דאַנק איר גרויסן סטעף פון הויך־טאַלאַנטירטע שרײבער, דענקער און פּאָליטיקער, דערצו פּילט משה צאַנין אַלײן אויס אַ גרויסן טייל פון דער צײטונג, װעלכע שאַנעװעט ניט אפילו רעגירונגס־לײט, װען ער דענקט, אַז מען דאַרף אַ ענין קלאָר מאַכן לטובת המדינה והישוב בכלל. משה צאַנין איז אויך דער הויפּט רעדאַקטאָר פון דער „אילוסטרירטע װעלט־װאָך" װאָס גײט שוין אַרויס 9 יאָר.

די הויפּט פראַגע איז, צי דערפילט די פּרעסע נאָך דעם אַלעמען, איר ראָל בשלימות, און צי שטײט זי אויף דער געהעריקער הויך? לויט דער מײנונג פון קאָלעגע משה רון, איז די ישראל פּרעסע שטאַרק אַקטיװ אין דינסט פון ישוב און מדינת ישראל. אָן דער מסירת־נפש'דיקער ראָל פון דער פּרעסע װאָלט גאָרניט מעגלעך געװען צו דענקען װעגן דעם דערפאָלג פון דער מדינה, איר אַנטװיקלונג און ראַנגלעניש. די ישראל פּרעסע איז פּאַטריאָטיש, פּיאָנעריש און שעפעריש, יעדער רעגירונגס־באַאַמטער קאָן זיך דערלויבן צו שטאָלצירן מיט איר, װי מיט אַ סימבאָל פון פרײהײט און דעמאָקראַטיע. דער שם פון דער ישראל פּרעסע האָט זיך אגב שוין געלאָזט הערן זײער גוט אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, און אַרויסגערופן יראת הכבוד צו מדינת ישראל.

דער דורכשניטליכער לײענער װעט אונז דאַרפן פאַרגעבען פאַר אַזוי פיל פּרטים און ציפער װעגען די צײטונגען אין ישראל.

מיר האָבן געװאָלט װי װײט מעגלעך דעקן דעם גאַנצן צײטונגס־װעזן, און געבן אַ באַגריף דעם לײענער װעגן דעם שנעלן אויפבליה און פּראָגרעס פון דעם ריזיגען פּרעסע־אַפּאַראַט װאָס איז פּראָפּאָרציאָנעל פיל גרעסער װי די מדינה אַלײן... מיר זענען דאָך אַ פאָלק פון בוך און שריפט, און דעריבער װעט די ביסל אינפאָרמאַציע ניט דאַרפן זײן צו־שװער פאַר דעם פּשוט'ען לײענער. עס זענען פאַרהאַן נאָך אײניגע היסטאָרישע עפּיזאָדן פון דער ישראל פּרעסע, אָבער װעגן דעם — אין קומענדען קאַפּיטעל.

דרייצנטער קאַפּיטל

# דאָס בילד פון לאַנד,
# אין ליכט פון אידישע און ניט־אידישע ישובים

**די גרעסטע שטעט אין מדינת ישראל און ווי גרויס זיינען אידישע משפחות. — דער פּראָצענט אידישע אינטעלעקטואַלן, און דער דורכשניט לעבנסשפּאַן פון דער באַפעלקערונג. — שכירות פון הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, איינשליסענדיק מיניסטאָרן און כנסת־מיטגלידער. — דער אַלגעמיינער קוואַל פון רעגירונגס־הכנסה, און דאָס שטרעבן צו פאַרקלענערן דעם בודזשעט.**

ווען אַ טוריסט קומט קיין ישראל, קאָן זיך אים אויסדוכטן, אַז דער ישוב באַטרעפט ווער ווייסט וויפיל מיליאָנען מענטשען. איבעראַל, און הויפּט־זעכלעך אין די גרעסערע שטעט זיינען די גאַסן פול מיט מענטשן, און עס איז אפילו שווער דורכצוגיין . . .

דער מער באַוואוסטזיניקער טוריסט פאַרשטייט נאַטירליך, אַז אידן זיינען אַן עמאָ־פזיזא, אַ פאָלק, וואָס זיצט ניט אין אויף אַן אָרט ... עס קאָן זיך זיין אַ קליינער ישוב, און זאָל אויסזען קאָלאָסאַל גרויס, ווייל איבעראַל טרעפט איר גרופּן אידן, גרויסע אָפענע געשעפטן, מיט שוי־פענצטער, אָנגעלאָדן מיט כל־טוב, מאָדעלן פון דער וועלט; איבעראַל זעט מען קונים, געסט, באַזוכער, טוריסטן, און מען קריגט דעם איינדרוק, אַז דאָ קלאַפּט דער פּולס ניט בלויז פון ישראל, נאָר פון גאַנצן מיטעלן מזרח ... אָבער דע־פאַקטאָ, איז נאָך ווייט פון דעם ... עס איז טאַקע טומלדיק, ראַשיק, אָבער דאָך איז דער דאָזיקער טומל מער אַ „אידישער״, וואָס איז ניט פאַראורזאַכט געוואָרן פון ריזיקע צאָלן מענטשן ... אויב מיר אידן זיינען בכלל אַ טומלדיק פאָלק, איז וואו דען אַנדערש זאָל דער דאָזיקער טומל קומען אַזוי צום אויסדרוק, אויב ניט אין מדינת ישראל ? ... דאָך האָבן מיר זיך ווינציק געשטיצט אויף דעם „שוים״, אויף דעם אויבערפלעפלעכלעכן איינדרוקביים שפּאַצירן איבער די גאַסן פון ירושלים, תל־אָביב, חיפה, רמת גן, באר שבע און אַ צאָל אַנדערע שטעט, נאָר געוואָלט מער־ווייניק אָנטאַפּן דעם אמת׳ן דופק פון ישראל : וואָס פאַרמעגן מיר אין ישראל, וועלכע זיינען די גרעסערע שטעט, ישובים, וויפיל משפחות וויפיל מענער און פרויען עס ציילן זיך אין ישוב, און פאַר נייעריקייט וועגן, האָבן מיר אויך געוואָלט דערגיין אינדירעקט, דורך געוויסע סטאַטיסטיקס,

ווי לעבן די „פּני־המדינה״ די קאַרפּען־קעפּ, אָנהויבנדיק פון פּרעזידענט, און גייענדיק אַרונטער ביז אַ געוויינלעכען כנסת דעפּוטאַט ...

מיר ווייסן ניט, צי אין אַנדערע לענדער זיינען אַזעלכע פאַרדינסטן אָנגעגעבן, אָבער אין ישראל איז דאָס גאַנץ נאַטירלעך, און פראַגן פון מלוכה־בודזשעט זיינען באַרעכטיקט צו ענטפערס און אויפקלערונגען, און אַזוי האָבן מיר זיך טאַקע דערוואוסט.

קודם לאָמיר דאָ פעסטשטעלן נאָך אַ געשפּרעך מיט אַ פירער פון אַ שטאַט־פאַרוואַלטונג, אַז בסך הכל לעבן היינט אין מדינת ישראל נאָר אַ וואָסערע פופצן פּראָצענט פון גאַנצן אידישן פאָלק, וואָס מיינט אַרום אַ זיבעטל פון אַלע אידן איבער דער וועלט. די באַפעלקערונג אין ישראל איז געוואַקסן לכתחילה זייער לאַנגזאַם, בהדרגה׳דיק און איז געוואָרן מער אויסגעזעצט צו דער אַזוי־גערופענער „אינערלעכער אימיגראַציע״ וואָס מיינט דורך געבורטן פון קינדער. עס איז למשל, פעסטגעשטעלט געוואָרן כראָנאָלאָגיש און סטאַטיסטיש, אַז מיט איבער 80 יאָר צוריק (אין יאָר 1882) זיינען אין גאַנץ ארץ ישראל, שוין אַריינ־רעכענענדיק עבר הירדן און איבעראַל, וואו אידן האָבן זיך דאַן געפונען, געווען ניט מער, ווי אַ 24 טויזנט נפשות, בעת אין דער גאַנצער וועלט האָבן דאַן געלעבט וואָסערע פינף מיליאָן אידן, נאַטירלעך, זיינען די ישובים (סעטלמענטס) געווען אין אַ פאַרשווינדנדער צאָל, און מען האָט נאָך דאַן ניט געוואוסט פון אַ תל־אָביב רמת גן, דגניה׳ס און נאָך אַזעלכע נייע ישובים, וואָס זיינען אַ פּראָדוקט פון די לעצטע 50־60 יאָר.

היינט־צו־טאָג ציילט מדינת ישראל ניין הונדערט ישובים, און מער ווי דריי פערטל פון דער צאָל, זיינען עכט־אידישע, וואָס הייסט פולע הונדערט פּראָצענט. וואָס אָנבאַלאַנגט די ניט־אידישע ישובים, מערסטנס אַראַבישע, זיינען זיי פאַראַן אַריבער הונדערט און מאַכען אויס אַרום צען פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל סעטלמענטס. עכט־שטאָטישע ישובים זיינען פאַראַן אַ זעכציק, און געמישטע — אַרום זיבן.

דאָס אינטערעסאַנטסטע פון דעם איז, וואָס, זינט די מדינה איז פּראָק־לאַמירט געוואָרן, זיינען צוגעקומען אַריבער 550 נייע ישובים, און אין די אַלע פריערדיקע יאָרן, פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג זיינען בסך הכל געווען אַרום דריי הונדערט ישובים.

וועגן דער כאַראַקטעריסטיק פון די שטעט אין ישראל, איז כדאי צו באַמערקן, אַז עס זיינען פאַראַן אַכט שטעט, וואָס האָבן אַ באַפעלקערונג פון איבער פופציק טויזנט נפשות. עס איז אויך פאַראַן אַרום 40 שטעט, וואָס ציילן עפּעס מער פון 10,000 מענטשן, און אַרום אַ הונדערט שטעטלעך, וועמעס באַפעלקערונג איז אַרום עטלעכע הונדערט נפשות.

לאָמיר דאָ פאַרציייכענען אין רונדע ציפערן עטלעכע צענדליק שטעט מיט זייערע גרעסערע צאָלן איינוואוינער, הגם דאָס בילד ענדערט זיך כסדר. מיר באַנוצן נאָר די אָפיציעלע רעגירונגס סטאַטיסטיק פון די גרעסערע

שטעט ביז׳ן אָנהויב פון יאָר 1963, ווען מיר זיינען דאָרט געווען, כדי דער לייענער זאָל זיך אַליין קענען שפּעטער שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם וייטערן וואוקס פון די שטעט:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| תל אביב־יפו | 393 | טויזענט | חיפה | 191 | טויזענט |
| ירושלים | 176 | " | בני ברק | 52 | " |
| רמת גן | 96 | " | באר שבע | 52 | " |
| נתניה | 46 | " | חולון | 55 | " |
| פתח תקוה | 59 | " | בת ים | 39 | " |
| גבעתים | 34 | " | רחובות | 31 | " |
| הרצליה | 30 | " | אשקלון | 29 | " |
| נצרת | 26 | " | ראשון לציון | 29 | " |
| חדרה | 27 | " | עקרון | 28 | " |
| כפר סבא | 19 | " | כפר אתא | 16 | " |
| לוד | 21 | " | רמלה | 25 | " |
| עפולה | 15 | " | אשדוד | 12 | " |
| דימונה | 12 | " | קירית גת | 12 | " |
| נהריה | 16 | " | קירית שמונה | 14 | " |
| צפת | 18 | " | נס ציונה | 11 | " |
| טירת הכרמל | 11 | " | טבריה | 22 | " |
| בית שאן | 11 | " | אילת | 7 | " |

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מער־ווייניק מיט די שטעט, גרויסע און קליינע, לאָמיר וואַרפן אַ בליק אויף דער צאָל נפשות אין ישראל. די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג איז 2 מיט אַ פערטל מיליאָן נפשות; די צאָל משפחות אַרום 600 טויזנט. נאַטירלעך, זיינען ניט אַלע משפחות גלייך. פיל האָבן נאָר צו צוויי קינדער, אַנדערע צו דריי קינדער, אָבער אַריינקוקנדיק אין דער סטאַטיסטיק, זעט מען אַ מאָדנע בילד: עס זיינען פאַראַן איבער פינף און צוואַנציק טויזנט משפחות, וואָס ציילן צו ניין נפשות. אַ זעכצן טויזנט פאַמיליעס האָבן צו אַכט פערזאָן, אַנדערע 25,000 משפחות צו זיבן פערזאָן, און גאָר אַ גרויסע צאָל פאַמיליעס — צו פיר פערזאָן, וואָס דאָס איז דער דורכשניטלעכער צאָל פון אַ משפחה אין ישראל.

וואָס פאַר אַ סאָרט אימיגראַנטן איז אַריינגעקומען זינט מדינת ישראל׳ס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן? מיר שטעלן זיך דאָ אָפּ מערסטנס אויף דעם אינטעלעקטועלן כאַראַקטער פון די עולים, ניט רעכענענדיק שוואַרצע אַרבעטער, קרעמער און סתם האָרעפּאַשניקעס. עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז עס זענען פאַר דעם צייט־אָפּשניט אַריינגעקומען איבער דריי טויזנט אינזשענירן, דריי טויזנט דאָקטוירים, איבער צוויי טויזנט שרייבער און קינסטלער, אַ זיבן

הונדערט רבנים און רביים, און דאָס סאַמע טשעקאַווסטע איז, וואָס דער גרעסטער עלעמענט איז געוועזן אַדוואָקאַטן, נעמלעך אַרום 14 טויזנט.

עס האָט אונז אויך אינטערעסירט צו וויסן, וואָס איז דער דורכשניט־לעכער לעבענס־שפּאַן אין ישראל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פרויען לעבן לענגער מיט אַ דריי יאָר (אין דורכשניט), נעמליך מענער לעבן אומגעפער 70 יאָר, און פרויען 73 יאָר.

נאַטירלעך, האָט די וויסנשאַפט און מאָדערנע מעדיצין שוין באַוויזן פיל אויפצוטאָן אויפן געביט פון פאָלקס געזונטהייט. ערשט מיט אַ 35 יאָר צוריק איז לעבנס־דויער אין דורכשניט געווען ניט לענגער פון 54 יאָר, און פאַר דער דאָזיקער צייט האָט זיך דער מצב זעהר פיל געענדערט צום בעסערן.

די סאַמע אָנגעווייטאָגסטע פראַגע אין ישראל, איז אַ — דירה — אַ וואוינונג. אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט ניט קיין אייגענע דירות. אַ צענטל פון דער באַפעלקערונג לעבט אין ענגשאַפט, כמעט צו פיר פערזאָן אין אַ צימער. איבער צען פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט נאָך אַלץ ניט קיין עלעקטריש ליכט, און אַ גאַנצע דריטל פון ישוב האָט נאָך ניט קיין הויז־באַקוועמלעכקייטן. וואָס אַנבאַלאַנגט וואַסער, איז גאָר אַ קליינער פּראָצענט (אַרום פינף פּראָצענט) האָבן ניט קיין וואַסער אין הויז, און פירן אַ פּרימיטיוון לעבן. דאָס אומגעפער אין אַן אויבערפלעכלעך בילד, וועלכע קאָן ניט מיט פולער מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט איבערגעגעבן ווערן, ווייל די לעבנס באַדינגונגען ענדערן זיך כמעט יעדן חודש. מעגלעך, אַז היינט, ווען מען וועט לייענען די שורות, וועלן שוין די צאָלן און סטאַטיסטיקס אויסזען אַ היבש ביסל אַנדערש ...

לאָמיר איצט וואַרפן אַ בליק, ווי לעבן די „ראשי העדה" אין ישראל, ד. ה. ווי ווייט זיי קאָנען זיך ערלויבן צו לעבן ברייט, אָדער קאָמפאָרטאַבל. בדרך כלל, זיינען אַלע רעגירונגס־שכירות זייער באַגרענעצט. דאָס שליסט שוין אויך איין די אינטעלעקטואַלן, ווי דאָקטוירים, אינזשינירן, און אַלע, וואָס אַרבעטן פאַר דער רעגירונג. מיר וועלן אָנהויבן פון ראש הממשלה: — אשכול באַקומט אַלס גרונט־שכירות אַ טויזנט פונט אַ חודש. נאַטירלעך, האָט ער היבשע זייטיקע הוצאות, אויפנעמענדיק פרעמדע געסט, שטאַטסלייט, וויסנ־שאַפטלער וכדומה. פאַר די אַלע זייטיקע אויסגאַבן ווערט אים צוגעטיילט אַ באַזונדער הוצאה־סומע, אָבער אַ פּרעמיער נוצט ניט יענע געלטער פאַר זיך, חס וחלילה!

דער צווייטער „גרעסטער" פאַרדינער אין דער מדינה, איז דער פאַר־זיצער, אָדער ווי מען רופט אים דער „ספּיקער" פון כנסת קדיש לוז, וועלכער באַקומט די זעלבע שכירות, ווי דער פרעמיער, און אויך, נאַטירלעך, פאַר זייטיקע אויסגאַבן. וועלכע זיין אַמט פאָדערט פון צייט־צו־צייט. דער דריטער פון דער קאַטעגאָריע איז דער פרעזידענט פון העכסטן געריכט וועלכער באַקומט גלייך מיט'ן פּרעמיער און מיט'ן „ספּיקער".

אַ מיניסטער אין ישראל קריגט 900 פונט אַ חודש, און די זעלבע שכירות באַקומען אויך די מיטגלידער פון העכסטן געריכט. וויצע־מיניסטאָרן און דער וויצע „ספּיקער" פון כנסת באַקומען צו 720 פונט אַ חודש. אַ געוויינ־לעכער כנסת־דעפּוטאַט באַקומט אַרום 600 פונט אַ חודש. די אַלע דערמאָנטע „קאַרפּן־קעפּ", ניט אַריינרעכענענדיק דעם פּרזידענט און דעם פּרעמיער, קריגן אויך מער־ווייניקער אויף זייטיקע אויסגאַבן, ווייל זיי קאָנען ניט מיט די מאָגערע שכירות אויפנעמען געסט, פּאָליטיקער, מאַכן פון צייט־צו־צייט נסיעות א. אַז. וו. זיי קריגן דאַריבער געוויסע הוספות, לויט יעדערנס געברויך און נויטווענדיקייט.

עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט, אַז אַ דעפּוטאַט פון כנסת, אויב ער וואוינט אין ירושלים, און דאַרף ניט פאָרן צו די זיצונגען, באַקומט ווייניקער פאַר זיינע אויסגאַבן, נעמלעך פערצען און האַלב פונט פאַר יעדן טאָג, וואָס ער דאַרף זיין אין כנסת, בעת די אויסערן שטאָט וואוינענדיקע דעפּוטאַטן, וואָס מוז קומען צו פאָרן אין כנסת, קריגן פאַר יעדן טאָג אַכצן פונט. דאָס מיינט פאַר זייערע האָטעל אויסגאַבן, עסן וכדומה.

איצט קומען מיר צו דער הויפּט פראַגע: מאין? פונוואַנען שעפּט די רעגירונג אַזעלכע סומעס געלט, צו דעקן אַזאַ גרויסן בודזשעט?

דער תירוץ איז: פון שטייערן! די ישראל שטייערן זיינען העכער אַפילו פון די אַמעריקאַנער, די בירגער טראָגן אַריין יערלעך אין שטייערן־אַמט איבער אַ האַלבן מיליאַרד פונט הכנסה שטייער און דאָס נעמט נאָך ניט אַריין די פאַרשיידענע אַנדערע קלענערע שטייערן, וועלכע האָבן יתרו׳ס נעמען...

ס׳איז אַ סיטואַציע פון „לית ברירה": די רעגירונג מוז האָבן דאָס געלט! מ׳מוז אויסהאַלטן אַ גרויסע אַרמיי; מען מוז אויסהאַלטן אַ שטאַב מיט דיפּ־לאָמאַטן, אַמבאַסאַדאָרן, גענעראַל קאָנסולן, קאָנסולן און אַנדערע אָנגעשטעלטע אין דער פרעמד, — און דאָס איז פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע הוצאות. זוכט די רעגירונג, נאַטירליך ווי וויט מעגלעך צו פאַרקירצן די הוצאות. צו פאַר־קלענערן די צאָל אָנגעשטעלטע, כדי לייכטער צו באַלאַנסירן דעם בודזשעט... דער שטייערן דעפּאַרטמענט קען אָבער ניט פאַרקלענערן זיין שטאַב מענטשן, נאָר מוז נאָך פאַרגרעסערן כסדר, ווייל מען דאַרף האָבן מער געלט פון שטייערן, און דער סטעף איז תמיד צו קליין צו קענען אַלץ קאָנטראָלירן.

אַזוי אַרום פירט זיך אַן אינערלעכער שטילער גראַנגל אין דער רעגירונג, כאָטש מען לעבט געוווינ איינגעשרומפּן, און וויט פון לוקסוס. יעדער מיניסטער לעבט באַשיידן, אַ דעפּוטאַט — נאָך מער באַשיידן, און נאָך דעם אַלעמען זוכט מען אַלץ צו קירצן דעם בודזשעט, כדי צו באַלאַנסירן אים... לאָמיר אָבער דאָס איבערלאָזן צו מדינת ישראל... אידישע קעפּ וועלן זיך אַן עצה געבן, און צו גראַבסקי׳ס עגלות וועט חלילה ניט קומען...

פערצנטער קאַפּיטל

# די אויפנאַמע ביים געוועזענעם פּרעמיער דוד בן־גוריון

**אויסערגעוויינלעכע פריינטשאַפט האָט ער אַרויסגעוויזן צום שרייבער פון די שורות און זיין פרוי בעת זייער באַזוך. — ווי זאָל מען כאַראַקטעריזירן אַזאַ גרויסע פּערזענלעכקייט ווי בן גוריון. — אין וואָס באַשטייט זיין גייסטיקער און פיזישער כוח צו ווערן די „אַקס" פון דער ריזיקער ישראל־מאַשין. — רעיונות און מחשבות, וואָס קומען אויפ'ן געדאַנק, ווען מען זיצט פּנים אל פּנים מיט בן גוריונ'ען.**

זיין אין מדינת ישראל און ניט האָבן די געלעגנהייט אויפגענומען צו ווערן פון דעם שעפער פון דער מדינה, פון דעם גרעסטן אַרכיטעקט אירן, דוד בן גוריון, וועלכע האָט זיך אַריינגעשניטן ניט בלויז אין אונזער אידישע געשיכטע, נאָר אין דער געשיכטע פון דער וועלט — וואָלט געמיינט „עיקר חסר מן הספר"! אָדער — געוועזן אין רוים און דעם פּאַבסט ניט געזען ... עס וואָלט געהייסן, אַז מען האָט מעגלעך אַ סך געזען, געהערט, אָבער ניט דערזען און ניט דערהערט דעם עכטן קלאַנג פון דער מדינה. עס וואָלט געהייסן — געזען און געהערט אַ וואונדערבאַרן אָרקעסטער, אַ פּרעכטיגע סימפאָניע, אָבער דער דיריגענט האָט געפעלט ...

מיר גייען דאָ נאַטירלעך ניט שרייבן בן גוריונ'ס ביאָגראַפיע און פאָרשטעלן פאַר די לייענער ווער בן גוריון איז. דאָס וואָלט געווען אַ נאַאיווער



דער מחבר ע"ה, זיין פרוי דר. ר. גינזבורג מיט דוד בן־גוריון

פאַרמעסט צו אָנשרייבן אַ קאַפּיטל וועגן בן גוריונ׳ס לעבן און שאַפן, און אַרויפלייגן אים אויף אַ „סדום־בעטל״... וועגן בן גוריונ׳ען איז שוין פאַראַן אַ סאָלידע ליטעראַטור. מיר ווילן דאַריבער בלויז אָנוואַרפן אייניקע כאַראַקטע־ריסטישע שטריכן, בעסער געזאָגט, זיך טיילן מיט עטלעכע מחשבות, וואָס זיינען אונז געקומען אויפ׳ן געדאַנק, ווען מיר זיינען געזעסן אין זיין ביורא און געמיטלעך געשמועסט. דאָס איז געווען אַ העכסט־גייסטיקער און מאָראַ־לישער גענוס, אַ התרוממות הנפש, וועלכע מען האָט זייער זעלטן.

מיר האָבן אין דמיון געזען אַן „אָדלער״, וואָס שוועבט אין די הימלען; אַ „לויתן״, וואָס באַהערשט אַ ים פון אידישע צרות במשך פון די לעצטע פּאָר טויזנט יאָר; מיר האָבן געפילט, אַז עס זיצט פאַר אונז דער רייכסטער און גרעסטער וועלט „באַנקיר״, וואָס איז געקומען אויסלייזן אַלע „פּאָסט־דעיטעד טשעקס״, אַלע לאַנג טערמיניקע „וועקסלען״, וועלכע אונזערע נביאים האָבן אין פאַרשידענע צייטן אויסגעשטעלט אויף אונזער פאָלק לעתיד לבוא... דוד בן גוריון האָט דערפילט אין זיך דעם „קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו״ וואָס ווערט געבראַכט אין פרשת נצבים און לויטעט: „ולא אתכם לבדכם אנוכי כורת את הברית הזאת ואת האלה הזאת; כי את אשר ישנו עמנו עומד היום לפני ד׳ אלקינו, ואת אשר איננו פה עמנו היום״ — דער בונד, וואָס כביכול האָט געשלאָסן מיט אידן, האָט דייטלעך באַוואָרנט, אַז ער איז ניט חל דווקא אויף יענעם דור, וואָס האָט צו יענער צייט געלעבט. ער איז פונקט אַזוי חל אויף אַלע ווייטערע קינפטיקע דורות פון אידישן פאָלק. בן גוריון באַטראַכט זיך אַלס איינער פון די „יורשים״ פון אונזער פאָלק, אַלס ווייטערער רינג אין דער קייט פון עם־ישראל, וואָס האָט געמוזט אויפנעמען יענעם „טשאַלענדזש״, יענע אויפפאָדערונג צו בלייבן אידן און צו שטרעבן צו פאַרווירקלעכן אידישע אידעאַלן אין לאַנד פון אונזערע אבות!...

מיר האָבן געזוכט אַ פּאַראַלעל, אַ פאַרגלייך צווישן בן גוריונ׳ען און אַנדערע גרעסטע דערפאָלגרייכע שטאַטסלייט פון אונזער דור, זיצענדיק און צוהערענדיק זיינע פערלדיקע רייד. נאַטירלעך זיינען אונדז געקומען אויפ׳ן זכרון די גרויסע דריי — טשוירטשיל, רוזוועלט און סטאַלין — אָבער דער פאַרגלייך איז פאַרט ניט געווען קיין ריכטיקער. דער גרויסער און העכסט־פּעאיקער און קלוגער שטאַטסמאַן, ווינסטאָן טשוירטשיל, האָט געהאַט אין געדאַנק איין זאַך: אָפּראַטעווען ענגלאַנד! דאָס איז געווען זיין גרעסטער ציל. יאָ, ער האָט טאַקע אָפּגעראַטעוועט ענגלאַנד, אָבער פאַר׳ן פּרייז וואָס ער האָט אויספאַרקויפט צו סטאַלינען גאַנץ צענטראַל אייראָפּע! דער דאָזיקער באַרימטער שטאַטסמאַן האָט ערקלערט, אַז ער איז ניט געקומען צו צעטרייסלען די בריטישע אימפּעריע, ווען ער איז געוואָרן פּרעמיער און קריגס־פירער. ער האָט אָבער דאָך ניט באַוויזן צו דערהאַלטן ענגלאַנד׳ס וועלט־פּאָזיציע, און שפּעטער געמוזט נאָכגעבן אין דעם קאַמף פאַר פרייהייט און זעלבסטשטענדי־קייט פון די פאַרשידענע דאָמיניאָנס, קאָלאָניעס, אינזלען, פּראָטעקטאָראַטן,

וכדומה. דערצו האָט ער נאָך „פאַרשאַכערט" גאַנץ צענטראַל אייראָפּע, ניט באַגרייפענדיק בשעתו געגוג קלאָר, וואָס אַזוינס עס מיינט אַ „סאַטעליט"...

סטאַלין האָט גראָד געפונען אַזאַ פּאַסיקן טערמין, ניט אָנרופענדיק דאָס קינד ביים ריכטיקן נאָמען, און איינגעשמועסט די מערב־וועלט, אַז ער וויל בלויז האָבן סאַטעליטן, כלומר׳שט „גוטע פריינט". וואָס פון די סאַטעליטן האָט זיך אויסגעלאָזט, האָבן מיר שוין געזען גענוג קלאָר: דאָס זיינען געוואָרן סטאַליניסטישע אינזלען, פולשטענדיק באַהערשטע פון מאָסקווע, מיט׳ן איינציקן חילוק, וואָס אין רומעניע הערשט די רומענישע שפּראַך, אין פּוילן — פּויליש, אין טשעכאָסלאָוואַקיע — טשעכיש, אין אונגאַרן — אונגאַריש, אָבער אַלע צוזאַמען בילדן מיט זיך אַ גרויסן סאָוועטישן אָרקעסטער, וואָס קריגט די נאָטן און די טעקסטן פון מאָסקווע, איין גרויסע נייע קאָמוניסטישע אימפּעריע.

דער געוועזענער אַמעריקאַנער פּרעזידענט פראַנקלין דעלייננאָ רוזוועלט, וועלכער האָט צו זיינער צייט פיגורירט אַלס אָפּגאָט און גרעסטער שטאַטסמאַן, ווערענדיק פיר מאָל נאָכאַנאַנד דערוויילט אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און שפּילענדיק די ערשטע פידל אין קאַמף קעגן היטלער׳ן — אויך ער האָט צוזאַמען מיט טשוירטשילן אונטערגעשריבן די שענדלעכע אָפּמאַכן אין יאַלטע און פּאָטסדאַם, וואו זיי האָבן פאַרקויפט די „בכורה" צו סטאַלינען פאַר אַ טאַפּ לינדזען!... רוזוועלט האָט געוואָלט ראַטעווען אַמעריקע, פּונקט ווי טשוירטשיל האָט געוואָלט ראַטעווען ענגלאַנד, און ביידע האָבן זיי זיך פאַרשקלאַפט צו סטאַלינען, וועלכער, ווי אַ כיטרער מוזשיק, האָט זיי ביידן אַריינגענאַרט אין זאַק... טשוירטשיל מיט זיין גרויסן וויסן, רוזוועלט מיט זיין וועלטבאַנעם און פּאָליטישן מוח — ביידע האָבן זיי פאַרשפּילט דעם צווייטן וועלטקריג, איבערלאָזענדיק די גרעסטע ירושה פאַר מאָסקווע!

די פריערדיקע צוריקגעשטאַנענע רוסלאַנד מיט אַזאַ הויכן פּראָצענט פון אַנאַלפאַבעטן, מיט צוויי שרעקלעכע וועלט־מלחמות וואָס האָבן זי ממש רואינירט — האָט ענדלעך געוואונען מער פון אַלעמען אין צווייטן וועלטקריג און איז געוואָרן די טאָן־געבערין פון דער וועלט!!!

דוד בן גוריון האָט אָבער געהאַט גאָר אַנדערע פיל שווערערע און קאָמפּליצירטערע פּראָבלעמען אין ביידע וועלט מלחמות. ער האָט זיך ניט גענדאַרפט זאָרגן, וועגן דערהאַלטן די גאַנצקייט פון פּאַלעסטינע, וועלכע איז ניט געווען אונזערס! ער האָט ניט געדאַרפט מוותר זיין אויף פיל הנחות, ווייל עס איז ניט געווען וואָס מוותר צו זיין. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער קורצער באַלפור דעקלאַראַציע, דעם ערשטן שפּראָץ אויף אַ מעגלעכער אידישער הימלאַנד אין פּאַלעסטינע, און זיך געקלאַמערט צו איר, כאָטש ענגלאַנד האָט געהאַנדלט ברוטאַל און געביטן דעם אינהאַלט פון דער דעקלאַראַציע טויזנט מאָל!... עס איז סוף כל סוף געבליבן פון דער באַלפור דעקלאַראַציע אַ טרוקענער סקעלעט, אַרומגעוויקלט פון אַלע זייטן מיט „פּירושים" און אויסטייטשונגען, פּונקט ווי אַ שווער שטיקעלע גמרא אויף אַ דף, און אַרום פּילפּולים און הסברים אָן אַ שיער!...

בן גוריון האָט געהאַט די אויפגאַבע צו שאַפן אַ „יש מאין״, אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט! אויב טשוירטשיל און רוזוועלט זיינען געווען די גרעסטע געלט־זעק אויף דער וועלט און אַמעריקע מיט ענגלאַנד זיינען דאָס נאָך אויך היינט — איז בן גוריון געווען בלויז אַ יידיקער זאַק, און דערצו נאָך אַרומגערינגלט מיט פרעמדע און אייגענע שונאים, פּאַרטיי־צאַנקערייען, שפיכת דם, רכילות און וואָס ניט?! ווער האָט דען געוואוסט פון אידישער דיסציפּלין, פון אחדות־האומה?...

לייענט מען די ביאָגראַפיע פון בן גוריון׳ען זעט מען, אַז זינט זיין סאַמע פריסטער יוגנט נאָך דעם, ווי ער האָט דורכגעמאַכט אַ פאָלשטענדיקע העברעאישע דערציאונג אין פלאָנסק, אין „חדר מתוקן״, וואָס זיין פאָטער אַביגדור גרין האָט דאָן געגרינדעט, האָט ער זיך פאַרוואָנדעלט אין אַ „קנעכט״ צו ארץ ישראל... ער האָט פרי אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר׳ן ציוניזם, פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון העברעאיש, און האָט שוין געטראָגן אויף זיך דעם עול פון אַ ציוניסטישן עסקן. אַזוי פרי ווי אין יאָר 1905 האָט ער זיך שוין געווענדעט צו אוסישקינען מיט אַן אָנפראַגע, צי עס איז נויטיק און ווינשענסווערט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל? אין דער זעלבער צייט האָט ער ניט אויפגעגעבען זיין אידעאַל און שטרעבונג צו דערגרייכען הויכע בילדונג, הויפּטזעכלעך צו קריגן אַ גוטע טעכנישע פאַרפאָלקאָמונג. אין איינעם פון זיינע בריוו צו אַ פריינט האָט ער זיך אויסגעדריקט: „אבל איך שיפול דבר עתידי, לא אתיאש מהשגת השכלה גבוהה, פילוסופית וטבעית״ — ווי עס זאָל ניט אויספאַלן מיין צוקונפט, וועל איך זיך ניט מייאש זיין פון דערגרייכן אַ העכערע בילדונג, אַ פילאָזאָפיש און נאַטור־וויסענשאַפטלעכע פאָלקאָמענהייט...

בן גוריון איז אין תוך אַן אייביקער תלמיד, וואָס ווערט ניט מיד צו לערנען, פאָרשן, גרונטעוועון זיך, און דערגיין אַלץ מער און מער וויסנשאַפט... זייט ביי זייט מיט זיין פּאָליטישער איינשטעלונג — לאָזט ער ניט אַרויס דעם תנ״ך פון האַנט, און איז ממש אַ געפאַנגענער פון תנ״ך! דאָס איז זיין גייסטיקע שפייז, וואָס באַגלייט זיין טעגלעכע פיזישע דערנערונג...

מיר זיינען געזעסן און אַריינגעקוקט אין זיינע טיפע חכמה׳פולע אויגן, און געטראַכט: וואויל איז צו אונז, וואָס מיר האָבן אין דער עפּאָכע פון דראַנג און קאַמף, פון פאַרפאָלגונג, גאַז־קאַמערן און קרעמעטאָריעס געהאַט דעם זכות צו האָבן דוד בן גוריון׳ען אַלס פירער און וועגווייזער וואָס האָט מיט די לעצטע כוחות פאַראַנקערט די אידישע שיף ביים מיטלענדישן ים...

יאָ, מיר האָבן געהאַט מער גליק, ווי שכל, און ווי האָט אַמאָל געזאָגט דר. שמריה לעווין, איינער פון די פיקחים פון זיין צייט, אַז עס איז טאָקע אמת, אַז מיר אידן זיינען אַ זייער קלוג פאָלק, אַן עם חכם ונבון. ווען דער עם חכם ונבון וואָלט אָבער נאָך געהאַט אַביסל שכל אויך — וואָלט שוין געווען גאָר גוט...

איך און מיין פרוי זיינען געזעסן באַצויבערט פון זיין פערזענלעכקייט

און עס האָט פּשוט געוואונדערט ווי אַט דער קליין געוויקסיקער דוד האָט זיך פאַרמאָסטן געגן אַ גאַנצער וועלט פון גליות׳עס, קעגן ענגלאַנד, וואָס האָט געהאַלטן איר אייזערנע לאַפּע אויף פּאַלעסטינע און ניט געוואָלט העלפן די אידן אויף אַ האָר; געגן אייגענע פּאַרטיי־חברים און געגנערס פון אַלע „שבטי־ישראל", וואָס האָבן געלעגט שטיינער אויפ׳ן וועג, און ספּעציעל געגן דער ניט־אויפריכטיקייט פון די טשווירטשילס, רוזוועלטס, און בעווינס, וועלכע האָבן געגאָלטן אַלס „מיטהעלפּער" אין דעם ישראל קאַמף, אָבער זיינען אַלע געווען ניט אויפריכטיג, אָפּגערעדט פון די מאָסקווער הערשער, וועלכע זוכן אויך היינט אומצוברענגען די גאַנצע פרייע וועלט, און פריער פון אַלץ — מדינת ישראל! ...

עס איז ממש לא יאומן כי יסופר, וואָס בן גוריון האָט אויסגעטראָגן אויף זיינע אַקסלען! די סיני אַקציע אַליין איז געווען איינער פון די העראָ־אישסטע עפּיזאָדן אין דער וועלט געשיכטע, וואָס ווען ניט די אָפענע און פאַרשטעלטע שונאים, וואָלט היינט דער גאַנצער מיטל מזרח געווען אַן אָאַזיס פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט, הומאַניזם און וויסנשאַפט ...

בן גוריון איז אויסער דעם אַלעמען איינער פון די בעסטע קענער פון דער אידישער געשיכטע. זיין רעדע וועגן אידישן „תחית המתים", וואָס האָט בשעתו פאַרנומען 4 אַרטיקלען אין „ניו יאָרק העראַלד־טריביון" גיט דעם בעסטן באַגריף ווי טיף אָריענטירט ער איז אין דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, אין דער אידישער מאַרטיראָלאָגיע, אין לעבן פון די תפוצות און גלות׳ן ... זיין יעדעס וואָרט איז ווי אויסגעהאַמערט פון גראַניט, און וועט נאָך דינען אַלס המשך פון אונזערע נביאים, אַלס נאָכפאָלגער פון עזרא און נחמיה, וועמען ער האָט פּערזאָניפיצירט אין אַ גרויסער מאָס.

זיינע קורצע מאַקסימען און פּאַראַדאָקסן האָבן שוין אַ וועלט־נאָמען ווי צ. ב. ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט בעת דעם צווייטן וועלט־קריג, ווען ענגלאַנד האָט אַרויסגעגעבן דעם „ווייסן בוך" געגן די אידן, זאָגענדיק: „מיר דאַרפן העלפן אין דעם קריג ענגלאַנד, ווי עס וואָלט קיין „ווייסער בוך" ניט געווען, אָבער מיר וועלן גלייכצייטיק קעמפן קעגן „ווייסן בוך" ווי עס וואָלט קיין מלחמה ניט געווען" ...

אַזוי האָט געקענט מאָטיווירן זיין שטאַנדפּונקט נאָר אַ גרויסער וויזיאָנער און פּאָליטיקער. און לאָמיר צוגעבן, אַז מען דאַרף ניט פיל ריידן מיט בן גוריונ׳ען, נאָר אַריינבליקן אין זיינע טיפע אויגן, וועלכע שפּיגלען אָפּ זיין האַרץ און נשמה. צו רייד איז דאָך קיינמאָל ניטאָ קיין גרענעץ, קיין סוף, בעת אָנקוקן אים און טראַכטן וועגן אים — איז אַ פיל־גרעסערער פאַרגעניגן, ממש אַ גייסטי־קער געגוס. ניט אומזיסט האָט אונזער פריינד ד. לענדאר, דער הויפּט פון רעגירונגס פּרעסע דעפּאַרטמענט באַמערקט, ווען ער האָט אונדז אויפגענומען אַלס זיינע געסט ביי אַ דינער, אַז „האָסטו געזען און גערעדט מיט בן גוריונ׳ען, האָסטו שוין אַלץ געזען און געהערט אין מדינת ישראל" ... ער איז דער קאָפּ, און דער פּולס פון דער מדינה ...

פופצנטער קאַפּיטל

# בן־גוריונ׳ס טיפע כוונות

**בן־גוריון וועגן די אויפגאַבן און דער צוקונפט פון מדינת ישראל און עם ישראל. — געזונטע וואָרצלען, וואָס וועלן אַרויסברענגען אַ נאָרמאַל־וואַקסענדן בוים. — די יוגנט אין די תפוצות, וועלכע קאָן ווערן דער הויפּט־רעזערוואַר פון מדינת ישראל, און די העברעאישע דערציאונג, וועלכע וועט שאַפן איין גאַנץ פאַראייניקט פאָלק. — דער בליק און צוגאַנג פון אַן „אַרכיטעקט“, וועלכער בויט זיין בנין פון סאַמע פונדאַמענט, כאָטש אַזאַ אַרבעט פאָדערט אַ סך כוחות און פינאַנציעלע אָנשטרענגונג.**

מיר האָבן אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל איבערגעגעבן אייניקע געדאַנקען און מחשבות, וועלכע זיינען אונז געקומען אויפן רעיון זיצנדיק ביי בן־גוריונ׳ען, און שמועסנדיק געמיטלעך, מעשׂה חברים, וועגן די נאָענטע און וויטע אויפגאַבן פון מדינת ישראל. מיר האָבן געוואָלט וויסן, וואָס ער, פאַרלאַנגט פון די אידן אין דער דיאַספּאָראַ, כדי צו ווערן פולע און גלייכבאַרעכטיקטע שותפים צום בנין הארץ ובנין העם. ווייסנדיק, אַז אַזאַ געשפּרעך קאָן זיך ציען מי יודע, ווי לאַנג, און מען זאָל נאָך אַלץ ניט צוקומען צום „פּסוק“, האָבן מיר געפרעגט דעם „אַלטיטשקען“, וואָס אייגענטלעך וואָלט ער וועלן איבערגעבן צו די אידן אין חוץ־לארץ, אַלס זיין הייסן וואונטש און באַגער. מיט אַנדערע ווערטער, מיר האָבן געוואָלט הערן פון אים אין אַ לאַקאָנישער פאָרם, וואָס איז די עצם אידעע זיינע, און אין וואָס זעט ער די שנעלערע אַנטוויקלונג און דערפאָלג פון דער מדינה?

הגם, מיר האָבן שוין מערער מאָל געהערט פון אים, אין פיל פון זיינע רעדעס, אַז ער וויל זען אַ וואָס בעסער־צוגעגרייטע אידישע יוגנט, אויס־געשטאַט מיט אַ נאַציאָנאַל־העברעאישן חינוך, כדי זי זאָל זיין נאָענט באַקאַנט און האָבן אַ לייכטן צוטריט צו די אוצרות פון אונזער פאָלק, האָט דאָך געמאַכט אויף אונז אַ באַזונדער איינדרוק זיין זשעסט: ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט, און געוויזן דריי פינגער, וואָס האָבן באַדייטעט דריי ספּעציפישע פאָדע־רונגען, וועלכע ער שטעלט צו די עלטערן אין די תפוצות, און גלייכצייטיק צו דער אידישער יוגנט, וועלכע לעבנדיק אין די פאַרשידענע גלות־לענדער און צום גרעסטן טייל אין לוקסוס און באַקוועמלעכקייטן, — זיינען זיי היבש אָפּגעפרעמדט פון אַ נאַציאָנאַלן אידישן לעבן. במילא פעלט זיי דער אמת׳ער

קשר מיט דעם פאָלק אין ציון, וואו עס וועבט זיך דער גייסטער קאַפּיטל פון דער אידישער געשיכטע ...

אויפהויבנדיק זיין האַנט מיט דעם צייכן פון דריי פינגער, האָבן מיר אויפן מאָמענט זיך דערמאָנט אָן טשוירטשילס צוויי פינגער צייכן, וואָס מאַכט דעם אויסזען פון „ווי״, און האָט באַדייטעט „וויקטאָרי״, זיג, נצחון...
טשוירטשיל האָט דעם דאָזיקן פינגער־צייכן ניט פאַרנאַכלעסיקט זינט דעם סוף פון צווייטען וועלט קריג, און דאָס איז פאַרבליבן ווי אַ מין „טשוירטשיל־סימבאָל״, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן...

אויך בן־גוריונ׳ס דריי־פינגער־קאָמבינאַציע האָט זיך אונז אַריינגעשניטן שטאַרק אין זכרון, איבערהויפּט, ווען ער האָט געגומען פאַרבויגן איין פינגער נאָכ׳ן צווייטן, און אויסגעטייטשט: ערשטנס — געבן דער אידישער יוגנט אַ העברעאישע דערציאונג, ד. ה. זי זאָל פון איר פריסטן עלטער זיין באַקאַנט מיט די גייסטיקע קנינים פון אונזער פאָלק. צייטנס — באַווירקן די עלטערן צו שיקן זייער דערוואַקסענע יוגנט קיין מדינת ישראל, און אויב זיי קאָנען זיך ניט אַנטשליסן אויף אַזאַ שריט, איז לפּחות שיקן די יוגנט כאָטש אויף אַ יאָר, אָדער צוויי קיין ישראל, כדי צו באַקענען זיך מיט דעם כאַראַקטער פון לאַנד, מיט דעם לעבן פון דער באַנייטער מדינת ישראל. דאָס אַליין וועט שוין שפּעטער ברענגען פּרוכט, און דערנענטערן די יוגנט פון די תפוצות צו דער יוגנט פון ישראל. דריטנס — משפיע זיין, ווי וויט מעגלעך, אַז אידן בכלל זאָלן קומען ענדליך צו דער איבערצייגונג, אַז אין קיין שום לאַנד און אין קיין שום פּלאַץ אויף דער וועלט, איז דער הימל ניט אַזוי קלאָר פאַר אידן, ווי אין מדינת ישראל.


דוד בן־גוריון

אין די דאָזיקע דריי קורץ־געפאַסטע אויפקלערונגען האָט בן גוריון אַריינגעלייגט זיין גאַנצע וויזיע און נביאישען בליק. מיר האָבן געטראַכט בעת מעשה, אַז ער איז אַן אמת׳ער אַרכיטעקט, וואָס טרעט צו צום בויען אַ ריזיקן בנין, אַ גרויסע אידישע מדינה, פון סאַמע יסוד, פון פונדאַמענט. ער זוכט ניט דאָ אַריינצושטעלן אַ פענסטער, דאָרט איינמויערן אַ טיר, צוקלאַפּן עטלעכע ברעטער צו אַ דאַך און סימולירן, אַז אָט האָט ער שוין אויפגעשטעלט אַ הויז.

אַ בנין ... ניין, אַזעלכע צונויפגעלאַטעטע הייזער און בנינים וועלן קיין האָפּט ניט האָבן ...

בן־גוריון זעט אין דער אידישער יוגנט אַלע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן און כוחות, וועלכע וואָלטן געקענט זייער אַ סך לייסטן פאַר דער יונגער מדינה, דעריבער איז זיין בליק געווענדעט צו איר אין דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער דיאַספּאָרא. זיכער שטאָלצירט ער מיט דער ישראל יוגנט, ממש, ווי אַ פאָטער מיט זיין בן יחיד׳ל ... בן־גוריון דענקט וועגן דער ישראל יוגנט, אַז זי איז די בעסטע אין דער וועלט, אַז זי האָט געבראַכט די גרעסטע צאָל קרבנות אויפן מזבח האומה, און איז אויך אויף להבא גרייט דאָס לעבן אָוועקצוגעבן פאַרן אידישן היימלאַנד. ער שאַצט אָפּ דעם גרויסן אידישן שטאָלץ, מיט וועלכן די ישראל יוגנט און במילא דאָס ישראל מיליטער איז גרייט אויף אַלץ, אַבי צו דערהאַלטן די אידישע סואווערעניטעט, די אידישע פרייהייט און זעלבסט־שטענדיקייט. ווי פאַרנומען בן גוריון זאָל ניט זיין מיט זיינע פליכטן, מיט זיין כסדר׳דיקן שטודירן און לערנען, מזרח שפּראַכן, מזרח קולטורן, און אייראָפּעאישע וויסנשאַפטן, — האָט ער אָבער שטענדיק אַן אָפן אויג און אויער פאַר דער יוגנט, אין וועלכער ער זעט די עמבריא פון אַ נאָרמאַל, עקזיסטירנדער אידישער מדינה. ניט קוקנדיק אויף זיין עלטער, איז ער אין זיין נשמה פול מיט יוגנטלעכן ברען, מיט התלהבות. ער פאַרשטייט די יוגנט אפשר בעסער, ווי ווער עס איז אַנדערש אין דער מדינה, און קוקט אַרויס צו דער יוגנט, אַז זי זאָל ווערן דער אַוואַנגאַרד פון דער מדינה, און איבערנעמען איר גורל פאַר די ווייטערע דורות, וואָס וועלן קומען שפּעטער.

מיט אַנדערע ווערטער, בן־גוריון קוקט אויף דער יוגנט, און שפּיגלט זיך אין איר, ווייל ווער נאָך, ווי ער, ווייסט אַזוי גענוי, ווי קאָמפּספּעאיק און ווי מסירת־נפש׳דיק זי האָט געקעמפט כמעט מיט ליידיקע הענט קעגן אַזעלכע צאָלרייכע שונאים, וואָס זיינען געווען פאַרפּאַנצערט מיט וואָפן פון קאָפּ ביז די פיס ... דעריבער וויל ער אויך איצט נאָך מער, ווי פריער, זען, אַז יעדער יוגנטלעכער סיי אין ישראל און סיי אין דער דיאַספּאָרא, זאָל דינען ווי אַ לעבעדיקער רינג אין דער קייט פון דער אידישער אייביקייט, וועלכע זאָל קיינמאָל ניט איבערגעריסן ווערן! ... האָבנדיק אַ גוט־צוגעגרייטע יוגנט, דער־צויגן על ברכי ההיסטוריה והיהדות פון אונזער פאָלק, וועט זי, קומענדיק קיין ישראל, גלייך קאָנען צוטרעטן צום לייגן אַ ווייטערדיקן ציגל צום בנין פון לאַנד. זי דאַרף באַזיצן די העברעאישע שפּראַך און אַ נאַציאָנאַלע צוגרייטונג, כדי ניט שאַפן קיין גייסטיקע מחיצה צווישן דעם דור פון סאַברעס און דעם דור פון די תפוצות, און עס וועט זיין זיכער דער המשך פון אונזער פאָלק אין דעם לאַנד פון אונזערע אבות ... דאָס מיינט, אַז דער שליסל צו דער אידישער צוקונפט ליגט אין די הענט פון דער יוגנט, און עס איז פיל אָפּהענגיק פון די עלטערן צו מאַכן די קינדער אַלס די „שומרי החומות" פון אידישן עתיד.

ווי מיר האָבן פאַרשטאַנען בן גוריונ׳ען, פירן אַלע אַנדערע חשבונות פון

עלטערן, סוף כל סוף צו אַסימילאַציע און אינפעריאָריטי קאָמפּלעקס; זיי באַוואָפנען ניט זייערע קינדער פון דער פריעסטער יוגנט מיט די עכטע צילן און אידעאַלן, וואָס אַ נאָרמאַל־דערצויגענע יוגנט ביי יעדן פאָלק דאַרף האָבן, כדי צו קאָנען לעבן פריי און זעלבסטשטענדיק, האַלטנדיק דעם קאָפּ הויך און ניט געבויגן. אַזאַ פּאָליסי איז פון גרונט אויס פאַלש, און האַלט ניט אויס די פּראָבע ...

אַזוי, און נאָר אַזוי קאָן דענקען אַ פאָטער פון אַ לאַנד, אַ גרינדער פון אַ מדינה, וועלכער האָט אַליין דורכגעמאַכט אין זיין לעבן דם ואש ותמרות עשן, ער האָט צוגעזען פּאָגראָמען, פאַרפאָלגונגען, גירושים און שיקאַנען מכל המינים־רעכטלאָזיקייט, וואָס האָט גאָר קיין גרענעץ ניט געהאַט; נומערוס קלאוזוס און „נומערוס נוללוס", פּראָצענט־נאָרמעס און טורמעס, בלויז פאַרן חטא פון וועלן דענקען אַביסעלע נאַציאָנאַל, אַביסעלע מענטשלעך און זעלבסטשטענדיק, ניט אָנרירנדיק חלילה אַ חוט השערה פון די רעזשימען, צווישן וועלכע עס איז אויסגעקומען אידן צו לעבן און ראַנגלען זיך עקאָנאָמיש, מאָראַליש און גייסטיק ...

מדינת ישראל, מיט אַלע אירע שוואַכע און שאָטן־זייטן, וואָס עקזיסטירן נאָך, איז דער גרעסטער וואונדער ניט בלויז פון אונזער יאָרהונדערט, נאָר פון דער אַלוועלטלעכער געשיכטע פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר ... זיכער איז די לעקציע, וואָס מיר אידן האָבן געלערנט דורך די אַלע דורות פון גירושים און פּאָגראָמען, אָפּגערעדט שוין פון די פאַרשידענע היטלערס, סטאַלינס און אַנדערע וואַמפּירן בצורת מענטש זעהר אַ שרעקליכע. זיי האָבן מיט אַ לייכטן געמיט געקענט מקריב זיין איבער זעקס מיליאָן אידישע אומשולדיקע נפשות אויף'ן נאַצישן אַלטאַר, וואָס אַזעלכעס האָט נאָך די געשיכטע ניט פאַרצייכנט ביז אונזערע צייטן! — אונזער קליין פאָלק האָט אָבער ניט פאַרשריבן די בלוטיקע אותיות פון דאַנטעס גיהנום־לאָזונג: „פאַרלירט יעדע האָפנונג!"

דאָס אידישע פאָלק קאָן ניט און וועט שוין מער ניט דערלויבן, ווער עס זאָל ניט זיין, צו געבן אים אַן ענלעכע לעקציע פון רשעות און ברוטאַליטעט, פון אַזעלכע ראָזענבערג'ס, שטרייכערס וכדומה, וועלכע האָבן פאַרשפּיגן די וועלט־ציוויליזאַציע פון טויזנטער יאָרן, און געוואָלט די וועלט פאַרוואַנדלען אין אַ דזשאַנגל, אין אַ מדבר פון מענטשן־פרעסער!!

אַריינקוקנדיק אין בן־גוריונס פאַרטראַכטע אָנגעשטרענגטע אויגן, האָט מען געזען די גאַנצע אידישע טראַגעדיע, וואָס פאַרפאָלגט אים, און וועלכע ער וויל ניט פאַרגעסן. ער זוכט אַלע מעגלעכע ראַדיקאַלע מיטלען, ווי צו פאַרזיכערן דעם קיום פון ישראל. אַז אים פעלט ניט אויס קיין זאָרג און פּראָבלעמען, איז ניט נויטיק צוצוגעבן. דאָס מערקט מען אין זיין יעדן ריר און קער, אין זיין יעדן קנייטש אויפן געזיכט, אין זיין ניט דערזאָגטן וואָרט, אָדער אויסדרוק. ער איז מלא כרימון מיט פּלענער און דילעמעס, פאַר וועלכע אַ גאַנצער שטאַב מיט ראַטגעבער און „זאָרגער" איז ניט גענוג. אָבער דווקא אין

דעם קנויל פון די שווערסטע ענינים, געפינט ער גלייכגעוויכט אין זיין געדאַנק, אָריענטירט זיך שנעל, און באַשליסט ווי צו האַנדלען. ניט אַלע מאָל זיינען געראָד די שריט די סאַמע ריכטיקסטע; ניט איין מאָל און ניט צען מאָל האָט ער שוין געמאַכט טעות׳ן, און אַרויסגערופן אַ דיסאַנאַנס אין די רייען פון זיין אייגענער פּאַרטיי. ער האָט דעריבער געמוזט רעזיגנירן פון זיין הויכן אַמט, וועלכער איז באמת צו שווער פאַר איין מענטש, ווי שטאַרק, קרעפטיק און באַלאַנסירט ער זאָל ניט זיין אין זיין געדאַנק. פּאַקטיש קען זיך נאָר אַזאַ גרויס־קאַליבערדיקע פּערזענלעכקייט „דערלויבן״ אויף אַזעלכע דיסאַנאַנסן און טעותים.

ווען אַ מענטש איז פּאַרטאָן אין חכמת ישראל און חכמת אומות העולם; ווען ער זוכט כסדר צו שטילן זיין דורשט אין פאַרשידענע שפּראַכן און ליטעראַ־טורן, פילאָזאָפישע שיטות, אַלטע און נייע וויסנשאַפטן, און דערצו נאָך טראָגן אויף זיך אַזאַ עול, במשך פון אַ סך שווערע פיינפולע יאָרן, — איז קיין וואונדער, אַז וואו ניט וואו האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ לאָגישער „בלויז״ אַ טעות, אַ פעלער, און אַפילו אַ שטאַרקער פעלער! דאָס קאָן אָבער נאָר פּאַסירן מיט אַ מענטש, וואָס איז גייסטיק באַהערשט פון אומרו. בן־גוריון איז געוואָרן דער אידישער שטאַטסמאַן „פּאַר עקסעלאַנץ״, און עס וואָלט געווען אַ כבוד און אַ שטאָלץ פאַר יעדער מלוכה צו האָבן אַזאַ רייכן „ברעין־טראַסט״, ווי בן־גוריון פאַר מאָגט..

מיר באַמערקן גלייכצייטיק, אַז רײדנדיק מיט אונז, האָט ער אויך געשוועבט אין די עולמות, אַרויסגעלאָזט דאָ אַ וואָרט, דאָ אַ געדאַנק, און אַלץ לאַקאָניש, אָבער טיף באַגרינדעט. דאָס ניט דערזאָגטע איז געווען פיל מער, ווי דאָס יאָ געזאָגטע. עס איז צו באַוואונדערען זיין גרויסע גייסטיקע שפע, וואָס שפּרודלט פון אים, הלוואי זאָל ער נאָך לאַנג לעבן און פאַרזעצן שפּיגלען זיך אין דער אידישער מדינה, אין וועלכער ער האָט אינוועסטירט זיין גאַנץ לעבן.

ער איז דער טאָמאַס מאַסאַריק פון מדינת ישראל, און פונקט ווי יענער האָט בייגעטראָגן צום געבורט פון טשעכאָסלאָוואַקיע, אַזוי האָט בן גוריון אויסגעוויטיקט נאָך לאַנגע חבלי לידה, דעם ווידער געבורט פון מדינת ישראל.

זעכצנטער קאַפּיטל

# די לאָגישע סיבות, וואָס מאַכן מדינת ישראל אַנדערש פון אַנדערע לענדער

**די ליכט און שאָטן־זייטן פון ישראל. — דער שווער־פּונקט ווי צו האַלטן זיכער די גרעניצן פון דער מדינה, און ווי געפינט מען די מיטלען און דעם וועג צו שלום מיט די אַראַבער. די גרויסע דיספּראָפּאָרץ צווישן דער אַראַבישער באַפעלקערונג און דער אידישער. — ישראל׳ס פאַרבעסערטע לאַגע אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע, און איר פריינדשאַפט מיט קאַנאַדע.**

לויט ווי מיר האָבען פאַרשטאַנען בן גוריונען פון זיינע קורצע סימבאָלישע ציכענס און ניט דערזאָגטע מיינונגען, האָבען מיר אָבער דאָך אַרויסגעטראָגען אַ דעפיניטיווען איינדרוק פון זיין בליק אויף דער ישראל לאַגע, אויף די אַלע ענדערונגען און פּאָליטישע מעטאַמאָרפאָזעס, וואָס דאָס לאַנד האָט דורכגעמאַכט ביז איצט, כאָטש ער האָט זיי ניט אַרויסגעזאָגט אין פולען מאַסשטאַב פון זיין בליציגען געדאַנק. מיר האָבען אָבער געמערקט, אַז היבשלאַך שפּעטער נאָך אונזער געשפּרעך האָט ער דעם זעלבען בליק טיפער אַנאַליזירט, און איז געקומען צו די זעלבע אויספירען, ווי פריהער. דאָס זאָגט עדות, אַז ער איז דער מענטש פון לאָגישן געדאַנק און בליק, אַז ער בייט ניט זיינע פונדאַמענטאַלע מיינונגען, וועלכע עס האָבען זיך אויסגעאַרבייט אין זיין מוח און מחשבה.

זיין וויזיע ציט איר יניקה פון סאַמע וואָרצל, פון יסוד פון דער מדינה, און דאַריבער ענדערט ער ניט זיין בליק און אָפּשאַצונג פון דער לאַגע, וועלכע ער זעט שטענדיג ניכטער און קלאָר. מיר וועלען דאַריבער זיך אָנשטרענגען איבערצוגעבן נאָך אַן איינדרוק, וועלכער וועט דינען פּאַקטיש אַלס „תמצית״ פון בן גוריונ׳ס שיטה און בליק אויף דער אידישער מדינה.

ווי יעדער איינער, וואָס מאַכט פאַרשידענע עקספּערימענטן, האָט בן גוריון זיין אייגענע „גייסטיגע לאַבאָראַטאָריע״, וואו ער אַנאַליזירט יעדען פּאָליטישן שטריך, יעדע ערשיינונג, יעדען העל און טונקעל וואָלקענדל אויפ׳ן אַלגעמיינעם פּאָליטישען הימעל, און ספּעציעל אויף דעם ישראל׳דיקן. איבעראַל זעט ער צוויי אַלטערנאַטיוועס, צוויי אויסוועגען, וואָס קאָנען זיין גינסטיג, אָדער אומגינסטיק פאַר דער מדינה. ראשית חכמה האַלט בן גוריון, אַז מדינת ישראל

איז לגמרי ניט ענליך צו וועלכען עס איז אַנדער לאַנד, אויף דער וועלט. דאָס איז אַקסיאָס נומער 1. ער דענקט, אַז ניט דער ווידערגעבורט פון דער מדינה, און ניט איר עקזיסטענץ קענען פאַרגליכן ווערן מיט וועלכן עס איז אַנדער לאַנד, ווייל ביי זיי ווערט אַלץ געמאָסטן מיט דעם, וואָס זיי האָבן שוין פאַרמאָגט. בעת מדינת ישראל איז נאָך אַלץ אָפּהענגיג פון דעם, וואָס עס קאָן נאָך ערשט ווערן... דאָס מיינט, אַז עס וועגדט זיך נאָך זעהר אַ סך אָן דעם וויפיל אידן וועלען עולה זיין קיין ישראל פון די תפוצות הגולה.

נבך די ערשטע 18 יאָר זעט מען אַ פאַרגרעסערטע באַפעלקערונג אין ישראל, אָבער זי איז אויסגעוואַקסען אַ דאַנק דער אימיגראַציע, דער עליה. דער שווער־פונקט פון ישראל ליגט אין דער שמירה, אין דער זיכערקייט פון די ישראל גרענעצען, וואָס אין דער הינזיכט איז ישראל אַבסאָלוט ניט גלייך צו קיין שום אַנדער לאַנד אויפן ערד־קוגל, ווייל קיין שום אַנדער לאַנד איז אַזוי ניט אַרומגערינגעלט מיט שונאים פון אַלע זייטען, ווי ישראל. דערצו זענען די שונאים האַרטנעקיג, און צילען נאָר צו פאַרניכטען די אידישע מדינה, און דאָס צווינגט ישראל צו לעבן כמעט ווי אונטער אַ באַלאַגערונגס צושטאַנד... אום צו געפינען אַביסעל מנוחה אונטער אַזעלכע אומשטענדען, קאָנען נאָר זיין צוויי אויסוועגען: אָדער מען זאָל אַליין זיין געניג שטאַרק און ניט מורא האָבען פאַר די שונאים, אָדער זיך אָנשטרענגען אויסצומיידען אַ קריג אונטער אַלע אומשטענדען. עס איז פאַרשטענדליך, אַז ישראל קאָן ניט בלייבן אויף אייביג לעבען אין אַזעלכע אומשטענדען, און עס איז דורכאויס נויטיג צו געפינען אַ וועג פאַר שלום און צוזאַמענאַרבייט מיט די שכנים (דער לעצטער באַזוך פון כרושטשעוו שונא־ישראל האָט היבש דעמאָראַליזירט נאַסער׳ן און צושרויפט זיין פאַנטאַזיע, און דאָס האָט פאַרנעפּלט די שטימונגען נאָך מער, ווי פריער, און אָפּגעשטופּט דעם אויסבליק אויף אַ מעגלעכן נאָענטן שלום).

וואָס אַנבאַלאַנגט דער צייט, איז זי אַמאָל געגען ישראל און אַמאָל פאַר ישראל, און עס איז אָפּהענגיג פון דעם, ווי מען באַנוצט זיך מיט איר... דער הויפּט חסרון איז, וואָס די אַראַבישע שכנים פאַרמערען זיך, ווערען שטאַרקער און במילא גייען זיי פאָראויס.

מדינת ישראל, דענקט בן גוריון, וועט ניט קאָנען אונטער קיינע אומ־שטענדען דעריאָגען דעם נאַטירליכען צוואוואוקס פון עגיפּטען אַליין, און בפרט פון די אַנדערע אַראַבישע לענדער. ער זעט ניט פאָר, אַז די פּראָפּאָרץ צווישן אידן און אַראַבער זאָל קלענער ווערען, נאָר גראַד להיפוך, זי וועט נאָך פאַרגרעסערט ווערען, וואָס איז העכסט נאַטירליך און פאַרשטענדליך...

בן גוריון קוקט אויך ניכטער אויף דער מיליטערישער פאַרבעסערונג פון די אַראַבישע לענדער. דאָס מיינט, אַז די עגיפּטישע און אַנדערע אַראַבישע

אַרמייען ווערען מער געשולט, מער פאַרגעברייט, און מען דאַרף פאַרשטיין, אַז דאָס וואָס עגיפּטן איז געווען אין יאָר 1956, איז זי שוין ניט מער... די אַראַבער האָבען פּראָגרעסירט זינט דאַן, און ניט נאָר מיליטעריש, נאָר אויך אויף אַנדערע געביטען, זייער שול וועזען האָט געמאַכט אַ פּראָגרעס. די צאָל סטודענטן אין די אוניווערסיטעטען איז פיל גרעסער, ווי פריער. לויט זיין חשבון שטודירען אין עגיפּטען גופא אַ 120 טויזענד סטודענטען, און וואו זענען די גאַנץ היבשע צאָלען, וואָס שטודירען אין רוסלאַנד, ענגלאַנד, טשעכיע, אַמעריקע, דייטשלאַנד, פראַנקרייך א.א. לענדער.

בן גוריון זעט אויך די געפאַר פון דעם פאַרגרעסערטען סכום און קוואַליטעט פון וואָפען וואָס זיי באַקומען פון די קאָמוניסטישע לענדער, סיי פאַר אַ ביליגען פרייז און סיי ביי לייכטע צאָלונגס באַדינגונגען. מיט אַנדערע ווערטער, פון שטאַנדפּונקט פון וואָפען, ווירקט די צייט געגען ישראל. דערפאַר אָבער זעט בן גוריון אַ העלערען האָריזאָנט פאַר ישראל אויף דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרענע. פיל פריינטליכע מדינות קוקן מער גינסטיג אויף ישראל, און שאַצן אָפּ איר קאָאָפּעראַציע און גרייטקייט צו העלפן איר מיט וואָס נאָר מעגלעך. די אַראַבער האָבן געפונען הילף און געווער אין ענגלאַנד, און אויך אין אַנדערע לענדער, אויך האָבן זיי שוין געשולטע קאָמאַנדירן, וואָס מיינט אין לעצטן סך הכל זייער פיל, בעת ישראל קאָן דאָס אַלץ ניט דערווייזן!...

די אַלע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע דערשיינונגען האָבען אינסטינקטיוו אויספאָרמירט בן גוריונ'ס רעאַלען בליק אויף דער לאַגע, און ער איז געקומען צו דער מסקנא, אַז ראשית כל דאַרף ישראל האָבן גענוג כוח אויסצומיידן אַ קריג. אין געגנפאַל מוז ישראל זיין אויף אַזוי פיל שטאַרק, אַז זי זאָל קענען געווינען דעם קריג... ביז לעצטנס האָט ישראל אָפּגעהאַלטן מיליטערישע נצחונות, אָבער דער אויפשטייגענדער אַראַבישער פּאַטריאָטיזם און אַמביציע דיקטירט זיי בלויז צו פאַרניכטען ישראל, ווי דאָס האַלט אין איין טענה'ן דער עגיפּטישער „העלד" נאַסער, הגם מען האָט שוין געזען זיין „העלדישקייט" אַ פּאָר מאָל...

היינט צו טאָג זענען פאַראַן אייניגע לענדער, וואָס שטעלען צו וואָפען צו ישראל און דאָס העלפט נאַטירליך אויסצומיידען אַ מלחמה. קאַנאַדע איז גראָד געווען צווישען די פריינטליכע לענדער, וואָס האָט אויך אַרויסגעוויזען גרייטקייט צו ליפערן געווער קיין ישראל, און ישראל האָט אַפילו שוין געהאַט געשלאָסען מיט איר אַן אָפּמאַך, אָבער שפּעטער האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז מען קאָן זיך שוין באַגיין אָהן נייע געווער־קניות, און דער ענין פון געווער איז פאַרבליבן אין דער לופטן. דאָך האַלט אַן קאַנאַדע די גאַנצע צייט אַ זייער פריינטלעכע באַציאונג מיט ישראל. סיי דער פריערדיקער פּרעמיער דזשאַן דיפענבייקער און סיי דער ליבעראַלער פּרעמיער לעסטער פּירסאָן האַלטן

אַן אַ פּריינטשאַפט מיט ישראל, ווייל קאַנאַדע איז אין תוך אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, און זוכט נאָר גערעכטיגקייט.

די קאַנאַדער שטאַטסלייט פילען, אַז ישראל ווערט פאַרפאַלגט אָן קיין שום אורזאַך, און באַוואויגן פון ליבעראַליזם און הומאַניטעט, זיינען זיי ג״ייט צו העלפען דער אידישער מדינה ביי יעדער געפאַר, און ישראל שאַצט דאָס זעהר גוט אָפּ...

פון דעם אַלעמען קומען מיר צום באַשלוס, אַז בן גוריון האָט זיין בליק וועגן ישראל׳ס זיכערקייט ניט געענדערט שוין זייענדיק פּרעמיער. להיפוך ער זעט אַלץ בולט׳ער די רעאַלעווירקליכקייט, און ציט די קאָנסעקווענצען לויט זיין השגה און ערפאַרונג. דאָס איז לויט אונזער מיינונג אַ נאָכגעטראַכטע און אַ מער־וויניקער ניכטערע אָפּשאַצונג פון בן גוריונס חשבונות און אויסרעכנונגען, לויט וועלכע ער אָריענטירט זיך שטענדיג פּאָזיטיוו. מיר דענקען אַז דער דאָזיגער געדאַנקענגאַנג וועט אויך אין דער נאָנטער צוקונפט דינען אַלס אָריענטאַציע פאַר די אַלע, וועלכע וועלען שטיין ביים רודער און אין וועמעס הענט עס וועט ליגען דער שיקזאַל פון מדינת ישראל, אויב חלילה עס זאָל קומען די געפאַר פון אַ מלחמה.

מיר האָבען אָנגענומען בן גוריונס געדאַנק אַלס פּרינציפּ פאַר דער נאָענטער צוקונפט פון מדינת ישראל, און מיר זעען אין דעם זיין לאַנגיאָריקע ערפאַרונג אַלס 1טער אַרכיטעקט פון מדינת ישראל, אַלס דער יעניקער, וועלכער האָט צוריק אַרויפגעשטעלט די אידישע מדינה אויף דער מאַפּע פון דער וועלט, נאָכדעם, ווי זי האָט דאָרט אויסגעפעלט קנאַפּע 2000 יאָר.

עס איז ממש מערקווירדיק, וואָס ער האָט זיין בליק ווינציק געענדערט במשך פון דער צייט, און איז דורכגעדרונגען מיט דער ישראל־ווירקלעכקייט פולע הונדערט פּראָצענט. דאָס איז געווען אונזער טיפסטער איינדרוק פון געשפּרעך.

מיר זעען לעצטנס, אַז הגב עס זיינען דאָ געוויסע הנחות אין זין פון נאָכגיביקייט מצד דעם היינטיקן פּרעמיער לוי אשכול, איז אָבער נאָך אַלץ די שיטה פון בן גוריונען טיף פאַרוואָרצאָלט. זיין וואָרט און מיינונג האָט נאָך אַלץ וואָג און ציט אויפמערקזאַמקייט פון דער מדינה און אויך אין חוץ־לארץ...

אמת, בן גוריונ׳ס לעצטע שריט ד. ה. די„ פּרשה לבן״ האָט זעהר שטאַרק צוטרייסלט זיין פּאָזיציע, כאָטש ער איז אויסער דער רעגירונג. בן גוריון איז אָבער אַלע מאָל „די רעגרונג״, צי ער איז פּרעמיער, אָדער אפילו אַ פשוט׳ער כנסת דעפּוטאַט. ער פילט לעצנטס, אַז זיין „עגאָ״, זיין „איך״ איז פאַרוואונדעט, און דאָך וועט ער זיין קאַמף ניט אויפגעבן, און

וועט מיט די לעצטע כוחות שווימען קעגן שטראָם, כדי צו דערווייזן זיין גערעכטיגקייט און קאָנסעקווענץ... מיר זענען לײדער נאָך אַלץ ניט גענוי אינפאָרמירט אין דעם „עסק ביש״ כדי צו געבן דעם לייענער אַ קלאָרן דעפיניציע, אין וואָס דער קאַמף באַשטייט, און פאַרוואָס ער ציט זיך שוין כמעט יאָרן.

דערווייל פיבערט דער גאַנצער ישוב, ס׳איז געפאַלן די רעגירונג, און דער צענטער פון דער טראַגעדיע איז בן גוריון.

ווען די שורות וועלן דערגרייכן דעם לייענער, וועט שוין באַטירליך אַלץ זיין געענדיגט, „חסל סדור פסח״. אָבער אונטער אַלע אומשטענדן האָט די פּרשה „לבן״ געשאַפן אַן „אבן נגף״ אויפ׳ן וועג פון ווייטערן ישראל׳ס פּראָגרעס, און שטאַרק פאַרהאַלטן דעם פולס פון דער ישראל אַרבייטערשאַפט, צושטערענדיק אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס דעם גלייכגעוויכט פון אינערליכן און אויסערליכן ישראל סטאַטוס, וואָס דאָס איז, אונטער אַלע אומשטענדן אַ העכסט פאַרדריסליכע פאַסירונג!

בן גוריון האָט מעשה פּראָטעסט געשאַפן זיין פּאַרטיי „רפי״ מיט דער־ווײלטע 10 מיטגלידער צו דער 6־טער כנסת, אָבער זיין „דונער״ וועט נאָך לאַנג אָנהאַלטן, כל זמן שהנשמה בקרבו...

זיבעצנטער קאַפּיטל

# אַ באַזוך אין ירושלימער עיריה

**אַ פריינטלעכע אויפנאַמע פון מעיאָר מרדכי איש שלום און וויצע מעיאָר מ. גווירצמאַן. — אַ געשפרעך וועגן דער הייליקער שטאָט ירושלים, איר ראָל פון אַמאָל און היינט. — די פריערדיגע מעיאָרס פון דער באַנייטער ירושלים — דניאל אוסטער, ש. ז. שרגאי, גרשון אגרון, דער ביז איצטיקער מעיאָר איש שלום און טעדי קאָלעק. — איינצלהייטן פון ירושלים'ער אַנטוויקלונג פאַר דער צייט, זינט איש שלום איז אין אַמט. — די פּראָבלעמען פון דער ירושלימ'ער עיריה, די וואונדערבאַרע מוסדות און אינסטיטוציעס, וואָס געפינען זיך אין ירושלים, אויסער רעגירונגס־אַפּאַראַטן, די כנסת און אָפּיסעס פון פרעזידענט און פרעמיער.**

אויף דער איינלאַדונג פון דעם מעיאָר פון ירושלים, מרדכי איש שלום, וועלכן מיר האָבן מיט עטלעכע טעג פריער באַגעגנט ביי דער פערציק־יאָריקער פייערונג פון הפועל המזרחי אין די בניני האומה, אין ירושלים, האָבן מיר אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין דער עיריה (מאַגיסטראַט און שטאָט־ראַט) פון ירושלים, וואו מיר זיינען פריינטלעך אויפגענומען געוואָרן פון ראש־העיריה איש שלום און דעם וויצע־מעיאָר מר מ. גווירצמאַן, נאַטירלעך אין הויפּט־אָפּיס פון מעיאָר.

מיר האָבן געוואָלט זיך דערוויסן, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר ירושלים היינט צו טאָג, אַלס די עיר הבירה פון מדינת ישראל. וואָס זיינען אירע פּראָבּלעמען, אויפגאַבן, צילן, און אין וועלכע אומשטענדן די עיריה אַרבעט; איר בודזשעט, נויטן, געזעלשאַפטליכע שוץ, וואַסער לייטונג א. א.

דאָס זיינען געווען אומגעפער די פראַגן, וועלכע מיר האָבן בדעה געהאַט צו באַרירן, כדי צו דערוויסן זיך פון דער ערשטער האַנט וועגן דעם מצב פון ירושלים. ווער נאָך אַזוי, ווי דער מעיאָר און וויצע־מעיאָר זענען אַזוי קאָמפּעטענט צו געבן אַזעלכע אינפאָרמאַציעס? עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, עפּעס אַנדערש. מער, ווי מיר האָבן געוואָלט אַלץ דערגיין וועגן דער הויפּט־שטאָט ירושלים, וועלכע איז אייביק אָנגעלאָדן מיט זכרונות און עמאָציעס פון אַמאָל און גייט אונז קיינמאָל ניט אַרויס פון זכרון, נאָכדעם, ווי מיר האָבן שוין הונדערטער יאָרן ווידערהאָלט „ולירושלים עירך ברחמים תשוב" און אַנדערע פּזמונות, — האָט דער בראַוער און העכסט פריינטלעכער מעיאָר פון ירושלים, מרדכי איש שלום, געוואָלט פון אונז דערגיין, וואָס עס הערט זיך אין קאַנאַדע,

אין צפון־אַמעריקע, אין דרום אַמעריקע, און בכלל אויף דער זייט אַטלאַנטיק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איש שלום איז גאַנץ גוט באַקאַנט און באַהאַוונט אין אונזערע מקומות. ער קאָן אויך אַ סך כלל טוער, ציוניסטישע עסקנים, און מענטשן, וואָס שטייען בראש פון אונזערע קהלות... מיר האָבן זיך געוואונ־דערט, וואָס זיצנדיק אין ירושלים, האַלט ער זיין האַנט אויף דעם פולס פון דעם אידישן לעבן אין די תפוצות, און טאַקע הויפטזעכלעך — אין די אַמעריקאַנער לענדער... ער איז גוט אינפאָרמירט, האָט אַ שטאַרקע באַקאַנטשאַפט מיט דער אידישער פרעסע, מיט פרעזידענטן פון די גרעסטע אידישע אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס א. אז. וו.


דער מחבר ע״ה מיט איש שלום
דער מעיאָר פון ירושלים

אַזוי אַרום איז ענטשטאַנען אַ מין „דאָפּלטער אינטערוויו", ווייל מיר האָבן געזוכט אַלץ מער ידיעות וועגן ירושלים, און איש שלום — מער אינפאָרמאַציעס פון קאַנאַדע און גאַנץ אַמעריקע. דעריבער האָט זיך פאַר־צויגן דער געשפרעך געגוג לאַנג, און מיר האָבן דאָך אויפגענומען געוויסע אינפאָרמאַציעס וועגן ירושלים.

זיצנדיק און טראַכטנדיק, איז געקומען אויפן געדאַנק אַז ירושל־ים׳ס נאָמען איז מסתם געווען „שלם", לויט דעם פסוק אין תהלים (קאַפּ. ע״ו) „ויהי בשלם סוכו, ומעונתו בציון", ג־ט׳ס סוכה איז אין ירוש־לים, און זיין וואוינונג — אין ציון.

וואָס אַנבאַלאַנגט די כתבי־הקודש טרעפן מיר צום ערשטן מאָל דעם נאָמען פון ירושלים אין יהושע י׳, אָן אַ יוד (אגב איז אין גאַנץ תנ״ך דער וואָרט „ירושלים" כמעט שטענדיק אָן אַ יוד, בלויז מיט עטלעכע אויסנאַמען). אויף די אַמאָליקע העברעאישע מטבעות פון די חשמונאים האָט זיך געפונען דער אויפשריפט „ירושלים הקדושה". דער אויפבלי־פּעריאָד פון ירושלים געהערט צו די צייטן פון דוד המלך און שפּעטער שלמה המלך, ווען עס איז געשטאַנען דער בית המקדש און ירושלים איז געווען דער צענטער פון דער וועלט. ירושלים איז אויך איינע פון די הייליקסטע שטעט פאַר קריסטן און מאַכמעדאַנער, אָבער ירושלים איז קודם כל אידיש, און אונזער גאַנצע אידישע מענטאַליטעט, די פילאָזאָפיעס פון אונזערע תנאים ואמוראים, פון אונזערע גרעסטע דיכטער און בעלי־מחשבה פון אַלע צייטן און דורות, ליגן אין ירושלים.

מיר וועלן דאָ אָבער ניט אַריינלאָזן זיך אין היסטאָרישע פאָרשונגען, אין די אַלע מלחמות און אָקופּאַציעס, וואָס ירושלים האָט שוין דורכגעמאַכט. דאָס איז אַן ענין פאַר זיך אַליין, און וועגן דעם האָבן זיך שוין פיל פריער פון אונז מקדים געווען און אָנגעשריבן פיל ביכער און אָפּהאַנדלונגען.

מיר וועלן זיך דאָ דעריבער אָפּשטעלן נאָר אויף ירושלים פון היינט, אויף איר ראָל אַלס די באַנייטע אידישע רעזידענץ פון דער ישראל־רעגירונג, אַלס דער וואוינאָרט פון דעם נשיא המדינה, ראש הממשלה, די מיניסטעריומס, די כנסת און וויכטיקסטע מוסדות, וואָס זיינען פאַראַן אין ירושלים, זינט די מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, א. א. וו. מיר האָבן אָבער געוואָלט דערגיין מער פּרטים און די פּאַקטישע זאַכלאַגע פון ירושלים. פון אונזער געשפּרעך, האָבן מיר זיך געשאַפן אַ באַגריף, וואָס ירושלים פאַרמאָגט היינט צו טאָג, וואָס איר פעלט, און וואָס איז די זאָרג פון איר אַדמיניסטראַציע אין איצטיקן מאָ־מענט. דער ערשטער מעיאָר פון ירושלים איז געווען דניאל אוסטער, וועלכער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט. דער צווייטער מעיאָר איז געווען ש. ז. שרגאי, וועלכער האָט פיל אויפגעטאָן פאַר דער שטאָט. אין יאָר 1955 (אין סעפּטעמבער), האָט גרשון אגרון (אַגראָנסקי) ע״ה איבערגענומען דעם חשוב׳ן מעיאָר אַמט, און ער האָט באַזונדערס בייגעטראָגן צו דער פאַרשענערונג און פאַרגרעסערונג פון ירושלים. צווישן זיינע הויפּט מיטהעלפער איז אויך געווען מרדכי איש שלום, וועלכער איז שפּעטער, דעם 15־טן דעצעמבער 1959, אויס־געקליבן געוואָרן אַלס מעיאָר פון ירושלים, און זיין פאַקטישער וויצע־מעיאָר איז מר. מ. גווירצמאַן, אויסער נאָך אייניקע וויצע־מעיאָרס, וועלכע זיינען אָן אַ ספּעציעלן סטאַטוס.

איש־שלום שטראַלט ממש פון גליק, פילנדיק זיך אַלס דער ראש העיר פון דער ישראל קאַפּיטאַל, ירושלים... אונז האָט זיך געדוכט, אַז די שכינה רוט אויף אים... ער פילט די אחריות פאַר ירושלים, און גלייכצייטיק די פרייד, וואָס ער רעפּרעזענטירט אַזאַ וויכטיקע מוניציפּאַליטעט... לויט זיינע ווערטער, האָט זיך דער שטראָם פון עולי רגל׳ניקעס קיין ירושלים קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט. געווען צייטן, ווען עס פלעגן קומען מער, און געווען צייטן ווען ווייניקער פּיל־גרימען פלעגן זיך ציען קיין ירושלים, פּונקט ווי להבדיל די מאַכמעדאַנער פלעגן זיך אַמאָל און אויך נאָך היינט ציען קיין מעקאַ, זייער הייליגע שטאָט, וואו מאַהאַמעד איז געבוירען געוואָרען.

היינט צו טאָג איז נישטאָ מער קיין פראַגע וועגן וואַסער אין ירושלים — האָט אונז אויפגעקלערט מעיאָר איש־שלום. דאָס מיינט, אַז די פריערדיקע טרויעריקע וואַסער־סיטואַציע איז ליקווידירט! דער שטאָט־ראָט האָט אָנגענומען אַלע מעגלעכע מיטלען, אַז ירושלים זאָל ניט האָבן מער קיין זאָרג וועגן דעם. ירושלים האָט פאַר די לעצטע יאָרן געשאַפן אַ ריי גערטנער און פּאַרקן, אויך פּאָבליק פלעצער, וועמעס צאָל שטייגט באַלד צו זיבעציק. די טראָטואַרן, וועגן, אַלייען און גאַסן זיינען דורכגעשניטן געוואָרן אין אַלע אַרומיקע

שטעטלעך פון ירושלים (סובאַרבס) און דאָס האָט פיל פאַרלייכטערט די קאָ־מוניקאַציע מיט ירושלים. גאַנצע 90 פּראָצענט פון הייזער זיינען פאַרזיכערט מיט קאַנאַליזאַציע, און די איבעריקע 10 פּראָצענט וועלן אויך קירצלעך באַזאָרגט ווערן. עס ווערן כסדר געשלאָסן קאָנטראַקטן מיט גרויסע בוי־פירמעס, וועגן נייע בוי־פּראָגראַמען, אויך וועגן פּריוואַטע אונטערנעמונגען. דאָס שאַפט אַ בעסערע לאַגע פאַר ירושלים, אַ מער זיכערע און סטאַבילערע. מהאי טעמו וואַקסט ירושלים קולטורעל, געזעלשאַפטלעך, עקאָנאָמיש און גייסטיק. טויזנטער נייע עלעקטרישע לאָמפּן קומען צו יעדן יאָר סיי אין ירושלים גופא, און סיי אין די הינטער־שטאָטישע דיסטריקטן, וואָס פאַרבינדן ירושלים מיט זיי.

בנוגע דעם מצב פון חינוך אין ירושלים, האָבן מיר אויסגעפונען, אַז מער פון 400 נייע קלאַס־צימערן זיינען צוגעקומען לעצטנס. דאָס האָט פאַרשפּאָרט צו האָבן אַ צווייטן שיפט תלמידים. די פרייע צימערן ווערן לעצטנס גענוצט פאַר קורסן און פּראָגראַמען פאַר וויסנשאַפט, ווי אויך פאַר העברעאישע קורסן לעקציעס און אונטערהאַלט...

פון באַזונדער וויכטיקייט איז די אָנשטרענגונג צו האַלטן די האַנט אויפן געזעלשאַפטלעכן וואויל פון דער באַפעלקערונג. קודם ווערן געזוכט אַלע מעגלעכע מיטלען צו העלפן די נייע עולים צו רעהאַביליטירן זיך. מען פּאַסט אויף זייערע משפּחות, מען זאָרגט פאַר זייער געזונט, מען שאַפט גע־נוג מעדיצינישע הילף און בעטן אין די שפּיטעלער; מען עפנט אויף קלובן, פאַר עלטערע, ווי פאַר אינגערע, כדי אַריינצוברענגען זיי אין דער אייגענער סביבה, אין דער לאַנד־אַטמאָספערע. דאָס איז נאַטירלעך איינע פון די חשובסטע אויפגאַבן, מקרב צו זיין און מאַכן צו פילן גוט יעדן ניי־אַריבער־געקומענעם עולה, און אויסשטרעקן אים אַ ברידערלעכע האַנט!...

עס איז לעצטנס באַזונדערס פיל אויפגעטאָן געוואָרן אין ירושלים אויפן געביט פון אַלגעמיינער געזונטהייט, ווייל מען האָט אַריבערגעפירט די מיסט־זאַמלונגען צום פאַרברענען און פאַרניכטונג אויף גאַנצע 12 קילאָמעטער ווייט פון שטאָט, און דאָס האָט געהאָט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דעם סאַניטאַר־וועזן און פאָלקס־געזונט.

מיר האָבן בדרך אגב באַרירט די פראַגע פון ירושלימער מוניציפּאַליטעט־בודזשעט, און זיך דערוואוסט, אַז די בודזשעטן פון ירושלים וואַקסן פון יאָר צו יאָר, און דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. נייע פּאַרקן, נייע שולן, נייע גאַסן. ווען מיר פאַרגלייכן די שטאָטישע אויסגאַבן מיט עטלעכע יאָר צוריק און היינט, ווי למשל דעם בודזשעט פון ירושלים אין יאָר 1955־1956 איז ער געווען ניין מיליאָן פונט. אין יאָר 1959־1960 האָט ער שוין באַטראָפן מיט איבער 50 פּראָצענט מער, נעמלעך 14 מיליאָן פונט. היינט האַלט שוין דער ירושלימער בודזשעט איבער 20 מיליאָן פונט, און ער וועט נאָך ווייטער שטייגן. דאָס זיינען די נאַטירלעכע פערמאַנענטע הוצאות, אָבער אָן די ווייטערע אויסגאַבן, וואָס ווערן פאַררעכנט אויפן חשבון פון אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. וואַרפט מען

אַ בליק אויף די צוגאַב־בודזשעטן פאַר ווייטערע אַנטוויקלונגען, זעט מען אַ מערקווירדיקן חילוק אין די אויסגאַבן: אין דעם יאָר 1956־1955 האָט די מוניציפּאַליטעט געהאַט אַ צוגאַב־בודזשעט פון אַ האַלב מיליאָן פונט, וואָס עס מיינט, אַז מען האָט „כמעט" גאָרנישט אויפגעטאָן פאַר דער עקספּאַנסיע פון שטאָטישע באַקוועמלעכקייטן. אין יאָר 1960־1959 האָט שוין דער אַזוי־גערופע־נער דעוועלאָפּמענט־בודזשעט באַטראָפן עלף מאָל אַזוי פיל, ד.ה. פינף און אַ האַלב מיליאָן פונט. דאָס איז אַ בולטער באַווייז, ווי די פריערדיקע ירושלים, וואָס איז געווען פאַרוואָרלאָזט, פאַראָרימט, פאַרשמוציקט, ווערט אַלץ מער צו־געפּאַסט צו זיין די הויפּט־שטאָט פון דער אידישער מדינה.

ס'וועט לאַנג ניט נעמען, און דער שטאָט־בודזשעט וועט באַטרעפן 10 מיליאָן פונט.

פּאַראַלעל צו דעם אַנטוויקלונגס־פּראָגראַם, מערקט מען אויך אַ גרויסן אונטערשייד אין וואוקס פון דער באַפעלקערונג. די צאָל איינוואוינער וואַקסט פון חודש צו חודש, און זינט ירושלים איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס די הויפּ־שטאָט פון מדינת ישראל, איז דער שאָסיי צווישן ירושלים און תל אביב געוואָרן איינע פון די „לעבעדיקסטע ארטעריעס" אויפן גאַנצן מיטל מזרח...

מיר זיינען אויך געוואויר געוואָרן, אַז אַ היבשע צאָל באַאַמטע, וואָס האָבן פריער געלעבט אין תל אביב, האַלטן נאָך אויך היינט אָן זייערע דירות, הגם זיי לעבן זיך אויס מערסטנס אין ירושלים. בן־גוריון טיילט איין זיין צייט צווישן תל אביב ירושלים און שדה בקר... זיין הויז אויף בן מימון גאַס אין ירושלים איז אַ בנין פון 2 שטאָק מיט אַ גאָרטן. בן־גוריון האָט אויך באַש־טימט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער תנ"ך־קאָנקורס זאָל פאָרקומען אין ירושלים.

אין ירושלים ליגט סיי דאָס האַרץ פון אידישן פאָלק, און סיי די אַלע נאַציאָנאַלע פאַרמעגנס, וואָס מיר האָבן היינט, אויסער די רעזידענצן פון מדינה־פּרעזידענט, פון דעם פּרעמיער מיניסטער, פון אַלע אַנדערע מיניסטעריומס כנסת און רעגירונגס־אינסטיטוציעס, איז אויך דאָ אַ צאָל פון די גרעסטע מוסדות וואָס די מדינה האָט שוין אויפגעשטעלט, ווי דער העברעאישער אוניווערזיטעט, דער הדסה האָספּיטאַל, בניני האומה, דער היכל שלמה, דער מוסד הרב קוק, די העברעאישע ענציקלאָפּעדיע, די אנציקלופדיה תלמודית, דער בית סוקולוב, בית ביאַליק, בית טשערניכובסקי, בית זשאַבאָטינסקי, קק"ל, לשכת העתונות הממשלתית און פיל צענדליקער אַנדערע זייער וויכטיקע אינס־טיטוציעס, וועגן וועלכע אונז וועט נאָך אויסקומען צו דערציילן. דאָס זיינען בלויז קורצע אָפּגעהאַקטע שטריכען פון אונזער ירושלים של מעלה וירושלים של מטה... מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט מיט דעם ליבן געווו. פריינד מרדכי איש שלום, מיט מר. מ. גווירצמאַן, און אַנדערע וואָס זיינען שפּעטער צוגעקומען, און זיך אַליין געוואונטשן מיטן פולן האַרצן **„לשנה הבאה בירושלים הבנויה"...**

אַכצנטער קאַפּיטל

# די ראָל פון דער אידישער אַגענטור אין ישראל

## דער פיל פאַרצווייגטער אַפּאַראַט פון דער אידישער אַגענטור אין ישראל. — דער עקאָנאָמישער דעפּאַרטמענט און די אָפּטיילונג פון יוגנט עליה. — אימיגראַציע, התישבות, און אַבזאָרבירונגס־פּראָבלעמען, וואָס ווערן געשליכטעט פון דער אידישער אַגענטור, און די גרויסע אַרבעט אין די תפוצות. — די פּובליקאַציעס און אַנדערע פּראָפּאַגאַנדע־מיטלען, צו באַקומען גרעסערע געלט־סומען פאַר איר טעטיקייט.

עס איז ניט מעגלעך צו זיין אין ישראל, און ניט זען די גרויסע ראָל, וואָס די אידישע אַגענטור שפּילט אין לעבן פון דער מדינה. עס איז ניט אָפּצושאַצן די קאָלאָסאַלע לייסטונג פון דער אַגענטור, וועלכע שאַפט ריזיקע מיליאָנען דאָלאַרן און איז אַזוי שטאַרק אינסטרומענטאַל אין דעם פּראָגרעס פון דער מדינה, ווייל זי טוט אַלץ אין פולן הסכם מיט די רעגירונגס־אויטאָריטעטן, און ישראל ספּעציאַליסטן אויף אַלע געביטן פון לעבען.

מיט אַנדערע ווערטער, די אידישע אַגענטור, אָדער ווי זי רופט זיך אין העברעאיש „הסוכנות היהודית לארץ ישראל״, איז דער פּאַקטישער בריק צווישן די תפוצות און מדינת ישראל. זי רעקורוטירט נייע עולים אין די לענדער פון דער דיאַספּאָראַ; זי אָרגאַניזירט די פאַרשידענע איבערזידלונגען פון די גלות לענדער קיין ישראל; זי קריגט די גרויסע פאָנדן, כדי צו קאָנען דערפילן אירע אויפגאַבן; זי האָט אַ היבשע נעץ פון פאַרשידענע אָפּטיילונגען, וואָס זיינען זיך מטפל מיט די באַזונדערע צווייגן פון טעטיקייט. דאַריבער איז זי געוואָרן אַ „לעבענס״־אינסטרומענט אין פּראָצעס פון גאולת העם, דער מדינה אַליין. באַטירלעך, זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע וויכטיקע אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן, וואָס זיינען אוניקומס אויף זייער געביט, ווי צ.ב. דער אידישער נאַציאָנאַל פאָנד, דער לעצטנס געשאַפענער אַפּאַראַט „יד ושם״; דער אידישער וועלט־קאָנגרעס, די „אָרט״־אָרגאַניזאַציע, די פאַרשידענע ריזיקע פאַרלאָגן אין ישראל, וואָס האַלטן אין איין אַרויסגעבן נייע ווערק פון אויסערגעוויינלעכן כאַראַקטער; די היבשע צאָל בענק, וואָס געפינען זיך אין לאַנד; די קופּת חולים וואָס פירט דורך אַ זייער ערנסטע און וואונדערבאַרע ראָל אין לעבן פון די ישראל בירגער; די שילומים־קאָרפּאָראַציע, אָדער ווי זי הייסט אין העברעאיש „חברת השילומים״; די פאַרשידענע צווייגן פון ציוניזם, ווי אַלגעמיינע ציוניסטן, רעליגיעזע, אַרבעטער ציוניסטן, רעוויזיאָניסטן און נאָך אַ ריי ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס; וויצאָ, פרויען מזרחי און פרויען פּיאָנערן, מלבן א. אז.

**ו. — דאָך איז די אידישע אַגענטור דער הויפּט אַפּאַראַט, וואָס רעגולירט די** וויכטיקסטע פראַגן און פּראָבלעמען. דעריבער פאַרנעמט זי אַזאַ חשוב׳ן פּלאַץ אין דעם אויפבויווערק פון מדינת ישראל, און דר. נחום גאָלדמאַן וועלכער איז יאָרן לאַנג געווען דער פּרעזידענט, האָט ניט ווייניק פאַרדינסטן אין דער אַגענטור.

אַ וויכטיקע ראָל האָט געשפּילט דער געזו. פּרעמיער דער פאַרשטאָר־בענער משה שרת, וועלכער האָט זעהר סאָלידאַריש מיטגעאַרבעט מיט דר. נחום גאָלדמאַן.


ד״ר נחום גאָלדמאַן

די הויפּט חשיבות פון דער סוכ־נות ליגט, לויט אונזער מיינונג, אין דעם, וואָס אַלס אַ הויפּט־אינסטרו־מענט העלפט זי אין קיבוץ גלויות. די ישראל רעגירונג, וועלכע איז פאַר־נומען אויסשליסלעך מיט די ישראל פּראָבלעמען, מיט דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד, מיט באַלאַנסירן איר בו־דזשעט, מיט זאָרגן פאַר די אייגענע בירגער, און באַזונדערס, פאַר פּרי־שע עולים, וואָס שטראָמען אַריין יעדן טאָג מארבע פּינות העולם, מיט האַלטן דעם פּולס פון ישוב אונטער קאָנטראָל, און זען, אַז אַלץ זאָל קלאַפּן, ווי ווייט מעגלעך, אין אוני־סאָן, — קאָן זיך ניט אָפּגעבן מיט די פּראָבלעמען פון חוץ לארץ. דאָס דערפילט די אידישע אַגענטור. זי רעגולירט דאָס אידישע לעבן אין אַלע וועלט טיילן. זי גרייט צו קאַדרען אימיגראַנטן קיין ישראל, און זעט, אַז זיי זאָלן געפינען פאַרטיקע דירות, און נישט קיין מעברות, ווי דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. זי האָט אין אויג די יוגנט, דעם מיטל־קלאַס בירגער און אויך דעם עלטערן דור, ד. ה. יעדען שיכט פון דער באַפעלקערונג.

לאָמיר דאָ דרך אגב פאַרצייכענען דעם גרינדונגס־מאָמענט פון דער אַגענטור, איר צוזאַמענשטעל, איר שייכות צום פאָלק, וואָס רוט אין ציון, און געבן אַ קורצן איבערזיכט איבער די הויפּט־פונקטן פון איר טעטיקייט.

די אידישע אַגענטור איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1929, לויט אַן אָפּמאַך: פּופציק פּראָצענט — ציוניסטן, און פופציק פּראָצענט — ניט־ציוניסטן. דער ראַט פון דער אַגענטור באַשטייט פון 224 מיטגלידער מיט אַ

קליינעם אַדמיניסטראַטיוון ראַט. די עקזעקוטיווע באַשטייט פון 8 מיטגלידער, מיט אַ קליינעם אַדמיניסטראַטיוון צוגאַב־ראַט. די עקזעקוטיווע האָט 8 מיט־גלידער, און דער צוזאַמענשטעל פון אַלע אָפּיסערס איז „פיפטי־פיפטי", האַלב ציוניסטן און האַלב ניט־ציוניסטן. די לעצטע ווערן נאַטירלעכערוויז דערוויילט פון פאַרשידענע קערפּערשאַפטן. דער גרעסטער טייל פון דער עקזעקוטיווע געפינט זיך שטענדיק אין ישראל, און אייניקע מיטגלידער זיינען אויסער ישראל. זיי פאָרן מערסטנס אַרום איבער פיל לענדער, וואו זיי קלייבן אינפאָרמאַציע און רעקרוטירן עולים קיין ישראל.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, שטייען די ישראל מיטגלידער פון דער אַגענטור אין נאָענטסטן קאָנטאַקט מיט די ציוניסטישע גרופּירונגען אין ישראל.

צו די סאַמע וויכטיקערע עובדות און צילן פון דער סוכנות געהערן: דאָס פּראָבלעם פון עליה, אימיגראַציע, וואָס מיינט אַריינברענגען וואָס מער אידן קיין מדינת ישראל.

גלייכצייטיק זאָרגט די אַגענטור פאַר זייערע נייע היימען, אַבזאָרבירונג; זי שאַפט שולן פאַר דער יוגנט, קורסן פאַר דערוואַקסענע; זי גיט אַטמאָספערע פון היימישקייט, וואַרעמקייט, זאָרגפעלטיקייט און השגחה. דאָס שליסט שוין נאַטירלעך אויך איין מעדיצינישע הילף, האָספּיטאַליזאַציע, לערנען פאַר־שידענע אומנות, און בכלל — איינגלידערן זיי אין לעבען פון דער מדינה...

לאָמיר דאָ אָנמערקן, אַז דער ענין פון טראַנספערירן עולים קיין ישראל, פון די לענדער, וואו אידן זיינען געווען איינגעבירגערט זינט לאַנגע יאָרהונדערטער, ווי צ. ב. אין צפון־אַפריקע, איז גאָרנישט אַזאַ לייכטער. מען דאַרף זיי העלפן ליקווידירן זייערע פריערדיקע געשעפטן, קריגן וויפיל עס לאָזט זיך פאַר זייערע פאַרמעגנס, כדי צו קאָנען אָנפאַנגען אַ נייעם לעבן אין ישראל, ווען זיי וועלן שוין אַריינקומען אין לאַנד.

אַ באַזונדער וויכטיקע מיסיע פון דער אידישער אַגענטור איז צו דערמוטיקן פּריוואַטע איניציאַטיווע, וואָס דאָס איז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט פאַר מדינת ישראל. דאָס קאָן דערהויבן די חשיבות פון דער מדינה אין די אויגן פון אַ סך אידן, וועלכע וואָלטן געגרן געקומען קיין ישראל, ווען זיי זאָלן קאָנען מיט זייערע גרעסערע קאַפּיטאַלן געפינען אַן עקזיסטענץ פאַר זיך. נאַטירלעך העלפט די רעגירונג זעהר פיל עלעמענטן דורך געבן זיי הלוואות, סתם דערמוטיקן אידן, אַז זיי זאָלן קאָנען אַפילו מיט באַגרענעצטע מיטלען קומען קיין ישראל און שאַפן זיך אַ נייע היים, אַ נייעם לעבן, איז ניט קיין לייכטע אויפגאַבע. די אַגענטור טוט יעדנפאַלס אַ העכסט נוצלעכע און פּראַק־טישע אַרבעט, פילנדיק די גרויסע אחריות וואָס זי טראָגט.

היות די אַגענטור קאָן ניט גרייכן יעדן יחיד, און אויפקלערן אים, וואָס ער דאַרף וויסן, האָט זי איינגעשטעלט אַ צאָל טראַנזיט־צענטערס אין פאַר־שידענע לענדער, וועלכע גיבן אַלע נויטיקע אָנווייזונגען, וואָס אַן אימיגראַנט דאַרף וויסן, איידער ער פאַרלאָזט זיין אַלט־איינגעזעסענע היים... עס איז אַ

וויכטיקער פאַקט, אַז זינט דער גרינדונג פון מדינת ישראל, און ביז היינט האָט די אַגענטור מיטגעהאָלפן איבער אַ מיליאָן אימיגראַנטן עולה צו זיין קיין ישראל. דערצו איז נאָך אַ היבשע צאָל טוריסטן פאַרבליבן אין ישראל להשתקע. דער דעפּאַרטמענט פאַר התישבות נעמט איבער די אימיגראַנטן גלייך פון שיף, אָדער פון עראָפּלאַן, און ברענגט זיי צו צוגעגרייטע היימען. נאָכער זעט מען צו פּאַרוואַנדלען די מענטשן אין נוצלעכע עלעמענטן און גוטע בירגער פון ישראל, דורך שאַפן פאַר זיי אַרבעטס־געביטן, וואַרשטאַטן, העלפנדיק זיי אָנפאַנגען קליינע מלאכה־אונטערנעמונגען אָדער מסחר, ביז דער אימיגראַנט דערפילט אַליין דעם ישראל באָדן אונטער זיינע פיס, און קאָן שוין זעלבסטשטענדיק אָנגיין מיט זיין טאָג־טעגלעכן לעבן און טעטיקייט... דאָס איז נאַטירלעך אַ קאָלאָסאַלע אויפגאַבע פאַר דער אידישער אַגענטור, און אָן איר טעטיקייט, איז ניט זיכער, צי די עליה וואָלט באַקומען אַזאַ שטאַרקן אָטעם, און צי די צאָל איינוואוינער אין ישראל וואָלט היינט געווען איבער דריי מאָל אַזוי פיל, ווי אין טאָג פון דער זעלבסטשטענדיקייט־פּראָקלאַמאַציע...

די אַגענטור־לייסטונג און הילף צו דער יוגנט־עליה איז אַ באַזונדער פּרשה פאַר זיך. דאָס איז נאָך מער קאָמפּליצירט, ווייל קינדער קומען אַריין פון פאַרשידענע לענדער, קולטורן, שפּראַכן, מנהגים און טראַדיציעס, און עס איז אויסערגעוויינלעך שווער פון זיי אַלעמען אויסצובילדן אַן איינהייטלעכע יוגנט. אויב מיט דערוואַקסענע מענטשן איז געווען שווער צו האַנדלען און דערפירן זיי צו אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, מאַכנדיק זיי פאַר גלייכע בירגער פון לאַנד מיטן טאָג, וואָס זיי קומען אַריין, — על אחת כמה וכמה איז שווער צו־נויפצושמעלצן קינדער פון פריסטער יוגנט ביז אין די היבשע צענער יאָרן, און אויסבילדן פון זיי אַלעמען אַן איינהייטלעכע אידישע יוגנט...

באַזונדערע שוועריקייטן זיינען פאַראַן צוליב זייער אָפּשטאַמונג: פיל פון זיי קומען פון שטרענג־רעליגיעזע היימען, און די עלטערן און די קינדער ווילן אומבאַדינגט האָבן אַ ריין רעליגיעזע אַטמאָספערע, כדי די קינדער זאָלן זיך אויפהאָדעווען על ברכי התורה והיהדות. אַנדערע דאַקעגן קומען פון פרייע היימען, און נאָך אַנדערע פון גאָר גלייכגילטיקע היימען וואו אידישקייט און רעליגיע זיינען געווען פון די גאָר לעצטע זאַכן...

די אידישע אַגענטור באַגעגנט זעהר פיל שוועריקייטן אויף דעם געביט, אום אַריינצופּאַסן די קינדער אין אַנטשפּרעכנדע היימען, קיבוצים, שולן, סביבות א. אַז. וו. נאַטירלעך זיינען אויך געווען פיל פאַלן פון לייכטזיניקייט, ווען מען האָט גענומען דעם ענין ניט ערנסט. עס האָט זיך אָבער שפּעטער „אויסגעפּרעסט”, און מען האָט ניט געצוואונגען קיין פאָטער אָדער מוטער צו שיקן די קינדער אין ניט־אַנטשפּרעכנדע שולן, אָדער קיבוצים... יעדנפאַלס, איז די יוגנט־עליה איינער פון די שווערסטע פּראָבלעמען פאַר דער אַגענטור, און עס איז ניט לייכט זיך אויסצעוויקלען פון דעם פּליכט הונדערט־פּראָצענט צופרידנשטעלד פאַר אַלע צדדים. לאָמיר דאָ צוגעבן, אַז לויט די לעצטע

אינפאָרמאַציעס, וואָס מיר האָבן אין ישראל באַקומען וועגן דער „יוטה־עליה", באַטרעפט שוין די צאָל אַריבערגעבראַכטע קינדער איבער 125 טויזנט. עס זיינען נאָך היינט פאַראַן פיל סעטעלמענטס, וואו עס געפינען זיך אידישע קינדער, וועלכע מען וועט בקרוב איינגלידערן אין ישראל־לעבן.

דער אַגריקולטור דעפּאַרטמענט פון דער אידישער אַגענטור איז כסדר פאַרנומען מיטן אויפשטעלן נייע לאַנדווירטשאַפטלעכע יוניטס, און מיט העלפן יונגע פאַרמער שטעלן זיך אויף די פיס... עס זיינען פאַראַן היינט צו טאָג אַרום 500 דערפער, מיט איבער 35,000 משפחות, וואָס געפינען זיך אונטער דעם לאַנד־ווירטשאַפט דעפּאַרטמענט. עס איז נאַטירלעך פאַראַן אַ ספּעציעלער טעכנישער דעפּאַרטמענט, וועמעס עובדה איז צו פּלאַנירן נייע סעטעלמענטס און אויפשטעלן די נויטיקע הייזער פאַר די עולים.

ווי אַזוי דערגרייכט די אַגענטור די אַלע צילן? וועלכע זיינען די מיטלען, וואָס העלפן איר אין דער שווערער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט?

זי האָט אַ גרויסן פּראָפּאַגאַנדע אַפּאַראַט פון אינפאָרמאַציע, צייטשריפטן, בולעטינען, ראַדיאָ פּראָגראַמען, פילמען און אַלץ, וואָס קאָן דינען פאַר דעם צוועק צו ברענגען די אידעען און אויפגאַבן פון דער אַגענטור צו דער אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט. צוויי בראָדקעסטינג סטאַנציעס, וואָס רופן זיך „קול ציון לגולה" — די שטימע פון ציון, וואו מיר האָבן אויך געהאַט די געלעגנהייט איינגעלאַדן צו ווערן אין ירושלים צו האַלטן אַ רעדע, און אויך איבערצוגעבן אַ גרוס פון דעם קאַנאַדער אידישן ישוב, במשך פון אַ האַלבע שעה צייט.

אַ צווייטע ראַדיאָ־סטאַנציע איז דער „קול ישראל" — די שטימע פון ישראל, זיי אַרבעטן ביידע יעדן טאָג פון דער וואָך, איינשליסנדיק אַפילו פייערטעג, ווייל די נייעס, וואָס קומען פאָר אין ישראל קאָנען ניט אָפּגעלייגט ווערן...

דער תורה־און חינוך־דעפּאַרטמענט איז אַ באַזונדער וויכטיקער אויפטו פון דער אַגענטור. אין אים באַטייליקן זיך רבנים, גדולי ישראל, אידן וואָס וואָרצלען טיף אין אידישקייט, און וויסן, וואָס צו זאָגן און וואָס צו פאָדערן פון אידן, און וועלכע זוכן המשך און „נצח ישראל"... דער תורה און חינוך דעפּאַרטמענט שיקט פאַנאַנדער לערער, לעקטאָרן איבער אַלע טיילן פון דער וועלט, אויך אינסטרוקטאָרן און ראשי ישיבות, מנהלים און אַפילו כלי קודש אין ערטער, וואו זיי זיינען נויטיק, כדי צו שטילן דעם אידיש־רעליגיעזן דורשט נאָך אַ תורה־וואָרט. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער צענטראַלער ציוניסטישער אַרכיוו און דער ביאַליק־אינסטיטוט זיינען אויך איינגעגלידערט אין דער טעטיקייט־ראַם פון דער אַגענטור.

די סוכנות ציט איר יניקה פון די געלטער פון קרן היסוד, קרן קימת, פון די פאַראייניקטע ישראל אַפּילן און פאַראייניקטע אידישע אַפּילן בכל אתר ואתר. נאָר אַ דאַנק זייער שטיצע און קאָאָפּעראַציע קאָן געפירט ווערן אַזאַ פיל פאַרצווייגטע טעטיקייט, און עס קאָן אויך אַזוי פיל דערגרייכט ווערן, כאָטש עס איז אַלץ נאָך ווייט פון גענוג...

נײַנצנטער קאַפּיטל

# ש. ז. שרגאי — פירער פון מחלקת העליה

**די אחריות׳פולע פירערשאַפט פון עליה־דעפּאַרטמענט, ביי דער סוכנות (מחלקת העליה) אונטער דער פירערשאַפט פון שלמה זלמן שרגאי. — ציפערן און פאַקטן, וואָס שפּיגלען אָפּ די זאַכלאַגע פון עליה קיין ישראל, און פון וועלכע לענדער אידן קומען אַריין. — די ברכה פון עליה, און די קאַלאָסאַלע שוועריקייטן, וואָס די „מחלקת העליה" טרעפט אָן אויף איר וועג. די ספּעציפישע לאַגע, וואָס מען פרעגט נאָר די עולים וואו זיי גייען זיך באַזעצן, און ניט פונוואַנען זיי קומען. — פּרטים פון געשפּרעך מיט פריינט שרגאי.**

שרייבנדיק וועגן דער גרויסער ראָל פון דער אידישער אַגענטור, און אַנרירענדיק דעם ענין פון עליה, לויט פריערדיקן קאַפּיטל, וואָלט דאָס בילד ניט פאַרבליבן קאָמפּליט, ניט אַריינברענגענדיק די מאָטיוון און פאַקטן, וועלכע עס האָט אונז איבערגעגעבן דער אחריות׳פולער פירער פון דעם אימיגראַציע־דעפּאַרטמענט ביי דער אידישער אַגענטור, שלמה זלמן שרגאי. מיר האָבן דרך אגב שוין דערמאָנט דעם ליבן נאָמען פון ש. ז. שרגאי, אין וועמעס היים דער שרייבער פון די שורות און זיין פרוי האָבן פאַרבראַכט דעם פּסח־סדר, בעת זייער ווילן אין ירושלים. אָבער דאָ איז ניט געוועזן פּאַסיק צו באַרירן ענינים, וועלכע זיינען כולו וואָכעדיק, און וועלכע האָבן אויסגעקריצט קנייטשן אויפן פּנים פון׳ם פירער פון עליה־דעפּאַרטמענט. אגב זיינען ביים סדר טיש גע־זעסן חשובע געסט, ווי דער מעיאָר פון גיבראַלטאַר, חשובע כלל טוער פון אַמעריקע, און ס׳איז ניט געווען דער מאָמענט אָנצורירן אַפילו אויבערפלעכלעך די שווערע לאַגע פון אימיגראַציע. פריינט שרגאי האָט אונז איינגעלאַדן אויף חול המועד פּסח, צו זיין ווידעראַמאָל זיין גאַסט אין זיין היים, וואו מיר האָבן אין אַ גאַנץ לענגערן שמועס באַרירט די אַלע ליכט־און שאָטן־זייטן פון עליה, ביז מיר האָבן באַקומען אַ געהעריקע בילד פון דער ערשטער האַנט.

עס געפינען זיך נאָך עד היום אַ גרעסערער צאָל אידן אין רומעניע וואָס וואָלטן געוואָלט זיך באַהעפטן מיט דער שארית הפליטה פון זייער פאָלק, אין מדינת ישראל. עס זיינען פאַראַן נאָך לענדער, פונוואַנען אידן ווילן און מוזן קומען, אָבער בעסער ניט אויסצורעכענען זיי ביי די נעמען, — האָט דער ליבער שלמה זלמן שרגאי באַמערקט. עס זיינען פאַראַן 2 קאַטעגאָריעס אידן, וואָס האָבן אַ „שייכות" צו עליה: אַזעלכע, וואָס מוזן קומען און ווילן קומען

קיין ישראל, און אַזעלכע וואָס קאָנען קומען, אָבער האַלטן זיך אָפּ פון מאַכן דעם שריט. דער ציוניזם — האָט פריינט שרגאַי באַמערקט פּאַראַדאָקסאַל — האָט געוואונען דעם קריג, אָבער פאַרשפּילט דאָס פאָלק! עס איז ניט בלויז אַ פינאַנציעלע פראַגע, נאָר אויך אַ פראַגע פון מענטשן־מאַטעריאַל... אַפילו אין אַלזשיר געפינען זיך נאָך היינט אידן, וואָס זיצן אַרום דעם סיר הבשר, און זיי קומען ווייניק אַריין אין ישראל. פאַר די לעצטע פאַר יאָר זיינען בס״ה אַריינגעקומען פון אַלזשיר 10,000 און נאָך צענדליקער טויזנטער זוכן אַנדערע לענדער וואוהין אַריינצוקומען, דאָס ערשטע, נאַטירלעך, איז פראַנקרייך, וואו ס׳זענען שוין דאָ פיל טויזנטער אַלזשירער אידן. אויך פון קובאַ איז גאָר אַ קליינע צאָל געקומען קיין ישראל, בעת קיין אַמעריקע זיינען אַריינגעקומען טויזנטער קובאַנער אידן.

פון אַרגענטינע און פון גאַנץ דרום אַמעריקע קומען אַריין צווישן 1,500 ביז 2,000 אידן יערלעך קיין ישראל, הגם די דאָרטיקע אַטמאָספערע איז איבעראַל ניט קיין אידישע, און ביים בעסטן ווילן, קאָן מען זיך ניט פילן אַזוי פריי ווי אין ישראל.

גראַד פון קאַנאַדע קומט אַ היבשע צאָל, אומגעפער אַ 500 עולים יערלעך, און דווקא אַ גוטער עלעמענט, אַן אינטעלעקטועלער. ישראל באַטראַכט די קאַנאַדער עולים ווי די אַמעריקאַנער אימיגראַנטן אַלס זייער אַנטשפּרעכנדען עלעמענט, אָבער די צאָל אַמעריקאַנער איז נאָר אַרום 1,500 עולים אַ יאָר.

אין קורצן, האָט דער ליבער שרגאַי מיט צער באַטאָנט — מיר האָבן אַ אידישע מדינה, אָבער אידן קומען ניט! מען קאָן היינט ניט ענטפערן אַ קריסט, פאַרוואָס מען פאָרט ניט קיין ישראל, אַ פראַגע וואָס איז ביז דער הקמת המדינה באמת געווען לייכט צו פאַרענטפערן...

אויף אונזער פראַגע, וויפיל, למשל זיינען אַריינגעקומען פאָריקן יאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און וואָס זיינען געווען זייערע פינאַנציעלע מיטלען, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון דער „גאָלדענער מדינה״, — האָט פריינט שרגאַי געענטפערט, אַז עס זיינען אַריינגעקומען 1,500 אַמעריקאַנער עולים, און מיטגעבראַכט אַ קאַפּיטאַל פון דריי מיליאָן דאָלאַר. אַ טייל פון זיי קריגט יערלעך סאָשעל סעקיוריטי (סאָציאַלע פאַרזיכערונג פון אַמעריקע), איבער 47,600 דאָלאַר.

נעמט צ. ב. קאַנגאָ — האָט מר. שרגאַי באַטאָנט — בס״ה זענען אַריינגעקומען פון דאָרט אַ הונדערט עולים, די איבריקע האָבן געזוכט און געפונען, אָדער האַלטן נאָך אין זוכן נייע היימען, בעת ישראל וואַרט אויף זיי.

נאַטירלעך, איז דער מער צוגעפּאַסטער עלעמענט פון אייראָפּע, אָבער ער קומט ניט אין גרויסע צאָלן. אַפילו פון דרום אפריקע, וואו אידיש לעבן איז ווייט פון מנוחה, קומען דאָך זייער ווייניק אַריין קיין ישראל, בס״ה אַרום 2,000 עולים פאַר די לעצטע צוויי יאָר...

וואָס מיר קוקן אויס — האָט מר. שרגאַי פאָרגעזעצט — איז אַז

קאַנאַדער און אַמעריקאַנער יוגנט, וואָס האָט גראַדואירט אַלס אינזשינערן, ראַדיא אָפּערייטאָרס, מאַשיניסטן, טעכניקער, אַרכיטעקטן, מעכאַניקער א. א. וו., אַנשטאָט צו קומען בלויז אַלס טוריסטן און כאַפּן אַ בליק אויף מדינת ישראל, — זאָלן זיי זיך פאַרהאַלטן כאָטש אויף אַ געוויסע צייט; זאָלן זיי איינזאַפּן די אַווירא דארץ ישראל, און דאַן באַשליסן צו פאַרבינדן זייער גורל מיטן שיקזאַל פון דער אויפגעלעבטער אידישער מדינה, וועלכע דאַרף זיי און קאָן זיי געבן יעדע צופרידנקייט, גייסטיק און עקאָנאָמיש...

דער עליה דעפּאַרטמענט איז מוכן ומזומן צוצוגרייטן פאַר זיי דירות און דערמעגלעכן, אַז זיי זאָלן זיין גליקלעך. אַנדערע קאָנען אינוועסטירן געוויסע געלט־סומעס, און האָבן גענוג צייט אַרומצוקוקן זיך וואָס זיי קענען טאָן און פון וואָס ציען זייער פּרנסה...

מיר דאַרפן די יוגנט, קינדער פון 13 יאָר אָן און דערציען זיי ביז צו קריגן „מאַטורא״ (רייף צייגעניש) און שיקן זיי דאַן אין די אוניווערסיטעטן. אַפילו אָרימע משפּחות אין אַמעריקע קאָנען דאָס דערוויזן, און זיי דאַרפן זיך נאָר ווענדן אין די ציוניסטישע אָפיסעס און קריגן אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציעס. אויך אקאונטענטס האָבן דאָ די בעסטע געלעגנהייט זיך איינצואָרדנען. זיי זיינען כמעט נישטאָ! בוכאַלטערן, הגם ניט פון דער זעלבער חשיבות, ווי אַקאַונטענטס, קאָנען אויך באַקומען ביז טויזנט פונט אַ חודש שכירות. באַזונדערס קאָן יעדער עולה קריגן אַ הלוואה פון דער רעגירונג, וואָס באַטרעפט איבער דריי מאָל אַזוי פיל, וויפיל זיין אייגענער קאַפּיטאַל איז.

וואָס איז נוגע אַ דירה, קאָן מען דינגען אַ דירה פון 120 — 150 פונט אַ חודש (אויף אונזער געלד אומגעפער 30 דאָלאַר) פאַר צוויי און אַ האַלב צימער מיט אַ קיך. יוגנטלעכע, וואָס ווילן שטודירן אין ישיבות, קאָנען באַקומען אַ יאָר אויסהאַלט אין אַ ישיבה אָדער אַ סעמינאַר פון אַלגעמיינעם חינוך און אויך פון רעליגעזן חינוך. אַזעלכע יוגנטלעכע דאַרפן צאָלן נאָר 30 פּראָצ. פון דעם פּרייז פון דער נסיעה, און די איבריקע 70 פּראָצענט דעקט די אידישע אַגענטור.

אַוודאי איז די אַגענטור שטאַרק באַזאָרגט וועגן קריגן גרעסערע מיטלען פאַר עליה. די שוועריקייטן זיינען אין לשער. מען האָט שוין לאַנג איינגעזען, אַז מען דאַרף נאָר פרעגן, וואוהין עולים ווילן גיין, צו וואָסערע מלאכות, אָדער פאַכן זיי געהערן און ווי אַזוי איינצואָרדענען זיי אויפן באָדן... הגם עס קומען אַריין אַ סך עולים, פונדעסטוועגן האָט דער גרעסטער טייל פון זיי באַקומען פּאַרטיקע דירות. מען הערט כסדר, ווי עולים שטראָמען, און ווילן זיך טולען צו תל אביב, אָדער לפּחות אַרום תל אביב, און לאָמיר צוגעבן, אַז זיי ווערן אַלע מער־וויניקער אַבזאָרבירט און פאַרוואַנדלט אין פּראָדוקטיווע בירגער פון לאַנד.

דער אָפּטימיזם פון פּריינט שרגאי בנוגע ישראל איז אַ געזונטער. ער ווייס און פילט, ווי ישראל וואַקסט און פּראָגרעסירט, ניט קוקנדיק אויף אַלע

שוועריקייטן, אויף אַלע איבערלעכע און אויסערלעכע אבני־נגף, וואָס ליגן אויפן וועג צו אַ פולער גאולה. ער הערט און זעט פאַרשידענע עולים, וועלכע זיינען פול מיט פרייד און זאָגן אים גאַנץ אָפן אַז זיי ישראל האָט זיי צוריקגעקערט צום אידנטום, און געמאַכט זיי אויפדאַסניי פאַר אידן...

אין ישראל דאַרף אַ איד זיך ניט שעמען, אָדער אויסבאַהאַלטן זיין אידישקייט, ווייל דאָס איז דאָס לאַנד פון אידישן פאָלק. אין סך הכל, עס איז פשוט ניט צו פאַרשטיין, פונוואַנען עס נעמט זיך אַזוי פיל פרייד און מוט ביי דער גרויסער מאַסע עולים, וואָס דער גרעסטער טייל זייערער איז מלא שמחה באַכדעם, ווי זיי האָבן דערגרייכט די ישראל ברעגן. מר. שרגאי פילט ממש זיין היסטאָרישע שליחות, שטייענדיק ביים רודער פון אימיגראַציע דעפּאַרטמענט פון דער אַגענטור. אים דוכט זיך, ווי ער הערט דעם לאָזונג: לך וכנס את כל היהודים — גיי ברענג צונויף אַלע אידן און פיר זיין אַריין אין ישראל. דאָס און נאָך עפּעס. ער זעט אין פיל ישובים איבער דער וועלט אַן אַנקומענדע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם, פון צרות, פון פּאָליטישע שטורמווינטן, וואָס וועלן פריער, אָדער שפּעטער אָנקומען, און ער וואָלט זיך מקריב געווען אַבי די דאָזיקע אידן אַרויסצוראַטעווען, כל זמן עס איז ניט צו־שפּעט!!!

דער עליה פּראָבלעם האָט אייביק באַשעפטיקט די ציוניסטישע פירער, און גאָר באַזונדערס אין דער צייט פון ענגלישן מאַנדאַט, ווען עליה איז געווען שטאַרק באַגרענעצט, און צייטנווייז פּאַראַליזירט־...

מיין ארבעט לאָזט מיר ניט אייגזיצן אויף איין אָרט — האָט דער חשובער שרגאי צוגעגעבן. איך מוז אָפט פאַרלאָזן מיין אָפיס, פליען איבער ימען און זען, אַז אימיגראַציע זאָל אָנגיין און אַז מיטלען זאָלן געשאַפן ווערן. דאָס איז אונזער נאַציאָנאַלער חוב אין דער איצטיקער היסטאָרישער צייט. מדינת ישראל מוז אַריינקריגן אַ דריטן מיליאָן אידן, און דאָס גאַנץ בקרוב, און דערצו אויך פאַסיקע וואָפן, הגם דער ענין וואָפן איז ניט אין מיין געביט פון טעטיקייט. ישראל׳ס זיכערקייט ליגט אין אידישע הענט, ליגט ביים אידישן פאָלק, און עס טוט שטאַרק וויי, וואָס די שעה האָט נאָך ניט גורם געווען צו דער אויפוועקונג פון די מאַסן פון זייער לעטאַרגיע, — האָט ער מיט צער צוגעגעבן.

יאָ, מיר האָבן אויסגעקעמפט און געוואונען די מדינה. דער ערשטער נס האָט שוין פאַסירט מיט 18 יאָר צוריק. ווען וועט פאַסירן דער צווייטער נס, אַז אידן בכל תפוצות הגולה זאָלן דערפילן דעם קלאַנג פון גאולה און וועלן בנערינו ובזקנינו עולה זיין קיין ישראל? מען מוז פאַרפעסטיקן איר צוקונפט און פאַרוואַנדלען זי אויפדאַסניי אין אַ לאַנד פון די שענסטע האָפנונגען פון אונזער פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט, האָט ער פאַרענדיקט זיין בנעימותדיקן שמועס.

צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# דער קרן קיימת לישראל

**די קאָלאָסאַלע אויפגאַבע פון קרן קיימת לישראל פאַר און נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל. — די ענדער־רונגען, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דער לעצטער וועלט־קאָנפערענץ פון דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, און די קלענערע פונקציעס, וואָס דער פאָנד דערפילט היינט. — די „בלוטלאָזע אָפּעראַציע", וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן דער ישראל רעגירונג און דער פירערשאַפט פון קרן קיימת לישראל. — די נייע פּלענער, און די אַרבעט, וואָס וועט זיך ציען אַ פּאָר צענדליק יאָר. — דער דערגרייכ־טער הסכם צווישן קק"ל און דער ישראל־רעגירונג.**

מיט דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל האָבן זיך גענומען פאַר־שפּרייטן קלאַנגען, אַז די עקזיסטענץ פון דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, ווי די עקזיסטענץ פון דער גאַנצער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז כמעט איבעריק... וואָס מיינט עפּעס באַזונדערע רעכט פאַר אַ פאָנד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אויסלייזן באָדן, פלאַנצן בוימער, קלייבן ספּעציעלע געלדער, בעת עס איז פאַראַן אַ לאַנד־רעגירונג, וואָס פילט אויס דעם גאַנצן מדינה־אַפּאַראַט, טראָגט אַלע התחייבות'ן פאַר יעדן צווייג פון לעבן און אַרבעט, ובכן — צו וואָס אַ „מדינה אין אַ מדינה"? די אידישע וועלט אין דער דיאַספּאָרא האָט געדענקט, אַז די רעגירונג פון ישראל איז מחויב צו טראָגן אַלע זאָרג און דערפילן אַלע פונקציעס, וואָס דאָס לאַנד פאָדערט.

אָבער אינסטיטוציעס און פאָנדן, וואָס אַרבעטן שוין זעכציק יאָר לטובת ארץ ישראל, ווי דאָס זיינען דער קרן קיימת לישראל און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן פּאַקטיש דערפירט צום געבורט פון דער זעלבסטשטענדיקער אידישער מדינה אין א"י, — זיי קאָן מען ניט סתם ליקווידירן און פּאַראַליזירן זייערע טעטיקייטן, וועלכע האָבן יאָרן לאַנג געדויבט די רו און מנוחה פון דער גרויסער ציוניסטישער אַרמיי איבער דער גאָרער וועלט, און געוועקט צו מעשים...

וועלן מיר דאָ זיך ניט אָפּשטעלן וועגן דער לאַגע פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע, איר שייכות צו דער ישראל רעגירונג און אירע וויטערע פּלענער אויף דער צוקונפט. דאָס איז אַן ענין בפני עצמו. דאָ

וועלן מיר נאָר איבערגעבן וועגן דער אַנערקענטער וועלט־אינסטיטוציע וואָס טראָגט דעם נאָמען „קרן קיימת לישראל", דער אייביקער פאָנד פון אידישן פאָלק, אָדער ווי „עמך" האָט אים געקרוינט מיט אַ מער פאַרשטענדלעכן נאָמען „אידישער נאַציאָנאַל פאָנד". פאַקטיש, איז דער ערשטער שפּראָץ פון דעם פאָנד אויפגעקומען אויף דעם 5־טן ציוניסטישן קאָנגרעס פון פּראָפעסאָר הערמאַן שאַפּירא, און הערצל האָט אָנגערופן דעם קק"ל אַלס אַ אינגערע ציוניסטישע הסתדרות. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1901, און דעריבער האָט דער קק"ל הינטער זיך אַ דאַטע פון איבער 64 יאָר אַרבעט און מסירת נפש, אַן אַרבעט, וואָס האָט צונויפגעבראַכט צו איין טיש אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען, פון רעכטס ביז לינקס... דער קק"ל איז דער איינציקער כוח אין ציוניזם, וואָס פאַראייניקט אַלע עקסטרעמע ריכטונגען און שאַטירונגען, ווייל ווען עס קומט צום ענין לאַנד, אויסקויפן באָדן, זיינען אַלע מיט איין דעה. אין דעם אַליין ליגט דער גרויסער כוח פון דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, ווייל ער האָט געלערנט צו דערהאַלטן אייניקייט און אחדות אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. היינט צו טאָג זעט מען שוין צוויי דורות ציוניסטן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אויף דער בלוי־ווייסער פּושקע, און פון דער פּושקע איז מען אַריבער צו פיל גרעסערע שריט און ווייטערע פאַרמעסטן, כדי צו קאָנען האַנדלען אין טערמינען פון שוואונג און פּראָגרעס. דער קרן קיימת לישראל האָט פאַקטיש צוגעגרייט אידישע מאַסן צו ציוניסטישער אַרבעט, האָט זיי אָנגעקליידט אין אידעאַלן, האָט זיי געגעבן ציוניסטישע דערציאונג, אמת־גייסטיקע שפּייז, און אַזוי אַרום איז דער אידישער נאַציאָנאַל פאָנד געוואָרן די ירושה פון די לעצטע פאָר דורות.

ריידנדיק מיט פירער פון קק"ל אין ירושלים, האָבן מיר דערפילט די התלהבות און אָטעם פון די יונגע יאָרן, פון אידעאַלן, וועלכע האָבן אויפגעוועקט אונזער פאָלק פון לעטאַרגיע און געטריבן אים צו אַרבעטן פאַר גאולת העם והארץ, ווי אַלע אַנדערע פעלקער, וואָס לעבן אויף זייער אייגענעם באָדן...

מיר האָבן זיך דערמאָנט די ערשטע קרן קיימת לישראל מאַרקעס, דאָס פלאַנצן בוימער אין יער הערצל, די צייט, ווען מען האָט געשאַפן די קבוצה פון 8 משפּחות אין דגניה, ביים ברעג פון ירדן... וויפל אידעאַליזם איז געלעגן אין יענע טריט, אין יעדן ניי־דערוואָרבענעם דונאַם לאַנד?... און לאָמיר צוגעבן, עס איז געווען פיל מער אידעאַליזם, ווי פּראַקטישע דערגרייכונגען. די אַרבעט האָט געהאַט מער נשמה ווי גוף...

היינט איז דאָס אַ רעגירונגס־ענין. מען האָט געקויפט דעם עמק, און אַנדערע שטחים לאַנד. די קאַנאַדער אידן האָבן צו זייער קרעדיט דעם עמק היפר, וואָס איז היינט אַ שטאָלץ פאַר מדינת ישראל און פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק. עס איז געווען מנחם מענדל אוסישקין ע"ה, וועלכער

האָט אויפגעהויבן דעם „קול האדמה" — דעם רוף פון באָדן, וואָס האָט זיך ממש געבעטן: באַפרייט מיך פון וויסטעניש, באַוואָסערט מיך, פאַר־פלאַנצט אויף מיר בוימער און איך וועל געבן יניקה צום גאַנצן ישוב...

שפּעטער האָט דר. אברהם גרנות (גראַנאָווסקי) איבערגענומען די שווערע אַרבעט, און פאַרוואַנדלט דעם קק"ל אין אַן אינסטרומענט צו אויסלייזן דעם באָדן. דאַן זיינען צוגעקומען חניתה, די קאָלאָניזאַציע אין הרי הגליל, אין עמק חולה, אאַ"וו. דער קק"ל האָט געשאַפן די תקופה פון מויערן און טורעמס; ער האָט אַריינגעדרונגען אין נגב, און אַ דאַנק דעם כוח פון דער אַרמיי אין מלחמת־השחרור האָט ער געזאָרגט, אַז עס זאָל זיין גענוג פּלאַץ פאַר די קעמפער, וועלכע האָבן זייערע לעבנס מקריב געווען אויפן מזבח האומה...

מען קאָן אָן איבעריקע שבחים צוגעבן, אַז די אַרבעט פאַרן קרן קיימת לישראל איז מער ווי יחוס, מער ווי זכות אבות, כאָטש מיט די אַלע זכיות איז זייער שווער צו לעבן און אָנצופירן אַ קאַמף פאַר דער צוקונפט. מיטן פּראָגרעס פון לעבן, ענדערן זיך אויך די מאָסשטאָבן, די מאָסן, לויט דער צייט און נויטווענדיקייט.

די ישראל רעגירונג האָט אין דער ערוואַרטונג פון אַ גרויסער עליה באַשטימט אַ פאָנד, אָדער אַ בודזשעט פון אַנדערהאַלבן מיליאַרד פונט (אַרום אַ פינף הונדערט מיליאָן דאָלאַר), אום צו זיין גרייט פאַר קליטה. די ביישטייערונגען פון די תפוצות דאַרפן גרייכן אין מיליאָנען דאָלאַרן.

לאָמיר איצט וואַרפן אַ בליק אויף דעם אינהאַלט פון די באַצי־אונגען צווישן דעם קק"ל און דער ישראל רעגירונג. עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן קודם כל, אַז יעדער תושב אין ישראל איז ניט בלויז אַ איד פאַר זיך אַליין, נאָר אויף אים ליגט אַ היסטאָרישער חוב און אחריות פאַרן גאַנצן כלל ישראל. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן יעדן איד, וואָס לעבט אין חוץ לארץ, אַז אויב ער איז אַ ציוניסט, ליגט אויף אים אַ פליכט צו העלפן אין דער אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל. דאָס מיינט, אַז אָפּגעזען צו וועלכער ריכטונג אין ציוניזם ער זאָל ניט געהערן, האָט אַלץ דער אידישער נאַציאָנאַל פאָנד די „אויבער־האַנט" איבער אַלערליי ריכטונגען און שיטות, ווייל דער באָדן קומט פריער פון אַלץ. עס איז אויך באַוואוסט, אַז אַ פאָלק האָט אַזוי פיל הימל איבערן קאָפּ, וויפל ער האָט באָדן אונטער די פיס... מהאי טעמו האָט דער קק"ל געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָל, ווען עס איז געקומען צו דער חלוקה, צו דער צעטיילונג פון באָדן צווישן דער אידישער מדינה און די אַראַבישע. דאָרט, וואו עס זיינען געווען אידישע קאָלאָניעס, אידישע קיבוצים, אויפגעשטעלט פון קרן קיימת, ד. ה. אויפן באָדן פון גאַנצן אידישן פאָלק — דאָרט האָט זיך די ליניע גערעכנט מיט די אידישע באַזיצן, און אַלע אידישע פונקטן זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער אידישער טעריטאָריע. די דאָזיקע עובדה פון קק"ל איז נאָך ניט געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן.

צו די סאַמע וויכטיקסטע באַשלוסן און פּלענער, וואָס זיינען אָנ־גענומען געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ פון קק״ל אין ירושלים געהערט קודם כל דער פּונקט, אַז מען נעמט אונטער דעם פּראָיעקט צו אַנט־וויקלען אַ שטח פון צוויי מיט אַ האַלב מיליאָן דונאַם לאַנד איבער אַלע ווינקעלעך פון דער מדינה, און דאָס וועט פאָדערן 30 מיליאָן פונט יערלעך. פון דער דאָזיקער סומע וועט 24 מיליאָן פונט מוזן געשאַפן ווערן אין די תפוצות. דער פּראָיעקט זעט פאָראויס אַ גרעסערן שטראָם פון טוריסטן וואָס וועלן אויך דאַרפן מקיים זיין די מצוה פון „כי תבואו אל הארץ ונטעתם״ — יעדער איינער וועט דאַרפן פלאַנצן בוימער, אָדער לפּחות איין בוים... מען וועט מוזן אַנטוויקלען אַ גרעסערע פּראָפּאַגאַנדע אין די בתי כנסת, אין די בתי חינוך, אין אַלע אָרגאַניזאַציעס און לאַנדס־מאַנשאַפטן, כדי צו ברענגען דעם אידעאַל פון דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד צו די ברייטסטע מאַסן. נאָך מער דאַרף געבראַכט ווערן דאָס וואָרט פון דעם פאָנד צו דער אידישער יוגנט און הויפּטזעכלעך אין די צענדליקער לענדער, וועמעס דעלעגאַטן האָבן זיך בשעתו באַטייליקט אין דער ירושלים׳ער קאָנפערענץ פאַרן אידישן נאַציאָנאַל פאָנד.

וואָס אַנבאַלאַנגט דער נייער הויפּט פראַגע פון ספּעציעלער טעטיקייט פון דעם קק״ל איז קלאָר געוואָרן, אַז דער פאָנד וועט זיך אָפּגעבן הויפּטזעכלעך מיט צוגרייטן דעם באָדן, סיי פאַר קאָלאָניזאַציע, סיי פאַר היימען און סיי פאַר באַוואַלדונג. מיט אַנדערע ווערטער די ישראל רעגירונג האָט איבערגעגעבן אין די הענט פון קק״ל די היסטאָרישע שליחות צו זאָרגן, אַנטוויקלען און גרייט מאַכן דעם באָדן דורך הכשרה. די מעליאָראַציע־אַרבעט וועט אַרומנעמען ריזיקע צאָלן דונאַם באָדן, און זעלבסט־פאַרשטענדלעך, וועט דאָס שאַפן אַרבעט פאַר טויזנטער נייע עולים. עס מיינט אויך, צו שאַפן אַ בריק צווישן די גלות לענדער און מדינת ישראל, דורך דער אַרבעט פון קק״ל.

ווי מען האָט אונז אינפאָרמירט, גייט לעצטנס אָן די פיבערהאַפטע טעטיקייט פון אידישן נאַציאָנאַל פאָנד אין 800 שטעט פון אַלע פינף קאָנטינענטן. ביז דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה האָט שוין דער קק״ל אויסגעלייזט און צוגעגרייט 280 טויזנט דונאַם באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע. עס זיינען פאַרפלאַנצט געוואָרן איבער 48 מיליאָן בוימער, און פאַר־געבערייט דעם באָדן אין איבער 40 טויזנט דונאַם לאַנד.

נאַטירלעך, זיינען אַלעמענס אויגן געווענדעט צום נגב, צו ערבה. וואו עס זיינען שוין אויפגעשטעלט געוואָרן עטלעכע וואַך־פּונקטן, ווי בית אשל, רביבים און גבולות.

אָבער די אַרבעט באַקומט גאָר אַן אַנדער בילד, ווען מען זעט די פיל נייע טעכנישע מיטלען, וואָס שטייען היינט צו דינסט דעם ישוב. עס וואַקסט די האָפענונג, אַז מען וועט קאָנען אַנטוויקלען

ביז 900 טויזנט דונאַם לאַנד, אויב מען זאָל האָבן די גנהעריקע פינאַנ־ציעלע קוועלן. עס קאָן זיך אַנטוויקלען אַן אַרבעט, וואָס זאָל פאַרשלינגען 50 מיליאָן אַרבעטס־טעג, און אַרום 10 טויזנט אַרבעטער וועלן קאָנען סטאַביל ציען זייער פּרנסה במשך פון אַ פּאָר צענדליק יאָר...

קיין שום אַנדער פאָלק אויף דער וועלט האָט ניט געהאַט אַזאַ פּראָבלעם ווי מיר אידן. דאָס לאַנד האָט ניט גענוג וואַסער, און עס פאָדערט זיך די מיטהילף פון דעם נאַציאָנאַל פאָנד צוצוגרייטן, רייניקן און מעלאָרירן דעם באָדן, אַן אַרבעט, וואָס די רעגירונג האָט פּשוט ניט די נויטיקע מיטלען און מענטשן צו פאַרנעמען זיך מיט איר...

דער קק״ל פאָדערט דעריבער פון כלל ישראל, אויסער די געוויינלעכע נדבות, פּושקע־דאָנאַציעס, אויך אָפּשרייבן אין צוואות געוויסע סומען געלט פאַר דעם נאַציאָנאַל פאָנד. מען זאָל איינשרייבן אַלע אידישע שמחות און אַלערליי געלעגנהייטן אין ספר הזהב, ספר הבר מצוה, ספר הילד, אַלס מיטלען וואָס זאָלן העלפן פאַרגרעסערן די הכנסה פון דעם פאָנד, ווי דורך שאַפן, למשל, רבנים ראַטן, וואָס זאָלן פאַרשפּרייטן מער די אידייע פון דעם קק״ל; שאַפן ספּעציעלע קאָמיטעס אין אַלע קהלות פאַר דעם פאָנד; רופן קאָנפערענצן פון געוויסע לענדער און געביטן, כדי צוזאַמען שאַפן גרעסערע סומען פאַרן קרן קיימת לישראל.

מיר האָבן זיך באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיט דעם נייעם פּראָיעקט פון קק״ל באַטראַכטנדיק אים אַלס זייער וויכטיקע נייע „פּרשה" פון טעטיקייט, איבערהויפּט ווען דער פּראָיעקט איז געווענדעט צו די קאַנאַדער אידן, און וויטערדיקן קאַפּיטל וועט דער לייענער געפינען דעם אינהאַלט פונעם נייעם פּלאַן.

די צוויי גרויסע פאָנדן, וואָס דער ציוניזם האָט געשאַפן — דער קרן היסוד און קרן קיימת לישראל — זיינען געווען און פאַרבליבן די צוויי הויפּט אינסטרומענטן וואָס האָבן געבראַכט אין באַוועגונג די גרויסע ציוניסטישע מאַשין אין די לעצטע זעקס צענדליק יאָר. דער קרן היסוד, וואָס איז היינט באַקאַנט אַלס דער פאַראייניקטער אידישער אַפּיל, און איז אין קאַנאַדע פאַראייניקט מיטן קאָמביינד דזשואיש אַפּיל, האָט דורך די אַלע יאָרן געשאַפן גרויסע פינאַנציעלע סומען, כדי צו העלפן די עליה (עמיגראַציע), קליטה, התישבות, וואָס די אַלע פונקציעס זיינען שפּעטער אַריבער צו דער קאָמפּעטענץ פון דער אידישער אַגענטור.

דער קרן קיימת לישראל האָט אויך אין די אַלע יאָרן געשטרעבט אויסצוקויפן אַ דונאַם נאָך אַ דונאַם, פלאַנצן אַ בוים נאָך אַ בוים, שאַפן איינשרייבונגען אין די גאָלדענע ביכער וואָס דער נאַציאָנאַל פאָנד פאַר־מאָגט, זאַמלען די געלדער פון דער בלוי ווייסער פּושקע, ביז ער איז צוגעקומען צו דער מדרגה פון גרינדן אַ פאָנדיישאָן וואָס גיט די מעגלעכקייט יעדן איינעם צו פאַראייביקן די נעמען פון די ליבסטע און טייערסטע כל

זמן זיי לעבן, כדי זיי זאָלן מיט זייערע אייגענע אויגן זען די פּרוכט פון זייער טאָט, פון זייערע בייטראָגן פאַר דער צוקונפט פון אונזער פאָלק און אונזער מדינת ישראל.

היינט צו טאָג, פאַרלאַנגט דער קרן קיימת לישראל אין ירושלים — אָפּצושרייבן געוויסע געלט־סומען אין די צוואות, אָדער אין די פאַר־זיכערונגס־פּאָליסיס, אַז אַחרי מאה ועשרים שנה זאָל די באַשטימטע סומע אַריבערגיין צום אידישן נאַציאָנאַל פאָנד. אַזוי גיך, ווי עס ווערט וועגן דעם געמעלדעט אין אָפיס פון קק״ל, סיי אין די תפוצות, און סיי אין ישראל, באַשטימט שוין דער פאָנד און דער נדבן וואָס צו שאַפן. אַזוי אַרום טוט די „פאַונדיישאַן" אַ פּראַקטישע אַרבעט, און עס ווערט נאָך מער קלאָר דער ציל פון קרן קיימת, ווייל די נעמען וועלן לעבן אייביק. מען קאָן אויך שאַפן אַ נחלה, אויף די געווינטשטע נעמען, אָדער דערפער, קולטור־צענטערן, וועלדלעך און פּאַרקן, שפּיל־פּלעצער פאַר קינדער, גאַסן און נעמען פון עלטערן, וואָס איינער קלייבט זיך אויס. דאָס ווערט פאַר־אייביקט אויף זיין אָדער איר נאָמען אָדער אויף וועלכן נאָמען מען באַ־שטימט. דערמיט פאַרבינדט דער קק״ל יעדן איד מיטן לאַנד פון די אבות, און מען זעט די גאָלדענע קייט פון דורות און דורות, וואָס ווערט קיינמאָל ניט איבערגעריסן.

לאָמיר אין קורצן באַמערקן, אַז דער פאַראייניקטער אידישער אַפּיל האָט זינט דער עטאַבּלירונג פון דער מדינה ביזן סוף פון יאָר 1964 געזאַמלט אַרום 800 מיליאָן דאָלאַר. דער קק״ל, וועלכער פאַרנעמט זיך לעצטנס מיט אַנטוויקלען דעם באָדן, הכשרה, באַוואַלדונג און צוגרייטונג, האָט שוין באַאַרבעט איבער דריי פערטל מיליאָן דונאַם לאַנד, דערונטער 300 טויזנט זומפּיקן באָדן. דער קק״ל האָט אויך געשאַפן פיל מיליאָנען דאָלאַרן פאַר דער טעטיקייט, וועלכע ער האָט פריער געפירט און פאַר די נייע שריט, וועלכע ער מאַכט לעצטנס, זינט דער פאַרשטענדעניש מיט דער רעגירונג וועגן די באַזונדערע אייגנאַרטיקע פונקציעס פון דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער צאָל בוימער, האָט ער שוין פאַרפלאַנצט איבער פופציק מיליאָן. דער איינגעשטעלטער אַפּאַראַט, וואָס רופט זיך „מנהל למקרקעי ישראל", וועלכער האַלט די השגחה איבער די געלדער, האָט זיין הויפּט צענטער אין ירושלים, מיט אָפּטיילונגען אין אייניקע אַנדערע שטעט.

אַריינקומענדיק אין הויף פון די גרעסטע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס אין ירושלים, דעם אַזוי גערופענעם „חצר המוסדות הלאומיים", מערקט מען גלייך דעם הויפּט אָפיס פון קק״ל און פון קרן היסוד, און מען קאָן זיי ניט אויסמיידן, אויב מען האָט אַן אינטערעס צו באַקענען זיך מיט די צוויי גרעסטע „פינאַנץ אינסטרומענטן", וועלכע ליפערן אַלע מאָל פריש

בלוט צו די אָרטעריעס און אָדערן, וואָס צירקולירן אינעם אָרגאַניזם פון מדינת ישראל — קרן היסוד און קק״ל.

מיר זיינען אינפאָרמירט געוואָרן, אַז דער באָדן פון קרן קיימת לישראל האָט שוין אויפגענומען איבער 700 טויזנט מענטשן, אַ דריטל פון גאַנצן ישוב אין לאַנד, פון זיי אַ פערטל מיליאָן אין דאָרפישע ישובים, 400 טויזנט אין שטאָטישע סעטלמענטס און דערפער. מיר האָבן תופס געווען, וואָס דער קק״ל האָט אויפגעטאָן ביז היינט, און באַוואונדערט זיינע פּלענער פאַר דער נאָענטער צוקונפט. באַרירנדיק דרך אַגב דעם בייטראָג פון קאַנאַדער אידישן ישוב צו קרן קיימת לישראל, זיינען מיר אינפאָרמירט געוואָרן אַז דאָס, וואָס די קאַנאַדער אידן האָבן מיט 38 יאָר צוריק אויסגעקויפט דעם עמק חפר וועלכער האָט קיינמאָל נישט געהערט צו ארץ ישראל, האָבן זיי געטאָן אַ היסטאָרישע אַרבעט, וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן. דער ראָט פון רעגירונגס־פאָרשטייער און פון קק״ל רעפּרעזענטאַנטן, אַרבעט סאָלידאַריש מיט פאַרשטענדעניש און מיט מסירת נפש. דאָס שטעלט צופרידן ביידע צדדים, אי די רעגירונג און אי דעם נאַציאָנאַל פאָנד, וועלכער פירט דורך זיין שליחות אַלס זעלבסטשטענדיקער אָפּאַראַט, אינערהאַלב דעם פּראָגראַם פון דער ציוניס־טישער וועלט אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע נייע ערא פון קק״ל פאַרשפּרעכט אַ ריי פון פרישע ערנסטע דערגרייכונגען, וואָס וועלן באַזונדערס דערמאָנען דעם הערלעכן עפּיזאָד פון די קאַנאַדער ציוניסטן פון יאָר 1927, ווען עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דער 21־טער ציון־קאָנווענשאָן אין וויניפּעג אויסצוקויפן דעם עמק השרון, וואָס רופט זיך היינט עמק חיפר.

מיר זיינען צוריקגעקומען אויף די שריט פון יאָר 1927, ווען עס זיינען געקומען דער הויפּט פירער פון קק״ל מנחם מענדל אוסישקין, דר. שמריה לעווין, לואי ליפּסקי, מר. ה. וואָלאָפּסקי און דער דעמאָלסדיקער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מר. דזשיי. פרימאַן עליהם השלום. זיי האָבן באַשלאָסן אָנצונעמען אוסישקינ׳ס פּלאַן פון אויס־קויפן דעם עמק השרון. צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ ריזיקע טראַנזאַקציע. די קאַנאַדער ציוניסטן זיינען ניט געווען גרויס אין צאָל, אָבער דערפאַר שטאַרק אין סענטימענט און גייסט. מר. פרימאַן האָט ניט געקענט זאָגן אוסישקינ׳ען אַז ער נעמט ניט אָן דעם גרויסן פּלאַן, בפרט, אַז אוסישקין איז געשטאַנען אויפן וועג קיין איראָפּע צו באַטייליקן זיך אין 15־טן ציוניסטישן וועלט קאָנגרעס. מר. פרימאַן האָט צוגעשטימט צו דער רעזאָלוציע וואָס איז געפאַסט געוואָרן דעם 10־טן יולי 1927, צו שאַפן אַ מיליאָן דאָלאַר, אויסצוצאָלן די ראַטעס, צו 100 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, און איידער אוסישקין האָט פאַרלאָזן קאַנאַדע, האָט ער שוין מיט זיך געהאַט דעם ערשטן טשעק אויף הונדערט טויזנט דאָלאַר, און די קניה איז פאַרענדיגט געוואָרן אין יאָר 1929.

איבעריק צו זאָגן, וואָס דער דעמאָלסדיקער שריט האָט באַדייטעט ניט בלויז פאַרן קאַנאַדער ציוניזם, נאָר פאַרן גאַנצן אַלוועלטליכן ציוניזם און ביחוד פאַר דעם אָנקומענדן ציוניסטישן קאָנגרעס. דאָס קאַנאַדער אידנטום האָט זוכה געווען צו שטייגן זייער הויך, און געוואָרן אַ פאַקטאָר אין אַלוועלטליכן ציוניזם ווי אין אויפבוי, אַזוי אין אויסלייז פון דעם ארץ ישראל באָדן פון פרעמדע הענט.

וועגן קק״ל זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז דער הויפּט צענטער פון דעם פאָנד אין ירושלים האָט אַ נייעם „אָנבאָט״, אפשר ניט קיין קלענערן אין זיין שיבות, ווי עס איז געווען די טראַנזאַקציע פון עמק השרון אין יאָר 1927, און דאָס איז אויס־לייזן „דביר״.



לאָרענס פרימאַן
פרעז. קאַנאַדער ציון־אָרגאַניזאַציע

דער נייער פאָרשלאָג צו די קאַנאַדער ציוניסטן און צום גאַנצן ישוב פון אַטלאַנטיק ביזן פּאַסיפיק, באַשטייט אין דעם פּראָיעקט, ווי אַזוי צו קענען אַבזאָרבירן אַ גרויסע צאָל נייע עולים, און דערמיט פאַרגרע־סערן דעם ישוב אויף אַ וועזנטלעכן אופן. דער עליה־דעפּאַרטמענט רעדט שוין אָפן וועגן אַ דריטן מיליאָן אידן, וואָס ישראל וועט דאַרפן אין די נאָענטע עטלעכע יאָר אויפנעמען. דאָס מיינט מען וועט דאַרפן צוגרייטן פאַר זיי דעם באָדן, הייזער, וואַסער, קוואַלן פון עקזיסטענץ, דערציאונגס־אַנשטאַלטן, מעדיצין און אַלץ וואָס ביי־אַריבערגעקומענע מענטשן דאַרפן האָבן.

דער הויפּט אָפיס פון „קרן קימת לישראל״ אין ירושלים, האָט שוין פאַקטיש זיך פאַרשטענדיקט מיט דעם קאַנאַדער הויפּט אָפיס פון „קרן קימת לישראל״ אונטערצונעמען דעם נייעם פּראָיעקט, צו באַזעצן און צו ברענגען צו אַ נייעם לעבן אין דביר אין צפון פון נגב ביים ירדן גרענעץ.

עס איז אַ פלאַן פאַר עטלעכע יאָר, און ניט בלויז ציוניסטן, נאָר אויך אַלע אַנדערע אידן דאַרפן זען אַז די ביבלישע שטאָט „דביר״ זאָל ווערן אַ פּלאַץ פון לעבן און שאַפן.

דער קק״ל אין קאַנאַדע האָט פאָרלויפיג געבאָרגט אין באַנק 1½

מיליאָן דאָלאר און איבערגעשיקט צום ישראל הויפּט אָפּיס, אויפן חשבון פון „דביר״. מען פּלאַנצט שוין אויך דאָרט אַ וואַלד, אין פאַרבינדונג מיט קאַנאַדעס 100 יאָריקער פייערונג.

ווענדיק שליסן אין קורצן דעם קאַפּיטל קק״ל און זיין גרויסער ראָל וואָס ער האָט געשפּילט אין דעם אויפבוי פון מדינת ישראל, זעט מען, אַז דער פאָנד האָט אין די ערשטע צען יאָר זינט דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה, דערוואָרבן דורך פאַרשידענע שריט קנאַפּע 4 מיליאָן דונאַם באָדן, דאַרונטער האָט ער צוריקגעבראַכט צום לעבן אַ 700,000 דונאַם לאַנד, וואָס איז געווען פאַרלאָזן און פאַרווילדערט.

היינט צו טאָג זיינען שוין אַרום אַ העלפט פון דער צאָל דונאַמס לאַנד קולטיווירט, מערסטנס אין די בערג. אויסגעשטיינערט און אויסגעגליכן די בערגלעך מיט פלאַכלאַנד; איבער 125,000 דונאַם לאַנד איז באַוואַלדעט געוואָרן, און איבער 300,000 דונאַם זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן, דאַרונטער די 60,000 דונאַם אין חולה, וואו די אַרבעט האָט זיך פאַרענדיקט אין יאָר 1957.

נאַטירלעך, האָט דאָס געהאָלפן צו באַזעצן נייע עולים, און אַ סברה אַז איבער 80% פון אידישע דערפער זיינען אויפן באָדן פון קק״ל.

„פּאָליטיש״ איז דער אידישער נאַציאָנאַל פאָנד געווען ביזן יאָר 1948 אַ זעלבסטשטענדיקע קערפּערשאַפט, אַ מין „מלוכה אין אַ מלוכה״ פון ציוניזם. דער קק״ל איז געווען פולשטענדיק אויטאָנאָם אין דער ראַם פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. זיין עובדה איז געווען אויסצו־לייזן וואָס מער באָדן, און דווקא אין די ווייטע גרענעץ פּונקטן, און אַזוי אַרום האָט דער קק״ל געשאַפן די „עמבריא״ פון דער קונפטיקער מדינה. מען זעט היינט ווי די גרענעץ ליניעס פון מדינת ישראל ציען זיך כמעט לויט די דערוואָרבערונגען פון דעם קק״ל.

די קניות פון קק״ל האָבן אונדירעקט אָנגעצייכנט די קונפטיקע ישראל גרענעצן, הגם ביים געבורט פון דער מדינה האָט דער קק״ל געהאַט בס״ה אַ קנאַפּן מיליאָן דונאַם לאַנד.

מיטן געבורט פון דער מדינה איז דער סטאַטוט פון קק״ל שטאַרק געענדערט געוואָרן. די אַרבעט פון קק״ל איז אַריבער פון לאַנד איינקויף צו לאַנד אַנטוויקלונג כדי צו פאַרגרעסערן ישראל׳ס פּאָטענציעלע אַגרי־קולטור טעטיקייט. מען האָט גענומען קולטיווירן בערג שטחים, כדי צו פאַרהיטן פון די שרעקלעכע זאַמד־ווינטן (דיונעס) וואָס פלעגן יאָגן פון די בערג. מען טריקנט זומפּן, מען בויט הייזער אא״וו. ערטער, וואָס זיינען ניט פּאַסיק געווען פאַר לאַנדווירטשאַפט, האָט מען אויך זיי פאַר־פלאַנצט וועלדער, מען האָט אויפגעשטעלט געוויסע אינדוסטריעס און געזוכן אויסנוצן יעדן אינטש באָדן פאַר פּראַקטישע צוועקן.

די ראָל פון קק״ל איז נאַטירלעך פיל פאַרקלענערט געוואָרן, אָבער

דאָס צוגרייטן דעם באָדן פאַר פאַרשידענע צוועקן איז נאָך אַלץ אַ גרויסע אַרבעט, מיט וועלכער ער פירט אָן.

די וויכטיקסטע דאַטעס פון קק״ל זינט זיין גרינדונג, אָדער לויט דעם מאָמענט, וואָס די אידייע איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, זיינען פאָלגענדע:

אין יאָר 1897, ביים ערשטן ציון קאָנגרעס אין באַזעל, איז אויפ־געקומען דער פלאַן און געדאַנק פון פּראָפ. הערמאַן שאַפּירא, צו שאַפן דעם פאָנד. די שאַפונג האָט זיך פאַרהאַלטן ביזן יאָר 1901, ווען דר. הערצל האָט אויף דעם 5־טן ציון קאָנגרעס דעם פאָנד געגרינדעט. מיט אַ יאָר שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן דער „ספר הזהב" און ציוניסטישע מאַרקעס פון קק״ל. אין 1903 האָט דער פאָנד צוגעטראָטן אויסצולייזן באָדן. די קונסט שול „בצלאל" איז די ערשטע אינסטיטוציע אויפן באָדן פון קק״ל אין יאָר 1906. דער 8־טער דירעקטאָריום מיט דר. מ. באָדענ־היימער בראש איז געשאַפן אין 1907.

דער הערצל וואַלד איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אין יאָר 1908 אין בן שמן. אין 1910 האָט מען ערוואָרבן באָדן אין עמק יזרעאל, און אין 1911 האָט מען אויפגעשטעלט דעם קאָאָפּעראַטיוו „מרחביה".

אין יאָר 1922 איז דער הויפּט אָפיס פון קק״ל אַריבער פון האַאַג קיין ירושלים, און מנחם מענדל אוסישקין איז געוואָרן פּרעזידענט פון דעם פאָנד, אַן אַמט, וועלכן ער האָט אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1941, ווען ער איז נפטר געוואָרן. אין 1929 איז די קאָנאַדער קניה פון עמק חפר פאַרענדיקט געוואָרן. זינט דעם יאָר 1930 איז דער צענטער פון קק״ל געווען אין מוסדות הלאומיים אין ירושלים. אין 1940 האָט דער קק״ל גענומען אַן אָנטייל אין קאַמף מיט דער מאַנדאַט מאַכט, וועלכע האָט געוואָלט מאַכן שוועריקייטן צו אויסלייזן דעם באָדן.

אין 1946 איז דר. א. גראַנאָווסקי דערוויילט געוואָרן אַלס יו״ר פון דעם דירעקטאָריום פון דעם פאָנד, און אין 1960 איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט. אין דעם יאָר האָט מען מוצאי יוכ״פ אין איין נאַכט אויפגעשטעלט 11 נייע ישובים אין נגב.

אין 1949 האָט די ישראל רעגירונג געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן קק״ל, וועלכער האָט באַקומען אַ מיליאָן דונאַם פון פאַרוואַרלאָזטן באָדן, כדי אים צוצוגרייטן. אין 1951 האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס אויסטריקענען דעם חולה זומפּ. אין 1953 האָט דער קק״ל ווידער אַמאָל באַקומען אָנדער־האַלבן מיליאָן דונאַם פאַרוואַרלאָזטן באָדן פון דער ישראל רעגירונג. אין 1961 האָט שוין דער קק״ל געהאַט פאַרפלאַנצט איבער 50 מיליאָן בוימער.

די הויפּט העלדן אין דער געשיכטע פון דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד זיינען געווען, אָנפאַנגענדיק מיט פּראָפ. הערמאַן שאַפּירא, דעם ערשטן טרוימער פון קק״ל אין יאָר 1897, דאַן דר. טעאָדאָר הערצל — דער פּאַקטישער גרינדער פון קק״ל אין יאָר 1901. יונה קרעמענעצקי יו״ר פון

1901 ביז 1907; דר. מ. באָדענהיימער יו״ר פון דירעקטאָריום ביז 1914; נחמיה דה לימא יו״ר פון דירעקטאָריום צווישן 1919—1922; מנחם מענדל אוסישקין אין די יאָרן 1922—1941; דר. א. גרנות יו״ר פון דירעקטאָריום ביזן יאָר 1960, און דערנאָך פּרעזידענט פון פאָנד, ביז דר. יעקב צור האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון דעם קק״ל סוף יאָר 1960.

ווי מען קען זען פון די נעמען, שטייען אין דער שפּיץ אַלע יאָרן די חשוב׳סטע ציוניסטישע פירער, וואָס יעדער פון זיי איז געווען אַ פּערזענלעכקייט פון גאָר הויכן קאַליבער. דאָס זיינען געווען מענטשן פון גייסט און מסירת נפש פאַר דעם פאָנד, און ניט אומזיסט האָט דער קק״ל פאַרנומען איינע פון די גאָר וויכטיקסטע פּאָזיציעס אין דעם ווידערגעבורט פון מדינת ישראל.

מיר ווילן דאָ נאָך איבערגעבן אייניקע זכרונות פון דר. גרנות, מיט וועלכן מיר האָבן אייניקע מאָל גערעדט און זיך געטיילט מיט ידיעות וועגן קק״ל. זיין פרייד איז געווען ווען ער האָט דערציילט וועגן דער באַוואַלדונגס אַרבעט פון קק״ל. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ סך ווערק וועגן פאַרשידענע אַגראַר־פּראָבלעמען, אין העברעאיש, ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש, רוסיש, שפּאַניש, אידיש און אין אַנדערע שפּראַכן. געווען אַ גרינדער און פאָרזיצער פון דער וואַסער־געזעלשאַפט „מקורות״ און רעפּרעזענטירט דעם קרן קימת אין פיל עקאָנאָמישע, פינאַנציעלע און קולטור־אינסטיטוציעס. אין די חדשים פאַר דער מדינה־אַנטשטייאונג איז ער געווען אַ מיטגליד אין „מועצת העם״ (פאָלקס־ראַט) און שפּעטער געווען דעפּוטאַט פון דעם ערשטער כנסת מצד דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי, פון וועלכער ער איז געווען איינער פון די גרינדער און איר פאָרזיצער.

אין יאָר 1956 איז ער נאָמינירט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר פאַר אַגראַר־פּאָליטיק אויפן העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים.

זיין קרוין־ווערק אין דער אַרבעט נאָך דער מדינה־אַנטשטייאונג איז געווען דאָס שליסן אין 1960 די קאָנווענץ צווישן דער רעגירונג און דעם קרן קימת. אין דעם אָפּמאַך האָט ער געזען אַ יסוד פאַר דער צוזאַמענאַרבעט און פונקציעס־פּאַרטיילונג צווישן דער רעגירונג און קרן קימת אויפן געביט פון אַגראַר־ווירטשאַפט, וועמענס סאָציאַלע פּרינציפּן ער האָט פריער באַגרינדעט אין זיין וויכטיקן ווערק „אַגראַר־ענדערונגען אין ישראל און אין דער וועלט״. זיין פאַרצווייגטע ליטעראַרישע טעטיקייט נעמט אויך אַרום אַ זאַמלונג פאַרטרעטן פון אידישע פירער, דערשינען אין פאַרלאַג „דביר״ וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַלע זיינע ווערק אין העברעאיש צו זיין 60־יאָריקן יובל. פאַרן אַריינגיין אין שפּיטאָל האָט דר. גרנות מיט די לעצטע כוחות נאָך באַוויזן צו פאַרענדיקן זיין בוך וועגן „פּערזענלעכקייטן אין ישראל״. דאָס לעצטע קאַפּיטל איז געווידמעט דעם כנסת־דעפּוטאַט פנחס ראָזען. דאָס זאַמלבוך וועגן פּראָבלעמען פון דער ישראל־עקאָנאָמיק

וואָס אַ גרופּע פריינט האָבן אַרויסגעגעבן לכבוד זיין 70־יאָריקן יובילײ איז געפּייערט געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד.

עס האָט אונז באַזונדערס געפרייט צו הערן בעת אונזער באַזוך אין חיפה אויף דער 8־טער קאָנפערענץ פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פעדע־ראַציע פון אַרכיטעקטן פאַר גאָרטנס און פּייזאַזשן, וועגן דעם דערפאָלג פון דעם אַנטוויקלונגס פּראָצעס אין מדינת ישראל, און אַ גרויסער טייל פון דעם דערפאָלג איז געווען צום קרעדיט פון דר. גרנות. עס האָבן זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ אַרום 100 ספּעציאַליסטן מומחים פון איבער צוויי צענדליק לענדער. די אַלע עקספּערטן האָבן נאַטירלעך באַרייזט ישראל לארכה ולרחבה, און זיך באַזונדערס אינטערעסירט מיט דער אַנט־וויקלונגס אַרבעט פון דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, קק״ל.

עס איז געווען העכסט אַנגענעם צו הערן זייערע שבחים און אָנער־קענונג פאַר דער באַוואַלדונגס אַרבעט, וואָס ענדערט דעם אויסזען און פּייזאַזש פון דער מדינה. די אַלע אָנטיילנעמער האָבן ביים סוף פון דער קאָנפערענץ געפלאַנצט בוימער אין יער הקדושים, לויט דעם מאָטאָ: פלאַנץ אַ בוים מיט די אייגענע הענט״.

דר. מ. ה. ווײלער האָט דאַן זייער האַרציק באַגריסט די געסט און געדאַנקט פאַר זייער גרויסן אינטערעס אין דער אַרבעט פון קק״ל.

איין און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די ראָל פון דעם קרן היסוד

**די איבער פערציק יאָר פון דער קרן היסוד. — דער גרויסער שוואונג פון דעם פאָנד זינט די מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן. — וויפל ישובים זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן מיט דער הילף פון די געזאַמלטע געלדער פון קרן היסוד־פאַראייניקטער ישראל אַפּיל.**

הגם דער ענין פון געלט זאַמלונגען פאַר ישראל איז שוין אַזוי אַלט, זינט דער ציוניזם איז אויפגעקומען, האָט אונז דאָך אינטערעסירט בעת׳ן ווײלן אין מדינת ישראל צו דערגרונטעוועז זיך צו די סאַמע יסודות פון דעם גרויסן געלט־שטראָם, וואָס האָט געפלאָסן פון אַלע טיילן פון דער אידישער דיאַספּאָראַ קיין ארץ ישראל, עס האָט אונז אינטערעסירט אויך צו וויסן, וויפל האָט „געקאָסט״ דער מערקווירדיקער גאולה־פּראָצעס, די אַלע פּלענער און בליו־פּרינטן, וואָס האָבן ענדלעך געפונען זייער לייזונג אין דער אידישער מדינה.

זוכנדיק די וואָרצלען פון דעם ריזיקן בוים, וואָס האָט יאָרן־לאַנג גענערט די אידישע פאַנטאַזיע, ד. ה. דעם אורשפּרונג פון דעם קרן היסוד, וועלכער איז געווען דער הויפּט־שליסל צו די טויערן פון ארץ ישראל בעת עס האָבן געוואַכט איבער איר טערקן, ענגלענדער, א. אַ., האָבן מיר זיך דערוואוסט אַז קרן היסוד האָט געשאַפן קאָלאָסאַלע מיליאָנען דאָלאַרן פאַר דעם אויפבוי פון מדינת ישראל. מיר זיינען צו־געקומען צו די ערשטע שפּורן, צו דער גרינדונג פון דעם דאָזיקן פאָנד, וועלכער האָט פאַרווירקלעכט אין אַ גרויסער מאָס די אַלע האָפענונגען, וואָס זיינען מיט אים פאַרבונדן געוואָרן. אויב דער קרן קימת לישראל האָט באַקומען זיין הויפּט פונקציע אָפּצוגעבן זיך מיט דעם ישראל באָדן, מיט פלאַנצן בוימער, דורכצופירן אירינאַציעס, אויסטריקענען זומפּן און אַנדערע ענלעכע אויפגאַבן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט קאָלאָניזאַציע, התישבות און קליטה, — האָט דער קרן היסוד געהאַט די שווערסטע ראָל צו זאַמלען געלט בכל ארבע פינות העולם, און שאַפן די מיטלען וואָס האָבן זיך געפאָדערט פאַר די אַלע שריט וואָס האָבן געפירט צו דער מדינה, בנין העם וגאולת הארץ.

מיר זיינען געקומען צום „בראשית״ פון דער אַנטשטייאונג פון קרן היסוד, וועלכער איז באַקאַנט געוואָרן אַלס „פאַונדיישאַן פאָנד״, און

איז געגרינדעט געוואָרן אין לאָנדאָן, אין חודש יולי 1920 ביי דער 1־טער ציוניסטישער יאָר־קאָנפערענץ נאָך דעם ערשטן וועלט קריג. די קאָנפערענץ האָט געהאָט דעם ציל צו שאַפן אַ רעאַלן פּלאַן פון אַ שנעלן אויפבוי פון ארץ ישראל. דער גרויסער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פירער הויפּט־ריכטער לואי בראַנדייס, איז דאַן אַרויסגעקומען מיט זיין דערקלע־רונג, אַז „די פּאָליטיק האָט זיך געענדיקט, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די עקאָנאָמיק״. בראַנדייס האָט פאַרלאַנגט, אַז די גאַנצע ציוניסטישע אַרבעט זאָל ראַציאָנאַליזירט ווערן אויף קאָמערציעלע יסודות. דאָס איז נאַטירלעך געווען אַ היפּש ביסל „פּראָזאַאיש״ פאַר די ציוניסטישע טרוימער און חובבי ציון. עס האָט אויסגעקוקט צו מעכאַניש, צו טרוקן, אָן אַ ברעקל לחלוחית אין ציוניזם, און איבעריק צוצוגעבן, אַז די אייראָפּעאישע ציוניסטן, מיט דר. חיים ווייצמאַן בראש האָבן ניט געפילט דאָס זעלבע, וואָס בראַנדייס, און עס האָט זיך געשאַפן אַ מין „מזרח־מערב״ טענדענץ אין ציוניזם. דער אויסוועג איז געפונען געוואָרן, ווען דר. ווייצמאַן איז אַרויסגעקומען אַלס פּרעזידענט, און בראַנדייס אַלס ערן־פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אין לאָנדאָן צו רעאָרגאַניזירן דעם ועד הצעירים, און אַלס נייער פינאַנציעלער אינס־טרומענט איז דאַן געשאַפן געוואָרן דער „קרן היסוד״.

עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ בודזשעט פון 25 מיליאָן פונט פאַר די נעקסטע 5 יאָר. ניט קוקנדיק אויף דער אָפּאָזיציע צום פאָנד מצד די אַמעריקאַנער ציוניסטן, וועלכע זיינען געשטאַנען הינטער בראַנדייסן, די לאָנדאָנער קאָנפערענץ האָט אין יולי 1920 דערוויילט אַ נייעם אַקציאָנס קאָמיטעט מיט אַ נייער עקזעקוטיווע: דר. ווייצמאַן איז דער־ווילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער עקזעקוטיווע.

ווי מען זעט פון דעם עצם ציל פון דער שאַפונג פון דעם קרן היסוד, איז דער פּלאַן געווען, אַז דער „פאָנד פון גרינדונג״ זאָל העלפן אין דעם אויפבוי פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל. די געלטער זאָלן צונויפגעזאַמלט ווערן פון אַלע וועלט־טיילן, וואו אידן האָבן געלעבט, אין דער פאָרם פון אַ יערלעכן אָפּצאָל, און זיי זאָלן פאַנאַנדערגעטיילט ווערן לויט דעם פּלאַנירטן בודזשעט, וואָס ווערט באַ־שטימט פון דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און אַדמיניסטראַטיווער עקזעקוטיוו פון דער אידישער אַגענטור.

במשך פון די ערשטע צוואַנציק יאָר פון עקזיסטענץ פון דעם קרן היסוד זיינען געזאַמלט געוואָרן אַרום 35 מיליאָן דאָלאַר, פון וועלכער סומע אַ דריטל איז אויסגעגעבן געוואָרן אויף לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָ־ניזאַציע, און די אַנדערע צוויי דריטל — אויף שולן און חינוך־אַנשטאַלטן, געזונטהייט, עליה, שטאָטישע קאָלאָניזאַציע, האַנדל, אינדוסטריע און אַנ־דערע נויטיקע פּאָזיציעס, וואָס האָבן געפאָדערט געלט. זעלבסטפאַרשטענדלעך

וואָלט דער ישוב אַליין קיינמאָל ניט געקענט דערוויַיזן צו טאָן די אַלע אַרבעטן, אָן דער הילף פון קרן היסוד.

דאָס זיַינען אָבער אַלץ געווען פאַרהעלטניסמעסיקע קליינע דערפאָלגן, וויַיל די מאָגערע געלט־זאַמלונגען האָבן ניט געקענט אויסברייטערן דעם אַפּאַראַט פון אַרבעט אין אַזאַ מאָס, ווי עס האָט זיך געפאָדערט. נאַטירלעך, פלעגן אַרומפאָרן די בעסטע ציוניסטישע עסקנים, רעדנער, מטיפים, שטאַטס־לייט און העלפן פירן די יערלעכע קאַמפּיינען איבעראַל, וואו אידן האָבן געלעבט. מיטן מאָמענט וואָס די אידישע מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, ד. ה. זינט דעם יאָר, 1948, ריכטיקער געזאָגט פון 1־טן אָקטאָבער 1948 ביז 31־טן מערץ 1960, האָט דער קרן היסוד אַריינגעבראַכט 621 מיליאָן דאָלאַר, און פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר איז שוין די אַלגעמיינע סומע העכסט וואַרשיינלעך געשטיגן צו 750 מיליאָן דאָלאַר, אויב ניט נאָך מער.

מיט אַנדערע ווערטער, דער קרן היסוד האָט אין די לעצטע 14 יאָר געשאַפן אַרום 60 פּראָצענט פון די אַלע געלטער פון דער אידישער אַגענטור, און דאָס איז הויפּטזעכלעך צו פאַרדאַנקען דער מסירת נפש פון די ציוניסטן פון אַלערליי שאַטירונגען.

דעריבער קען גאָר קיין רייד ניט זיין, לויט אונזער מיינונג, אויפ־צוגעבן די עקזיסטענץ פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, פּונקט ווי מען קאָן ניט ליקווידירן דעם קרן קימת לישראל, וועלכער האָט אַריינגעשריבן אַ גלאָררייכן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונזער באַנייטער מדינת ישראל. די פריינט פון ציוניזם און סתם פּאַטראָנייזער פון מדינת ישראל האָבן היפּש בייגעטראָגן צו די פּאַרגרעסערטע פאָנדן פון דעם קרן היסוד, וועלכער אַרבעט אין די לעצטע יאָרן צוזאַמען מיט דעם פאַר־אייניקטן אידישן אַפּיל, ווי דאָס איז למשל, אין קאַנאַדע, אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער. עס איז אַבסאָלוט ניטאָ קיין פּאַראַלעל צום פאַרנעם און אָפּפערווויליקייט פון אַזאַ גרויסער כסדר׳דיקער געלט־זאַמלונג...

די אַגענטור האָט אין די לעצטע יאָרן געהאַט אויך אַנדערע קוואַלן פון געלט־הכנסה, ווי די „שילומים״־געלטער פון די דייטשן, א. אַ. דאָס האָט דערמעגלעכט אויסצוגעבן איבער אַ ביליאָן מיט אַ האַלב דאָלאַר, הגם די סומע שליסט שוין איין אויך צוריקצאָלונגען אויף פריערדיקע הלוואות פון אַ האַלבן ביליאָן דאָלאַר אויף עליה, קליטה, און הייזער־בוי, איבער 550 מיליאָן אויף אַגריקולטור און איבער הונדערט מיליאָן אויף יוגנט־עליה.

דער נייער אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דער אידישער אַגענטור און דעם פאַראייניקטן ישראל אַפּיל, אין אַפּריל, 1960, ספּעציעל פאַר אַמעריקע, האָט געפונען אויסדרוק אין דער שאַפונג פון אַ נייער קערפּערשאַפט, וואָס באַשטייט פון 21 מיטגלידער (14 פון אַמעריקע און 7 פון דער אַגענטור). די נייע קערפּערשאַפט אויטאָריזירט אויפן סמך

פון בודזשעט, און די פאָרשלאָגן, וואָס ווערן געמאַכט דורך דער עקזע־קוטיווע אין ירושלים, אויסצוגעבן די געלטער, וואָס ווערן געשאַפֿן אין אַמעריקע. דער תנאי איז, אַז די אַמעריקאַנער געלטער זאָלן גיין בלויז אויף אימיגראַציע, קליטה, אַגריקולטור און אַנדערע נויטווענדיקייטן. דאַ־קעגן ענינים פון חינוך, קולטור און אָרגאַניזאַציע־אויסגאַבן זאָלן געצאָלט ווערן פון אַנדערע קוואַלן. ענלעכע אַראַנזשירונגען זיינען טיילווייז אויך געמאַכט געוואָרן מיטן קרן קימת לישראל, וועלכער איז געשאַפֿן געוואָרן מיט אַ 20 יאָר פריער פונעם קרן היסוד.

אַזוי האָט זיך איינגעבירגערט און ממש אַריינגעדרונגען אין לעבן דער קרן היסוד — פאַראייניקטער אידישער אַפּיל, וועלכער איז שוין לאַנג אַנערקענט אַלס הויפּט־אינסטרומענט פאַר געלט־זאַמלונגען ביי אידן איבער אַלע עקן וועלט, וואָס צילט צו שטאַרקן דעם יסוד פון דער אידישער מדינה. דעריבער רופט זיך טאַקע דער פאָנד קרן היסוד. ער איז דער פונדאַמענט פון מדינת ישראל, און די ציוניסטישע וועלט אָרגאַניזאַציע האָט מיט איר באַשלוס און טאָט אין יאָר 1920 אין לאָנדאָן פאַקטיש געמאַכט דעם ערשטן פּראַקטישן שריט פאַר בנין־הארץ, אַ שריט וואָס האָט געראַטעוועט די אידישע צוקונפט.

די קאָנקרעטע דערגרייכונגען פון דעם אַנערקענטן קרן היסוד זינט דעם אָנפאַנג פון די צוואַנציקער יאָרן, ביז דער מלחמת השחרור, זיינען:

— איבער 300 סעטעלמענטס זיינען עטאַבילירט געוואָרן דורך דער אידישער אַגענטור אַ דאַנק די פאָנדן פון קרן היסוד. אין דער תקופה פון העכסט דראַמאַטישער עקספּאַנסיע, זינט דעם יאָר 1948 זיינען צוגעקומען אַרום זעקס הונדערט נאַציאָנאַלע ישובים. אויך אַנדערע זייער נויטיקע אויפגאַבן און פּראָיעקטן זיינען אויסגעפירט געוואָרן אַ דאַנק די געלטער פון קרן היסוד. דאָס מיינט, אַז גרעסערע סומען זיינען אַוועקגעגעבן געוואָרן פאַר עליה, הײמען־בוי, איינבירגערונג פון נייע אימיגראַנטן אאַ״וו.

די וויכטיקייט פון די אַלע געלטער איז ניט אַזוי גרויס צוליב זייער כמות, האָט אונז אַ פאָרשטייער פון דער אַגענטור דערקלערט, ווי צוליבן איכות, די חשיבות פון די געלטער. זיי האָבן געהאָלפן אויס־בילדן אַ שותפות צווישן דער דיאַספּאָראַ און דעם ישוב אין ישראל, וועלכער האָט שוין דערגרייכט די צאָל פון איבער צוויי מיט אַ פערטל מיליאָן נפשות, כן ירבו!...

די אַרבעט פון קרן היסוד גיט יעדע האָפענונג אויף צו דער־גרייכן אין דער ניט ווייטער צוקונפט אַ דריטן מיליאָן אידן, דאָס מיינט ביזן יאָר 1970. לויט דער מסירת נפש פון די עסקנים און באַאַמטע וועט דער ציל וואַרשיינלעך דערגרייכט ווערן נאָך פריער. דער ענין איז אָפּהענגיק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע אין דער וועלט. אָבער לויט אַלע סימנים וואַקסט דער סענטימענט צו מדינת ישראל זייער שטאַרק, און

עליה וועט נאָך מער אָנגיין, ווייל נאָך אַלע גליקן וואָס אידן האָבן אין דער פרעמדער וועלט, זעט מען זיך אַרום, אַז ארץ ישראל איז פּאָרט דער איינציקער ווינקל אויף דער וועלט־מאַפּע, וואָס איז דורך און דורך אידיש, מיט אַלע ליכט־ און שאָטן־זייטן, און „נכסי דחוץ לארץ אין בהם מזל ברכה".

דאָס אידישע פאָלק האָט באַוויזן דעם צוטרוי צו אונזער עבר, צו אונזערע וויזיאָנערן און נביאים, וועלכע האָבן פאָראויסגעזאָגט, אַז סוף כל סוף וועט ארץ ישראל ד. ה. מדינת ישראל אויפגעלעבט ווערן. אידן וועלן זיך אומקערן פון אַלע גלות'ן, מען וועט בויען הייזער, פלאַנצן ווייגגערטנער, אידישע קינדער וועלן אָנפילן די גאַסן מיט פרייד און יובל, און יעדער איינער וועט קאָנען געניסן פון אַ פרידלעך און רואיק לעבן — איש תחת גפנו ותחת תאינתו — יעדער אונטער זיין ווייגשטאָק־בוים און זיין פייגנבוים. די דאָזיקע הערלעכע נבואה וואַרט נאָך אַביסל אויף דער פולער רעאַליזאַציע, אָבער אַ גוטער, געזונטער און פיל פאַרשפּרע־כענדער אָנפאַנג איז שוין געמאַכט געוואָרן, און קיין צוריקוועגס איז מער נישטאָ! מיר האָבן אויסגעמאַסטן דעם גאַנצן ערד־קוגל; פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון גלות, און אונטער קיינע אומשטענדן וועלן אידן צוריק אין גלות ניט גיין! דער קרן היסוד האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַוועק־געלייגט דעם יסוד פון אונזער פרייער זעלבסטשטענדיקער היים אין מדינת ישראל. אויף דעם יסוד דאַרפן מיר ווייטער בויען אַ הויז נאָך אַ הויז, פלאַנצן אַ גאָרטן נאָך אַ גאָרטן, אַ וואַלד נאָך אַ וואַלד, אַנטוויקלען אונזער גייסטיקן און עקאָנאָמישן לעבן לויט די פאָדערונגען פון דער צייט, און פאַראַנקערן זיך אין אונזער באַנייטער מדינת ישראל אויף אַלע אייביקייטן. דאָס איז די הויפּט אידייע פון קרן היסוד.

אויב דער קרן היסוד האָט באַוויזן צו העלפן אַ קנאַפּן מיליאָן אידר אַריבערצוקומען קיין ישראל אין די ערשטע 18 יאָר פון דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה, און זיין ריזיק אַרבעט ווערט פאַרגע־זעצט מיט אַ גרויסן טעמפּאָ, איז דאָס אַ זעלטענער רעקאָרד אין פעלד פון פרייוויליקער אַרבעט צווישן אַלע פעלקער פון דער וועלט, דורך דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. דאָס האָט געמאַכט דעם קרן היסוד־פאַראייניקטן ישראל אַפּיל אַלס שותף מיטן גאַנצן אידישן פאָלק אין דער דיאַספּאָרע.

דער קרן היסוד קוקט אין דער צוקונפט, און בויט די אידישע מדינה אַלס פאַקטישע היימלאַנד פאַרן אידישן פאָלק פאַרן היינט און פאַרן מאָרגן...

אין קורצן איז דער סך הכל פון קרן היסוד אין די ערשטע 18 יאָר פון מדינת ישראל, פאָלגענדער:

אין מזומן איז געזאַמלט געוואָרן איבער דער גאָרער וועלט די

סומע פון 600 מיליאָן דאָלאַר. צוזאַמען מיט אַנדערע הכנסות פון דער אידישער אַגענטור, איז די סומע אַ ביליאָן דאָלאַר. דער גרעסטער טייל פון די געלטער איז אַוועק פאַר עליה און לאַנדווירטשאַפט באַזעצונג, — די צוויי הויפט צילן פון דעם עיקר יסוד פון ציוניזם.

די גרויסע געלדער זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אומגעפער: 325 מיליאָן דאָל. פאַר עליה, קליטה און שיכונים; 76 מיליאָן דאָל. פאַר עלית הנוער; 500 מיליאָן דאָל. פאַר אַגריקולטור התישבות; 100 מיליאָן דאָל. פאַר אַנדערע קאָנסטרוקטיווע צוועקן.

וואָס האָט דער קרן היסוד דערגרייכט מיט די געלטער?

אַ קנאַפּער מיליאָן אידן זיינען אַריינגעקומען אין ישראל, דער רוב פון מזרח אייראָפּע, און אַן ענלעכער סכום אידן — פון אַזיאַטישע לענדער. פיל טויזנטער קינדער און יוגנטלעכע דורך עלית הנוער. עס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן 500 נקודות, ווי מושבי עובדים, קיבוצים, אַרבעטס דערפער, לאַנדווירטשאַפטלעכע, מעברות אאַ״וו.

אין די לעצטע 5 יאָר זיינען די רעזולטאַטן פיל פאַרגרעסערט געוואָרן, און דער קרן היסוד אַלס די פאַראייניקטע ישראל אַקציע, וואַקסט אין פרעסטיזש פון יאָר צו יאָר.




מר. היימאַן גראַווער — דער ערשטער טשערמאַן פון באָנד־דרייוו

צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# „מוסד הרב קוק", אַלס ליטעראַריש־קולטורעלער צענטער

**דער מוסד פאַראייביקט דעם נאָמען פון 1־טן הרב הראשי הרב קוק ז"ל. — די גרויסע ראָל פון הרב י. ל. מימון ז"ל, צו פאַרוואַנדלען דעם מוסד אין אַ תורה און קולטור צענטער אין א"י. — וואָס דער מוסד האָט שוין אויפגעטאָן פאַר די 30 יאָר פון זיין עקזיסטענץ. — דער ריזיקער בייטראָג פון הרב מימון, אַלס מחבר און שעפער פון אַ גאַנץ באַדייטנדער אייגענער ספרים־ביבלאָטעק. — דער יראת הכבוד, וואָס שוועבט אין דעם בנין.**

דער מוסד הרב קוק איז געוואָרן אַ צוציאונגס קראַפט פאַר יעדן טוריסט, פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט אַ חוש פאַר תורה־קולטור און פאר דער גרויסער נבואה, אַז „מציון תצא תורה". גאַנץ ישראל איז הייליק, און ווער רעדט ירושלים — איז זי דאָס האַרץ פון ישראל, אָבער דער מוסד הרב קוק איז דער לעבעדיקער אָטעם, וואָס ווייזט, ווי טיף און ברייט עס איז דער קוואַל פון תורה; ווי אמת'דיק עס זיינען אַלע הבטחות און אַלע וויזיעס פון אונזערע ליכטיקע גייסטער, וועלכע האָבן אונז פאָראויסגעזאָגט מיט טויזנטער יאָרן צוריק, אַז דאָס אידישע פאָלק, דאָס אידישע לאַנד און די אידישע תורה זיינען אַ „חוט המשולש שלא במהרה ינתק". אַ דרייפאַכער באַנד וואָס קאָן קיינמאָל ניט איבערגעריסן ווערן...

דער ציוניסטישער קאָנגרעס אין לוצערן אין יאָר 1935, אַזוי גיך, ווי ער האָט באַקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז הרב קוק איז נפטר געוואָרן, האָט תיכף באַשלאָסן צו גרינדן אַ מוסד אויף זיין נאָמען, כדי ער זאָל ניט פאַרגעסן ווערן, און כדי זיינע אידעאַלן זאָלן איינגעוואָרצלט ווערן אין ארץ ישראל און ביים גאַנצן פאָלק ישראל. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז די איניציאַטיוו זאָל איבערגעגעבן ווערן צו הרב יהודה לייב מימון, דאַן הרב פישמאַן, און ער זאָל זען אָנקליידן די אידעע אין מעשים...

צווישען די הויפּט־אויפגאַבן, וואָס זיינען אָנגעוואָרפן געוואָרן אין דעם פּלאַן פון מוסד, זיינען געווען: אַרויסגעבן נאַציאָנאַל רעליגיעזע ליטעראַטור, איבער תורה און וויסנשאַפט; אַרויסגעבן מאָדערנע קריטיק־אָפּהאַנדלונגען פון די ערשטע רבנישע קלאַסישע חיבורים, וואָס זיינען נאָך ניט געדרוקט; שטיצן

רעליגיעזע שרייבער און תלמידי חכמים, און דערמעגלעכן זיי פאַרעפענטלעכן זייערע ווערק; דרוקען וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע אַנטאָלאָגיעס, כדי צו ענטפּלעקן די אַלטע אידישע תורה־אוצרות און ליטעראַרישע שאַפונגען, איבערהויפּט פון די וואָס זיינען ראוי אַריינצוגיין אין דער קאַטעגאָריע פון אידישע מלומדים; עס זאָל אויך געפאָרשט ווערן די אידישע פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, צו סטימולירן און דערמוטיקן נייע רעליגיעזע דענקער און שרייבער אויסטיילענדיק אַפילו סקאָלערשיפּס צו די אומפאַרמעגלעכע חוקרים און וויסנשאַפטלער.

באַזוכנדיק דעם מוסד הרב קוק, וועלכער איז אַ שטילער עדות פון אַזוי פיל אָנגעזאַמלטע ספרים, ביכער און מאַנוסקריפּטן, באַקומט מען אַן „אינפעריאָריטי קאָמפּלעקס״, ווייל ווען מען זעט דאָרט אַזוי פיל ריזיקע מייס־טער ווערק, אַזוי פיל קולטור און תורה שאַפונגען, ווערט מען ביי זיך אַליין געפאַלן, טראַכטנדיק „מי אני, ומה אני, ומה חיי?!?...״ וואָס פאַר אַ ראָל קאָן שפּילן אַ דורכשניטלעכער אידישער שרייבער מיט זיין באַגרענעצטן באַגאַזש פון וויסנשאַפט, אַפילו ווען ער האָט שוין געלערנט היבשע יאָרן אין דער יוגנט אין אַ ישיבה, האָט באַזוכט אַ לערער סעמינאַר, און זיך מתעסק זיין גאַנץ לעבן מיט שרייבעריי און פאָרשונג?...

מוסד הרב קוק וואַרפט אָן אַ גייסטיקן „פחד״ אויף א באַזוכער, ווען ער דערזעט די גרויסע פּיראַמידע פון שאַפונגען פון גאונים און גדולי ישראל, ווען ער שטייט פאַר דער רעטעניש: ווי איז דאָס גאָר מעגלעך אָנצוזאַמלען אַזוי פיל וויסן, אַזוי פיל חכמה, אַזוי פיל ידיעות, און דאָס אַלץ פאַרעפנטלעכן אין בוך פאָרם, אין ספרים, צו וועלכע מען מוז צוגיין מיט גרויס יראת הכבוד?...

עס איז ניט דער זעלבער געפיל, ווען מען קומט אַריין אין אַ גרויסן ספרים אָדער ביכער־געשעפט, און מען זעט פאַרשידענע אויסגאַבעס, ענציק־לאָפּעדיעס, ביכער פון גאָר אַלטע צייטן, אָדער אפילו ספרים יקרי המציאות. אין אַזאַ ביכער געשעפט פילט מען זיך בלויז צופרידן, ווען מען זעט, ווי מיר שטייען חלילה ניט אָפּ פון די אומות העולם; אַז מיר שאַפן און האָבן וואָס צו ווייזן און וואָס צו געבן דער וועלט. עס איז אָבער אינגאַנצן אַן אַנדער סאָרט געפיל, ווען איר שטייט אין מוסד הרב קוק, וואו דער געדאַנק איז קאָנצענטרירט נאָר אויף גרויסע און וויכטיקע ווערק, ווען איר זעט פאַר זיך די פּרוכט פון גאונישע מוחות און דערפילט אין זיך אַ פונק פון „רוח־הקודש״, וואָס שוועבט אין דעם פּרעכטיקן איזאָלירטן בנין „בית המקדש״ דהרב קוק.

זעענדיק, אַז בראש פון אַזאַ מוסד איז יאָרן לאַנג געשטאַנען דער וועלט גאון און תורה־ווירטואָז, הרב יהודה לייב מימון ז״ל, וועלכן מיר האָבן שוין

פריער דערמאָנט, קריגט מען נאָך אַ באַזונדער דרך ארץ צו דעם מוסד, ווייל הרב מימון איז אליין געווען אַ רבי אליעזר בן הורקנוס, ד.ה. אַ בור סוד, אינו מאבד טיפה — אַן אויסגעקאַלכט גרוב, וואָס קיין טראָפּן ווערט דאָרט ניט פאַרלוירן...

עס איז באַשערט געווען דעם דאָזיקן גרויסן תלמיד חכם הרב מימון, אַז זיין אַכציק־יאָריקער יובילייַ זאָל נאָך געפייערט ווערן מיט אַזוי פיל גלאַנץ און רעספּעקט, און דאָס איז צום גרעסטן טייל געווען אַ דאַנק דעם מוסד הרב קוק, וועמעס צענטראַלע פיגור ער איז געווען. דער נאָמען פון הרב מימון איז זינט צענדליקער יאָרן געוואָרן אַ „שם דבר" אין דער אידישער וועלט, ווייל ער האָט זיין הויפּט מחשבה און הויפּט טעטיקייט געבראַכט אלס קרבן אויפן מזבח פון דער אידישער מדינה, פאַר און נאָכן פּראָקלאַמירן זי. ער איז אויך געווען דער ערשטער מיניסטער פאַר רעליגיעס אין מדינת ישראל, און ביי דעם אַלעמען געלייסטעט אלס דער אַרכיטעקט פון דעם מוסד הרב קוק. ער איז געוואָרן דער גרעסטער ביישטייערער אין גייסטיקן זין צו דעם מוסד, און זיינע צענדליקער ווערק קאָנען שוין אליין בילדן אַ היבשע ביבליאָטעק פון יהדות...

אַט פאַרוואָס גלייך ביים אַריינקום אין מוסד הרב קוק, פאַלט אייער אויג אויף הרב מימונס ספרים און שאַפונגען, וועלכע דערציילן וועגן דער גרויסער אידישער ערודיציע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און דעם קאָלאָסאַלן וויסנשאַפט באַגאַזש, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיין מוח און מחשבה. אַ אינסטיטוציע, אין וועמעס שפּיץ עס איז געשטאַנען פאַר קנאַפּע דריי צענדליק יאָר אַזאַ ענק שבענקים. ווי הרב מימון ז"ל, האָט געמוזט ציען די גרעסטע אויפמערק־זאַמקייט און יראת הכבוד ניט נאָר פון ישוב אין ישראל, נאָר אויך פון דער גאַנצער אידישער וויסנשאַפטלעכער וועלט.

לאָמיר דאָ כאַפּן אַ בליק, על רגל אחת, לויט ווי דער איצטיגער אָנפירער פון דעם מוסד, דער ליבער יצחק רפאל האָט אונז באַקענט מיט די פּובלי־קאַציעס, וואָס זיינען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די 30 יאָר פון זיין עק־זיסטענץ. עס זיינען שוין אָפּגעדרוקט געוואָרן אַרום 670 ביכער, און קיין איינצי־קער צווייג פון עניני יהדות איז ניט אויסגעלאָזן געוואָרן, אָנהויבנדיק פון תורת משה מיט די פאַרשידענע פירושים, קאָמענטאַרן און ענדיקנדיק מיט מאָדערנער פאַרשונג. דער דירעקטאָר זאב בלומנצווייג האָט באַזונדער באַמערקט, אַז מען האָט קיינמאָל ניט אין באַטראַכט גענומען פינאַנציעלע אָנגעלעגנהייטן, ד.ה. דרוקן ספרים צוליב מאַטעריעלע ריווחים. די אַלע ספרים און ביכער, וואָס דער מוסד האָט אַרויסגעגעבן, זיינען פון פערמאַנענטער חשיבות, און זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט דאָס געפאָדערט גרויסע קאַפּיטאַלן. מען דאַרף אויך פאַרשטיין אַז ביכער פון גאָר הויכער ווערט און חשיבות, זיינען ניט קיין

עובר לסוחר־סחורה... זיי האָבן דווקא ווינציק אָפּגעמער, און דאָס מאַכט די הוצאות הדפוס נאָך מער קאָמפּליצירט...

ווי איר קוקט אָן אונזער עקד הספרים — האָט דער דירעקטאָר אונטערשטראָכן, — דערציילן זיי אַלע וועגן אונזער גרויסער גייסטיקער ירושה, און זיי זיינען געדרוקט אין פּאָפּולערע פאָרמען און אין אַ לייכטער שפּראַך, כדי צו מאַכן זיי צוגענגלעך פאַר יעדן בר דעת צו לייענען. איר האָט דאָ פּערזענלעכקייטן פון דער אידישער געשיכטע, וואָס פאָרדינען שטודירט צו ווערן. איר האָט דאָ ווערק, וואָס באַלייכטן אונזער אידישן נאַציאָנאַל־רעליגיעזן האַריזאָנט, וואָס דערציילן וועגן אונזער אלטער געזעצ־געבונג, אומשטערבלעכקייט, און בכלל וועגן פאַזן פון אידישן לעבן אַמאָל און היינט. די אַלע ביכער, וואָס מוסד הרב קוק האָט אַרויסגעגעבן זיינען קלאַסיפי־צירט אויף פאָלגנדן אופן: תורה און פּירושים; תלמוד; רמב״ם; ליטורגיע; קבלה, חסידות; ישראל און ציוניזם; זאַמלונגען (קובצים); רעפערענץ ביכער; געשיכטע און פאָרשונג; בריוו, מאָנאָגראַפיעס און מאמרים; עטיק און סדר התפילות; אַנטאָלאָגיעס; מקורות ביבליאָטעק; ביבליאָטעק פון ישראל טעקסטן; געזאַמלטע ווערק, איבערגעזעצטע פון אַנדערע שפּראַכן; יוגנט זשורנאַלן; פּעריאָדישע שריפטן; מדרש; ליטעראַטור, א.א.ו.

ווי מען זעט, עקזיסטירט שוין אַ גאַנץ גענויע קלאַסיפיקאַציע פון די אַלע ווערק, וועלכע דער מוסד האָט אַרויסגעגעבן און ציילן זיך שוין איבער 7 הונדערט.

אריינקוקענדיק אין די פאַרשידענע ביכער שרענק, זעט מען דעם ספר „אזכורה״, געווידמעט צום זכרון פון הרב קוק ז״ל אויף וועמעס נאָמען דער מוסד איז געגרינדעט געוואָרן. אין דעם באַנד זיינען אויך אַריינגעגאַנגען ענינים, וואָס באַהאַנדלען די גדלות פון רב האי גאון, רש״י, רבי יהודה הלוי, סעדיה גאון און אַ באַנד לכבוד דעם הונדערט יאָריקן אָנדענקונג פון דער פּטירה פון רבי יום טוב ליפּמאַן העלער, מחבר פון תוספות יום טוב, א. אַ. די אַלע ספרים זיינען מיט באַגייסטערונג אויפגענומען געוואָרן פון געלערנטע און וויסענשאַפטלער.

דער „ספר החינוך״ וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן קירצלעך נאָך דער גרינדונג פון מוסד, שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווינקלשטיין אין בנין פון אידישע שאַפונגען במשך פון יאָרהונדערטער. אין אונזערע צייטן זיינען ליידער פיל מענטשן דערווייטערט געוואָרן פון די אַלטע אידישע קוואַלן. די קייט, וואָס ציט זיך פון די גאָר אַלטע צייטן ביז היינט, איז פּשוט איבערגעריסן געוואָרן! דאָס האָט פאַראָרעמט זייער שטאַרק אונזער קולטורעל לעבן. דער „ספר־החינוך״ שליסט דעריבער אַיין אויך אַ טייל פון „שאלות רב האי גאון״ און אַ חלק פון „שולחן ערוך״.

תיכף נאָך דער היטלער קאַטאַסטראָפע האָט דער מוסד הרב קוק אָפּגעדרוקט אַ ווערק אַ. נ. „ערים ואמהות בישראל״, אין יאָר 1946, אַלס היילקער מאָנומענט אויף די חרוב געוואָרענע שטעט און קהלות. די אַרבעט איז איינגעטיילט אין זעקס באַזונדערע בענד. די חכמי לובלין און פּרעשבורג זיינען אַריין אין אַ זיבעטן באַנד. דער חורבן פון אייראָפּעאישן אידנטום האָט אָבער געפאָדערט אַרויסצוגעבן נאָך אַזעלכע ביכער, געטאָ־זאַמלונגען פון לידער און פּראָזע, וואו עס קומט צום אויסדרוק די אידישע טראַגעדיע, וואָס האָט ניט איר גלייכן אין דער וועלט געשיכטע!..

אָט זעען מיר אַ פּראַכטפול אַרויסגעגעבענעם ספר פון יעקב ביקאָנספעלד, אַ. נ. „בתי־הכנסיות בארץ ישראל״, און מען מערקט גלייך, ווי די קייט פון שאַפונגען ווערט ניט איבערגעריסן ביי אידן. ווידער וואַרפט זיך אין די אויגן דער ספר „על נהרות ספרד״. מיר ווערן אינפאָרמירט אז דאָס בוך „התורה והמדינה״ האָט אַרויסגערופן צו זיינער צייט אַ באַזונדער גרויסן אינטערעס, ווייל ארץ ישראל איז געווען דאָס וויגעלע פון אונזער פאָלק און דער ערשטער אויפשטייג אויף דער וועלט־אַרענע. אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעט פון פּיאָנער פון פּאַלעסטינאָגראַפיע איז געשאַפן געוואָרן פון רבי איסטארי ה׳ פארי, וועלכער האָט עמיגרירט קיין א״י מיט אַ זיבן הונדערט יאָר צוריק און דאָרט שטודירט די נאַטירלעכע און רעליגיעזע אַספּעקטן פון היליקן לאַנד. דעריבער האָט דער מוסד הרב קוק אַרויסגעגעבן אַ גרויסן טייל פון דעם שטודיום, שפּעטער האָט ר׳ ישעיה פּרעס פאַרגעזעצט די דאָזיקע אַרבעט, און ער האָט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן די ערשטע 4 בענד פון דער ארץ ישראל ענציקלאָפּעדיע, מיט דער הילף פון מוסד הרב קוק.

דער מוסד האָט שוין אַרויסגעגעבן מדרשים־ליטעראַטור, רעפערענס ביכער, דעם רעליגיעז־נאַציאָנאַלן חודש־זשורנאַל „סיני״, און ועל כולם ציט גאָר באַזונדער אויפמערקזאַמקייט די אויסגאַבע „רמב״ם לעם״, פון וועלכער עס זיינען שוין אַרויס 15 בענד, מיטן טעקסט און נקודות, מיט אַ פּירוש פון הרב שמואל תנחום רובינשטיין. עס זיינען לעצטנס שוין דערשינען זעקס בענד פון „אוצר הפוסקים״ (שאלות ותשובות), און דער קוואל שטעלט זיך ניט אָפּ. אויסצורעכענען אַפילו די וויכטיקסטע אויסגאַבעס וואָלט פאַרנומען אַ סך פּלאַץ. דעריבער וועלן מיר זיך באַגרענעצן מיט דער דערקלערונג, אַז חמשה עשר בשבט 1952 איז געלייגט געוואָרן דער ווינקלשטיין פאַר דעם נייעם בנין פון מוסד הרב קוק, און הרב מימון האָט אָנגעפירט מיט דער צערעמאָניע. ער האָט אויפגעקלערט דעם פּראָגראַם פון אַרבעט. מיט איין יאָר שפּעטער איז פאַרגעקומען דער חנוכת הבית פון מוסד מיט דער באַטייליקונג פון 2000 מענטשן פון ישראל און חוץ לארץ. דער איינדרוק איז געווען אין לשער... די אויסשטעלונג פון רמב״ם׳ס ווערק, דער אודיטאָריום,

די שול, די ריזיקע ביבליאָטעק, די אַרכיוון, די ירושה פון הרב עוזיאל, און דער עיקר טאַקע די ווערק פון רמב״ם, דער זוהר תיקוני זוהר, ספר הבהיר, ספר חסידים, מלאכי עליון, שערי זוהר, די פיל ווערק וועגן פילאָזאָפיע, די מאַנוסקריפּטן, לעקסיקאָנען, ביבל־קאָמענטאַרן אאַ״וו דאָס פאַרכאַפּט דאָס אויג פון יעדן איינעם, און לאָזט ניט אַרויס קיין איינציקן באַזוכער, וועלכער זאָל זיך ניט דערפילן אין אַ וועלט פון רוחניות און אידישן יחוס, ווען ער פאַרלאָזט דעם מוסד...

ווילן מיר דאָ נאָך אַמאָל דערמאָנען, אַז דער רוקנביין פון דעם מוסד הרב קוק איז דער אידעם הרב דר. יצחק רפאל, וועלכער איז געווען די רעכטע האַנט פון זיין לעצטנס נפטר געוואָרענעם שווער הרב מימון זצ״ל. יצחק רפאל איז אַ זייער געלערנטער מענטש, און איז פאַקטיש די נשמה פון מוסד הרב קוק. ער האָט אויך געירשנט איצט די ריזיקע ביבליאָטעק פון זיין שווער ז״ל, און ער איז איינער פון די אינגערע ישראל שטאַטסלייט, וועלכער פאַרנעמט שוין אַ זייער בכבודיקן פּלאַץ אין לעבן פון מדינת ישראל, כאָטש ער איז נאָך אַזוי יונג, קוים 50 יאָר אַלט, עד מאה ועשרים.

דריי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# בית סוקולוב אין תל־אביב

**דער „משרד המרכזי של בית העתונאים ע"ש נחום סוקולוב". — דער זשורנאַליסטן פאַרבאַנד אַלס „ליטעראַרישע" אַמבאַסאַדע פון אַלע העברעאיש־אידישע שרייבער. — דער גענעראַל סעקרעטאַר משה ראָן פירט אָן מיט'ן „איגוד ארצי של עתוני ישראל". — דער קבלת פנים וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן דעם שרייבער פון די שורות אין דעם העברעאישן שרייבער פאַרבאַנד און די האַרציקע ווערטער פון פרעזידענט מיכאל אסף, משה צאַניך, משה שטאַרקמאַן א. אַ.**

איינער פון די אַנגענעמע מאָמענטן, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט אין מדינת ישראל, איז בלי ספק געווען דער באַזוך אין בית סוקולוב, אין תל אביב, הקיריה 4 וואו עס איז קאָנצענטרירט דער גאַנצער גייסטיקער העברעאישער „שאַפונגס־פאַרמעגן" פון דער באַנייטער מדינת ישראל.



בית סאָקאָלאָוו, תל־אביב

צווישן אַלע גרויסע רעגירונגס־אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטלעכע צענטערס האָט אויף אונז געמאַכט אַ באַזונדער שטאַרקן איינדרוק דער בית סוקולוב, וואו עס קלאַפּט דער דופק פון דער העברעאישער שפּראַך ליטעראַטור און פּרעסע, און וואו די לופט איז כולו העברעאיש. ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז אין ישראל זיינען פאַראַן אַריבער זעקס הונדערט העברעאישע שרייבער, פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס אַרבעטן אין די פאַרשידענע צייטונגען, זשורנאַלן, פּובליקאַציעס אאַ״וו און אַלע געפינען זייער געמיינזאַמען אינטערעס אין דעם העברעאישען זשורנאַליסטן פאַרבאַנד, — איז ניט קיין וואונדער, וואָס אין „בית סוקולוב״ וויברירט אַזוי די לופט, און עס אָטעמט דאָרט דאָס העברעאישע וואָרט, אידישע חריפות און שיינקייט פון אויסדרוק... עס איז דעריבער ניט קיין קליינער כבוד געווען איינגעלאַדן צו ווערן אַלס גאַסט־קאָלעגע, ווער רעדט נאָך צו אַ גרויסאַרטיקן דינער מיט ווין און פאַרווילונג, און פאַרברענגען אין אַזאַ גייסטרייכער מסיבה אַ שיינע פּאָר שעה...



קבלת־פּנים פאַר מ. גינזבורג ע״ה אין „בית סאָקאָלאָוו״, תל־אביב

עס זיצן: מיכאל אסף, יו״ר; אייזיק רעמבא, וויצע פּאָרזיצער; משה ראָן, גענעראַל־סעקרעטאַר; אריה פּייטאן, דירעקטאָר פון פּרעסע וועזן ביי דער רעגירונג, און שלמה בן־ישראל, „פאָרווערטס״־קאָרעספּאָדענט.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז אַן אַלטער חבר פון דעם שרייבער, מיכאל אסף, וועלכער איז דער פּרעזידענט פון דעם העברעאישן שרייבער פאַרבאַנד, זאָל זיך צום ערשטן מאָל באַגעגענען מיט אים נאָך א צעשיידונג פון א פערציק יאָר, זינט מען איז געווען חברים אהובים ויקרים אין לאָדזש, וואו מיכאל אסף איז געבוירן געוואָרן. דאָרט האָבן מיר היבשע יאָרן געלעבט צוזאַמען אין דער צייט פון דעם ערשטן וועלט־קריג; געטיילט אָפטמאָל דעם ביסן ברויט, ווייל די מלחמה האָט געשטערט צו האָבן גענוג ברויט און זופּ פאַר יעדן איינעם! מיר האָבן דאַן אין דעם ליכטיקן צענטער פון „בית עם" (קאָרנער פּאַסאַזש שולץ און וואולטשאַנסקאַ, אין לאָדזש) געלעבט צוזאַמען, זיך גע'עוסק'ט מיט העברעאישער ליטעראַטור און שפּראַך; געשריבן, דעבאַטירט, געפירט לאַנגע אסיפות וועגן פּאָליטישן ציוניזם, געדרוקט בראָשורן מיט ציוניסטישן אינהאַלט, אין קורצן — געאָטעמט די לופט פון ארץ ישראל, אויף דעם באָדן פון דער קאָמערציעלער פאַבריק־שטאָט — לאָדזש...

די אַנדערע טייערע חברים, ווי אברהם לעווינסאָן ז"ל און יבדלו לחיים ישעיה הורוויץ צבי בראט און חנוך ראקאוויטש, וועלכע מיר האָבן געטראָפן אין ישראל נאָך פיר צענדליק יאָר פון ניט וויסן איינע פון די אנדערע — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. דער עיקר — אָבער — צו באַגעגענען זיך מיט מיכאל אסף, וועלכער האָט שוין אָװעקגעגעבן פערציק יאָר לעבן פאַר ארץ ישראל, און איז היינט צווישן די געציילטע עקספּערטן אין דער אַראַבישער שפּראַך, און האָט שוין רעדאַגירט אַראַבישע ביכער און צייטונגען, וואָס די הסתדרות גיט ארויס — דאָס איז געווען פאַר אונז דער גרעסטער גייסטיקער גענוס פון דעם ישראל־באַזוך.

ווי ח' מיכאל אסף האָט מיר איבערגעגעבן, האָט ער שוין פאַרעפנטלעכט אין א"י אַ ריי ווערק מיט יאָרן צוריק, וועלכע מען קאָן אפילו ניט קריגן צו קויפן, ווייל זיי זענען אויסגעגאַנגען פון פאַרקויף. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „תולדות השילטון הערבי בארץ ישראל"; און „תולדות התעוררות הערבים בא"י לבריחתם". אין די ווערק גייט דורך די גאַנצע געשיכטע פון ציוניזם, פון אַ יוגענד, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן און געקעמפט מיט די אַראַבער. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ספר „לורנס בחיים ובאגדה" און אַנדערע ביכער, וואָס זענען אַרויס אין פאַרלאַג „דביר." אין די יאָרן 1937—1960 האָט ער רעדאַגירט דאָס אַראַבישע וואָכנבלאַט פון הסתדרות „קחיקת אל אמר", וואָס מיינט אין העברעאיש „האמת שבדבר", און אין די יאָרן 1948—1959 די טעגלעכע אַראַבישע צייטונג „בשם אל יום", וואָס מיינט אין העברעאיש „היום".

דער צווייטער געוועזענער חבר פון יענער תקופה אין לאָדזש דער פאַרשטאָרבענער, אברהם לעווינסאָן ע"ה, האָט אויך לאַנגע יאָר געאַרבעט אין קולטור דעפּאַרטמענט פון דער הסתדרות, און איז ליידער פריצייטיק אוועק!

ער איז געווען אַ געבוירענער אין לאָדזש, און געשטאַמט פון איינער פון די שענסטע משפּחות. אַ דריטער חבר, חנוך ראַקאָוויטש, האָט עולה געווען אין יאָר 1935 קיין א״י, אַלס גוטער העברעער, חובב ציון און געטרייער חבר פון „התאחדות״, צו וועלכן מיר האָבן אַלע געהערט בימים ההם. נאָך אַ האַרציקער חבר, ישעיה הורוויץ, דער פירער פון קרן היסוד און קרן קיימת לישראל אין לאָדזש־וואַרשע פאַר אַ סך יאָרן, געפינט זיך היינט אין ירושלים, אַלע כמעט אויף פּענסיע, און געניסן מזיו הארץ, אויסלעבנדיק זיך אין דער ישראל־לופט, אַ דאַנק דער איינשטעלונג פון ממשלת ישראל...

מיר האָבן געהאַט די געלעגנ־הייט צו פאַרברענגען אַ באַזונדער אָוונט אין הויז פון חבר חנוך ראַ־קאָוויץ אין דער סביבה פון אונזערע געמיינזאַמע אַלטע חברים און חב־רות, מיט וועלכע מען האָט זיך ניט געזען אַרום פיר צענדליק יאָר. די איינדרוקן זענען געווען העכסט עמאָ־ציאָנעלע און אָנגענעמע. אַוודאי זע־נען מיר שוין אַלע זיידעס און באָ־בעס, אַרומגערינגלט מיט זיסע איי־ניקלעך, אָבער זכרונות פון יוגנט־יאָרן ווערן קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן!



מיכאל אסף
יו״ר אגודת העתונים בישראל

קערן מיר זיך צוריק אום צום „בית סוקולוב״ און צו דער פייער־לעכן קבלת־פּנים, וואָס די אגודת העתונאים האָט איינגעאָרדנט לכבוד מיין ווייניקייט און שוין אויך איינ־געלאַדן אַ פּאָר שרייבער, וואָס האָבן געווײלט אין ישראל. עס איז געווען זייער רירענד, ווען דער גענעראַל סעקרעטאַר פון דעם פאַרבאַנד, דער ליבער קאָלעגע משה רון, האָט געעפנט די מסיבה און געבעטן דעם פּאָרזיצער צו באַגריסן זיין אַלטן חבר פון מאָנטרעאַל...מיכאל אסף האָט זיך געפילט איבערוועלטיקט, אַרויסרעדנדיק — „ארבעים ושלוש שנה לא ראיתי את חברי הוותיק מרדכי גינזבורג מלודזש״... נאָכדעם, ווי מען האָט געטרונקען בחברותא אַ גוט גלעזל משקה, האָט דער יו״ר — חבר אסף געבעטן צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער קאָלעגע משה שטאַרקמאַן, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דעם דינער אַלס גאַסט פון ניו יאָרק, און משה צאַנין, רעדאַקטאָר פון „די לעצטע

נייעס״ אין תל אביב. לסוף האָט ער געגעבן מיין ווייניקייט דאָס וואָרט, צו ברענגען אַ גרוס פון מדינת קאַנאַדע, פון אונזער קולטור־לעבן, צייטונגס־וועזן, פון דער אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער שפּראַך אין די שולן א.אַ.וו. די זעלבע שמחה האָט אויך בייגעוואוינט אונזער מאָנטרעאַלער נדבן און מיין פריינד יוסף בערמאַן, וועלכער האָט צו יענער צייט געווילט אין תל אביב און איך האָב אים געלאַדן בייצוזיין די דאָזיקע פייערלעכע פּאָר שעה אין דער סביבה פון די גרעסטע העברעאישע שרייבער, רעדאַקטאָרן, שריפטשטעלער, זשורנאַליסטן, ראָמאַניסטן וכדו׳...

די ראָמאַניסטין פּרוי שושנה קאהאַן, ווײלנדיק אין ישראל ביי איר טאָכטער, איז אויך געקומען צו דעם דינער, און עס איז געווען אַ פרייד צו הערן אַזעלכע גלענצנדע באַגריסונגען פון חבר משה שטאַרקמאַן, משה צאַנין און אַנדערע. פיל בילדער זענען גענומען געוואָרן, און עס איז ניט דאָ דער פּלאַץ אויסצורעכענען אַלע צייטונגסלייט, מחברים, רעדאַקטאָרן און זשורנאַליסטן, וואָס זענען געלאַדן געוואָרן צו דעם פייערלעכן דינער.

אַלע פּאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער אגודת העתונאים, איינשליסנדיק דעם וויצע־פּרעזידענט, דעם משורר אברהם ברוידעס, וועלכער איז געזעסן ביי מיין רעכטער האַנט, אויך די ישראל קאָרעספּאָנדענטן, ווי דוד פלינקער פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״, שלמה בן ישראל — פון „פאָרווערטס״ און אנדערע קאָרעספּאָדענטן פון אויסלענדישע צייטונגען זיינען געווען אַנוועזנד. עס איז מיר געווען באַזונדערס אַנגענעם צו זען און באַקענען זיך מיט צוויי רעגירונגס־פאָרשטייער פון לשכת העתונות הממשלתית, וואָס זיינען געקומען ערן ווייניקייט מיט זייער אַנוועזנהייט. נאַטירלעך, איז די גאַנצע מסיבה געפירט געוואָרן אין העברעאיש, און נאָר די חברים שטאַרקמאַן און צאַנין האָבן גערעדט „פיפטי־פיפטי״, האַלב העברעאיש און האַלב אידיש. דער באַזוך אין בית סוקולוב האָט איבערגעלאָזן אַ באַזונדער שטאַרקן רושם אויף מיר, ווייל איך האָב דערפילט די אוירא דארץ ישראל, דעם פּולס פון דער העברעאישער שפּראַך, און קולטור, וועלכע פילט זיך באמת ביי זיך אין דער היים, — אין מדינת ישראל.

ווילן מיר ביי דער געלעגנהייט אָפּצאָלן אונדזער קאָלעגיאַלן חוב צום פירער פון דעם העברעאישן שרייבער פאַריין, משה רון, וועמענס ריכטיקע טיטול איז „מזכיר כללי של אגודת העתונאים בישראל״. אַלס גענעראַל סעקרעטאַר איז ער ממש דער „חוט השדרה״ פון דעם העברעאישן שרייבער פאַרבאַנד; ער דיריגירט מיט אַלע אַנגעלעגנהייטן, אָפּטמאָל אין איינקלאַנג מיט די וואונטשן פון דעם רעגירונגס פּרעסע־דעפּאַרטמענט אָדער ווי ער איז באַקאַנט אַלס „לשכת העתונות הממשלתית״ אין וועמעס שפּיץ עס שטייט דער אַזוי סימפּאַטישער חבר און מענטשנפריינט, דוד לנדור, וועלכער אָרדענט איין אַלע באַזוכן ביים פּרעזידענט, ביים פּרעמיער א.א. אַלס פירער פון דעם פּרעסע דעפּאַרטמענט ביים משרד ראש הממשלה.

ה׳ משה רון איז אַ וועלט פאַר זיך אַליין. ער איז שוין אין פוילן געווען באַקאַנט אלס גוטער אָרגאַניזאַטאָר און שרייבער, און זיין נאָמען איז דאַן געווען דאַנציקער־קאָרן. אין ישׂראל שפּילט ער די ערשטע פידעל אין דעם בית סוקולוב. דער גאַנצער קיום פון דעם שרייבער פאַראיין האָט אים צו פאַרדאַנקען, ווייל עס איז ערשט אַ 25 יאָר זינט ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אָרגאַניזיר־אַרבעט אויפצושטעלן אַ שטאַרקע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַני־זאַציע וואָס זאָל האַלטן אויפזיכט אויף די איבער זעקס הונדערט שרייבער. אַליין אַ לעבעדיקער כוח אין זשורנאַליזם, מיט אַ שטאַרקן חוש פאַר ערלעכקייט און חבר׳ישקייט, האָט ער אויסגעשמידט פון דער שרייבער אָרגאַניזאַציע אַ מעכטיקן אינסטרומענט, וואָס פילט זיך זייער שטאַרק אין מדינת ישׂראל. ועל כולם — איז ער איינער פון די גרעסטע אברהם אבינו׳ס אָנהענגער, ווען עס קומט צו הכנסת אורחים. זיין פּערזאָן פילט אָן מיט לעבן און ענערגיע דעם גאַנצן בית סוקולוב, און ניט אומזיסט ציען זיך אַהין שרייבער, קינסטלער און וואָרטזאָגער פון אַלע עקן וועלט.

פון אונזער קורצן אויפגעכאַפּטן שמועס מיט אים, און שפּעטער לויט די „הוספות", וואָס דער פּרעזידענט אַליין, חבר מיכאל אָסף, האָט אונז צוגעגעבן, קאָן יעדער שרייבער נאָך 65 יאָר זיך צוריקציען פון זיין לייסטונג, באַקומענדיק 70 פּראָצענט פון זיין געהאַלט במשך פון די קומענדיקע 10 יאָר, און בלויז 35 פּראָצענט נאָכהער ביז׳ן סוף לעבן. קאָלעגע רון האָט אויך קלאָר געמאַכט, אַז היות אין ישׂראל בייט זיך אָפט דער ווערט פון פונט, ווערט דאָס גענומען אין אָנבאַטראַכט, ווען עס קומט צום צאָלן פּענסיע צו מיטגלידער־שרייבער, און מסתם איז דער זעלבער דין חל אויך אויף אַנדערע באַאַמטע, וואָס האָבן אָפּגעאַרבעט אַ געוויסע צאָל יאָרן.

רעדענדיק וועגן דעם שרייבער פאַראיין האָט משה רון אָנגעמערקט, אַז ביים גרינדן די אגודת העתונאים אין 1940, איז דער מצב געווען זייער אַ שוואַכער. דער אָנפאַנג איז ניט אָנגעקומען זייער גרינג, דערפאַר אָבער האָט זיך דער שרייבער פאַרבאַנד ענטוויקלט און אויסגעוואַקסן, וואָס דערמאָנט דעם אויסדרוק פון בלדד השוחי: והיה ראשיתך מצער, ואחריתך ישגה מאד (איוב ח׳ ה׳) — דיין אָנפאַנג וועט זיין קליין, אָבער דער סוף — זייער גרויס...

משה רון איז אַ דורכגעטריבענער זשורנאַליסט און פאַכמאַן. ער ווייסט די ראָל, וואָס אַ שרייבער קאָן און דאַרף שפּילן אין אַלערליי סיטואַציעס און פאַסירונגען. עס איז אַ פאַקט, אַז אפילו היינט, שוין נאָכדעם ווי די מדינה האָט פאַרצייכנט 18 יאָר פון איר קיום, קומען נאָך אַלץ פאָר פון צייט צו צייט באַראַטונגען מיט די שרייבער, וועלכע פורעמען די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין לאַנד און פאַרשפּרייטן זייערע מיינונגען און אָנווייזונגען אין חוץ לארץ. נאַטירלעך ווערן אַזעלכע באַראַטונגען אָפּגעהאַלטן שטרענג קאָנפי־דענציעל צווישן דער מיליטערישער מאַכט און די רעדאַקטאָרן און זיילן פון די צייטונגען.

חבר אסף האָט נאָך צוגעגעבן אייניקע פּרטים, אַז אין תל אביב לעבן צוויי־דריטל פון אַלע שרייבער. אין ירושלים זיינען פאַראַן אַרום א 150 פּראָפעסיאָנעלע שרייבער און ארום אַ פופציק געפינען זיך אין חיפה.

ווען מיר האָבן געפרעגט ה׳ משה רון, ווי גרויס איז דער יערלעכער בודזשעט פון דער אגודת העתונאים, האָט ער געענטפערט: ארום פופציג טויזנט דאלער. די הכנסה פליסט אריין: איין פערטל פון פרעסע קאָנפערענצן, וועלכע קומען פאָר אין בית סוקולוב; די שרייבער צאָלן אויך 25 פּראָצענט פון זייערע אונטערנעמונגען, וואָס גייען דורך דעם פאַראיין. דער בית סוקולוב האָט נאָך אַנדערע הכנסות, וואָס ברענגען אריין אַ פערטל פון בודזשעט. בית סוקולב האָט אָפּגעקאָסט 400 טויזנט פונט און דער זשורנאַליסטן פאַראיין האָט שוין כמעט זיין חלק אויסגעצאָלט.

משה רון איז נאָך אין סאַמע בלי פון זיין לעבן. בס״ה 60 יאָר. ער איז נאָך זייער טעטיק און רירעוודיק. ער לעבט אין ישראל זינט דעם יאָר 1935 און איז געוואָרן אַ כוח אין ישוב. צוזאַמען מיטן פאַרשטאָרבענעם רעדאַקטאָר, דעם פריינט פון שרייבער פון די שורות, יוסף העפטמאַן ע״ה, האָבן זיי ביידע — ה׳ רון און העפטמאַן (יוסיפון) געגרינדעט דעם שרייבער פאַרבאַנד, לויט׳ן מוסטער פון וואַרשעווער ליטעראַטן פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13, און זייער אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ קאָלאָסאַלן און פּראַקטישן דערפאָלג.



מ. גינזבורג ע״ה אַדרעסירט דעם ישראל שרייבער־פאַראיין

פיר און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# דער „בית מאיר"

**דער הויפּט צענטער פון רעליגיעזן ציוניזם אין מדינת ישראל. — די ראָל פון מרכז עולמי של המזרחי והפועל המזרחי און פון יו"ר מר. אריה לייב געלמאַן. — וואָס מזרחי האָט דערגרייכט במשך פון איבער זעכציק יאָר פון זיין עקזיסטענץ, און די ווייטערע פּערספּעקטיוון פון רעליגיעזן ציוניזם.**

פּאַראַלעל צום „היכל שלמה"־בנין אין ירושלים, וואו עס איז די תורה־פעסטונג פון רעליגיעזן ישוב אין מדינת ישראל, וואו עס איז קאָנצענטרירט דאָס גייסטיקע פאַרמעגן פון רעליגיעזן אידנטום איבער דער גאָרער וועלט, שטייט אַ צווייטער מאָנומענט, אַ לעבעדיקע מצבה, וואָס טראָגט דעם נאָמען „בית מאיר". ער דערמאָנט דעם גרויסן גייסטיקן ריז און פירער פון מזרחי הפועל המזרחי — הרב ר' מאיר בר אילן ז"ל, וועלכער האָט געענדערט זיין פריערדיקן נאָמען בערלין, אויף בר־אילן.

נאַטירלעך, זיינען דער „היכל־שלמה" און דער „בית־מאיר" צוויי באַזונדערע בנינים מיט באַזונדערע צוועקן. אין דער צייט, וואָס אין היכל שלמה רוט די נשמה פון אידישן פאָלק, וואָלטן מיר געזאָגט, אַז אין „בית־מאיר" רוט דער גוף, דאָס לעבעדיקע האַרץ פון רעליגיעזן ציוניזם. אויב „היכל־שלמה" האָט אַ מוזעאום, אַ קאָלאָסאַלע ביבליאָטעק, געשענקט פון אונזער קאַנאַדער מעצענאַט, מאָריס פּאָלאַק, פון קוויבעק; אויב דאָרט זיינען פאַראַן די הויפּט־אָפיסעס פון רבנות הראשית א. אַ. וו. — איז דער „בית־מאיר" גיכער פון אַלץ דאָס „מיניסטעריום" פון רעליגיעזן ציוניזם פון מזרחי הפועל המזרחי... עס איז געווען פאַר אונז היבש אָנגענעם צו באַזוכן דעם שיינעם בנין פון בית מאיר, און זען, ווי עס אַרבעט דאָרט דער מזרחי אַפּאַראַט, דער יו"ר פון מרכז העולמי של המזרחי הפועל המזרחי, ר' אריה לייב געלמאַן, דער הויפּט סעקרעטאַר ה' יצחק גאָלדשלאַג און בכלל — דער גאַנצער אַפּאַראַט. וועלכער זוכט און שטרייבט זיך אָן צו פאַרווירקליכן די אַלע איניציאַטיוון פון דער מזרחי אידעאָלאָגיע.

ניט ווילנדיק איז אונז געקומען אויפן זכרון די גרויסע אָנשטרענגונגען פון מר. געלמאַן אַוועקצולייגן אַ פעסטן פונדאַמענט פאַר דעם מזרחי אין קאַנאַדע. זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז היבשע יאָרן האָט זיך אַ קליינע גרופּע מזרחיסטן געראַנגלט אין מאָנטרעאל און אין טאָראָנטאָ, צו שאַפן אַ נאָרמאַל־

עקזיסטירנדע מזרחי אָרגאַניזאַציע, און די ערשטע שריט זיינען געווען שרעקלעך שווערע... עס האָט געפעלט דער רוח החיים, וואָס זאָל קומען און שאַפן אַ „יש מאין". די דאָזיקע אויפגאַבע האָט גענומען אויף זיך ר' אריה לייב געלמאַן, וועלכער איז דאַן געווען דער פרעזידענט פון אַמעריקאַנער מזרחי.

מער ווי איין מאָל איז ער געקומען קיין מאָנטרעאַל און געוועקט די סענטימענטן פון רעליגיעזע ציוניסטן. נאַטירלעך, איז די אַרבעט צוגעגאַנגען שווער, אָבער דאָך האָבן גענומען אַרויסשפּראָצן בלימעלאַך, און ביסלעכווייז האָט די באַוועגונג באַקומען אַן אָטעם... דער עפּיזאָד איז שוין אַלט, אַריבער דרייסיק יאָר, און דאָך איז געווען אַנגענעם אים אָפּצופרישן אין זכרון, און דערמאָנען אין פריידן די אַמאָליקע ליידן.

פון באַזונדער אינטערעס איז דאָס געווען פאַר דעם מזכיר כללי פון „בית מאיר", פריינד יצחק גאָלדשלאַג, וועלכער האָט זיך מיט באַזונדער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו די אַלע פּרטים פון די ערשטע שריט פון מזרחי טעטיגקייטן אין קאַנאַדע. נאַטירלעך זיינען אויסגעוואַקסן פראַגן און ענטפערס, און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ זייער לעבהאַפטער שמועס וועגן קאַנאַדער מזרחי. שפּעטער זיינען צוגעקומען חשובע בעלי בתים, שול פּרעזידענטן און עסקנים פון רעליגיעזן לאַגער, איבערהויפּט הרב צבי הכהן, יו"ר פון ועד הרבנים אין מאָנטרעאַל, ר' יחזקאל קאָהען, פּרעזידענט פון דער חברה ש"ס ע"ה, ר' ברוך טענענבוים, וועלכער האָט לאַנגע יאָרן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, אַלס פּרעזידענט, און לעצטענס אַלס ערן־פּרעזידענט. עס זיינען געקומען יונגע רבנים פון ניו יאָרק אַלס דירעקטאָרן וואָס האָבן געפירט די מזרחי טעטיקייט. שפּעטער איז געקומען דער חשובער אידישער מלומד, ר' שמחה פּיעטרושקאַ ע"ה, ביז ענדלעך האָט איבערגענומען די אַרבעט הרב צמח זאַמבראָווסקי, וועלכער האָט אַריינגעבלאָזן אַ נשמת־חיים אין דעם מזרחי הפּועל המזרחי אין קאַנאַדע... מיט אים האָט דער מזרחי באַקומען אַ נייעם און זייער וויכטיקן תיקון. היינט צו טאָג שטייט דער קאַנאַדער מזרחי אויף אַ זייער הויכער מדריגה, און דאָס אַלץ איז דורכגעלופטערט געוואָרן בעת אונזער שמועס אין אָפּיס פון ר' אריה לייב געלמאַן אין „בית מאיר".

היות רעליגיעזער ציוניזם האָט שוין געפייערט לעצטנס 60 יאָר זינט זיין גרינדונג, האָבן מיר געבעטן מר. געלמאַן געבן אונז די ראשי פּרקים פון דער באַוועגונג. און טאַקע אין בית מאיר, וואו עס שוועבט די נשמה פון דעם גרויסן טריבון און מזרחי אידעאָלאָג, הרב ר' מאיר בר אילן ז"ל. מר. געלמאַן האָט געבעטן פריינט יצחק גאָלדשלאַג אַרויסצוהעלפן אין די אַלע אינפאָרמאַציעס, און אָט וואָס עס איז דערמאָנט געוואָרן.

אין די טעג פון כ"ה, כ"ו אָדר ראשון תרס"ב (1902), ד. ה. מיט 62 יאָר צוריק, איז פאָרגעקומען אין ווילנע אַ קאָנפערענץ פון רעליגיעזע ציוניסטן, אונטער דער פירערשאַפט פון דעם לידער רב, ר' יצחק יעקב ריינעס ז"ל. דאָרט איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר מזרחי. דער טערמין „מזרחי" איז

דער פּאַרקירצטער אויסדרוק פון „מרכז רוחני״, גייסטיקער צענטער, און דאָס האָט געזאָלט מיינען, אַז די תורה הקדושה זאָל הערשן אין אידישן לעבן, ווייל זי איז אייביק, און קאָן קיינמאָל ניט געענדערט ווערן! דאָס איז דער געבאָט פון „לא תוסיפו ולא תגרעו״ — האָט מר. געלמאַן צוגעגעבן. נאַטירלעך, האָט זיך דער מזרחי פּאַראייניקט מיטן אַלגעמיינעם אידעאַל פון ציוניזם, און די שטרעבונג איז געוואָרן, אַז דאָס לעבן אין ארץ ישראל זאָל זיין דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון תורה ומסורה. נאַטירלעך, האָט דער מזרחי געשטרעבט צו פאַרוואָרצלען ווי ווייט מעגלעך דעם תורה־אידעאַל אויך אין די תפוצות, אָבער דער הויפּט צוועק איז געווען צו שאַפן אַ אידישע היימלאַנד אין ארץ ישראל, געבויט אויף יסודות פון ישראל סבא.


ר׳ אריה לייב געלמאַן
יו״ר המזרחי־הפועל המזרחי

— איך וואָלט געוואָלט באַטאָנען — האָט מר. געלמאַן געזאָגט, אַז אויב דער אַלגעמיינער ציוניזם האָט, למראית עין, שוין דערגרייכט זיין ציל, און מדינת ישראל איז שוין עטבלירט געוואָרן מיט 18 יאָר צוריק, איז נאָך די טעטיקייט פון מזרחי ווייט ניט פאַרענדיקט, ווייל תורה־אידישקייט האָט נאָך אַ לאַנגן וועג באַרג־אַרויף!... זיכער איז קיבוץ־גלויות אָדער מיזוג־גליות פון קאָלאָסאַלער וויכטיקייט. אָבער תורת־ישראל בלייבט נאָך אַלץ דער דאָמינירנדער פאַקטאָר אין אידישן רעליגיעזן לעבן. נאָכמער: היינט איז דער ענין פון אויספורעמען דעם גייסט און די נשמה פון פאָלק אין די גלות־לענדער מער אַקטועל: ישראל בויט זיך אָן אויפהער, — מוז דער מזרחי שטיין אויף דער וואַך און צוזען, אַז ווי ווייט מעגלעך זאָל דער בנין־הארץ באַזירט ווערן אויף תורה־יסודות און עכטער אידישקייט.

קומענדיק צו די וויכטיקע מיילשטיינער, וועלכע דער מזרחי הפועל המזרחי האָט פאַרצייכנט במשך פון די איבער זעכציק יאָר, האָט מר. געלמאַן אויפגעקלערט, אַז לכתחילה איז געקומען די וויזיע, דער חלום פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל, דער ענין פון אויסלייזן דעם באָדן, ביז מען וועט צוקומען צו דער מדינה. עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש און באַמערקונגסווערט, וואָס אַנפאַנגענדיק פון ווילנע און ביז היינט אין ירושלים, האָט דער מזרחי ניט

געענדערט קיין שום פונקט פון זיין פּראָגראַם. ער האָט כסדר מבטל געמאַכט אַסימילאַציע, געפאָדערט די פאַראייניקונג פון אַלע פּאָזיטיווע כוחות אין אידישן לעבן לטובת גאולת הארץ און גאולת העם. דער מזרחי האָט געקעמפט פאַר דער גאַנצקייט פון א״י און אויסגעאיבט ווי ווייט מעגלעך זיין השפעה אויף׳ן גאַנצן ציוניזם.

ווי איז צוגעגאַנגען דער געבורט פון הפּועל המזרחי? — האָבן מיר געפרעגט.

— דער הפּועל המזרחי איז געווען דער צווייטער וויכטיקער עטאַפּ פון דער באַוועגונג, האָט מר. געלמאַן באַטאָנט. אונזערע בנים־בונים האָבן אָפּגעהיט דעם תוכן פון דער וויזיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דעם מזרחי מיט איבער 60 יאָר צוריק. דער הפּועל המזרחי איז מיט 20 יאָר אינגער פון מזרחי. אין די 40 יאָר פון הפּועל המזרחי האָט ער אויך באַוויזן קאָנסעקווענץ, אַ קאַמף פאַר רעליגיעזן ציוניזם, און ער קאָן אויך רואיג זאָגן „ארבעים שנה אָקוט בדור״... סיי דער מזרחי, און סיי דער הפּועל המזרחי שעפּן פון איין און דעם זעלבן קוואַל, פון אונזער גייסטיקער ירושה, און דאָס מיינט פון די אידעאַלן פון אונזערע אבות, האָט מר. געלמאַן אונטערשטראָכן.

מיר האָבן געדעקט דעם גאַנצן פראָנט פון ציוניזם, און באַגלייט יעדע אַקציע מיט די געבאָטן פון אונזער תורה, מסורה און טיפער אמונה. מיר האָבן פאַרפלאַנצט אידיש־רעליגיעזן חינוך, געשאַפן ישיבות און אכסניות של תורה, קאָלאָניעס און קיבוצים, מושבים, בתי מדרשים, לערן־אַנשטאַלטן א.א.וו. מיר האָבן אויפגעבויט דעם בר אילן אוניווערסיטעט, וואָס איז אַ קרוין־ווערק; מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דער שוץ פון דער מדינה אויף אַלע גרעניצן, מיר האָבן אויסגעברייטערט די קוואַלן פון יהדות און תורת ישראל, דורך כסדר׳דיקע פּראָפּאַגאַנדע און האַנדלונג, וואו עס איז נאָר מעגלעך געווען. מיר האָבן געשאַפן די תלמודישע ענציקלאָפּעדיע און פיל אַנדערע מוסדות...

מר. געלמאַן האָט ניט פאַרבאָרגן פון אונז די שאָטן־זייטן און די שוועריקייטן פון קאַמף, וועלכער איז נאָך ווייט ניט געענדיקט. מיר האָבן נאָך פיל גייסטיקע סכנות, אויב מיר ווילן און דאַרפן זיך קעגנשטעלן געוויסע אינטעלעקטועלע קרייזן, וואָס ווילן פאַרטונקלען דעם רייכן אידישן עבר. זוכנדיק נייע אידעען פון סאָציאַליזם, קאָמוניזם, אַסימילאַציע, וכדומה... מען זוכט צו פאַרבייטן וואָרצלדיקע יסודות פון תורת־משה אויף ראַציאָנאַליזם און אַלערליי אַנדערע איזמען, האָט מר. געלמאַן צוגעגעבן. דאָס אידנטום אין דער דיאַספּאָראַ פאַרלירט אַלץ מער זיין חשיבות און אָריגינאַליטעט, און זוכט צו פּוצן זיך אין פרעמדע פעדערן, — אַ דערשיינונג, וואָס איז ווילד און קעגן דעם גייסט פון אונזער פאָלק. ניט בלויז די מצוות פון בין אדם למקום זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן, נאָר אויך בין אדם לחברו, צווישן מענטש און מענטש. מיר האָבן כמעט פאַרגעסן דעם אָנזאָג „וחי אחיך עמך״, און „יהי

כבוד חברך חביב עליך כשלך״. מיר זיינען היבש אויסגעליידיקט געוואָרן פון קאַרדינאַלע אידישע געבאָטן, און דאָס צושטערט די הייליקייט פון אידישן לעבן.

די מזרחי־באַוועגונג — איז אַ תורה־שיטה, אַ לעבנס־וועג, און מיר מוזן נאָך איבער 60 יאָר קאַמף, זיך אומקערן מיט׳ן פּנים צו אונזער עבר. צו דער פאַרגאַנגענהייט! דאָס זיינען די אויפגאַבן, וואָס שטייען אייגנטלעך פאַר דער מדינה, און וועלכע זיינען דער הויפּט תכלית פון אונזער קיום.

דערמאָנענדיק די ערשטע חדשים פון אַמעריקאַנער מזרחי, האָט פריינד געלמאַן באַטאָנט, אַז ער איז געווען צווישן די ערשטע גרינדער פונ׳ם רעליגיעזן ציוניזם, און אַן דער מאָראַלישער הילף פון מזרחי, וואָלט דער אַלגעמיינער ציוניזם ניט באַוויזן צו גרייכן די געהעריקע מדריגה, צו וועלכער ער איז ענדלעך צוגעקומען. אַמעריקע איז געווען אַ „קרקע בתולה״ פאַרן מזרחי און עס האָט זיך געפאָדערט יאָרן פון שווערן קאַמף און אָנשטרענגונג, ביז דער באָדן האָט געגומען אַרויסגעבן פּרוכט. עס איז געווען אַ צייט פון כפירה, הפקרות און עם הארצות! דער פריערדיקער דור אימיגראַנטן האָט ניט געזוכט קיין גייסטיקע ווערטן, נאָר מאַטעריעלע, און דאָס האָט געשלאָגן דעם שבת, דעם יום טוב. דאָס האָט אַוועקגענומען די שיינקייט פון דער אידישער נשמה אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן. עס איז געווען די עובדה פון מזרחי אומצוקערן עטרה ליושנה, און צוריקברענגען דעם גייסט פון אידישקייט און תורה צו די ברייטע פאָלקס־מאַסן... דערצו האָט נאָך געהערשט אַ מלחמה פון אַנאַרכיסטן, אַטעאיסטן און סתם „אויפגעקלערטע״ עלעמענטן, וועלכע האָבן געריסן ממש „עבר מן החי״ פון דעם פאָלקס־אָרגאַניזם!... דער מזרחי האָט געפירט דעם קאַמף מיט אַלע מעגלעכע מיטלען, און געזיגט ביז גאָר אַ גרויסער מאָס...

וואָס אָנבאַלאַנגט דער צוקונפט, האָט פריינט געלמאַן אָנגעוויזן, אַז די השגחה העליונה האָט ממש אַרויפגעלייגט אויף די נושאי־דגל־התורה די פליכטן צו באַנייען דעם אַלטן אידישן רוף: „בית יעקב לכו ונלכה״ — דער פּאַראָל פון „בילו״ אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. ווער נאָר עס דענקט ווי אַ איד, זאָל זיך אויפהויבן און קומען אין לאַנד פון אונזערע אבות, און ווערן אַ שותף צום גרויסן היסטאָרישן אויפבוי־ווערק פון דער באַנייטער מדינת ישראל. מיר מוזן אַנטוויקלען דאָס אידישע היימלאַנד אין גייסט פון תורה, און לאָמיר, אגב אורחא, צוגעבן, אַז אָן דער הילף און מיטבאַטייליקונג פון מזרחי, וועט די רעגירונג אַליין ניט דערפילן דעם פּראָגראַם פון „ארץ ישראל לעם ישראל ע״פ תורת ישראל״. מיר מוזן שענקען פיל אויפמערקזאַמקייט דער עליה, דער יוגנט, וועלכע זאָל אויפגעבראַכט ווערן אין אידישן גייסט. מיר מוזן קריגן די הילף פון אַלע אידן אין די תפוצות, כדי צו קאָנען אָנגיין מיט אונזער היסטאָרישער אַרבעט. מיר דאַרפן שטרעבן, אַז אָנשטאָט אונזער אַלטער תפילה „ומפני חטאינו גלינו מארצנו״,

זאָלן די אידן אין דער דיאַספּאָרא חלילה ניט דאַרפן זאָגן: „ומפני חטאינו גלינו לארצנו״!...

ר׳ אריה לייב געלמאַן, ניט קוקנדיק אויף זיין שוואַכן געזונט און אויף חשוב׳ן עלטער, יאריך ד׳ את ימיו, שטייט נאָך אַלץ מיט ביידע פיס אין צענטער פון רעליגיעזן ציוניזם, גרייט אויף אַלע קרבנות, געטריי צו די מזרחי טראַדיציעס און געבאָטן, און ער נויגט ניט אָפּ, חלילה, אָן אַ זייט!... פאַר זיינע פופציק יאָר דינסט פון מזרחי, און שטייענדיק בראש פון מרכז עולמי של המזרחי והפועל המזרחי, — איז ער פאַרבליבן „כעץ שתול על פלגי מים״ — פריש און מוטיק, ענערגיש און קאָמפּסלוסטיק, ווייל אָנרירן מזרחי, מיינט פאַר אים אָנרירן זיין גוף און נשמה!!!

צוזאַמען מיט די פאַרשטאָרבענע הרב יהודה לייב מימון, הרב ר׳ מאיר בערלין, הרב זאב גאָלדה, און די מזרחי פירער מר. פּנקוס, דר. פּנחס חורגין א. אַ. שהלכו לעולמם, וועבט מר. געלמאַן ווייטער די אידעאַלע מזרחי קאַנווע, און גיט צו אַ בלום נאָך אַ בלום צו גרויסן געוועב, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט צענדליקער און הונדערטער טויזנטער אידן בכל אתר ואתר.

דער „בית מאיר״ איז דער גייסטיקער „אוהל״ המזרחי, וואו ס׳רוט די „ירושה״ פון נפטר געוואָרענעם מזרחי אידעאָלאָג הרב ר׳ מאיר בר אילן, און וואו ס׳ווערן פון צייט צו צייט אָנגענומען פּלענער פאַר דער ווייטערער טעטיקייט אין גייסט פון תורה ועבודה.

אידער מיר ציען אַ קורצן שלוס פון אונזער היבשלעך לאַנגען געשפּרעך, ווילן מיר דערמאָנען, אַז מר. אריה לייב געלמאַן איז אַ פּרוכטבאַרער שרייבער. ער איז געווען יאָרן לאַנג דער רעדאַקטאָר פון „אידישן רעקאָרד״ אין סט. לואיס, מיזורי; געווען רעדאַקטאָר פון אַמעריקאַנער „מזרחי וועג״, ער איז אַ מיטאַרבעטער פון ירושלים׳ער צייטונג „הצופה״, מחבר פון ביכער „אין קאַמף פאַר דער אידישער מדינה״, אַרויסגעגעבן אין יאָר 1948; „היהדות במאבקה״ (אידנטום אין געראַנגל), אַרויס אין יאָר תשט״ז; לעצטנס האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ניי איבערגעאַרבעטע ווערק „הנודע ביהודה ומשנתו״ (לאור פסקיו ודרושיו, הוצאת מוסד הרב קוק, ירושלים). ער באַטייליגט זיך אין אַלע וויכטיקע אינסטאַנצן פון דער אידישער אַגענטור, אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס, קרן היסוד, קק״ל, מפעל התורה, אַנציקלופּדיה תלמודית און אין פיל אַנדערע חשובע פּובליקאַציעס און מוסדות.

מיר וועלן סומירן אויף אַ קורצן אופן די הויפּט־עטאַפּן פון רעליגיעזן ציוניזם, וואָס איז אַ וויכטיקע באַוועגונג פון איבער זעקס צענדליג יאָר.

די ערשטע מזרחי קאָנפערענץ אין אַמעריקע איז פאָרגעקומען מיט 50 יאָר צוריק. לויט ווי פריינט געלמאַן האָט דערציילט, איז מען געווען גרייט צו האָבן די קאָנפערענץ אין ניו יאָרק, אָדער וועלכער עס איז אַנדער גרויסער שטאָט אין אַמעריקע. ווען ער האָט איינגעלאַדן הרב ר׳ מאיר בערלין (בר־אילן) צו קומען צו דער מזרחי קאָנפערענץ, האָט ער פאַרלאַנגט אומבאַדינגט, אַז

זי זאָל פּאַרקומען אין סינסינעטי, גראַד דאָרט, וואו עס איז די נעסט פון רעפאָרם אידישקייט... מען דאַרף שאַפן אַ געגן־כוח, אַ מין גייסטיקן „אַנטי־טאָקסין" געגן דער כנופיה, וואָס האָט געזוכט אַרויסצורייסן פון אידנס האַרץ די אַלע תפילות, יעדע נאָסטאַלגיע און בענקשאַפט נאָך ארץ ישראל, — האָט הרב בר־אילן מאָטיווירט.

וואָס זעען מיר היינט?

דער הויפּט־טרעגער פון רעפאָרם אידישקייט אין אַמעריקע, דר. נעלסאָן גליק, איז מיט דער צייט געוואָרן אַ הייסער ציוניסט און ישראל פריינד... ער האָט שוין באַלד אפשר מער אויפגעטאָן פאַר מדינת ישראל, ווי פאַר זיין רעפאָרם אידישקייט... ער האָט היבש געהאָלפן „אַנטדעקן" דעם נגב און די רייכטימער זיינע. ער האָט פיל בייגעטראָגן צו דער פאָרשונג פון שלמה המלך׳ס קופּער גרובן אין תמנה. ער האָט זיין שיינעם חלק אַרבעט אין אילת, און איז באמת מקיים דעם „למען ציון לא אחשה, ולמען ירושלים לא אשקוט" (ישעי׳ ס״ב, א׳)...

אַ זעהר חשובען און אַ וויכטיקן בייטראָג האָט געמאַכט דער מזרחי הפועל המזרחי...

נעמט, למשל, דעם „כרם ביבנה", די ישיבה, וואָס מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט. עס איז אַן עקספּערימענט פון בס״ה איין צענדליק יאָר, מיט אַ 10 תלמידים לכתחילה.

דורך דער קורצער צייט זיינען שוין היינט פאַראַן קרוב צו 200 תלמידים, און פאַרגעסט ניט: יעדער תלמיד מוז האָבן אַ מיטל־שול חינוך, און דער אָנפאַנגס קליינער בודזשעט דערגרייכט שוין היינט צו אַרום 400 טויזנט פונט יערלעך. בלויז אין די בנינים אַליין איז שוין אינוועסטירט געוואָרן אַ מיליאָן פונט... יעדער תלמיד מוז קענען געניגנג העברעאיש, ווייל אַלע אונטעריכטן קומען פאָר אין העברעאיש. די ישיבה „כרם ביבנה" איז נאָטירלעך פאַרבונדען מיט׳ן משרד החינוך והתרבות ביים חינוך מיניסטעריום. די מוסמכים ווערן מערסטנס לערער אין רעליגיעזע שולן.

דער „מפעל התורה" העלפט אַרויס מיט זיינע מעדיצינישע לייסטונגן ווייל יעדער בן ישיבה, באַקומט פרייע מעדיצינישע השגחה, און דאָס זעלבע, די פרוי און קינדער, אויב ער איז פאַרהייראַט... די „עזרה רפואית" ווערט געגעבן פריי צו אַלע ישיבה לייט, אָן אויסנאַם.

היינט צו טאָג געפינען זיך איבער אַ 15.000 משפחות פון ישיבה לייט, וואָס געניסן פרייע מעדיצינישע הילף, אויך דענטיסטיק־הילף און אויגן קראַנקהייטן. דער דזשוינט שטיצט נאַטירלעך דעם „מפעל התורה", בפרט, אַז אין דער שפּיץ שטייט דער היינטיקער ווירדיקער הרב הראשי למדינת ישראל הגאון ר׳ איסר יהודה אונטערמאַן שליט״א. וועגן „מפעל התורה" וועט דער לעזער אגב געפינען אַ באַזונדער קאַפּיטל אין וויטערן

המשך פון בוך, ווייל די אינסטיטוציע פאַרדינט עס, לויט ווי מיר האָבן דאָס געזען אויפ'ן אָרט און גערעדט מיט אירע עסקנים און פירער.

אומקערענדיק זיך צו די דערגרייכונגען פון מזרחי הפועל המזרחי, האָט פריינט געלמאַן באַטאָנט, אַז די באַוועגונג האָט שוין איבער 80 דערפער. באַזונדערס האָט די „בני עקיבא" צוגעבויט גאָר לעצטנס נאָך אַ ישוב „מעלה הגלבוע" אויפן באַרג גלבוע, וואָס איז אַ זייער וויכטיקע סטראַטעגישע פּאָזיציע, און וועלכע דער ישוב שאַצט זייער הויך אָפּ... ער האָט נאַטירלעך דערמאָנט „די אַנציקלופּדיה תלמודית", וואָס ווען ניט דער מזרחי וואָלט זי ניט געבוירן געוואָרן, און איר זייער חשוב'ן הויפּט רעדאַקטאָר דעם גרויסן מלומד הרב הגאון ש. י. זעווין שליט"א, און הרב יהושע הוטנער, דער הויפּט אָנפירער פון דער אַנציקלופּדיה.

מיר האָבן באַוואונדערט דעם ארי שבחבורה (ר' אריה לייב), וואָס ניט קוקנדיק אויף זיין עלטער און חדשים לאַנג אין די שפּיטאָלן, איז ער נאָך פול מיט ענערגיע און אַרבעטס־לוסט. ער האָפט נאָך מערערע מאָל באַזוכן אַמעריקע, וואו עס ליגט לויט זיין מיינונג דער שליסל צו אַלץ וואָס איז קאָנסטרוקטיוו אין אידישן לעבן. און ער איז טאַקע אין 1964 געקומען אויף אַ קורצן באַזוך.

ער האָט אַ וויטן בליק, און שמועסנדיק מיט אים, דערקענט מען דעם תלמיד חכם, וואָס כל זמן שמזקינים חכמה נתוספת בהם (שבת קנב).

ער צילט נאָך אַלץ צו דערגענצן זיין קאַפּיטאַל „מזרחי", זוכנדיק דעם פּראַכט פון דער אידישער נשמה אין די אַלטע קוואַלן פון יהדות און נצח ישראל.

פון דעם, און פון דער גלענצענדיקער רעדע ביים 40 יאָריקן יובילי פון הפועל המזרחי אין די בניני האומה, וואו מיר האָבן בייגעוואוינט אַ פייערונג פון גרויסן פאַרנעם, מיט אַ „הויפּט טיש" אַרום וועלכן עס זיינען געזעסן די „גבורי האומה" אַלע וועטעראַנען פון ציוניזם, מזרחי, סוכנות, רעליגיעזע אַנשטאַלטן, ישיבות א. א. וו. זיינען מיר געקומען צום אויספיר, אַז מר. געלמאַן איז באמת ניט בכוח אויסצורעכענען די אַלע עטאַפּן פון דער באַוועגונג על רגל אחת, הגם דאָס איז געווען אונזער הויפּט מחשבה און ציל.

פאַר אים גילט ניט די מיינונג אַז ס'דאַרפן זיין איניגע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס אינערהאַלב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווייל עס איז פאַראַן נאָר איין ירושה פאַר אַלע שומרי תורה ומצוות און דאָס איז די ירושה פון הר סיני.

דער יו"ר פון מרכז עולמי של המזרחי פילט זיך באַזונדערס גליקלעך און שטאָלץ, וואָס אין אַלע צייטן, אונטער אַלע אומשטענדן, איז דער קשר צווישן דעם רעליגיעזן ציוניזם און די אַנדערע אָפּצווייגונגען, קיינמאָל ניט איבערגעריסן געוואָרן. מהאי טעמא, איז די געשיכטע פון מזרחי — די געשיכטע פון ציוניזם, און אפשר נאָך פיל פריער פון דעם ציוניסטישן אויפבלי.

פאַקטיש איז יעדער רעליגיעזער איד תמיד געווען צוגעבונדען מיט זיין געדאַנק און נשמה צו ארץ ישראל, לויט די אומציילינע תפילות, וואָס אידן זאָגן שוין איבער צוויי טויזנט יאָר פאַר ארץ ישראל. דער ציוניזם האָט אין תוך נאָר צוגעגעבן אַ פּאָליטישן קאָליר, אין איינקלאַנג מיט די אומשטענדן פון אונזער יאָרהונדערט. דעריבער איז מזרחי היבש באַזאָרגט צוליב די נייע „פרייע ווינטן", וואָס האָבן אין די לעצטע יאָרן גענומען בלאָזן אין אידישן לעבן, און יאָגן אונז אַלץ ווייטער אַוועק פון אונזער פאַרגאַנגענהייט, פון אונזער רומרייכן עבר! אַנשטאָט, וואָס אידן האָבן זיך שטענדיג געוואָרימט ביים געדאַנק און האָפענונג פון „מלכות־שמים", יאָגן זיך היינט די מאַסן נאָך אַ „מלכותא דארעא", און דאָס פאַרטונקלט די גרויסע שיין פון אונזער תורה־האָריזאָנט.

אידישע טראַדיציעס בויטיגן זיך ניט אין קיין שום זאַך, וואָס קאָן זיין עלול אַוועקצופירן דעם איד אין פרעמדע דרכים פון ראַדיקאַליזם ניהיליזם א. א. וו. די תורה האָט שוין וועגן דעם אַליין געזאָרגט מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ווי צו פירען אַ לעבן פון אמת, צדק און יושר. נאָר די, וואָס פאַרלירן דאָס פון אויג, זיי לאָזן זיך אַוועק זוכן נייע געטער, גלויבונגען און סיסטעמען, אין וועלכע זיי ווערן שפּעטער אַליין ביטער אַנטוישט!... נאַטירלעך זעען מיר גאַנץ בולט די פאַרשידענע געפאַרן וואָס לויערן אויף אונזער יוגנט, און רואינירן ביסלעכווייז די אידישע היים, די עכטע אידישע אַטמאָספערע.
מר. געלמאַן איז פעסט איבערצייגט, אַז נאָר אַ דאַנק דער מזרחי באַוועגונג איז מער־ווייניגער דערהאַלטן געוואָרן דער אידישער „פנים" פון אַמעריקאַנער אידנטום. עס לאָזט זיך ניט טראַכטן אפילו, ווי וואָלט דאָס אידישע לעבן היינט אויסגעזען, ווען עס וואָלט געפעלט אין פנקס פון אַמעריקאַנער אידנטום דער גוואַלדיג וויכטיקער פרק פון מזרחי הפועל המזרחי! ער געדיינקט נאָך גוט די לאַגע, ווען אַמעריקע איז געווען אַן אמת'ער „שמעלץ טאָפּ" פאַר אַ גאַנצן דור אימיגראַנטן, און אין נאַציאָנאַלן זין — אַ „קרקע בתולה", וואָס האָט זיך גענויטיגט אין פאַרשפּרייטונג פון תורה, ישיבות, אידישע לערן אינסטיטוציעס, ישראל פּראָפּאַגאַנדע וכדומה. ווי ווייט וואָלט שוין היינט געהאָט אַוועקמאַרשירט פאָרווערטס די שרעקליכע אַסימילאַציע־פעסט, וואָס רייסט ממש עבר מן החי פון אידישן פאָלקס אָרגאַניזם, ווען עס וואָלט זיך ניט געפילט דער געגן־כח, דער „אַנטי־טאָקסין", וואָס האָט ניט געלאָזן פאַרשווענקען די אידישע גאַס, די אידישע רעליגיעזע ספערע, הגם ער האָט אַלץ געטאָן דאָס צו דערגרייכען...

פון דעם ווינקל געקוקט איז לעאָן געלמאַן שטאָלץ אויף זיין פאַרגאַנגענהייט, און אונזער איינדרוק איז, אַז ווען ער וואָלט געדאַרפט נאָך אַמאָל אָנפאַנגען זיין לעבן און זיין טעטיקייט, וואָלט ער ניט אויסגעקליבן קיין אַנדער דרך, ווי נאָר דעם אַלטן, דעם וועג פון אידישער רעליגיעזער מענטאַליטעט, וואָס נאָר דאָס קאָן פאַרבינדען אונזער עבר מיט אונזער עתיד...

וועגן די מזרחי קאָלאָניעס אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

פינף און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# דער „בית ביאַליק" אין תל־אביב

**די העברעאישע קולטור רייכטימער, וואָס זיינען אָנגעזאַמלט אין דעם „בית ביאַליק" און די אויסשטעלונג פון די וויכטיקסטע שאַפונגען, בילדער, דאָקומענטן, וואָס וואַרפן אַ העלן שיין אויף דער גרעסטער דיכטערישער פּערזענלעכקייט פון אונזער דור. — די קאָלאָסאַלע עשירות אין „בית ביאַליק", וואָס דינען אי אַלס זאַמלונגס־פּלאַץ און אי אַלס מוזיי פון ביאַליקס רייכער ליטעראַרישער ירושה.**

זיכער פילט מען אַ האַרץ־ציטער, ווען מען גייט אַריין אין ביאַליקס הויז אין תל־אביב און מען דערפילט זיך אָפּגעַטובל'ט אין אַן אָקעאַן פון דיכטונג, שירה און גייסט. שוין דער נאָמען ביאַליק אַליין וואַרפט אַרויף אַ באַזונדער יראת־הכבוד און געפיל פון העכסטן רעספּעקט, וואָס דאָס גאַנצע אידישע פאָלק האָט געהאַט און וועט אייביק האָבן צו איינעם פון די גרעסטע דענקער און דיכטער, וואָס אונזער פאָלק האָט געהאַט במשך זיין לאַנגער געשיכטע.

עס איז געַנוג דער פאַקט, וואָס מיר פייערן דעם יאָרצייט פון ביאַליקן צוזאַמען מיט הערצלס יאָרצייט, דעם ערשטן הויפּט־אַרכיטעקט און טרוימער פון אַ ידישער מלוכה, נאָך קאַרגע צוויי טויזנט גלות־לעבן, וואָס מיר פאַר־אייניקן דיביידע יאָרצייטן פון כ' און כ"א תמוז אין איין יאָרצייט, רעדט שוין פאַר זיך אַליין.

אויב הערצל האָט זיך הויפּטזעכלעך געזאָגט וועגן דעם פאַקטישן קיום פון עם־ישראל, און ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַנט אין דעם שווערן היסטאָרישן באַדן מחזיר צו זיין עטרה ליושנה, וואָס האָט געמיינט עפענען פאַרן אידישן פאָלק די פאַרשלאָסענע טיר פאַר זיין צוריקקער צו זיין אייגענעם לאַנד, ארץ ישראל, האָט ביאַליק געזען אָנצוציינדן דעם אַלטן נר־תמיד אין דער אידישער נשמה, און דער־וואַרעמען די אידישע סענטימענטן ביז גרייט צו פאַרלאָזן דעם גלות, און נעמען זיך צום וואַנדער־שטאָק מיט אַן אָנגעשטעלטן קאָמפּאַס — צו ארץ ישראל.

ביאַליק האָט דערוואַרעמט דאָס אידישע האַרץ און געפיל, און צוזאַמען מיט דר. הערצלען האָבן זיי דורכגעבראָכן די דיקע וואַנט פון גלייכגילטיקייט און אַפּאַטיע, און דערפירט אונזער דערשלאָגן פאָלק צו אַ

נייעם חשבון הנפש, צו אַ שטרעבונג צוריקצוקומען אין אַלטן אידישן היימ־לאַנד — ארץ ישראל.

ביאַליקס פאַרדינסטן פאַר אונזער קולטור־רענעסאַנס לאָזט זיך גאָר־ניט אָפּשאַצן. זיינע שירים און פּאָעמעס האָבן געעפנט דעם קוואַל פון אידישע האָפענונגען, וואָס האָבן קוים געטליעט פון די צייטן פדן ר׳ יהודה הלוי, אל חריזי, און אַנדערע גרויסע וואָרט־קינסטלער פון מיטל־אַלטער. זיין פּריצייטיקער טויט האָט פאַרוואונדעט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, פּונקט ווי דר. הערצלס טויט האָט דערשיטערט דאָס אַלוועלטלעכע אידנטום צוליב זיין פאַרשווינדן פון אידישן האָריזאָנט, אין עלטער פון 44 יאָר, אין סאַמע ברען פון זיין אָנגעשטרענגטער ציוניסטישער אַרבעט, וואָס האָבן געצילט אומצוקערן דאָס אידישע פאָלק אין זיין אַלטן היימלאַנד.

ביידע זיינען זיי פאַרבליבן איינגעקריצט אין אונזער זכרון, ווי דער מאָדערנער „אורים ותומים" פון ונזער צייט, און דערמאָנענדיק איינעם, מוז מען צוגעבן דעם צווייטן.

דער ביאַליק־מוזיי און הויז איז די לעבעדיקע מצבה, וואָס וועט אייביק רופן דאָס אידישע פאָלק אומצוקערן זיך אַהיים, העלפן מדינת ישראל און שאַפן אַ רינג נאָך אַ רינג אין דעם קיום פון אידישע דורות.

לאָמיר איצט זען, וואָס אַזעלכעס פאַרמאָגט דער בית־ביאַליק צוזאַמען מיטן מוזייאום, און מען מוז קודם אָפּצאָלן אַ „חוב" צו דעם שעפער, זאַמלער און דינער פון בית־ביאַליק, משה אונגערפילד, ווייל מען קאָן ניט דורכלאָזן דעם פאַקטישן פאָטער פון בית־ביאַליק, משה אונגערפילד, וועלכער האָט זיך פשוט מקריב געווען, אַז דער בית־ביאַליק זאָל אויפגעבויט ווערן און פאַרוואַנדלט ווערן ין אַ ביאַליק מאַוזאָלעי, און האָבן איינגעזאַמלט אין זיך אַלע קולטורעלע רייכטימער, וואָס ביאַליק האָט איבערגעלאָזן בכתב און בעל־פה, ניט־אויפגעעפנטע פּעק מיט בריוו, פון די גרעסטע דיכטער פון זיין צייט, אויך פון פאָרשער, שרייבער, באַרימטע אידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך גע׳עוסק׳ט מיט די א״י אויפגאַבן.

מיר האָבן געזען די פאַרשלאָסענע אַלמערס מיט אַזעלכע דאָקומענטן־זאַמלונגען, וואָס אויף יעדן פון זיי איז אָנגעגעבן, וואָס פאַר אַ סאָרט בריוו, דאָקומענטן דאָרט זיינען פאַראַן. דער קולטור־פאַרמעגן פון דער ביאַליק־ירושה לאָזט זיך ניט אָפּשאַצן מיט געלט, אָדער אַנדערע רייכטימער, דאָס איז דער נאַציאָנאַלער „איבערבלייב" נאָך איינעם פון די גאָר גרעסטע דיכטער פון די לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר.

מיר האָבן נאַטירלעך געוואָלט זען אייניקע בריוו, אייגנהאַנטיק גע־שריבן פון ביאַליקן, אָבער עס איז געווען אַ צו שווערע מלאכה צו עפענען און ווייזן וועלכע עס איז אייגנהענטיקע דאָקומענטן פון ביאַליקן, און מיר האָבן אַפילו געמערקט, ווי אַזוי דער באַאַמטער האָט בדחילו ורחימו גערעדט

און אונז אויפגעקלערט וועגן דער קאָלאָסאַלער גייסטיקער ירושה פון גרויסן נפטר. ניט אַלע בריוו האָט ביאַליק געשריבן מיטן האַנט. עס זיינען פאַראַן אַרום 400 קאָפּיעס פון בריוו, געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשין, און אַדרעסירט צו פאַרשידענע גדולי הדור אויף אַלע געביטן פון קולטור און וויסנשאַפט, דאַרונטער אַ גאַר באַדייטנדע צאָל אַדרעסירט ניט צו אידן, נאָר צו באַרימטע פּערזענלעכקייטן פון זיין צייט איבער דער גאָרער וועלט. מיר זיינען באַזונדערס איבעראַשט געוואָרן, ווען דער אויפזעער האָט אונז ערקלערט, אַז אין אַרכיוו געפינען זיך איבער זיבצן טויזנט מאמרים אין 24 שפּראַכן, וואָס באַהאַנדלען אוןריידן, שאַצן אָפּ און זעצן וואו ניט וואו אויס קעגן ביאַליקן.

אין אַ באַזונדער ביכער־שראַנק קאָן מען זען אַ גאַנצע ריי פון קנאַפּע פּופּציק ביכער אין ניין שפּראַכן, און ווידעראַמאָל אַ גרויסער ביכער־שראַנק מיט ביאַליקס איבערגעזעצטע ווערק אויף אַ 25 שפּראַכן.

קוקנדיק אויף דער גרויסער ליטעראַרישער ירושה פון חיים נחמן ביאַליק, ווערט מען ערשטוינט, בפרט, אַז זיין לעבנס־פּאַדים האָט זיך איבערגעריסן צו 61 יאָר, אין סאַמע מיטן פון זיין געבענטשטן און שעפע־רישן לעבן! מיר האָבן בלויז געקענט זען דעם צימער וואו ביאַליק איז געשלאָפן, ווייל דאָס איז כמעט דער איינציקער צימער, וואָס איז צוגענגלעך פאַר באַזוכער. די אַנדערע צימערן זיינען כמעט „הערמעטיש" פאַרמאַכט, און מען לאָזט אַהין ניט אַריין. אַפילו אין דעם געוועזענעם שלאָף־צימער קאָן מען נאָר זען געוויסע דאָקומענטן אויסגעשטעלט אונטער אַ גלאָז, דאַרונטער איינציקע כתב־יד'ן, דיפּלאָמען, וואָס ביאַליק האָט באַקומען אַלס אָנערקענונג פאַר זיין זשעני און טאַלאַנט. אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון בילדער זעט מען דאָרט, אפשר קנאַפּע צוויי טויזנט, גענומען מיט פאַרשידענע שרייבער, דיכטער, גרויסע עסקנים, ציוניסטישע ווערטעראַנען, און גאַר באַ־זונדערס וואַרפט זיך אין די אויגן ביאַליקס בילד מיט זיין לעבנס־חבר י. ח. רבניצקי, מיט וועמען ער האָט יאָרן לאַנג צוזאַמען מיטגעאַרבעט און אַרויס־געגעבן צוזאַמען פיל ווערק אין זייער פאַרלאַג „מוריה", ווי „אידישע אגדות" אין פיר בענד און פיל אַנדערע. אָט זעט מען אַ בילד פון ביאַליקן מיט שלום עליכמ'ען, ביאַליק און מענדעלע, אַ בילד מיט שניאור'ן, זיכמאַנען א. אַ.

אין דעם אַזוי־גערופענעם ביאַליק־מוזיי קאָן מען זען ביאַליקס בילדער געמאָלן פון די בעסטע קינסטלער פון זיין צייט, ווי פּאַסטערנאַק, ליבערמאַן, יאַפּע, אויך 3 פילמען, וואָס גיבן איבער פיל פּרטים פון ביאַליקס לעבן און שאַפונג. אַ באַזונדער שטאַרקן איינדרוק האָט אויף אונז געמאַכט דאָס בילד פון ביאַליקן מיט שניאור'ן, וועמעס געזיכטער דערציילן פון גרויסע דיכטערישע שאַפונגען און אַ פיל ענלעכקייט אין זייערע טאַלאַנטן.

צווישן די אַלע זאַכן, וואָס ווילט זיך זען, ליגט זיך באַשיידן „שטיל און רואיק" אַ קליין תנ"כ'ל, מיט וועלכן ביאַליק האָט זיך אַוועקגעלאָזט

אויף זיין לעצטן וועג צו דער אָפּעראַציע אין ווין, פון וועלכער ער איז לײדער ניט צוריקגעקומען אַ לעבעדיקער.

אין אַ צווייטן ווינקל שטייט פאַר׳יתום׳ט ביאַליקס שטעקן, מיט וועלכן ער פלעגט מאַכן זיינע שפּאַצירן, און מעשה שטן האָט ער אים שוין אַ פּאָר מאָל פאַרלוירן, אָבער שפּעטער האָט זיך דער שטעקן אָפּגעזוכט, איין מאָל ביי רבניצקין, אַ צווייטן מאָל אין אַן אַנדער פּלאַץ ... אַמערסטנס ווערט מען אָבער דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון גרויסער איבעראַשונג, ווען מען כאַפּט אַ בליק אויף אַ גלעזערנע קעסטל, וואו עס ליגט ביאַליקס ערשטע העברעאישע ליד „אל הציפור". מען קאָן זיך ניט אָפּרייסן פון דעם ליד, וואָס הגם מען קאָן אים שוין אויף אויסווייניק, און פיל האָבן שוין אים אַפילו פאַרגעסן, אָבער ווען מען דערמאָנט זיך, אַז דאָס איז געווען ביאַליקס ערשטער „דעביוט" אין דער העברעאישער שירה, און אַז מיט דעם שיר „אל הציפור" איז אַוועקגעפלויגן אין די הימלען, און באַרימט געוואָרן איבער דער גאַנצער אידישער וועלט, באַקומט מען אַ באַזונדער יראת־הכבוד ... עס גלויבט זיך ניט פּשוט, אַז ער האָט דעם שיר אָנגעשריבן, ווען ער איז אַלט געווען 16 יאָר ... גלייך מיטן ערשטן ליד זעט מען זיין לעצט ליד, א. נ. „הפרידה" (די געזעגענונג), ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט, אַז ער וועט די אָפּעראַציע ניט איבערקומען, און אַזוי איז טאַקע געשען: פינף וואָכן נאָך דעם איז שוין ביאַליק געווען טויט.

דערמאָנענען מיר די פאַרשידענע פּרטים פון בית־ביאַליק און זיין מוזיי, און דאָס זיינען געווען די רירענדסטע שעה׳ן בעת מיין באַזוך אין ישראל. דער שאָטן פון „בית ביאַליק" גייט מיר נאָך עד היום, און איך באַטראַכט אַלס זכות, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען, כאָטש אַ קורצע צייט, די גרויסע היסטאָרישע עפּאָכע, וועלכע עס האָט פאַרקערפּערט אין זיך חיים נחמן ביאַליק.

זעקס און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## דער העברעאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים

**דער העברעאישער אוניווערסיטעט און זיינע קאַלאָסאַלע אויפגאַבן. — וואָס איז געווען זיין התחלה, און ביז וואָס האַלט ער היינט. — די דערגרייכונגען אין די 40 יאָר פון זיין עקזיסטענץ, זיין שוואונג, און פּראָגרעס. — די מאָראַלישע ליידן, וואָס ער איז אָפּגעריסן געוואָרן פון הר הצופים, וואו ער איז לכתחילה געבויט געוואָרן, און וואו ער האָט עקזיס־טירט אַ קנאַפּן פערטליאָרהונדערט. — די אומבאַגרייפלעכע וויכטיקייט פון דעם העברעאישן אוניווערסיטעט פאַר מדינת־ישראל און פאַר אידישע סטודענטן אין דער דיאַספּאָרא.**

דער גרויסער ישראל דעפיציט איז כמות, אין מענשטן מאַטעריאַל, אין גרעסערע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן, און לאָמיר צוגעבן אין אַ „בעסערן מזל", און אַ לייכטערער מערכה, — ווערט געדענקט מיט אַ גרויסער מאָס פון איכות. קלאָרער געזאָגט, מיט „קוואַליטעט", מיט וויסנשאַפט, קולטור און ציוויליזאַציע. וואָס פאַרשאַטענען אַנדערע זאַכן, גרויס אין צאָל, און כמות.

מדינת ישראל האָט פאַרלויפיק פיר גרויסע הויך־שולן, אוניווערזיטעטן, וואָס פאַרשעמען ניט ישראל לגבי די אומות העולם. אין די שטאַרק־ענטוויקלטע הויך־שולן, שמידט זיך די געגנוואַרט און די צוקונפט פון דער אידישער מדינה, און אויך פון פאָלק ישראל איבער דער גאָרער וועלט.

ישראל גייט דורך אַ פּעריאָדע, פון אָרויסגעבן געלערנטע, פּראָפעסאָרן, וויסענשאַפטסלייט און טעכניקער פון הויכן קאַליבער. אָזעלכע דאַרף מען נאָר זוכן צווישן אוניוועזיטעטן, ווייל דאָרט וועבט זיך די נייע אידישע נשמה, דער גרויסער גייסט פון ישראל סבא. די אוניווערזיטעטן זייען די שטאַרקסטע פעסטונגען, וואָס ישראל איז אימשטאַנד אויפצושטעלן.

ישראל קאָן ניט רעכענען אויף אַסטראָנאָמישע צאָלן מענטשן. ישראל וויל ניט באַזיגן אירע שכנים מיטן כח פון געווער, אָדער מיט דער הילף פון פריינט. ישראל רעכנט נאָר אויף אירע אייגענע גייסטיקע כוחות, אויף איר גרויסן, קולטורעלן און וויסנשאַפטלעכן שוואונג, אויף אירע פאָרשונגען און לאַבאָראַטאָריעס. ישראל שטיצט זיך אויף גייסט, אויף מוח, מחשבה און גוטען ווילן, און שטרעבט צו גערעכטיקייט פאַר אַלעמען. די דאָזיקע פשוטע לעבנס־פילאָזאָפיע איז דער דעוויז פון אידישן פאָלק איבעראַל, און אין ישראל בפרט.

האָבנדיק אין ישראל זיך געטראָפן מיט מענטשן פון העכערן קאַליבער,

פון פאַרשיידענע צווייגן פון לעבן, פון גייסטיקן שאַפן, מיט שטאַטסלייט און וואָרטזאָגער, זיינען מיר געקומען צו דער מסקנא, אַז מדינת ישראל וועט דאַרפן אין די קומענדע יאָרן, הויפּטזעכליך ברענגען אין באַטריב איר גייסטיקן אַפּאַראַט און אירע אַלע חושים, כדי צו דעראָבערן וואָס מער קולטור און לערע, און זיך קאָנען פאַרגלייכן מיט די סאַמע גרעסטע און מעכטיקסטע לענדער אויף דער וועלט. דאַריבער האָבן מיר געשאָנקען אַ גאַר גרויסן טייל פון אונזער אויפמערקזאַמקייט, מי און צייט צו די הויך־שולן, אוניווערזיטעטן, האָספּיטאַלס, כדי צו קריגן אַ טיפערן באַגריף וועגן דעם גייסטיקן פאַרמעגן פון ישראל.

מיר האָבן באַזוכט דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, דעם טעכניאָן — אין חיפה, דעם בר אילן אוניווערזיטעט אין רמת גן, דעם אוני־ווערזיטעט אין תל־אָביב, און אויך געכאַפּט אַ פּיינלעכן בליק פון דערווייטנס אויף דעם פריערדיקן בנין פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, וואָס איז ליידער פאַרבליבן צייטווייליג אויפן הר הצופים, אָפּגעשניטן פון דער איצטיקער טעריטאָריע פון מדינת ישראל, און אויף דעם ווייצמאַן אינסטיטוט.

נאַטירלעך דאַרפן דערמאָנט ווערן די פאַרשיידענע לערער סעמינאַרן, דענטיסטען פאַקולטעטן ביי דעם העברעאישן אוניווערזיטעט און אַנדערע צווייגן וואָס פילן אויס וויכטיקע וויסענשאַפטליכע פּאָזיציעס. לאָמיר אָבער גיין בהדרגה, און אָנוואַרפן אַ מער וויניק בילד פון דעם נייעם אוניווער־סיטעט בנין אין ירושלים, וועלכער איז היינט דער שטאָלץ ניט בלויז פון מדינת ישראל, נאָר פון גאַנצן אידישן פאָלק. ער איז אגב אויך דער וויכ־טיקסטער אוניווערזיטעט אויפן גאַנצן מיטעלן מזרח, ווייל ער האָט אַ זייער גרויסן סטעף פון פּראָפעסאָרן, לעקטאָרן, אַסיסטענטן, און צייטווייליקע וויסנ־שאַפטלער, וואָס קומען זייער אָפט האַלטן פאָרטראָגן אין העברעאישן אוני־ווערזיטעט.

די גילגולים פון דעם אוניווערזיטעט זיינען פּיינלעכע און שמערצלעכע, אָבער אידן האָבן זוכה געווען צום „הזורעים בדמעה ברינה יקצרו״ — די וואָס זייען מיט טרערן, שניידן מיט געזאַנג, מיט פרייד.

די ערשטע דאַטעס פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט זיינען אייגנטלעך פון יאָר 1918, ווען פּראָפ. חיים ווייצמאַן, דער שפּעטערדיקער ערשטער ישראל פּרעזידענט, האָט פאַרטראַכט די אידייע פון אויפבויען אַזאַ העברעאישן אוני־ווערזיטעט. זיין כוונה איז געווען, אַז אין די גלות לענדער ליידן טויזנטער אידישע סטודענטן פון „נומערוס קלאַזוס״, אויב ניט פון „נומערוס נוללוס״. הונדערטער אוניווערזיטעטן זיינען געווען פאַרשלאָסן פאַר אידישע סטודענטן, וועלכע האָבן געזוכט אַן אויסוועג, ווי אַזוי צוצוקומען צו העכערער אויסביל־דונג. דערמיט האָט דר. ווייצמאַן געוואָלט פאַרלייכטערן די דאָליע פון דער אידישער שטודירנדער יוגנט אין די גלות־לענדער. צווייטנס האָט ער גע־טראַכט: מדינת ישראל וועט זיך, פריער אָדער שפּעטער בויען. ווי זשע קאָן

מען אויפצובויען אַ אידישע מדינה אָן אידישע וויסנשאַפטלער אַרכיטעקטן דאָק־טוירים, טעכנאָלאָגן, מעכאַניקער, סאָציאָלאָגן, יוריסטן און אַלערליי אַנדערע מענטשן מיט העכערער בילדונג?

פון טראַכטן אָבער ביז מעשים, ד.ה. פון הלכה ביז מעשה זיינען אַוועק זיבן יאָר. דר. ווייצמאַן האָט שטאַרק געגלויבט אין דער באַלפור דעקלאַראַציע, וואָס ענגלאַנד האָט אין 1917 געגעבן די אידן. אַז דאָס וועט העלפן בויען אַ אידישע נאַציאָנאַלע היים אין פּאַלעסטינע. אַלס גרויסער וויסנשאַפטלער און כעמיקער, האָט דר. ווייצמאַן דאַריבער באַשלאָסן אַוועקצושטעלן די ערשטע „קולטור־פּיראַמידע" אין ארץ ישראל.

כראָנאָלאָגיש גערעדט איז ז' ניסן תרפ"ה (דעם 1־טן אַפּריל 1925) דורכגעפירט געוואָרן די פּרעכטיקע צערעמאָניע פון דער דערעפענונג פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים. דער כבוד אויפצועפענען די ערשטע העברעאישע היכשול איז צוגעטיילט געוואָרן צו לאָרד באַלפור, דעם מחבר פון דער באַלפור דעקלאַראַציע. זיבן טויזנט מענטשן זיינען געווען פאַר־זאַמלט ביי דער צערעמאָניע. און צווישן זיי די גרעסטע וויסנשאַפטלער, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט פאַרשיידענע אוניווערזיטעטן, אידישע און ניט־אידישע פאָרשונגס־אינסטיטוציעס. נאַטירלעך, האָט זיך אויך באַטייליקט לאָרד סעמועל, דער ערשטער הויי־קאָמישאָנער אין ישראל, און פיל געסט פון דער גאָרער וועלט. די הויפּט רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן פון הרב הראשי אברהם יצחק הכהן קוק, פּראָפ. חיים ווייצמאַן, לאָרד באַלפור, לאָרד סעמועל און חיים נחמן ביאַליק. — אַלע שוין היינט ליידער ניט צווישן די לעבעדיקע!

מיר האָבן געפרעגט: ווי האָט אויסגעזען דער „בראשית" פון אוניווער־זיטעט? און דער ענטפער איז געקומען: כל התחלות קשות. ער איז באַשטאַנען פון אָנפאַנג פון דריי קליינע ריסוירטש־אינסטיטוטן פאַר יודאַאיסטיק, כעמיע, און מיקראָביאָלאָגיע. צומאָרגנס, דעם 2־טן אַפּריל, איז געלייגט געוואָרן דער אבן הפינה פאַר דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט, אויפן נאָמען פון פּראָפ. אַלבערט איינשטיין. מיט אַ צען טעג שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער אוניווערזיטעט־קוראַטאָריום פון דר. י. ל. מאַגנעס, סער אַלפרעד מאָנד, נחום סאָקאָלאָוו און דזשיימס דע ראָטשילד. אין דעם זעלבן יאָר האָט די אַלוועלטלע־כע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַריבערגעפירט די נאַציאָנאַלע אוניווערזיטעט ביבליאָטעק צום הר הצופים. אין יאָר 1926 איז געגרינדעט געוואָרן דער פאַקולטעט פאַר אָריענטאַלישע וויסנשאַפטן און פאָרשונגען. שפּעטער מיט צוויי יאָר איז געעפנט געוואָרן דער הומאַניסטישער פאַקולטעט מיט דריי אָפּטיילונגען: אינסטיטוט פאַר יודאַאיסטיק, פאַר אָריענטאַלישע וויסנשאַפטן און אַלגעמיינער הומאַניסטישער וויסנשאַפט, אום צו באַקומען אַ דיפּלאָם פון „מאַגיס־טער פאַר הומאַניסטיק".

אַזוי איז אָנגעגאַנגען כסדר די גוואַלדיקע ענטוויקלונג פון דעם העב־

רעאישן אוניווערזיטעט מיט נייע פאַקולטעטן און הונדערטער פּראָפעסאָרן, לעקטאָרן און וויסנשאַפטלער. לויט די אַנאַלן פון דער אוניווערזיטעט ביבליאָטעק, איז אין יאָר 1930 געגרינדעט געוואָרן די פון פריער אָנגעהויבענע געביידע פאַר דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון דוד וואָלפזאָן, וועלכער איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָכדעם ווי דר. הערצל איז נפטר געוואָרן. אין יאָר 1935 איז דר. מאַגנעס נאָמינירט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון אוניווערזיטעט, און אין זעלבען יאָר איז בעעפנט געוואָרן דער פאַקולטעט פאַר נאַטור־וויסנשאַפט, וועלכער האָט געהאַט אין זיך פאַרשיידענע אָפּטיילונגען, ווי כעמיע, פיזיק, מאַטעמאַטיק, באָטאַניק, געאָלאָגיע, זאָאָלאָגיע, מעטעאָראָלאָגיע, קלימאַטאָלאָגיע, באַקטעריאָלאָגיע, היגיענע, פּאַראַזיטאָלאָגיע און פיזיאָלאָגיע. דער אוניווערזיטעט האָט ממש געבליט. סטודענטן האָבן זיך געמערט פון יאָר צו יאָר און געשטראָמט פון אַלע וועלט־טיילן. אין יאָר 1936 האָט שוין דער אוניווערזיטעט אַרויסגעגעבן דעם ערשטן דיפּלאָם פון דר. פילאָזאָפיע. דאַן איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן דעם מעדיצינישן צענטער פון אוניווערזיטעט מיט דער הילף פון הדסה, אויפן הר הצופים, וועמענס עפענונג ס'איז פאָרגעקומען אין יאָר 1939.

די פירערשאַפט פון העברעאישן אוניווערזיטעט האָט אין יאָר 1940, ווען דער היטלער פייער האָט שוין געבושעוועט, געעפנט דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן פאַקולטעט אין רחובות צוזאַמען מיט אַן אָפּטייל פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכער פאָרשונג ביי דער אידישער אַגענטור. שפּעטער מיט אַ יאָר איז אויפגעשטעלט געוואָרן די מוזיי־געביידע פאַר אידישע אַלטערטימלעכקייטן.

דער צווייטער וועלט־קריג האָט ליידער איבערגעשניטן די לעבנס אַרטעריע פון דעם אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים. אַ שרעקלעכע פּאַסירונג איז פאָרגעקומען דעם 13־טן אַפּריל, 1948, ווען עס איז געמאַכט געוואָרן אַן איבערפאַל אויף אַ קאָנוואָי, וואָס איז געפאָרן צום הר הצופים. אין דעם קאַמף זיינען אומגעקומען 77 אוניווערזיטעט־מענטשן און מיטגלידער פון הדסה. דער נאָרמאַלער בריק צווישן דעם הר הצופים און דעם איבריקן טייל פון פּאַלעסטינע איז איבערגעריסן געוואָרן! מיט דריי חדשים שפּעטער איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג וועגן דעמיליטאַריזירן דעם הר הצופים, אָבער די לאַגע איז שוין געוואָרען שווער און פאַרבונדן מיט אַ סך האַרצווייטיק. פאַרן סוף יאָר 1948 איז געשטאָרבן דר. מאַגנעס, און דער אַראַבישער איבערפאַל אויף דער נייער מדינת ישראל האָט געגנצלעך פּאַראַליזירט יעדע מעגלעכקייט צו קאָנען ממשיך זיין די לימודים אין דער געביידע אויפן הר הצופים. מען האָט דעריבער אין יאָר 1949 אָנגעפאַנגען לערנען אין אַ צייטווייליקער דירה אין ירושלים, און אין אַ חודש ארום, אין מאַי 1949 אויפגעעפנט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ נייער פּרעזידענט אויפן אָרט פון דר. מאַגנעס, סער לעאָן סיימאָן, און נאָך אים פּראָפ. ז. בראָדעצקי. אין זעלבן יאָר

האָט מען געעפנט דעם יורידישן פאַקולטעט און סעמינאַר פאַר פאָלקס־לערער, און מיט אַזאַ באַגאַזש פון דערגרייכונגען איז אין מאַי 1950 געפייערט געוואָרן דער זילבער־יובילײ פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, וועלכער האָט שוין דורכגעמאַכט אַ לאַנגע פיינפולע געשיכטע.

נאַטירלעך, האָט דער אוניווערזיטעט מיטן פאַרלוסט פון זיין היים אויפן הר הצופים ניט פאַרלוירן זיין לעבנס־אָטעם. עס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, באַר אַ „פיזישער" צוריקטריט, אָבער ניט קיין „גייסטיקער!" אין יאָר 1952 איז געשאַפן געוואָרן אַ פולער אַגריקולטור דעפּאַרטמענט ביים אוניווערזיטעט אין ירושלים, אַן עקאָנאָמישער און סאָשעל וועלפער פאַקולטעט אין יאָר 1953 אויך אַ דענטיסטן שול איז געעפנט געוואָרן אין דעם זעלבן יאָר, צוזאַמען מיט אַ פאַרמאַציע דעפּאַרטמענט. אַ ביבליאָטעק פאַר גראַדואירטע איז געעפנט געוואָרן — אין יאָר 1956; אַ שול פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — אין יאָר 1958 און אַ אינסטיטוט פאַר „קאָנטעמפּאָראַרי", אידן (וואָס לעבן אין אין און דער זעלבער צייט) אין יאָר 1960.

מיר האָבן בכיוון פאַרציכנט די וויכטיקע מיילשטיינער פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, וועלכער האָט יאָר נאָך יאָר פאַרגרעסערט די ראָם פון בילדונג און פאַרשונג: מען האָט געלאַדן מער וויכטיקע פּראָפעסאָרן און וויסנשאַפטלער; צוגעצויגן גרעסערע צאָלן סטודענטן, וועלכע האָבן שוין דער־גרייכט אין דעם נייעם אַקאַדעמישן יאָר צו איבער 10.000. אויך די צאָל פּראָפעסאָרן און וויסנשאַפטלער שטייגט איבער די צאָל פון טויזנט.

אַלע גראַדואירטע געפינען באַשעפטיקונג אין ישראל. פיל פון זיי אונטעררריכטן אין די מיטל שולן, אין לערער סעמינאַרן, און אויך אין אוניווערזיטעט גופא.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט די באַנייטע מדינת ישראל זייער פיל צו פאַרדאַנקען דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, אויך דעם טעכניאָן אין חיפה דעם נייעם קעמפּוס אין גבעת רם, ירושלים, דעם אַגריקולטור דעפּאַרטמענט אין רחובות, די תל אביבער צווייגן פון געזעץ און סאָציאַלע וויסנשאַפטן, און דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין עין כרם, ירושלים, וואו די הדסה האָט איר וויכטיקן חלק, און בר־אילן אוניווערזיטעט וועלכע זענען געוואָרן קולטור־פּיראַמידעס וואָס שטעלן צו העכסט וויכטיקע טעכנאָלאָגן און וויסנשאַפטלער פאַר דער יונגער מדינה. מער ווען אוניווערזיטעט אין די קומענדע קאַפּיטלעך.

זיבן און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די אַנטוויקלונג און וואוקס פון די פאַרשידענע פאַקולטעטן אין דעם העברעאישן אוניווערסיטעט

**די וואונדערבאַרע פאָרשונגס־אַרבעט, וואָס ווערט אָנגעפירט. — די אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַציע און די סטודענטן פון אַפראָ־אַזיאַטישע לענדער. — די גרויסע ראָל פון יגאל ידין און זיינע אַרכעאָלאָגישע דערגרייכונגען. — דער העברעאישער אוניווערסיטעט אַלס שפּיגל פון ישראל׳ס פּראָגרעס אויף אַלע געביטן פון מאָדערנע וויסנשאַפטן. — דער באַזונדער־וויכטיקער ביישטייער פון די קאַנאַדער אידן צום העברעאישן אוניווערסיטעט, און דער שטאַרקער איינדרוק, פון דער נייער געביידע.**

ניט האָבנדיק פאַר זיך קיין נייעם „בית המקדש״, וואו עס האָט גערוט אַמאָל דער גייסט און די שכינה פון אונזער פאָלק, ווען ישראל האָט געלעבט אין זיין אייגענעם לאַנד, — האָבן מיר באַשלאָסן בעת אונזער באַזוך, צו שענקען מער אויפמערקזאַמקייט צום העברעאישן אוניווערזיטעט, וועלכער איז דאָס גרעסטע גייסטיקע פאַרמעגן, וואָס אידן האָבן אָנגעהאָדעוועט במשך פון אַ סך יאָרן, און דער עיקר, אין די 40 יאָר פון דער אָפּיציעלער עקזיסטענץ פון דעם אוניווערסיטעט. די נייע פּרעכטיקע געביידע אין ירושלים האָט איבערגעשטיגן אַלע אונזערע דערוואַרטונגען. אַזאַ בנין, בעסער געזאָגט אַזעלכע בנינים, וואָס געפינען זיך אויפן קעמפּוס פון אוניווערזיטעט, וואָלטן זיך געפּאַסט פאַר רייכע פעלקער, וואָס זענען רואיק געזעסן אויף זייערע באָדנס לאַנגע יאָרהונדערטער, און האָבן ניט דורכגעמאַכט אַזעלכע אויפטרייסלונגען, אַזעלכע בלוטיקע קאַטאַסטראָפיעס און קאַטאַקליזמען, ווי מיר אידן האָבן דאָס לידער געהאַט...

ניט נאָר קריגט מען דרך ארץ פאַר דעם אויסערלעכן אויסזען פון דעם הויפּט בילדינג פון אוניווערזיטעט, נאָר מען ווערט אויך דערשטוינט פון דעם אינערלעכן געבוי און גראַנדיעזיטעט פון דעם בנין, וועלכער האַלט אויף דעם קיום און „נשמה״ פון עם ־ישראל, און מדינת ישראל.

דער אַריינגאַנג און די אָרדנונג פון דער ביבליאָטעק, די גרויסע צאָל סטודענטן, וואָס זיצן על התורה ועל העבודה און גרייטן צו זייערע שריפטלעכע אַרבעטן, זייענדיק פאַרטיפט אין די קעגנשטאַנדן, וואָס זיי שטודירן — ווייזט אויף זייער ערנסטקייט און גרויסע אחריות, וואָס זיי טראָגן פאַר זייער שטודיום, גרייטנדיק זיך צו ווערן די שפּעטערע וואָרטזאָגער, יעדער אויף זיין אויסגע־

קליבענעם געביט. יעדער סטודענט מיט עטלעכע ביכער ביי דער זייט, מיט אַ פּאַק פּאַפּירן און ציפער, דיאַגראַמען און טאַבעלען, סטאַטיסטיקס און רעפּע־רענס ביכער — דאָס זאָגט עדות, אַז מען פאַר׳פטר׳ט ניט די צייט פאַר אומ־זיסט... בחורים און מיידלעך־סטודענטקעס גרייטן צו זייערע עקזאַם פּאַפּירן (מיר האָבן זיי גראָד געטראָפן ביים שלוס פון אַקאַדעמישן יאָר) און יעדער איינער איז געווען שטאַרק דורכגענומען מיט זיינע וויסנשאַפט־געביטן, זוכנדיק צו פאַרענדיקן דאָס שול־יאָר מיט דערפאָלג.

נאַטירלעך, אַרבעטן מיט מער אָנשטרענגונג סטודענטן, וואָס באַקומען רעגירונגס, אָדער אַנדערע סובסידעס פון פאַרשידענע מעצענאַטן און פאָנדן, ווייל אויב מען פאַלט דורך ביים עקזאַם, פאַרלירט מען די דאָזיקע סובסידיעס אויף דעם נייעם יאָר...

אַ טויטלעכע שטילקייט הערשט אויך אין ביבליאָטעק. מען קאָן זי כמעט „אָנטאַפּן" מיט די הענט... מיר האָבן געפרעגט ביים הויפּט ביבליאָטעקאַר וועגן דער גרויס פון דער ביבליאָטעק, ווי אַזוי זי האָט זיך אַנטוויקלט, ווער זענען געווען אירע הויפּט־פּאַטראָנייזער א. אַז. וו. דער ענטפער איז געקומען אַזוי שטיל, אַז מיר האָבן כמעט ניט געהערט, וואָס ער רעדט צו אונז... עס איז אַ שטילקייט, וואָס דולדעט ניט קיינעמס שטימע, קיינע קלאַנגען, ווייל דאָס איז עלול צו צעמישן די רעיונות פון די סטודענטן, און באַשווערן זייער אַרבעט... עס האָט געהערשט אַ שטילע פרייד צוזאַמען מיט אַ יראת הכבוד פאַר די אַלע, וואָס האָבן די אוניווערזיטעט ביבליאָטעק אַוועקגעשטעלט אויף אַזאַ מדריגה...

נאַטירלעך האָבן מיר געוואָלט זיך דערוויסן וועגן די פאַרשידענע עטאַפּן פון פּראָגרעס פון דעם אוניווערזיטעט, און ראשית כל — וועגן דעם דערפאָלג פון דער ריסוירטש אַרבעט, וואָס ווערט געפירט אָן אויפהער. מיר האָבן שוין אפילו געוואוסט אָן דער אינפאָרמאַציע, אַז די צוקונפט פון מדינת ישראל איז זייער פיל אָפּהענגיק פון דער גרויסער וויסנשאַפטלעכער עקספּאַנס־יע, וואָס דער אוניווערזיטעט מאַכט, און וועט ווייטער מאַכן אין דער צוקונפט. מיר האָבן אָבער געוואָלט זען אייניקע ציפער און פאַקטן ווי דער העברעאי־שער אוניווערזיטעט גרייט צו פּראָפעסיאָנאַלן און וויסנשאַפטלער, וואָס זאָלן קאָנען אָנגיין מיט פאָרשונגס־אַרבעט. מיר האָבן אויך געוואָלט וויסן, וויפל באַדן האָט דער אוניווערזיטעט־קעמפּוס און ווי גרויס קאָן נאָך זיין די עקספּאַנסיע ?

זענען מיר געוואויר געוואָרן, אַז די ישראל רעגירונג האָט באַשטימט אַ שטח פון 500 דונאַם באָדן פאַר דעם נייעם אוניווערזיטעט בנין אין גבעת רם — פאַרשטאָט פון ירושלים. דער ווינקל איז פּרעכטיק שיין, באַדעקט מיט גרינס און מאַכט אַ הערלעכן איינדרוק, מיט דער וואונדערבאַרער פּאַנאָראַמע, וואָס שפּרייט זיך אויס אַרום: בוימער, גרינס, בלומען, געוויקסן פון אַלערליי סאָרטן, דאַרונטער טראָפּישע בוימער און בלומען, ממש — אַ גן עדן התחתון.

די אַלע וועגן צום און אַרום דעם אוניווערזיטעט, זענען צוגעשניטן סימעטריש, געצוגן צום שפּאַצירן און פאַרברענגען. בענק זענען פאַראַן אין פיל טיילן פון קעמפּוס, און די דיקע קאָלאָנעס פון דעם נייעם אוניווערזיטעט־בילדינג מאַכן דעם איינדרוק פון די אַמאָליקע שטאַרקע קאָלאָנעס, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אַלס זכר פון קעפּיטאַליום אין רוים... זיי זענען ניט נאָר גרויס און מאַסיוו, נאָר אויך אָריגינעל, פּאָלירט און עסטעטיש געבויט, וואָס פאַרכאַפּט ממש דאָס אויג...

מיר זענען געשטאַנען אויף דעם קעמפּוס, צוגעקוקט זיך, באַוואונדערט, און האָבן בעת מעשה געטראַכט: איז דאָס אַ חלום, אָדער אַווירקלעכקייט? האָט שוין די יונגע מדינת ישראל, וואָס אַרבעט אַזוי שווער און ביטער, ראַנגלענדיק זיך פאַר איר עקזיסטענץ, געקענט באַווייזן אַזאַ נס. אויפצושטעלן אַזאַ גראַנדיעזע געביידע פאַר אַ אייגענע אַלמאַמאַטער, וועלכע ציט צו טויזנטער פריינד, סטודענטן און וויסנשאַפטסלייט פון אַלע וועלט־טיילן?

עס איז כמעט אוממעגלעך צו שפּאַצירן אויפן קעמפּוס, ווייל מען ווערט מיד, גייענדיק פון איין אָפּטיילונג צו דער צווייטער, מאַכנדיק געוויסע פאַרצייכענונגען אויפן אָרט, איינזאַפּנדיק די הערלעכע לופט און די שיינקייט פון דער פּאַנאָראַמע... אַלץ צוזאַמען מאַכט זייער מיד און אָנגעשטרענגט, הגם עס איז אַזוי זיס און אָנגענעם צו זען דאָס.

ווי שוין באַמערקט איז דער ערשטער פּרעכטיגער און גרויסער בנין אויף דעם נייעם קעמפּוס אויפגעבויט געוואָרן מיט זיבן יאָר צוריק פון דער קאַנאַדער הדסה־וויצאָ אָרגאַניזאַציע, און רופט זיך „קאַנאַדער האַלל". זינט דאַן האָט דער אוניווערזיטעט געוויזן פענאָמענאַלן פאָרשריט; פיל טוריסטן זאָגן עפנטלעך, אַז דאָס איז איינע פון די שענסטע אוניווערזיטעט געביידעס אויף דער גאַנצער וועלט, וואָס האָט געקאָסט 5 מיליאָן דאָלאַר.

היינט צו טאָג זענען שוין פאַראַן 40 בנינים אויף דעם יוניווערזיטעט־קעמפּוס, און אַלע געבויט פון די אייגענע ירושלימער שטיינער, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין דערציילט אין די סאַמע ערשטע קאַפּיטלעך. מיט אַ 5 יאָר צוריק איז אויסגעבויט געוואָרן ביים ירושלימער אוניווערזיטעט דער ריזיקער מעדיצינישער צענטער, וואָס האָט אָפּגעקאָסט 30 מיליאָן דאָלאַר. מען קאָן זיך ניט פאָרשטעלן דעם פּראַכט און פאַרנעם פון דעם בילדינג, וואָס איז אויפגעפּנט געוואָרן אין די בערג פון עין כרם, און איז דער בייטראָג פון דער אַמעריקאַנער הדסה אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיטן אוניווערזיטעט. דער דאָזיקער נייער בילדינג פאַרבייט דעם פריערדיקן אויפן הר הצופים, וועלכער איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער מדינה, לויט דעם וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך, נאָכן סוף פון מלחמת־השחרור. עס איז ניט משער צו זיין די מאָראַלישע ליידן, וואָס דער מעדיצינישער צענטער האָט דורכגעמאַכט זינט דעם יאָר 1948, ווען ער האָט פאַרלוירן זיין היים אויף דעם הר הצופים און געדאַרפט

צייטווייליג דינגען פאַרשידענע פּלעצער צו דערמעגלעכן די סטודענטן פאַר־זעצן זייער שטודיום...

דער אוניווערזיטעט האָט אויך אַ פאַקולטעט פאַר לאַנדווירשאַפט אין רחובות, וואָס מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט. און אויך אַ לאָאָ־סקול און עקאָנאָמיקס־דעפּאַרטמענט וואָס וועט זיך אַנשליסן אָן תל אביבער אוניווער־סיטעט.

אַזוי גייט אָן אומאונטערבראָכן די גרויסע אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון אוניווערזיטעט אויף אַלע, אָן אויסנאַם, געביטן פון וויסנשאַפט און ריסוירטש. לאָמיר דאָ אָגב דערמאָנען, אַז אַ קאַנאַדער דאָקטאָר, דזשעק גראָס, פירט אָן מיטן דעפּאַרטמענט פאַר קאַנסער־פאָרשונג און עקספּערימענטאַלער מעדיצין, און ער האָט שוין דערגרייכט אַ גרויסן פּראָגרעס אין קאַמף קעגן קאַנסער (ראַק).

רעדנדיק וועגן מעדיצינישער ריסוירטש טעטיקייט פון דעם אוניווער־זיטעט, ווילן מיר דערמאָנען דר. מיכאל אבנארי, וועלכער צוזאַמען מיט אַ גאַנצן שטאָב פון וויסנשאַפטלער, האָט אין סאַמע האַרץ פון נגב, אין סובייטא, רעקאָנסטרואירט אַלטע פאַרם־שטעט און דערפער, נאָכדעם, ווי זיי האָבן אויסגעפאָרשט די פאַרגאַנגענהייט פון טויטן נגב, און האָבן שוין אַ געוויסע אָריענטאַציע וועגן דער מעגלעכקייט אים צוריק אויפצולעבן. צענדליגער טויזנטער סעטלער וועלן דאָרט קירצליך געפינען זייער עקזיסטענץ און פאַרדי־נען אויף זייער אויסקום... אויך האָט מען אונז אינפאָרמירט, אַז די אַרבעט אין עמק יזרעאל, וואָס ווערט אָנגעפירט פון אוניווערזיטעט פּראָפעסאָר לעאָ פיקארד, צייגט גרויסע דערפאָלגן. דאָס זענען פאָרשונגען וועגן וואַסער אין די בערגיקע פּלעצער. מען האָט אונז אויך באַמערקט, אַז אַ דאַנק דער רי־סוירטש־אַרבעט, זענען פיל זומפּיקע געגנטן אויסגעטריקנט געוואָרן און צוגעפּאַסט צום לעבנס־געברויך, אַנשטאָט, וואָס פריער האָט דאָרט געבושעוועט מאַלאַריע, און עס איז געווען אוממעגלעך צו לעבן. אַזוי האָט די ישראל וויסנשאַפט אַ דאַנק דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אָפּגעראַטעוועט טויזנטער דונאַם באָדן און פאַרוואַנדלט זיי אין אַ בליענדיקן גן עדן...

דער פריהערדיגער ישראל פּרעמיער דוד בן־גוריון האָט זיך איינמאָל אין ריסוירטש צענטער אין ירושלים אויסגעדריקט, אַז מען דאַרף „איינשפּאַנען די זון", און דער לאָנדאָנער פּראָפעסאָר העברי טאַבאָר, וועלכער אַרבעט אין ירושלימער אוניווערזיטעט, האָט דעם אַרויסרוף אָנגענומען...

מען דאַרף נאָר האָבן קראַפט און אַ סך אויל צו קאָנען שטאַרקער באַוועגן די רעדער פון טעכניק. ישראל האָט שוין כמעט דערגרייכט די וויסנשאַפט פון פּראָדוצירן וואַרעמקייט־קראַפט פון דער זון, אַ כוח, וואָס וועט דערמעגלעכן אין דער צוקונפט צו ברענגען אין באַטריב די שווערסטע טראַנסמיסיעס און מאַשינען.

וואָס איז נוגע אַרכעאָלאָגיע, איז מדינת ישראל גראָד רייך, סיי מיט די נויטיקע ספּעציאַליסטן און סיי מיט די דערגרייכטע רעזולטאַטן פון פאָרשונג.

אפילו דער פשוטער פּאַרמער, גראַבנדיק אין זיין פעלד, געפינט אָפּטמאָל זאַכן וואָס דערציילן פון אונזער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. איבערהויפּט האָט פיל צו דערציילן דר. יגאל ידין, וועלכער שטייט אין דער שפּיץ פון דער פאָרש־אַרבעט. ער איז בסך הכל אַ מאַן פון אַ פּאָר און פערציק יאָר, איז נאָך גענוג יונג און פריש, גייסטיק און שטאַרק פעהיק, אַרויסצוגראָבן כסדר אַלטע וואָרצלען, אַלטע צייכנס פון אַ געוועזענער רעליגיעזער און קולטורעלער געמיינדע, וואָס האָט אַמאָל עקזיסטירט אין ארץ ישראל. דאָס ברענגט צו באַוואונדערן פיל פאָרשטייער פון דער מערב־ציוויליזאַציע און זייערע אַרכעאָלאָגן...

דר. יגאל ידין איז דער זון פון דעם באַרימטן פּראָפעסאָר ס. ל. סוקעניק פון העברעאישן אוניווערזיטעט, וועלכער האָט אויסגעפאָרשט די ערשטע דריי געפונענע „סקראָלס" פון טויטן ים דעם 29־טן נאָוועמבער 1947, גראָד אין דעם זעלבן מזל'דיקן טאָג, ווען די יונייטעד ניישאָנס האָט באַשלאָסן צו שאַפן מדינת ישראל. די דערמאָנטע סקראָלס (פּאַרמעטן) פון טויטן ים, האָבן שטאַרק אינטערעסירט דר. ידין, און ווען ער איז געווען אין יאָר 1954 אין אַמעריקע, האָט ער באַוויזן אָפּצוקויפן אויף אַ זייער אידעלען אופן די אַנדערע 4 פּאַרמעטן. ער איז אַזוי אַרום געוואָרן דער גרעסטער עקספּערט אויסצוגעפינען און פעסטצושטעלן די טעקסטן פון די דערמאָנטע סקראָלס. ניט לאַנג צוריק האָט ער אַנטדעקט אין די וויסטעניש פון יהודה אַ פּעקל בריוו, וואָס זענען געשריבן פון בר כוכבא, וועלכער ווערט פון אַ סך באַטראַכט אַלס לעגענדאַרע פיגור פון 132 יאָר נאָך קריסטוסן.

דאָס זענען בלויז אייניקע קורצע זייטיקע באַמערקונגען וועגן די פאָרשונגען, וואָס דער העברעאישער אוניווערזיטעט פירט, און פאַרגרעסערט דערמיט דעם וויסנשאַפטלעכן באַגאַזש און פּראָגרעס פון די ישראל אַרכעאָלאָגן און געאָלאָגן. די גאַנצע וועלט געניסט היינט פון די ישראל אויפדעקונגען, וואָס באַרייכערן די אייגענע עקזיסטענץ און איר גרויסע ראָל אין דער וועלט.

מיר האָבן אָנגעטראָפן אין ירושלים צענדליקער טונקל־הויטיקע סטודענטן פון ניגעריע און קאָנגאָ, וועלכע זענען געקומען שטודירן אין ירושלימער אוניווערזיטעט. מיר האָבן אויך געטראָפן אַ גאַנצע גרופּע סטודענטן אין הרצליה אין ציגנבערגס פּאַנסיאָן, פונוואַנען זיי פלעגן פאָרן טעגלעך צו זייערע לעקציעס אין תל אָביבער אוניווערזיטעט אַלס „קולטור־אויסטויש" צווישן ישראל און זייערע לענדער... דאָס מיינט אינטער־נאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַציע, וועלכע ישראל ווייזט אַרויס אין דער פולסטער מאָס, און דינט גלייכצייטיג אַלס קולטור־אויסטויש.

אַכט און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# דער בייטראַג פון קאַנאַדער אידן צום אוניווערסיטעט

**די שפּראַך פון ציפער וועגן דעם כסדר'דיקן אויפשטייג, און די פּראָפּאָרציאָנעל וואַקסענדיקע בודזשעטן פון דעם אַנשטאַלט, זינט מדינת ישראל איז געגרינדעט געוואָרן. — די אומבאַשרייבלעכע וויכטיקייט פון דעם אוניווערסיטעט פאַר דער זיכערקייט פון דער מדינה.**

אין די פריערדיקע צוויי קאַפּיטלעך האָבן מיר אָנגעוויזן די אַלגעמיינע ראַם פון דעם, העברעאישן אוניווערזיטעט, דעם פאַרמעסט און וואוקס, וואָס ער האָט באַוויזן זינט זיין גרינדונג אין יאָר 1925. זיכער האָבן אַלע אידן אין דער גאָרער וועלט געמאַכט זייערע גרעסערע און קלענערע בייטראָגן צום אוני־ווערזיטעט, כדי צו דערמעגלעכן זיין עקזיסטענץ און פּראָגרעס. די אַמעריקאַנער אידן האָבן נאַטירלעך זייער גרעסטן חלק אין דער דאָזיקער גיגאַנטישער אינ־סטיטוציע, און אָן זייער הילף, וואָלט אפשר דער אוניווערזיטעט ניט באַוויזן צו פאַרבלייבן אַ בר קיימא. אָבער אויך אַנדערע לענדער, וואו אידן וואוינען, האָבן בייגעטראָגן זייער טייל הילף, און מיט אַלעמענס כוחות און אָנשטרענ־גונגען איז דעם העברעאישן אוניווערזיטעט געלונגען צו אויסדויערן די ערשטע 15 יאָר, ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט קריג, און צו פאַרצייכענען נייע דערפרייענדע שריט און עטאַפּן זינט דעם יאָר 1948, ווען מדינת ישראל איז שוין עטאַבלירט געוואָרן.

מיר גיבן דאָ אַ זעהר קאָנדענסירטן אַנאַליז פון די דערגרייכונגען פון העברעאישן אוניווערזיטעט.

אין יאָר 1948 האָט דער אוניווערזיטעט געהאַט נאָר צוויי פאַקולטעטן, היינט — אַכט פאַקולטעטן. אין יאָר 1948 האָט ער געהאַט 2 סקולס אַלס טיילן פון דעם אוניווערזיטעט, און היינט — זעקס באַזונדערע צוגאָב סקולס; אין יאָר 1948 זיינען בסך הכל געווען 1.000 סטודענטן אין דעם אוניווערזיטעט. אין דעם איצטיקן יאָר — קרוב צו 10.000 דער זעלבער גרויסער אונטערשייד מערקט זיך אויך אין דער צאָל גראַדואירטע: אין יאָר 1948 האָבן גראַדואירט 190 סטודענטן, און אין דער קאָנוואָקאַציע פון דעם יאָר — זיינען געווען 1.200 גראַדואירטע.

פּאַראַלעל צום וואוקס פון דער ריזיקער וויסנשאַפטלעכער פּיראַמידע איז אויך געוואָקסן און געשטיגן דער יערלעכער בודזשעט. אויב אין יאָר 1947־

1948 איז דער בודזשעט געווען עפּעס מער פון אַ האַלב מיליאָן ישראל פונט, איז ער איצט שוין אויסגעוואַקסן צו 20 מיליאָן פונט.

די ישראל רעגירונג, לויט דער אינפאָרמאַציע, וואָס איז אונז געגעבן געוואָרן, טיילט צו אַרום זעכציק פּראָצענט פון דעם אויסהאַלטונגס בודזשעט, און דאָס איבריקע — ווערט געשאַפן פון אַלוועלטלעכן אידנטום, צו וועלכן מען מוז כסדר קומען און אַפּעלירן. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם ענטוויקלונג־פּראָגראַם פון אוניווערזיטעט — ווערן באַזונדערס גרעסערע געלט־סומען געשאַפן אין חוץ לארץ. דער הויפּט „יחוס" פון אוניווערזיטעט שטעקט אין זיינע זייער וויכטיקע פאָרשונגען, וואָס נעמען אַרום כמעט אַלע געביטן פון לעבן, ווי געזונטהייטס־וועזן, פאָרשונגען פון דער העברעאישער שפּראַך, יהדות, אידישער קולטור ניוואָ אין ישראל און אין די תפוצות, אַרכעאָלאָגיע און בכלל אַלץ, וואָס רירט אָן דעם גייסט און די נשמה צוזאַמען מיט'ן גוף פון אידישן פאָלק און פון מדינת ישראל.

מיר ווילן דאָ פאַרצייכענען אייניקע באַדייטנדע בייטראָגן, וואָס די קאַנאַדער אידן האָבן געמאַכט צום העברעאישן אוניווערזיטעט, ווייל עס איז באמת געווען אַ פרייד פאַר אונז, אַריינקומענדיק אויפן קעמפּוס פון אוניווערזיטעט־בנין, וואָס איז אַ לעבעדיקער עדות פון דעם עם הספר אין שענסטן זין פון וואָרט, צו זען נעמען פון קאַנאַדער אידישע מעצענאַטן, וועלכע האָבן פאַראיי־




מר. אַלאַן בראָנפמאַן אין דעם העברעאישן אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק, „וינסנט מאסיי"־האָל

ביקט זייערע ליבסטע און טייערסטע אין די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דעם אוניווערזיטעט.

מען זעהט, ווי קאַנאַדער אידן האָבן געשפּילט אַ זייער חשובע ראָל אין דער אַרבעט פון דעם „טעמפּל פון וויסנשאַפט״. ווי דאָס ווייזט אָזוי בולט דער נייער קעמפּוס. די קאַנאַדער פריינט פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, האָבן אַדאַנק דעם פּרעזידענט מר. אַלאַן בראָנפמאַן, דערפאָלגרייך ענטוויקלט אַ גאַנץ גרויסע צאָל סקאָלערשיפּס אָפּטיילונגען פאַר אומבאַמיטעלטע סטודענטן פון אוניווערזיטעט. מען האָט געשאַפן דענטאַל־און פאַרמאַציע דיוויזיעס, וואָס העלפן אַרויס די ענטשפּרעכנדע סקולס און זייערע סטודענטן.

דורך די באַמיאונגען פון די קאַנאַדער פריינט איז געשאַפן געוואָרן די לאָו־סקול (יורידישער פאַקולטעט)־בילדינג, געווידמעט דעם אָנדענק פון דער אומפאַרגעסלעכער טאָכטער פון מר. און מרס. אלאַן בראָנפמאַן — און רופט זיך „די מאנא בראָנפמאַן שעקמאַן אַמפּיטעאַטער״, וואָס מאַכט אַ זייער טיפן איינדרוק. דאַן קומט דער אינסטיטוט פאַר „הומאַניטיס״ אויפן נאָמען פון פאַר־שטאָרבענעם רעוו. מאָזעס בערנאַרד לאַוטערמאַן, און דר. מאַקסוועל לאַוטערמאַן וויסנשאַפטלעכער און מעדיצינישער פאָרש־אינסטיטוטן, וואָס געפינען זיך אויפן נייעם קעמפּוס. צו דעם האָט נאָך דער העברעאישער אוניווערזיטעט אַ באַזונדערן לאַוטערמאַן אַגריקולטור צענטער אין רחובות.

לעצטנס האָט דער היגער זייער חשובער בירגער און נדבן מר. יוסף בערמאַן צוזאַמען מיט זיין פרוי, געמאַכט אַ נייעם גרויסן און ווירדיקן בייטראַג צום העברעאישן אוניווערזיטעט; זיי האָבן פאַראייביקט דעם נאָמען פון זייער אומפאַרגעסלעכן טראַגיש־אומגעקומענעם זון, נאָרמאַן, און זיינע צוויי קינדער — יהושע און אסתר מרים, וועלכע זיינען אָזוי אומשולדיק און אָזוי יונג אַרויס־געריסן געוואָרן פון לעבענס־בונד! אין זייער הייליגן אָנדענק איז געשאַפן גע־וואָרן דער „אולם לתערוכות״ — דער פּרעכטיקער עקסהיבישאַן האָל, וואָס דינט שוין אַלס אייביקער דענקמאָל פון קולטור און ליכט אין ישראל און פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל, בכל אתר ואתר.

דער „אולם לתערוכות״ וועט זיין שטענדיק פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע אויסשטעלונגען אויפן געביט פון לערע און חכמת ישראל, פון וויסנשאַפט, ריסוירטש (פאָרשונג) און אַלץ, וואָס דער העברעאישער אוניווערזיטעט גיט אַרויס. עס האָט באמת אויסגעפעלט אַזאַ ספּעציעלער האָל, וואו די פּרוכט פון פאָרשונגס־אַרבעט, פון העכערער וויסנשאַפט, זאָל קאָנען אילוסטרירט ווערן אויף אַ געהעריקן אופן.

מיר האָבן זיך צופעליג באַגעגנט מיט מר. און מרס. יוסף בערמאַן אין תל־אָביב, ווען זיי זיינען געפאָרן קיין ירושלים צום אוניווערזיטעט שליסן דעם אָפּמאַך, וואָס באַטרעפט צענדליקער טויזנט דאָלאַר. שפּעטער האָט אונז פריינט בערמאַן אינפאָרמירט, אַז דער אוניווערזיטעט האָט באַשטימט אָנצורופן דעם

דערמאָנטן „אויסשטעלונגס־האַל״ אויפן נאָמען פון זייער זון און די צוויי קינדער ע״ה. אַזוי אַרום איז דער העברעאישער אוניווערזיטעט באַרייכערט געוואָרן מיט נאָך אַ נייער אָפּטיילונג, פון זייער גרויסער וויכטיקייט, און וועט דינען דעם צוועק צו דעמאָנסטרירן אַלע ווייטערע וויסנשאַפטלעכע און פאָרשונגס דער־גרייכונגען אין דעם דערמאָנטן „אולם לתערוכות״. דאָס פאַרגרעסערט דעם אַלגעמיינעם בייטראָג פון די קאַנאַדער אידן צום העברעאישן אוניווערזיטעט, מר. בערמאַן איז באַזונדערס געווען פאַראינטערעסירט אין אַזאַ גרויס קאַלי־בערדיקער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוציע, ווי דער העברעאישער אוניווערזי־טעט, וועלכער איז דער סימבאָל פון אונזער קולטור־שאַפונג אין די לעצטע פערציק יאָר.

וועגן דעם בייטראָג האָט מר. אַלאַן בראַנפמאַן, פּרעזידענט פון די פריינט פון העברעאישן אוניווערזיטעט אַרויסגעגעבן באַזונדער ערקלערונג.

די מתנה פון די מאָנטריאָלער בערמאַנס האָט דערמעגלעכט צו שאַפן דעם דערמאָנטן „אויסשטעלונגס־האַל״ אין דער אידישער נאַציאָנאַלער און אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק, און וועט דינען אַלס אייביקער זכרון פון דעם אומגליקס־צופאַל אין דער בערמאַן משפחה.

די זייער ווערטפולע ביכער און ווערק וואָס וועלן דאָרט אויסגעש־טעלט ווערן, די אַרטיסטישע אויסאַרבעטונגען און אַרכעאָלאָגישע אויסגראָ־בונגען וועלן דינען, ווי אַן אָפענע געשיכטע פון אונזער פאָלקס־קולטור און אונזער גייסטיקן פאַרמעגן אין מדינת ישראל.

אויסער דעם בייטראָג צום אוניווערזיטעט, האָט יוסף בערמאַן געשאַפן אויך אַ קולטורעלן ווינקעלע, וואָס רופט זיך „בית בערמאַן״ אין תל־אביב, און דינט אַלס צענטער פון תנ״ך לעקציעס, ליטעראַרישע דיסקוסיעס און אָפּהאַנד־לונגען, און בכלל אַלץ, וואָס וואָרצלט אין אונזער אידישן טראַדיציאָנעלן און נאַציאָנאַלן לעבן. אין דעם „בית בערמאַן״ קומען פאָר טעגלעכע שיעורים וועגן די נביאים, דעבאַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס, און עס איז געוואָרן קולטור „בזעיר אַנפּין״.

דר. ה. וויצמאַנס מעמאָריאַל ביאָלאָגיע לאַבאָראַטאָריעס, וואו מען פאָרשט די סודות פון לעבן זענען באַזונדערס וויכטיג. די הדסה האָט אויך געשאַפן אַ צאָל סקאָלערשיפּס און פעלאָושיפּס פאַר וויסנשאַפט, וואָס דערנענטערט ישראל צו קאַנאַדע. דאָס דערמוטיגט פיל געלערנטע און פאָרשער זיך אָפּצוגעבן מיט זייערע ענטשפּרעכנדע געביטן, און דינען נוצ־לעך פאַר ביידע לענדער, קאַנאַדע און ישראל.

סומירנדיק די ראָל פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, זעט מען, אַז ער האָט דריי הויפּט אויפגאַבן און צילן: דינען דער מענטשלעכקייט דורך פאַר־שפרייטן מער וויסנשאַפט; דינען מדינת ישראל דורך פאַרגרעסערן די צאָל פון פאָרשער און פראָפעסיאָנאַלן: טריינירן די צוקונפטיקע פירער און פאַר־

שנעלערן דעם פּראָצעס פון ענטוויקלונג. דער אוניווערזיטעט העלפט דעפינירן אידישע ווערטן און קולטור־אוצרות, און רעגט אָן צו ווייטערע שאַפונגען און אויסברייטערונג פון דער העברעאישער קולטור.

מען זעט שוין די היבשע רעאַליזירונג פון חלום וואָס ערשט אין יאָר 1897, האָט פּראָפעסאָר הערמאַן שאַפּיראָ אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל דערמאָנט די אידייע פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, הגם ער האָט אַליין ניט פאָראויסגעזען די אַלע ווייטערע פּערספּעקטיוון און עטאַפּן, וואָס דער אוניווערזיטעט וועט דורכמאַכן.

עס איז געווען דר. חיים וויצמאַן, דר. שמריהו לעווין און פיל אַנדערע זיילן פון אונזער רענעסאַנס־עפּאָכע, וועלכע האָבן מיט 68 יאָר צוריק פאַרשטאַנען, ווי וויכטיק עס איז צו שאַפן אַזאַ העברעאישן אוניווערזיטעט, און די אידייע איז באמת פאַרווירקלעכט געוואָרן צום שטאָלץ פון די טרוימער און צום שבח פון גאַנצן אידישן פאָלק.

נײַן און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# דער טעכניאָן אין חיפה

**דער וואוקס פון דעם טעכניאָן אין חיפה במשך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט פון זיין עקזיסטענץ, און הויפּט־זעכלעך זינט עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן מדינת ישראל. — דער טעכניאָן, אַלס „שפּיגל" פון ישראל'ס טעכנאָלאָגישן פּראָגרעס, און אַלס הויפּט־אינסטרומענט פונם אויפבוי פון טויזנטער הייזער און רעגירונגס־אינסטיטוציעס. — די „פרוכט" פון טעכניאָן אין טאָג־טעגליכן לעבן.**

אויבערפלעכלעך גענומען, איז דער העברעאישער אוניווערזיטעט דער „כהן גדול" צווישן די הויך־שולן אין ישראל. דאָרט האַנדלט זיך וועגן געזונט־הייטס־ענינים, וועגן הויכער וויסנשאַפט, פאָרשונג, ווי צו פאַרלענגערן דעם מענטשלעכן לעבן אויף דער ערד, און סתם וועגן היינטצייטיקע שווערע פּראָבלעמען, דאַריבער איז דער העברעאישער אוניווערזיטעט אפשר דער וויכטיקסטער מוסד, אָן וועלכן די יונגע אידישע מדינה וואָלט דוכט זיך ניט געקענט עקזיסטירן.

וויל מען אָבער טיפער אַריינבליקן אין קיום פון מדינת ישראל, און ניט טראַכטן אין צו הויכע און צו ווייטע טערמינען, זעט מען, אַז דער טעכניאָן איז געווען דאָס טעגלעכע „ברויט" פון דעם ישוב, און אַז אַ דאַנק זיין לייסטונג אין דער פריערדיקער פּאַלעסטינע, און דער היינטיגער מדינת ישראל איז זי געוואָרן אַ לאַנד אַ דאַנק דער גרויסער הילף פון דעם טעכניאָן, וועלכער האָט זיך לאַנג געראַנגעלט פאַר זיין קיום, סטאַטוס, פאַרנעם און פּאָזיציע, ביז ער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס דער באַרימטער „ישראל'ס טעכנאָלאָגישער אינ־סטיטוט" אין חיפה.

אַריינקוקנדיק אין דער „מעטריקע" פון טעכניאָן, זעט מען, אַז ער איז דער עלטסטער צווישן די הויכשולן אין ישראל, עלטער אפילו פון דער אַגרי־קולטור פאָרשונג סטאַנציע פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג. אמת, די אידייע פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט איז אפשר עלטער, ד.ה. לויט דער מחשבה און לויט דער וויזיע פון די גרעסטע אַרכיטעקטן פון דער צוקונפטיקער מדינת ישראל. דער טעכניאָן איז אָבער פאַקטיש געשאַפן געוואָרן מיט 13 יאָר פריער נעמלעך אין יאָר 1912, ווען פּאַלעסטינע איז נאָך געווען אונטער דער הער־שאַפט פון טערקיי, און ציוניזם איז בלויז געווען אַן אידייע...

נאָכמער: אידישע איינוואוינער פון דער דאַמאָלסדיקער פּאַלעסטינע

האָבן אפילו פּראָטעסטירט און אַרויסגעוויזן אַ קעגנערשאַפט צום טעכניקום, טענה'נדיק אַז אויב דאָס לאַנד דאַרף האָבן עטלעכע געציילטע טעכניקער, אָדער אינזשיניערן — צי לוינט זיך צוליב די עטלעכע מענטשן בויען אַ טעכניקום און מאַכן אַזעלכע גרויסע אויסגאַבן, וואָס וועלן פאַראורזאַכן נייע שטייערן? די דאָזיקע „חכמים" האָבן געזאָגט, אַז עס וועט קאָסטן פיל ביליקער צו שיקן אַ צאָל יונגעלייט שטודירן אין אויסלאַנד אַלס אינזשיניערן און טעכנאָלאָגן, איידער עפענען אַן אייגענעם טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט...

גליקלעכערוויז האָט זייער שטאַנד־פּונקט ניט געזיגט, און הגם דער שוואַכער אָנפאַנג פון טעכניקום האָט זיך געצויגן ביזן יאָר 1924, איז אָבער דער באַשלוס צו שאַפן אַזאַ טעכניקום, פאַרבליבן אַקטועל 12 יאָר ביז אין יאָר 1924, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען נאָרמאַל צו פונקציאָנירן. עס האָט זיך דערנענטערט די דאַטע פון עפענען דעם העברעאישן אוניווערזיטעט (1925), און דאָס האָט געשטויסן די עסקנים פון טעכניאָן צו ברענגען אין באַוועגונג דעם אַפּאַראַט פון טעכנישער אויסבילדונג פון יוגנטלעכע, אין וועלכער דער ישוב האָט גענומען פילן אַלץ אַ גרעסערע נויט און באַדערפעניש. דער ערשטער וועלט־קריג האָט געבראַכט אַ געוויסע אימיגראַציע קיין פּאַלעסטינע, כאָטש דער ענין פון סערטיפיקאַטן איז געווען היבשלעך שווער. די ענגלישע מאַנדאַט־מאַכט האָט געהאַלטן אַ שלאָס אויף די טויערן פון ארץ ישראל. עס האָט זיך דערפילט אַ שטאַרקע ענדערונג אין די סענטימענטן פון די תושבים, ספּעציעל ביי די נייע חלוצים און פאַרמעגלעכע אידן, וואָס האָבן יאָ געקענט דאַן אַריינקומען קיין פּאַלעסטינע, אויב זיי האָבן געהאַט פינף טויזנט דאָלאַר צו באַווייזן. דאָס לאַנד האָט אָבער געפאָדערט טעכנישע הילף; עס זיינען ניט געווען קיין הייזער, קיינע אינדוסטריעס; דער ישוב האָט פּשוט ניט געקענט אָטעמען פריי, צוליבן מאַנגל פון די סאַמע עלעמענטאַרסטע לעבנס באַדינגונגען. דער טעכניקום איז געוואָרן דער „רעטונגס־אַנקער" פון דעם ישוב, וואָס האָט דערשמעקט די נייע לופט און די גרעסערע מעגלעכקייטן צו ענטוויקלען אַ מער ציוויליזירטן און קולטורעלן לעבן.

דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז דער אָרימער און לכתחילה שוואַכער טעכניקום איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גראַנדיעזן אינסטרומענט פון „טאָג־טעגלעכן" געברויך. דער פּרעסטיזש פון טעכניקום איז געוואַקסן פון חודש צו חודש. דער נאָמען טעכניקום איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טעכניאָן, ביז דעם היינטיקן נאָמען דער „ישראל טעכנאָלאָגישער אינסטיטוט". וואָס איז דער העכסטער גראַד פון אויסבילדונג פון אינזשיניערן־פאַכלייט, און ספּעציאַליסטען. מיט זייער וויסנשאַפט און כוח האָט זיך די מדינה געבויט, זינט זי איז פּראָקלאַמירט געוואָרן.

מען קאָן זאָגן, אַז פּאַראַלעל צום וואוקס, און דערפאָלג פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט איז אויך געוואַקסן און געשטיגן אין פּרעסטיזש דער טעכניאָן, וועלכער האָט גענומען ערנסט אַרבעטן תיכף נאָך דער באַפרייאונג פון

פּאַלעסטינע פון דער אָטאָמאַנישער הערשאַפט, און הויפּזעכליך נאָך דער פּראָק־לאַמירונג פון דער מדינה.

דער טעכניאָן האָט געהאַט זיין באַזונדערן מזל: אויב דער העברעאישער אוניווערזיטעט האָט מיטן סוף פון צווייטען וועלט־קריג פאַרלוירן זיין היים, ווייל דער הר הצופים איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער ישראל טעריטאָריע, און זיך געדאַרפט צוליב דעם עטלעכע יאָר וואַלגערן אין פרעמדע געביידעס און אומבאַקוועמע באַדינגונגען, — האָט דער טעכניאָן אין חיפה אַזאַ גילגול אויס־געמיטן... דער אוניווערזיטעט האָט זיך געדאַרפט „איבערשאַפן" אויף זיין נייעם קעמפּוס אין גבעת רם, אָבער דער טעכניאָן האָט געהאַט זיין פּערמאַנענטן פּלאַץ אין חיפה. דאָס איינציקע וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן, איז אויסברייטערן די טעריטאָריע, צוגרייטן מער באָדן, בויען נייע בנינים, אָבער אַלץ אַרום דער זעלבער נקודה, וואָס איז לכתחילה געוואָרן דער זיץ־פּלאַץ פון דעם טעכניאָן, בעת דער נייער מעדיצינישער צענטער פון העברעאישן אוניווערזיטעט, געבויט פון דער הדסה אָרגאַניזאַציע, איז געעפנט געוואָרן אין עין כרם, ביי ירושלים.

די פּאָזיציע פון טעכניאָן איז כישוף׳דיג־צויבערנד פאַרן אויג. ווען מען שטייט אויפן הדר הכרמל שפּרייט זיך אויס אַ פּרעכטיגע פּאַנאָראַמע און מען בלייבט ווי פאַר׳חלומט, באַצויבערט, פאַר׳כישופט! אַזאַ בילד, קאָן מען ניט זען אין קיין אַנדער לאַנד אויף דער וועלט. קומען דאָן אויפן רעיון די שווערע חבלי לידה פון דעם טעכניאָן, ווי אַזוי ער האָט אין דער ערשטער צייט געבלאָנ־דזשעט, סיי אין ציל און סיי אין דער פאָרם. פּונקט ווי אין העברעאישן אוני־



דער „טשוירטשיל אוידאָטאָריום" פון דעם טעכניאָן אין חיפה

ווערזיטעט איז געווען אַ שקלא וטריא, אין וועלכער שפּראַך מען זאָל לערנען, — דייטש, ענגליש, אָדער העברעאיש? דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די ערשטע פּיאָנערן פון טעכניאָן זיינען געווען דייטשע יאָהודים, ווי, למשל, דר. פּאָול נתן, אַ געבוירענער אין בערלין, איינער פון די אָנפירער פון דעם אַמאָל גוט באַקאַנטן „הילפס פּאַראיין דער דויטשען יודען". ער האָט אַריינבאַקומען אין יאָר 1908 די ערשטע 100 טויזנט רובל פון די יורשים פון קלונימוס זאב וויסאָצקי, באַרימטן טיי פאַבריקאַנט אין מאָסקווע, פאַרן צוועק אויפצובויען אַ טעכניקום אין פּאַלעסטינע. קורץ נאָכדעם איז געקומען אַ נייער בייטראַג פון דעם באַקאַנטן אַמעריקאַנער פילאַנטראָפּ יעקב שיף 100,000 דאָלאַר. די געלטער זיינען געגעבן געוואָרן צו דער געזעלשאַפט „עזרה" מיטן פּלאַן אויפצובויען אַ טעכניאָן אויף דעם באָדן פון קרן קימת לישראל, און דאָס האָט געפירט צו ווייטערע מעשים. אין יאָר 1912 איז שוין געלייגט געוואָרן דער ווינקלשטיין פון דעם טעכניאָן אויפן הר הכרמל, און קורץ נאָכדעם איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע העברעאישע שכונה אין חיפה. דער גאַנצער פּלאַן פון טעכניאָן איז געמאַכט געוואָרן פון דעם אידיש־דייטשן אַרכיטעקט, אַלעקסאַנדער בערוואַלד, פון בערלין, און די אַרכיטעקטור האָט אָנגענומען אַ מין „דואַליסטישען" כאַראַקטער, ד.ה. אַ געמיש פון דער מערב אייראָפּעאישער בוי־קונסט און דער אָטאָמאַניש־אָריענטאַלישער. דר. שמריהו לעווין איז דאַן באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט פון טעכניאָן־קוראַטאָריום.

די מלחמה אומשטענדן האָבן ניט משנה מקום געווען דעם טעכניאָן. אָבער צרות האָבן זיי פאַראורזאַכט. דער בילדינג איז אָוועקגענומען געוואָרן פון די טערקן אַלס האָספּיטאַל אין דעם ערשטן וועלט־קריג. כאָטש ער איז נאָך ניט געווען קאָמפּליט פערטיק. שפּעטער, ווען די ענגלענדער האָבן פאַרטריבן די טערקן, האָבן זיי אָנגעהאַלטן דעם בנין אַלס מיליטערישן שפּיטאָל. נאָכן סוף פון דעם ערשטן וועלט־קריג, האָט דער טעכניאָן אויסגעקויפט די אַלע אָנגעבויטע בנינים פון דער פריערדיקער געזעלשאַפט „עזרה", מיט דער הילף פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט איבערגענומען אויף זיך די זאָרג פאַר דעם טעכניאָן.

דער קרן היסוד האָט אויסגעפּאַרטיקט די נויטיקע בנינים, און דעם 6־טן פעברואַר 1925 האָט סער אַלפרעד מאָנד (דער שפּעטערער לאָרד מעלטשעט) אָפיציעל געעפנט דעם באַנייטן טעכניאָן, אַלס דער פירער פון דער אינסטיטוציע. דער ערשטער עקזעקוטיוו־אינזשיניער איז געווען אַרטור בראַק, פון לאָנדאָן, שפּעטער האָבן זיך די פיגורן געביטן, און זינט דעם יאָר 1951 איז גענעראַל יעקב דורי, געוועזענער הויפּט קאָמאַנדיר פון דער ישראל אַרמיי דער פאַקטישער בעל דעה.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך די פיזיאָנאָמיע פון טעכניאָן אויסגעקלאָרט: ער איז געוואָרן דער העכסטער טעכנאָלאָגישער אַנשטאַלט אין ישראל. אין זיינע פונקציעס זיינען אַריין — פּראָבלעמען פון אויסטריקענען זומפּיקע

באַדנס, דורכפירן וואַסער אָפּעראַציעס, דורכשניידן נייע וועגן, שאָסייען, און הויפּטזעכלעך בויען וויכטיקע הייזער, סיי פאַר רעגירונגס־צוועקן און סיי פאַר פּריוואַטע אונטערנעמונגען. פיל האָבן אַרויסגעהאָלפן די כעמישע און פיזישע לאַבאָראַטאָריעס, וואָס זיינען נאָך געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1935. שפּעטער זיינען צוגעקומען עלעקטראָ־טעכנישע אַנשטאַלטן, מאַשין־בוי־אָפּטיילונגען, און ביסלעכווייז האָט דער טעכניאָן געוואונען אַלץ מער און מער באַדן און באַ־רעכטיקונג פאַר זיין עקזיסטענץ. היינט זיינען שוין אפילו פאַראַן עראָנאָטיק און אַגריקולטור־ אינזשינירונג־אָפּטיילונגען און די וויסנשאַפט האָט פאַרוואַנ־דעלט דעם מוסד אין גרעסטן טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט אויפן גאַנצן נאָענטן מזרח.

מיט אַרום 8 יאָר צוריק האָט דער טעכניאָן נאָך געציילט זעקס פאַקול־טעטן, וואָס האָבן געהאַט איבער 20 אָפּטיילונגען: אַרכיטעקטור — מיט צוויי אָפּטיילונגען — פאַר פּלאַנירן שטעט און אויסבילדן אַרכיטעקטן; מאַשין־בוי פאַקולטעט מיט 3 באַזונדערע אָפּטיילונגען; עלעקטראָ־טעכנישער פאַקולטעט, מיט צוויי אָפּטיילונגען פאַר עלעקטראָניקס און טעלע־קאָמוניקאַציע; וויסנ־שאַפטלעכער פאַקולטעט מיט פינף אָפּטיילונגען — מאַטעמאַטיק, פיזיק, כעמיע, און געאָלאָגיע; טעכנאָלאָגיש־כעמישער פאַקולטעט — מיט פיר אָפּטיילונגען. אויסער דעם אַלעמען זיינען פאַראַן: אָפּטיילונג פאַר אַגריקולטור אינזשינירינג און עראָנאָטיק אינזשינירינג.

נאַטירלעך האָבן די פאַרשיידענע צווייגן פון וויסנשאַפט געפאָדערט אַ גרויסע צאָל לאַבאָראַטאָריעס, ווי פאַר בוי־מאַטעריאַלן, הידראָלישע עקספּערי־מענטן, הידראָ־טעכנישע פאָרשונגס־אַרבעט וועגן דעם באָדן, עלעקטראָניקס, מאַשין־פאָרשונג, אַלגעמיינע כעמיע און אָרגאַנישע כעמיע, צופּאַסן פאַרשיידענע אינסטרומענטן, וואָס מען נוצט ביים בויען, אַ באַזונדער געאָדעזישער אינסטי־טוט, אַ אינסטיטוט פאַר וועטער־פאָרשונג און קלימאַטישע באַדינגונגען, און צו דעם אַלעמען אַ ריי ווערקשטאַטן פאַר שמידעריי, שלאָסעריי, סטאָלעריי, עלעקטרישע סטאַנציעס און אַז. וו.

מיר האָבן באַזוכט אַ ריי לאַבאָראַטאָריעס, און געזען ווי גרויס דער אַפּאַראַט פון טעכניאָן איז און ווי פאַרצווייגט די פאַרשידענע אָפּטיילונגען זיינען.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט ער אַ ריזיקע ביבליאָטעק, וואו מיר האָבן געזען זייער פיל ספרים און ווערק, אויך מאַנוסקריפּטן און צייט־מעסיקע אויסגאַבעס אויף אַלע געביטן פון טעכניק. מיט דער ביבליאָטעק באַנוצן זיך נאַטירלעך מערסטנס די וויסנשאַפטלער און סטודענטן פון טעכניאָן פאַר זייערע לימודים. דער טעכניאָן האָט אַליין שוין אויך אַרויס־געגעבן פאַרשידענע לערן־ביכער, וויסנשאַפטלעכע זאַמלונגען אאַ״וו.

אויף אונזער פראַגע, ווי גרויס איז דער סטעף פון טעכניאָן, האָט קאַרל אַלפּערט אינפאָרמירט, אַז דער טעכניאָן האָט שוין דעם סטאַטוס פון

אַן אוניווערזיטעט, און קנאַפּע 500 פּערזאָן ציילט דער לערער סטעף, פון זיי איבער 350 פּערמאַנענטע לעקטאָרן. די צאָל סטודענטן גרייכט שוין צו פיר טויזנט. ווען מען דערמאָנט זיך, אַז בעת דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה זיינען בסך הכּל געווען אַ 85 לערער, און סטודענטן ווייניקער פון אַ 700 און אַז דורך דער קורצער צייט איז כּמעט פאַרפּירפאַכט געוואָרן דער גאַנצער היקף און פאַרנעם פון טעכניאָן, מערקט מען זיין קאָלאָסאַלן שוואונג. ער גיט אַרויס דיגריס פון בעטשלאָרס, מאַסטער דיגריס, דאָקטאָר־טיטולן, און האָט שוין פולע 12 פאַקולטעטן און אָפּטיילונגען, וואָס דעקן די וויכטיקסטע געביטן פון וויסנשאַפט און טעכנאָלאָגיע. איבער אַ העלפט פון אַלע ישראל אינזשיניערן זיינען גראַדואירטע פון טעכניאָן. די נייע צאָל סטודענטן פון יאָר גרייכט שוין 4000 דאַרונטער אַרום 1500 שוין גראַדואירטע, וואָס זוכן השלמה אין טעכניאָן, אויך אַרום 1000 סטודענטן פון די אַפיליאירטע טעכנישע מיטל־שולן. דער טעכניאָן האָט אַרום פיר טויזנט עקסטענשאָן קורסן.

דאָס האָט געצוואונגען צו אַריבערפירן דעם טעכניאָן אויף דעם נייעם גרויסן קעמפּוס פון 300 אַקער לאַנד. דער פּלאַץ רופט זיך איצט „טעכניאָן סיטי" אויפן הר הכּרמל, וואו מער ווי די העלפט סטודענטן אַרבעט שוין ענערגיש ביי ריסוירטש, וואָס האָט זיך ערנסט אָנגעפאַנגען מיט 12 יאָר צוריק, און גייט אָן מיט'ן גרעסטן שוואונג.

דרייסיקסטער קאַפּיטל

# „קירית הטכניון״

**דער וויסנשאַפטלעכער פּעסטונג פון מדינת ישראל. — די נייע בנינים פון טעכניאָן. — די חשיבות פון די באַרימטע פּראָפעסאָרן און פון'ם נייעם „סענאַט הויז״. — כיבודים און ערן דיגרים, וועלכע דער טעכניאָן טיילט אויס און וואָס עס פעלט נאָך אין אים.**

באַוואונדערנדיק דעם כסדר'דיקן וואוקס פון טעכניאָן אין חיפה, די גרעסטע וויסנשאַפטלעכע קערפּערשאַפט פאַר טעכנאָלאָגיע אין מדינת ישראל, זעט מען, אַז דער טעכניאָן האָט כסדר, הגם זעהר לאַנגזאַם פאַרצייכנט מיילשטיינער אויף זיין וועג. פאַר די לעצטע פופציק יאָר איז ער אויסגעוואַקסן אין אַ מעכטיקן קוואַל פון טעכנישער וויסנשאַפט, וואָס ענטוויקלט זיך פּאַראַלעל צו אונזער צייט און די פאָדערונגען, וואָס די אַלגעמיינע וויסנשאַפט וואַרפט אַרויף אויף אַלע יונגע מדינות, וועלכע האָבן נאָך ניט קיין לאַנגן רעקאָרד פון זעלבסטשטענדיקייט און עקזיסטענץ. פון איין איינציגער געביידע איז אויסגעוואַקסן אַ „קירית הטכניון״, אַ גאַנצע שטאָט, וואָס וועט נאָך וואַקסן און שטייגן מיטן לויף פון יאָרן און מיטן פּראָגרעס פון טעכנאָלאָגישער וויסנשאַפט. די 120 דונאַם באָדן, וואָס דער טעכניאָן פאַרנעמט אויפן הר הכרמל, זיינען שוין פיל צו ווייניק. עקספּאַנסיע וועט זיך פאָדערן פון יאָר צו יאָר. אויך די שכונה „נוה שאנן״ וועט זיך פאַרגרעסערן, ווייל די צאָל סטודענטן אויף די פאַרשידענע פאַקולטעטן שטייגט אַלץ מער און מער, האָט ערקלערט דער דירעקטאָר פון פּאַבליק רילײשאַנס מר. קאַרל אַלפּערט.

די וויסנשאַפט פאָדערט אַלץ מער נייערע און גרעסערע לאַבאָראַטאָריעס, פאָרשונגס אָפּטיילונגען פאַר וויסנשאַפטלער פון העכערן קאַליבער, אַ מער אויסגעברייטערטע ביבליאָטעק, מער דאָרמיטאָריס, וועלכע טראָגן דעם נאָמען פון ווינסטאָן טשורטשיל. די נייע בנינים פון דער צענטראַלער ביבליאָטעק צוזאַמען מיט געוויסע רעגירונגס בילדונגס וועלכע דינען אַלס פאָרום פון דעם גרויסן צענטער „קירית הטכניון״, זיינען שוין אינגאַנצן פאַרטיק. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז זיי האָבן פאַרשלונגען די סומע פון 20 מיליאָן דאָלאַר.

אויף אונזער פראַגע, ווער האָט געגעבן דאָס געלט, האָט ער אונז דערקלערט, אַז אַ העלפט איז צוגעזאָגט געוואָרן פון פאַרשיידענע אגודות פון פריינט פון טעכניאָן אין די תפוצות, און פופציק פּראָצענט דעקט די ישראל רעגירונג אַליין...

דער פּרעסטיזש פון טעכניאָן איז געוואַקסן הויך: ער האָט שוין לאַנג אויסגעטיילט אַ צאָל ערן־דיפּלאָמען צו זייער וויכטיקע ישראל־פירער, און צו גרויסע וויסנשאַפטלער פון אַנדערע לענדער. אַן ערן־דיפּלאָם פון טעכניאָן ווערט אָנערקענט אַלס גרויסער כבוד, צוגלייך מיט די גרעסטע אוניווערזיטעטן פון אונזער צייט. אַזוי, למשל, האָט שוין באַקומען אַן ערן דיגרי ביי אַ גראַדואיישאָן צערעמאָניע פון טעכניאָן, דער גרינדער און הויפּט אַרכיטעקט פון מדינת ישראל, דוד בן גוריון. ער איז באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ טיטול, „דאָקטאָר פון אַרכיטעקטור" אין דער אָנוועזנהייט פון מיניסטאָרן, אָנערקענטע וויסנשאַפטלער און איבער צוויי טויזנט געסט פון ישראל און אויסלאַנד. ביי דער זעלבער קאָנוואָקאַציע האָבן באַקומען זייערע דעפּלאָמען 556 בעטשלאָרס אָוו סייענס, אינזשיניערן, מאַסטער־דיגריס און דאָקטאָרס אָוו סייענס און אינזשינירונג. דער עקטינג פּרעזידענט פון טעכניאָן, פּראָפעסאָר דוד גינזבורג האָט אין זיין רעדע באַטאָנט, אַז די גראַדואירטע זאָלן ניט באַטראַכטן דעם דיפּלאָם, אַלס „סמיכה", וואָס מיינט, אַז זיי זיינען שוין פאַרטיק מיט זייער שטודיום... ער האָט אונטערשטראָכן אַז דאָס איז מער אַן התחלה פון לערנען, ווי אַ סוף... ישראל נויטיקט זיך זייער שטאַרק אין טעכנישער וויסנשאַפט. און די ליבע צום לאַנד פאָדערט פון זיי ווייטערן שטודיום־המשך, כדי צו קאָנען לייסטן לטובת המדינה. נאָך דער ערקלערונג פון פּראָפעסאָר דוד גינזבורג, האָט בן גוריון, באַקומענדיק זיין ערן־דיפּלאָם, געענטפערט, אַז מדינת ישראל טראָגט אין זיך אחריות פון דער גייסטיקער ירושה פון אונזער פאָלק און דעם משיחישן מעסעדזש וואָס איז אונז געגעבן געוואָרן זינט די אַמאָליקע נביאישע צייטן. ער האָט דערמאָנט יענע נביאותן, וואָס זיינען שוין מקויים געוואָרן, און יענע וואָס וואַרטן נאָך אויף זייער רעאַליזירונג... עס איז געווען אַ היסטאָרישע רעדע, וועלכע דער טעכניאָן וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, האָט מען אונז אינפאָרמירט מיט ענטוזיאַזם.

אין דער איצטיקער פירערשאַפט פון טעכניאָן איז מר. א. גאָלדבערג דער פאָרזיצער פון דער באָארד, נאָך ריכטער משה לאנדאו, וועלכער האָט באַקליידט דעם אַמט במשך פון 6 יאָר. וויס פּרעזידענט איז פּראָפ. וו. רעזניק אַלס הויפּט פון ריסוירטש דעפּאַרטמענט, און פּראָפ. ה. האנאני איז וויס פּרעזידענט פון דעפּאַרטמענט פון אַקאַדעמישע אָנגעלעגנהייטן.

רעדענדיק מיט'ן דירעקטאָר וועגן דעם פינאַנציעלן מצב פון טעכניאָן האָט ער אונז דערקלערט, אַז די הוצאות ווייזן אַ דעפיציט פון אַ פּאָר מיליאָן פונט, וואָס דאָס מיינט זייער אַסך! דאָס איז צוליב די פאַרגרעסערטע אויסגאַבן אויף שפּייז און רוי מאַטעריאַלן, וואָס פאָדערן זיך פאַר דער אַרבעט פון טעכניאָן. עס ווערט ערוואַרט אַז די ישראל רעגירונג וועט געבן אַ באַדייטענדע צוגאָב הוספה צום בודזשעט וואָס דערגרייכט צו אַרום 17 מיליאָן פונט.

נאַטירלעך גייען די גרעסערע סומען פאַר'ן ווייטערן ענטוויקלונגס־

פּראָצעס פון טעכניאָן. די קירית הטכניון באָארד האָט שוין באַשטימט אויף דעם נייעם יאָר 12 מיליאָן פונט אויסגאַבן, דערוואַרטנדיק פון דער ישראל רעגירונג אַ באַדייטנדע סומע, און ספּעציעל פון דער אַמעריקאַנער טעכניאָן סאָסייעטי. דאָס מיינט אויך, אַז די קאַנאַדער פריינט פון טעכניאָן וועלן קומען מיט זייערע הילפס מיטלען. אַ גרויסע פּאָזיציע פון הוצאות איז געווען דאָס אַריבערציען דעם קעמפּוס פון הר הכרמל צו דער „טעכניאָן סיטי״, וועגן וואָס מען האָט אונז אינפאָרמירט בעת אונזער באַזוך אין טעכניאָן אין חיפה.

מיר האָבן געזען די פּלענער פון דער נייער צענטראַלער ביבליאָטעק געביידע, צענטראַלן רעסטאָראַן, סענאַט הויז און די מעכאַנישע אינזשענירונג בילדונג. די אַגריקולטור — אינזשענירונג בילדינג. די אַדמיניסטראַציע פון טעכניאָן האָט אָנגעפאַנגען בויען אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר אינדוסטריעלער מיקראָביאָלאָגיע, הגם דאָס פאָדערט גאָר גרויסע באַזונדערע פאָנדן... אויסער דעם האָט די באָארד רעקאָמענדירט — אויפצובויען אַ דזשוניאָר טעכניקאַל קאָלעדזש אין חיפה, נוצנדיק דערווייל די קאַנאַף בילדינג אין טעכניאָן סיטי, אַלס אָנפאַנג, און שפּעטער וועט געבויט ווערן אַ באַזונדערער צאָל בילדינגס פאַר'ן דזשוניאָר קאָלעדזש. לויט ווי מען האָט אונז ערקלערט, וועלן די דאָזיקע אויסגאַבן ניט באַלאַסטן צו פיל דעם אַלגעמיינעם בודזשעט פון טעכניאָן.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם „סענאַט הויז״ זיינען די געלטער געקומען פון דער ענגלישער, אָדער בריטישער טעכניאָן סאָסייטי. דאָס דערמאָנטע סענאַט הויז וועט זיין אַ מאָנומענט נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם סער לואיס סטערלינג, און די געביידע וועט זיך געפינען לעבן דעם בנין אויפ'ן נאָמען פון ווינסטאָן טשוירטשיל. דער אינזשיניר פון די צוויי בנינים — טשוירטשיל אודיטאָריום און סענאַט הויז — איז דער באַרימטער ישראל אַרכיטעקט א. שרון.

די צענטראַלע ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון קאָל. דזשיי. אליאשר, וועלכער איז באַקאַנט אין ישראל אַלס „מר. טעכניאָן״ איז שוין אויך כמעט פאַרטיג. מר. אליאשר האָט אין אַמעריקע פיל אויפגעטאָן לטובת דעם טעכניאָן. ער האָט געשאַפן אַ גרעסערע צאָל סקאָלערשיפּס פאַר סטודענטן פון די אָריענטאַלישע לענדער און קלענערע קיבוצים. מיר האָבן געוואָלט וויסן, וויפיל אומגעפער ביכער האָט די טעכניאָן ביבליאָטעק אין דעם גרויסן אַלטן בנין אויפן הדר הכרמל. דער ענטפער איז געווען, אַז זי פאַרמאָגט איבער הונדערט טויזנט ביכער, און דאָס איז די גרעסטע ביכער זאַמלונג פון וויסנשאַפט און טעכנאָלאָגישער פאָרשונג. זי שטעלט צו מאַטעריאַל און זשורנאַלן צו איבער טויזנט אויסגאַבעס אויפן געביט פון טעכנאָלאָגיע איבער דעם גאַנצן ערד־קוגעל.

— וואָס נאָך וואָלט איר געוואָלט אונז מיטטיילן וועגן טעכניאָן? האָבן מיר געפרעגט דעם דירעקטאָר, נאָכן באַזוכן אַ גרויסע צאָל בילדינגס אָפּטיילונגען, לאַבאָראַטאָריעס, וואָס האָט אונז שוין אַגב געמאַכט היבש מיד.

— מען דאַרף באַמערקן די טעטיקייט פון דער הלל פאַנדיישאַן ביים טעכניאָן, וועלכע פירט נאָרמאַלע אַרבעט אויפן קעמפּוס אין דער טעכניאָן סיטי. פּראָפעסאָר ס. אירמעי, וועלכער איז דער עקטינג וויס פּרעזידענט פון טעכניאָן האָט שטאַרק באַגריסט די אינציאַטיוו פון דער הלל פאַנדיישאַן אַרבייט. אַגב איז פּראָפ. שרגא אימרעי פון דער הידראַלישער סטאַנציע אין טעכניאָן, באַשטימט געוואָרן לעצטנס אַלס קאָרעספּאָנדינג מיטגליד פון דער בעלגישער קעניגלעכער וויסנשאַפט אַקאַדעמיע מעבר לים, אַ קער־פּערשאַפט, וואָס באַשטייט ניט מער פון 25 מיטגלידער פון דער גאַנצער וועלט.

שמועסנדיק אין טעכניאָן צו אַ גרופּע סטודענטן אין דער פּרעכטיקער קאַפעטעריע, האָבן זיי אונז איבערגעגעבן, אַז 2,000 אַנדערגראַדואייט סטודענטן פון טעכניאָן האָבן פרייוויליק געגעבן זייער אַרבעט במשך פון 5,000 אַרבעטס טעג, כדי צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר דעם נייעם מוניציפּאַלן ספּאָרט־סטאַדיום אין נוה שאנן, אַ שטח, וואָס מאַכט מעגלעך אַריינצונעמען צוואַנציק טויזנט פּערזאָן אין דעם סטאַדיום. די סטודענטן האָבן געאַרבעט איבער אַ יאָר לויט'ן באַשלוס פון דער סטודענטן אַסאָסיאַיישאַן. דער נייער סטאַדיום געפינט זיך אין דעם טאָל צווישן דער קירית הטכניון און נוה שאנן געגענט פון חיפה און האָט אַלע גרויסע ספּאָרט אָפּטיילונגען. יעדער סטודענט איז באַפרייט געוואָרן אויף דריי טעג צייט, כדי צו העלפן אין דער צוגרייטונג פון באָדן פאַר דעם נייעם בילדינג. יעדע גרופּע האָט געהאַט אַרום 5 הונדערט סטודענטן, און זיי האָבן מקדיש געווען זייער צייט און אַרבעט. דער טעכניאָן האָט זיי פאַררעכנט אַלס שטודיום טעג. די סטודענטן האָבן געשאַפן די אַספאַלטירטע שטעגן און וועגן פון אין בילדינג צום צווייטן, מ'האָט בכלל איינגעשפּאָרט אַ סך געלט דער פּירערשאַפט פון טעכניאָן, וואָס אַנבאַלאַנגט די שווערע מאַשינען־אויסשטאַטונג, אין ווערט פון צוואַנציק טויזנט פונט האָט דאָס צוגעשטעלט די מוניציפּאַליטעט פון חיפה.

ווען מיר האָבן באַזוכט דעם אַלבערט איינשטיין אינסטיטוט אין דעם בילדינג פאַר פיזיק, האָבן מיר באַקומען אַ באַזונדער דרך ארץ פאַר דער גרויסער אָנשטרענגונג, וואָס דער טעכניאָן האָט געמאַכט. ער האָט אויף אַ איידעלן און פּראַקטישן אופן פאַראייביקט דעם נאָמען פון דעם געוועזענעם גרעסטן וויסנשאַפטלער פון אונזער יאָרהונדערט, אַלבערט איינשטיין.

אין דעם איינשטיין אינסטיטוט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער יערליכער מיטינג, אָדער קאָנפערענץ פון דער פיזיקאַל סאָסייעטי אין ישראל, און עס זיינען געהערט געוואָרן וויכטיקע אָפּהאַנדלונגען פון 18 פאַרשטייער וועגן נייע ענטוויקלונגען אויפן געביט פון פיזיקס, וואָס איז געווען אַ גייסטיקער גענוס צו הערן.

דער באַקאַנטער מעצענאַט פון פילאַדעלפיע, מר. דזשאָזעף האַריס, האָט פיל בייגעשטייערט צו דער גרינדונג פון אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר פיזיקס, אויפן

דאָך פון דעם אַלבערט איינשטיין אינסטיטוט. דאָס געלט איז געשאַפן געוואָרן דורך די פילאַדעלפיער פריינט פון טעכניאָן. לעצטענס הערט מען זייער גוטע אָפּרופן פון וויסנשאַפטלער איבער דער וועלט וועגן די דערגריי־כונגען פון טעכניאָן אויף אַלע געביטן. נאַטירלעך, זיינען אויך פאַראַן שוועריקייטן פון געאָגראַפישער או טאָפּאָגראַפישער נאַטור, ווייל דער באַרגי־קער שטח דערלויבט ניט צו בויען אַזוי, ווי מען וואָלט געוואָלט, אָדער געדאַרפט. די דאָזיקע ערקלערונג האָט געמאַכט פּראָפ. דוד גינזבורג, דערמאָנענדיק די גרויסע נויט פאַר אַ פּלאַץ פאַר פאַרזאַמלונגען, וואו מען זאָל קאָנען שאַפן אַ נענטערע פאַרבינדונג צווישן די וויסנשאַפטלער און אינזשיניערן, דורך אויס־טויש פון מיינונגען און דערפאַרונגען. מען וואָלט אויך געדאַרפט האָבן סעמי־נאַר צימערן פאַר קלענערע מיטינגען.

אין דעם לעצטן שול יאָר זיינען רעגיסטרירט געוואָרן 9,000 סטודענטן, דאַרונטער איניקע מיט פולן טאָג אַרבעט און אַנדערע נאָר טיילווייזע צייט. דער גוט־באַקאַנטער געזעלשאַפטליכער עסקן און פּרעזידענט פון ישׂראל־באָנד אָרגאַניזאַציע — מר. ד. לו העריס פון טאָראָנטאָ איז דער קאַנאַדער פּרעזידענט פון די פריינט פון טעכניאָן. עס ווערט געטאָן פיל אַרבעט אין קאַנאַדע פאַרן טעכניאָן, אָבער זי וואָלט געדאַרפט און געקענט נאָך אַ סך אויסגעברייטערט ווערן.

איין און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער בר אילן אוניווערסיטעט אין רמת גן

**די דערגרייכונגען פון דעם „בר אילן" אוניווערסיטעט אין די ערשטע צוועלף יאָר פון זיין עקזיסטענץ. — די פאַרגרעסערטע צאָל סטודענטן, פאַקולטעטן און פּראָפעסאָרן. — דער בודזשעט פון בר אילן. — די צאָל בנינים אויפן קעמפּוס און דער ביישטייער פון די קאַנאַדער אידן.**

לויט'ן „געבורט־שיין" איז דער בר אילן אוניווערסיטעט פון די אינגסטע הויכשולן אין ישוב. אַרום אַ 12 יאָר. דער ערשטער פּלאַן האָט אויפגעטויכט אין געדאַנק פון דעם אומפאַרגעסלעכן און ליבהאַרציקן אידישן געלערנטן דר. פּנחס חורגין ז"ל. מיר געדענקען נאָך אַזוי פריש זיין אידיש פּאַטריאַרכאַלע געשטאַלט, זיין שטענדיקן זיסן שמייכל און בנעימות'דיקייט, איבערהויפּט, ווען ער פלעגט רעדן און דערציילן פון בר אילן אוניווערסיטעט. ער האָט זיך געפילט שטאָלץ און גליקלעך, ווי אַ פאָטער מיט זיין העכסט געראָטענעם זון. ער האָט געזען אין דעם בר אילן ניט בלויז סתם אַן אוניווערסיטעט, נאָר אַ פולשטענדיקן בית היוצר לנשמת האומה.

די אידעע פון בר אילן אוניווערסיטעט איז געווען צו איבערזעצן אויף דער שפּראַך פון מעשים די פּערזענלעכקייט פונ'ם אומפאַרגעסליכן ארי שבחבורה אין דעם רעליגיעזן ציוניזם, הרב ר' מאיר בערלין, וועלכער האָט קורץ פאַר זיין פּטירה געענדערט זיין פאַמיליען־נאָמען אויף בר אילן... מיט ר' מאיר בר אילן ז"ל איז פאַרבונדן איינער פון די וויכטיגסטע קאַפּיטלעך פון אונזער רענעסאַנס געשיכטע פון מדינת ישראל. ער איז געווען צווישן די גאָר ווייניקע אַרכיטעקטן פון דער פּלאַנירטע מדינה, און דער רעליגיעזער ציוניזם האָט באַשלאָסן אויפצובויען אַן אוניווערסיטעט אויף זיין נאָמען. ר' מאיר איז געווען אַן אוניווערסאַלע פּערזענלעכקייט, וועלכע האָט שטאַרק באַאיינפלוסט דעם גאַנג פום דער אידישער געשיכטע פון די לעצטע צענדליקער יאָרן, און איז געווען דער סמל היהדות אין שענסטן זין פון וואָרט.

דעריבער האָט דר. פּנחס חורגין גלייך פון אָנפאַנג באַגעגנט פולע קאָאָפּעראַציע און הסכמה מצד די רעליגיעזע ציוניסטן, צו שאַפן און אויפבויען אַזאַ אינסטיטוציע, וואו דער אידישער גייסט און אידישער זשעני זאָלן באַקומען אַ פרייען אָטעם און פאַרקערפּערט ווערן אין אַ העכסט־וויכטיקע פּאָזיציע פון אידיש־קולטורעלן כאַראַקטער אין מדינת ישראל.

דער פּלאַץ פאַר'ן בר אילן איז באַשטימט געוואָרן אין רמת גן, ניט

ווייט פון תל אביב, כדי סטודענטן, לעקטארן און פראפעסארן זאלן ניט האבן קיין איבעריקע אנשטרענגונג צו קומען אין אוניווערסיטעט שטודירן אדער געבן לעקציעס. זינט ער איז אפיציעל געעפנט געווארן, איז ער שוין היינט א פולער אוניווערסיטעט. די געוועזענע אפאזיציע אין די רעגירונגס־קרייזן צום בר אילן, ווען מען האט אים באטראכט סתם אלס לערן־אנשטאלט, איז שוין פארשוואונדן. די רעגירונג האט זיך אומגעקערט מיטן פנים צום בר־אילן, אים אריינגענומען צווישן די גרעסטע און וויכטיקסטע הויכע לערן־אינסטיטוציעס און טיילט אים צו די אנטשפרעכנדע סובסידיע, ווי זי טוט דאס לגבי דעם העברעאישן אוניווערסיטעט, טעכניאן, וויצמאן אינסטיטוט, און תל־אביבער אוניווערסיטעט.

דער בר אילן אוניווערסיטעט אין רמת גן איז געווארן ממש א „צירונג" פאר דעם ישוב. ער פארנעמט א גרויסן שטח באדן, האט א פרעכטיקן קעמפוס, א צאל וויכטיקע געביידעס, דארמיטאריס, היימען פאר פראפעסארן און סטודענטן, און מען זעט, ווי ער וואקסט אין כמות און אין איכות פון יאר צו יאר.

זעלטן וועלכע אנדער הויך־שול האט באוויזן אין אזא פארהעלטניסמעסיק קורצער צייט אויסצוואוואקסן צו אזא פארנעם, און ווערן א „לאבאראטאריע" פון אידישן גייסט און מוח, פון אידישער וויסנשאפט און חריפות, פון אידישן זשעני און שאפונגס־כוח ווי דאס האט באוויזן דער בר אילן אוניווערסיטעט. עס איז שוין אן אקסיאם, אז אויב א בחור, אדער מיידל וויל זיך פארווארצלען אין אונזער אידישער פארגאנגענהייט און ציען פון דארט יניקה פארן „היינט" און פארן „מארגן", — איז נישטא קיין בעסערער אוניווערסיטעט אין ישראל, ווי בר אילן, וועלכער פארבינדט אונזער עבר מיט אונזער הווה, און דעם הווה מיטן — עתיד...

רעדנדיק מיט דר. טוביה בר אילן, האבן מיר געפילט א שטאלץ, א כבוד, א שלשלת היוחסין־סענטימענט, כאטש דער אוניווערסיטעט האט נאך ניט קיינע קאטעדרעס פאר אינזשינירונג, געזעץ, מעדיצין, אקאונטאנטס א.א.וו. עס איז נאך אלץ, אזוי צו זאגן, אן אנשטאלט, וואו מען לערנט תורה און מדע לשמה... יונגע מענטשן, וואס זוכן השלמה פאר זיך אליין, וואס ווילן דערפילן דעם זיכערן באדן אונטער זייערע פיס, ניט טראכטנדיק צו־פיל וועגן א „תכלית" אין לעבן, וועגן א קאריערע, צו פארוואנדלען זייער וויסן אין א קרדום לחפור בו. האבן אין בר אילן א מקור־מים־חיים, א לעבעדיקן קוואל, וואס שפרודלט מיט גייסט און ענערגיע, מיט גלויבן אין העכערע צילן און אויפגאבן אין לעבן, און דאס איז אייגנטלעך דער כאראקטעריסטישסטער שטריך פון אונזער אידישן פאלק.

דער רעליגיעזער ציוניזם — די מזרחי הפועל המזרחי — באוועגונג, האט געוואלט מחזק זיין דעם שארית יעקב און שארית ישראל אויף דער ערד

פון אונזערע אבות און עפּעס פון די פֿאַרשאַטענע קוואַלן פון תורה און יהדות, פון חכמת ישראל, אידישער פאָרשונג און אידישער עטיק. דאָס האָט געפונען אויסדרוק אין בר אילן אוניווערסיטעט. אַ אידיש לאַנד דאַרף נאַטירלעך האָבן אידישע דאָקטוירים, געזעץ־היטער, אינזשינערן און אַלערליי אַנדערע אינטע־לעקטואַלן, פּראָפעסיאָנאַלן וכדומה, — אָבער מוז אויך האָבן אַן אוניווערסיטעט פאַר דער אויסבילדונג פון דער אידישער פּערזענלעכקייט, פון דעם ספּעציפישן אידישן אָפּשטאַם, כדי צוזאַמען מיט וועלטלעכן וויסן פאַראייניקן דעם יפיפותו של יפת מיט די אהלי שם...

עס וועלן צוקומען נאָך פיל אַנדערע קאַטעדרעס אין בר־אילן, און מעגלעך אויך מיט „תכלית׳דיקע״ צוועקן, ד. ה. מיט קאַריערעס פאַר יונגעלייט און מיידלעך. דער הויפּט־טראָפּ אָבער וועט געשטעלט ווערן אויף דער אויסבילדונג פון דער אידישער פּסיכיק וועלכע איז צוליב די לאַנגע גלות־פּעריאָדן, ניט בלויז איינגעדרימלט, נאָר אויך היבשלעך פאַרוואָרצלט געוואָרן...

דער בר אילן וויל אַראָפּשטויסן דעם שטויב פון דער אידישער גלות נשמה: געבן איר אַ נייעם שוואונג, נייע פליגלען, צו דערהויבן זיך אין די העכערע וועלטן פון מחשבה און מעשים, מיר האָבן דאָס דערפילט תיכף ביים אָנקום קיין ירושלים, וואו מיר האָבן שוין געפונען צוגעשיקטע בלומען פון בר אלן אין אונזער „מוריה״ האָטעל, מיט אַ האַרציקן „ברוך הבא״ צוזאַמען מיט אַן איינלאַדונג צו קומען באַזוכן און אויפגענומען צו ווערן פון דער בר אילן פירערשאַפט. מיר האָבן דערפילט די אמת׳ע אידישע האַרציקייט, וואָס האָט אונז אַזוי דערוואַרעמט גלייך ביים אָנקום אין לאַנד פון אונזערע אבות, מיר האָבן נאַטירליך אויסגעדרקיט אונזער אויפריכטיקן דאַנק צו דעם חשוב׳ן סעקרעטאַר ברוך אונטערמאַן און גאַנץ באַזונדער צום דירעקטאָר פון פּאַבליק ריליישאַנס, פריינד פּנחס שפּילמאַן, פאַר זייער באַזונדער אויפ־מערקזאַמקייט און פריינדליכקייט.

צוויי און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# די צאָל בנינים אויפ׳ן בר אילן קעמפּוס

**די אויסברייטערונג פון דעם בר אילן קעמפּוס, אַלס גרויסער שטודיום־צענטער אין ישראל, ווי אויך פאַר דער יוגנט פון אַנדערע לענדער. — די סטודענטן־אָרגאַניזאַציע אין „בר אילן" אוניווערסיטעט, און די פאַרשידענע הילפס־קוואַלן, פון וועלכע סטודענטן קאָנען געניסן, סיי אַלס הלוואות און סיי אַלס סקאָלערשיפּס.**

ווי באַמערקט אין פריערדיקן קאַפּיטל, איז דער בר אילן אוניווערסיטעט געשאַפן געוואָרן מיט׳ן צוועק אויפצוברענגען אַ דור פון אידישע געלערנטע און וויסנשאַפטלער, וואָס זאָלן זיין גוט באַקאַנט מיט דער אידישער פאַרגאַנגענהייט און גלייכצייטיג זיין דורכגעדרונגען מיט׳ן גייסט פון אידישע טראַדיציעס און רוח התורה. במילא איז דער בר־אילן געוואָרן די פּאַסיגסטע צוגרייטונגס־שול פאַר אידישע פירער און עסקנים, וואָס דאַרפן זיין באַוואָפנט מיט אַ גרעסערן סכום פון אידישער וויסנשאַפט און אידישער קולטור. די מוסמכים פון בר אילן וועלן שאַפן אַ בריק צווישן ישוב אין ישראל און דער גאַנצער וועלט, כדי צו־אויסבילדן איין מעכטיג אידיש פאָלק...

צוליב דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון בר אילן אוניווערסיטעט, וואַקסט די צאָל קורסן פון יאָר צו יאָר, ווייל דאָס לעבן רופט זיי אַרויס, אַזוי אַרום ברייטערן זיך אויס די האָריזאָנטן פון העכערער וויסנשאַפט, צוזאַמען מיט די טאָג־טעגליכע נויטן, וועלכע ווערן אַלץ רייפער, און פאָדערן אַקאַדעמישע באַלויכטונג און וויסנשאַפטליכע אָריענטאַציעס.

לאָמיר דאָ פאַרצייכנען די וויכטיגסטע בנינים און אָפּטיילונגען פון בר־אילן, וואָס שאַפט אַ געוויסע בילד פון דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון דעם אוניווערסיטעט. מיר האָבן דורכשפּאַצירט אַ צאָל בנינים אויף דעם קעמפּוס, און אַ געפיל פון פרייד און שטאָלץ האָט אונז אַרומגענומען. מיר האָבן געזען אויף דעם שטח פון 45 אַקער לאַנד, וואָס דער קעמפּוס פאַרנעמט, פאָלגענדע בנינים: דעם לעקציעס האָל פון העגרי ל. קראַוטשער; די פּרעכטיגע האָלס אויפ׳ן נאָמען פון די קוויבעקער מעצענאַטן מרדכי און רבקה פּאָלאַק; דעם אברהם און לאורא נוסבוים האָל פאַר וויסנשאַפט־לעקציעס; דער האַרי קאַרפּעל בנין פאַר וויסנשאַפט־פאָרשונג; דעם שיינעם אייבראַהעם לינקאָלן בילדינג פאַר פיזיקס; די מאָריס וויינבערג קליניק פאַר פּסיכאָלאָגיע; דעם לואיס און מרים שייפער אוידיטאָריום; די גרויסע שוהל אויפ׳ן נאָמען פון אַנדרו מילער; דעם סעם און ראָז פּאָלאַק אַדמיניסטראַציע־צענטער; די פּרעכטיגע און באַקוועמע דאָרמיטאָריס פון דער סטאָלמאַן משפחה; די דעטרויט דאָרמיטאָרי אויף די נעמען פון די משפחות מאָסקאָוויץ־פּערשין; דעם

רעקרעאיישאָן צענטער פאַר סטודענטן, די וויסנשאַפטליכע רעפערענס צימערן מיט ביכער, — אין דעם גרויסן שייפּר אוידיטאָריום; די בילדינגס אויף די נעמען פון הרב יוסף חיים לוקשטיין, נשיא ועד הנאמנים של האוניברסיטה בר אילן, און דעם בילדינג אויפ׳ן נאָמען פון הרב צמח זאמבראָווסקי, וואָס געפינט זיך צווישן די בנינים פון דער מאָריס פּאָלאַק משפּחה פון קוויבעק. די לעצטע 2 בנינים זענען געווידמעט צו די 2 אָנערקענטע מסירת־נפש׳דיקע טוער פון „בר אילן״ אוניווערסיטעט, מיט ענשפּרעכענדע אויפשריפטן איבער זייערע אַריינגאַנגען.


הרב זאַמבראָווסקי און ה. בעסין יו״ר פון קאַנאַד. פרייגט פון בר־אילן

דער אוניווערסיטעט האָט נאָך לאַבאָראַטאָריעס אויפ׳ן נאָמען פון יוסף וואָלינסקי, פון וויניפּעג. לעצטנס איז צוגעקומען אַ נייער בנין פון דעם קאַנאַדער כלל־טוער מרדכי וויספעלד פון טאָראָנטאָ, וואָס וועט דינען אַלס „דיינינג־רום״ און פאַרזאַמלונגס פּלאַץ. דאָרט וועט מען אויך מקבל פּנים זיין חשוב׳ע געסט, וואָס וועלן קומען באַזוכן דעם בר אילן. נאָך אַ נייער בילדינג איז לזכר די צוויי מאָנטרעאָלער מזרחי־טוער מר. און מרס. מאו סטערן, און אַ בילדינג פאַר פסיכאָלאָגישע שטודיומס, א. נ. פון מיס לאָוטערמאַן פון מאָנטרעאָל. דערמיט האָט דער מזרחי־הפּועל המזרחי אין קאַנאַדע היפשלעך בייגעטראָגן צו דער אויסברייטערונג פון דעם קעמפּוס פון בר־אילן, און נייע פּלענער פאַר נאָך בילדינגס ווערן כסדר צוגעגרייט.

אָבער ניט נאָר פינאַנציעל העלפן די קאַנאַדער אידן; אויך גייסטיגע און וויסנשאַפטליכע בייטראָגן האָבן זיי געמאַכט. מיר וועלן אַלס ביישפּיל דערמאָנען דעם יונגן פּראָפעסאָר און וויסנשאַפטלער דר. אַלעקס פּינסקי, וועלכער איז אַ פּראָדוקט פון דער מאָנטרעאָלער תלמוד תורה, און האָט לעצטנס געמאַכט אַ וויכטיקע ענטדעקונג אין בר אילן אוניווערסיטעט, דורך אויסגעפונען אַ נייעם אַנטיביאָטיק קעגן הויט־קראַנקהייטן פון חיות. דאָס וועקט גרויסע האָפנונגען אויף אַגריקולטור דערפאָלגן. דר. פּינסקי, אַלס אַסיסטענט פּראָפעסאָר פון ביאָלאָגיע אין בר אילן, האָט דערוואָרבן זיין נאָמען אַלס וויסנשאַפטלער נאָך פיל פריער פאַר זיינע שווערע פאָרשונגס שטודיומס.

ער האָט שוין זיין דר. פילאָזאָפיע דיגרי פון מעק גיל אוניווערסיטעט זינט דעם יאָר 1949. ביים 16־טן מיטינג פון דער ישראל כעמיקאַל סאָסייעטי האָט ער צוגעשטעלט זיין אַרבייט, אונטערן נאָמען „די פּיוריפיקיישאָן און קאָמפּאָזישאָן פון באַציללאַמעין". אַזאַ ריסוירטש־אַרבייט האָט געגומען 4 יאָר צייט אין די לאַבאָראַטאָריעס פון דער „אַגריקולטשורל ריסוירטש" סטאַנציע אין רחובות.

נאַטירליך, וועט ער זיין אַרבייט פאָרזעצן און וועט ברענגען נאָך פיל גרויסע נוצן דעם בר אילן. דר. פינסקי איז אגב אַ גראַדואירטער פון אַן אַגריקולטור הויכשול און ער פאַרנעמט היינט אַ חשוב'ן פּלאַץ אין דעם לעקטאָרן פּערסאָנאַל פון בר אילן.

אַלס געסט אין זיין פּריוואַטער היים אין רמת גן, האָבן מיר געפונען אַ היבשלאַך רייכע ביבליאָטעק, סיי פון עניני־יהדות און סיי פון וויסנשאַפט, און קוקנדיג אויף זיין ביבליאָטעק, האָבן מיר געקראָגן אַן אינדירעקטע פאָרשטעלונג, וואָס דער בר אילן שטעלט מיט זיך פאָר. עס איז תורה און וויסנשאַפט, אידישער גייסט אין ליכט פון דער נייער צייט און נייע גרויסע דערגרייכונגען.

דער צאָלרייכער פּראָפעסאָרן־סטעף, רופט אויך אַרויס אַ באַזונדער דרך ארץ: מען זעט דאָ לעקטאָרן פון דער גאַנצער וועלט; פיל פון זיי פּער־זענליכקייטן מיט וועלט־נעמען וואָס וואָרצלען אין פיל געביטן פון הויכער פאָרשונג און וויסנשאַפט.

מיר האָבן זיך געפילט זעהר שטאָלץ ווען מען האָט פאַר אונז פאָרגעלעגט דעם גאָלדענעם בוך פון די איינגעשריבענע באַזוכער פון בר אילן. דאָרט שיינען אַרויס די אונטערשריפטן פון אַ צאָל וועלט־באַרימטע רבנים, רעקטאָרן און קאנצלערס פון די גרעסטע אוניווערסיטעטן אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער; ציוניסטישע פירער, רעגירונגס־לייט, די מאָנטרעאָלער קאָנ־צערטיסטין מיס עטל שטאַרק, וועלכע איז אַ געטרייע דינערין פון בר אילן, און האָט שוין אייניקע מאָל אַראַנזשירט וואונדערבאַרע קאָנצערטן, וועמעס הכנסה איז געווידמעט געוואָרן צום בר אילן אוניווערסיטעט. דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר וואולוואָרט באַרבור איז אויך צווישן די חשוב'ע געסט, וואָס האָבן באַזוכט דעם בר־אילן אוניווערזיטעט.

מיר האָבן געזען אַ בילד, גענומען ביי אַ קאָנוואָקאַציע צערעמאָניע וואָס ווייזט, דעם שיינעם אַריינמאַרש פון די פירער פון בר אילן און נאָך זיי די סטודענטן. דער ספּיקער פון כנסת קדיש לוז האָט געהאַלטן זיין באַזונדערס האַרציקע באַגריסונג אַלס דער פאָטער פון זיין זון, וועלכער האָט גראַדואירט. די צאָל סטודענטן ווערט לעצטנס אַלץ מער און מער „איינגעפירן", ווייל קצר המצע מהשתרע. די צאָל גרייכט שוין צו 2000. בר־אילן מוז האָבן מער דאָרמי־טאָריס, מער בנינים מער אויסשטאַונג, און דאָס איז די גרויסע זאָרג פון דער פירערשאַפט, און באַזונדערס פון מיניסטער משה שאַפּיראָ, מיניסטער דר. בורג, דר. לוקשטיין, און פון די חשובע קאַנאַדער מעצענאַטן...

דריי און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# די צענטראַלע אידייע פון בר אילן

**די צענטראַלע אידעע און אויפגאַבע פון דעם ערשטען פּרעזידענט דר. פּנחס חורגין ע"ה. — די נויטווענדיקייט פאַר אידישע סטודענטן צו זיין באַקאַנט מיטן תלמוד און אידישער וויסענשאַפט, אויב זיי ווילן וואָרצלען טיף אין אידישן לעבן און אין דער געשיכטע פון אידישן פאָלק. — תורת ישראל און רעליגיעזע אָריענטאַציע פאַר סטודענטן, וואָס ווילן זיך דערגראָבן צו אַלטע אידישע קוואַלן, און ציען יניקה פון אונזער רייכער פאַרגאַנגענהייט. — דער חותם פון בר אילן וואָס וועט אויסבילדן די פאַקטישע פיזיאָנאָמיע פון אידישן היימלאַנד.**

מדינת ישראל פאַרמאָגט היינט פינף הויכשולן. זיכער וועט די צאָל שטייגן מיטן וויטערן פּראָגרעס פון דער מדינה און מיט די נויטן, וואָס וועלן אונטערקומען פּאַראַלעל צום וואוקס פון לאַנד. יעדער פון די עקזיסטירנדע פינף הויכע לערן־אַנשטאַלטן דער העברעאישער אוניווערזיטעט אין ירושלים, דער טעכניאָן — אין חיפה, דער ווייצמאַן אינסטיטוט — אין רחובות, דער אוניווערזיטעט אין תל אביב, און דער בר אילן אוניווערזיטעט — אין רמת גן האָט זיין באַזונדער וויכטיגע אויפגאַבע און כאַראַקטער.

דער ירושלימער, אָדער ווי ער איז באַקאַנט אַלס דער העברעאישער אוניווערזיטעט, דער עלטסטער כמעט פון אַלע פינף, האָט זיך לכתחילה געשטעלט דעם ציל אויסצובילדן פּראָפעסיאָנאַלן, וועלכע זיינען געווען די הויפּט נויטווענדיקייט פאַר דער אויפקומענדער אידישער מדינה.

דער טעכניאָן איז ווידער אַמאָל אַרויסגעוואַקסן פון דער טאָג־טעגלעכער באַדערפעניש און איז אויך פון די עלטסטע הויכשולן אין לאַנד. דער ווייצמאַן אינסטיטוט אין רחובות איז געשאַפן געוואָרן מיטן צוועק צו געבן אַ פולשטענדיקע אויסבילדונג אויף פאַרשידענע געביטן פון פאָרש־אַרבעט און וויסנשאַפט. דאָס איז געוואָרן נויטיק פאַר׳ן ווייטערן שטודיום און פאָרשונג, ווייל אפילו אַן אוניווערזיטעט־דיפּלאָם איז נאָך היינט אַלץ ניט דער „גרעניץ" פאַר איינעם, וואָס האָט אַ דורשט צו שטודירן און פאַרטיפן זיך אין פאַרשידענע צווייגן פון וויסנשאַפט. די מאָדערנע טעכנאָלאָגיע און דער כסדר׳דיקער פּראָגרעס פון דער וויסנשאַפט, פאָדערן ווייטערן „המשך", פאַרזעצן שטודירן און גריבלען זיך, ווייל וויסנשאַפט איז ענדלאָז... אַ לאַנד קאָן ניט אין אונזערע

צייטן זיך באַגנוגענען מיט יונגעלייט, וואָס האָבן נאָר דורכגעמאַכט אַ קאָלעדזש, אָדער אוניווערזיטעט, ווייל דאָס איז נאָך אַלץ אַן „עלעמענטאַרער" באַגריף פון וויסנשאַפט, און עס בלייבט נאָך שטענדיק איבער אַ ריזיק פעלד פאַר ווייטערער פאָרשונג און שטודיום. מהאי טעמו האָט דער ווייצמאַן וויסנ־שאַפטלעכער אינסטיטוט זיך געשטעלט דעם ציל צו דערמעגליכן אידישע וויסנשאַפטלער זוכן ווייטערע השלמה, מער פאַרפאָלקאָמונג אויף זייערע געביטן, און זיכער איז דאָס העכסט־וויכטיק פאַר אונזער צייט און אונזער באַנייטער מדינת ישראל. מיר וועלן שפּעטער ווידמען אַ מער אויסשעפּנדיקן איבערזיכט וועגן דעם ווייצמאַן אינסטיטוט אין רחובות. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם נייעם אוניווערזיטעט אין תל אביב, איז אַרויסגעוואַקסן פון דער לעבנס־נויטווענדיקייט צו געבן אַ מעגלעכקייט דער גרויסער וואַקסנדער אידישער יוגנד פון תל אביב און אומגעגנט צו שטודירן אויפן אָרט, און ניט דאַרפן זיין אָנגעוויזן בלויז אויף דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. דאריבער וועט דער תל אביב׳ער אוניווערזיטעט אויך וואַקסן מיט דער צייט, און ווערן אַ צענטער פון הויכער וויסנשאַפט און איבערהויפּט, פאַר פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס ער פאַרדינט נאַטירלעכערווייז זוכן קאַריערעס אין לעבן. דער אוניווערסיטעט אין תל אביב רופט שוין אַרויס גרויס אינטערעס, און אַ באַזונדער קאַפּיטל.

פון די פינף אויסגערעכנטע הויכשולן האָט דער בר אילן אוניווערזיטעט לגמרי אַן אַנדער אידעע: ער איז מער אַ „נשמה"־אוניווערזיטעט, ווי אַ „גוף"־אוניווערזיטעט... ער זוכט און צילט אויפצולעבן די עכטע אידישע „ירושה" אין דעם יונגן דור. ער וויל פאַרפעסטיקן אידישקייט, טראַדיציעס, גלויבן, מנהגים און אַלץ, וואָס איז אייגן אונזער פאָלק, זינט מיר זיינען אויפגעשטיגן אויף דער געשיכטלעכער אַרענע, און האָבן געמעלדעט דער וועלט, אַז מיר זיינען פון די עלטסטע פעלקער; אַז מיר האָבן אונזער אייגענע פאָלקס־ירושה, אונזער אייגענע קולטור און ציוויליזאַציע, אונזערע אייגענע רייכע נאַציאָנאַלע אוצרות, פון וועלכע מיר ציען אונזער גייסטיקע יניקה דורך די טויזנטער יאָרן פון אונזער עקזיסטענץ.

דער בר אילן אוניווערזיטעט איז אין קיין שום הינזיכט ניט קיין קאָנקורענץ צו אַנדערע אוניווערסיטעטן אין ישראל, און זיכער ניט צו די גרעסטע אַמעריקאַנער הויכשולן, לויט וועמעס מוסטער ער איז אויפגעשטעלט געוואָרן. בר אילן איז ניט געשאַפן געוואָרן פאַר סטודענטן, וואָס איידער זיי גייען נאָך אַריין אין אַן אוניווערזיטעט, זוכן זיי שוין דעם תכלית... בר אילן גיט ניט קיין „קאַריערע־דיגרי" אין דעם אָנגענומענעם זין פון אָרט. בר אילן איז דער סינטעז צווישן פרייהייט פון געדאַנק און פאָרש־אַרבעט, און שאַפט ניט קיין גייסטיקן וואקואום אין מוח פון סטודענט. ער וויל פאַרפעסטיקן אידישע אמונה אין דער שטודירנדער יוגנד, אַז קודם כל זיינען מיר אידן, אַז מיר האָבן אונזער אייגענע וועלט־השקפה, וואָס ציט איר יניקה פון אונזער תלמוד, משנה, אונזערע נביאים און די

אַלע, וואָס האָבן אויסגעפּלאָסטערט אונזער לעבנס וועג, און אַז מיר דענקן ניט אויפצולייזן אונזער אידענטיטעט און אונזער נאַציאָנאַלע פיזיאָגנאָמיע.

מדינת ישראל איז נאָך זייער יונג, און טראַכט ניט פּאַרלויפיק פון אויפשטעלן אַ דריטן בית המקדש אָדער אַ סנהדרין און די אַנדערע אַטריבוטן, וואָס האָבן אונז כאַראַקטעריזירט אַלס פאָלק מיט אַ 2000 יאָר צוריק. בר אילן אוניווערזיטעט שטרעבט דעריבער צו פאַרפעסטיקן די אַלטע פעדים פון אידנטום, וואָס האָט זיך ביז לעצטנס געראַנגלט מיט פרעמדע פעלקער, שפּראַכן און קולטורן, אום צו דערהאַלטן די גאַנצקייט פון דער אידישער נשמה און פון דער אידישער מענטאַליטעט. יעדער איינער קאָן שטודירן וויכטיגע געגענשטאַנדן, צו וועלכער ער האָט אַ נויגונג, אָבער אַ סטודענט, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם אוניווערסיטעט, וועט שוין זיין פון אַ גאַנץ אַנדער „טויג געקנאָטן״... ער וועט האָבן אַ אינטעלעקטועלע פּראָפּעסיע, צו וואָס יעדער יוגענטלעכער שטרעבט נאַטירלעך. בר אילן וועט אים געבן אַ געזונטן „אידישן יסוד״, אַ גוטע אָריענטאַציע אין אַלע זיינע מענשלעכע און בירגערלעכע פליכטן צום לאַנד. דעריבער פאָדערט דער בר אילן פון יעדן אידישן סטודענט צו האָבן אַ געוויסן סכום תלמודישן וויסן, ווען ער טרעט אַריין אין אים, אָבער פאָדערט דאָס ניט פון קיין ניט־אידישן סטודענט, וועלכער ווערט אויך אָנגענומען נאַטירלעך אָן אַזאַ פאָדערונג...

לאָמיר דעריבער טיפער אַריינבליקן אין קוריקולוס פון בר אילן. דאָרט ווערן אונטעריכט פאָלגענדע געגנשטאַנדן: שטודיום פון דער ביבעל, תלמוד, אידישע געשיכטע, די העברעאישע שפּראַך און אידישע פילאָזאָפיע. דאָס איז אַ פאַקולטעט, געווידמעט צו יהדות.

אַ צווייטער פאַקולטעט פאַר שפּראַכן און ליטעראַטורן, נעמט אַריין — העברעאיש, אַראַביש, ענגליש, פראַנצויזיש דייטש, לאַטיין און גריכיש — שפּראַכן וואָס זיינען פון די עלטסטע צייטן און פון די גאָר אַלטע פעלקער, ווייל אָן זייערע שפּראַכן און ליטעראַטורען איז שווער משיג צו זיין זייער אָפּשטאַם, לעבנס־פילאָזאָפיע, זייערע תכונות, געוואוינהייטן און געשיכטע.

דער פאַקולטעט פון סאָציאַלער וויסנשאַפט, אָדער ווי ער איז באַקאַנט ביי אונז א. ב. „סאָשל סייענס״, נעמט אַריין: געשיכטע, פילאָזאָפיע, סאָציאָלאָגיע, עקאָנאָמיע און ערציאונג, — כמעט אַלץ וואָס ענליכע פאַקולטעטן אין די גרעסערע אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן האָבן.

דער פאַקולטעט פאַר מאַטעמאַטיק און נאַטור־וויסנשאַפט שליסט איין ביאָלאָגיע, מיקראָביאָלאָגיע, כעמיע, פיזיקע און העכערע מאַטעמאַטיק. דאָס זיינען אָבער די אָפיציעלע פאַקולטעטן. וואָס אַנבאַלאַנגט די פאַרשידענע באַזונדערע קורסן און לעקציעס, וואָס זיינען פאַראַן אין די אויסגערעכנטע פאַקולטעטן, גרייכט זייער צאָל אין הונדערטער.

זעלבסטפאַרשטענדלעך פאָדערט זיך אַ פאַרשידנפאַרביקער און פיל פאַרצווייגטער לערער און פּראָפעסאָרן סטעף. היינט צו טאָג זיינען שוין פאַראַן

איבער זעכצן לעקטאָרן, וואָס גיבן אַוועק זייער פולע צייט פאַר דעם בר אילן. אַנדערע גיבן אָפּ טיילווייז זייער צייט, און צוזאַמען איז דאָס אַן אַקאַדעמישער סטעף פון איבער 200 פּערזאָן, בעת אין דעם ערשטן יאָר, ווען דער בר אילן האָט זיך געעפנט, זיינען בסך הכל געווען 24 לעקטאָרן. דאָס ווייזט דעם ריזיגן וואוקס פון בר־אילן.

אָבער ניט בלויז אין „כמות" פון די פּראָפעסאָרן און לעקטאָרן האַנ־דעלט זיך דאָ. עס גייט פיל מער אין „איכות", אין דער קוואַליטעט פון די פּראָפעסאָרן און געלערנטע, וועלכע קומען פון די גרעסטע און עלטסטע אוניווערזיטעטן און הויכשולן אין ענגלאַנד, אַמעריקע און ישראל גופא. געוויסע פּראָפעסאָרן זיינען ספּעציעל עולה געווען, כדי צו קאָנען אונטערריכטן אין בר אילן.

דער זעלבער פּראָגרעס מערקט זיך אויך אין דעם פּעדאַגאָגישן און אין עקאָנאָמישן זין: איבער דריי הונדערט סטודענטן פון ניט פאַרמעגלעכע משפּחות, קריגן זייערע סובסידיעס און סקאָלערשיפּס, אָדער הלוואות. עס איז פאַראַן אַ פעסטער פּרינציפּ, אַז מאַטעריעלע פּראָבלעמען דאַרפן ניט באַ־רויבן קיין שום סטודענט פון דער מעגלעכקייט צו קאָנען שטודירן אין בר אילן. דערמיט ווערט אָפּגעהיט דער פאַרזאָג: „הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה" — אָרימע קינדער דאַרפן באַפאָרצוגט ווערן לגבי רייכע, ווייל גראָד פון זיי קומען מערסטנס אַרויס געבילדעטע און וויכטיקע מענשן... דער דאָזיקער שטריך מערקט זיך זייער שטאַרק ביי די סטודענטן פון בר אילן, וואָס אין זייער פרייער צייט לאָזן זיי זיך אַרויס אין די נאָענטע ווינקעלאַך, פון די געביידעס וואָס בר אילן מוז האָבן, אום צו קענען נאָרמאַל פונקציאָנירן וואו עס געפינען זיך עולים, און העלפן זיי און די קינדער לערנען אין די מיטלשולן און אין פאַך־שולן, אַ זאַך, וואָס דער בילדונגס מיניסטער אבא איבען האָט גוט אָפּגעשאַצט.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט דער אוניווערזיטעט־קעמפּוס אַ שטח פון 45 דונאַם לאַנד אין דער אַזוי גערופענער גאָרטן שטאָט „רמת גן". דערווייל זיינען שוין אויפגעשטעלט געוואָרן 18 בנינים, וואָס דאָס איז ערשט אַ העלפט און ענטוויקלען זיין טעטיקייט אויף זיינע אַלע געביטן.

דער „בר אילן אוניווערזיטעט" וועט אויך ווערן אַ קוואַל פון שטודיום פאַר אַ סך מענשן, וואָס ווילן, אָדער קלייבן זיך צו ווערן פאָלקס־טריבונען, כלל טוער, אָדער סתם באַאַמטע אין דינסט פון מדינת ישראל און פאָלק ישראל. זיי וועלן אַריינברענגען אין זייער טאָג־טעג־לעכער אַרבעט דעם גייסט פון ישראל סבא, אַ דאַנק זייער שטודיום וועלכער איז ניט לוידיק פון אידישן וויסען, נאָר דווקא קערנדיק און קוועלנדיק פול מיט אידישן גייסט, אידישער אָריענטאַציע אין אַלע פראַגן, וועלכע זיי וועט אויסקומען צו פאַרענטפערן.

מיר דערמאָנען זיך דעם „אני מאמין" פון דר. חורגין, דעם שעפער פון בר אילן, און באַוואונדערן היינט זיין וויזיע און וייטן בליק, וואָס ער האָט געהאַט בנוגע דעם בר אילן, האָבענדיק כאַראַקטעריזירט דאָס אויף פאָלגענדן אופן:

„דער בר אילן שטרעבט אויפצונעמען די וויסנשאַפט און די פאָרשונג אויף אַלע געביטן פון יהדות; ענטוויקלען אַ כסדר'דיקע וואַכזאַמקייט צו אַלץ, וואָס וועבט זיך און פילט זיך אין דער וועלט פון וויסנשאַפט און גייסט, און צו אַלץ, וואָס דאָס לעבן פאָדערט אין מדינת ישראל, אין דער אידישער צושפרייטונג אין די תפוצות הגולה און אין דער גאַנצער וועלט, בכלל. דער בר אילן אוניווערזיטעט, אַלס רעליגיעזער מוסד, זעט אין די הייליגע פרינציפּן פון יהדות, דעם אינדיווידואַליזם פון אידישן פאָלק. איינער פון די הויפּט־פרינציפּן פון דעם אוניווערזיטעט, איז צו דערציען, מיט ליבשאַפט, וואַכזאַמקייט און אָפּהיטען די דאָזיקע פרינציפּן. בר אילן צילט צו אָוועקשטעלן איבעראַל געלערנטע און גייסט־מענשן, וואָס קענען לערנען, און זיינען דורכגעדרונגען מיט עכטן אידישן גייסט און ליבשאַפט צום צווייטן".

אַזוי טיף און איידל האָט געדענקט און געפילט דער פאַרשטאָרבענער דר. פנחס חורגין ע"ה צו זען דעם בר אילן באַרופן צו דערפילן אַזעלכע טיף אידישע און מענשלעכע אויפגאַבן, ווייל ער איז דורך און דורך געווען רעליגיעז־געשטימט, און געטראָגן דעם מזרחי אידעאַל אין האַרצן און נשמה... דער בר אילן איז פאַקטיש געוואָרן די פאַרקערפּערונג פון דעם מזרחי באַגריף, אַלס גרויסער קולטור־גייסטיקער צענטער. דר. חורגין האָט ניט געזוכט מאָדערנעם גלאַנץ, דעם ספּעציפישן רוח הזמן, ווי די וועלט דענקט, נאָר דעם אידישן הינטערגרונט, דעם יסוד און תכלית פון אידנטום, דורך וויסנשאַפט און פאָרשונג. ניט בלויז אָנצוקלאַפּן מזוזות אויף הייזער, וואָס פרעמדע בויען, נאָר אויפשטעלן אַליין גרויסע בילדונגס־אינסטיטוציעס און פאַרשטאַרקן דערמיט דעם כוח און דעם גייסט פון ישראל סבא אין מדינת ישראל.

פיר און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# שוועריקייטן ביים אויפנעמען פּראָפעסאָרן און לעקטאָרן אין בר־אילן

**די ספּעציפיש גרויסע שוועריקייטן ביים אויפנעמען פּראָפעסאָרן און לעקטאָרן, וועלכע זענען ניט געגנג רעליגיעז געשטימט, און אָפטמאָל אַפילו לינק. — מאַנגעל אין מיטלען פאַר מער רעליגיעזער פאָרשונג, און מאָדערנער וויסנשאַפט.**

וועגן דער צאָל פאַקולטעטן, און דעם מספר פון סטודענטן און פּראָ־פעסאָרן, לערער און פאָרשער, האָבן מיר שוין מער־ווייניקער באַלויכטן. דאָס איז אָבער געווען נאָר אינפאָרמאַציע פון דער אוניווערסיטעט הנהלה. אונז האָט אַמערסטענס אינטערעסירט דער „מה נשתנה האוניווערסיטעט הזה מכל האוניווערסיטעטן״ ? . . .

צו וואָס איז נויטיק געווען צו שאַפן אַזאַ אייגנאַרטיקן אוניווערסיטעט מיט אַ רעליגיעזן הינטערגרונד, וואו מאָדערנע וויסנשאַפט טרעפט זיך צוזאַמען מיט עיקרי־הדת, און וואו עס איז היבשלעך שווער צו געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך צווישן די צוויי באַזונדערע עקסטרעמען ? געווייינלעך, פירט וויסנשאַפט אַוועק דעם מענטש פון רעליגיע, והראיה, עס איז שווער צו געפינען אַזעלכע וואָס זאָלן פאַראייניקן אין זיך די ביידע „אַנטיפּאָדן״ אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. דעריבער איז דער פאַרמעסט פון בר אילן אוניווערסיטעט ניט בלויז געווען אַ געוואַגטער, נאָר אויך אַ שטאַרק ריזיקאַלישער. נאָר אַזאַ איינער, ווי דר. פּנחס חורגין, אַ טיף גלויביקער איד און מיט אַ ריזיקן זאַפּאַס פון תּלמודישן און וועלטלעכן וויסן, האָט זיך געקענט דערטראַכטן צו אַזאַ דו־פּרצופים אוניווערסיטעט, וואו פון איין זייט זאָל אייביק לעבן די וועלט און די מחשבה פון אַ ר׳ מאיר בערלין (בר אילן), און פון דער אַנדער זייט — זאָלן מאָדערנע וויסנשאַפט און פאָרשונג אָנגיין לויט דער נייער צייט . . .

נאָך מער אינטערעסאַנט איז דער עקספּערימענט פון בר אילן צ.ל.ב דעם, וואָס אין אַלע אַנדערע הינזיכטן איז בר אילן געשאַפן געוואָרן על פּי דוגמא פון די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן, וואו רעליגיע האָט ניט קיין דריסת הרגל, און מענטשן, וואָס זוכן אַ קאַריערע אויפן געביט פון רעליגיע, האָבן זייערע ספּעציעלע הויכשולן, און קאָלעדזשעס, דעריבער האָבן אייניקע געדענקט, אַז בר אילן וועט משמעות ווערן אַ העכערע ישיבה פאַר אויסבילדונג פון רבנים. אָבער דאָס איז ניט געווען דער צוועק פון דר. חורגין ע״ה. ער

האָט געזוכט אַ סינטעז צווישן וויסנשאַפט, פאָרשונג, העכערע לערעס מיט אמונה און רעליגיע, כדי צו קאָנען אויסבילדן אַ יוגנט פון כולו איד און כולו מענטש...

עס איז דער היפוך פון י. ל. גאָרדאָנ׳ס: „היה אָדם בצאתך ויהודי באהליך". מען דאַרף צוגרייטן אַ דור פון אידן סיי ביי זיך אין דער היים און סיי פאַר דער גאַס, סיי צווישן אייגענע און סיי צווישן פרעמדע. דר. חורגין איז געקומען מיט זיין „אידעע פיקס" — דערוויזן, אַז אידישע רעליגיע שטייט ניט אונטער קיינע אומשטענדן אין סתירה צו מאָדערנער וויסנשאַפט. בר אילן וויל געבן יעדן יוגנטלעכן אַ וועג אין לעבן, און קודם כל באַוואָפנען אים מיט די פרינציפן און כללים פון יהדות; דאַן געבן אים אַן אַלגעמיינע אויסבילדונג אין די פאַרשידענע פאַקולטעטן, וועלכע בר אילן פאַרמאָגט. אַלץ צוזאַמען וועט שוין באַווייזן, מיט וואָס בר אילן אוניווערסיטעט איז אַנדערש פון היכשולן, וועלכע האָבן ניט אין זייער קוריקולום דעם רעליגיעזן עלעמענט, וואָס פאַראייניקט דעם סטודענט מיט זיין פאָלק, מיט זיין לאַנד און מיט זיין תורה...

אַז דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע, איז ניט שווער צו פאַרשטיין. עס קומען זיך רעגיסטרירן הונדערטער יונגעלייט און מיידלעך פון ארבע פינות העולם, פון פאַרשידענע ספערן, לענדער און „גייסטיקע קלימאַטן". פרינציפּעל נעמט אויף בר אילן יעדן קאַנדידאַט, וואָס אַנטשפּרעכט די באַדינגונגען פון אריינגענומען צו ווערן. די הויפּט שוועריקייט שאַפט זיך ערשט שפּעטער, ווען אויפן קעמפּוס באַגעגענען זיך סטודענטן פון פאַרשידענע וועלט־אַנשויאונגען און ריכטונגען. עס זיינען פאַראַן נאַטירלעך רעליגיעז־געשטימטע, און אפילו שטאַרק פרומע יונגעלייט, אָבער עס פעלן אויך ניט אויס „ליבעראַלע" עלעמענטן, וואָס זיינען היבשלעך גלייכגילטיק צו אמונה און דת, און גאַנץ היבשע צאָלן פון ראַדיקאַל־געשטימטע עלעמענטן, וועלכע זיינען „פּרינציפּיעל" קעגן רעליגיע... דאָס קאָמפּליצירט נאַטירלעך, די אויפגאַבע פון בר אילן, וועלכער זוכט שטענדיק דעם שביל־הזהב, ווי אַזוי אויסצובילדן אַ יוגנט, וואָס זאָל זיין „צו גאָט און צו לייט"...

ניט אַלע פּראָפעסאָרן און לעקטאָרן ווילן מיטגיין מיטן גייסט פון בר אילן, און דינען אַלס אויפריכטיקע וועגווייזער פאַר דער שטודירנדער יוגנט. עס איז אונז אויפגעקלערט געוואָרן אין בר אילן, אַז ניט געלט און ניט וועלכע עס איז אַנדערע שוועריקייטן ווערן גענומען אין באַטראַכט, ווען עס האַנדלט זיך צי אַנגאַזשירן אַן ערשט־קלאַסיקן כוח צום בר אילן. דער לערער סטעף ציילט צווישן זיך אַ צאָל וועלט־באַרימטע געלערנטע, און לעצטנס איז אויך אויפגע־נומען געוואָרן אַלס רעקטאָר פון אוניווערסיטעט פּראָפ. אברהם סאָלטמאַן, פּראָפ. קאָפּל כהנא, דר. שמעון שוואַרצקאָפּ אַלס היסטאָריקער, און פּראָפ. משה דזשאַנער אַלס אויטאָריטעט פון טעאָרעטישער פיזיק און געשיכטע

פון וויסנשאַפט. זיין ווערק „קאָנסעפּט אָוו ספּעיס" האָט אַ פאָרוואָרט פון אַלבערט איינשטיין, און דאָס רעדט שוין פאַר זיך אַליין...

אויף וויפיל מיר האָבן פאַרשטאַנען, האָט די באַשטימונג פון פּראָפ. משה דזשאַמער בייגעטראָגן צו דער רעגולירונג פון פיל אָנגעווייטיקטע פראַגן, וועלכע האָבן ביז לעצטנס פאַראורזאַכט פיל שוועריקייטן אין דער אַדמיניס־טראַציע פון בר אילן. מען דערוואַרט, אַז דער נייער רעקטאָר וועט העלפן שליכטן אַלע פינאַנציעלע פּראָבלעמען ווי אויך אַדמיניסטראַטיווע און רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן, וועלכע זיינען אָפטמאָל זייער שווערע דילעמעס פאַר דער פירערשאַפט פון בר אילן.

מיר געדענקען די אַלטע מיספאַרשטענדענישן אין בר אילן, וועלכע האָבן שיער ניט צוטרייסלט דעם גאַנצן יסוד פון דעם אוניווערסיטעט צוליב רעליגיעזע און אַנדערע מאָטיוון, און נאָר אַ דאַנק משה שאַפּירא, אינערן מיניסטער און דר. לוקשטיין איז דער סיכסוך אַרונטער פון טאָג אָרדנונג. בר אילן האָט דערהאַלטן זיין פולן פרצוף און תוכן, מיט וועלכן ער איז לכתחילה געקומען אויף דער וועלט...

אַלע פאַרזוכן אַוועקצונעמען פון אים דעם עסענץ פון יהדות, פון אידישקייט, פון תורה, זיינען צושמעטערט געוואָרן, און בר אילן איז אַרויסגעקומען פון די אַלע נסיונות מיט מער לעבנס פּאָטענץ און וויטאַליטעט, ווי מען האָט דערוואַרטעט.

מען קאָן אפשר אין געוויסע הינזיכטן באַטראַכטן דעם בר אילן אַלס „מיקרא־קאָסמאָס פון רעליגיע" אויב מען זאָל זיך רעכנען מיט די שווערע אומשטענדן פון דער היינטיקער צייט, ווען רעליגיע מאַכט ניט קיין פּראָגרעס, און שטייט אפשר אויפן קרייץ־וועג. בר אילן וועט זיכער פאָרזעצן זיין שליחות, און זוכן די געהעריקע פאָרמולע פאַר זיין ווייטערן קיום, פונקט ווי דאָס גאַנצע אידישע פאָלק שטייט היינט און טראַכט, ווי צו געפינען די ריכטיקע ליניע פאַר דער ווייטערער עקזיסטענץ, און פאַראייניקן גייסטיקע פירערשאַפט מיט תורת ישראל און חכמת ישראל.

נאַטירלעך, וועלן די אָנגעווייטיקטע פראַגן און פּראָבלעמען ניט געלייזט ווערן שנעל. דאָס וועט פאָדערן עטליכע יאָר. קוים אָבער וועט דער עקספּע־רימענט געלונגען, דאַן בלייבט די צוקונפט פון בר אילן געזיכערט אויף אַלע אייביקייטן, ער וועט דינען אַלס קוואַל פון אידישקייט, פון בילדונג, אויפ־קלערונג, און אַלגעמיינער חכמה פאַר וועלכן צוועק ער איז אייגנטליך געשאַפן געוואָרן. ער באַשטייט אויף דעם כלל: „אם יאמרו לך יש חכמה בגוים תאמין; ואם יאמרו לך יש תורה בגוים אל תאמין". אומות העולם קאָנען האָבן מער וויסנשאַפט אָדער מער חכמה, אָבער קיינמאָל ניט קיין תורה, אין דעם איצטיקן שול יאָר 1965 האָט דער בר־אילן אַרום 1200 סטודענטן, מיט אַ גרעסערער העלפט פרויען, ווי מענער. צווישן זיי זענען

150 אויסער מדינת ישראל. ס׳זיינען פאַראַן 450 קורסן. אַ 400 סטודענטן זיינען אין די וויסנשאַפטליכע אָפּטיילונגען און אַ 350 — אין שפּראַכן פאַקולטעט, 300 — אויף דעם ליטעראַטור פאַקולטעט, און אַ 300 שטודירן יודאיקא.

שליסנדיק אונזער איבערזיכט איבער דעם בר אילן אוניווערסיטעט, ווילן מיר באַזונדערס דערמאָנען די קאַנאַדער איבערגעגעבענע פריינד פון בר אילן, וועלכע האָבן פיל בייגעטראָגן צום אוניווערסיטעט, ווי דעם פילאַנטראָפּ מר. מאָריס פּאָלאַק און פרוי פון קוויבעק, וועלכע האָבן צוגע־האָלפן צום אויפבוי פון אַ צאָל בנינים פאַר די פּראָפעסאָרן און סטודענטן, כדי צו דערמעגלעכן זיי שטודירן אין בר אילן.

מר. פּאָלאַק איז געווען פּרעזידענט פון די קאַנאַדער פריינט פון בר אילן, און ערשטנס ערן־פּרעזידענט. די הויפּט אַרבעט ליגט היינט אויף מר. היימאַן בעסין פון אטאווא, דעם נייעם פּרעזידענט פון די קאַנאַדער פריינד. הרב צמח זאַמבראָווסקי האָט פיל אייגנאַרטיקע פאַרדינסטן פאַרן בר אילן, און לויט ווי מיר זיינען געוואויר געוואָרן מאחורי הפּרגוד, איז געווען אַ צייט, ווען די קאַנאַדער פריינט האָבן כמעט אַליין אויסגעהאַלטן דעם אוניווערסיטעט... איצט דאַרף דער נאַציאָנאַלער פּרעזידענט פון דער קאַנאַדער מזרחי הפּועל המזרחי מר. יואל שטערנטאל, די איבערגעגעבענע פריינד מר. יצחק קרעמינער מר. מאַקס גארמעיז, ר׳ ברוך טענענבוים, די ברידער שטערן וועלכע האָבן אויפגעבויט אַ ספּעציעלן בנין אויפ׳ן קעמפּוס פון בר־אילן א. אַ. מנדבים. פאַרזעצן די גוטע אַרבייט פאַר׳ן בר־אילן אוניווערזיטעט, אַן אַרבייט וואָס איז געווידמעט צום „נצח ישראל״ און צום שטאָלץ פון אונזער פאָלק.

פינף און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער וויצמאַן וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין רחובות

**וואָס זיינען די דערגרייכונגען פאַר די צוויי צענדליק יאָר פון זיין עקזיסטענץ. — די פאָרשונגס־פּראָיעקטן, וואָס ער האָט שוין דורכגעפירט, און זיינע נייע אויפגאַבן. — ווער פירט אָן מיט דעם אינסטיטוט.**

האָבנדיק באַזוכט דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, דעם בר אילן, און דעם טעכניאָן, האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט׳ן וויצמאַן וויסנשאַפטליכן אינסטיטוט, וואָס געפינט זיך אין רחובות. דער אינסטיטוט איז די וויכטיגסטע לעבעדיקע מצבה, וואָס דר. חיים וויצמאַן, דער ערשטער ישראל פּרעזידענט, האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט, דעריבער איז זיין קבר געוואָרן אַ מין ישראל׳דיקע „מעקאַ״, וואוהין טוריסטן ציען זיך כסדר און ווילן בשום אופן ניט אויסלאָזן די געלעגנהייט צו זען דעם קבר, וועלכער מאַכט אַ מערקווירדיקן איינדרוק, סיי מיט זיין פּלאַץ, און סיי מיט זיין „פּשטות״...

צוקומענדיג נענטער צו דעם פּלאַץ וואו דער קבר געפינט זיך זעט מען אָן אויפשריפט אויפ׳ן טויער איינגעפרעמט אין אַ שווארצער ראַם וואָס לייענט זיך אַזוי:

„לבי סמוך ובטוח, כי המדע יביא שלום לארץ הזאת, ויחדש נעוריה. גם יצור פה מקורות חיב חדשים ברוח וביופי, וכדברי על המדע, כוונתי כפולה: המדע לשמו והמדע כקרדום לחפור בו״
חיים וויצמן
1946.

אין אידישער איבערזעצונג מיינט דאָס: מיין האַרץ שטיצט זיך אויף דער זיכערקייט, אַז די וויסנשאַפט וועט ברייגגען שלום צו דעם לאַנד וואָס וועט באַנייען די יוגנד. עס וועלן אויך געשאַפן ווערן קוואַלן פון אַ נייעם לעבן, שיין אין גייסט און אין פּראַכט; ווען איך רייד וועגן וויסנשאַפט, האָב איך אַ דאָפּעלטע כוונה דערביי: וויסנשאַפט אַן און פאַר זיך, און וויסנשאַפט אַלס אינסטרומענט מיט וועלכן צו קאָנען נאָך טיפער גראָבן און באַרייכערן מיט איר מדינת ישראל. אונטערגעשריבן: חיים וויצמן, 1946.

מען קאָן ניט באַזוכן רחובות, ניט זעהענדיק דעם קבר פון חיים וויצמאַן, און איז מען שוין ביי זיין קבר, מוז מען באַזוכן דעם אינסטיטוט, וואָס טראָגט

זיין נאָמען. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן הויפּטזעכלעך אויף דער ראָל און אויפ־גאַבע פון דעם ווייצמאַן אינסטיטוט, ווייל לויט אונזער מיינונג, און די איינדרוקן, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז דער אינסטיטוט באַרופן צו „באַשטעטיקן" צום הונדערטסטן מאָל דעם כוח פון אידישן געניוס, דעם אַלטן אַקסיאָם, אַז מיר אידן זיינען באמת אַן עם הספר, ווייל אַלץ, וואָס רירט אָן מענטשלעכע קולטור און ציוויליזאַציע, רירט אויך אָן אונזער אידישן גייסטיקן חוט השדרה, און מאַכט אונז פאַר פול־באַרעכטיקטע שותפים צו אַלץ, וואָס די מאָדערנע וויסנשאַפט און פאָרשונג האָבן באַוויזן אין די לעצטע הונדערטער יאָרן...

דער ווייצמאַן אינסטיטוט איז דער אידיש־וויסנשאַפטליכער עמבלעם פון מדינת ישראל. ער איז דער עדות פון אונזער אייביקן דורשט נאָך וויסן, פאָרשונג, גריבלען זיך, פּלפּלען זיך, און דערגיין אַלץ מער חכמה.

דר. חיים ווייצמאַן איז געווען אַ אידישער וויסנשאַפטלער אויפן געביט פון כעמיע. בעת דעם ערשטן וועלט קריג האָט ער געבראַכט גרויסן נוצן דער בריטישער אימפּעריע דורך זיין פאַרפּאָלקאָמען די שיטה פון אַצעטאָן, אין וואָס ענגלאַנד האָט זיך דאַן שטאַרק גענויטיקט. אַצעטאָן איז אַ כעמיש־אָרגאַנישער קערפּער, וואָס איז באַקאַנט אין דער וועלט פון וויסנשאַפט אַלס „פּראָפּאַנאָן".

דר. ווייצמאַן האָט דאַן שנעל אַנטוויקלט די פערמענטירונג סיסטעם פון אַצעטאָן, און דאָס האָט געבראַכט דער ענגלישער רעגירונג, אין דעם 1־טן וועלט קריג, גאָר באַדייטנדע נוצן.

עס איז אַגב באַקאַנט דער פאַקט, וואָס ווען דער ערשטער וועלט־קריג האָט זיך געענדיקט מיט אַ דערפאָלג פאַר דער דאַמאָלסטיקער קאָאַליציע, אין וועלכער ענגלאַנד האָט געשפּילט אַ זייער חשובע ראָל, איז פּראָפ. ווייצמאַן אָנגעפרעגט געוואָרן, וואָס פאַר אַ סאָרט מתנה, אָדער אופן פון אָנערקענונג ער וואָלט געוואונשן צו קריגן פאַר זיין דינסטלייסטונג, וואָס איז געווען אַזוי נוצלעך פאַר ענגלאַנד. דר. ווייצמאַן זאָל דאַן האָבן געענטפערט, אַז פאַר זיך אַליין וויל ער ניט און דאַרף ניט קיין שום דאַנק. אויב אָבער די בריטישע רעגירונג וויל יאָ אַרויסווייזן אַ געוויסע אָנערקענונג, זאָל זי דאָס טאָן צו זיין פאָלק (די אידן)...

פון דעם איז לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דר. ווייצמאַן האָט געווידמעט אַ היבשע צאָל יאָרן צו דעם אינסטיטוט וועלכן ער האָט אָרגאַניזירט און פאַרוואַנדלט אין איינער פון די וויכטיקסטע וועלט־לאַבאָראַטאָריעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג...

דער אָנפאַנג איז נאַטירלעך געווען זייער אַ באַשיידענער, אַ קליינער, מיט אַ שטאַרק באַגרענעצטער צאָל וויסנשאַפטלער און לאַבאָראַטאָריעס. עס איז נאָך געווען פאַרן סוף פון 2־טן וועלט קריג נעמליך אין יאָר 1944. אין אייראָפּע האָבן נאָך ניט אויפגעהערט צו רויכערן די קוימענס פון די גאַז קאַמערן, וואו מען האָט טעגלעך אויסגעלאָשן לעבענס פון הונדערטער טויזנ־

טער אידן און אויך ניט אידן! — חיים ווייצמאַן האָט זיך אַנטשלאָסן דאָן צו שאַפן דעם היינט וועלט־באַרימטן אינסטיטוט, אין רחובות, אין וועלכן ער האָט אַריינגעטאָן זיין גאַנצן מוח און כוח, כדי צו אַנטוויקלען אידישע וויסנ־שאַפט, און געבן מער שטויס־קראַפט דעם אידישן געניוס און פאָרשונגס פּאַרמעסט...

כראָנאָלאָגיש איז דער ווייצמאַן אינסטיטוט געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1944, און דאָס איז אייגנטלעך געווען דער אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג מצד דעם אידישן פאָלק צו דר. ווייצמאַן, וועלכער איז געווען דער אָנערקענטער „ערשטער ישראל בירגער", כאָטש די מדינה איז נאָך געווען אונטערוועגס... ער האָט געפירט די פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער מאַכט. ער האָט אויסגעטרונקען דעם גאַנצן ביטערן בעכער פון די בעווינס און אַנדערע אידישע שונאים, וואָס האָבן גערעדט אחד בפה ואחד בלב...

די אידישע אַגענטור און די גאַנצע ציוניסטישע וועלט האָבן געוואוסט, ווי פיינלעך און שווער עס איז געווען דער וועג פון דר. חיים ווייצמאַן, וועלכער האָט געפילט דעם חורבן פון זיין פאָלק, און איז כמעט געפאַלן אונטער דער שווערער לאַסט פון זאָרג און פליכט פאַרן פאָלק ישראל. דעריבער האָט די אידישע פירערשאַפט זיך באַמיט, נאָך ביי זיין לעבן, אויפצושטעלן אַזאַ „וויסנ־שאַפטלעכן מאָנומענט" וואָס זאָל באמת דינען אַלס אויסדרוק פון רעספּעקט און חשיבות פון אַזאַ גרויס קאַליבערדיקער פערזענלעכקייט, ווי ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט...

צוליב דעם אַלעמען, קאָן מען ניט דורכלאָזן אויפ'ן הויפּט־וועג צווישן תל־אָביב און נגב די אַלטע שטאָט רחובות, און קוים מערקט מען רחובות, מוז מען זיך פאַרהאַלטן און אַריינקומען אין דעם קעניגרייך פון חיים ווייצמאַן ז"ל, וואו ער האָט געלעבט און געשאַפן אין זיינע לעצטע יאָרן, און וואו ער האָט אויך געפונען זיין לעצטע רו...

דער ווייצמאַן אינסטיטוט איז אַזוי אַרום דער פּראָיעקט פון זיינע נאָ־ענטסטע פריינט און פאַרערער, וועלכע האָבן באַשלאָסן ווען ער איז אַלט געוואָרן 70 יאָר, צו אינקאָרפּאָרירען דעם ווייצמאַן אינסטיטוט אין דעם דניאל זיוו ריסוירטש אינסטיטוט, וואָס איז געבויט געוואָרן מיט 10 יאָר פריער, ד.ה. אין יאָר 1934. דער לעצטער איז אויפגעבויט געוואָרן פון דער זיוו־מאַרקס משפחה פון ענגלאַנד, וועלכע דר. ווייצמאַן האָט דערמוטיקט צו דעם שריט. די אָפיציעלע ווידמונג פון דעם ווייצמאַן אינסטיטוט אויף זיין נאָמען איז פאָרגעקומען דעם 2־טן נאָוועמבער 1949, ווען ווייצמאַן איז שוין געווען דער ערשטער ישראל פרעזידענט, און אין 32־טן יאָר טאָג זינט לאָרד באַלפור האָט אַרויסגעגעבן זיין באַקאַנטע דעקלאַראַציע וועגן ענגלאַנדס צוזאָג צו העלפן בויען אַ אידישע היימלאַנד אין ארץ ישראל...

די פאָרגעשיכטע פון דעם זיוו אינסטיטוט דערציילט אונז, אַז לכתחלה האָט ער זיך באַשעפטיקט נאָר מיט אָרגאַנישער כעמיע און מיקראָביאָלאָגיע,

און דר. ווייצמאַן האָט געהאַט דאָרט זיין אייגענע לאַבאָראַטאָריע. מיט דער צייט איז אָבער דער זיוו אינסטיטוט געוואַקסן און האָט שוין געציילט 9 באַזונדערע אָפּטיילונגען און פיר סעקציעס, צוזאַמען מיט אַ סקול פאַר גראַדואירטע...

וואָס האָט מען געלערנט און געפאָרשט אין דעם אינסטיטוט ? מאַטעמאַטיקס, נוקלעאַרע פיזיקס, אָרגאַנישע כעמיע, איזאָטאָפּן (אַ וויסנשאַפט וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער פאָרשונג פון צוויי, אָדער מער פאָרמען פון אַן עלעמענט, וואָס האָט דעם זעלבן אַטאָמישן נומער און ענלעכע כעמישע אייגנשאַפטן, נאָר זיינען פאַרשידנאַרטיק אין זייער אַטאָמישער וואָג און ראַדיאָ־אַקטיווער ווירקונג), עקס רעי קריסטאַליגראַפיע, עקספּערימענטאַלע ביאָלאָגיע, ביאָפיזיקס און עלעקטראָניקס. היינט איז דער ווייצמאַן אינסטיטוט שוין אָנערקענט אַלס גאָר גרויסער וועלט־באַרימטער צענטער מיט אַ גראַדואיר סקול פאַר נאַטור־וויסנשאַפט, וואו עס אַרבעטן זעכציק סטודענטן אונטער דער אויפזיכט פון אַ סטעף געלערנטע פון איבער 200 וויסנשאַפטלער... היינט גרייכט שוין די צאָל וויסנשאַפטלעכע און פאָרשונגס פּראָיעקטן אין די הונדערטער.

עס איז פאַראַן באַזונדערס אַ סטעף פון איבער 400, וואָס פירט אָן מיט די אָנגעלעגנהייטן פון דעם ווייצמאַן אינסטיטוט, און העלפט אַרויס די סטודענטן. דאָס אינטערעסאַנטסטע, וואָס מיר האָבן אויסגעפונען אויפן אָרט, איז וואָס גאַנצע צוויי דריטל פון די אַלע געלערנטע און פון די אַלע פאָרשער זיינען אָדער געבוירענע אין ישראל, אָדער האָבן געלעבט לאַנגע צייטן אין ישראל און דאָרט שטודירט... די אַנדערע, ד.ה. די קלענערע צאָל געלערנטע און סטודענטן, קומען שוין פון אַ צאָל לענדער, אויסער ישראל.

עס איז בכלל געווען פאַר אונז אַ באַזונדערע־ערהאַבענער מאָמענט צו באַזוכן דעם אינסטיטוט וואו עס רוט ווייצמאַנס גייסט און וואו מען זעט די פרוכט פון זיין לעבן, וואָס איז געווען אַזוי רייך גייסטיק, מאָראַליש, אידישלעך און וועלטלעך, וויסנשאַפטלעך און נאָבל, און אַזוי הויך קולטורעל... די גאַנצע פּאָזיציע פון דעם ווייצמאַן אינסטיטוט, דער קבר, דער „עסטייט״, די פּרעכטיקע לאַנדשאַפט אַרום, דער וואַלד פון בוימער און בלומען, גרינס און כישוף — דאָס לאָזט זיך ניט איבערגעבן אין ווערטער... דאָס איז אַ טיף עמאָציאָנעלער מאָמענט, וואָס אַ טוריסט, לעבט דורך, ווען ער שטייט ביים ווייצמאַן קבר, לעבן זיין אינסטיטוט...

זעקס און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער אָפּמאַך פון דעם
# ווייצמאַן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט מיטן אַמעריקאַנער
# נאַציאָנאַלן ביוראָ פאַר נייע וויסנשאפטלעכע פאָרשונגען

**די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, וועלכע דער אינסטיטוט וועט דורכפירן. — די גרויסע גרופּע וויסנשאַפטס־סטודענטן, וואָס ווערן צוגעגרייט צו באַקומען זייער טיטל פּ.ה.ד. אין דעם העברעאישן אוניווערסיטעט. — די פאַרבינדונגען, וועלכע דער ווייצמאַן אינסטיטוט האַלט אָן מיט די גרעסטע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס איבער דער גאַנצער וועלט. — די גרויסע צאָל ווייצמאַן פעלאָושיפּס, וואָס העלפן אַרויס ישראל׳ס פאָרשער און וויסענשאַפטלער.**

ווי שאַצט אָפּ די גרויסע וועלט די אויפטואונגען און דערגרייכונגען פון דעם אינסטיטוט? עס פאַרשאַפט אונז אַ באַזונדער שטאָלץ און נחת רוח, וואָס די גרויסע אַנטוויקלטע אַמעריקע האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן ווייצמאַן אינסטיטוט וועגן פאַרשידענע פאָרשונגס־פּראָיעקטן, וועלכע זי האָט אָנפאַרטרויט דעם ווייצמאַן אינסטיטוט דורכצופירן. אין ניו יאָרק איז פאַראַן אַ נאַציאָנאַלע ביוראָ פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, וואָס איז געקומען אין קאָנטאַקט מיטן ווייצמאַן אינסטיטוט און געשלאָסן אַן אָפּמאַך וועגן אַצאָל וויכטיקע פאָרשונגס־פּראָיעקטן.

דער דאָזיקער צוטרוי פון דעם אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלן ביוראָ פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, איז די גרעסטע אָנערקענונג פאַר דעם ווייצמאַן אינסטיטוט, און דאָס איז קלאָר אונטערשטראָכן געוואָרן אין דער דערקלערונג פון פּראָפעסאָר עמוס דע שאַליט, וועלכער איז דער וויסנשאַפטלעכער דירעקטאָר פון דעם ווייצמאַן אינסטיטוט. ער האָט מיט שטאָלץ ערקלערט אין זיין רעדע אין תל אָביב, אין דעם אַמעריקאַנער ציוניסטישן הויז. און אָנגעוויזן אַז ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אין דער גאַנצער וויסנשאַפטלעכער וועלט, ווערט געשענקט פיל אויפמערקזאַמקייט צום ווייצמאַן אינסטיטוט, און זיינע דערגרייכונגען אויפן געביט פון ביאָלאָגיע, אַטאָמישער פיזיק, העכערער מאַטעמאַטיק און באַזונדערס די פאָרשונגען פון דער שרעקלעכער קאַנסער־קראַנקהייט. דאָס האָט אַרויסגערוקט דעם ווייצמאַן אינסטיטוט אין פאָדערגרונט פון די וויכטיקסטע פאָרשונגס־אינסטיטוציעס אויף דער גאַרער וועלט...

ווי מיר האָבן ערפאַרן אין אָפיס פון אינסטיטוט, זענען שוין פיל פּראָ־

מינענטע וויסנשאַפטלער אין די לעצטע יאָרן געקומען אין ווייצמאַן אינסטיטוט פון אַ גרעסערער צאָל לענדער דורכצופירן זייערע פאָרשונגען.

ווען מען זאָל וועלן פאַרגלייכן די חשיבות און אַנטוויקלונג פון דעם ווייצמאַן אינסטיטוט מיט אַלע אַנדערע היכשולן און פאָרשונגס־לאַבאָראַטאָריעס פון גאַנצן מיטל־מזרח, וועט רחובות זיי אַלע איבערשטייגן, ווייל דאָ רוט דער זשעני פון דר. חיים ווייצמאַן, און דאָ איז פאַרבליבן די וויסנשאַפטלעכע „נעסט" פון פאָרשונגען, וואָס וועלן מיט דער צייט ברענגען פיל נחת רוח די גרעסטע וועלט־אויטאָריטעטן און די פאָרשער פון העכערער וויסנשאַפט. דאָס האָט דערוויזן די נייע מדינת ישראל כאָטש קליין אין שטח און אין באַפעלקערונג, און דאָך אַזוי גרויס אין גייסט און וויסנשאַפט...

דער הויפּט־עיקר און חשיבות פון די פאָרשונגען אין ווייצמאַן אינסטיטוט, ליגט אין דעם, וואָס זיי ווערן אַלע אַמפּינקטלעכסטן דורכגעפירט. דער סטעף פון איבער 500 פּערזאָן, וואָס אַ העלפט פון זיי זענען באַדייטנדע וויסנשאַפטלער און הונדערט פאַרנעמען זיך ספּעציעל מיט לאַבאָראַטאָרישע פאָרשונגען און עקספּערימענטן, — זענען די גאַראַנטיע פאַר דער געהעריגע אויספירונג פון די פאָרשונגס־טעטיקייטן, וועלכע דער אינסטיטוט נעמט זיך אונטער צו טאָן.

פון באַזונדער אינטערעס איז געווען צו זען די „ידע ריסוירטש ענד רעוועלאָפּמענט קאָ. למט.", וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים ווייצמאַן אינסטיטוט, און פאַרנעמט זיך מיט אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע אָנבאָטן דורכצופירן ריסוירטש־אַרבעט אין דעם אַנשטאַלט, און אַז דער מאַטעמאַטישער דעפּאַרטמענט האָט דורכגעפירט אַ געאָפיזיקעל פאָרשונג פון מדינת ישראל אין פאַרבינדונג מיט אויל עקספּלאָטאַציע. דער איזאָטאָפּ דעפּאַרטמענט האָט באַזונדערס ענטוויקעלט אַן אָריגינעלן און ביליקן מעטאָד צו פּראָדוצירן שווערע אָקסידזשען וואַסער. דאָרט אַרבעטן פיל סטודענטן־פאָרשער, אַגריקולטוריסטן, אינזשענירן און דאָקטוירים, ווייל מען נוצט פאַרשידענע מאַטעריאַלן, וואָס פאָדערן עקספּערטן־וויסענשאַפטלער.

אויך דער „יד חיים ווייצמאַן", וואָס איז אַ טייל פון אינסטיטוט, איז געווידמעט צו וויסנשאַפטלעכע און קולטורעלע צוועקן, לזכרון פון דעם ערשטן ישראל פּרעזידענט. וואָס איז נוגע די פעלאָושיפּס, זיינען זיי באַשטימט צו העלפן ישראל־וויסנשאַפטלער אָנצופירן פאָרשונגס־אַרבעט מחוץ פון דער מדינה. גלייכצייטיק ווערן מיט די פעלאָושיפּס אַרויסגעהאָלפן אויסלענדישע סטודענטן און פאָרשער, וועלכע ווילן קומען פון אויסלאַנד דורכצופירן זייערע לאַבאָראַטאָרישע עקספּערימענטן אין מדינת ישראל, אין דעם ווייצמאַן אינסטיטוט.

אַ גאָר וויכטיג ראָל שפּילט אין ווייצמאַן אינסטיטוט דר. מאיר ווייסגאַל, וועלכער איז דער פּאָרזיצער פון עקזעקוטיוו קאָונסיל. ע ר איז אַלעמאָל געווען

אַ נאָענטער פריינט פון ווייצמאַנען, און איז פאַרבליבן פּאַקטיש דער הויפּט אויטאָריטעט אין אַלע וויכטיקע פראַגן וואָס רירן אָן דעם ווייצמאַן אינסטיטוט. צוזאַמען מיט דר. דיואַי ד. סטאָון, און פּראָפעסאָר גערהאַרד מ. דזש. שמידט, הויפּט פון עקס־רעי דעפּאַרטמענט, און טשערמאַן פון וויסנשאַפטלעכן קאָמי־טעט, פּראָפ. שניאור ליפּמאַן, טשערמאַן פון וויסנשאַפט קאָונסיל, א. א. פירט אָן דר. ווייסגאַל דעם גאַנצן אַרבעטס־אַפּאַראַט. ער האָט געשאַפן אַ צאָל ספּעציעלע קאָמיטעס און פונדאַציעס, וואָס אַרבעטן אין אַמעריקע, קאַנאַדע, ענגלאַנד, דרום אַפריקע און אין דער שווייץ.

עס איז מערקווירדיק, וואָס בעת אונזערע אַמאָליקע מלכים ושרים האָבן אונז איבערגעלאָזן אַלס אייביקע קולטור מאָנומענטן אַזעלכע אומשטערבליכע ווערק, ווי „שיר השירים", „קהלת", „תהלים" א.א. האָט אונזער ערשטער פּרעזידענט פון דער ווידער־אויפגעבליטער מדינת ישראל — דער באַרימטער געלערנטער און וויסנשאַפטסמאַן דר. חיים ווייצמאַן אונז איבערגעלאָזן ניט בלויז זיינע ווערק און וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, נאָר אויך אינסטיטוציעס און לאַבאָראַטאָריעס, וואו וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען זאָלן ברענגען דער וועלט אַ העכערן לעבנס באַגריף, וועגן שלום און ברידערלעכקייט, ווייל וויסנ־שאַפט איז אינטערנאַציאָנאַל, און דאַרף זיין די ירושה פון דער גאַנצער מענטשהייט...

די גרויסקייט פון דר. חיים ווייצמאַן ליגט עד היום אין דעם, וואָס ער האָט ניט געשאַצט און ניט געמאָסטן וויסנשאַפט לויט דעם מאַסשטאַב פון ישראל׳ס טעריטאָריע. ער האָט געזען, אַז ישראל קאָן און וועט שטייגן הימל־הויך נאָר אַ דאַנק וויסנשאַפט. ישראל קאָן ווערן אַ גרויסע וועלט־מאַכט, אויב זי וועט איינשפּאַנען אין דער וויסנשאַפטס אַרבעט איר גאַנצן גייסטיקן פאַר־מעגן און כוח... נאָך מער: ווייצמאַן האָט געזען אין דער וויסנשאַפט דעם שליסל צו אַלע אַנדערע ישראל פּראָבלעמען און נויטן, ווי עקאָנאָמישע, מאָראַלישע און גייסטיקע. ער האָט דעריבער אָוועקגעגעבן זיין פולסטע אויפ־מערקזאַמקייט צום אינסטיטוט, וועלכער האָט געבראַכט אין די לעצטע עטלעכע יאָר אַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן ביישטייער.

די אַרבעט אין און אַרום דעם ווייצמאַן אינסטיטוט איז נאָך אָבער אַלץ אויף האַלב וועג. ס׳וועלן צוקומען בקרוב אַ צאָל נייע בנינים, ווי דער אולמאַן אינסטיטוט פאַר די וויסנשאַפטן פון לעבן (דזשענעטיקס); דער הערי און לע־אָנאַ אינסטיטוט פאַר פאָרשונגען; די אויסברייטערונג פון דניאל זיוו אינסטי־טוט און פון יצחק וואָלפסאָן אינסטיטוט פאַר עקספּערימענטאַלער זאָאָלאָגיע. דער אינטערנאַציאָנאַלער בילדונגס צענטער ווי אויך די שול פאַר גראַדואירטע, — זיי זענען אַ באַזונדער וויכטיקער בייטראָג צום ווייצמאַן אינסטיטוט. נאַטירלעך זיינען היינט אַלע פריערדיקע אָפּטיילונגען און אויך די נייע, אָנגעפילט מיט פאָרשער און וויסנשאַפטלער. עס קלאַפּט אַ שטאַרקער פולס פון טעטיקייטן

און פאַרמעסטונגען. אין דעם אַלעמען האָט זיין באַזונדער חלק דער דערמאָנ־טער מאיר ווייסגאַל, וועלכער שטרעבט אַריינצופירן ישראל אין דער פראָנט־ליניע פון דער פאַרהעלטניסמעסיק קליינער צאָל מדינות, וועלכע זוכן אויך אַרויסצוהויבן זיך פון זייער גייסטיקער און קולטורעלער שיפלות.

דער געוועזענער פּרעזידענט פון ווייצמאַן אינסטיטוט, — און הייניגער וויצע פּרעמיער, אַבא איבן, — צוזאַמען מיט מאיר ווייסגאַל, פורעמען נאָך אַלץ די פיזיאָנאָמיע פון דעם אינסטיטוט, און עס איז מער ווי זיכער, אַז די „ידע־אָרגאַניזאַציע", וועלכע נוצט אויס די פאָרשונגס טעטיגקייטן, וואָס ווערן דורכגעפירט אין רחובות, וועט מיט דער צייט שפּילן אַ באַזונדער גרויסע ראָל, און נאָך מער אויסברייטערן די ראַמען פון העכערע וויסנשאַפט־רעקאָרדן.

לויט דער ערקלערונג וועלכע עס האָט בשעתו געמאַכט אַבא איבן אַלס מיניסטער פון ערציאונג אין ישראל, און פּרעזידענט פון ווייצמאַן אינסטיטוט לאָזט זיך זייער לייכט באַגרייפן און פאַרשטיין, אַז די גרענעץ צווישן וויסנשאַפטלעכע קענטענישן, די סטרוקטור און די פונקציעס פון וויסנ־שאַפטלעכע קאָנצעפּסיעס, געהערן צו יעדער גרינטלעכער שטודיע פון דער מענטשלעכער אינטעלעקטועלער געשיכטע, און עס איז ניט פאַראַן אין דעם קיין שום „לוקסוס". וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען געהערן צום ערשטן שטאַק, און ניט צום עווענטועלן דאַך פון דעם בנין ישראל. (אבא איבן). מהאי טעמו איז דער ווייצמאַן אינטיטוט, ווי די אַנדערע ישראל צענטערס פון העכערער בילדונג, — דער שטאָלץ פון אַ וועלט־פאָלק, וואָס שטרעבט צו אומבאַגרע־נעצטע דערגרייכונגען אין חלל און אין צייט...

זיבן און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער תל־אביב'ער אוניווערסיטעט

**די שטייגענדע וויסנשאַפט אין ישראל, און די פאָדערונג פאַר אַן אוניווערסיטעט אין תל אביב וועלכער זעט פאַר זיך אַ הערליכע צוקונפט. — ווער זענען די „זיילן" פון דעם אוני־ווערסיטעט און די קאָלאָסאַלע קאָאָפּעראַציע מצד דער תל־אביב'ער שטאָט פאַרוואַלטונג.**

מיר האָבען אין אַ צאָל קאַפּיטלעך באַלויכטען און כאַראַקטעריזירט די הויפּט־אוניווערסיטעטען אין מדינת ישראל און די הויכשולען, וואָס פאַרנעמען אַ וויכטיגען אָרט אין לעבען פון דער מדינה. מירווידמען דאָ אַ קאַפּיטעל צום אוניווערסיטעט אין תל אביב, וועלכער וואַקסט צוזאַמען מיט דער שטאָט, און וועט אין דער צוקונפט איבער שטייגען אפשר אַלע אַנדערע אוניווערסיטעטען און הויכשולען פון דער מדינה.

זיכער איז דער העברעאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים דער „כהן גדול" צווישען אַלע אַנדערע, כאָטש דער טעכניאָן אין חיפה, דער בר אילן אוניווערסיטעט אין רמת גן און דער וויצמאַן אינסטיטוט אין רחובות דער־פילען יעדער באַזונדער היסטאָרישע ראָלען, און אַ סברה, אַז אין זייער „זכות" עקזיסטירט און ענטוויקעלט זיך די אידישע מדינה. מען טאָר אָבער ביי דעם אַלעמען ניט פאַרגעסען, אַז תל אביב איז די גרעסטע שטאָט אין ישראל, און אויסער איר אייגענער באַפעלקערונג וואָס גרייכט בקרוב צו אַ האַלבן מיליאָן נפשות, האָט זי אַן אַרומיגע פעריפעריע פון אַ צווייטען האַלבען מיליאָן מענשען: אַזוי איז שוין דער סדר־־העולם וואָס אַלע רייסען זיך צו דער הויפּט־שטאָט, אָדער לכל־הפחות זיין ניט ווייט פון איר, ווייל אין דעם געגעבענעם פאַל, איז תל אביב דער „חוט־השדרה" פון גאַנצען ישראל־אָרגאַניזם... אין תל־אביב ליגט דער הויפּט־מוח אין כוח פון דער מדינה. זי איז די לעבעדיגסטע אַרטעריע פון גאַנצען ישוב, און דאָרט קלאַפּט דער פּולס פון טאָג־טעגליכען לעבען, פון האַנדעל און מלאכה, אינדוסטריע, באַנק וועזען, דעריבער איז זי דער רוח־החיים פון ישוב, וואָס שלאָגט מיט ענערגיע, מיט בטחון און אַרבייטסזאַמקייט. די גרעסטע צאָל פון איר יוגענד נויטיגט זיך נאַטירליך אין אַן אייגענעם אוניווערסיטעט.

אַלס גאַסט ביי איינעם פון די באַקאַנטסטע דאָקטוירים, וויסענשאַפטלער און פאָרשער, האָבען מיר פאַרפירט אַ שמועס וועגען דער ראָל פון תל אביבער אוניווערסיטעט, וואָס הגם ער איז נאָך אין דער תקופה פון „ווערען", וואַקסט

ער אָבער מיט יעדן ווייטערען יאָר, און אַ סברה, ער וועט מיט דער צייט איבערשטייגען אַלע אַנדערע אוניווערסיטעטען ניט נאָר אין ישראל, נאָר אין גאַנצען אָריענט.

דער הויפט חסרון לכתחילה איז געווען, וואָס ס׳האָט געפעלט אַ פּאַסענדע געביידע, אָדער בנינים, אין וועלכע אַן אוניווערסיטעט נויטיגט זיך. די סטודענטען, וואָס האָבען זיך פון דעם ערשטען מאָמענט געקלאַמערט אַרום דעם תל אביבער אוניווערסיטעט, האָבען געמוזט זיך וואַלגערען אין אַלטע הייזקעס, ניט האָבענדיג קיינע וואוינונגען און באַקוועמליכקייטען, אין וועלכע סטודענטען נויטיגען זיך. אויך לאַבאָראַטאָריעס און אַנדערע וויסענשאַפטליכע פּאַדערונגען, אינסטרומענטען, ביכער, ריסוירטש ווערק א. א. וו. — דאָס אַלץ האָט געפעלט, און היבש פאַרהאַלטען דעם „אָטעם" פון אוניווערסיטעט...

די צייט האָט אָבער געטאָן דאָס איריגע: יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבען געוואָלט שטודירען, און ניט געוואָלט פאָרען כסדר פון תל־אביב, דער אומגעגענד קיין ירושלים, צו הערען דאָרט לעקציעס, אויך ניט קיין חיפה וויל דאָס האָט זעהר געשטערט זיי צו לערנען נאָרמאַל, האָבען געפאָדערט און דייטליך אַנגעוויזען, אַז עס איז ניט קיין קאַפּריז.

דער תל אביבער אוניווערסיטעט איז אַ פּועל יוצא פון פשוטער נויט־ווענדיגקייט, צו העלפען דער לאָקאַלער יוגענד צו שטילען איר וויסענשאַפט־דורשט. באַזונדערס האָבען די עלטערען, וואָס ווייטער אַלץ מער, אויסגע־דריקט זייער וואונש צו האָבען אַן אייגענעם אוניווערסיטעט אין תל אביב, כדי ניט צו זיין געצוואונגען צו שיקען די זין און טעכטער שטודירען אין ירושלים, חיפה, רמת גן, רחובות א. א. וו. אַלץ צוזאַמען האָט אַ שטויס געטאָן דעם פּראָיעקט אויפצובויען אַ „קירית אוניווערסיטעט" ביי תל אביב, אויף דער צווייטער זייט ירקון, פאַר וועלכען צוועק עס איז באַקומען געוואָרען אַ שטח לאַנד פון 400 דונאַם לאַנד, און דער דאָזיגער נייער טייל שטאָט איז גע־קרוינט געוואָרען מיט׳ן נאָמען „די אוניווערסיטעט שטאָט".

די שטאָט פירערשאַפט פון תל־אביב, האָט זיך ענטשלאָסען אויף אַ שנעלען אויפבוי פון דעם אוניווערסיטעט. עס זענען צוגעקומען קאַטעדרעס און במילא געלעגענהייטען פאַר יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבען גע־וואָלט שטודירען, און אַזוי איז דער אוניווערסיטעט כסדר געוואַקסען. לעצטנס זענען צוגעקומען 2 נייע קאַטעדרעס פאַר פיזיק און כעמיע, פאַר וועלכען צוועק עס איז געוואונען געוואָרען די קאָאָפּעראַציע און פינאַנציעלע הילף פון די באַרימטע מעצענאַטען לייב און רבקה שענקאַר, וואָס האָבען ביי־געטראָגען אַ זעהר באַדייטענדע סומע געלד. די 2 נייע פאַקולטעטען האָבען פאַראורזאַכט אַן אויסגאַבע פון איבער אַנדערטהאַלבען מיליאָן דאָלאַר, אָדער די טירען פאַר „מדעי הרוח", זענען שוין אָפען, און דער נייער בנין איז אַ גרויסער געווינס פאַר׳ן אוניווערסיטעט.

די אַרבייט איז נאָך ניט פאַרענדיגט, און וואַרשיינליך, וועט זיך דער

בוי־פּראָצעס ציהען שעהנע עטליכע יאָר. צוזאַמען מיט אַ סטודענטען־היים איז געעפענט געוואָרען ביים אוניווערסיטעט אַ מוזיק קאָנסערוואַטאָריע. ס׳ענט־וויקעלט זיך אַ גרויסער טעכנישער דעפּאַרטמענט, וועמעס פּלאַן איז שוין אייגענטליך לאַנג רייף געוואָרען.

אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציע האָבען מיר באַקומען פון אַ באַרימטען געלערענטען, וועלכער איז אַן אויטאָריטעט אין ישראל און אין חוץ לארץ. מיר האָבען אויך גערעדט מיט אַ צאָל דאָקטוירים אין תל אביב, און פירער פון דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג; דער אוניווערסיטעט וועט פאַרשלינגען אַ סומע פון אַרום צוויי מיליאָן דאָלאַר, און אויך דאָס וועט נאָך ניט לייזען אַלע פּראָבלעמען, וואָס אַזאַ אוניווערסיטעט וועט האָבען. לויט דער אינפאָר־מאַציע, איז די צאָל סטודענטען אין תל אביבער אוניווערסיטעט אַרום דריי טויזענד, אָבער עס וועט לאַנג ניט נעמען, און ער וועט האָבען דאָפּעלט און פילייכט נאָך מער סטודענטען.

דער הויפּט כוח ליגט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אין וועמעס שפּיץ עס שטייט דער סימפּאַטישער מעיאָר מרדכי נאַמיר. אַליין אַ געבוירענער אין אוקראַינע מיט אַ קנאַפּע זיבציג יאָר צוריק, איז ער אַ גראַדואירטער אַדוואָקאַט און גרויסער עקאָנאָמיסט. ער איז שוין פיר צענדליג יאָר אין א״י. לכתחילה איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון „אחדות העבודה״ אין תל אביב; זינט דעם דעם יאָר 1930 איז ער אַ מיטגליד פון צענטראַל קאָמיטעט פון מפא״י. ער האָט שוין דורכגעמאַכט אַ לאַנגע געזעלשאַפטליכע און נוצליכע טעטיגקייט, זייענדיג אַ ראַטמאַן אין תל־אביב׳ער שטאָט־ראַט, אַ מיטגליד פון גענעראַל קאָונסיל פון אַרבייטער־ראַט אין תל אביב, און שוין אויך געווען ישראל׳ס מיניסטער אין מאָסקווע, אין די יאָרען 1949—1950. ער איז שפּעטער געוואָרען אַרבייטס־מיניסטער, און האָט צו זיין קרעדיט פיל ווערק. עס איז געווען זיין עובדה צוזאַמען מיט דער מוניציפּאַליטעט צו באַשטימען אַ קאָמסיע פון 3 פּערזאָן וועגען דער אויסברייטערונג פון דעם אוניווערסיטעט אין תל אביב, די דריי זענען: משה שרת, וועלכער נויטיגט זיך ניט אין פאַרשטעלען אים פאַר׳ן לייענער, חיים לבנון און דר. משה אבידור. חיים לבנון איז אַ „ספּעץ״ אין אַגריקולטור־פּראָבלעמען, און לעבט שוין אין ישראל קנאַפּע פערציג יאָר. ער איז פאַרזיצער פון תל אביבער האַפען פאַרוואַלטונג און פון דער תל־אביבער ענטוויקלונגס קאָ. ער איז אויך יו״ר פון תל אביבער מוזייאום פאַר אַלטערטימליכקייטען; גרינדער פון „שיכון אזרחי״־הייזער קאָ. ער איז געווען מעיאָר פון תל אביב פאַר נאמיר׳ן 6 יאָר צייט.

וואָס אנבאלאנגט דר. משה אבידור, דעם דריטען פון דער ענגער קאָמיסיע, איז ער הויפּט־דירעקטאָר פון דערציאונגס־מיניסטעריום און קולטור. ער איז אַ בן ששים, געבוירען אין קיעוו, גראַדואירט דעם אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק און קאָלומביא. ער איז אַ האַלבען יאָרהונדערט אין ישראל, געווען לערער אין „הרצליה״ און האָט שוין פאַרעפענטליכט אייניגע חשובע ווערק,

ווי „זעלבסטפאַרוואַלטונג פון אידען אין פּאַלעסטינע", „עם ישראל בארצו ובנכר", און שרייבט בכלל זעהר פיל אויף פאַרשידענע טעמעס. דאָס באַווייזט, אַז די הויפּט־קאָמיסיע פון דעם תל אביבער אוניווערסיטעט באַשטייט פון גרויסע וויסענשאַפטלער און פאָרשער. זי האָט באַשלאָסען, אַז דער יורידישער פאַקולטעט, וואָס פאָרלויפיג אונטער דעם העברעאישען אוניווערסיטעט אין ירושלים, זאָל אַריבערגיין צום תל אביבער אוניווערסיטעט. דאָס איז אויך די מיינונג פון דר. דזשאָרדזש וויז פון אַמעריקע, דעם פּרעזידענט פון אוניווערסיטעט אין תל אביב.

נאַטירליך, קלינגט עס פאָרלויפיג לעגענדאַריש, אָבער דר. וויז איז ביי זיך זיכער, אַז גאָר אינגיכען וועט דער אוניווערסיטעט ציילען פינף טויזענט סטודענטען, און די צאָל וועט אַלץ שטייגען. דער תל אביבער אוניווערסיטעט, האָט אונטערגענומען אַ פּלאַן פאַר די קומענדע 3—5 יאָר, צוריקצוברענגען די ישראל שטודירענדע יוגענד פון אַמעריקע און אַנדערע לענדער, וואוהין זיי זענען געפאָרען לערנען. דערמיט וויל די נייע פירערשאַפט דערגרייכען 2 צוועקען מיט אַמאָל: ערשטענס — שפּאָרען געלד, וואָס די עלטערען דאַרפען שיקען זייערע קינדער אין דער פרעמד, כדי צו קאָנען שטודירען. צווייטענס, וואָס איז נאָך פיל וויכטיגער, דערהאַלטען די יוגענד ביי זיך... גרויסע צאָלען סטודענטען ווערען אַזוי צוגעוואוינט צו די אומשטענדען אין די פרעמדע לענדער, אַז דאָס דערמוטיגט זיי צו פאַרבלייבען דאָרט שוין נאָכ'ן גראַדואירען. פיל יונגעלייט און מיידלעך, וואָס זענען אַוועקפאָרענדיג שטודירען, האָבען געפונען אין פיל פאַלען גוטע מעגליכקייטען איינצואָרדנען זיך אין חוץ־לארץ, און זיי האָבען פאַרלאָפען מדינת ישראל...

האָבענדיג אַן אוניווערסיטעט אין תל־אביב, וועלען הונדערטער יונגע־לייט ניט טראַכטען אין טערמינען פון פאָרען אין דער פרעמד שטודירען, און דאָס וועט זיין אַ גאָר גרויסע מזל ברכה פאַר דער אידישער מדינה.

אזא ערשיינונג זעהען מיר למשל אויך אין קאַנאַדע: טויזענטער גראַ־דואירטע געפינען בעסערע אויסזיכטען איינצואָרדנען זיך אין דער שכנות'־דיגער אַמעריקע, אָדער זיי גייען אַוועק אין אַנדערע לענדער צו געפינען בעסערע לעבענס־באַדינגונגען. דער אוניווערסיטעט אין תל אביב ציילט שוין איבער 300 לעקטאָרען און פּראָפעסאָרען, אונטער דער פירערשאַפט פון פּראָפ. א. קלאַפּשטאָק, און וויצע דירעקטאָר דר. בן ציון כ"ץ. ביידע שטייען זיי אויף דער וואַך און היטען אָפּ דעם אוניווערסיטעט אין אַלע זיינע אַספּעקטען.

דער אוניווערסיטעט־ראָט פון 15 מיטגלידער, טוט נאַטירליך זיין פליכט, און באַשטימט די פּאָליסי פון אוניווערסיטעט־סענאַט, באַהאַנדלט פראַגען פון נייע לעקטאָרען, לערער און געסט־פּרעלעגענטען. ער באַשליסט אויך וועגען נייע קורסען ביים אוניווערסיטעט, די צאָל קאַטעדרעס א. א. וו.

ווי דער העברעאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים, דער טעכניאָן,

דער בר אילן און דער ווייצמאַן אינסטיטוט, אַזוי האָט אויך דער תל אביבער אוניווערסיטעט זיינע פריינד, ד. ה. אַ געזעלשאַפט וואָס עקזיסטירט שוין עטליכע יאָר און העלפט אַז דער אוניווערסיטעט זאָל בליהען.

דער „מפקח" איבער די פינאַנסען, איז אריה לייב פינקוס — דער יו"ר, וועלכער איז אַ מיטגליד פון דער אידישער אַגענטור. ער איז אַן אַדוואָקאַט, געבוירען אין דרום אַפריקע, און האָט גראַדואירט פון יאָהאַנעסבורגער אוני־ווערסיטעט. ער איז געקומען קיין ישראל מיט'ן סוף פון 2־טען וועלט־קריג, און געוואָרען דער דירעקטאָר פון „אל על" (ביז'ן יאָר 1957).

עס איז אויך פאַרהאַן אַ באַזונדער קאַטעדרע אויפ'ן נאָמען פון דר. חיים ווייצמאַן פאַר דער פאָרשונג פון ציוניזם. ס'זענען שוין אָנגעפאַנגען געוואָרען הכנות פאַר אַ מעדיצינישען פאַקולטעט, מיט פאָדערונג צו סטודענטען, אַז זיי דאַרפען האָבען פריהער דורכגעמאַכט אַ דריי יאָריגען קורס אין מעדיצין, און אין תל אביב וועלען זיי קאָנען פאַרענדיגען זייער שטודיום במשך פון אַ 4—5 יאָר, ביז צו ווערען דאָקטוירים.

מען זעט די ליניע פון די אוניווערסיטעט פירער: זיי זוכען אַלע מעגליכע מיטלען אויסצוברייטערן די ראָמען פון דעם אוניווערסיטעט. מען וויל אַריבערציהען דעם יורידישען פאַקולטעט פון ירושלימער אוניווערסיטעט קיין תל אביב, און דר. וויז, צוזאַמען מיט דר. אליהו אילת, פרעזידענט פון ירושלימער אוניווערסיטעט, פאַרהאַנדלען וועגען אַזאַ „בלוטלאָזער אָפּעראַציע"... דר. אליהו אילת, אַליין אַ גראַדואירטער פון העברעאישען אוניווערסיטעט, שטאַמט פון רוסלאַנד, און לעבט שוין אין ישראל אַ פערציג יאָר. ער האָט אויך שטודירט אין דעם אַמעריקאַנער אוניווערסיטעט אין בעירוט, און איז געווען ישראל'ס אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע אין די יאָרען 1'48—1950. ער האָט געשאַפען אייניגע ווערק, ווי: „בעדואינער — זייער לעבען און מנהגים", „עבר הירדן" א. א. פאָרלויפיג שטודירען אין אוניווערסיטעט 40 פראָצענט סטודענטען פון תל אביב, און די אַנדערע זעכציג פּראָצענט זענען פון סאַר־שידענע שטעט אין לענדער. די פּראָפּאָרץ וועט זיך אָבער כסדר ענדערען, ווייל פיל סטודענטען וועלען זיך ציהען קיין תל אביב, וואו דער דופק קלאַפּט זעהר שטאַרק.

גאָר לעצטענס איז געלעגט געוואָרען דער גרונטשטיין פאַר אַ קונסט־הויז, וואָס וועט דינען אַלס פאַקולטעט פאַר קונסט־וויזען און מאַלעריי, און וועט זיין אַן אָנדענק פון דער פאַרשטאָרבענער נאָבעלער פרוי פון מעקסיקע פאַני ווישניאַק ע"ה. דער גרונטשטיין איז געלעגט געוואָרען אין רמת אביב, ביי תל אביב, ניט ווייט פון דעם אוניווערסיטעט.

ביים לעגען דעם גרונטשטיין האָבען זיך באַטייליגט אבא איבן, דער פינאַנס־מיניסטער, דער פּאָליציי־מיניסטער, דער פּרעזידענט פון תל אביבער אוניווערסיטעט, דר. דזשאָרדזש וויס, וועלכער האָט במשך פון גאָר אַ קורצער ציַיט פיל בייגעטראָגען צו דער ענטוויקלונג פון אוניווערסיטעט אין תל אביב.

דער מעיאָר פון תל אביב מרדכי נאמיר, האָט פּאַראויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט סיי דעם אוניווערסיטעט און סיי דעם קונסט־דעפּאַרטמענט. ער האָט דערמאָנט די דריי טויזענד סטודענטן, וואָס שטודירן שוין אין דעם אוני־ווערסיטעט, און דער רעקטאָר ב. צ. כ״ץ האָט באַמערקט, אַז די נײַע געבײַדע פאַר קונסט צוועקן וועט פאַרשטאַרקן די קולטורעלע פאַרבינדונגען צווישן מדינת ישראל און מעקסיקע, צו וועמעס קרעדיט דער נײַער בילדינג איז געווידמעט. דער מעקסיקאַנער אַמבאַסאַדאָר האָט בײַם לייגן דעם גרונטשטיין געגעבן, אין נאָמען פון זײַן רעגירונג, אַ שענע מתנה צום בנין, נעמליך אַ היסטאָרישע סקולפּטור פון 18 מעטער. דאָס בילד איז אַלט אַ טויזענט יאָר, און האָט אַ קאָלאָסאַלן ווערט. דאָס וועט דערמאָנען וועגן פאַרשטאַרקטע געגענזײַטיגע באַציהונגען צווישן בײדע לענדער.

דער אַלגעמײנער שטח פון דעם הויז איז 300 מעטער. אַלס התחלה ווערן קודם אויפגעשטעלט 2 שטאָק, און שפּעטער וועלן געבויט ווערן די אַנדערע עטאַזשן, און מעגליך נאָך בנינים אַלס בײַטראַגען פון מעקסיקאַנער אידישן ישוב. דער בילדינג וועט האָבן אַ ביבליאָטעק וועגן קונסט־וויסן, זאַלן פאַר לעקציעס וועגן קונסט, אַ גרויסע גאַלעריי פאַר בילדער־אויס־שטעלונגען. נאַטירלעך, האָט דער נדבן שמעון ווישניאַק פון זײַן זײַט בײַ־געטראָגן אַ זעהר חשובע סומע געלד, און דער בנין וועט זײַן אַ פּרעכטיגער „אָרנאַמענט" און זעהר ווירדיגער צושטײַער צום יונגען אוניווערסיטעט אין תל אביב, פון גאַנצן מעקסיקאַנער אידישן קיבוץ.

אַכט און דרײַסיקסטער קאַפּיטל

# צוליב וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן „יד ושם"

**ווי אַזוי איז זי געגרינדעט געוואָרן דורכ'ן ועד לאומי. — די טעטיקייטס־ראַם פון „יד ושם" פאַר דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה, — און די אויסגעברייטערטע פאַרמאָסטן נאָך דער גרינדונג. — דער כנסת געזעץ, ניט צו פאַרגעסן דעם אומקום און גבורה וואָס האָט געפונען פאַרקערפּערונג אין „יד ושם".**

די שרעקלעכע אידישע טראַגעדיע אין צענטראַל אייראָפּע בעת דעם צווייטן וועלט־קריג, האָט געפאָדערט אַ דעפיניציע, אַן אויסטייטש, אַ קאָנסע־קווענץ פון דעם שרעקלעכן קאַשמאַר! דאָס האָט געמיינט, ווי זאָל מען פאַר־אייביקן אין זכרון פון פאָלק דעם נייעם „תשעה באב", וועלכער איז פּאַקטיש געווען פיל גרויזאַמער און שרעקלעכער פון אַלע אַנדערע אידישע געדענק־דאַטעס אין אונזער אידישער געשיכטע, זינט מיר זיינען אַ פאָלק געוואָרן! קיין שום תקופה האָט ניט אַוועקגערויבט אַזויפיל אומשולדיקע אידישע לעבנס, קיין שום אַכזר, רוצח און פּיראַט האָט ניט באַוויזן צו פאַרניכטן מיטאַמאָל איבער אַ דריטל פון אונזער פאָלק, ווי דאָס האָט באַוויזן דער טרויעריקער דעמאָן פון אַלע צייטן, אַדאָלף היטלער, ימח שמו וזכרו!

דעריבער איז ביים סוף פון צווייטן וועלט־קריג, ווען מען האָט שוין געזען און דערפילט דעם אומבאַשרייבלעכן חורבן פון אונזער פאָלק, געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן צו שאַפן אַזאַ אינסטיטוציע, אָדער אָרגאַניזאַציע, אונטערן נאָמען „יד ושם", וואָס זאָל זיך ספּעציעל אָפּגעבן מיט'ן צונויפזאַמלען די אַלע מעגלעכע מאַטעריאַלן פון חורבן. און שאַפן אַ זאַמעל־פּונקט וואָס זאָל טראָגן אַ צענטראַל נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

ווי מיר זיינען אינפאָרמירט געוואָרן, איז דער ערשטער, אין וועמענס מוח אַזאַ געדאַנק האָט אויפגעבליצט, געווען מר. שנהבי פון משמר העמק, וועלכער האָט נאָענט פאַר'ן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאָרגעלעגט זיין פּלאַן פאַר'ן הויפּט ביוראָ פון אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, און דער פּלאַן איז תיכף אויפגעכאַפּט געוואָרן פון דעם ציוניסטישן צוזאַמענפאָר, אין אויגוסט 1945, און דעם פּלאַן באַשטעטיקט. עס איז געגרינדעט געוואָרן די אינסטיטוציע, אין שותפות מיט'ן ועד לאומי פון דעם ארץ ישראל'דיקן ישוב וואָס האָט זיך געשטעלט בראש פון דער קערפּערשאַפט.

רעדענדיק צו פאַרשידענע עסקנים פון „יד ושם", האָבן מיר אויסגע־

פונען, אַז די מאַנדאַט מאַכט וועלכע האָט נאָך דאַן באַלעבאַטעוועט איבער פּאַלעסטינע, און במילא איבער ארץ ישראל, האָט אָנגענומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג לגבי דער אינסטיטוציע, ווייל זי האָט ניט געוואָלט העלפן שאַפן אַ פול בילד פון דעם אַלעמען, וואָס האָט פּאַסירט מיט אידן. זי האָט מורא געהאַט אַז איר מאַכט וועט אָפּגעשוואַכט ווערן צוליב די גרעסערע פאָדערונגען פון די אידן, וועלכע האָבן זיך נאָך אַלץ געוואַרעמטביים שיין פון דער באַלפור דעקלעראַציע, וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1917, זי האָט אויך ניט געוואָלט אויפרעגן די אַראַבער, פאַר וועלכע זי האָט נאָך ניט פאַרלוירן איר „רעספּעקט". עס זיינען געווען אַרום פיל מיליאָנען אַראַבער, בעת אידן האָבן זיך געפונען אין ארץ ישראל ניט מער פון 650 טויזנט נפשות... ענגלאַנד האָט שוין דאַן דיסקאָנטירט די מעגלעכקייט, אַז עס וועט זיך אָנפאַנגען אַן אומלעגאַלע איינוואַנדערונג, און מיניסטער בעווין איז געוואָרן דער ביטערסטער געגנער פון אַ פאַרגרעסערטער אידישער עליה קיין ארץ ישראל, און דאָס האָט פאַרשאַפט ענגלאַנד זאָרג, צרות און שאַנד!...

אין קורצן, די ענגלישע פּאָליטיק האָט געזוכט צו פאַרטונקלען, אויב ניט צו אַנולירן דעם גאַנצן פּלאַן פון „יד ושם", און צוליב דעם האָט די אינסטיטוציע לכתחילה ניט געהאַט קיין גרויסן שוואונג און דערפאָלג. דאָך איז די אַרבעט אָנגעגאַנגען, און די זאַמלונג פון זייער וויכטיקע דאָקומענטן פון דעם אידישן חורבן איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, און באַקומען אַ זייער ערנסטן היסטאָרישן ווערט און חשיבות.

מיט׳ן מאָמענט, וואָס מדינת ישראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, און מען איז געבליבן פּטור געוואָרן פון דער מאַנדאַט מאַכט, איז „יד ושם" געוואָרן אַ זאַך פון זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. ווער דען אַנדערש, אויב ניט די אידישע מדינה, איז מחויב צו דערפילן דעם דאָזיקן פליכט פון אויפשטעלן אינ׳ם אייגענעם היימלאַנד אַ נאַציאָנאַלע צענטראַלע ביורא לזכר פון די זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע אידן?

די עובדה דורכצוזעצן דעם פּלאַן אין לעבן, און פאַרווירקלעכן אים אויף אחריות׳פולסטן אופן האָט גענומען אויף זיך דער דאַמאָלסטיקער קולטור מיניסטער, פּראָפ. בן ציון דינור, וועלכער האָט אויסגעאַרבעט אַ געזעץ־פּראָיעקט, אַלס יסוד און ראַם פאַר די אַקטיוויטעטן פון „יד ושם". דאָן איז באַשטימט געוואָרן אַ באַזונדערע קאָמיסיע אויסצופאָרשן די אַלע איינצעלהייטן פון דעם פאַרגעשלאָגענעם פּלאַן, און ווען דער מאַטעריאַל איז געווען צוזאַמענגעשטעלט, האָט די ערשטע ישראל רעגירונג אים אַריינגעבראַכט אין כנסת, כדי פאַרשטייער פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען זאָלן זיך קאָנען אַרויסזאָגן וועגן דעם פּראָיעקט. צום כבוד פון דער כנסת זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אַלע פּאַרטייען און גרופּן האָבן איינשטימיק דעם פּלאַן אָנגענומען און ה׳ אלול תשי״ג (19־טן אויגוסט 1952) איז געשאַפן געוואָרן אַ געזעץ, וואָס פירט צום אָנדענק פון אומקום און גבורה דורך „יד ושם".

מיר גיבן דאָ איבער די אינפאָרמאַציע וואָס מיר האָבן באַקומען, בעסער געזאָגט — נאָר די ראָשי פּרקים פון דעם געזעץ, אין דער אידישער איבערזעצונג, אַז די קערפּערשאַפט איז באַרופן צו געדענקן:

1) די 6 מיליאָן זין און טעכטער פון אידישן פאָלק, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך אַ מאַרטירער־טויט דורך די נאַציס און זייערע אַרויסהעלפער;

2) די משפחות פון אידישן פאָלק, וואָס זיינען אויסגעראָטן געוואָרן דורכ׳ן שונא;

3) די קהלות, שולן, אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן, געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס, אַנשטאַלטן פאַר קולטור, דערציאונג, רעליגיע און וואוילטעטיקייט וואָס זיינען צושטערט געוואָרן מיט דער כוונה אָפּצומעקן דעם נאָמען ישראל און זיין קולטור פון דער ערד;

4) דעם העלדנמוט פון אידן וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר זייער פאָלק אין קדושה וטהרה;

5) די העלדישקייט פון אידישע זעלנער אין די אַרמייען און פון די אונטערערד קעמפער אין די ישובים און וועלדער, וואָס האָבן זייערע לעבנס איינגעשטעלט אין די שלאַכטן קעגן דעם נאַצישן שונא און זיינע אַרויסהעלפער;

6) די גבורה פון די פאַרשפאַרטע אין די געטאָס און די קעמפער, וועלכע זיינען אויפגעשטאַנען און אָנגעצונדן דאָס פייער פון בונט, רעוואָלט, בכדי צו ראַטעווען דעם פאָלקס כבוד;

7) דעם דערהויבענעם און כסדר׳דיקן קאַמף פון מאַסען אידן אויפ׳ן ראַנד פון תהום פאַר זייער אידישן און מענטשלעכן צלם אלוקים;

8) די אַנשטרענגונג, וואָס די געפייניקטע האָבן אומאויפהערלעך גע־מאַכט, כדי זיך דורכצוברעכן אַ וועג קיין ארץ ישראל, און פון דער טריישאַפט און גבורה מצד ברידער, וועלכע האָבן זיך אָנגעבאָטן צו ראַטעווען און באַפ־רייען די לעבן־געבליבענע;

9) אויך דעם אָנדענק פון די חסידי אומות־העולם, וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען אידן.

פון די קורצע עיקרים פון געזעץ וועגן „יד ושם" זעען מיר, אַז דער הויפּט ציל איז געוואָרן — איינזאַמלען אין אידישן היימלאַנד דעם זכר פון אַלע אידן, וואָס זיינען געפאַלן, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען, געקעמפט און זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם נאַצישן שונא און זיינע אַרויסהעלפער. זיי אַלעמען, זייערע קהלות, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס זיינען חרוב געוואָרן ווייל זיי האָבן געהערט צום אידישן פאָלק — זאָל געשטעלט ווערן אַ מאָנומענט.

מהאי טעמו זאָל די קערפּערשאַפט „יד ושם" באַפולמעכטיקט ווערן אויפצושטעלן אַזעלכע אָנדענק ווערק; זאַמלען, פאָרשן אַלע דאָקומענטן וועגן אומקום און גבורה, און דאָס זאָל בלייבן אַ מוסר השכל פאַר אַלע קומענדע אידישע דורות. „יד ושם" דאַרף פעסטשטעלן אין גאַנצן אידישן פאָלק און

אין מדינת ישראל דעם טאָג, אַלס נאַציאָנאַלן געדענק־טאָג וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך דער כנסת.

„יד ושם" דאַרף מיטהעלפן אין אַלערליי אונטערנעמונגען וואָס צילן צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די קרבנות און העלדן; די אינסטיטוציע דאַרף אויך רעפּרעזענטירן מדינת ישראל ביי אינטערנאַציאָנאַלע אונטערנע־מונגען, וואָס ווילן פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די נאַצישע קרבנות און די געפאַלענע אין קאַמף מיט די נאַציס.

פון ריין יורידישן שטאַנדפונקט איז „יד ושם" אַ „געאייניקטע קערפּער־שאַפט", וואָס איז באַפולמעכטיקט צו שליסן אָפּמאַכן, קויפן און פאַרוואַלטן מיט נחלאות, און זיי איבערפירן אין רשות פון אַנדערע, אויך צו זיין אַ צד אין יעדן געריכטלעכן אַקט, ווי אין אַלע מינים געזעלשאַפטלעכע טראַנזאַקציעס.

אין דער שפּיץ פון „יד ושם" שטייט אַ ראַט און אַ פאַרוואַלטונג. דער מלוכה בודזשעט פון מדינת ישראל באַשטימט פון דער מלוכה־קאַסע געוויסע סומען, וואָס דאַרפן געדעקט ווערן דורך די הכנסות פון דער דערמאָנטער באַטייליקונג און דורך דער פינאַנציעלער הילף מצד אַנשטאַלטן און געזעל־שאַפטלעך־נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. „יד ושם" מעג דורכפירן אייגענע אונ־טערנעמונגען, מאָנען אָפּצאָל פון מיטגלידער, אָבאָנענטן און פּאַטראָנייזער. די אַלע אַנדערע מיטלען און מאַטעריעלע הילף קאָן מאָביליזירט ווערן מיט דער באַשטעטיקונג פון דער ממשלה.

דער אָנגענומענער געזעץ אין כנסת איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין געזעץ־פּראָיעקטן זאַמלונג דעם 9־טן טאָג אין ניסן תשי"ג. און איז גע'חתמ'עט פון געוו. פּרעזידענט יצחק בן צבי, דעם דאַמאָלסטיקן אויסערן מיניסטער משה שרת, אַלס פאַרטרעטער פון פּרעמיער, און פון דערציאונגס און בילדונגס מי־ניסטער בן־ציון דינור.

פון דעם קאָן דער לייענער זיך שאַפן אַ באַגריף, אַז די הויפּט־אויפגאַבע פון „יד ושם" איז לויטן געזעץ, אַן ענין פון אויפשטעלן אַן אָנדענק־ווערק „לויט דער אייגענער איניציאַטיוו און אונטער זיין אָנפירונג". דאָס געזעץ גיט אויך דעם „יד ושם" דאָס רעכט צו באַשטעטיקן און צו העלפן שאַפן ווערק פאַר פאַראייביקונג, וואָס וועלן אויפגעשטעלט ווערן לויט דער איניציאַטיוו, אונטער דער לייטונג און אויפ'ן חשבון פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס, אָדער יחידים. קלאָרער געזאָגט — יד ושם האָט דאָס פולע רעכט צו קאָאָפּערירן מיט אַנדערע קערפּערשאַפטן ביי דער שאַפונג פון אַזעלכע ווערק.

מיר האָבן געפרעגט: וואָס האָט „יד ושם" אויפגעטאָן זינט דער גרינדונג?

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלער אַרכיוו און אַ ביבליאָטעק, וואו עס זיינען אויפגעזאַמלט געוואָרן דאָקומענטן, אַקטן, רעשטן, מוסטערן,

פאָטאָגראַפיעס, ביכער, בילדער און פאַרשידענע היסטאָרישע־צייכנס וועגן דעם לעבן פון די קהלות און זייער חורבן.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ בית הכנסת לזכרון פון די טויזנטער שולן און בתי מדרשים, מקומות־התורה און תפילה, וואָס זיינען צושטערט געוואָרן דורך די נאַציס.

עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער „היכל הזכרון" — פאַר די מיליאָנען אומגעקומענע אין די געטאָס, בונקערס און אויסראָטונגס־לאַגערן פון פאַרשי־דענע לענדער, געגענדן און קהלות. דאָס איז די אמת'ע מצבה נאָך די פאַר־שניטענע, וועמענס קרובים און פריינט קומען אָפט צו דעם אָרט, און זיינען זיך מתיחד מיט זייער אָנדענק. עס איז אויך פאַראַן אַ „היכל הגבורה" פאַר די טויזנטער קעמפער פון אידישן פאָלק, וואָס זיינען געפאַלן אין קאַמף מיטן ביטערן שונא, אַלס סאָלדאַטן און פאַרטיזאַנער, אַלס פאַרטיידיקער און בונטאַרן. דאָן קומט דער גל־עד — אַ מין קינסטלערישער מאָנומענט פון ישראל פעלדזן אויפ'ן הר הזכרון, וואָס אַזעלכע ענליכע אָנדענק מאָנומענטן ווערן לעצטנס אויפגעשטעלט אין פיל קהלות אין פאַרשידענע לענדער.

דאָס שעפּט נאָך אַלץ ניט אויס די פולע סכעמע פון פליכטן און אויפ־גאַבן פון יד ושם, ווייל עס איז נאָך פאַראַן אַ סיסטעם פון רעגיסטראַציע פון די קרבנות, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם. די רעגיסטראַציע באַצ וועקט צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די קדושים און גיבורים, זייערע נעמען, וואוינאָרט, און די ווייטערע פּרטים פון זייער לעבן, און ווי אַזוי זיי זיינען אומגעקומען. דאָן געבן זיי אָנדענק־בירגערשאַפט פון מדינת ישראל.

אַזוי אַרום איז יד ושם — דאָס נאַציאָנאַלע אָנדענק־ווערק אין ירושלים — אַ מין מצבה נאָך די זעקס מיליאָן קדושים, וועמענס נעמען דאַרפן זיך גע־פינען אין דעם פנקס פון יד ושם.

אַזאַ אָנדענק־בירגערשאַפט, הגם זי האָט ניט קיין פּרעצעדענט, איז זי אָבער אַ סימבאָל וואָס באַדייט דעם אָנדענק פון קדושים, וועלכע ווערן צונויפ־געבונדן מיט'ן קיום פון דער אומאָפּהענגיקער מדינת ישראל, און אַז זיי זיינען איינגעזאַמלט געוואָרן צו זייער פאָלק, לויט ביבלישן אויסדרוק „ויאספו אל עממ", אין לאַנד פון זייערע אבות.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָבן די אַלע פאָרמען פון פאַראייביקונג דעם זכר פון די קרבנות אַ באַזונדער נאַציאָנאַל־דערציערישן ציל, וואָס מיר האָבן שוין פריער אגב אורחא'דיק באַמערקט, און דאָס מיינט אַז „דאָס פאָלק זאָל זיך אָראָפּנעמען אַ מוסר השכל".

דער שליסל פון די אַלע תקנות און געזעצן געפינט זיך אין די הענט פון דערציאונגס און קולטור מיניסטער, וועלכער קאָן אַרויסגעבן הוספות און תיקונים צו די אַלע דערמאָנטע סטאַטוטן.

נײַן און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער אַפּאַראַט פון „יד ושם"

די סטרוקטור פון דער קערפּערשאַפט. — ווער איז דער בעל־דעה איבער „יד ושם" צו באַשטימען די צאָל באַאַמטע, לוין, אַרבעטס־באַדינגונגען און אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו „יד ושם". — די הויפּט־קאָמיסיעס און הויפּט־אָפּטיילונגען. — די געטאָ־אַרכיוון, די ריזיקע ביבליאָטעק, גביית עדות און אויס־פאָרש־בויגן, באַזונדערס וועגן „די חסידי אומות העולם".

לויט דער אינפאָרמאַציע וואָס מיר האָבן באַקומען ווייסן מיר ניט פון וועלכער עס איז אַנדער אינסטיטוציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ישראל מיט אַזוי פיל אויסרעכענונג, ישוב הדעת, און מיט אַזוי פיל אחריות פאַר די קינפטיקע דורות, ווי דער ריזיקער אינסטרומענט, וואָס רופט זיך „יד ושם". זיינע קאָלאָסאַלע דערגרייכונגען וועלן ערשט אָפּגעשאַצט ווערן פון אונזערע קומענדע היסטאָריקער, און וועלן עדות זאָגן, אַז אונזער דור האָט געהאַט דעם נויטיקן חוש פאַר אידישער געשיכטע, אידישער מאָראַל און עטיק, און באַזונ־דערן פליכט־באַוואוסטזיין לגבי דער אידישער צוקונפט.

„יד ושם", וואָס מיינט אין אידישער אויסטייטשונג „אַ האַנט און אַ נאָמען", איז אַן אינסטיטוציע פון אַ זייער גרויס באַדייטונג, און אַ מעכטיקער פאַקטאָר אין אונזער אידישער אויפפאַסונג און אָריענטאַציע. אויף פשוטן פאָלקסטימלעכן אידישן לשון זענען מיר געוואוינט צו נוצן דעם אויסדרוק: „עס האָט אַ האַנט און אַ פוס". עס וואָלט אָבער ניט פינקטלעך געקלונגען אין העברעאיש „יד ורגל" — דעריבער איז דער נאָמען „יד ושם" אַ מער צוגעפּאַסטער, אַ מער ענטשפּרעכענדער, און אַזוי איז ער אַריין ניט בלויז אין אונזער „פאָלקס־אַרכיוו", נאָר אין אונזער האַרץ און נשמה. „יד ושם" איז היינט די אָנערקענטע אידישע אינסטיטוציע, וועלכע רעדט צום האַרצן פון אונזער פאָלק, וועקט אין אונז שווערע ערינערונגען פון דער קאַשמאַר־עפּאָכע, וואָס אונזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט צוליב דעם היטלער מבול פון בלוט און טרערן, פּיין און עלענד! „יד ושם" איז אונזער צעווייטיקטער געוויסן וואָס פּייניקט די צעריסענע נשמה, און נאָר אַזאַ שטאַרק און באַהערשט פאָלק ווי מיר זיינען, קאָנען אין דעם ים דאָקומענטן און ביכער פון „יד ושם" זוכן אַן ענטפער אויף דער שווערסטער אידישער דילעמאַ, אויף דעם שבר בת עמי!

דאָס האָט מיטגעווירקט, אַז די אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור פון „יד ושם" זאָל זיין היבש קאָמפּליצירט, שטרענג אויסגעפּלאַנירט, און זאָל זיך שטיצן

אויף מאַסגעבנדע פאַקטאָרן, וועלכע זיינען מאָראַליש פאַרפליכטנד, און צו וועלכע מען מוז האָבן דעם נויטיקן צוטרוי און דרך ארץ. לויט די תקנות וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ספּעציעלער זאַמלונג, און רופט זיך אין העברעאיש „קובץ התקנות״ (אין אידיש דאַרפן זיי זיך רופן סטאַטוטן־זאַמלונג, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 28־טן יאַנואַר 1954), דאַרף די פירערשאַפט פון יד ושם באַשטיין העכסטנס פון ניינצן מיטגלידער וואָס שליסן איין אויסער דעם דערציאונגס און קולטור מיניסטער, נאָך דריי מיניס־טאָרן, וועלכע די רעגירונג באַשטימט. עס דאַרפן אויך זיין דריי פאַרשטייער פון דער אידישער אַגענטור איין פאַרשטייער פון קרן קימת לישראל דער פרעזידענט פון דעם אידישן וועלט קאָנגרעס, און נאָך אַ באַגרענעצטע צאָל מיטגלידער, וועלכע דאַרפן באַשטימט ווערן אויף אַ משך פון דריי יאָר דורך דעם דערציאונג און קולטור מיניסטער. אין דער מאַכט פון די ניינצען פערזאָן ליגט דאָס גאַנצע וועזן פון „יד ושם״, ווייל זיי דאַרפן באַשליסן די הויך פון בודזשעט פאַר׳ן יאָר; וויפיל אַנגעשטעלטע זאָלן אַרבעטן, און וואָסערע שכירות זיי זאָלן באַקומען פאַר אַזוי פיל און אַזוי פיל אַרבעט; די צאָל קאָמי־סיעס פון יד ושם דאַרף אויך באַשטימט ווערן פון דעם אַזוי גערופענעם „פּלענום״ פון ניינצען, און בכלל אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט דער אינסטי־טוציע „יד ושם״, דאַרף געפירט ווערן מיט גרויס אחריות און דיסציפּלין.

אויף וויפיל די מיטגלידער פון דער לייטונג זיינען וויכטיק, קאָן מען אָמבעסטן אורטיילן פון דעם פאַקט, וואָס זייערע נעמען דאַרפן, לויט די תקנות פאַרעפנטלעכט ווערן אין די אָפיציעלע „רשומות, ילקוט הפרסומים״, וואָס מיינט אין אָפיציעלן פובליקאַציע אָרגאַן פון דער ישראל רעגירונג ווי ס׳איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 25־טן פעברואַר 1954.

וויכטיקע זיצונגען פון דער לייטונג קומען פאָר פיר מאָל יערלעך, און דער ענגערער עקזעקוטיוו קאָמיטעט קומט זיך צונויף איין מאָל, העכסטנס צוויי מאָל אין וואָך. וואָס אַנבאַלאַנגט דער צאָל מיטגלידער אין ראָט, איז דאָס אָפּהענגיק פון אומשטענדן און נויטווענדיקייטן. עס דאַרף ניט זיין ווייניקער פון פופציק, אָבער עס קאָן אויך זיין ביז זיבציק, און דער תנאי איז, אַז אַ העלפט פון זיי מוז זיין אַ ישראל עלעמענט, ד.ה. וואָס לעבט אין מדינת ישראל פערמאַנענט. די אַנדערע קאָנען זיין פון חוץ לארץ. דער דאָזיקער ראָט מוז ווייניקסטנס זיך צונויפקומען איין מאָל אין יאָר, אין ירושלים.

ביז איצט האָט די לייטונג אויסגעוויילט צוויי העכסט־וויכטיקע קאָמי־סיעס; איינע, וואָס איז קוואַליפיצירט אַלס באַראַטונגס קאָמיסיע פאַר דאָקו־מענטאַציע, און באַשטייט פון 18 מיטגלידער, וואָס דער רוב איז פון ישראל און די איבעריגע פון די תפוצות. די דאָזיקע דאָקומענטאַציע־קאָמיסיע פאַר־נעמט זיך אויסשליסלעך מיט זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן, מיט פאָרשונג און פאַראייביקונג. די צווייטע, די אַזוי גערופענע „פּאַריטעטישע קאָמיסיע״ באַשטייט פון צוויי פאַרשטייער פון „יד ושם״, צוויי — פון קרן קימת לישראל

און אין פאַרשטייער פון אויסערן מיניסטעריום. איר הויפּט עובדה איז צו קאָנ־צענטרירן און אָנפירן מיט די בשותפות׳דיקע טעטיקייטן לויט דער פאַרשטענדניש צווישן די צדדים.

לאָמיר איצט וואַרפן אַ בליק אויף דעם הויפּט ביוראָ אין ירושלים, און זען, ווי דער אַפּאַראַט אַרבעט. קודם כל — איז דאָ אַ מנהל, אַן עקזעקוטיוו דירעקטאָר, וועלכער דיריגירט מיט דעם גרויסן פאַרצווייגטן אַפּאַראַט פון „יד ושם״; אין דעם הויפּט ביוראָ, אין דעם „קדש הקדשים״ פון „יד ושם״ זענען פאַראַן דער צענטראַלער אַרכיוו, און די ביבליאָטעק וואו עס געפינט זיך די ליטעראַטור וועגן דער נאַצי תקופה און אירע שווידערלעכקייטן, וואָס דערציילן פון אידן־אויסראָטונג. די דאָזיקע ביבליאָטעק איז פון דער גרעס־טער וויכטיקייט פאַר אונזער „היינט״ און פאַר אונזער „מאָרגן״, דאָס איז ניט נויטיק צו דערציילן. די ביבליאָטעק וואַקסט פון טאָג צו טאָג. בלויז דאָס מאַכן אַ קאַטאַלאָג פון אַזאַ פאַך־ביבליאָטעק, וואו עס איז קאָנצענטרירט דער גאַנצער ליטעראַרישער מאַטעריאַל, איז איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן, און איז פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות. מען דאַרף האָבן אי דעם ריכטיקן פאַכמאַן צו טאָן די אַרבעט, און אי די נויטיקע צייט, וואָס דאָס מיינט · גרויסע געלט־הוצאות.

פון די טיילווייזע קאַטאַלאָגן פון דער ביבליאָטעק קאָן מען שוין באַקו־מען אַ באַגריף, וואָס די ביבליאָטעק פאַרמאָגט. דאָרט זעט איר ביכער זאַמ־לונגען פון אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור אַפּאָלאָגעטיק, וואָס מיינט ליטעראַטור וועגן שנאַת־ישראל, זאַמלונגען וועגן דעם צווייטן וועלט־קריג און די רדיפות אויף אידן. אָט איז אַ ווינקעלע מיט ביכער וואָס שילדערט דעם גיהנום אין די געטאָס, די גבורה פון די פּאַרטיזאַנער. איר מערקט אויך ביכער און פּאַמפ־לעטן וואָס גיבן איבער וועגן די פאַרשידענע משפּטים קעגן די מלחמה־פאַר־ברעכער, וועגן געראַטעוועטע פּליטים אאַ״וו. דער גרעסטער טייל פון די ביכער טראָגט די נעמען פון די, וואָס האָבן זיי אָוועקגעשאָנקען פאַר דער ביבלי־אָטעק, און נאַטירלעך, זיינען צווישן די ביכער פאַראַן געוויסע זעלטנהייטן, וואָס מען קאָן היינט פאַר געלד ניט באַקומען.

צו שרייבן באַריכות וועגן דער ביבליאָטעק פון „יד ושם״ אָדער וועגן דעם צענטראַלן אַרכיוו, וואָלט געמיינט אַרויסגעבן אַ פּיל־בענדיק ווערק, ווייל די ביכער און דאָקומענטן זיינען שוין ווייט ניט קיין „שטומע עדות״, נאָר זיי פאָדערן אויפמערקזאַמקייט, אַכטונג און רעספּעקט, און איבערהויפּט פּירסום, למען ידעו דור אחרון... אַ טוריסט קאָן נאָר באַגייסטערט ווערן און מיטנעמען אַ היבשע דאָזע האַרצווייטאָג, זעענדיק דעם קוואַל פון אידישע יסורים, איבער־נאַטירלעכע איבערלעבונגען און שווידערלעכקייטן, וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַז־יע קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, און אויך מיר האָבן דאָס מיט ניט קיין לייכטן געמיט אויפגענומען...

די אָפּטיילונג פון אויפקלערונג און די רעדאַקציע פון „ידיעות״ און

דער באַזונדער דעפּאַרטמענט פאַר עדות אויספרעגן (גבית עדות). איז אַן ענין מערסטינס פאַר שרייבער און היסטאָריקער. אין זעלבן ביורא געפינט זיך אַ ווירטשאַפט אָפּטיילונג, אַ טעכנישער סעקרעטאַריאַט, אַ בוי־אָפּטיילונג, און אַלץ איז אָרגאַניזירט; איבער דעם גאַנצן אַפּאַראַט שוועבט דער גייסט פון אַ וויסנשאַפטלעכן ראַטגעבער, וועלכער איז דער „שליסל" פון אַרכיוו, ביבליאָטעק, וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און פּובליקאַציעס.

פון דעם הויפּט ביורא קומען דירעקטיוון און אָנווייזונגען צו די לאַנד קאָמיטעטן סיי אין ישראל און סיי אין דער דיאַספּאָרא. ווי אָנצוגיין מיט רע־גיסטראַציעס פון דאָקומענטן וועגן אומגעקומענע אידן, אָדער ווי זאָל מען זיך נוהג זיין ביים אויפנעמען דאָס עדות זאָגן און ווי זאָל מען בכלל זאַמלען מאַ־טעריאַלן פון היסטאָרישן און מוזייאישן כאַראַקטער, וואָס דאָס העלפט „יד ושם" צו ווערן דאָס, פאַר וועלכן צוועק ער איז געשאַפן געוואָרן, און ווי ער זאָל קאָנען רעאַליזירן זיינע צילן און אויפגאַבן.

ווען מען נעמט אין באַטראַכט אַז די גאַנצע מאַשינעריע און סטרוקטור פון „יד ושם" איז ערשט אַלט אַ וואָסערע 10 יאָר, און וואָס עס איז שוין אויפ־געטאָן און אויפגעזאַמלט געוואָרן, באַקומט מען אַ באַזונדערן יראת הכבוד און דרך ארץ פאַר די שעפער און טרוימער פון דער אינסטיטוציע. ערשט סוף חודש יולי 1954 איז געלעגט געוואָרן דער גרונטשטיין אויפן הר הזכרון פאַרן צענט־ראַלן אַרכיוו און ביבליאָטעק, מיט דער באַטייליקונג פון פּרעזידענט יצחק בן צבי, פאָרזיצער פון כנסת, רעגירונגס מיטגלידער, זיילן פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און פון ציוניסטישן אַקציאָנס קאָמיטעט, מיטגלידער פון כנסת, פאָרשטייער פון דער שארית הפליטה, קעמפער פון די געטאָס און וועלדער, דעלעגאַטן פון „פאַרבאַנד פון די אידישע וועלט אָרגאַניזאַציעס" און סתם אידן, וואָס האָבן געהאַט אַ חוש פאַר אַזאַ פאָלקס־אינסטיטוציע, צי וועלכער קיינער קאָן ניט בלייבן גלייכגילטיק — און ס'איז שוין ווירקליך פיל דערגרייכט געוואָרן...

די אַרבעט האָט זיך גלייך אָנגעפאַנגען מיט גרויס ברען. „יד ושם" האָט זיך פאַרנומען קיין צענטראַל און דרום אַמעריקע און אָנגעפאַנגען אַן אַקציע צו רעגיסטרירן די אומגעקומענע אין דער היטלער תקופה. באַטירלעך איז אויס־געאַרבעט געוואָרן אַ געוויסער פאָרמולאַר מיט פאַרשידענע פראַגן.

די זאַמלונגען אין דעם צענטראַלן אַרכיוו רופן אַרויס ממש באַוואונדע־רונג פאַר דער מיזאַמער און אחריות'פולער אַרבעט, וואָס ווערט אַריינגעלעגט. די קאָנצענטראַציע פון דעם מאַטעריאַל און די קלאַסיפיקאַציע פון דאָקומענטן, די סעגרעגאַציע און קאַטאַלאָגירונג, — דאָס פאָדערט ניט בלויז מענשלעכע אַרבעט, צייט און שכר, נאָר שטייגט אַריבער יעדן באַגריף פון מסירת נפש, ליבע צום פאָלק און צום אידישן עתיד...

פון די סאַמע וויכטיקסטע קאָמפּלעטן זיינען די זאַמלונגען פון דער היס־טאָרישער קאָמיסיע אין מינכען, וואָס איז געגרינדעט פון שארית הפליטה

און וואו מען געפינט שוין מאַטעריאַלן פון יאָר 1945. עס קומט זיכער גרויס אָנערקענונג צו יענע פּיאָנירן, וועלכע האָבן פאַרוואָרפן די ערשטע קערנדלאך פאַר אַזאַ זאַמלונג, וואָס האָט זיך געצייגן דריי יאָר. און דאַן אַריבער צום אַרכיוו פון „יד ושם״. דאָרט געפינען זיך טויזנטער דייטשע אָפיציעלע פאַראָרדנונגען און אַקטן וועגן דער אויסראָטונג פון דייטשן אידנטום. דאָרט איז אויך פאַראַן אַ זאַמלונג פון טויזנטער בילדער און פאָטאָגראַפיעס וועגן אידישן לעבן אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע. אַן אוצר פון געטאָ־לידער און גראַמאָפאָן פּליטעס.

לויט ווי „יד ושם״ האָט אונז אינפאָרמירט, איז דער דאָזיקער רייכער מאַטעריאַל געזאַמלט געוואָרן דורכן „אידישן צענטער אין סלאָוואַקיע״, וועלכער איז געווען טעטיק אין דער חורבן תקופה, און זיך פאַרנומען מיט דאָקומענטאַציע. דעריבער זיינען דאָרט אויך פאַראַן דאָקומענטן פון דער סלאָוואַקישער רעגירונג, ווי זי האָט געלייזט די אידן־פראַגע... עס זיינען אויך פאַראַן פיל דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן משפטים און אורטיילן פון די סלאָוואַקישע געריכטן נאָך דער מלחמה, דאָקומענטן פון פּאַרטיזאַנישע שריט אין סלאָוואַקיע, א.א.וו.

אין די לאַבירינטן פון פאָרשונג, געפינט מען אויס, אַז די דערמאָנטע זאַמלונג שטאַמט בעיקר פון געוועזענעם „דאָקומענטאַציע־צענטער״ אין ווין. זיכער פעלן דאָרט ניט אויס דאָקומענטן פון די נאַצישע פאַרברעכענס אין עסטרייך, פּוילן, ליטע און אַנדערע לענדער. — שפּעטער זיינען צוגעקומען זאַמלונגען, וואָס דערציילן שוין וועגן די חנ׳עוודיקע „מעשים״ פון היטלערן, הימלערן, ראָזענבערגן און אַנדערע, ווי צו לייזן די אידן־פראַגע. דאָרט זיינען שוין אויך פאַראַן זאַמלונגען פון די „יודנראַטן״ אין לאָדזש, ווילנע, און אַנדערע שטעט. אויסער דעם אַלעמען איז דאָרט קאָנצענטרירט אַ זאַמלונג פון דאָקומענטן פון אידישע אונטערערדישע אַרכיוון, אומלעגאַלע צייט־שריפטן, פאָרשונגען, מאָנאָגראַפיעס...

די אָרגאַניזאַציע „יד ושם״ האָט שוין געשלאָסן אַצאָל וויכטיגע פאַרשידענע אָפּמאַכן מיט גרויסע אידישע אינסטיטוציעס, כדי צו פאַרלייכטערן די אַרבעט, און דערמעגלעכן אַ דאָקומענטן־אויסטויש מיט אַזעלכע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן שוין אַ היבשע פאַרגאַנגנהייט פון ערנסטער מעטיקייט. אַזעלכע אָפּמאַכן האָט יד ושם מיט דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, מיט דעם אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, מיט דעם דאָקומענטאַציע צענטער אין פּאַריז און אַנדערע נאַציאָנאַלע מוסדות. נאַטירלעך, איז יעדער אָפּמאַך אַן און פאַר זיך פון באַזונדער אינטערעס, און מיר וועלן די דאָזיקע פּרטים ברענגען אין אונזער ווייטערן אַרטיקל, אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, אַז יעדער געזעלשאַפטלעכער מענש, יעדער עסקן ציבורי דאַרף און מוז וויסן, וואָס „יד ושם״ טוט, און וועלכע גרויסע פאָלקס אינסטיטוציעס קאָאָפּערירן מיט אים אויפן געביט פון דערגענצן איינע די אַנדערע אין דער אומנאַטירלעך שווערער אויפגאַבע, צו פּרעזערווירן די געשיכטע פון אונזער דור פאַר אַלע קומענדע דורות נאָך אונז...

פערציקסטער קאַפּיטל

# די פאַרבינדונגען צווישן „יד ושם" און אַנדערע צענטערן

**די פאַרבינדונגען מיט דעם קק"ל, ייוו"א, דאָקומענטאַציע צענטער אין פּאַריז א. אַ. וו. — די אויפגאַבע פון „יד ושם" וועגן אַן אָנדענק טאָג פון אומקום און גבורה. — פּובליקאַציעס, וועלכע וועלן ניט דערלאָזן אידישע שונאים צו טרייסטן זיך, אַז אַלץ וועט פאַרגעסן אָדער שוואַכער ווערן, לויט ווי זיי צילן דאָס צו דערזוייזן. — די נאַציִשע אכזריות'ן, וואָס וועלן דורך „יד ושם", אייביק שטעמפּלען דייטשן, אַלס מערדער פון דער ערשטער קאַטעגאָריע.**

די ריזיקע און פיל פאַרצווייגטע אַרבעט פון „יד ושם" באַקומט אַ באַזונדער אָפּשפּיגלונג אין די פאַרשידענע קוועסטיאָנאַרן (אויספרעג־בויגן) וואו עס ווערן אָנגעגעבן צענדליקער פראַגן, וועלכע דאַרפן באַקומען ענטפערס. עס וואָלט געוען גענוג צו דערמאָנען דעם פרעג־בויגן וועגן גביית עדות, וואָס ציילט איין און דרייסיק פראַגן, און מען וואָלט זיך לייכט איבערצייגט אין דער טענדענץ און פּינקטלעכקייט פון דער פאָרשונגס אַרבעט, וועלכע „יד ושם" זוכט ניט צו פאַרקלענערן, אָדער פאַרגרעסערן לויט דעם מהות און וויכטיקייט פון די פראַגן און ענטפערס. מען קאָן נאָר זען אַ טיף־מאָראַלישן פליכט פעסטצושטעלן זאַכן לויט דער ווייט־מעגלעכסטער פּינקטלעכקייט, און דערהאַלטן דאָס אין אַרכיוו פון אידישן פאָלק, וואָס מיינט אין געגעבענעם פאַל — אין „יד ושם" — דעם גרעסטן דאָקומענטאַציע צענטער, וואָס מיר פאַרמאָגן הייַנט צו טאָג.

לשם אָריענטאַציע, וועלן מיר דערמאָנען בלויז אייניקע פראַגן פון דעם גביית־עדות־קוועסטיאָנער, וועלכע מיר האָבן באַלד אויפן אָרט געלייענט; ווי וויכטיק די פראַגן זיינען, און צו וואָס זיי צילן. אַזוי, למשל דאַרף מען ענטפערן אויף פראַגן: „אין וועלכער מאָס זיך באַטייליקט אין די טעטיקייטן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג פון די געטאָס, לאַגערן, פּאַרטיזאַנקעס?" אָדער: „דער פּערזענלעכער צוזאַמענשטיל פון דער אונטערערדישער גרופּע, איר צאָל מיטגלידער און נאָמען, די באַוועגונג פון דער גרופּע, שלאַכטן און צוזאַמענשטויסן. אָנטייל פון דער גרופּע אין סאַבאָטאַזש און שפּיאָנאַזש. קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן ניט־אידישע און אידישע קעמפער אין דער געמישטער גרופּע. ווען און ביי וועלכע אומשטענדן די גרופּע איז באַפרייט געוואָרן",

וכדומה פראַגן, וועלכע גיבן אַ קלאָר בילד פון גביית עדות, ווען מען ענטפערט אויף זיי אַלע (21 פראַגן אין צאָל).

ענלעך זיינען די פראַגע בויגנס וועגן אַנדערע פּראָבלעמען, ווי למשל: ווער זיינען געווען די בעסערע קריסטן, וואָס האָבן געהאָלפן די אידן, די אַזוי גערופענע „חסידי אומות העולם"? עס איז אויך פאַראַן אַ ספּעציעלער קוועסט־יאָנאַר פאַר עדות פון געטאָ־געראַטעוועטע, און יעדער קוועסטיאָנאַר איז אויס־געאַרבעט שטרענג, תכלית׳דיק, כדי אַרויסצובריינגען וואָס בולטער דאָס בילד פון דער געגעבענער סיטואַציע און די רשעות פון די נאַציס.

אַט פאַרוואָס „יד ושם" האָט געפונען פאַר נויטיק צו אַריינגיין אין פאַר־בינדונגען מיט אַנדערע אידישע פריערדיקע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס הגם זיי האָבן ניט געהאַט דירעקט צו טאָן מיט געטאָס, בונקערס, גאַז קאַ־מערן, פּאַרטיזאַנקעס וכדומה — האָבן זיי אָבער דאָך שוין געהאַט געוויסע דאָ־קומענטן פון פאַרשידענע מלחמה עפּיזאָדן, וואָס זיינען זיי איבערגעגעבן גע־וואָרן פון אַ סך געראַטעוועטע מענטשן. דער קק"ל האָט דאַריבער געפונען פאַר נויטיק צו פאַרבינדן אַ געוויסע טעטיקייט מיט די אויפגאַבן פון „יד ושם". דער אָפּמאַך מיטן קק"ל לויטעט, אַז עס ווערט באַשטימט אַריינצונעמען דעם „יער־הקדושים" אַלס אינטעגראַלן טייל, און דאָס זעלבע אויך דעם „יער־הגבורה" לזכר פון די קעמפער.

נאָך אַ וויכטיקער פּונקט אין אָפּמאַך מיטן קק"ל איז דאָס, וואָס ער וועט שטעלן אין רשות פון „יד ושם" זיין גאַנצן פּערסאָנאַל אין אַלע לענדער, כדי צו העלפן פאַרשרייבן די נעמען פון די קדושים, גבורים, און אַרויסגעבן באַ־שטעטיקונגען, אַז דער פאַרשריבענער האָט באַקומען די אַנדענקונגס־בירגער־שאַפט פון מדינת ישראל, אויב דאָס וועט דורך אַ ביטע פאַרלאַנגט ווערן. דער קק"ל זאָל פלאַנצן בוימער אין „יער הקדושים", און פאַרשרייבן אין „קעמפער־בוך", די נעמען, און דערצו אויך פלאַנצן בוימער אין „יער הגבורה"...

דאָס ווייזט אויף דער אָנשטרענגונג פון „יד ושם" צו באַקומען אַן אחיזה אינערהאַלב פון דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, אויף וויפיל דאָס קאָן העלפן פּאָפּולאַריזירן און ברענגען מאָראַלישע נוצן „יד ושם".

אַ מער פאַרצווייגטער אָפּמאַך איז געשלאָסן געוואָרן פון „יד ושם" מיט׳ן ייווו"א (אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט), דעם 5־טן יאַנואַר 1955, לויט וועלכןביידע אינסטיטוציעס דאַרפן שאַפן בשותפותדיקע ווערק צום אָנדענק פון חורבן און גבורה־קרבנות.

פאַרן ייווו"א איז די אַרבעט פּאַקטיש שוין געווען ניט קיין נייעס, ווייל ער האָט זיך שוין היבשע עטלעכע יאָר אָפּגעגעבן מיט זאַמלען, באַאַרבעטן און פאַרעפנטלעכן דאָקומענטאַרישן מאַטעריאַל פון דער חורבן־עפּאָכע. דעריבער איז געווען מער, ווי לאָגיש, אַז אום צו שפּאָרן טאָפּעלטע אַרבעט, קאָנצענטרירן און סעגרעגירן און במילא אויסגעבן גרעסערע געלד־סומען אויף אַזעלכע דופּ־ליקאַציעס, — אויסצושטרעקן אַ האַנט איינע די אַנדערע און שאַפן אַן אַבלי־

גאַטאַרישן אָפּמאַך: איבערצוגעבן קעגנזייטיק פולע אינפאָרמאַציע וועגן זייערע פּלענער און טעטיקייטן; קאָפּיעס פון וויכטיקע דאָקומענטן, וואָס זיי פאַרמאָגן, און אין סך הכל צוצוגרייטן עטלעכע בשותפותדיקע פּובליקאַציעס. נאַטירלעך, האָט דאָס געפאָדערט צו שאַפן אַ בשותפות׳דיקע קאָמיסיע פון „ייוואָ״ און „יד ושם״ פאַרשטייער, און עס זענען שוין פאַראַן גאַר קענטיקע רעזולטאַטן פון דער אחריות׳פולער אַרבעט.

צווישן אַנדערע געמיינזאַמע אויפגאַבן איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצואַרבעטן אַ ביבליאָגראַפיע פון דער גאַנצער חורבן ליטעראַטור, אין העברעאיש, אידיש און ענגליש, וואָס זאָל ענטהאַלטן אין זיך די דריי הויפּט עטאַפּן: דער־נענטערונג פון חורבן, לויט דעם צייט־אָפּשניט פון 1920 ביז 1955; — דעם אָנהויב פון חורבן אין די זעקס יאָר, זינט היטלער איז געקומען מיט זיין פאַר־ביסענעם קאַמף קעגן אידן, נעמליך די יאָרן 1933־1939, און דעם סאַמע חורבן אין אַלע זיינע גרויליקייטן, אין די יאָרן 1939 ביז 1945. דערצו האָט זיך געפאָדערט צוצוגרייטן אַ גענויעם קאַטאַלאָג פון גאַנצן אַרכיוו מאַטעריאַל פון חורבן, לויט די אַנגעזאַמלטע דאָקומענטן אין ייוואָ, אין „יד ושם״ און אין אַנ־דערע אינסטיטוציעס, כאָטש אַזאַ מאַטעריאַל לאָזט זיך קיינמאָל ניט אויסשעפּן, ווייל עס געפינען זיך אַפילו גאָר וויכטיקע דאָקומענטן און איבערבלייבעכצן פון חורבן אין אַזעלכע ערטער, וואָס מען האָט זיי נאָך ניט אַנטדעקט. אויב מען האָט זיי שוין יאָ אַנטדעקט, גיט מען זיי ניט אַוועק, צום „יד ושם״ און ניט צום ייוואָ. ווי דאָס איז למשל דער פאַל מיטן איינציק־פאַרבליבענעם שטיין פון דער טלאָמאַצקער שול אין וואַרשע, וואָס געפינט זיך אין רשות פון דער מאַנטרעאַלער אידישער פאָלקס־ביבליאָטעק, וועגן וואָס מיר וועלן נאָך שרייבן באַזונדער.

איינער פון די פונקטן פון ייוואָ״־„יד ושם״ אָפּמאַך איז צו שאַפן אַ „פּנקס הקהלות״ וועלכער וועט דינען אַלס אַ מין געאָגראַפישער און היסטאָרי־שער לעקסיקאָן. יעדע קהילה וועט באַזונדער געשילדערט ווערן אינם פּנקס: די צייט, ווען און ווי לאַנג זי האָט עקזיסטירט און ווען און ווי אַזוי זי איז חרוב געוואָרן.

די קאָמפּליצירטע אַרבעט האָט געפאָדערט ניט בלויז צו פאַרנעמען זיך מיט איר אין ירושלים, נאָר אויך האָבן אַן אָפּטייל אין ניו יאָרק. צו יענער צייט האָט דר. פ. פרידמאַן איבערגענומען די פליכטן פאַר דער ביבליאָגראַפיע, און דר. יעקב שאַצקי — פאַרן קאַטאַלאָג. — ליידער —ביידע היינט אויפ׳ן עולם האמת...

ווען די אַרבעט איז שוין געווען גוט איינגעפּעדימט, האָט „יד ושם״ גע־שלאָסן אַ נייעם אָפּמאַך מיטן „דאָקומענטאַציע־צענטער״ אין פּאַריז, וועלכער איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן פון ה׳ שניאורסאָן, און האָט זיך אויך פאַרנומען מיט זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן, ספּעציעל וועגן אומקום פון פראַנצויזישע אידן. דער אָפּמאַך האָט געלויטעט, אַז יעדער דאָקומענטאַרישער מאַטעריאַל,

אין וועלכער שפּראַך ער זאָל ניט זיין, אויב ער געפינט זיך נאָר אין באַזיץ פון „דאָקומענטאַציע־צענטער" דאַרף איבערגעפירט ווערן צום „יד ושם" אין ירושלים. אין אָריגינאַל, עווענטועל אין קאָפּיעס. דער „צענטער" מעג אָבער פון זיין זייט אויך פאָדערן פון „יד ושם", אַז ער זאָל איבערשיקן קאָפּיעס פון זיינע מאַטעריאַלן קיין ניו יאָרק. עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז צווישן „יד ושם" עקזיסטירט אויך אַ מין האַלב־אָפיציעלע פאַרשטענדעניש מיט דעם בר אילן אוניווערזיטעט, לויט ווי דר. טוביה בר אילן האָט אונז בשעתו באַמערקט.

עס איז אַ ניט קיין צו פיל פאַרצוויייגטע קעגנזייטיקע פאַרבינדונג, אָבער עס קומט זייער אָפט אויס צו ווענדן זיך צום „יד ושם" וועגן געוויסע חורבן־דאָקומענטן, וועלכע דאַרפן באַקומען אַ גענויערע באַלויכטונג אין דעם אוניווער־זיטעט. דאָס זעלבע פּאַסירט אויך, ווען „יד ושם" ווענדעט זיך צום בר־אילן אוניווערזיטעט מיט געוויסע אָנפראַגעס אָדער אויפקלערונגען וועגן געוויסע דאָקומענטן, בראָשורן, פּאַמפלעטן און אַנדערע דרוק־זאַכן, אָדער פּשוטע פאַר־צייכענונגען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אין די פאַרשידענע לאַגערן, אומקום־פּלעצער, און זענען דורך ניסים אויסבאַהאַלטן געוואָרן, און דערגרייכט דעם בר אילן.

אָפּשטעלנדיק זיך אויף דעם יום הזכרון, זיינען מיר אינפאָרמירט גע־וואָרן, אַז אין אַפּריל 1959 האָט די כנסת אָנגענומען דעם יום הזכרון אַלס חורבן און העראָאיזם אַקט, צוגעבנדיק אַ לעגאַלן כאַראַקטער צו דעם טאָג פון 27־טן ניסן. מהאי טעמו פירט דורך „יד ושם" אין דעם דערמאָנטן טאָג פאַר־שידענע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, און עס ווערן פאַרעפנטלעכט נייע פאַקטן און פּאַסירונגען אין דעם פעסטגעשטעלטן טאָג פון כ"ז ניסן, פאַקטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער צייט פון חורבן. עס ווערט אויך געצילט אויפצוהאַלטן אַ נאָענטן קשר מיט אַלע אימיגראַציע קערפּערשאַפטן, אָרגאַניזאַציעס פון קעמפער א. א. וו.

די ביבליאָטעק פון „יד ושם" האָט אויסערגעוויינלעכע זאַמלונגען פון דאָקומענטן, און ביכער, וואָס ציילן זיך שוין אין פיל צענדליקער טויזנטער. דאָס דערמעגלעכט איר אַרויסצוגעבן פון צייט צו צייט אייגענע זאַמלונגען און פּובליקאַציעס, וואָס דינען די אינטערעסן פון פאָרשער און היסטאָריקער, אַרויסגעבער פון קהלה פּנקסים, פון וועלכע „יד ושם" האָט שוין אַ באַזונדער רייכע קאָלעקציע. דאָרט ווערן פאַרעפנטלעכט די בלוטיקע שריט פון די נאַציס, און זייער אַ סך פּרטים פון אידישע קאַמפן מיט די ביטערסטע תליונים, וואָס די געשיכטע פון דער מענטשהייט האָט אַמאָל צוגעזען...

די זאַמלונגען פון „יד ושם", וואָס ווערן גערופן מיטן אַלגעמיינעם נאָ־מען „ידיעות יד ושם" זיינען פאַקטיש מאָנאָגראַפיעס פון פיל עפּיזאָדן, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם אידישן כאַראַקטער, אידישן נקמה געפיל, און גאָר באַזונדערס — די פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגען פון דער אידישער יוגנט, וועלכע האָט, לויט איר עלטער, רעאַגירט אויף די בלוטיקע געשעענישן און פאַרצייכנט אויף

די לוחות פון אירע יונגע נשמות דעם אומאונטערבראָכענעם ווילן און באַשלוס — קיינמאָל ניט זיין נאָכגיביק! ניט אָוועקגעבן דאָס לעבן פאַר אומזיסט! קעמפן מיט אַלע מעגלעכע מיטלען צו באַזיגן די שונאים, וואו און אין וואָס פאַר אַ געשטאַלט זיי זאָלן זיך ניט באַווייזן!!!

די „ידיעות יד ושם", אַלס אָרגאַן פון דער אינסטיטוציע, גייען אַרויס רעגעלמעסיק אַלע פערטל יאָר, אין העברעאיש נאָטירלעך, (אין ענגליש און אידיש — איין מאָל אין זעקס חדשים) און יעדער איינער, וואָס האָט אַן אינטערעס און סענטימענט צו דערגראָבן זיך צו די סאַמע בלוטיקע קוואַלן פון אונזער דריטן און גרעסטן חורבן, קאָן צו יעדער צייט זיך ווענדן אין ירושלים, צום יד ושם, הר הזכרונות, אָדער זיך ווענדן שריפטלעך: פּאָסט אָפּיס קעסטל 84.

עס איז פאַרדריסלעך, וואָס די הייליקע היסטאָרישע אַרבעט פון „יד ושם" ווען עס אָנפאַנג איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1945, איז בעת דער מלחמת השחרור (באַפרייאונגס מלחמה) צייטווייליק אָפּגעשטעלט געוואָרן, און אַ וואָסערע אַכט יאָר, ד.ה. ביזן יאָר 1953 ניט געפירט געוואָרן, ביז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַשטימען אַ געדענק־טאָג פון גבורה און אומקום, אונטערן נאָמען „חוק הזכרון השואה והגבורה" (יד ושם) תשי"ג (1953).

אָט ליגן פאַר אונז ספּעציעלע אויסגאַבעס פון די „ידיעות יד ושם", גראָד פון די לעצטע צוויי יאָר. אָפּגעזען פון דעם עסטעטיזם, מיט וועלכן זיי זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן (הגם ווי קומט צו אַזעלכע פּובליקאַציעס אַ שם תואר „עסטעטיזם"?) איז יעדער בראָשור אַ שטיק שניידענדע געשיכטע. זי איז נאָר שיין אויסערלעך און רעגט אָן צו לייענען, אָבער עפנט מען זי אויף, און מען פאַנגט אָן צו לייענען, — ווערן די געדערים איינגעשרומפּן, דאָס מויל טרוקן, דער שטערן דורכגעגראָבן מיט קאַרבן, און די אָדערן שפּרינגען אַרויס פון דער הויט!!! מיר קוקן אַריין אין אָפּדרוק פון יד ושם אַקטיוויטעטן פון 1960—1961 געדרוקט אין „למרחב" און איבערזעצט אין ענגליש 9־טן אויגוסט 1961, און מיר קאָנען זיך ניט באַרואיקן. די פאַנאַנדערטיילונג פון די פאַרשידענע סאָרטן קרימינעלע פאַרברעכער, די עדי־ראיה און זייער גבית־עדות, דער ריסוירטש אינסטיטוט, צוליב וועלכן דער העברעאישער אוניווערזיטעט האָט באַשטימט אַ ספּעציעלע וויסנשאַפטלעכע קאָמיסיע אונטער דער פירערשאַפט פון פּראָפ. משה דייוויס, דירעקטאָר פון אינסטיטוט, און דר. יעקב ראָבינזאָן, עקטינג וויסנשאַפטלעכער קאָנסלער פון דעם אינסטיטוט, (ליידער שוין נפטר געוואָרן). — דאָס אַלעס שטייגט איבער יעדע מענשליכע השגה וועגן גרויליטאַט!

די בראָשור ווייזט אָן, אַז די עקספּערימענטאַלע און פּיאָנירונג אויפגאַבע פון סטעף פון „פּנקס הקהילות", האָט פאַרעפנטלעכט אַ מין פאַרזוך־קאַלענדאַר, אין וועלכן עס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן טויזנטער שטעט, אָדער קהילות אין פּוילן, לאַטוויע, אונגאַרן און רומעניע.

עס זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן שטרענגע אויספאָרשונגען פון דער צייט פון 2־טן וועלט־קריג וועגן די אידן אין סאָוועט רוסלאַנד, באַלטישע געגנטן, וואָס זיינען בשעתו פאַרצייכנט געוואָרן אין פאַרשידענע פוילישע אויס־גאַבעס. עס איז אַרויסגעקראָגן געוואָרן אַ רייכער דעמאָגראַפישער מאַטעריאַל פון די לאָקאַלע און ראַיאָנאַלע אויטאָריטעטן פון מערב דייטשלאַנד, און עס זיינען אויך צושיקט געוואָרן פרעג־בויגנס צו פוילישע און אונגאַרישע לאַנדס־מאַנשאַפטן... די דאָזיקע דאָקומענטן; זאַמלונגען זיינען שוין לאַנג פאַרטיק, און דאָרט זעט מען, ווי אויף דער האַנט, די טרויעריקע פּאַסירונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אונגאַרן בעסאַראַביע, בוקאָווינע און טראַנסילוואַניע. אויסער דעם זיינען פאַראַן פיל אויפגעזאַמלטע ידיעות וועגן די פּאַסירונגען אין דייטש־לאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און האָלאַנד, וואָס דאָס בלוט ווערט ממש פאַרגליווערט אין די אָדערן און מיר האָבן געמוזט איבעררייסן דאָס לייענען!...

דער אינסטיטוט שליסט איין איבער 30 לעבן־געבליבענע פּראָפעסיאָנע־לע מיטאַרבעטער, וואָס קלייבן זיך צונויף טאָג איין און טאָג אויס אום 7.30 אַ זייגער פרי אין גרופּן, סיי מענער און סיי פרויען, וואָס פאָרן אָפּ מיט די באַסעס צו זייערע אָפיסעס אין יד ושם בנין, וואָס געפינט זיך אין מערב טייל פון ניי ירושלים, פון וועלכן מען זעט אַזוי אַרויס די הערלעכע הרי יהודה אויפן ווייטן האָריזאָנט. מיר האָבן דאָס גראַד געזען מיט די אייגענע אויגן...

די מערקווירדיקע בילדער אין דעם בילדינג רופן ממש צו קומען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, זען און איינקריצן אין זכרון די טויזנטער זאַכן, פאַר וועלכע דער זכרון איז פיל צו קליין... ווען מען דערמאָנט זיך דעם קיבוץ לוחמי הגיטאות — די אָן אַ שיער דאָקומענטן, קאָלעקציעס, וואָס זיינען שטאַרק באַ־שעדיקט געוואָרן, און זיי זיינען כמעט אין אַלע שפּראַכן פון דער וועלט, — הויבט מען ערשט אָן באַגרייפן דעם ענדלאָזן קוואַל פון יסורים, וואָס אונזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט, און וואָס „יד ושם" פאַראייביקט פאַר אַלע קומענדע דורות סיי פאַר אידן און סיי פאַר דער ניט אידישער וועלט... דאָס אייגנטלעך איז די פּאָקטישע באַדייטונג פון נאָמען „יד ושם", וואָס מיינט אייביקער זכרון. דער נאָמען איז גענומען פון קאַפּיטל נ"ו אין ישעיה, וואָס לויטעט: „ונתתי להם בביתי ובחומותי יד ושם, טוב מבנים ומבנות; שם עולם אתן לו, אשר לא יכרת". ישעיה זאָגט פאָראויס זיין נביאות, אַז דער רבש"ע האָט צוגעזאָגט צו געבן די אידן אַן אייביקן אָנדענק, וואָס וועט זיין טייערער פון זין און טעכ־טער, אַן אייביקייטס נאָמען, וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרשניטן ווערן (ישעיה נ"ו, ה').

איין און פערציקסטער קאַפּי טל

# ביטערע זכרונותביים באַזוך אין „אוהל יזכור"

**די קאַשמאַר־עפּיזאָדן פון דאַכאַו, אוישוויץ, בערגען־בעלזען, טרעבלינקע און אַנדערע טויט־לאַגערן, וואָס זיינען פאַראייביקט געוואָרן דורך „יד ושם". — די צענדליגער טויזענטער מענטשן, וואָס באַזוכן „יד ושם". — די אָפּטיילונג „די וועלט וואָס איז שוין מער ניטאָ" און די שאָטנס פון פיל צושטערטע קהלות אין צענטראַל און דרום אייראָפּע. — דער ספּעציעלער אַלבאָם פון די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ, וועלכע עס האָט ליקווידירט גענעראַל פאָן סטרופּ, און אייגנהענטיק אונטערגעשריבן: „ניטאָ מער קיין אידיש ווינקל אין וואַרשע"!**

קיין שום אַנדער אינסטיטוציע אין מדינת ישראל דינט ניט אַזוי דעם צוועק פון „לא תשכח", — ניט צו פאַרגעסן די נאַציס, און אייביק זוכן צו אָפּמעקן זיי פון דער וועלט, ווי „יד ושם", וואָס אויף שריט און טריט פילט מען דעם „ביבלישן קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו" — אויסצוראָטן דעם זכר פון היטלער'ן, לויט ווי די תורה האָט פאַרזאָגט: ווען אידן וועלן האָבן מנוחה פון זייערע אַרומיקע שכנים, אין דעם לאַנד, וואָס ג־ט גיט זיי אַלס ירושה־נחלה, איז „תמחה את זכר עמלק מתחת השמים, לא תשכח!" (סוף סדרה „תצא").

קיין שום מענטש, ווי פאַרדאַרבן אָדער צוריקגעשטאַנען ער זאָל ניט זיין, קאָן ניט גלייכגילטיק דורכגיין „יד ושם", ניט ווערנדיק אויפגעשווידערט פון זכרונות און בילדער, וועלכע צווינגען זיך אַרויף צו קוקן אויף זיי און צו דערמאָנען זיך, וואָס אַזוינס עס איז פאַרגעקומען אין מיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט מיט אַ פאָלק, וואָס האָט שטאָלצירט מיט קולטור און ציוויליזאַציע, וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, ליטעראַטור, דיכטונג, ערפינדונגען און וואָס ניט??!.

עס לאָזט זיך אַבסאָלוט ניט תופס זיין מיטן פשוטן שכל, ווי אַזוי דאָס איז אַלץ פאָרגעקומען; ווי אַזוי אַ פאָלק, וואָס האָט געלעבט אין האַרצן פון דער קלאַסישער אייראָפּע — די דייטשן — האָבן געקענט באַווייזן אַזאַ שרעקלעך־מאָראַלישן און גייסטיקן באַנקראָט, און אַרונטערפאַלן פון די העכסטע הימלען אין די טיפסטע אָפּגרונטן??!

יד ושם — איז דער „דיפּלאָם" פון דער געוועזענער נאַצי־דייטשלאַנד, אַ דיפּלאָם, וואָס זאָגט עדות, אַז ניט אין קולטור און ניט אין וויסנשאַפט ליגט די זיכערקייט און די האָפנונג פון דער וועלט!!! עס איז אפשר פונקט דער

היפוך: וואָס מער וויסנשאַפט, מער חכמה, מער ערפינדונגען, — אַלץ וועניקער איז דער מין מענש געזיכערט מיט זיין מאָרגן!!!

ווען מען טראַכט זיך אַריין אין די געצוואונגענע אַרבעטער באַטאַליאָנען, וואָס האָבן אונטערן פּחד פון טויט, געמוזט אַרבעטן און טאָן זאַכן, צו פאַרניכטן די וועלט; ווען מען דערמאָנט זיך אָן די געטאָס, דעפּאָרטאַציעס, סעגרעגאַציעס מי לחיים ומי למוות; ווען מען זעט דעם גרויסן פּראָצעס פון אויסלעשן טאָג־איין און טאָג־אויס טויזנטער לעבנס פון מענשלעכע באַשעפענישן — מענער, פרויען און קינדער, ווען מען דערשפירט דעם רויך פון קרעמאַטאָריעס און דעם ריח פון גאַז־קאַמערן, — דאַן ווערט דער מוח צומישט, די נערוון צורודערט, און מען ווערט אַ קאַנדידאַט פאַר אַ גייסטיקן און פיזישן צוזאַמענברוך!!!

אַט זעען מיר פאַרשידענע אַפישן און מעלדונגען, פון ביאַליסטאָק, וואָס זאָגן אָן, אַז עס וועט פאָרקומען אַן עפנטלעכע פייערונג צו דער געלעגנהייט וואָס מען האָט שוין אַרויסגענומען דעם טויזנטסטן בוך צום לייענען פון דער געטאָ פאָלקס־ביבליאָטעק, און די דאַטע אויפ׳ן אַפיש ווייזט קלאָר, אַז דאָס איז פאָרגעקומען פונקט ערב דער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

אַט ליגן מעלדונגען פון וואַרשע, ווילנע און אַנדערע שטעט, וואָס דערמאָנען וועגן פאַרשידענע „פאַרוויילונגס־אונטערנעמונגען" אין די געטאָס, בעת די פּאָליציי רעקאָרדס שטרייכן אונטער אַז אין יאָר 1942 זיינען פון הונגער אויסגעגאַנגען פופציק טויזנט מענשן און קיין איינציקער פאַל פון אַ פאַרברעכן איז ניט פאַרצייכנט געוואָרן!

וואָס זשע האָט מען געהאַט צו אומשולדיקע מענשן, אויף וועלכע מען האָט זיך אַרויפגעוואָרפן ערגער ווי ווילדע חיות, מיט דעם גאַנצן באַגאַזש פון טעכניק און וויסנשאַפט, כדי זיי אומצוברענגען און אָפּמעקן פון דער ערד!!!

מען דערמאָנט זיך, ווי די נאַציס האָבן זיך באַצויגן צו אידישע אומשולדיקע קינדער, אויף וועלכע זיי האָבן געקוקט ווי אויף אַ ווערטפולן ביאָלאָגישן מאַטעריאַל, און מען האָט ניט געשפּאָרט קיין שום מי אומצוברענגען וואָס מער אידישע קינדער!!!

די און ענלעכע ערינערונגען, שרעקליכע בילדער און קאָשמאַרן באַהערשן יעדן פילנדן מענש, ווען ער קומט אַריין אין „יד ושם"... מען דאַרף אים ניט אַרומפירן, אַרומווייזן די פאַרשיידענע דאָקומענטן, — די לופט אַליין „דערציילט" שוין וועגן דעם. און מיר האָבן דערפילט די קרעמאַטאָריע־לופט!...

אַט ליגט פאַר אונז די נאָך היבשלעך נייע בראָשור „לסיכום משפט אייכמאַן" — (רעזומע פון אייכמאַנ׳ס משפט) אַרויסגעגעבן אין טבת תשכ"ב (דעצעמבער 1961) וואו עס ווערט אָנגעוויזן דער ביישטייער פון „יד ושם" צום דאָזיקן פּראָצעס, ווי אַזוי די טויזנטער מאַטעריאַלן האָבן אַרויסגעהאָלפן פעסט־צושטעלן דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון חטאים און מערדערייען.

אין דער בראָשור געפינט זיך אויך אַ היבשער קונטרס מיט אָפּרופן פון דער פּוילישער, טשעכאָסלאָוואַקישער, רומענישער, יוגאָסלאַווישער, סקאַנדי־

נאָווישער, פראַנצויזישער, איטאַליענישער, אַמעריקאַנער, ענגלישער און אויך פון דער דייטשער פרעסע (שטוטגאַרטער ציַיטונג) נומער 93, 1961, וואָס שטרייכט אונטער, אַז ניט דווקא ישראל, נאָר די גאַנצע קולטורעלע וועלט האָט געמשפּט אייכמאַנען, כאָטש ער איז נאָך ניט דער עכטער טיפּ פון אַ דייטש, און ער האָט נאָר 12 יאָר געמושל׳ט און רעגירט אין נאָמען פון דייטשלאַנד, אָבער דער פלעק וועט בלייבן אויף דייטשלאַנד אויף וויַיטערע טויזנט יאָר...

נאָך אַן אויסגאַבע פון „יד ושם״ פון אָדר־ב תשכ״ב (אַפּריל 1962) איז געווידמעט צום „יום הזכרון לחללי השואה והגבורה״ כ״ז ניסן. ילקוט למרצים ולמארגני עצרות הזיכרון — דער אָנדענקס־טאָג פון די געפאַלענע העלדן, (27־טער ניסן) — אַ זאַמלונג פון פאַקטן פאַר לעקטאָרן, רעדנער און אָרגאַני־זאַטאָרן פון אַזעלכע אָנדענקס טעג. די בראַשור איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם אויפקלערונגס דעפּאַרטמענט פון בן־גוריונס אָפּיס און ענטהאַלט רעדעס פון כנסת ספּיקער קדיש לוז, אבא אבן, בילדונגס און קולטור מיניסטער, דר. א. ל. קובאָווי; עס זיינען אויך פאַראַן אַנדערע אָפּהאַנדלונגען פון היסטאָרישער וויכטיקייט, דאַרונטער ווערט אָנגעוויזן אַז דער „אוהל יזכור״ איז אָפיציעל גע־עפנט געוואָרן דעם 27־טן טאָג אין ניסן תשכ״א. עס איז געבראַכט געוואָרן אַש פון קדושים פון די אומשלאַג־פּלעצער, עס איז אָנגעצונדן געוואָרן אַ נר תמיד צום זכר פון די מאַרטירער־העלדן דורך דעם לעצטנס נפטר געוואָרענעם הרב דר. מרדכי נוראק ז״ל. דער הויפּט אָנפירער פון יד ושם מר. י. ל. ביאַלער האָט געהאַלטן אַ רירנדיגע רעדע ביים אויפנעמען דאָס אַש פון די אומגעקומענע און מיט דעם מאָמענט איז דער „אוהל יזכור״ געוואָרן דער קנין פון גאַנצן אידישן פאָלק?

דעם 27־טן ניסן פון זעלבן יאָר תשכ״א האָט די ערשטע ליידי פון מדינת ישראל, די פרוי פון פּרעזידענט יצחק בן־צבי, רחל ינאית, אָנגעצונדן צום ערשטן מאָל דעם נר תמיד אין „אוהל יזכור״ מיט אַ קורצן וואָרט. זינט דאַן ווערן אָפט געצונדן ליכט פון די צענדליקער טויזנטער באַזוכער, און עס איז שוין אויך געשאַפן געוואָרן אַ קורצע תפילה, וואָס מען זאָגט דאָביי.

עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז אַלע רעדעס און זאָגעכצן אין „אוהל יזכור״, זיינען דורכגעווייקט מיט די טרערן פון איכה, מיט די טענער פון ביאַליקס „בעיר ההריגה״, מיט די ווערטער פון אונזערע גדולי ישראל, תנאים ואמוראים. ווי למשל: אמר ר׳ יהושע בן לוי: בכל יום ויום בת קול יוצאת מהר חורב ומכריז: אוי להם לבריות מעלבונה של תורה״. ווי דאָס האָט אַזוי פּראָפּעטיש אָפּגעקלונגען אין די ווערטער פון מר. ביאלער, חבר הנהלה פון „יד ושם״, ווען ער האָט געעפנט דעם אוהל יזכור אויפן הר הזיכרון.

אין דער 29־טער בראָשור פון יד ושם, וואָס איז אָנגערופן „הנוער היהודי מול השואה״ — די אידישע יוגנט אַנטקעגן דער קאַטאַסטראָפע — וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ירושלים. אין תמוז תשכ״ב (יולי 1962) געפינען זיך אָפּהאַנדלונגען וועגן געראַטעוועטע קינדער פון דער געטאָ, צוויי טאָג־ביכער,

פון אומגעקומענע קינדער אין געטאָ, לידער פון קינדער, פּסיכאָלאָגישע באַאָב־אַכטונגען פון קינדער און וועגן קינדער אין דייטשלאַנד בעת דעם חורבן, און דאָס אויסקויפן קינדער פון די הענט, וואָס האָבן זיי געראַטעוועט!... — אין דער זאַמלונג ווערט אויך איבערגעגעבן וועגן די אַרכיוון, וואָס מען האָט באַקומען פון דר. יוסף טענענבאום, פון דר. שוואַרצבאַרט ע״ה און אַנדערע העכסט וויכטיקע דאָקומענטן, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן פון „יד ושם״, און ווערן מיט אַזאַ פאַרזיכטיקייט אָפּגעהיט פאַר אונזער פאָלק און פאַר אַלע צייטן. דאָס קינדער־פּראָבלעם, זייערע איבערלעבונגען און די ווירקונג. וואָס דער חורבן פון פאָלק האָט אויף זיי געמאַכט, איז באַאַרבעט געוואָרן פון דעם גרויסן געלערנטן פּראָפ. א. מושקאַט אין אַן אָפּהאַנדלונג א. נ. „לחקר בעיות הנוער של תקופת השואה״ (זייט 57).

און נאָך דעם אַלעמען איז ניט מעגלעך צו זאָגן, אַז אַבסאָלוט אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דער פּעריאָדע פון חורבן, איז שוין אויפגעזאַמלט געוואָרן אין „יד ושם״. ווי מיר האָבן שוין פריער באַמערקט זיינען פאַרבליבן אָנדענקונגס קעגנשטאַנדן, וואָס יחידים באַהאַלטן ביי זיך, און גיבן דאָס ניט אַוועק, ווייל זיי ווילן זיך ניט שיידן מיט זיי...

מיר ווילן דאָ דערמאָנען דעם פאַקט, וואָס הגם ער האָט ניט קיין דירעקטע שייכות מיט „יד ושם״, איז ער דאָך כאַראַקטעריסטיש פון אַ געוויסן שטאַנד־פּונקט, עס איז געווען דער איינפאַל פון די געוועזענע בויער פון דער מאָנטרעאַלער אידישער פאָלקס־ביבליאָטעק, מיט אַ 12 יאָר צוריק, אַז היות אַ ביבליאָטעק בנין האָט אייביק צו טאָן מיט פאַרגאַנגנהייט, קעגנוואַרט, און צוקונפט, זיינען די דאַמלסטיקע פירער פון דער אידישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל געפאַלן אויפ׳ן געדאַנק, אַז עס וואָלט געווען אין פּלאַץ צו פאַרבינדן דעם נייעם בנין סיי מיט דער פאַרגאַנגנהייט, און סיי מיט דער צוקונפט. כדי דאָס צו רעאַליזירן, האָבן זיי באַשלאָסן צו ווענדן זיך אין חרוב געוואָרענעם פּוילן, און בעטן צוצושיקן אַ פאַרבליבענעם שטיין פון דער טלאָמאַצקער שול, און אין שטיין פון הר ציון ,דעם סימבאָל פון אונזער באַנייטער מדינה.ביידע שטיינער זאָל מען איינמויערן אין דער נייער בילדינג פון דער ביבליאָטעק. ס׳האָט גענומען אַ לענגערע צייט, אָבער ענדלעך איז דער ענין רעאַליזירט געוואָרן: פון ישראל איז אָנגעקומען אַ מיטלמעסיקער שטיין פון אַ 20 פונט, מער קאָמפּליצירט איז געווען דער ענין פון קריגן אַ שטיין פון דער וואַרשעווער טלאָמאַצקער שול. די ווענדונג צו בער מאַרק, דעם היסטאָריקער פון אידישן אינסטיטוט, האָט אים ניט געלאָזט רוען. איבערהויפּט האָט ער פאַרשטאַנען דעם מאָראַלישן ווערט פון אַ אַזאַ שטיין, און ספּעציעל פון דער גרעסטער און אָנערקענטסטער טלאָמאַצקער שול אין וואַרשע.

עס איז געווען אַן ענין פון סענטימענטן צוזאַמען מיט אַ היסטאָרישער פאַרבינדונג. ער האָט זיך גענומען די מי, און ענדלעך געפונען אַ טייל פון אַ קאָלאָנע פון דעם אינוועניקסטן טייל פון שול, וואָס וועגט אַרום 500 פונט. מען האָט דעם שטיין איינגעפּאַקט און איבער געשיקט מיט אַ שיף קיין מאָנ־

טרעאַל. דאָס אינטערעסאַנטע פון דעם איז, וואָס דער אידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין ווארשע האָט גערעקט די טראַנספּאָרט הוצאות.

די ביבליאָטעק פאַרוואַלטונג האָט די ביידע שטיינער געגעבן ענטשפּרע־כענדע פּלעצער אינערהאַלב דעם בנין און אַזוי אַרום געפינט זיך איין שטיין ביים אַריינגאַנג אין לייען זאַל מיטן בילד פון דער טלאָמאַצקער שול, וואָס דינט אַלס זכר לחורבן פון פּוילישן אידנטום; דער אַנדער שטיין, פון הר ציון גע־פינט זיך אין לאָבי פון דער ביבליאָטעק, און דערמאָנט די ניי־געבוירענע מדינת ישראל.

מיר האָבן דעם דאָזיקן מערקווירדיגן עפּיזאָד דערציילט, צוליב דעם, ווייל די שטיינער וואָלטן זיכער געפונען פּלאַץ אין „יד ושם", איבערהויפּט דער טייל פון דער קאָלאָנע פון דער טלאָמאַצקער שול, אָבער, ווי פריער באַמערקט אפילו יד ושם קאָן ניט האָבן אַבסאָלוט אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן אין רשות פון גרויסע קהילות אָדער יחידים, ווי דאָס איז דערביישפּיל מיטן שטיין פון דער טלאָמאַצקער שול, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין דער אידישער פאָלקס ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל.

עס איז יעדנפאַלס געווען אַן אָריגינעלע המצאה צו האָבן אין דעם ביב־ליאָטעק בנין צוויי שטיינער, וואָס קאָנען אַזוי פיל דערציילן, ווען זיי וואָלטן נאָר געקענט ריידן...

לאָמיר דאָ נאָך באַמערקן אַז „יד ושם" האָט אין יאַנואַר 1961 אַרויס־געגעבן אַ קליין פּאַמפלעטל, א. נ. „רשימות הפרסומים" וואו עס זיינען אָנ־געגעבן געוואָרן די פּובליקאַציעס פון דער אינסטיטוציע, און די נעמען פון פאָלגענדע אידישע געלערנטע, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן ענטשפּרעכנדע ווערק, מיט אַ דירעקטן שייכות צום „יד ושם". אין דער רשימת־הפּרסומים זעען מיר מאַריאַן בערלאַנדס ווערק „300 שעות בגיטו הדועך" וואָס שילדערט נאָר צען מעת לעת אין אַ בונקער אין וואַרשעווער געטאָ; לייב גאַרפינקעל'ס „קובנה היהודית בחורבנה"; דר. מ. דוואָרזשעצקי'ס „איירָאָפּע אָן קינדער"; „שולן אין פּוילן און זייער חורבן"; פּראָפ. בנציון דינור — 19 רעדעס אין פאַר־בינדונג מיטן חורבן און מיט דער לעקציע וואָס מיר האָבן געלערנט; דר. יוסף טענענבוים — „די מלכות פון רשעות" (דער דריטער רייך), און פיל אַנדערע חשובע ווערק, וואָס לאָזן זיך ניט אויסרעכענען. אַזוי אויך אויסגאַבעס אין ענגליש, אין איבערזעצונגען אין אידיש און אַנדערע שפּראַכן.

„יד ושם" איז דער „באַלאַנס" פון אונזער עבר, אין וואָרט, אין בילד, אין דרוק; ער איז דער „קדשי קדשים" פון אונזער מאַרטירער געשיכטע פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט! עס איז ניט קיין נאָסטאַלגיע, נאָר חשבון הנפש, אַ רוף צו דער צוקונפט, צו דער קרעפטיקונג פון מדינת ישראל אין אַלע פאָרמען פון מעגלעכקייטן און פאַרשטענדנישן. „יד ושם" איז בגמטריא ש"ס, און איז דער תמצית פון אונזערע אַלע ספרים, פון תלמוד בבלי וירושלמי פון דעם גוט באַקאַנטן אידישן אויסדרוק „ש"ס". וואָס מיינט דאָס גאַנצע גייסטיקע פאַר־מעגן פון אונזער פאָלק.

מיט׳ן איבערנעמען די פירערשאַפט פון „יד ושם״ דורך דר. אריה ל. קובאווי, דער געוועזענער ישראל אַמבאַסאַדאָר אין אַרגענטינע, זענען די עיקר אויפגאַבן פון דער אָרגאַניזאַציע פאָרמולירט געוואָרן אויפן פאָלגנדען אופן: דער „יד ושם״ דאַרף וואָס מער פאָרשן דעם חורבן, און כסדר דינען אַלס דער־מאָנונג, וואָס די פינסטערע היטלער עפּאָכע האָט פאַראורזאַכט דעם אידישן פאָלק אין דער וועלט בכלל, און אין צענטראַל אייראָפּע בפרט. דאַריבער דאַרפן אַלע טוריסטן און סתם אידן, וואָס קומען קיין ישראל אומבאַדינגט זיך באַקע־נען מיט די צילן און אויפגאַבן פון „יד ושם״, ווייל דאַן וועלן זיי ערשט פאַר־שטיין דעם זין און ציל פון אונזער גאולה, און וואָס עס מיינט פאַרן אידישן פאָלק די דערגרייכונג פון אַן אייגענעם לאַנד...

אַמבולטסטן אילוסטרירט דאָס די אויפפירונג פון „שטעלפאַרטרעטער״, פון וועלכן מען זעט, ווי נויטיק עס איז „יד ושם״, און צו וואָס עס איז אונז מחייב די אידישע צוקונפט. די ספּעציעלע גאָס ביים „יד ושם״ וואָס פאַראייביגט די נעמען פון די חסידי אומות העולם, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן אונזער פאָלק אין די טראַגישע היטלער יאָרן, איז באַזונדערס פון ספּעציעלער וויכטיקייט. סומירנדיק די אַלע פּראָבלעמען און אויפגאַבן, שטרייכט אונטער דר. אריה ל. קובאווי, זעט מען די מערקווירדיגע, הגם נאָך ווייט ניט פאַרענדיגטע רעגיס־טראַציע פון דאָקומענטן וואָס האָבן אַ שייכות צום חורבן און ווידערשטאַנד, און ווי אַזוי מען זאָל ציען די נויטיגע קאָנסעקווענצן פון דער אידישער טראַגעדיע, וואָס האָט ניט קיין גלייכן צו זיך אין דער גאַנצער וועלט.

ביי דער דאָזיגער אַרבעט זענען דערווייל באַשעפטיגט איבער 40 וויסנ־שאַפטלער, אָבער די קליינע צאָל איז בלויז צוליב דעם, וואָס עס איז ממש שווער צו געפינען עקספּערטן און אחריות׳פולע טוער אויף דעם געביט. דאַרי־בער פעלט ניט אויס קיין אַרבעט אַרום די שאלות ותשובות, און ווער רעדט, ווען עס קומט אונטער אַ פּראָצעס, צו קאָנען לייסטן מיט ענטשפּרעכנדע מאַ־טעריאַלן. עס איז אפשר אומגלויבלעך, אַז דער גרויסער אַרכיוו, וואָס ווערט אָנגעפירט פון דר. יוסף קערמיש, האָט שוין איבער 25 מיליאָן דאָקומענטן, וואָס זענען נאָך ניט גענוג אונטערזוכט געוואָרן און פעסטגעשטעלט. מען מוז אַלץ האָבן גענוי אַנאַליזירט, ביז מען קאָן זיך מיט דעם מאַטעריאַל באַנוצן. קיין איינציקער דייטשער געריכט קאָן זיך ניט באַגיין אָן די דאָקומענטן פון „יד ושם״, אויב נאָר עס האַנדלט זיך וועגן פעסטשטעלן געוויסע חטאים, און אויב דאָס געריכט איז טאַקע אויסן נאָר דעם אמת...

עס זענען שוין פאַרטיג געוואָרן די מיקרא־פילמען פון רינגעלבלום אַרכיוו אין וואַרשע און אין אַנדערע ביבליאָטעקן, — אַ זאַמלונג פון פינף און דרייסיג טויזנט ביכער און פאַמפלעטן, און אויך דאָס איז נאָך ניט דער „סוף פסוק״ פון מאַטעריאַל־זאַמלונג. די טאַלאַנטפולע פרוי רחל אויערבאַך פאַרוואַל־טעט מיט דער אָפּטיילונג פון „עדות פאַרהער״, און אַזוי איז יעדער דעפּאַרט־מענט פון „יד ושם״ געווידמעט צו אַ באַזונדער צווייג פון טעטיקייטן.

די צוגעגרייטע 3 פּנקסי הקהלה ווייזן אָן, אַז עס זענען חרוב געוואָרן

דרייסיג טויזנט פונקטן, און דארונטער זעקס טויזנט ארגאַניזירטע קהלות. וואָס אַנבאַלאַנגט „יזכור"־ביכער זענען ביז איצט דערשינען 360, אָבער די צאָל וועט כסדר וואַקסן און פאַרגרעסערן זיך.

אַ באַזונדער אונטערנעמונג פון „יד ושם" איז דאָס אַרויסגעבן דעם פנקס רומעניע, און אויך אַ פנקס פון געוויסע טיילן דייטשלאַנד און פוילן. פון די אַרויסגעגעבענע פּובליקאַציעס בשותפות מיט'ן ייוו"אָ אין ניו יאָרק איז העכסט וויכטיג די ביבליאָגראַפיע וועגן אַלץ, וואָס איז שוין דערשינען ביז איצט וועגן דעם חורבן פעריאָד. אין דער נאָענטער צוקונפט וועט דערשיינען דער „לעקסיקאָן פון גבורה", אַ זעהר וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר דער אידישער יוגנט צו לערנען, וואָס אידישע גבורה מיינט אין העכערן מאָראַלישן זין פון וואָרט. דער ערשטער באַנד אַליין וועט פאַרנעמען אַ 500 ביאָגראַפיעס פון סאָ־וועטיש־אידישע פאַרטיזאַנען. דער רעדאַקטאָר פון דעם לעקסיקאָן איז נחמן בלומענטאַל, וועלכער זעט פאָראויס אַ צאָל פון 5 טויזנט אַזעלכע ביאָגראַפיעס, וואָס וועלן אַריינקומען אין לעקסיקאָן. נאַטירלעך, וועלן אויך זיך געפינען ביאָג־ראַפיעס פון ניט־אידן, וועלכע האָבן געהאָלפן ראַטעווען אידן.

זייער פיל אַרבעט פאַרשלינגט דאָס שאַפן די ליסטעס פון קריגס פאַר־ברעכער און זייערע ביאָגראַפיעס און כאַראַקטער־שטריכן. זאָל דער לייענער זיך ניט וואונדערן, אַז די צאָל פון אַזעלכע פאַרשוינען דערגייט שוין צו איבער צוואַנציג טויזנט. און אויב מען קען זיי אַלעמען ניט ברייגגען צו גערעכטיגקייט איז לפּחות באַקאַנט מאַכן זייערע נעמען, כאַטש די דייטשע היסטאָריאָגראַפן זוכן מיט אַלע מיטלען פאַרצושטעלן די חברה אין אַ שענערן ליכט...

אויסער דעם אַלעמען גיט „יד ושם" אויך אַרויס זכרונות פאַר אידישער יוגנט, ווי דאָס שטעלט מיט זיך פאַר דאָס בוך פון אַ האָלענדישן אינגל אונטערן נאָמען „הנער משה", און פון אַן אונגאַריש מיידל, וואָס איז געווען אַסימילירט און געהאָפּט צו קענען זיך ראַטעווען.

אין דעם ישראל געזעץ וועגן „יד ושם" ווערט פיגוראַטיוו באַמערקט, אַז אַלע געפאַלענע זענען „אַנדענקס־בירגער" פון ישראל, פאַר וועלכע מען האָט ניט אָוועקגעשטעלט די פראַגע פון „דאַבל לאָיאַלטי"... דער סטאַטוס פון „יד ושם" זאָגט אויך, אַז טאָג איין און טאָג אויס זאָל אָנגעצונדן ווערן אַ נר תמיד פאַר די אַלע נשמות, וועלכע דער לעצטער קאַטאַקליזם האָט אָוועקגעריסן פון אונזער פאָלק... וויפיל אָבער מען זאָל ניט שרייבן וועגן „יד ושם", וועט מען צו קיין פינאַל קיינמאָל ניט צוקומען. זאָל דאַריבער דער לייענער זיך אַליין שאַפן אַ באַגריף, וואָס די דאָזיגע אינסטיטוציע פון „יד ושם" האָט שוין אויפגעטאָן און וואָס זענען אירע ווייטערע ענדלאָזע אויפגאַבן, אויב עס זאָל זיין גענוג מאַטעריעלע מיטלען אָנצוגיין נאָרמאַל מיט דער אַרבעט...

יעדער טוריסט, אָדער גאַסט אין ישראל, און יעדער נייער עולה דאַרף באַזוכן „יד ושם" כדי צו פאַרשטאַרקן זיין געפיל און באַוואוסטזיין, אַז ער וועט ערשט קענען בעסער אָפּשאַצן די אידישע מדינה, ווען ער וועט האָבן באַזוכט און געזען דעם בלוטיגן מבול, וואָס שטראָמט אַרויס פון „יד ושם"...

צווייי און פערציקסטער קאַפּיטל

# די פּרעכטיקע גייסטיקע „פּיראַמידע" — „היכל שלמה"

**די אידייע צו שאַפן אַן אינסטיטוציע אין האַרץ פון ירושלים, אַלס רעליגיעזן צענטער פון מדינת ישראל. — די רבנות הראשית, די צענטראַלע תלמודישע ביבלאָטעק, דער גרויסער רבנישער פאָרשונגס־צענטער, דער צענטראַל־רעליגיעזער אינפאָרמאַציע־דעפּאַרטמענט און אַנדערע אָפּטיילונגען, וואָס זענען קאָנצענטרירט אין „היכל שלמה". — דער בייטראַג פון סיר יצחק וואָלפסאָן, פון לאָנדאָן, צו דער אינסטיטוציע.**

אויב די עגיפּטישע פּיראַמידעס האָבן איבערגעלאָזן אין דער געשיכטע פון מצרים און פון דער אַלוועלטלעכער ליטעראַטור „עדות" פון עגיפּטנס אַמאָליקער בוי־קונסט, אַרכיטעקטור און טעכניק, צוליב זייער ריזיקער גרויס און פאָרנעם, — וועט מיט דורות שפּעטער דער אידישער גייסטיקער און רעליגיעזער צענטער, „היכל שלמה" אין ירושלים פאַרבלייבן אין אונזער און אין דער וועלט־געשיכטע אַלס צענטער פון גייסט, פון געזעץ־געבונג, און פון דער גרויסער אידיש־טעאָלאָגישער לערע, אמונה, עטיק און מאָראַל, וועלכע שטאַמען אַרויס פון אונזער תורה שבכתב און תורה שבעל פּה. היכל שלמה וועט דינען אַלס לייכט־טורעם אויף דעם האָריזאָנט פון דער אַל־מענשלעכער קולטור און ציוויליזאַציע.

זייענדיק אין ירושלים, וועלכע איז דאָס האַרץ פון אידישן פאָלק און אידישן היימלאַנד, קאָן מען ניט אויסמיידן צו באַזוכן און באַוואונדערן דעם „היכל שלמה", דעם בנין, וואָס זאָגט און דערמאָנט זייער פיל אַן אונזער פאַרגאַנגענהייט, אַן אונזער אַמאָליקן מלך שלמה, וועלכער איז געוועזן אין זיין צייט פאַרעכנט אַלס דער קליגסטער מענטש אויף דער וועלט. שלמה המלך׳ס משפּט וועגן די צוויי פרויען, וואָס האָבן פּרעטענדירט צו זיין די מאַמעס פון איין לעבן־פאַרבליבענעם קינד און בכלל זיין געבאָט צו משפּטן ערלאַך, וועגן און מעסטן יעדן קלענסטן חטא, ווי דעם גרעסטן, און זען אַרויסטראָגן אַ משפּט־צדק, האָט געוואונען די וועלט פון געזעץ און דין. ניט אומזיסט איז דער עמבלעם פון „היכל שלמה" אַ וואָגשאָל, וואו אַלץ דאַרף געוואויגן ווערן אומפּאַרטייאיש, ערלאַך, אָן שוחד, און העכסט יושר׳דיג, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ רייכן, אָדער אָרימען... דין ומשפּט זיינען אויסער די ראַמען פון פריינדשאַפט, פון הכרת־פּנים, פון פאָרצוגן וועמען צוליב פּערזענלעכע מאָטיוון און געפעליקייטן. די וואָגשאָל אויף דעם אַריינגאַנג

פון היכל שלמה דערמאָנט יעדן איינעם און גאַנץ באַזונדערס יעדן טוריסט, אַז אַ אידישער דין דאַרף זיין אויסגעהאַלטן. ניט איינזייטיק, נאָר מיט'ן פּנים צו גערעכטיקייט!

מדינת ישראל וואָלט ניט געקענט עקזיסטירן אָן אַ „היכל שלמה", וועלכער איז דער „עמבלעם" פון צדק און יושר. דעריבער איז אַזוי פּרי שוין רייף געוואָרן דער געדאַנק פון אויפבויען אַזאַ גרויסע געביידע, וואָס זאָל זיין דער צענטער פון אידישן בית דין הגדול, אָדער ווי מען רופט דאָס היינט „הרבנות הראשית", וואָס מוז זיך געפינען אין דער שטאָט פון גערעכטיקייט — אין ירושלים!

צוקומענדיק צום היכל שלמה, אַנטקעגן דער וואַנט פון אַלט ירושלים, דערזעט מען די גיגאַנטישע געביידע אַלס דער הויפּט־פּלאַץ פון הרבנות הראשית אין מדינת ישראל, ווי אויך איניקע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען דירעקט פאַרבונדן מיטן היכל שלמה, און ווערן פון אים אַנגעפירט.

לכתחילה האָט זיך דער משרד פון הרבנות הראשית געפונען אין אַ ספּעציעלן בנין, פאַר דעם ציל און צוועק, אָבער ער איז ניט געווען ריכטיג צוגעפּאַסט. לויט דער חשיבות פון „רבנות הראשית". דאָס האָט געפירט צום געדאַנק פון אויפבויען אָן ענטשפּרעכנדן בנין פאַר דעם צוועק, מיט באַקוועמע פּרעכטיקע צימערן, אויסשטאַטונג, כדי די רבנים ראשיים זאָלן האָבן זייער פּאַסענדן פּלאַץ וואו צו פאַרזאַמלען זיך און מיט ישוב הדעת דורכפירן די משפטים און ענינים, וואָס ווערן געוויינלעך אויפגענומען פון הרבנות הראשית.

זעלבסטפאַרשטענדליך געפינט זיך אין היכל שלמה דער העכסטער רבנישער בית דין, אַ דעפּאַרטמענט, וואָס באַצויבערט ממש מיט זיין גלאַנץ און פּראַכט. דער בית דין הגדול וועקט ביי יעדן איינעם דעם העכסטן געפיל און סענטימענט פאַר גערעכטיקייט, צדק און יושר, און אַלע קוקן אַרויס צו דעם רעליגיעזן צענטער, ווי אַזוי ער ווערט אַדמיניסטרירט און אַנגעפירט.

בדיעבד זיינען פאַראַן 2 בתי דין, און יעדער האָט זיין באַזונדער אָפּטיילונג פאַר באַראַטונגס־צוועקן, קאָנסולטאַציעס א. א. וו. עס איז אויך פאַראַן אַ באַזונדער פּלאַץ פאַר ריכטער און אַדוואָקאַטן. אַלס טוריסט, באַקומט מען אַ שטאַרקן דרך־ארץ פאַר דער געביידע פון „היכל שלמה", בפרט ווען מען זעט אַליין וואָס עס קומט אַלץ פאַר אין דעם בנין, און וואָסער צוטרוי דאָס פאָלק האָט צו אים... דער אַדוואָקאַטן צימער, די געריכט אָפּיסעס — דאָס גיט צו דעם היכל שלמה אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און רופט אַרויס אַ געוויסן שטאָלץ, וואָס מדינת ישראל האָט שוין אין די ערשטע יאָרן פון איר קיום אַזאַ פּרעכטיקן „געזעץ־בנין", וועלכן מען קאָן ניט פאַרבייגיין גלייכגילטיק...

אַריינקומענדיק אין דער צענטראַלער רבנישער ביבליאָטעק, וואו עס געפינט זיך דער גאַנצער אידישער גייסטיקער פאַרמעגן זינט מיר זיינען אַ פאָלק געוואָרן, ווערט מען פשוט פאַרכישופט פון די צענדליקער טויזנטער

ספרים און ביכער, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען ממש יקרי־המציאות׳ן, און מען האָט זיי מיט דער גרעסטער עקשנות און לעבנס־איינשטעלעניש קוים אָפּגעראַטעוועט פון די חרוב געוואָרענע קהילות אין אייראָפּע. די רבנות הראשית האָט טאַקע געמאַכט אַלע מעגלעכע פאַרזוכן און אָנשטרענגונגען, אָפּצוראַטעווען ווי ווייט מעגלעך אַזעלכע קוואַלן פון אידישקייט, און שאַפן אַ נוקלעאוס פון ספרים און ווערק פאַר דעם נייעם צענטראַלן עוקד הספרים אין דעם היכל שלמה. מען האָט אונז אויפ׳ן פּלאַץ אינפאָרמירט אַז דאָס איז די גרעסטע ביבליאָטעק אין לאַנד, און זי איז געבויט געוואָרן לויט אַלע כללים פון ביבליאָטעקן: זי איז עיר קאַנדישאַנד און אָפן אַ גאַנצן טאָג, כדי יעדער איינער זאָל צו יעדער צייט קאָנען אַריינקומען און טרינקען פון דעם אַלטן קוואַל פון ישראל סבא...

אָט פירט איך אַ טיר צום פאָרשונגס צענטער פון רבנישע ווערק, ספרים, כתבי יד א. א. וו. מיר האָבן געמערקט, אַז די צענטראַלע רבנישע ביבליאָטעק דינט ניט נאָר דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט, נאָר הויפּטזעכלעך די אינטערעסן פון די גאָר גרויסע רבנים און אויטאָריטעטן, די גאונים פון אונזער צייט, וועלכע גריבלען זיך אין אונזער אַלטערטום געשיכטע, און זוכן גלייכצייטיק אַרויסצוברייגען עפּעס פאַר די נייע און קומענדע דורות.

דער קאַנאַדער אידישער מעצענאַט מאָריס פּאָלאַק האָט היבש ביי־געטראָגן צו דער רבנישער ביבלאָטעק. ער האָט אויך אָפּגעקויפט די גאַנצע ספרים זאַמלונג פון נפטר געוואָרענעם רב ראשי הרב יצחק הלוי הרצוג ז״ל און דאָס איבערגעגעבן צו דער ביבליאָטעק פון היכל שלמה.

אין פאָרשונגס צענטער ווערן געפירט גרויסע פּילפּולים און וויכוחים וועגן רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן, וואָס שטייען ברומו של עולם. דאָ איז מען זיך מתווכח איבער שווערע הלכות, ענינים און פראַגן, וואָס זיינען געוואָרן אַ פועל יוצא פון די נייע אומשטענדן, זינט מדינת ישראל איז עטאַבּילירט געוואָרן. נאַטירלעך, האָט דער ווידערגעבורט פון ישראל מיטגעבראַכט געוויסע חקירות און שוועריקייטן אין פיל הינזיכטן. ס׳איז די אויפגאַבע פון די גדולי ישראל, וואָס זיינען קאָנצענטרירט אין „היכל שלמה״, צו געפינען לייזונגען און געהעריקע ענטפערס צו פיל שטאַרק אָנגעווייטיקטע פראַגן.

וואָס איז נוגע דער אַלגעמיינער רעליגיעזער אינפאָרמאַציע, וועלכע האָט איר אייגנאַרטיקן אינדיווידועלן דעפּאַרטמענט אין דעם היכל שלמה, באַקומט מען זי דאָ ניט בלויז פריי נאָר מיט אַ צאָל פירושים און ביאורים, כדי יעדער איינער זאָל פילן די גערעכטיקייט און זאָל קאָנען באַקומען די פאַרלאַנגטע אינפאָרמאַציע סיי שריפטליך, און סיי מינדלעך. אַזוי אַרום, קאָן יעדע רעליגיעזע אָנפראַגע, יעדע סאָרט אינפאָרמאַציע, וואָס רירט אָן אַ רעליגיעזן ענין, געגעבן ווערן פריי, שנעל און מיט דער גרעסטער אחריות.

אַרויסגייענדיק פון אינפאָרמאַציע דעפּאַרטמענט, קומט מען צו צו דעם צענטראַלן קאָנוואָקאַציע אוידאַטאָריום. דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער סאָרט

בנין... די שיינקייט פון דער גאַלעריי, וואָס נעמט אַריין אַרום טויזנט פערזאָן, דער פּראַכט פון דעם האָל, די גרויסע רעליגיעזע דעבאַטן, וואָס ווערן דאָרט זייער אָפט געפירט, מאַכן דעם איינדרוק, אַז דער קאָנוואָקאַציע־אודיטאָריום איז אַ מין אוניווערסיטעט־קעמפּוס, מיט אַ סך אויפגאַבן און צילן. די גרעסטע רעליגיעזע קאָנפערענצן קומען פאָר אין דעם אודיטאָריום, אויך קאָנצערטן, לעקציעס, פּאַנעלס און אַלץ, וואָס פאָדערט אַ סך פּלאַץ און אַנטשפּרעכנדע אַטמאָספערע...

אין היכל שלמה געפינט זיך אויך דער מוזיי פון רעליגיעזע קעגנשטאַנדן, און דאָ זעט מען פאַרשידענע טיילן פון ספרי תורות, אַרויסגעראַטעוועטע פון די נאַצי גיהנומס; עץ חיימס, קרוינען, טייטעלס (יד'ן), מענטעלאַך, גאַרטלען, און אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו תשמישי קדושה.


סיר יצחק וואָלפסאָן

דער הויפּט־מעצענאַט איז דער לאָנדאָנער אידישער גביר און פילאַנטראָפּ סיר יצחק וואָלפסאָן, סיי אין ענגלאַנד און אויך אויסער ענגלאַנד, וועלכער האָט פאַר זיינע גרויסע פילאַנטראָפּישע לייסטונגען באַקומען לעצטנס פון דער ענגלישער קעניגין דעם טיטול „סיר".

מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דעם אָפיציעלן קבלת־פּנים אין היכל שלמה, צו וועלכער פייערונג סיר יצחק וואָלפסאָן, אויך זיין ברודער פון מאָנטרעאָל, און נאָך אייניקע משפּחה־מיטגלידער זיינען ספּעציעל געקומען צו דער גרויסער שמחה.

השר משה שאַפּירא, אינערן און געזונטהייטס מיניסטער פון דער ישראל רעגירונג, האָט אונז פאָרגעשטעלט פאַר דעם בעל שמחה, סיר יצחק וואָלפסאָן, און מיר זיינען געווען יום טוב'דיק געשטימט. אַ גרויסער עולם איז געקומען צו דער אָפיציעלער פייערונג, אָבער אַריינגעלאָזן האָט מען נאָר די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט באַקומען ספּעציעלע איינלאַדונגען, געדרוקט אויף פּרעכטיק שיינעם פּאַפּיר מיט גאָלדענע אותיות.

די צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אונטען אין שול, וואָס איז געווען אָנגעפילט ביז איבער די ברעגן. לעבן ארון־קודש איז געזעסן סיר יצחק וואָלפסאָן און זיין מאָנטרעאָלער ברודער (פירער פון דער וואודהאַוז קאָמפּאַני)

אַ גוט צוגעפּאַסטע רעדע האָט געהאַלטן דער פּיאַיקער מנהל פון היכל שלמה, וועלכער האָט ניט געפונען די אַנטשפּרעכנדע ווערטער צו דאַנקען און לויבן סיר וואלפסאן פאַר זיין ברייטהאַרציקע און נאָבעלע האַנדלונג דורך דערמעג־לעכן דעם אויפבוי פון דער פּרעכטיקער אינסטיטוציע.

דאָן האָט מען דעם ערן־גאַסט דערלאַנגט אַ פּאַרמעט, געשריבן אין העברעאיש און ענגליש, אַלס אויסדרוק פון טיפער דאַנקבאַרקייט פאַר זיין גרויסן ביישטייער, און ער איז געווען ממש גערירט ביים באַקומען אַזאַ פּאַרמעט ביי דער געלעגנהייט, בפרט ווען עס זענען נאָך אַנוועזנד געווען דער רב הכולל פון לאָנדאָן, ענגלאַנד, הרב דר. בראָדי. דער אינערן מיניסטער משה שאַפּיראָ, די פירער פון דער מזרחי הפועל המזרחי באַוועגונג, דער ספּיקער פון כנסת קדיש לוז און פיל אַנדערע דיגניטאַרן פון הויכן קאַליבער, וועלכע האָבן האַרציק באַגריסט, איינשליסנדיק נאַטירליך הרב הג׳ אונטערמאַן און הרב הג׳ ניסים, אַלס רבנים ראשיים.

עס איז געווען דער אמת׳ער „היכל שלמה״ יום טוב... דער חזן פון שול האָט געזונגען „שאו שערים ראשיכם״ באַגלייט פון אַן אָרקעסטער מוזיק... די געלאַדענע געסט זיינען שפּעטער אַרויפגעקומען אויבן וואו עס איז סערווירט געוואָרן ישראל וויין און כל ערליי צובייסעכטס. דר. ישראל גאָלד־שטיין, פירער פון דער סוכנות, מר. לעאָן געלמאַן, יו״ר פון מרכז עולמי של המזרחי־הפּוהמ״ז, פאַרשטייער פון רעליגיעזע מוסדות, רבנים און אַלע, וואָס זיינען געקומען אָנטיילנעמען אין דער שמחה פון חנוכת הבית פון היכל שלמה — האָבן זיך האַרציק געפּריידט מיט דער בנין־אַרכיטעקטור. היות די פייערונג איז אויסגעפאַלן אין די פּסח־טעג, האָט מען נאָך געזען און געלייענט אויף דער גרויסער וואַנט פון היכל שלמה, ביים אַריינגאַנג „חג שמח״! — אַן אויפשריפט, וואָס מען זעט בסדר אין ישראל פון די ערב יו״ט טעג ביז אַ היבשע צייט נאָך יום טוב...

היכל שלמה און די שול אין דעם בנין — זיינען דער צענטער פון רעליגיעזן לעבן אין ישראל. דאָרט אָטעמט דער גייסט פון ישראל סבא. דאָרט פילט מען, אַז מען איז אַן אַלט פאָלק, מיט אַן אַלטער תורה, מיט אַן אַלטער אידישער ירושה, וועמעס גייסטיקער ווערט שטייגט איבער אַ סך אַנדערע אָפּגעלעבטע פּיראַמידן און אַנדערע נאַציאָנאַלע מאָנומענטן... היכל שלמה איז די קרוין פון דער אידישער ירושלים, און דאָרט ווערט פּרעזערווירט די אידישע נשמה פאַר נייע וויטערע דורות, ביז אַלע אייביג־קייטן...

דריי און פערציקסטער קאַפּיטל

# די פּערזענלעכקייט
# פון גרויסן אידישן פילאַנטראָפּ, סיר יצחק וואָלפסאָן

**זיין מתנה פון פינף מיליאָן פונט פאַר׳ן „היכל שלמה", אויפ׳ן נאָמען פון זיין ג״טזעליגן פאָטער ר׳ שלמה ע״ה. — די אַרכיטעקטאָנישע קונסט פונ׳ם בנין. — די וויכטיקע ראָל פון מנהל כללי משה א. יפה. — די כסדרדיקע אַנטוויקלונג פון היכל שלמה און די השפּעה אויפן רעליגיעזן לעבן פון לאַנד. — די פאַרבינדונג צווישן היכל שלמה מיט דער מזרחי־הפּועל המזרחי באַוועגונג.**

אָפּשטעלנדיק זיך באַזונדערס אויף דער גרויסער אידישער פּערזענליכקייט, דעם באַרימטן פילאַנטראָפּ, סיר אייזיק וואָלפסאָן פון ענגלאַנד, וועלכער האָט דערמעגלעכט דעם אויפבוי פון דער גרעסטער רעליגיעזער אינסטיטוציע — היכל שלמה — דאַרף מען באַמערקן, אַז ער האָט אויך בייגעטראָגן פינאַנציעל צו אַנדערע גייסטיקע טעמפּלען פון וויסנשאַפט אין ישראל, וואָס אַלץ צוזאַמען רוקט אַרויס זיין נאָמען אין סאַמע פאָדערגרונט פון אונזערע היינטיקע גרעסטע מעצענאַטן ביי אידן, און דערמאָנט אונז אָן די פריערדיקע גרויסע אידישע מיליאָנערן און בעלי צדקה, וועלכע האָבן דירעקט און אינדירעקט רעגולירט דאָס אידישע לעבן אין אַמאָליקן רוסלאַנד, דורך שאַפן פאַר גרויסע צאָלן אידן אויסוואַנדערונגס־מעגלעכקייטן קיין ארץ ישראל, אַרגענטינע, קאַנאַדע, דרום אַפריקע, אויסטראַליע און מאַכן זיי פאַר קאָלאָניסטן.

מיר מיינען דאָ די געוועזענע אידישע מיליאָנערן די ראָטשילדס, באַראָן הירש, באַראָן גינצבורג, די פּערסיצעס, וויסאָצקיס, בראָצקיס און אַנדערע גרויס־ קאַליבערדיקע פילאַנטראָפּן, וועלכע האָבן יעדער אין זיין צייט, און לויט זיינע השגות, געזוכט צו פאַרלייכטערן די אידישע מערכה אין רוסלאַנד, פּוילן, ליטע, אוקראַינע, און אַנדערע לענדער, געבנדיק זיי אַ מעגלעכקייט אויסצוּוואַנדערן אין נייע קאָנטינענטן, און אָנפאַנגען אַ ווירדיג־מענטשלעכן לעבן, אָן פּאָגראָמען, גירושים, שנאת חינם, תחום המושב וכדומה אַזעלכע אַנטיסעמיטישע באַגרענעצונגען. אויב באַראָן הירש האָט געהאַט זיין אידעע פיקס צו שאַפן אַ קאַפּיטל געשיכטע פון אידישער עמיגראַציע; אויב ראָטשילד האָט פאַרשטאַנען צו שאַפן אין א״י די ערשטע וויין קעלערן אין ראשון לציון און פתח תקוה, און געגרינדעט „זכרון יעקב" און אַנדערע קאָלאָניעס אין א״י, און אויף קלענערע מאַסשטאַבן האָבן אויך

אַנדערע אידישע מיליאָנערן בייגעטראָגן דאָ און דאָרט צו דער פאַרבעסערונג פון דער אידישער לאַגע, דורך שאַפן קאָלאָניזאַציע מעגלעכקייטן, אידישע פאַרמעריי, מלאכה אַנטשטאַלטן, ווי למשל „ארט", הייל אינסטיטוציעס, ווי „טאָז", „אָזע" א. אַ. — האָט דער באַליבטער אידישער מעצענאַט סיר איזיק וואלפסאָן באַשלאָסן צוצוטראָגן זיין חלק דורך שטאַרקן די „נשמה" פון אידישן פאָלק אין דעם באַנייטן היימלאַנד — מדינת ישראל.

סיר איזיק וואלפסאָן איז געקומען מיט אַ פאַרמעסט, ווי באַראָן עדמונד ראָטשילד בשעתו, וועלכער איז באַקאַנט געוואָרן אין אונזער געשיכטע אַלס „נדיב הידוע", אַריינצובריינגען דעם „נצח ישראל" אין מדינת ישראל, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן... ער האָט געוואָלט זען אַז אידישקייט זאָל קוועלן און וואַקסן אין ישראל, און דער היכל שלמה, וואָס איז דער לעבעדיקער מאָנומענט נאָך זיין פאָטער ר' שלמה וואלפסאָן ע"ה, זאָל זיין די רעזידענץ פון רבנות הראשית לישראל. אויב מיר וועלן נאָכאַמאָל האָבן אַ סנהדרין, זאָל ביז דאַן דער „היכל שלמה" דינען אַלס דער „בית דין הגדול" אין ישראל, און זאָל ער וואַרפן סנאָפּעס ליכט אויף דער גאַנצער אידישער וועלט אין דער דיאַספּאָראַ, און אָנצינדן נייע האָפענונגען אויף אונזער גאולה. מיר האָבן זיך אָבער באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיט'ן איד סיר יצחק (איזיק) וואלפסאָן — פון וואָס פאַר אַ משפחה שטאַמט ער און וואו ליגט דאָס גרויסע פינטעלע איד אין זיין האַרץ און נשמה?...

די וואלפסאָן משפחה איז פאַקטיש אַ רוסישע, וועלכע האָט איבער־געוואַנדערט קיין ענגלאַנד צוליב די אַמאָליקע צאַרישע גזירות און שווערקייטן, אין דער אַלטער רוסלאַנד. יצחק איז שוין אייגנטלעך אַ געבוירענער אין גלאַזגאָ, סקאָטלאַנד, מיט 67 יאָר צוריק. זיין גאָטזעליקער פאָטער האָט געהייסן שלמה, און די מוטער נחה שרה. דער היכל שלמה איז דאָריבער די מצבה נאָך זיין פאָטער ע"ה.

, דער יונגער יצחק האָט זיך דערצויגן אין אידישן גייסט, געלערנט אידיש, אָבער האָט פון זיינע יונגע יאָרן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו מסחר. אַ יאָר נאָך בר מצוה, האָט ער, ביט קוקנדיק אויף זיין פאָטערס קעגנערשאַפט, אויפגעהערט צו לערנען, און אָנגעהויבן האַנדלען אין די דערפער, אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון סקאָטלאַנד. ער איז געוואָרן אַ מין „קאַסטאַם פעדלער", ווייל ער האָט צוגעשטעלט צו זיינע קונים מעבל, קליידער און אַנדערע זאַכן, וואָס מען האָט פון אים פאַרלאַנגט, אויף אויסצאָלונגס ראַטעס...

די סחורות האָט ער נאַטירלעך גענומען פון פאָטערס געשעפט, און די דאָזיקע סיסטעם פון האַנדל, איז גראַד געפעלן געוואָרן די דאָרפישע איינוואוינער, נאַטירלעך, האָט דאָס מיטגעבראַכט, אַז דעם פאָטערס קראָם איז כסדר געוואַקסן און געוואָרן כמעט די גרעסטע דעפּאַרטמענט סטאָר פון מעבל און אַנדערע הויזלעכע זאַכן. דער ברודער האָט אויך שטאַרק מיט־געאַרבעט אין דער פירערשאַפט פון געשעפט, און דאָס האָט געגעבן דעם פאָטער

די מעגלעכקייט זיך אָפּצוגעבן מער מיט לערנען תּורה, ווי מיט מסחר, וועלכן עס האָבן שוין געפירט די זין.

מיט איבער פערציק יאָר צוריק האָט זיך יצחק וואָלפסאָן אַריבער־געצויגן קיין לאָנדאָן, און פאַרגעזעצט זיין האַנדל, לכתחילה אויף אַ קלענערן מאַסשטאַב, און נאָכער אויף אַ גרעסערן... ער האָט שוין אַריינגענומען אין געשעפט זייגערס צו פאַרקויפן, טעקסטיל אויסאַרבעטונגען, און אַלץ, אין וואָס ער האָט געזען אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען... ערשט דאַן האָט ער געעפנט אַן אָפּטיילונג פון דעם גרויסן מעבל געשעפט אין גלאַזגאָ, איינ־געפירט די סיסטעם פון שיקן דורך פּאָסט געאָרדנטע אַרטיקלען, ווי דאָס איז אַמאָל געווען שטאַרק אַנטוויקלט אין לאָדזש, און האָט זיך זעהר באַליבט און פּאָפּולער געמאַכט דורך זיין אָרנטלעכקייט און פּינקטלעכקייט אין מסחר... דער צוטרוי צו די וואָלפסאָנס איז געווען אין לשער. עס איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אין לאָנדאָן זייער „גרייט יוניווערסאַל סטאָרס", וואָס האָבן שוין געהאַט אַן אומזאַץ פון 400 מיליאָן פונט יערלעך.

די געשעפטן און ריווחים האָבן אָבער ניט פאַרשיכורט דעם יונגן אייזיק וואָלפסאָן. ער איז געבליבן געטריי די טראַדיציעס פון פאָטער, אָוועקצו־שענקען גרעסערע געלד סומען פאַר צדקה צוועקן, פאַר שולן, דערציאונגס־אַנשטאַלטן אין לאָנדאָן און גלאַזגאָ, וואו איין שול רופט זיך טאַקע אויף זיין פאָטערס נאָמען.

מיט דער עטאַבלירונג פון מדינת ישראל האָט די וואָלפסאָן משפחה אויסגעשאָטן אַ זאַק מיט געלד איבער ישראל. אויסער דעם בנין „היכל שלמה", צו וועלכן ער האָט בייגעטראָגן פינף מיליאָן פונט, האָט סיר אייזיק וואָלפסאָן אויך מנדב געווען אַ מיליאָן פונט פאַר דעם וויצמאַן אינסטיטוט, צו עפענען אין רחובות אַ פאָרשונג־אָפּטיילונג פאַר קאַנסער. די סומע איז געגעבן געוואָרן אויפן נאָמען פון עדית און יצחק וואָלפסאָן לויט ווי עס האָט געמעלדעט דער עקזעקוטיוו פּאַרזיצער פון וויצמאַן אינסטיטוט מאיר ווייסגאַל, און אויפגעקלערט, אַז דאָס געלד וועט העלפן אַנטוויקלען און אויסברייטערן די עקזיסטירנדיקע יוניטס צו פאָרשן דעם ביאָלאָגישן מעכאַניזם פון דער קאַנסער אַנטשטייאונג (גענעטיק פון קאַנסער) און אַנדערע אַספּעקטן פון דער שרעקלעכער קראַנקהייט וואָס רויבט אַוועק מיליאָנען לעבנס יאָר־איין און יאָר־אויס!...

עס איז געווען אַ פרייד, וואָס אַ אידישע משפחה אין ענגלאַנד האָט זיך דערהויבן צו היסטאָרישע מעשים, און אויסער איין ברודער וועלכער וואוינט אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, און פאַרוואַלטעט מיט דער גרויסע „וואָודהאָוז" פירמע, איז אויך דער יונגער זון פון יצחק'ן, — לעאָנאַרד ג. וואָלפסאָן, — שטאַרק פאַראינטערעסירט אין די אַלע פילאַנטראָפּישע אַקציעס, וועלכע העלפן אַנטוויקלען וויסנשאַפט און טראָגן צו באַזונדערס אין אַ באַדייטנדער מאָס צום וויצמאַן אינסטיטוט.

מיט עטליכע יאָר צוריק האָט יצחק און עדית וואָלפסאָן מיט אַ באַדייטנ־דער סומע געלד, דערמעגלעכט דעם אויפבוי פון דעם וואָלפסאָן אינסטיטוט פאַר עקספּערימענטאַלער ביאָלאָגיע. אַ דאַנק דער מיליאָן דאָלאַרדיקער דאָנאַציע פון די וואָלפסאָנס צום וויצמאַן אינסטיטוט, האָט אַ נייעם תיקון באַקומען דער פריערדיקער „דניאל זיוו אינסטיטוט" פאַר פאָרשונג, וואָס עקזיסטירט שוין 30 יאָר, און דינט אַלס צענטער פון דער אַפּטיילונג פאַר אָרגאַנישער כעמיע. עס לאָזט זיך ניט אויסרעכענען די פאַרדינסטן פון דער נאָבעלער סיר אייזיק וואָלפסאָן משפּחה, וועלכע איז היינט דער שטאָלץ פון אידישן פאָלק. זינט זיין ערשטן באַזוך אין ישראל אין יאָר 1951 האָט די וואָלפסאָן משפּחה שוין זייער פיל בייגעטראָגן צום פּראָגרעס פון מדינת ישראל. אין יאָר 1963 זיינען שוין אַלע בנינים געווען אויסגעפּאַרטיקט און לייסטונגספעאיק. עס איז כדאי דאָ אגב איבערצוגעבן דעם תמצית פון סיר אייזיק וואָלפסאָן דעקלאַראַציע, וועלכע ער האָט באַקאַנט געמאַכט אין אונזער אַנוועזנהייט:

„פון שטענדיק אָן איז מיין פאַראינטערעסירונג אין ישראל אַ דאָפּלטע: 1) די אַנטוויקלונג פון וויסנשאַפט און חינוך מוסדות; 2) שטאַרקן אידישע טראַדיציעס. עס פריייט מיך, וואָס מיינע בייטראָגן האָבן מיטגעהאָלפן צו ברענגען באַדייטנדע ,דיווידענדן'". ער האָט נאָך באַטאָנט, אַז „קיין שום איד טאָר ניט דורכלאָזן די געלעגנהייט, וואָס איז צום ערשטן מאָל געגעבן געוואָרן נאָך 2000 יאָר, צו זיין אַ שותף צו דער אַנטוויקלונג פון דער גייסטיקער און אינטעלעקטועלער צוקונפט פון מדינת ישראל".

עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז בעת דעם חנוכת הבית באַזוך פון סיר אייזיק וואָלפסאָן אין ישראל האָבן די געסט, ער און זיין פרוי, געשאָנקען אַ באַזונדער סומע פון 100,000 דאָלאַר לכבוד דעם 70־טן געבוירנטאָג פון פּאָליא בן־גוריון, און די ספּעציעלע דאָנאַציע איז געווען פאַר דער פאָרשונג פון אויגן־קראַנקהייטן, און אויך אַלס אַ סטיפּענדיע־פאָנד פאַר די מיטל שולן אין ישראל.

אויף דעם קבלת פּנים לכבוד סיר אייזיק וואָלפסאָן אין היכל שלמה, בעת דעם חנוכת הבית, האָט ער צוזאַמען מיט טשאַרלס קלאָר פון ענגלאַנד און זיינע ברידער, געגרינדעט אַ באַזונדער נייעם פאָנד, מיט וועלכן עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אינוועסטיציע געזעלשאַפט מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַכט מיליאָן ישראל פונט. דער צוועק איז, צו פינאַנסירן דעם אויפבוי פון היימען אין דער נייער שטאָט „חבל הבשור", מיט נייע האַנדלס צענטערס, אינסטיטוציעס, פאַרוויילונגס־פּלעצער א. א. וו.

פון דעם איז צו זען, וואָס פאַר אַ גרויסע פּלענער סיר אייזיק וואָלפסאָן האָט, און ווי ברייט זיין קעשענע איז אָפן פאַר ישראל, ווי אויך פאַר וויסנ־שאַפטלעכע צוועקן אין חוץ לארץ... ער שטיצט גרויסע צאָלן סטודענטן דורך געבן זיי סטיפּענדיעס, סקאָלערשיפּס, העלפט זיי באַזוכן קאָלעדזשעס און

אוניווערסיטעטן, און בכלל אַלץ, וואָס טראָגט אין זיך די זאָמען פון אידישקייט און וויסנשאַפט, און באַזונדערס פאַר אידישע געלערנטע.

דאָך איז זיין קרוין־ווערק ביז היינט דער היכל שלמה, אין וועלכן עס רוט די שכינה פון מדינת ישראל, און אין וועלכן ער אַליין און זיין חשובע פרוי און זון, אויך זיין ברודער און די גאַנצע וואָלפסאָן משפחה שפּיגלען זיך... דעם ערן טיטול, וואָס די ענגלישע קעניגין האָט אים לעצטנס געשאָנקען „סיר" איז אַ באַזונדער באַווייז, ווי גרויס בריטאַניע קוקט אויף אַזעלכע בירגער, און ווי זיי ווערן אָפּגעשאַצט פאַר זייערע נאָבעלע מעשים, וואָס פאַרדינען אַלעמעס אָנערקענונג.

אַט פאַרוואָס ער האָט געהאַט דעם כבוד במשך פון די יאָרן 1949־1953 זיין דער פאַרזיצער פון דעם פאַראייניקטן אַפּיל אין ענגלאַנד; ער איז אַן עקזעקוטיוו מיטגליד אין ווייצמאַן אינסטיטוט, וואו ער האָט אויסגעבויט פאַר זיך אַ באַזונדער ווינקעלע צו קענען פאַרברענגען דאָרט יערלעך עטלעכע וואָכן אין זיין אייגענער ווילאַ. לעצטנס האָט ער געשאַפן אַ באַזונדערן פאָנד פון 10 מיליאָן פונט פאַר פאַרשידענע צדקה צוועקן, און דער פאָנד ווערט פאַרוואַלטעט פון זיין זון, פרוי און אייניקע העכסט חשובע פּירער, אידן און ניט־אידן, אין ענגלאַנד.

דער נאָמען וואָלפסאָן האָט געבראַכט גרויס שטאָלץ צו אַלע אידן, און באַזונדערס צו ישראל, ווען די גרויסע „שעל" קאָמפּאַני האָט אָפּגעשטעלט די טראַנזאַקציעס מיט ישראל, האָט סיר וואָלפסאָן דאַן אויסגעקויפט די גאַנצע קאָמפּאַני און געשאַפן אַ נייע קאָמפּאַני א. נ. „פּז", וואָס האָט ווייטער געליפערט אויל צו ישראל. אַזוי אַרום האָט ער זיין האַנט אין אַ ריי אַנדערע אונטערנעמונגען אין ישראל און דער הויפּט פּרינציפּ פון אַלע הכנסות איז: — דער ריווח זאָלן גיין נאָר פאַר צדקה־צוועקן אין ישראל. זיין זון לעאָנאַרד גייט אין די פוסטריט פון פאָטער, און אַזוי אַרום איז די משפחה פון סיר אייזיק וואָלפסאָן געוואָרן אַ קוואַל פון פרייד און גליקזעליקייט סיי פאַר מדינת ישראל און סיי פאַר די אידן אין ענגלאַנד און בכל אתר ואתר...

היכל שלמה איז אָבער די לעבעדיגע בלום אין דעם בוקעט פון די וואָלפסאָנס, ווייל דאָרט לעבט דער רוח פון ישראל סבא, פון אידישער תורה, אידישער עטיק און מאָראַל. אַט פאַרוואָס עס כישופט ממש און ציט צו יעדן טוריסט אַריינצוקומען און בענטשן דעם נדבן.

ווילן מיר דאָ נאָך צוגעבן די גרויסע ראָל, וואָס עס שפּילט דער מנהל הכללי, משה א. יפה, וועלכער איז די אַקס, אַרום וועלכע עס דרייט זיך די פיל פאַרצווייגטע טעטיקייט אין היכל שלמה. זיכער האָט ער זיינע אַרויס־העלפער און סעקרעטאַרן, אָבער ידו על העליונה... מר יפה איז דער רוח החיים פון היכל שלמה. זיין מסירת־נפש פאַר דער אינסטיטוציע איז דער בעסטער באַווייז, וואָס זי מיינט פאַר אים, פאַרן רעליגיעזן אידנטום און

באַזונדערס פאַר דער מזרחי הפועל המזרחי, אין וועמעס רייען ער איז שטאַרק פּאָפּולער און אָנערקענט.

מיר וואָלטן געזאָגט, אַז משה א. יפה, וועלכער איז אגב געווען דער אָנפירער פון קבלת פנים לכבוד סיר אייזיק וואלפסאן בעת מען האָט געפייערט זיין טיטול „סיר", וואָס די קעניגין האָט אים באַשאָנקען, איז אַ פּערזענלעכקייט פון גרויסן קאַליבער און ער דינט ווי אַ בריק צווישן דער אינסטיטוציע מיטן אָרגאַניזירטן רעליגיעזן אידנטום, פאַר וועמען הרבנות הראשית און די אַלע דעפּאַרטמענטן פון היכל שלמה זיינען ממש אַ קדשי קדשים. דאָס איז באמת אַ משכן ישראל, וואָס שטיצט זיך אויף תורת ישראל אין מדינת ישראל. ניט אומזיסט גרויסט זיך דער מזרחי הפועל המזרחי מיטן היכל שלמה, כאָטש אָפיציעל איז ער אַ כלל ישראל אינסטיטוציע. מען ווייסט אָבער, אַז דאָס איז אַ שאַפונג פון מזרחי גייסט, און די דערגרייכונגען רעדן פיל מער, ווי עפנטלעכע אויפשריפטן, ווי דאָס האָט אונז אויך באַמערקט משה שפּירא, מיניסטער פון אינערן און געזונטהייט פּראָבלעמען.

פיר און פערציקסטער קאַפּיטל

# דער הויפּט־צענטער פון „אָרט" אין דר. א. סינגאַלאָווסקי׳ס בנין

**די פאַרצווייגטע טעטיקייט פון „אָרט" אין ישראל, זינט די מדינה עקזיסטירט. — די לייטנדע ראָל פון אינזשינער יעקב אליישקי, אַלס דירעקטאָר פון „אָרט". — די צאָל סטודענטן אין די פאַרשידענע פאַכשולן. — די פינאַנציעלע מיטלען, פאַר די טעטיקייטן פון דער אָרגאַניזאַציע, פון די תפוצות און די באַטייליקונג פון דער ישראל רעגירונג.**

צווישן די גרעסטע און חשובסטע אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן, וועלכע מיר האָבן באַזוכט אין ישראל, איז די גרויסע שטאַרק־פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע „ארט", וועלכע פאַרנעמט אַ זייער חשובן אָרט אין לעבן און אין דעם עקאָנאָמישן געבוי פון דער יונגער מדינה.

עס איז מערקווירדיק, וואָס „ארט" האָט נאָך אַלץ ניט באַוויזן צו גרייכן די ברייטע אידישע ספערן. פאַר טויזנטער פון אונזער פאָלק איז נאָך אַלץ דער נאָמען „ארט" ניט פּאָפּולער, און ווייניק מענטשן אָריענטירן זיך אין דעם ציל פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אויסגעוואָקסן צו אַ מעכטיקן כוח און פאַרנעם, ווי מען זעט דאָס אין ישראל. די סיבה ליגט אפשר אין דעם וואָס פון דורות־לאַנג האָט מלאכה ניט פאַרנומען דעם „אויבנאָן" אין אידישן לעבן. מיר געדענקען נאָך אַלץ, ווי משפחות פלעגן זיך פילן מינדערווערטיק, אויב צווישן זייערע מיטגלידער האָבן זיך געפונען בעלי מלאכות... די באַזונדערע שולן, ווי די שניידערישע, שוסטערישע, בעל עגלה׳שע שול, דער קצבישער בית מדרש און אַלע אַנדערע האָבן ניט געהאַט אַזאַ „פּנים". ווי דער געמויערטער בית המדרש, וואו עס פלעגן זיצן די חשובע בעלי בתים ביי אַ בלאַט גמרא, אָדער פרק משניות, א. א. וו. אַ פאַך אין יענע צייטן איז ניט געווען קיין ענין פון „יחוס", כאָטש דריי פערטל פון די אידן אין די שטעט און שטעטלעך זיינען געווען בעלי מלאכות, שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, ברוקירער, היטלמאַכער, קצבים, בעלי עגלות, בכלל פאַכן מיט וועלכע אידן האָבן זיך פאַרנומען אין דעם ענגן תחום המושב. אמת, פאָלקס־מענטשן האָבן זיך געהאַט אַ ווערטל „מלאכה־מלוכה", ד. ה. אַז מען האָט אַ פאַך אין האַנט, איז מען באַזאָרגט מיט אַ שטיקל ברויט, אָבער ווייטער פון אַ שטיקל ברויט מיט אַ זייער אָרימען לעבנס־סטאַנדאַרט, איז מען ניט געגאַנגען.

און אַ פאָלקס־ווערטל פלעגט אָנגיין, אַז „ביי אונזערע שונאים זאָל זיין ריין אין שטוב", ד. ה. מען זאָל דאָרט ניט זען קיין שום מלאכה...

די גרויסע וועלט־אָרגאַניזאַציע „אָרט" וועמעס איניציאַטאָרן און גרינדער עס זיינען געווען דער פילאַנטראָפּ ס. ס. פּאָלאַקאָוו אין פּעטערבורג, באַראָן גאָראַצי אָסיפּאָוויטש גינצבורג און לעאָנטי מאַיסעיעוויטש בראַמסאָן האָט געזאָלט באַצוועקן צו שאַפן אַ געזעלשאַפט פון אַרבעטער און קאָלאָניסטן צווישן די רוסישע אידן. דער סאַמע „בראשית" פון דעם פּלאַן געהערט צום יאָר 1880, ווען דער ציטוויליקער קאָמיטעט האָט זיך געווענדעט צו דער רוסישער רעגירונג מיטן פּלאַן, צו שאַפן אַזאַ קערפּערשאַפט, לזכרון פון דעם 25 יאָריקן יובילעי, זינט אַלעקסאַנדער דער 2־טער איז אַרויף אויפן טראָן.

די ווענדונג צו דער רוסישער רעגירונג איז געווען: צו דערלויבן זאַמלען געלד צווישן אידן פאַר אַ „וואוילטעטיקן געזעלשאַפטלעכן צוועק".

ווען די דערלויבעניש איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, זיינען צו די 3 פריער דערמאָנטע עסקנים בראַמסאַן, פּאָלאַקאָוו און גינצבורג צוגעשטאַנען נאָך דריי וויכטיקע פּערזענלעכקייטן — א. זאַק, ל. ראָזענטאַל און מ׳ פרידלאַנד. אַ רוף איז דאַן אַרויסגעגעבן געוואָרן צו אַלע אידן צו מנדב זיין געלדער פאַר אַ וויכטיקן געזעלשאַפטלעכן פאָנד, און הויפּטזעכלעך צו עפענען פאַך־שולן פאַר אידישע יוגנטלעכע, כדי צו דערמעגלעכן אידישע בעלי מלאכות אַריבערצוגיין פון איין שטאָט אין אַן אַנדערער.

עס איז אויך געווען דער קלאָרער ציל צו העלפן אידן פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט, און אַזוי אַרום איבערשיכטן ברייטע אידישע פאָלקס־מאַסן דורך נוצלעכע פּראָפעסיעס און פרנסות, כדי צו הויבן זייער עקאָנאָמישן סטאַנדאַרד און אויסברייטערן דעם שטח פון זייער טעטיקייט.

דער רוף האָט באַגעגנט דעם וואַרימסטן אָפּקלאַנג צווישן אַלע אידן, הויפּטזעכלעך האָט זיך די אידישע אינטעליגענץ שטאַרק אָפּגערופן. צום סוף פון יאָר 1880 איז שוין געוואָרן אַ קאַפּיטאַל פון 200,000 רובל. דאָס האָט אויסקריסטאַליזירט די פיזיאָנאָמיע פון דער געזעלשאַפט „אָרט", און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ געהעריקער סטאַטוס פון דער קערפּערשאַפט. די הויפּט אויפגאַבע לכתחילה איז געווען אַריבערצופירן אידן פון תחום המושב אין אַנדערע געגנטן, וואו זיי האָבן פריער ניט געטאָרט וואוינען. דער איבערברוך אָבער, וואָס איז געקומען אין יאָר 1882, די פּאָגראָמען אויף אידן אין פאַר־שידענע שטעט, — האָט צושטערט דעם אָפּטימיסטישן אָנפאַנג פון „אָרט"־טעטיקייט.

היינט מיט אַ 85 יאָר שפּעטער זינט דער „אָרט" איז געגרינדעט געוואָרן אין פּעטערבורג, און זינט פאַכשולן זיינען שוין געווען פאַרשפּרייט אין גאַנץ פּוילן, ליטע, רומעניע, די באַלטישע לענדער און אַנדערע, האָט ער באַקומען אַ נייעם „תיקון" אין ישראל.

די ביידע וועלט מלחמות האָבן זייער פיל געווירקט אויף דער איבער־

שטעלונג פון די „ארט"־זעגלען. עס איז אויסגעוואַקסן אַ בויטוועגדיקייט צו עפענען פיל פאַכשולן אין צפון אַפריקע, אין דרום אַמעריקע, אין מערב איראָפּע, און אויך אין צפון אַמעריקע, וואו מען האָט געזוכט אָנוועקצושטעלן דעם אידישן אַרבעטער אויף אַ גלייכער הויך מיט די אַנדערע, וואָס האָבן באַזוכט אַרטס און קראַפּטס שולן, פאַך־קורסן וכדומה...

אין די אַלע לענדער האָט אָבער דער „ארט" ניט געקענט אַזוי זיכער אַנגיין מיט זיין אינדיווידואַליזם און כאַראַקטער, מיט זיין ספּעציפישן צוגאַנג צו אידישע האַנטווערקער, ווי אין מדינת ישראל. דאָרט האָט ער ממש געשלאָגן אַ רעקאָרד, און געוואָרן אַ קוואַל פון פרייד און גליקזעליקייט פאַר טויזנטער יונגע, און אפילו עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט דערלערנען אַ פאַך, כדי צו ציען אַ בכבודיקע פרנסה פאַר זיך און דער משפחה.

דעריבער זיינען מיר פשוט געפּלעפט געוואָרן, ווען דער הויפּט דירעקטאָר פון „אָרט" אין ישראל, דער ליבער יעקב אליעסקי, האָט אונז גענומען אַרומפירן איבער די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון „ארט", איבער די פיל־פאַרצווייגטע דעפּאַרטמענטן, ווייזן וואָסערע דעליקאַטע געגנשטאַנדן דער „אָרט" פּראָדוצירט, און וועלכע ווערן אויסגעקויפט פון באַזוכער פון פרעמדע לענדער, אַלס מאָדעלן פון אַרבעט און פּרעציזקייט, — ערשט דאַן האָבן מיר טיפער באַגריפן די וויכטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן גענומען ציען אַ פּאַראַלעל צווישן דעם טעכניאָן, אין חיפה און די „אָרט" דערגרייכונגען אין סינגאלאָפסקי צענטער, און עס האָט זיך אונז געדוכט, אַז דער טעכניאָן איז אַ מין „המשך" פון ווינסשאַפּטלעכער און גרינטלעכער פאַך־פאָרשונג אויף די פיל געביטן, וואו ביידע לערן אינסטי־טוציעס קומען זיך צונויף.

יעקב אַליעסקי, אַליין אַן אַגראָנאָם און כעמיקער, אַ מאַן פון איבער 60 יאָר, איז געבוירן געוואָרן אין ליטע, דערצויגן אין קאָוונער אוניווערסיטעט און שפּעטער אין יעיל אוניווערסיטעט, און זיין ערשטע פאַרבינדונג מיט דער „אָרט" טעטיקייט גייט צוריק צום יאָר 1927 און ציט זיך ביז 1940, ווען ער האָט אָרגאַניזירט „אָרט"־קורסן אין קאָוונער געטאָ, אונטער דער דייטשער מאַכט. ער האָט אויך דורכגעמאַכט דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאַכאַו; שפּעטער איז אים געלונגען צו דירעקטירן די „אָרט"־טעטיקייטן אין מערב דייטשלאַנד, אין יאָר 1949 איז ער עולה געווען קיין מדינת ישראל, וואו ער האָט זיך תיכף אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון „אָרט". אָנפאַנגס אין ירושלים, און זינט 1950 — אין תל אביב. איבעריק צו זאָגן, אַז ער איז אַן עקספּערט אויף זיין געביט, איבערהויפּט זינט עס זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון לעבנס־בונד דער אַזוי באַליבטער דר. אהרן סינגאַלאָפסקי, שפּעטער דר. לוואָוויטש, דר. אָסוראָוויטש און די אַנדערע, וואָס האָבן באַטראַכט „אָרט" אַלס לעבנס־אידעע.

יעקב אָלעיסקי איז די פאַרקערפּערונג פון „אָרט״; עס איז געווען אַן עונג רוחני צו זען זיין התפעלות, זיין צופרידנקייט מיט דער נייער גרויסער אויפגאַבע פון אָרט־טעטיקייטן אין ישראל. ער האָט אונז געוויזן קעגנ־שטאַנדן פון גאָר גרויס וויכטיקייט, וואָס האָבן אַ שטאַרקע פאַרווענדונג אין אַלע לעצטע דערגרייכונגען אויפן געביט פון טעכנאָלאָגיע, פיזיקס, כעמיע און אַנדערע צווייגן פון וויסנשאַפט...

דער ריזיקער פאַרנעם פון סינגאַלאָווסקי בנין, די אַלע אויסשטאַטונגען און מאַשינען פאַרכאַפּן דאָס אויג... מען דאַרף האָבן אַ „באַס״ אַרומצופאָרן איבער די אַלע אָפּטיילונגען, וואו עס שטייען יוגנטלעכע ביי דער אַרבעט. עס מאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק די פיל פאַרביקייט פון דער סטודענטן מאַסע... אָט איז אַ תימנער בחור פאַרטיפט אין אַ מאָדעל פון אַ אינסטרומענט, זוכנדיק צו דערגיין, ווי אַזוי ער אַרבעט, און ווי זאָל מען זיך מיט אים באַגיין.

דאָרט שטייען צוויי יונגע בחורים און אַרבעטן צוזאַמען מיט אַ נייעם אינסטרומענט, אויספּרובירנדיק אויף וויפיל זיי קאָנען אים באַהערשן.

ניט ווייט שטייט אַ גרופּע יוגנטלעכע פון מאַראָקאָ, אַלע אין יאַרמול־קעס, און פיילן אַ שטיק אייזן, אָפּערירנדיק מיט פאַרשידענע כעמישע שטאָפן, מיט אַ פּינקטליך וואָג, וועגנדיק און מעסטנדיק יעדע פאַר מינוט, צי זיי האָבן שוין גענוג באַאַרבעט דאָס אייזן. די טראַנסמיסיעס פליען שנעל און אַרבעטן כמעט אָן געררויש און טומל. צווישן די אַרבעטנדע דרייען זיך אַרום אינסטרוקטאָרן און פאַרשידענע ספּעציאַליסטן, און ווי נאָר מען ווענדט זיך צו זיי, זיינען זיי תיכף גרייט צו ענטפערן און אויפקלערן אַלץ, וואָס מען פרעגט זיי. דער אויסדרוק „סקילד לייבאָר״ פילט זיך ממש אין דער לופט...

מעגלעך, אַז אַ געוויסע צאָל געגנשטאַנדן ווערן דאָרט געמאַכט פאַר מיליטער מאַשינען, הגם אויף אונזער פראַגע האָבן מיר וועגן דעם קיין דעפיניטיווען ענטפער ניט באַקומען... מיר האָבן אָבער אַליין זיך אָנגעשטויסן, אַז העכסט וואַרשיינלעך ווערן דאָ געשאַפן געוויסע טיילן, וואָס ווערן גענוצט פאַר מאַשינען פון מיליטערישן כאַראַקטער, און אויך פאַר עראָפּלאַנען.

מיר זיינען אויך אינפאָרמירט געוואָרן, אַז דער „אָרט״ האָט אַריינ־געשריבן אַ באַזונדער גלאָררייכן קאַפּיטל אין לעבן פון די געוועזענע 600,000 צפון־אַפריקאַנער אידן, וועלכע האָבן געלעבט אין דחקות און אָרימקייט. היינט צו טאָג זיינען אין 25 שטעט און דערפער אין ישראל פאַראַן פאַך־שולן פון „אָרט״, און יעדן יאָר קומען אַריין נייע טויזנטער סטודענטן צו דערלערנען אַ פאַך. דער „אָרט״ האָט 2 טעכנישע שולן אין גבעתים און רמת גן. אויסער דעם האָט ער שולן מיט 4 יאָריקן קורס אין ירושלים, כפר אברהם, נתניה, רמת גן, רחובות, און תל אביב. טעכנישע שולן מיט אַ 3 יאָריקן קורס זיינען פאַראַן אין עפולה, בני ברק, הרצליה, חולון, כפר סבא, לוד, תל־אביב־יפו א. א. פונקטן. די דערמאָנטע שולן האָבן דעם

סטאַטוס פון מיטל שולן. ס׳זיינען אויך פאַראַן העכערע קורסן פאַר משתלמים, וואָס זוכן זיך צו ספּעציאַליזירן אין פאַרשידענע פאַכן.

פריינט אַלעיסקי האָט אונז באַמערקט, אַז עס זיינען פאַראַן אַרום 6,000 סטודענטן אין עלטער צווישן 12 און 18 יאָר, און זיי לערנען אַרום דרייסיק פאַרשידענע פאַכן, אַלע אין טאָג שולן. אויסער דעם איז פאַראַן נאָך אַ 1,800 סטודענטן פון דערוואַקסענע און מיטליאָריקע מענשן וואָס זוכן צו דערווערבן אַ פאַך אין די אָוונט שעה׳ן אויף באַזונדערע קורסן.

יאָר איין און יאָר אויס ווערן אַריינגענומען אַרום אַ פינף טויזנט יוגנט־לעכע, וועלכע לערנען פאַרשידענע מלאכות און אויך עכט וויסנשאַפטלעכע געגנשטאַנדן פון טעכניק און מעכאַניק...

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם בודזשעט קריגט דער „אָרט" גאָר אַ באַדייטנדע שטיצע פון דעם דזשאָינט דיסטריביושאַן קאָמיטעט, אויך פון די פאַרשידענע קהלות, וואו די „אָרט"־שולן געפינען זיך, און טיילווייז אויך פון דער ישראל רעגירונג, וועלכע זעט די צוועקמעסיקייט פון די „אָרט"־שולן, און די וויכטיקייט צו באַזיצן אַ פאַך בעת די מדינה האַלט זיך אין בויען און וואַקסן...

נאַטירלעך קומט דער גרעסטער טייל הילף פון דער אידישער אַמעריקע קאַנאַדע און איראָפּע, אָבער לויט אונזער מיינונג, וואָלט „אָרט" געקענט מער פּראָגרעסירן, כדי צו געבן נאָך מער מעגלעכקייטן צו אַלע, וואָס ווילן אַריינקומען אין די „אָרט" שולן, צו דערלערנען אַ פאַך...

לעצטנס זיינען פאַרטיילט געוואָרן סטיפּענדיעס פאַר „אָרט" שולן אין רמת גן פאַר דער סטאַלערריי שולע אויפן נאָמען פון שטאָט פּרעזידענט א. קריניצי, אין דער אַנוועזנהייט פון יעקב אלעיסקי און דר. א. אילן, דאַרטיקן דירעקטאָר פון דער שולע. דער וויצע פּרעזידענט פון שטאָט ראָט ש. זיסמאַן האָט פייערליך צוגעזאָגט, אַז די שטאָט פאַרוואַלטונג וועט פאַרגרעסערן די סובסידיע פון 5,000 פונט אויף 10,000 פונט. די אַמעריקאַנער רעגירונג שטיצט איצט אַ באַזונדער פּראָגראַם פון פאַכבילדונג פאַר בלינדע מענטשן.

עס איז געווען ביי אונז אַ גייסטיקער נחת רוח צו זען און צו באַוואונדערן דעם ריזיקן אָפּאַראַט פון „אָרט", וועלכער וועט מיט דער צייט מער וואַקסן און ברענגען פּאָזיטיווע פרוכט דער אידישער מדינה און די טויזנטער גראַדו־אירטע, וואָס קומען אַרויס מיט וויכטיקע פאַך־קענטענישן און טעכנאָלאָגישע צוגרייטונגען.

דער עיקר אָפּהאַלט — איז דער ענין פון פינאַנצען. „אָרט" קאָן ניט אַליין פאַרענטפערן דעם שווערן פינאַנציעלן פּראָבלעם, וואָס איז אַ פּועל־יוצא ניט בלויז פון עקספּאַנסיע פון דער אינדוסטריע, נאָר אויך פון׳ם נאַטירליכן צוואוקס פון דער באַפעלקערונג, און פון דער כסדר וואַקסענדער עליה.

דער אַלגעמיינער איינדרוק, וואָס מען טראָגט אַרויס נאָך אַ באַזוך

אין „אָרט״ הויפּט צענטער — אין סינגאַלאָוזקיס מאָדערן־אויפגעבויטן בילדינג, איז אין לשער, און די, וואָס האָבן נאָך מיט צענדליקער יאָרן צוריק געזען „אָרט״ וואַרשטאַטן אין פּוילן, ליטא א. א. וו. קאָנען זיך גאָרניט פאָרשטעלן, ווי די אינסטיטוציעס פון „אָרט״ זיינען אויסגעוואַקסן אין מדינת ישראל.

היינט צו טאָג פילט ישראל נאָך אַ גרעסערע נויטווענדיקייט און שטאַרקן דוחק אין קוואַליפיצירטע אַרבעטס־כוחות אויף אַלע געביטן פון איר אינדוסטריעלער עקספּאַנסיע, ווי מיט יאָרן צוריק. פיל־גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס וואָלטן געקאָנט זעהר פיל פאַרגרעסערן זייער פּראָדוקציע, און אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן זיך לעצטנס זיך געגרינדעט אין די אַנטוויקלונגס שטחים, האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן ביי דער רעקרוטירונג פון געלערנטע אַרבייטער, און ספּעציעל פון טעכניקער און מייסטער.

„אָרט״ אין ישראל טוט אַלץ, וואָס איז ביכולת צו טאָן, כדי צו פאַרגרעסערן די צאָל פון מלאכה און פאַך־אנשטאַלטן אויף די פאַרשידענע געביטן פון טעכניק און אינדוסטרי.

פינף און פערציקסטער קאַפּיטל

# די גייסטיקע לאַבאָראַטאָריע פון דער „אנציקלופדיה תלמודית"

**דער אַנגענעמער באַזוך ביי הרב הג' ר' שלמה יוסף זעווין מחבר פון פיל ספרים און הויפּט רעדאַקטאָר פון דער אינ־ציקלופדיה תלמודית". די מערקווירדיקע אַנאַלאָגיע פון געדאַנק, פאַרגלייכנדיק די ר"ת פון שלמה רבי יצחק (רש"י) מיט די ר"ת פון רבי שלמה יוסף זעווין, (יבדל לחיים ארוכים). דער ענק שבענקים און גדול הדור. דער הדרת פנים, וואָס שפּיגלט אָפּ חסידות מיט מתנגדות, תורה, יראת שמים. — גייסטיקע לאַבאַראַטאָריע פון „אנציקלופדיה תלמודית".**

דער שליסל פון דער תלמודישער ענציקלאָפּעדיע געפינט זיך אין די הענט פון דעם גרויסן גאון און דענקער, הרב שלמה יוסף זעווין שליט"א. שרייבענדיק וועגן דער ענציקלאָפּעדיע, וועלכע איז אַ ים פון תורה, חקירה, הלכה און פסקי־דינן האָבן מיר באַשלאָסן צו ווידמען אַ באַזונדער קאַפּיטל דעם עורך ראשי פון דער ענציקלאָפּעדיע, הרב זעווין. דאָס וועט פאַרלייכטערן דעם לייענער זי בעסער צו פאַרשטיין און משיג זיין, ווייל צו זיין אַ מפרש, אַן אויסטייטשער, אַ פּרשן פון תלמוד קאָן נאָר זיין איינער, וועלכער איז ראוי לאותה איצטלא, הגם די אַרבייט ווערט געטאָן דורך אַ גאַנצע פלעיאַדע גדולי־ישראל, תלמידי חכמים און אנשי־שם. צו קאָנען מסכים זיין מיט די פאַרשידענע לומדים, האָבן די „אויבערהאַנט" איבער זיי אַלעמען, און אַנאַליזירן זייערע ידיעות און סברות, דאַרף מען אַליין זיין „משכמו ומעלה גבוה מכולם"...

עס איז געווען דער גוטער רצון פון אונזער איבערגעגעבענעם פריינט און הויפּט־זייל פון דער ענציקלאָפּעדיע, הרב יהושע הוטנער שליט"א, דעם פּאַקטישן עסקן און מנהל פון דעם ריזיגן פאַרלאַג, איינצולאַדן דעם שרייבער פון די שורות אין הויז פון הרב זעווין, און פאַרברענגען מיט אים אַ פּאָר שעה. נאַטירליך, האָבן מיר זעהר גערן אָנגענומען די איינלאַדונג און אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין הויז פון דעם גרויסן גאון, דעם הויפּט רעדאַקטאָר פון דער „אנציקלופדיה תלמודית", וועלכע איז אַ העכסט חשוב'ער תלמודישער מאָנומענט און גרויסע ירושה פון אונזער גאַנצן גייסטיקן באַגאַזש, זינט מיר זיינען אַ פאָלק.

מיר האָבן געטראָפן דעם ליבן תלמיד־חכם און גאון „שקוע ברעיונו־

תיו" — פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען, און אויפ'ן ערשטן מאָמענט האָבן מיר געוואָרפן אַ בליק אויף די צוויי געשטאַלטן, וואָס האָבן לכתחילה אויסגעזען, ווי איינע איז „סותר" די צווייטע. נאָך אונזער געשפּרעך האָבן מיר זיך אָבער איבערצייגט, אַז ניט נאָר זענען זיי „סותר" איינע די אַנדערע, נאָר להיפּוך, זיי זענען „משלים" איינע די אַנדערע. די 2 פּרעכטיגע בילדער זענען געווען פון בעל „התניא" — ר' שניאור זלמן פון ליאדי, דעם פאַקטישן פאָטער פון חסידות, און פונ'ם ווילנער גאון, ר' אליהו, זכרונם לברכה! נאַטירליך האָט זיך גלייך דערוועקט ביי אונז די אסאָציאַציע פון געדאַנק: — 2 גייסטיקע ריזן, צוויי טיפן גדולי ישראל, וועלכע האָבן געשאַפן געשיכטע ביי אידן — און דאָך אַזעלכע צוויי דיאַמעטראַל־געגנערישע פּער־זענליכקייטן, וועלכע האָבן זיך אַזוי ריקזיכטלאָז קעגנזייטיק באַקעמפט, און אוועקגעגעבן אַ רייה יאָרן פון זייער שעפערישער אַרבייט, מחשבה און געדאַנק צו אַ קאַמף, וואָס האָט געבראַכט אָן אַ שיעור מחלוקות, עפנטליכע צוזאַמענשטויסן, און זעהר פּיינליכע און ביטערע קאָנסעקווענצן...

ווי זשע קומען אָט די צוויי זיילן פון אידנטום, די פאַרביסענע שונאים ביים לעבן, אַזוי „האַרמאָניש" צונויפגעשטעלט — ביי הרב זעווין, יבדל לחיים? צו וועלכער שיטה געהערט ער אַליין? איז ער אַ חסיד, אָדער אַ מתנגד?... דוכט זיך נאַיווע פראַגן און באַגרענעצטע מחשבות... אָבער אין תוך, זענען דווקא די צוויי געשטאַלטן-„אַנטיפּאָדען" דער פולער „מהות" פון הרב זעווין. זיין מוח און גייסט האָבן באַגריפן אַמבעסטן, אַז אלה ואלה דברי אלוקים חיים... ביידע האָבן גוט געמיינט, ערליך געקעמפט פאַר קיום־היהדות, און נאָכדעם, ווי ביידע זענען פאַרבליבן אפשר גערעכט, לויט זייערע רעליגיעזע איינשטעלונגען און השקפות — איז היינט נישטאָ מער קיין יסוד צו געדענקען דעם „תהום" צווישן זיי ביידען; היינט דאַרף מען געפינען באַרעכטיקונג פאַר זייערע מעשים בשעתם, און זיך ווידעראַמאָל וואַרימען אין זייער ביידנס ליכט, וואָס איז אויפדאָסניי אָנגעצונדן געוואָ־ן אין דער אויפגעלעבטער מדינת ישראל, וואו אַלע געדאַנקען, אַלע ערנסטע און אויפריכטיקע כוונות האָבן געפונען אַ בשותפות'דיקן פלאַץ צו לעבן און געדייען, כדי נאָך מער צו פאַרטיפן דעם אידעאַל פון תורה און אמונת ישראל.

פון אונזער געשפּרעך האָבן מיר אויסגעפונען אַז הרב זעווין איז דער בריק, וואָס פאַראייניקט די העכסטע תורה־אידעאַלן, גאונות און לומדות צוזאַמען מיט חסידות, וועלכע האָט נאָר אַ באַזונדער „צומיש" פון התלהבות, אהבת־הבריות, חדוה און דעם תמצית פון חב"ד, וואָס מיינט חכמה, בינה, דעת.

דער אַמאָליקער קאַמף צווישן חסידות און מתנגדות האָט כמעט פאַרזען דעם סאַמע פּרינציפּ אויף וועלכן זיי וואָלטן זיך געקענט פאַרשטענדיקן, לויט דעם מאָטאָ פון „תניא" „לית אתר פנוי מיניה" — אין יעדער זאַך איז דאָ געטליכקייט, און מתנגדות האָט זיכער ניט געקענט אָפּנויגן פון אַזאַ

השקפה. הרב שלמה יוסף זעווין האָט פאַרדייעט די וועלט־אַנשויאונג פון דיביידע גייסטיקע ריזן, וועלכע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט צוויי באַזונדערע פילאָזאָפישע שיטות, הגם ביידע האָבן זיי געצויגן זייער יניקה פון תורה שבכתב, און תורה שבעל פה.

ווען הרב זעווין האָט אונז עמפּפאַנגען, און הרב הוטנער האָט אים פאַרגעשטעלט דעם „גאַסט", וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ לעבהאַפטער געדאַנקען אויסטויש, מיט פאַלקסטימליכע „שאלות ותשובות", ווי לעבן אידן אין אַמעריקע, קאַנאַדע, ווי האַלט עס דאָרט מיט אידישקייט, צי אידן לערנען תורה?

נאַטירליך, האָבן מיר געגעבן פּאָזיטיווע ענטפערס אויף די זעהר האַרבע שאלות, אָבער ווי געוויינליך, איז תמיד אַ אידישער ענטפער, אויך אַ האַלבע שאלה... אין פאַרגלייך מיט אַ פריערדיקן דור — האָבן מיר ערקלערט — איז היינט צו טאָג אַמעריקע און קאַנאַדע אכסניות פון תורה. ישיבות זענען פאַראַן מער, ווי נויטיג. תלמוד תורה'ס — אין יעדער שטאָט און שטעטל. דאָס איינציקע, וואָס עס פעלט אונז — זענען לערער, מדריכים, וואָס זאָלן קאָנען מיטהעלפן אין אַ גרעסערער מאָס פאַרשפּרייטן תורה, יראת שמים, אידישקייט, לויט ווי מען האָט דאָס געהאַט אין דער אַלטער היים...

ס'איז שווער צו געפינען אַ צאָל בעלי בתים, וואָס זאָלן אינדערפרי זיך אָוועקזעצן ביי אַ בלאַט גמרא, אָדער פרק משניות, ווי מען פלעגט זיך נוהג זיין אַמאָל... במילא, איז אויך דער יונגער דור ניט „צו־שטאַרק" פאַרליבט אין תורה... מען גייט אין די העברעאישע און אידישע שולן, מען לערנט העברעאיש, אַביסל גמרא, מען פּראַוועט גרויסאַרטיקע בר מצוה'ס, מען שיקט קינדער אין העברעאישע און אידישע זומער־קעמפּס, און עלטערן דענקן, אַז זיי דערפילן זייער חוב פון חינוך־הבנים והבנות על צד היותר טוב... אָבער לסוף, ווען די שטודיר־יאָרן אין די אָנפאַנגס שולן פאַרגייהען, און אויב מען איז ניט ממשיך דעם לימוד התורה, אויב יהדות ווערט אַן „אַפּענדיקס", מיט וועלכן מען אינטערעסירט זיך ניט, — דאַן זעט מען, אַז אידישער חינוך האָט ניט דערגרייכט דעם פולן ציל און תכלית... אַזוי האָבן מיר ערקלערט דעם ענין פון חינוך, צו הרב זעווין.

הרב זעווין האָט אויך געוואָלט וויסן, וואָס הערט זיך אין די בתי מדרשים און בתי כנסת, און סתם אין די שולן, צי אידן קומען דאַוונען, צי די שולן זענען אַ גאַנצן טאָג אָפן, וכדו'? מיר האָבן לײדער ניט געקענט געבן קיין ענטשפּרעכנדן ענטפער אויף די פראַגן, וויסנדיק, אַז אונזערע בתי כנסת ווערן תיכף נאָכ'ן דאַוונען אין דער פרי און אָוונט, געשלאָסן; אַז ניט אַלע שולן קאָנען אַפילו האָבן מנינים במשך פון דער וואָך, און אויב דאָס איז אין די גרויסע אידישע קהלות, אם בארזים נפלה שלהבת, וואָס איז שוין פאַראַן צו רעדן וועגן קליינע שולן, וועלכע זענען אויסגעלעדיקט געוואָרן? אידן האָבן אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר זיך אַריבערגעצויגן פון די אַלטע

געגנטן אין נייע, ווייט פון די אַמאָליקע צענטערס פון שטאָט. נאַטירליך, בויט מען דאָרט נייע שולן, מען קהל׳ט זיך, אָבער עס איז נישטאָ דער אַלטער גייסט און סענטימענט. עס פעלט פשוט „רוח הקודש״ אין די נייע פּרעכטיקע סינאַגאָגן און „צענטערס״, וואָס קאָסטן אָפּ מיליאָנען דאָלאַרן, אָבער דער גייסט פון ישראל סבא פעלט דאָרט!...

מיר זענען צוגעקומען צום ענין פון דער תלמודישער ענציקלאָפּעדיע, וואָס האָט אונז אַממערסטנס אינטערעסירט, און געפרעגט הרב זעווין, וויפיל נאָך כרכים וועט די ענציקלאָפּעדיע האָבן? איבער עלף בענד זענען שוין אָפּגעדריקט.

— וועט דאָס דאָך ווערן אַ מין „נייע אויפלאַגע״ פון תלמוד?

הרב זעווין האָט דאַרויף געענטפערט, אַז דאָס איז אַן אויפגאַבע פאַר נאָך עטליכע יאָר, הגם דער כתב־יד און דער גאַנצער מאַטעריאַל, איז שוין כמעט צונויפגעזאַמלט געוואָרן. עס איז אָבער דאָ אַ פינאַנציעלע פראַגע, ווי שנעל, און וויפיל כרכים די ענציקלאָפּעדיע זאָל האָבן? ער האָט אונז באַמערקט, אַז די אויסגאַבע פון דער ענציקלאָפּעדיע ווערט געשטיצט פון מרכז עולמי של המזרחי און מיט דער הילף פון מוסד הרב קוק של יד המזרחי העולמי. דער הויפּט ציל איז אַריינצוברענגען קלאָרקייט פּונקטליכקייט און אין אַ באַדייטענדער מאָס אויפקלערן פאַרשידענע אַרכעאָלאָגישע דער־גרייכונגען, וואָס זענען אַ באַזונדער „אינסטרומענט״ פאַר הסברה... מיר האָבן געפילט אין זיין יעדן וואָרט, אַז ער איז ניט בלויז דער רעדאַקטאָר פון דער ענציקלאָפּעדיע, נאָר דער מסדר און אַרכיטעקט פון דעם גראַנדיעזן פּלאַן און ווערק, וואָס וועט פאַר לאַנגע יאָרהונדערטע בלייבן דער קוואַל פון תלמודישער לערע, וויסנשאַפט און חכמת־ישראל.

מיר ווייסן, אַז מיט דער דערשיינונג פון צענטן באַנד פון דער תלמודישער ענציקלאָפּעדיע האָט הרב זעווין באַקומען דעם פּרס הרב קוק, ביי אַ זעהר אָריגינעלער צערעמאָניע, אָבער הרב זעווין באַטראַכט דאָס ניט פאַר אַ „כבוד״, ווייל ער איז פּרינציפּיעל געגן כיבודים, כאָטש לא כל אדם זוכה צו באַקומען דעם פּרס הרב קוק, און דערצו נאָך פאַר אַזאַ אַרבייט...

הרב זעווין האָט דערמאָנט, אַז דער מייסד און פּאַקטישער גרינדער פון דער תלמודישער ענציקלאָפּעדיע איז געווען הרב ר׳ מאיר בר אילן ז״ל, וועמעס אָריגינעלער פּלאַן זי איז געוועזן. ליידער האָט ער ניט מאַריך ימים געווען, און ניט באַוויזן צו זען זיין האָפענונג פאַרווירקליכט. די שווערע לאַסט איז דאַן געפאַלן אויף אים מיט הרב בנימין ראַבינוביץ־תאומים, הרב שמעון סטרעליץ און הרב יונה מרצבך, און אויף דעם הויפּט־מנהל, הרב ר׳ יהושע הוטנער, וועלכער איז פּאַקטיש די „אַקס״, אַרום וועלכער עס דרייט זיך דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער ענציקלאָפּעדיע. הרב הוטנער זייענדיק שטאַרק פאַרנומען מיט דער ענציקלאָפּעדיע, מיט די רבנים־מיטאַרבייטער, בעלי הגהה וכדו׳, שפּאָרט דאָך ניט קיין צייט. און ער וויל אויך הערן אַלץ מער פון הרב זעווין.

מיר האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט פון דעם גרויסן תלמיד חכם, וועגן וועלכן מיר האָבן נאָך מיט אַ צייט פריער גערייענט וועגן זיין אויפפאַסונג פון פרשנות ביי אידן. הרב זעווין טיילט איין פרשנות אין דריי באַזונדערע כיתות: די בעלי חידושי־תורה; אַנדערע מיט אויסטייטשן און אויפקלערן די שווערע סוגיות פון דער תורה; די דריטע קאַטעגאָריע פאַרנעמט זיך מיט אַריינברענגען די אידעען פון תלמוד אין טאָג־טעגליכן לעבן, געבענדיק דאָ און דאָרט, אַ משל און אפילו אַ לייכטע הלצה׳לע, וואָס באַ׳חנ׳ט אַפט דעם געגעבענעם מאמר... האָבענדיק אַזאַ בליק אויף פרשנים, איז הרב זעווין נאַטירליך „יוצא" קעגן זיי אַלע דריי... דערמיט ווערט די חשיבות פון דער ענציקלאָפּעדיע זעהר גרויס, ווייל זי איז דער וועגווייזער, דער אוצר־הספרים וואָס מאַכט אָפן די אויגן פון יעדן בר־דעת, אויב ער וויל נאָר אַריינקוקן אין תלמוד בבלי וירושלמי, באַוואונדערן אונזערע תנאים, אמוראים, שטיצן זיך אויף אַ סיפרא, סיפרי, תוספתא, מכילתא און אַנדערע מקורות היהדות. די ענציקלאָפּעדיע איז פאַקטיש די גרויסע „גייסטיקע לאַבאָראַטאָריע" פון הרב זעווין... ביי אים קומען זיך צונויף גדולי ישראל פון די תפוצות הגולה. מיט אים באַהאַנדלט מען אַ שווערע סוגיא אין תלמוד. פון אים לערנט מען אַ געוויסן „פסק דין"... ער איז דער „שליסל" צום האָפן פון ים־התלמוד, און ער שווימט אין אים אין דער ברייט און אין דער לענג, אָפטמאָל „נגד הזרם".

מיר האָבן אויך מער־ווייניג אויסגעפונען אַ ריי ביאָגראַפישע שטריכן פון הרב זעווין, וואָס האָבן אונז באַזונדערס אינטערעסירט. ער איז ב״ה אַ בן־שבעים ושמונה, יאריך ד׳ את ימיו ושנותיו; געבוירן אין קאַזימיראָוו, באַברויסקער קרייז, אין ווייס־רוסלאַנד, אַ „ליטוואַק", און אַ ליובאַוויטשער חסיד מיט ברען... ער איז אַ בן הרב, (זיין פאָטער איז געווען רב אין זעלבן שטעטל). שפּעטער איז ער אַוועקגעשוואומען פיל ווייטער, געקראָגן סמיכה פון ראָגאַטשאָווער גאון ז״ל און פון ר׳ יחיאל מיכל עפשטיין, מחבר פון „ערוך השלחן" און ר׳ יוסף ראָזין ז״ל. ווען זיין פאָטער איז נפטר געוואָרן, איז ער געוואָרן דער ממלא מקומו פון כסא הרבנות. שפּעטער איז ער אַריבער אין אַנדערע שטעט משרת בקודש צו זיין, און איז ענדליך געוואָרן מרא דאתרא אין נאָוואָזיבקאָף, איינע פון די שענסטע אידישע קהלות אין טשערניגאָווער גוב. וואָס האָט געהאַט אַ אידישע באַפעלקערונג פון איבער פיר טויזנט נפשות.

נאַטירליך פלעגן אידן פון די אַרומיקע שטעטלאַך, ווי זלינקי, קלימאָוו־סטאַרי, טשוראַוויטש, גלין און אַנדערע אָפט קומען צו הרב זעווין מיט דין תורה׳ס.

דאָס האָט שטאַרק פאָפּולער געמאַכט הרב שלמה יוסף זעווין. באַזונדערס האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן רבנישע ספרים וועגן חידושי־תורה, קיום היהדות וכדו׳. ער האָט נאָך באַוויזן אונטער די קאָמוניסטן אַרויסצולאָזן 2 זאַמלונגען „אחדות" און „יגדיל תורה", צוזאַמען מיט הרב יחזקאל אבראַמסקי.

מיט דרייסיק יאָר צוריק איז הרב זעווינען געלונגען אַרויסצוגיין פון סאַוועטישן עמק הבכא און קומען קיין ארץ ישראל להשתקע. וואָס דאָס האָט געמיינט פאַר אים און זיין משפחה, איז נאַטירליך אַ ענין פּרטי. וואָס עס האָט אָבער געמיינט פאַר׳ן אידישן פאָלק, פאַר׳ן המשך פון פאַר־שפּרייטן תורה, דאָס לאָזט זיך ניט אָפּפטר׳ן מיט ווערטער. עס איז געווען ממש אַ סייעת דשמיא, וואָס עס האָט אים געלונגען אַרויסצוגיין מן המיצר און זוכה זיין צו קומען קיין ציון, און מקיים זיין דעם „מציון תצא תורה ודבר ד׳ מירושלים״...

הרב זעווין האָט צו הערשט עטליכע יאָר געלייסטעט אַלס לעקטאָר פון תלמוד אין דעם מזרחי לערער סעמינאַר אין ירושלים, וואָס דאָס האָט אים געגעבן אַ גאַר גרויסע מעגליכקייט מרביץ תורה צו זיין אין ירושלים עיר הקודש; גלייכצייטיק האָט ער מפרסם געווען זעהר וויכטיקע מאמרים און געדרוקט ספרים, וועלכע זענען אַ מקור מים־חיים. ווען עס האָט אויפגעשפּראָצט ביי הרב ר׳ מאיר בר אילן ז״ל די גרויסע אידעע פון שאַפן די „אנציקלופדיה תלמודית״, האָט ער ניט געפונען קיין מער פּאַסיגן אויטאָ־ריטעט, וועמען אָנצופאַרטרויען דאָס רעדאַגירן די ענציקלאָפּעדיע, ווי הרב שלמה יוסף זעווין. דאָס איז געווען די גרעסטע און שענסטע „סמיכה״ פאַר הרב זעווין, אויב הרב בר אילן האָט אים מכבד געווען מיט אַזאַ אויפגאַבע.

הרב זעווין האָט צו ערשט עטליכע יאָר געלייסטעט אַלס לעקטאָר דער לומדישער וועלט, ווער ער איז... ער האָט נאַטירליך ניט גענומען די גאַנצע אַרבייט אויף זיך, נאָר צוגעצויגן אַ „שטאַב״ מיט לומדים, רבנים, גדולי־ישראל, וועלכע זאָלן מיט געמיינזאַמע כוחות אַוועקזעצן זיך על התורה ועל העבודה, און אָנשרייבן אין ערך נאָכ׳ן צווייטן... גלייכצייטיק האָט ער פאַרגעזעצט זיין וועכנטליכן שיעור אין תלמוד. ער איז היינט כמעט, אַ יושב אוהל, בדלת אמות של הלכה, דענקט און שרייבט, איז בוחן ובודק יעדן ערך, וואָס דאַרף אַריינגיין אין דער ענציקלאָפּעדיע, און ער שטייט בכלל על משמרתו...

מיר האָבן געמערקט בעת אונזער שמועס, אַז ער איז מכמה יאָרן אַ ליבהאָבער פון שרייבן... ער האָט שוין כמעט אַן אייגענע תלמודישע ביבליאָטעק צו זיין קרעדיט. גאָר באַזונדערס שיינט אַרויס זיין ווערק „המועדים בהלכה״, וואָס דינט שוין פאַר 2 צענדליק יאָר, אַלס קוואַל פון פאָרשונג און הסברה פון יעדן יו״ט באַזונדער. זיין ספר „לאור ההלכה״, איז ווידער אַמאָל אַ זאַמלונג פון רבנישער שאַפונג, וואָס פירט אַריין דעם לייענער אין אַ וועלט פון דענקן און טראַכטן, אַנאַליזירט זעהר ערנסטע לעבנס־פּראָבלעמען וועגן קריג און פרידן, לעבן און טויט, ליבשאַפט און פיינטשאַפט, דער ספר איז אַ הלכה זאַמלונג אויף פאַרשידענע לעבנס־געביטן. מיט אַ 12 יאָר צוריק איז הרב זעווין אַרויסגעקומען מיט זיין ספר „פּערזענ־ליכקייטן און שיטות״ (אין העברעאיש „אישים ושיטות״), וואו מיר האָבן

דערזען אַ גאַלעריי „פּאָטאָגראַפיעס" פון גדולי ישראל, וועלכע האָבן געפלאָס־טערט דעם וועג צו די אַלטע קוואַלן פון יהדות.

זיין חסידות האָט אים אָבער אויך ניט אָפּגעלאָזן, ניט קוקנדיק אויף זיין שווערן אַרבייטס־געביט און געציילטע פרייע שעה'ן, וואָס בלייבן אים אַמאָל איבער, געפינט ער צייט אַרויסצוגעבן חסידישע ווערק, ווי די צוויי בענד „סיפורי חסידים", אַ זאַמלונג פון אידישן פאָלקלאָר, מעשה'לאך, סיפורים מערסטנס צוגעפּאַסט צו די פּרשיות השבוע און יום טובים. ער האָט אויך פאַרעפנטליכט אין בוך־פאָרם 3 באַזונדערע בענד „שרייבער און ביכער" (אין העברעאיש „סופרים וספרים"), וואָס זייער אינהאַלט איז מעסטנס פון תלמודישן כאַראַקטער. איבערהויפּט האָט הרב זעווין געשאָנקען זעהר פיל אויפמערקזאַמקייט און צייט צו אָפּהאַנדלונגען וועגן אידישע יום־טובים און פאַר דער אַרבייט האָט ער באַקומען דעם „פּרס ישראל" פאַר רבנישע ליטע־ראַטור.

הרב זעווין זיצט יומם ולילה ביי זיין שרייב טיש, וואָס איז פול מיט ספרים, מאַנוסקריפּטן, בראָשורן, בריוו, קונטרסים, הגהות און וואָס ניט? זיין וועלט אנשויאונג איז די אידעאָלאָגיע פון מזרחי הפּועל המזרחי. ער איז אַ זייל פון רעליגיעזן ציוניזם, און זיין מאָטאָ איז: אונזער פאָלק איז נאָר אַ פאָלק מיט דער תורה; אונזער הויפּט־זכות צו האָבן ארץ ישראל, מיינט אַ רעליגיעזע מדינה, לויט די פילמאָליגע פאַרשפּרעכונגען, וואָס זיינען פאַראַן אין דער תורה און ביי די נביאים. אין דער ריכטונג פירט ער אָן די רעדאַקציע פון דער תלמודישער ענציקלאָפּעדיע, שטרעבענדיק צו דינען דעם גאַנצן פאָלק ישראל, באשר הוא שם, מיט פאַרלייכטערונגען און הסברות אין שווערע ענינים און סוגיות פון תלמוד, דינען דעם ת"ח, ווי דעם פשוטן איד, און אַזוי אַרום דעם גאַנצן כלל ישראל.

הגם הרב הוטנער איז אַן „אורח תמידי" ביי הרב זעווין, אָפּגעבענדיק אים בסדר באַריכטן וועגן דעם גאַנג פון דער אַרבייט און פאַרשפּרייטונג פון דער ענציקלאָפּעדיע, איז ער אַליין געוועזן שטאַרק צופרידן פון דעם לאַנגן שמועס. מיר האָבן געמערקט ווי די שכינה האָט גערוט אויף זיין רבנישן פנים און זיך ווידער דערמאָנט דעם ר"ת פון רש"י, און יבדל לחיים, פון ר' שלמה יוסף (זעווין), זעהענדיק אין דעם לעצטן אַ מפרש פון זעהר אַ ריזיקן פאַרנעם וועגן וועלכן מען וועט אפשר מיט אַ טויזנט יאָר שפּעטער רעדן און דערמאָנען אים אַלס גייסטיקן ריז פון אונזער צייט. זאָל ער געבענשט ווערן מיט אַריכת ימים ושנים און זוכה זיין צו זעהן די „אנציקלופדיה תלמודית" אַלס פאַרענדיקט ווערק וואָס איז פאַקטיש די קרוין פון אַלע זיינע רעליגיעז־קולטורעלע בייטראַגן צום אידישן פאָלק.

אין קורצן; די אַנציקלופּדיה תלמודית אַנטהאַלט אַלע דינים פון הלכה אין ישראל, מצוות, תקנות, מנהגים, אַלגעמיינע און פּרינציפּיעלע פּראָבלעמען, באַגריפן און מונחים, מידות ומשקלים. די ענציקלאָפּעדיע קלערט אויף אַלע

הלכות אין תלמוד און אַלץ וואָס איז וועגן דעם געגעבענעם ענין געזאָגט געוואָרן אין דער תלמודישער ליטעראַטור, זינט דער משנה און ביז היינט. זאָל דאָ באַזונדערס באַמערקט ווערן דער גרויסער צמצום פון דער שפּראַך און די קאָנצענטראַציע פון הוספות און מקורות׳דיקע פּרטים, וואָס זענען פּינקטלעך פעסטגעשטעלט פאַר יעדן ענין, סברה, אָדער פּירוש.

די ענציקלאָפּעדיע איז פּאַקטיש אַ לעבעדיקער קוואַל פון תורה און לעבנס־וויסנשאַפט, און צוזאַמען מיטן „ש״ס השלם״ וועלן די דאָזיקע ווערק ווערן דער „יחוס״ פון יעדן אידישן הויז.

צו דער קאָמיטע, וואָס האָט זיך לכתחילה פאַרנומען מיט דער ענציקלאָ־פּעדיע האָבן געהערט דער נפטר געוואָרענער הרב הראשי יצחק הלוי הערצוג ז״ל, און יבדלו לחיים השר משה שאפּירא, וועלכער איז דער פּאַרזיצער פון קאָמיטעט. הרב זעווין — דער הויפּט רעדאַקטאָר, וועלכער קוקט נאָך יעדעס וואָרט וואָס ווערט געשריבן, הרב יהושע הוטנער, דער הויפּט „זאָרגער״ פאַר דער אויסגאַבע, מר. לעאָן געלמאַן, טשערמאַן פון עקזעקוטיווע הרב גאָלדשטיין פון בילדינג קאָמיטעט און מר. גוסטאַוו שטערן. נאַטירלעך האָבן די קאַנאַדער אידן זייער גרויסן ביישטייער געמאַכט סיי פינאַנציעל און סיי מאָראַליש, און צווישן זיי מר. יוסף וואַלינסקי פון וויניפּעג, הרב צמח זאַמבראָווסקי, דער פירער פון דער מזרחי באַוועגונג אין קאַנאַדע, און דער לעצטנס נפטר געוואָ־רענער ר׳ שלמה דרייזין ע״ה פון מאָנטרעאָל, פּרעזידענט פון מזרחי־הפּועל המזרחי אין קאַנאַדע, און פּרעזידענט פון דער „יאָנג איזראַעל״. אויך מר. ה. בעסין פון אָטאָוואַ און די שטערן ברידער פון מאָנטרעאָל.

זאָל דאָ נאָך באַמערקט ווערן, אַז אין דער „אנציקלופדיה תלמודית״ נעמט אַ גרויסן אָנטייל דער ליבער און סימפּאַטישער הרב הג׳ זאב דרייזין פון רמת גן, וועלכער איז אַ גרויסער גייסטיקער כוח, און דערצו אַן עסקן ציבורי אין שענסטן זין פון וואָרט.

הרב זאב דרייזין, וועלכער איז דער זון פון פאַרשטאָרבענעם ר׳ אהרן דרייזין און ברודער פון ר׳ שלמה דרייזין ע״ה, פאַרנעמט אַ זייער חשובע פּאָזיציע אין מדינת ישראל, סיי צוליב זיין לומדות, און סיי צוליב זיין עניוות און מידות טובות פון אַ תלמיד־חכם. ער איז אָפּטמאָל אַ גאַסט־לעקטאָר אין בר אילן אוניווערזיטעט, און האָט גרויס דערפּאָלג.

דער ש״ס בבלי און ירושלמי זיינען ווי באַוואוסט אַ ים פון הלכות, דינים, אגדות, לעבנס ערפאַרונגען און וואָס ניט? צוליב דעם, וואָס דאָס אידי־שע לעבן איז אַוועק אויף פרעמדע גלות־וועגן אין די לעצטע צוויי טויזנט יאָר, האָט דער תלמוד פאַרלוירען זיין געהעריקע יניקה. די לעבנס־באַדינגונגען פון אונזער פאָלק האָבן זיך קאַטעגאָריש געענדערט דורך די פיל יאָרהונדערטע, און במילא איז דער כוח און השפעה פון תלמוד רעדוצירט געוואָרן. אויב אין דער פאַר׳מלחמה׳דיקער וועלט האָט נאָך פּוילן, ליטע, וייס־רוסלאַנד, אוקראַינע, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד דרום אַפריקע א.א.וו. געהאָט אידן

תלמידי חכמים, וואָס פלעגן זיצן על התורה ועל העבודה, איז אין די לעצטע פופציק־זעכציק יאָר דער באָדן לגמרי צושטויבט געוואָרן! דאָס רוסישע אידנטום איז ליידער „פּאַראַליזירט” אונטער דער הערשאַפט פון קאָמוניזם. אין די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר זיינען איינגעפאַלן די ווענט פון דער אידישער פעסטונג אין פוילן, ליטע רומעניע. במילא איז בעל כרחו איבערגעריסן געוואָרן דער קשר צווישן איד און תורה, צווישן איד און בית המדרש... אין דער ריזיקער רוס־לאַנד, וועלכע האָט נאָך היינט אַ פערטל פון גאַנצן אידישן פאָלק אויף דער וועלט, איז תורה געוואָרן די „פּסול'סטע” סחורה, און די שול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעליגיעזע תפיסה, און במילא איז דער קול התורה פאַרשטומט געוואָרן!

עהנליך איז נאַטירלעך אין אַלע קאָמוניסטישע סאַטעליטן־לענדער, וואו צוליב טויזנטער סיבות, פאַרשטענדלעכע און אומפאַרשטענדלעכע, איז דער תלמוד, ווי די שול בכלל און אַלע קעמערלעך פון רעליגיעזן כאַראַקטער געוואָרן ווי אַ בעלים אויף די אויגן פון די קאָמוניסטישע הערשער, און נאָך מער אין די אויגן פון דער יעווסעקציע, וועלכע זוכט עוקר מן השורש צו זיין אַלץ, וואָס שמעקט מיט אידישער פאַרגאַנגענהייט, טראַדיציע, רעליגיע א. אַ. וו. די דאָזיקע סיבות האָבן דעגראַדירט די חשיבות פון תלמוד, וועלכער איז אייביק געווען דער עמוד האש פאַרן אידישן פאָלק אין אַלע זיינע וואַנ־דערונגען און „אַפּרו־סטאַנציעס”... מדינת ישראל איז געקומען אויסצולייזן ניט נאָר דאָס אידישע פאָלק פון פרעמדע גלות'ן, נאָר אויך די נשמה פון פאָלק, וואָס האָט געצויגן יניקה פון תלמוד און ספר.

דער תלמוד בבלי וירושלמי איז איבערגעדרוקט געוואָרן דורך די הונדערטער יאָרן. אָבער ער האָט אין ערגעץ ניט געפונען אַזאַ תקומה באָדן, ווי אין דער באַנייטער מדינת ישראל.

מ'האָט אונז אויך געוויזן איניגע דף'ן, ווי זיי ווערן נאָכקאָנטראָלירט, און אויסער דעם אונז באַקענט מיט דעם פּראָצעס פון שאַפונג, וויפיל תלמידי חכמים עס זיצן יומם ולילה „על האבנים” און גרייטן צו דף נאָך דף, פעסטשטעלענדיק פריער יעדן אות, און פאַרגלייכענדיק די טעקסטן און אותיות אין די פאַר־שיידענע תלמוד־אויסגאַבן. — דאָן האָבן מיר באַגריפן די קאָלאָסאַלע אויפ־גאַבע פון דער ענציקלאָפּעדיע, און באַזונדערס פון דעם נייעם „פולשטענדיקן ש"ס”, וואָס וועט זיך רופן „הש"ס השלם”.

ממש אַ גאַנצע אַקאַדעמיע פון תלמודיסטן, גדולי ישראל, אַרבעט סיס־טעמאַטיש, קאָנטראָלירענדיג וואָרט נאָך וואָרט, פעסטשטעלענדיק יעדן ספק און אַרויסברענגענדיק די פולע קלאָרקייט פון ענין און תוכן, כדי דער נייער פולקאָמער ש"ס זאָל שוין מער זיך ניט נויטיקן אין הגהות, סברות, און „תיקונים”. — דער פאָרמאַט פון דעם נייעם ש"ס השלם, די קלאָרקייט פון דרוק און די אויסערגעוויינלעכע אזהרות, ברענגען ממש צום שטוינונג.

אַזוי אַרום איז די תלמודישע ענציקלאָפּעדיע צוזאַמען מיטן נייעם פּולקאָמען און שטרענג־נאָכגעפּאַרשטן „הש״ס השלם״ איין גאַנצער ענין. עס בלייבט נאָר צו ווינשן דעם הויפּט רעדאַקטאָר הרב זעווין און זיין גאַנצן „תלמודישן קאַבינעט״ מיט הרב הוטנער בראש, אריכות ימים ושנים, אַז זיי זאָלן קאָנען ממשיך זיין זייער היסטאָרישע אַרבעט, וואָס וועט פאַרבלייבן לדורות ולנצח נצחים...

עס איז געווען אינטערעסאַנט צו הערן פון הרב הוטנער, אַז וועלכער תלמיד־חכם פון אַמעריקע, קאַנאַדע אָדער אנדערע לענדער, וויל נאָר קומען קיין ישראל, קאָן ער געפינען אַ ווינקעלע פאַר זיך, צו אַרבייטען פאַר דער ענציקלאָפּעדיע און פאַר דעם „ש״ס השלם״. הרב הוטנער האָט אונז אפילו געבעטן משפיע זיין אויף חשובע גדולי ישראל, אַז אויב נאָר זיי ווילן איבערנעמען אַ געוויסן טייל פון דער אַרבעט, קאָנען זיי צו יעדער צייט קומען און ווערן באַשעפטיקט, און טאַקע מיט גוטע שכירות, ניט ערגער יעדנפאַלס, ווי זיי האָבן דאָס אין די רייכע מדינות.

סיי די תלמודישע ענציקלאָפּעדיע און סיי דער נייער פאַרפולקאָמער ש״ס, וואָס ווערן געדרוקט אין ישראל, דאַרפן קריגן די בעסטע אָפּקלאַנגען אין חוץ לארץ. דאָס זיינען אידישע גייסטיקע פעסטונגען, וואָס וועלן „שיצן״ דעם „נצח ישראל״ דורות לאַנג. בלויז די מראה מקומות אין דער ענציקלאָפּעדיע זאָגן געגנוג עדות, ווי אחריות׳דיק די אַרבעט גייט צו. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם נייעם ש״ס, זענען שוין איצט אַרויס פון דרוק די ערשטע 3 מסיכתות. לויט דער ערקלערונג פון פריינד הרב הוטנער איז דאָס צום ערשטן מאָל, וואָס דער ש״ס ווערט געדרוקט אָן שטערונגען פון די אַמאָליקע צענזאָרן, וועלכע פלעגן זיך טשעפּן צו יעדן וואָרט און אויסדרוק. דער ש״ס איז אויסגעליזט געוואָרן פון „געפאַנגענשאַפט״, און די נייע אויסגאַבע וועט זיין אויסער אַ צירונג אין יעדן אידישן הויז, אויך אַ זיכערקייט, אַז אַלץ שטימט מיטן אמת און קיין „פדיון־שבויים״ האָט מען ניט געדאַרפט צאָלן פאַר׳ן „זכות״ צו קאָנען איבערדרוקן דעם ש״ס מיט פולער פינקטלעכקייט ווי אונזערע חז״ל האָבן אים איבערגעלאָזן אַלס אונזער אייביקע אידישע ירושה. — דאַריבער וועט ער טאַקע זיך רופן „הש״ס השלם״, ווייל ער וועט ניט ליידן פון אויסגעריסענע אָדער ניט דער־זאָגטע ווערטער, וועלכע די אַמאָליקע צענזאָרן פלעגן רייסן „עבר מן החי״ פון ש״ס, אַבי געפעלן צו ווערן זייערע מושלים און קולטור־דיקטאַטאָרן...

## א בליק אויף דעם בנין „א׳מ׳ת״

הרב יהושע הוטנער האָט ביים פאַרלאָזן דעם בית הרב זעווין אונז אָוועקגעפירט צו דער נייער, הגם דאַן נאָך ניט פאַלקאָם פאַרענדיקטער גרויסער געביידע פון „אמת״, די ראשי תיבות פון „אירגון מפעלי תורה״, וואָס געפינט זיך אין ירושלים. דאָרט זענען אויפגעבויט געוואָרן אייניקע גרויסע בנינים מיט׳ן צוועק צו העלפן תורה־גייסטיקע אינסטיטוציעס. דאָרט איז

איצט דער צענטער פון דער „אנציקלופדיה תלמודית״. עס וועט אויך זיין אַ סעמינאַר פאַר תלמודיש־אידישע שופטים. נאָך אַ באַזונדער בנין פאַר תורה פאָרשונג (חקיקה), אַן אינסטיטוט פאַר דעם נייעם ש״ס השלם, דורך קאָרעגירטע טעותים, פעלערן וואָס האָבן זיך צוליב די אידישע וואַנדערונגען איבער פאַרשידענע לענדער, פאַר׳גנב׳עט אין ש״ס.

דער נייער „ש״ס השלם״, פון וועלכן מיר האָבן געזען אַ צאָל דפים, און ווי אַזוי די אַרבייט ווערט געפירט דורך תלמידי חכמים און גרויסע אידישע לומדים וואָס זיצן על התורה ועל העבודה און זענען מדקדק כחוט השערה יעדעס וואָרט, יעדן ר״ת פאַרשטייט מען, ווי דער אמת׳ער טעקסט דאַרף זיין. אַזוי פּינקטליך צו באַאַרבייטן אַלטע און נייע קוואַלן פון מפרשים און קאָמענטאַרן, און דערצו אַזאַ גרויסער סטעף פון מומחים, דאָס קאָן ניט באַוויזן קיין אַנדער פאָלק און קיין אַנדער לאַנד ווי מדינת ישראל.

די באַזונדערע בנינים פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען צוזאַמען מיט דעם הויפּט בנין בילדן מיט זיך די „קרית אמת״ אין דעם דיסטריקט פון בית וגן, אַנטקעגן דעם הר הערצל אין ירושלים.

דער געדאַנק פון „אמת״ האָט שוין אויפגעשפּראָצט מיט פילע יאָרן צוריק אין ניו יאָרק, ביי הרב ר׳ מאיר בר אילן ז״ל, וועלכער האָט דאַן זיך פאַרמאָסטן צו שאַפן אַזאַ מין באַזונדערע „תורה מיניסטעריום״, מיט דער מיטהילף פון השר משה שפּירא, הרב זעווין, מר. לעאָן געלמאַן יו״ר פון מרכז העולמי של המזרחי והפועל המזרחי, הרב הוטנער, הרב הערבערט ס. גאָלדשטיין, טשערמאַן פון דעם ועד און מ. גוסטאַוו סטערן, טשערמאַן פון בילדינג קאָמיטעט. דער פּרעזידענט איז געווען הרב יצחק הלוי הערצאָג ז״ל.

דער מוסד האָט צו פאַרדאַנקען דעם „נזיר״ פון ירושלים וועמעס אידעם ס׳איז הרב שלמה גאָרען, דער הויפּט מיליטער־רב אין ישראל, און געוועזענער קאַנדידאַט פאַר רב ראשי. דעם נזיר׳ס זון איז דער איידים פון הרב הערבערט ס׳ גאָלדשטיין פון ניו יאָרק, וועלכער איז אַ מוסמך פון ישיבת ר׳ יצחק אלחנן, און עס איז ניט קיין וואונדער, אַז ער האָט אַרויסגעוויזן סענטימענטן פאַר תורה. דעריבער האָט ער אויפגענומען דעם געדאַנק פון אויפבויען אַזאַ מין „רעליגיעזע מיניסטעריום״, וואו עס זאָלן זיך געפינען די אַלע אויבנאויסגערעכנטע מוסדות התורה, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דעם הויפּט־צענטער „א־מ־ת״. דאָס איז אַן אינסטיטוציע, וועמעס חשיבות עס וועט פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע פון דער באַנייטער מדינת ישראל, ווייל פון איר וועלן זיך ציען העלע ליכט־שטראַלן איבער דער מדינה און איבער די תפוצות הגולה. די דאָזיקע אַרבייט, צוזאַמען מיט דער ענציקלאָפּעדיע פון תלמוד, מיט׳ן ש״ס השלם און די אַנדערע אינסטיטוציעס זענען דער שענסטער כתר תורה פאַר׳ן גאַנצן כלל ישראל.

זעקס און פערציקסטער קאַפּיטל

# אַ באַזוך אין ירושלימער שפּיטאָל „שערי צדק"

**די איבער זעכציק יאָריקע עקזיסטענץ פון דער אינסטי־טוציע, און די דרינגענדע נויטווענדיקייט איבערצובויען. — די וואַקסענדע באַפעלקערונג פון ירושלים, און דער מאַנגל אין שפּיטאָל־בעטן. — די ליכטיקע געשטאַלט פון הויפּט דאָקטאָר פאלק שלעזינגער, וועלכער איז דער „פאַטער" פון שפּיטאָל. — די גרויסע הומאַניטאַרע אינסטיטוציע, וואו ס'שוועבט דער גייסט פון ירושלים.**

אויף וויפיל מעדיצין איז גוט אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין מדינת ישראל, קאָן עדות זאָגן דער ריזיקער אַפּאַראַט פון קופת חולים און די פיל שפּיטאָלען, וואָס זיינען פאַראַן אין יעדן ווינקעלע פון דער מדינה. זייענדיק אויף אַ קורצן באַזוך אין ישראל, האָבן מיר, ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו זען אַלע שפּיטאָלן, איבערהויפּט אין ירושלים. עס איז אָבער געווען אונזער גוטער מזל צו באַזוכן דעם אַלטמאָדישן אידישן האָספּיטאַל „שערי צדק", וועלכער איז שוין איבער זעכציק יאָר אַלט, און איז שטאַרק פאַרעלטערט, אָבער ניט פאַרקלענערט זיין פּרעסטיזש און נאָמען. — להיפּוך, ער ווערט אַלץ מער באַליבט און באַזוכט. עס איז געוואָרן ממש אוממעגלעך אויפצונעמען אַלע קראַנקע, ניט אין די צימערן, וואו מען קען שוין מער קיין בעטן ניט אַריינשטעלן, און אויך ניט אין דעם אַזוי גערופענעם „אוט־דאָר דעפּאַרט־מענט". עס איז אַ אידישער שפּיטאָל ניט נאָר אין נאָמען, נאָר אַלס פאַרקער־פּערונג פון דעם באַגריף „שערי צדק" — די „טויערן פון גערעכטיקייט!"

אונז איז שוין אויסגעקומען אין לעבן צו באַקענען זיך מיט פאַרשיידענע שפּיטאָלן, סיי אין פריערדיקן פּוילן, און סיי אין קאַנאַדע, און מיר רעדן דאָ אויסשליסלעך וועגן עכט־אידישע שפּיטאָלן. מיר האָבן קיינמאָל ניט געזען אַ שפּיטאָל, וואו עס זאָל רוען די „שכינה" פון געזונטהייט, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. דער שערי צדק האָספּיטאָל איז אַ נעסט פון האַרציקייט און וואַרעמקייט, אַ הייל־אינסטיטוציע, וואָס ברענגט טרייסט און האָפנונג צו יעדן איינעם, וואָס טרעט אַריבער די שוועל פון דעם אַנשטאַלט.

עס איז גראָד געווען די וואָך פון פּסח, און ווען מיר האָבן דאָרט געפרעגט אויף אַ געוויסן סאָרט פּילן, האָט דער ליבהאַרציקער הויפּט־דאָקטאָר פאַלק שלעזינגער אונז געפרעגט, צי מיר זיינען רעליגיעז, אָדער פריי־געזאָנען. דער מאָטיוו פון דער פראַגע איז געווען: פאַר פּסח גיט דער

האַספּיטאַל פּילן וואָס זענען אָן אַ חשש חמץ! אויף אונזער פראַגע צי פּסח׳דיקע פּילן האָבן דיזעלבע ווירקונג, וואָס די חמצ׳דיקע, האָט דר. שלעזינגער געענט־פערט, אַז די ווירקונג איז דיזעלבע. נאָר די פּסח׳דיקע פּילן און רפואות, וואָס דער האָספּיטאַל נוצט פאַר רעליגיעזע פּאַציענטן ,זיינען פריי פון חמץ־עלע־מענטן. אַזוי פיל וועגן פולער הונדערט־פּראָצענטיקער כשרות אין דעם שפּי־טאָל, כאָטש דער גאַנצער אויסזען איז ווייט פון עסטעטיק, מאָדערניזם און נייעם קאָנסטרוקציע־געבוי פון אַ האָספּיטאַל.

ירושלים האָט איבער פופצן שפּיטאָלען פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער און צוועקן. איין האָספּיטאַל טראָגט דעם נאָמען „בית מרפּה״, וועלכער גיט זיך אָפּ מיט מענטאַל קראַנקהייטן. אַ צווייטער שפּיטאָל „בית חולים״ פון אַלגע־מיינעם כאַראַקטער. עס זיינען פאַראַן נאָך צוויי שפּיטאָלן „עזרת נשים״ און „בית טרנובסקי״ — ביידע פאַר מענטאַל קראַנקהייטן. פון גאָר גרויסער וויכ־טיקייט איז נאַטירלעך דער הדסה אוניווערסיטעט־האָספּיטאַל, אין קרית הדסה, וועלכער פאַרנעמט דאָס אויג מיט זיין אויסערלעכן און אינערלעכן אויסזען, מיט זיין פראַכט און גלאַנץ, וואָס קאָן זיך ניט פאַרשעמען לגבי די גרעסטע נייע שפּיטאָלן. עס איז פאַראַן אַ שפּיטאָל פאַר אומהיילבאַרע קראַנקע, אַ האָספּיטאַל פאַר אָרטאָפּעדישע קראַנקהייטן, אַ האָספּיטאַל „משגב לדך״, און אויך אייניקע רעגירונגס־שפּיטאָלן, אויסער דעם פראַנצויזישן דזשענעראַל האָספּיטאַל אין רחוב שבטי ישראל; אַ מענטאַל האָספּיטאַל פון קופת חולים, און נאָך אַנדערע. מיר שטרייכן אָבער אונטער, אַז אַזאַ אַטמאָספערע און אַזאַ האַרציקייט, ווי מען טרעפט אין דעם שערי צדק שפּיטאָל, קאָן מען ניט געפינען אויף דער גאַנצער וועלט. ס׳איז ניט בלויז אַ הייל־אינסטיטוציע, נאָר אַ היים און אַ רעטונג פאַר׳ן פּאַציענט, וואָס נויטיקט זיך אין מעדיצינישער השגחה.

דער ליבער דר. פאַלק שלעזינגער האָט אונז דערציילט, אַז דער שערי צדק שפּיטאָל וואָלט געקענט נאָך פיל מער לייסטן, ווייל ער האָט אַ זעלטן גוטן דאָקטוירים־סטעף, געטרייע נוירסעס, ספּעציאַליסטן אויף פאַרשיידענע געביטן, און האָט די לעצטע מעדיצינישע דערגרייכונגען, — אָבער די געביידע אַליין איז אַלט און אומבאַקוועם. די צוקונפט פון דעם שפּיטאָל פאָדערט אים איבער־צוציען אויף אַ נייעם פּלאַץ, כדי ער זאָל קאָנען פאַרזעצן זיין גוטע מעדיצינישע אויפגאַבע, לויט די נייע ציימן און ענטוויקלונגען אין מעדיצין.

מיט גרויס האַרציקייט און אַ שטראַלענדיק געזיכט, מיט אויגן וואָס באַ־צויבערן ממש, ווי אַ מאַמעס ליבלעך פּנים, האָט אונז דר. שלעזינגער אויפ־געקלערט, אַז די באַפעלקערונג פון ירושלים איז אין די לעצטע 15־10 יאָר שטאַרק געוואַקסן, און עס זיינען אָריינגעקומען אידן פון פיל לענדער, מיט־ברענגענדיק מיט זיך פאַרשיידענע סאָרטן קראַנקהייטן. אַלץ צוזאַמען — מאַכט די אַרבעט פון שפּיטאָל היבשלעך באַשווערט. עס איז פּשוט פיינליך פאַר אַ מענש מיט געוויסען צו געבן מעדיצינישע לייסטונגען ניט אין אַזאַ מאָס און פאָרנעם, ווי די מאָדערנע מעדיצין פאַרלאַנגט דאָס.

דער „אָפּגעלעבטער" אַלטער בנין פון האָספּיטאַל, און די וואַקסענדע באַפעלקערונג פון ירושלים, וואָס ציילט שוין אַ 300.000 מענשן כן ירבו, — ביידע אומשטענדן ווירקן נעגאַטיוו אויף'ן שפּיטאַל. מען דאַרף האָבן אַ נייע בילדינג, נייע אויסשטאַטונג, פּיל אויסבעסערונגען, כדי דער דאָקטוירים סטעף זאָל קאָנען מיט אַ רואיקן געוויסן שטיין אויף דער וואַך פון פּאַציענט'ס געזונט. די שטאָט אַדמיניסטראַציע און אַלע אַנדערע פינאַנציעלע קוואַלן שאַפן ניט מער ווי אַ העלפט פון בודזשעט, וואָס דער שפּיטאַל האָט נויטיק.

דאַריבער פאָדערט זיך מער הילף פון „מעבר לים", פון אידן, וואָס קאָנען אָפּשאַצן די וויכטיקייט פון דעם שערי צדק שפּיטאַל, וועלכער שטרעבט קומען צו הילף דער ירושלים'ער באַפעלקערונג. אונזער שפּיטאַל — האָט דר. שלעזינגער ממשיך געווען זיין האַרציקן שמועס, איז אַ הומאַני־טאַרע אינסטיטוציע אין שענסטן זין פון וואָרט. מיר נעמען אויף אידן און ניט־אידן צוגלייך, וועלענדיק אַנט־קעגנקומען יעדן איינעם, לויט די פאָדערונגען פון זיין געזונט. דער גרעסטער טייל פון אונזערע פּאַציענטן קאָן אַפילו ניט צאָלן די העלפט פון די קאָסטן, וואָס דער שפּיטאַל האָט נויטיק. די געהעכערטע פרייזן פון פאַרשיידענע הייל־מיטלען, די הוצאות פון באַדינונג־סטעף, און אַנדערע אויסגאַבן פון אויפהאַלטן דעם שפּי־טאַל, זיינען פּיל פאַרגרעסערט גע־וואָרן אין די לעצטע עטלעכע יאָר. די נייע מעדיציניש



ד"ר פאַלק שלעזינגער

ע אינסטרומענטן, מאַ־שינען, טעכנישע אַפּאַראַטן, אָן וועלכע אַ מאָדערנער שפּיטאָל קאָן זיך ניט באַגיין, — זענען פאַרבונדען מיט פאַרגרעסערטע הוצאות. און אויב אידן מעבר לים זאָלן ניט קומען צו הילף, איז מאין יבוא עזרי? — האָט דר. שלעזינגער פאַטעטיש זיך אויסגעדריקט.

דער חולה וואָס קומט אין האָספּיטאַל ווייסט ניט נאַטירלעך, וואָס עס מאַנגלט דעם דאָקטאָר, וועלכער זעט, אַז ער האָט ניט די אַלע מיטלען און באַדינגונגען צו געבן דעם קראַנקן מער אויפמערקזאַמקייט און אַ בעסערע מעדיצינישע השגחה. — דער דאָקטאָר טוט אַלץ לויט זיינע בעסטע מעגלעכ־קייטן, אָפּטמאָל איבער די כוחות און איבער די פּרימיטיווע באַדינגונגען, וואָס

הערשן אין שפּיטאָל. דאָס באַפרידיקט אָבער נישט דעם ערלעכן דאָקטאָר, וועל־כער וויל מיטן גאַנצן האַרצן, לייב און לעבן, העלפן דעם פּאַציענט, באַפרייען אים פון שמערצן, צוריקשטעלן זיין געזונט, אויב נאָך אַן אָפּעראַציע, וכדו׳...

ווען מען דערמאָנט זיך, אַז דער שערי צדק שפּיטאָל איז לכתחילה געבויט געוואָרן פאַר 50 בעטן, און ער האָט שוין היינט איבער 200, — קאָן מען זיך פאָרשטעלן, ווי שווער עס קומט אויס צו אַרבעטן ביי אַזעלכע באַ־דינגונגען. דר. שלעזינגער האָט באַמערקט, אַז דער שערי צדק שפּיטאָל איז געבויט געוואָרן מיט דער הילף פון דייטשע אידן אין יאָר 1902, און ביזן יאָר 1939 האָבן זיי שטאַרק געשטיצט דעם האָספּיטאָל.

איצט קאָן מען אָבער פון די רעשטלעך דייטשע אידן קיין סך הילף ניט דערוואַרטן, — האָט דר. פאַלק שלעזינגער באַמערקט; די אויפגאַבע מוזן איבערנעמען די אידן פון די אַמעריקעס. מען מוז בעטן די אַלטע און נייע פריינט צו פאַרגרעסערן זייערע ביישטייערונגען, און ווערן גלייכע שותפים מיט אונז אין דער לייסטונג פון שפּיטאָל.

דר. שלעזינגער האָט ערקלערט, אַז „דער שערי צדק שפּיטאָל איז דער ווינקל־שטיין פון אָרגאַניזירטן האָספּיטאָל־וועזן ניט בלויז אין ירושלים, נאָר אין גאַנץ מדינת ישראל״. אויב דער שערי צדק שפּיטאָל האָט געקענט האָבן ביי זיך אַזאַ פּאַציענט ווי דעם פריערדיקן פּרעזידענט פון דער מדינה יצחק בן צבי, וועלכער איז פאַרבליבן טיף דאַנקבאַר פאַר די גוטע לייסטונגען פון שפּי־טאָל, — רעדט דאָס שוין פאַר זיך אַליין. די דאָקטוירים, נוירסעס און דער גאַנצער סטעף איז דורכגעדרונגען מיט פליכט־באַוואוסטזיין צו דינען דעם קראַנקן לויט די בעסטע מעגלעכקייטן, — האָט דאַן יצחק בן צבי ערקלערט מיט באַזונדער פרייד און שטאָלץ, פאַרלאָזנדיק דעם שפּיטאָל.

מיר האָבן דאָרט געזען דאָס בילד, ווי דר. יונה סאָלק, ערפינדער פון סאָלק וואַקסין, האָט באַזוכנדיק דעם שערי צדק שפּיטאָל, געפירט אַ געשפּרעך מיט דר. שלעזינגער, וועגן דעם וואַקסין.

אויך דאָס בילד — פון פרוי אילת, געוועזענעם ישראל׳ס אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד, וועלכע איז געלעגן קראַנק אין שערי צדק שפּיטאָל. ביים אַרויסגיין האָט זי פּרעזענטירט אַ ספּעציעלן סערטיפיקאַט צו דעם הויפּט נוירס פאַר די וואונדערבאַרע לייסטונגען.

נאַטירלעך, האָט דער שפּיטאָל אַן אייגענע שול, כדי צוצוגרייטן נויר־סעס, און זי איז באַרימט איבערן גאַנצן לאַנד. לויט דער ערקלערונג פון דר. שלעזינגער האָט די נוירסעס סקול אויסער די רעגולערע לימודים, אויך אַ שטודיום פון גייסטיקער צוגרייטונג, צו זיין באַקאַנט מיט אידישער מחשבה, מנהגים, געוואוינהייטן אאַ״וו, ווייל דאָס העלפט מאָראַליש און גייסטיק דעם קראַנקן צו ווערן גיכער געזונט.

דאָס מיינט אַז די נוירס דאַרף קענען פאַרשטיין די פּסיכאָלאָגיע און

מענטאַליטעט פון פּאַציענט, און דאַן קאָן זי אים בעסער דינען מיט איר וויסן און ערפאַרונג.

אויף אונזער פראַגע, וויפיל מענשן קומען אין דורכשניט טעגלעך אין דעם „אוט דאָר" דעפּאַרטמענט? — האָט דר. שלעזינגער געענטפערט אַז יעדן טאָג, קומען אַריבער 100, און אַמאָל 150 פּאַציענטן, פון נאָענט און וויט. דאָס זענען אידישע, אַראַבישע, קריסטלעכע און אַלערליי קראַנקע וואָס ציען זיך צום שערי צדק שפּיטאָל, וועלכער איז שטאַרק פּאָפּולער, ווייל קיינער ווערט ניט דיסקרימינירט אין דעם אַנשטאַלט!

דער ליבער דר. האָט אונז באַוויזן אַ צימער, וואו אַ נוירס האָט גענערט אַ בייבי אין אַן אייזערנעם לונג, און אַזעלכע זיינען פאַראַן אַ האַלבע טוץ, וואָס זיינען געשענקט געוואָרן פון געטרייע פריינט פון אייראָפּע און אַמעריקע.

דאָקטאָר שלעזינגער האָט אונז אַליין אויך ניט דורכגעלאָזן אָן אַ קאַר־דיאַגראַם, און סתם עקזאַמינירט אַלס אַ טוריסט, וואָס דאַרף נאָך פאַרברענגען עטלעכע וואָכן אין דער „פרעמד". ער האָט אונז אויפמערקזאַם געמאַכט אַז דער שפּיטאָל בויטיקט זיך אין נייע מעדיצינישע און כירורגישע אויסשטאַטונ־גען, לינען, אינסטרומענטן, לאַבאָראַטאָריע־אַפּאַראַטן, קאָלדרעס, עקס רעי־פילמען, כירורגישע מעסערלעך, הענדשקעס, נאָדלען אאַ"וו. עס איז אינטערע־סאַנט אַז טרייבירן איין נוירס פאַר איין יאָר, קאָסט 700 דאָלאַר. דער עס־צימער פאָדערט נייע מעבעל, וואָס מיינט מער פון אַ דריי טויזנט דאָלאַר. אַ נייע קיך מוז געשאַפן ווערן פאַר אַ 3 טויזנט דאָלאַר. דאָס אויפשטעלן אַ נייע נוירסינג הויז איז פאַרבונדן מיט 13 טויזנט דאָלאַר. איין יוניט פון עירקאָנדישאָן קאָסט 300 דאָלאַר. יעדע הילף ווערט מיט דער גרעסטער דאַנקבאַרקייט אָנגענומען.

ביים געזעגענען זיך מיט דעם הומאַניטאַרן הויפּט־דאָקטאָר פאַלק שלעזינגער, וועלכער איז אַ פאַרקערפּערונג פון גוטסקייט, אידלקייט און הומאַ־ניטעט, האָט ער אויך אונז באַמערקט: עס איז דאָ אין מאָנטרעאָל אַ קאָמיטע פון פריינד פון דעם שערי צדק שפּיטאָל. פיל פון זיי האָבן אים שוין באַזוכט, אָבער די הילף וואָס קומט פון זיי איז שטאַרק באַגרענעצט. די מאָנטרעאָלער פריינד פון דעם שפּיטאָל וואָלטן געקענט און געדאַרפט אַרויסווייזן פיל מער אַקציע, האַנדלונג, מסירת נפש, איבערהויפּט אידן, וואָס שטייען פאַר עכטער אידישקייט, הונדערט פּראָצענטיקער כשרות שמירת שבת ויום טוב, און וואָס ווילן זען אַ אידישן שפּיטאָל לויט אַלע כללים פון דער תורה און אידישע דינים, — אויף זיי ליגט אַ מאָראַלישע פליכט צו העלפן דעם שערי צדק שפּיטאָל אַריבערציען זיך, אָדער אויפבויען אַ נייע געביידע, פאַר וועלכער אַ אַ התחלה איז שוין געמאַכט. דאָס וואָלט געווען דער שענסטער מאָנומענט, וואָס די מאָנטרעאָלער אידן וואָלטן אויפגעשטעלט אין הארץ פון דער הייליקער ירושלים.

איר ווערט האָפנטלעך ניט פאַרגעסן, פריינד גינזבורג, איבערצוגעבן

אונזערע מאָנטרעאָלער גוטע פריינד, אַז דער בנין איז שוין אַלט 62 יאָר; אַז ער איז ניט מער מסוגל צו לייסטן אַלס אַ האָספּיטאָל, ווי די היינטיקע צייט פאָדערט עס. מען מוז אונטערנעמען אַ שריט, וואָס זאָל פירן צו אַ נייער גע־ביידע, כדי דער שערי ציון שפּיטאָל זאָל נאָך אַ תקופה פון איבער 60 יאָר קאָנען אָנפאַנגען אַ נייע ערא, אין איינקלאַנג מיט דער מאָדערנער מעדיצין און נייע ענטוויקלונגען, וואָס די וויסנשאַפט האָט שוין אַרויסגעבראַכט — האָט דר. שלעזינגער אונז געבעטן...

יעדער איינער קאָן האָבן זיין גרויסע מצווה ביים צולעגן אַ האַנד צו דער הייליקער אַרבעט פון העלפן דעם שפּיטאָל אַרויסצוגיין מן המיצר, און ווערן דאָס וואָס ער דאַרף און קאָן זיין. די אַלטע טראַדיציע פון שערי צדק פאָדערט פון יעדן איינעם צו קומען צו הילף דעם שפּיטאָל, וועלכער האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין די 63 יאָר פון זיין קיום און קאָן נאָך פאַרדאָפּלען, אויב ער וועט נאָר קריגן זיין פולע יניקה, צו קאָנען אָנגיין מיט זיין טעטיקייט...

זיבן און פערציקסטער קאַפּיטל

# מחשבות ביים „יום העצמאות"

**פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט, וואָס זוכן זיך קעגנזייטיק צו דערגענצן. — מיט איין אויג אויף ישראל'ס מיליטערישע מאַכט, און מיטן צווייטן — אין דער פאַרגאַנגענהייט, פון די לעצטע 2000 יאָר. — דער שארית הפליטה אונטערן רויש פון ישראל עראָפּלאַנען און מוזיק־אָרקעסטערס אין טאָג פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט. — אילו נתן לנו את יום העצמאות ולא נתן לנו צרות אַראַבער — דיינו.**

מיר האָבן לויט אונזער סדר פון פאַרצייכענען געוויסע עפּיזאָדן, וואָס מיר האָבן בייגעלעבט בעת'ן באַזוך אין מדינת ישראל, באַשלאָסן צו ווידמען אַ באַזונדער קאַפּיטל וועגן דער פייערונג פונ'ם „יום העצמאות".

פאַקטיש האָט זיך די פייערונג אָנגעהויבן מיט פיל טעג פריער, ווען מען האָט ענערגיש געבויט די עסטראַדעס פאַרן פובליקום, ווען מען האָט אָרגאַניזירט מיליטערישע יוניטס, די פלי־אָפּטיילונגען, די פרויען דיוויזיע, די בייוויאָפּטיילונג, די אָרקעסטערס און דאַן די „כלי זיין" מיט וועלכע מען האָט דעפילירט פאַר דעם האַלבן מיליאָן באַזוכער, אייגענע בירגער און טוריסטן, שטאַטסלייט און דיפּלאָמאַטן פון פאַרשיידענע לענדער. די הכנות האָבן זיך געצויגן היבשלאַך לאַנג... דאָך האָט דער סאַמע יום טוב פון יום העצמאות זיך אָנגעפאַנגען, ווי אַלע אַנדערע געדענק־טעג ערב דעם גרויסן טאָג, ד.ה. מיט אַ נאַכט פריער, ווען די גאַסן אין תל אביב, ירושלים, חיפה, רמת גן, באר שבע אאַ"וו האָבן געברויזט, פון פרייד און יובעל לכבוד דעם גרויסן „מאָרגן", דער עולם האָט, ווי פאַר'שיכורט פון פרייד און גליק, געטאַנצט כמעט אַ גאַנצע נאַכט אויף די בולוואַרן, גאַסן, אַלייען און פּאַרקן, און עס האָט גאָר קיין ענד ניט געגומען צו דעם ים פון פרייד און ענטוזיאַזם, וואָס מען האָט געקענט ממש אָנטאַפּן מיט דער האַנט.

דער „ערב יום טוב" איז געווען אַ ווירדיקער פּרעליוד צום יום טוב אַליין, מיר האָבן ניט געקענט מיטמאַכן די טענץ, די גרויסע פיזישע אָנשטרענגונג, אָבער מיר האָבן מיטן גאַנצען האַרצן דערפילט אונזער אינערליכן ציטער, די אומבאַגרענעצטע התלהבות, וואָס האָט געשטראַמט פון די גליקלעכע ברידער און שוועסטער, וועלכע די השגחה האָט געבענשט צו לעבן און זען, וואָס פון

דעם „שה פזורה ישראל" איז געוואָרן, וואָס פאַר אַ זכות זיי האָבן געהאַט צו דערלעבן זען דאָס אייגענע לאַנד און אָטעמען די פרייע לופט, וואָס אין קיין שום אַנדער ווינקל אויף דעם ערד־קוגל קאָן אַ איד דאָס ניט האָבן!!!

אַ געפיל, פון קנאה האָט זיך דערוועקט אין אונזער האַרץ און נשמה, טראַכטנדיק וועגן דעם, וואָס מיר האָבן „פאַרשפּעטיקט די שיף"; וואָס מיר האָבן ניט דערפילט דעם רוף פון אונזער געשיכטע, כאָטש מיט עטלעכע צענדליג יאָר צוריק, ווי עס האָבן דערפילט אַלע אַנדערע, וואָס זיינען דאַן געקומען קיין ארץ ישראל זיי האָבן זיך צוגעטוליעט צו איר באָדן, איינגעזאַפּט דעם ריח פון מאַמע־ערד, און פילן זיך היינט אַזוי גליקלעך, צופרידן, באַזעלט מיט עכטן אידישן חן און נשמה־צאַרטקייט!

די נאַכט פון ערב יום העצמאות איז, לויט אונזער מיינונג, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נייע אויפלאַגע פון אַמאָליקער „ליל שימורים", ווען דאָס אידישע פאָלק האָט זיך געגרייט צו גייסטיקער און פיזישער באַפרייאונג פון קנעכט־שאַפט, גלות־פסיכאָלאָגיע און הונדערט פראָצענטיקער שקלאַפעריי.

ווער האָט געקאָנט איינשלאָפן אין אַזאַ נאַכט?! מיר זיינען געזעסן אין הרצליה, אין דעם באַקאַנטן צינבערג פּאַנסיאָן, לעבן דעם שרון האָטעל, און צוגעהערט זיך צו די קלאַנגען פון מוזיק און טענץ, און האָבן ניט געקענט באַהערשן אין זיך דעם חדוה־געפיל, דעם גרויסן היסטאָרישן מאָמענט פון יום־העצמאות.

אונזער מחשבה איז געגאַנגען צוריק, צום יאָר 1948, ווען די מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, און מיר האָבן געטאַפּט דעם אייגענעם דופק: איז דאָס טאַקע ווירקלעכקייט, אָדער נאָך אַלץ פאַנטאַזיע? זיינען מיר באמת דער־גאַנגען צו דער עקבותא דמשיחא, צו דער פאַראויסזעאונג פון אונזערע אומ־שטערבלעכע נביאים, וועלכע האָבן דאָס אַזוי בולט אַרויסגעזען אין זייער ווײַ־טער וויזיע, און דייטלעך פאַראויסגעזאָגט, — אָדער מיר חלומען נאָך אַלץ לויטן אויסדרוק פון נעים זמירות ישראל: „בשוב ד׳ את שיבת ציון, היינו כחולמים"....

אין געדאַנק איז אונז פאַרבייגעלאָפן דער היסטאָרישער עפּיזאָד פון פוילענס באַפרייאונג נאָך אירע פיל־מאָליקע צוטיילונגען, און ביים סוף פון דעם ערשטן וועלט־קריג. מיר האָבן דאַן אָבסערווירט דעם באַנייטן מוטה פון די פּאָלאַקן, וועלכע האָבן גענומען אַנטוואָפענען די אָוועקגייענדיקע דייטשן, און שטעלן זייערע ערשטע טריט אַלס אַ באַפרייט פאָלק. אָבער דער וואונדער איז דאָך ניט געווען אַזוי גרויס: סוף כל סוף זיינען די פּאָלאַקן אַלע זייערע יאָרן געזעסן אויף זייער אייגענעם באָדן, כאָטש די אויבערמאַכט האָט זיך געביטן. זיי האָבן ניט געהאַט קיין פּראָצעס פון קיבוץ־גליות, קיין פּראָבלעם, ווי אויס־

צושמידן פון אַלע פּאָלאַקען איין פּויליש פאָלק, איין פּויליש שפּראַך און קול־טור, איין סאָרט ערציאונג, איין אַרמיי, איין גייסט, וואָס זאָל אַלעמען באַהערשן און מונטערן צו זייער פּאָליטישער דערוואַכונג! ווי גיך האָבן זיך די גאַליציאַנער פּאָלאַקען צונויפגעמישט מיט די קאָנגרעס פּאָלאַקען, די פון אונטער דעם געוועזענעם פּראַנץ יאָזעף דעם צווייטן, מיט די, וועלכע פּילסודסקי און זשעלי־גאָווסקי האָבן געפירט צום נצחון...

עס איז תיכף געוואָרן שפה אחת לכולנו, איין איינהייטלעכע שפּראַך איין אַרמיי, אין גייסט וואָס האָט אַלעמען באַהערשט.

ווי אַנדערש אָבער האָט אויסגעזען אונזער אידישער נצחון, וועלכער איז שיער ניט דערטרונקען געוואָרן אין אַ ים פון בלוט, טרערן און פּיין!!! פון דער ערשטער שעה אָן פון ישראל׳ס פּראָקלאַמאַציע פון זעלבסטשטענדיקייט, האָט זיך דערפילט אַ הונגער נאָך נייע אידן, נאָך מער מענשן, כדי צו קאָנען אויסמיידן די געפאַר אַריינגעשטויסן צו ווערן אין ים אַריין!!! קיין שום הילף פון קיינעם איז ניט געקומען. די ריזיקע מיליאָנען אַראַבער האָבן מיט זייער כמות אָפּגעטויט יעדן פרעמדן סענטימענט צו נעמען דעם אידישן צד. — מען האָט באַקומען דיפּלאָמאַטישע און פּאָליטישע אָנערקענונג, סיי דע־יורי, און סיי דע־פאַקטאָ, אָבער צו ממשות׳דיקער הילף האָט זיך דאַן קיינער ניט דערטראַכט!! די 650 טויזנט אידן, אָן מיטלען און אָן געווער, זיינען געווען אויסגעשטעלט צו די ערגסטע געפאַרן, ממש צו פאַרשווינדונג, לויט ווי די אַראַבער האָבן גאָר אַנדערש ניט געקלערט!! עס איז געווען דער בלינדער כוח פון „געזעראַל אָן ברירה״, דער „קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו״, וואָס האָט אַרויפגעצוואונגען אויף דעם קליינעם ישוב צו בלייבן שטיין אין ביטערן און צווייפלהאַפטן קאַמף מיט אַלע אַראַבישע שונאים, און מיט די לעצטע כוחות אָפּוואַרטן „מה יוליד יום?״ — וואָס וועט דער מאָרגנדיקער טאָג ברענגען...

מיר דערמאָנען זיך בן גורינ׳ס ראַדיאָ מעסעדזש ערב דעם יום העצמאות:

„מיר פרייען זיך היינט מיט אונזער נצחון, אָבער עס איז נאָך ווייט פון צו קומען אל המנוחה ואל הנחלה! דער וועג פאָראויס איז נאָך באַלאָדן מיט זייער שווערע געפאַרן. דער רוב מנין ורוב בנין פון אונזער פאָלק איז נאָך אַלץ צוזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, כאָטש מיר דאָ אין לאַנד פילן זיך, ווי מיר וואָלטן שוין געווען אַ פאָלק צוגלייך מיט די אַלטע איינגעביר־געדטע לענדער! מיר טאָרן אָבער נישט פאַרגעסן, אַז מיר זיינען נאָך אַלץ אַרומגערינגלט מיט שונאים, וואָס זוכן אונז צו פאַרניכטן! זיי זיינען ניט אין פאַרגלייך גרעסער אין צאָל לגבי אונז, און זיינען אויך זייער גוט מיליטעריש אויסגעשטאַט. מיר מוזן דעריבער פאַרשטאַרקן אונזער כוח, און נאָר דאַן וועלן אונזערע שונאים באַגרייפן, אַז מדינת ישראל איז געקומען צו לעבן און געדייען.״

בן גוריון האָט דאָן גלייכצייטיק אַפּעלירט צו די מאַסן ניט איבערצוכאַפּן די מאָס, ניט יאָגן זיך נאָך אויבערפלעכלעכן גלאַנץ און נצחון. מען זאָל דער־פילן דעם היסטאָרישן מאָמענט, לעבן באַשיידן און נאָר טראַכטן אין טערמינען פון ישראל׳ס צוקונפט, ניט ווערנדיק פאַרשיכורט פון דערגרייכטן דערפאָלג!

די ניכטערע ווערטער פון דאַמאָלטיגן שר הממשלה דוד בן גוריון זיינען אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַלע בירגער פון לאַנד. צו מאָרגנס איז די גאַנצע ישראל פּרעסע געווען פול מיט דעם פּרעמיער׳ס מעסעדזש, וועלכער האָט געקלונגען אַזוי שטאַטסמעניש, אַזוי קלוג און אויסגעהאַלטן, וואָס נאָר אידישע מוחות האָבן געקענט תופס זיין און זאָגן שטילערהייט „אמן!״.

ענדלעך איז געקומען דער סאַמע „שפּיץ״ פון יום העצמאות. דער פּרעסע דעפּאַרטמענט ביים פּרעמיער׳ס אָפיס האָט אונז ניט אָפּגעלאָזן פון אויג, און מיט צוויי טעג פריער געמעלדעט, אַז איינלאַדונגען זיינען פאָרגעברייט פאַר מיין פרוי און מיין ווייניקייט. דער ליבער און האַרציקער נהג, ניסים גבאי, פון שיכון רמת אביב, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט די אויסלענדישע שרייבער אין נאָמען פונם רעגירונגס־פּרעס־אָפיס, האָט אונז שוין גלייך אין דער פרי געבראַכט די טיקעטס צום יום העצמאות, צוזאַמען מיט אַ טיקעט צום באַס, וואָס פירט ספּעציעל פון הרצליה צום פּלאַץ פון דער פייערונג. דער באַס איז געווען פול מיט טוריסטן און געסט מכל קצוי תבל. מיר זיינען אָפּגעפאָרן, בייצווואוינען דעם פּאַראַד, וועלכער איז געווען איינער פון די הויפּט פּונקטן אויף אונזער טאָג־אָרדנונג, ווען מיר זיינען ערב פסח אַרויסגעפלויגן מיטן „אל־על״ קיין ישראל.

פול מיט ערינערונגען פון נעכטיקע פּאַסירונגען, ווען מען האָט אין גאַנצן לאַנד געפייערט דעם „יום הזכרון״, דורך צענדליקער אזכרה־צערעמאָניאַלן איבער אָן אַ שיעור קיבוצים, שטעט, מושבים, קאָלאָניעס אאַ״וו, איז מען אַריינ־געפאַלן אין אַ ים פון ברויזנדער פרייד און פאַרגעסנהייט, וואָס עס האָט פּאַסירט. — די מוזיק האָט געשפּילט. — מענשן, ווי בינען, האָבן אויסגעפילט די צו־געגרייטע עסטראַדעס, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער הויך, און אין דער לענג, און פאַרנומען זייערע פּלעצער. ווי אָנגענעם איבעראַשט זיינען מיר גע־וואָרן, ווען מיר זיינען געקומען צו אונזערע ערטער — נומער איינס און צוויי — פּונקט אַנטקעגן דער בימה, וואו עס זיינען געשטאַנען דער פּרעזידענט, דער שעף פון גענעראַל שטאַב, בן גוריון און עטלעכע געסט מיט זייערע פרויען, וועלכע מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט.

דער הימל איז ניט געווען צו פריינטלעך: האָט אָנגעזאָגט אַ ביסל רעגן, און במשך פון דעם ריזיקן פּאַראַד, וואָס האָט זיך געצויגן אַ פּאָר שעה, האָט טאַקע אַ גאָס געטאָן אַ רעגן, אָבער דאָס איז געווען ניט מער ווי יענער „טל

ומטר״, וואָס האָט אָפּגעפּרישט די לופט, און ניט געשטערט חלילה אָנצוגיין מיטן מיליטערישן פּאַראַד, וועלכער לאָזט זיך בשום אופן ניט פאַרגעסן!

ווידער אַמאָל זיינען געקומען מחשבות, פונוואַנען האָט זיך דאָס אַלעס גענומען?!? און אַז מען האָט געשאָפן געלדער פון די קאָמביינד אַפּילס; אַז מען האָט פאַרקויפט ישראל באָנדס און געפּלאַנצט בוימער לטובת דעם קרן קימת, און אַז מען האָט געטאָן אפילו נאָך אַנדערע טויזנט זאַכן, — וואָס פאַר אַ פאַרגלייך קאָן דאָס האָבן מיט דער רעאַלער ווירקלעכקייט, וואָס מען האָט געזען מיט די אייגענע אויגן אין יום העצמאות?

אינמיטן העלן טאָג שטעלן זיך אַוועק די אַרכיטעקטן פון דער מדינה אַנטקעגן די אַראַבישע שונאים, וואָס שטייען מיט די „טייטלען״ ניט ווייט פון פלאַץ און פייערן מיט אַזאַ גלאַנץ און זיכערקייט, מיט אַזאַ אַלטן אידישן שטאָלץ און יחוס דעם יום טוב פון באַפרייאונג, דעם חג העצמאות?!? — עס איז לא יאומן כי יסופר! מען קאָן בשום אופן דאָס ניט משיג זיין מיטן פשוטן שכל, אויב מען זעט דאָס נישט אַליין!!!

די מאַיעסטעטישע געשטאַלט פון בן גוריונען, פון יצחק בן צבי, פון אַרמיי־שעף און די געסט וואָס האָבן געהאַט דעם כבוד צו זיין אין די דלת אמות פון די פירער, — זייער סאַלוטירן די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון מיליטער, ניוּוּי, און לופט פלאָט, די פרעכטיגע מיידלשע בריגאַדע „חן״ און אַזויפיל טאַנקען, העליקאָפּטערס, וואָס זיינען געפלויגן איבער די קעפּ, און מיטגעפירט די בלוי־ווייסע פאָן פון דער מדינה, — דאָס לאָזט זיך ניט פאַרגעסן!!!

אַכט און פערציקסטער קאַפּיטל

# דער אימפּאָזאַנטער פּאַראַד פון יום העצמאות אין 1963

**די דערגרייכונגען פון דער מדינה אין די ערשטע יאָרן פון איר עטאַבּילירונג. — די גרויסע נעץ פון דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונגען און די פיל באַזוכן פון פּרעזידענטן און פּרעמיער־מיניסטאָרן אין ישראל. — די שפּראַך פון ציפער און פאַקטן. — דער הויכער קולטור־ניוואָ און די וויסנשאַפט, וואָס מאַרשירן כסדר פאָראויס.**

בייוואוינענדיק דעם יום־העצמאות אין ישראל און דעם העכסט אימפּאָזאַנטן פּאַראַד לכבוד דער פּייערונג, זיינען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז דער צערעמאָניעל איז נאָר אַ מיליטערישע דעמאָנסטראַציע פון דער זיכערקייט און שטאַלץ פון ישוב. אַזאַ מיליטערישער פּאַראַד מוז אָבער האָבן געזונטע יסודות, ווייל זיכערקייט קאָן מען ניט שאַפן בלויז דורך פּאַראַדן און דעפּילאַדעס, און אפילו ניט דורך דעמאָנסטרירען אַ באַדייטענדיקע צאָל מיליטער און געהעריקע אויסשטאַטונג, וועלכע מאַכן געוויינלעך אַ שטאַרקן איינדרוק.

מיר האָבן געלערנט אין דעם יום־העצמאות פיל מער, ווי אַ פּרשה „מיליטאַריזם". מיר האָבן געצויגן קאָנסעקווענצן אויף אַ פיל ברייטערן מאַסשטאַב, זעענדיק פאַר זיך אַ געוויסן סך הכל פון אַ לאַנגער ריי ענטוויקלונגען און פאַרפאָלקאָמונגען, וואָס זיינען אייגנטלעך נאָר אַ פּועל יוצא פון אַזאַ מיליטערישער דעפּילאַדע.

די רעגירונג גייט ניט אַרויסשטעלן זיך יעדן יאָר מיט אירע אַלגעמיינע דערפאָלגן, ווייל די אייגענע באַפעלקערונג זעט זיי טאָג־איין און טאָג־אויס אין פּראַקטישן לעבן, און די שונאים דאַרפן וועגן דעם סיווּוי וואָס ווייניקער וויסן. דער פּאַראַד אָבער לכבוד דעם יום העצמאות איז די איינמאָליקע יערלעכע מיליטערישע „פאָרשטעלונג" וועלכע דאַרף דערמאָנען די אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים, אַז זיי דאַרפן האָבן „דרך ארץ" פאַר דער מאַכט; אַז עס איז דאָ אַ פיזישער כוח צו קאָנטראָלירן סיי די שכנישע אַראַבער, און סיי אַנדערע שונאים, וועלכע טראָגן זיך אַרום מיט פוסטע חלומות וועגן אָפּווישן מדינת ישראל פון דער וועלט־מאַפּע!

וואָס מיינט דער פאַקטישער כוח וואָס שטעקט הינטער דעם פּאַראַד און וואָס איז די אמת'ע שפּראַך פון וואַכזאַמקייט און דערגרייכונגען, וואָס ערלויבן דורכצופירן אַזאַ גראַנדיעזע דעפּילאַדע?

די פאַקטן וואָס מיר האָבן פאַרצייכנט אויף דער הייסער מינוט האָבן

גערעדט פאַר זיך אַליין. ישראל האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן דיפּלאָמאַטישן שריט, דורך דער פייערונג פון דעם יום העצמאות. זי האָט באַוויזן אָנצוקניפּן דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונגען כמעט מיט 80 פּראָצענט פון אַלע לענדער, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אָן דער יו־ען. ישראל האָט אין אַלע 22 לענדער פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט (איינשליסנדיק קאַנאַדע) אירע אַמבאַסאַדאָרן, גענעראַל־קאָנסולן און סתם פאַרטרעטערשאַפט. אויך אין אַזיע דערגרייכט שוין די צאָל צו 20 לענדער, און אין דער „ניי־געבוירענער" אַפריקע זיינען שוין פאַראַן 30 ישראל'ס פאַרטרעטערשאַפטן, און מען דאַרף נאָך אויך צורעכענען ישראל'ס אַמבאַסאַדעס אין אויסטראַליע און ניו זעלאַנד.

דאָ האַנדלט זיך אָבער ניט בלויז אין דער צאָל, נאָר אויך אין דער מאָס פון פריינטשאַפט מיט די אַלע לענדער, בראש פון וועלכער עס קומען אַמעריקע און פראַנקרייך, וועלכע האָבן אַ פיל וואַרימערע און מער סענטימענטאַלע באַציאונג צו ישראל. זיי האָבן פיל ענליכעס אין דעם כאַראַקטער און אין דעם טיפערן יושר־געפיל פון הומאַניטעט און גערעכטיקייט לגבי אַנדערע. פראַנקרייך זעט אין ישראל דעם עקספּערימענט פון אַ ווירדיקער סאָציאַלער סטרוקטור, וואָס איז באַגלייט פון אַ גרויסן דורשט נאָך וויסענשאַפט, און וועלכע איז קאָנסעקווענט אין אירע האַנדלונגען, ווען עס קומט צו יושר און איידלקייט. ישראל האָט, איבער אירע כוחות, געלייסטעט אין די לעצטע יאָרן פאַר די ניי־ענשטאַנענע אַפריקאַנער און אַזיאַטישע מדינות, געבנדיק זיי טעכנישע הילף און העלפנדיק זיי צו באַקענען זיך מיט די נייעסטע מעטאָדן פון אַגריקולטור און אַנדערע פאַרשיידענע געביטן פון וויסנשאַפט. מיר האָבן אין הרצליה אין ציינבערג'ס פּאַנסיאָן, געטראָפן אַ גרופע ניגערישע סטודענטן, וועלכע האָבן שטודירט אין תל אביבער אוניווערסיטעט, און די ישראל רעגירונג האָט זיי אויסגעהאַלטן מיט אַלע באַדערפנישן. עס איז אגב געווען אינטערעסאַנט ווען אייניגע פון זיי זיינען צוגעקומען צום שרייבער פון די שורות און געבעטן ערקלערן זיי געוויסע ווערטער אין העברעאיש, וועלכע עס איז זיי אָנגעקומען שווער אַרויסצורעדן. — זיי האָבן אַלע געהאַט ביי זיך העברעאיש־פראַנצויזישע לערן־ביכלעך, ווייל העברעאיש האָט זיי שטאַרק אינטערסירט.

נאָכן יאָר האָט די גרופּע געזאָלט צוריקפאָרן קיין ניגעריא און אַריינוואַרפן זיך אין דער אַרבעט לטובת זייער לאַנד. — די סטאַטיסטיק האָט באַוויזן, אַז אַרום 1400 יונגטלעכע זיינען אין דעם יאָר געקומען פון די אַפראָ־אַזיאַטישע לענדער צו שטודירן לאַנדווירטשאַפט, קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג און פאַך־ בילדונג. רעדנדיק צו אייניקע פון זיי, האָבן מיר דערפילט די וויכטיקייט פון אַזאַ קולטור־לייסטונג, ווייל די דאָזיקע סטודענטן וועלן שפּעטער ווערן די בעסטע „אַמבאַסאַדאָרן" פאַר „גודוויל"־קאָאָפּעראַציע מיט ישראל. דאָס וועט אויך געפינען אָפּקלאַנג אין דער יו־ען, ווען אַ פראַגע וועגן ישראל וועט קומען צו אַן אָפּשטימונג...

דער יום העצמאות האָט געטראָפן ישראל מיט אַ באַפעלקערונג פון צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן מענשן. דאָס לאַנד שטייט גייסטיק און וויסנשאַפט־לעך אויף אַ זייער הויכער מדריגה. צווישן די לעצטנס אַריבערגעקומענע אימיג־ראַנטן־עולים מערקט זיך אַ גאַר באַדייטנדיקער פּראָצענט אינטעלעקטואַלען, און לויט ווי מען האָט אונז איבערגעגעבן, זיינען אָריינגעקומען איבער 330 דאָקטוירים צווישן די 1,200 ווייסע קאַלערניקעס...

ישראל האָט אפילו געקענט זיך ערלויבן צו שיקן אַ צאָל דאָקטוירים אין די אַפראָ־אַזיאַטישע לענדער אויפצוהויבן דאָרט דעם סאַניטאַרן סטאַנדאַרד, איינשטעלן קליניקס, העלפן בויען מעדיצינישע אַמבולאַטאָריעס אאַ״ו. מיט אַנדערע ווערטער — דער גייסטיקער און וויסנשאַפטלעכער ניוואָ פון ישוב איז פיל העכער ווי אין די אַלע אַראַבישע לענדער, כאָטש זיי זיינען פיל על־טער און האָבן ניט די זאָרג, וואָס ישראל.

דער סאָציאַלער מאָטיוו אין ישראל איז ממש ביישפּיללאָז. עס זיינען שוין פאַראַן איבער 600 דערפער, און מען שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כוחות צו דערנענטערן דעם לעבענס־סטאַנדאַרד פון אַגריקולטור אַרבעטער מיט די אינדוסטריעלע, וועלכע לעבן אין די שטעט. ווען מען נעמט נאָך אין באַטראַכט, אַז אין די דערפער לעבן אַריבער פופציק טויזנט משפחות, וואָס ציילן אַ 140 טויזנט נפשות, און פּראָדוצירן 10 פּראָצענט פון דער אַגראַר־פּראָדוקציע, קאָן מען זיך שוין שאַפן אַ באַגריף, ווי שווער עס איז די אויפגאַבע פון דער רע־גירונג צו דערגרייכן אַ געוויסן באַלאַנס צווישן דעם אַרבעטער אין דאָרף און דעם אַרבעטער אין שטאָט.

מיט 5 יאָר צוריק האָט מען געמאַכט אַ נייעם עקספּערימענט און געשאַפן אַ גאַנצע שטאָט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. די צאָל באַטייליקטע איז געווען ניט מער ווי 70, און אַלע זיינען זיי געווען דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן פון דער אוויאַציע. נאַטירלעך, האָט די רעגירונג אויך געזען צוצוהעלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך, און דער פּלאַן האָט זיך פולשטענדיק איינגעגעבן. ענליך גייט צו דער פּראָצעס מיט דער שטאָט ערד (לייען: אַראַד) אין דער געגענט פון באר שבע. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ גאַר קליינער צאָל מענשן, און מען קאָן שוין דערוואַרטן, אַז עס וועט ווערן אַ שטאָט פון אַרום פופציק טויזנט נפשות.

זיכער קוקן די אַראַבער מיט קנאה־שנאה אויף יעדן נייעם פאַרזוך צו בויען אַ שטאָט, אָבער זיי בלייבן בלויז דורכגעפרעסן פון שנאה, און נקמה־אַקטן, ווייל מען לאָזט זיי ניט פאַרנאַנדערנעמען די הענט...

אַזוי אַרום האָט דער יום העצמאות אָפּגעשפּיגלט ניט נאָר די מיליטע־רישע מאַכט פון ישראל, ניט בלויז דעם פיזישן כוח, וואָס די מדינה פאַרמאָגט נאָר אין ליכט פון דער פּרעכטיקער דעפילאַדע האָט מען געזען די גוטע אויס־שטאַטונג פון יעדן יוניט, די גרויסע צאָל טאַנקן, די פיל פאַנצער און אַרטילער־יע יוניטס, די אינפאַנטרי, די נייווי אָפּטיילונג און די עסקאַדרעס עראָפּלאַנען איבער די קעפּ. מען האָט זיך געפילט זייער שטאָלץ און מונטער, און פאַר די

אויגן האָט געשוועבט דאָס גאַנצע אַלגעמיינע בילד פון דעם פּראָגרעס וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין די געצעלטע יאָרן פון ישראל׳ס ווידערגעבורט.

ווער האָט דאָן געקענט אַריינקוקן אין דער נשמה פון בן גוריונען, וועל־כער האָט מיט זיין ווייסער האָר־קרוין סאַלוטירט די אַלע מיליטערישע אייג־הייטן מיט אַ געפיל פון זיכערקייט און ענטשלאָסנקייט? ער האָט זיכער פאַר־אויסגעזען די ליכטיקע צוקונפט פון דער מדינה, וועלכע ער האָט אויסגע־טראָגן און אויסגעוויייטאַקט, די אַלע חבלי לידה פון דער נייער מדינת ישראל, נאָך צוויי טויזנט יאָר פון נע ונד, גלות, פּאָגראָמען, חורבן, הפקרות, גאַז קאַמערן, קאַלך־אויוונס און וואָס ניט?!? דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן בן צבי...

די וואונדערבאַרע מיליטערישע אָרקעסטערס, די יוניטס פון דער פּאָליצייִ מיט זייער אייגענעם אָרקעסטער, דער האַלב מיליאָן מענשן אַרום, וואָס זיינען געווען ממש עלעקטריזירט פון דעם פּרעכטיקן יום העצמאות פּאַראַד, וואָס תל אביב האָט נאָך אַזעלכעס ניט געזען, און די „חג־שמח׳דיקע״ שטימונגען וואָס האָבן באַהערשט די ריזיקע מאַסן, — דאָס האָט געמאַכט צו פאַרגעסן אָן דעם רעגן, וועלכער האָט זיך עטלעכע מאָל „גערייצט״ און געסטראַשעט, אַז אָט אָט, און עס וועט ווערן אַ מבול... עטלעכע מאָל האָט פּאָליא געבעטן בן גוריונען אָנטאָן די הוט, צוליבן רעגן, און ער האָט איר געפּאָלגט, אָבער אַזוי שנעל ווי עס האָט אויפגעהערט צו רעגנען, האָט ער תיכף צוריק אַרונטער גענומען, און געבליבן שטיין אין זיי מאַיעסטעטישער פּאָזע, אויפנעמענדיק די פאַרשיידענע מיליטערישע יוניטס, וואָס מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט.

דער דאַמאָלטסיקער נשיא יצחק בן צבי ז״ל איז די גאַנצע צייט געש־טאַנען מיטן הוט אויפן קאָפּ, צו דער רעכטער האַנט פון בן גוריונען, און ניט ווייט פון אים, אין פּראָנט, איז געזעסן זיין לעבענס באַגלייטערין רחל ינאית, די פּרעזידענטין, און געשמועסט שטילערהייט מיט פּאָליא בן גוריון, מיט דר. ווערא וויצמאַן — די געוועזענע ערשטע ליידי פון מדינת ישראל.

מיר האָבן באַזונדערס אָבזערווירט די יונגוואַרג, בחורים און מיידלאַך אין עלטער פון 14־1 און 16 יאָר. זיי האָבן פּשוט מקנא געווען די, וואָס זיינען שוין געווען אין מיליטערישע קליידער. זיי האָבן זיך צוגעקוקט מיט באַזונדער נייגיר, וועלנדיק וואָס גיכער אַריינגעצויגן צו ווערן אין די מיליטערישע רייען און זיך אויך ציילן צווישן די שיצער פון פאָטערלאַנד... קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן צו דענקען, אַז מדינת ישראל איז נאָך אַזוי יונג אין יאָרן... אַלץ קלאַפּט אין אוניסאָן, אַלץ איז אָרגאַניזירט, און קיין בעסערע דיסציפּלין, ווי מען האָט געזען ביים פּאַראַד פון יום העצמאות, קאָן מען זיך אפילו אין דמיון ניט פאָרשטעלן. — מיר האָבן זיך געמאַטערט זיך אַליין צו דערקלערן, ווי אַזוי עס איז מעגלעך געווען אין אַזאַ קורצע צייט צו געפינען דעם גייסטיק־מאָראַלישן אַלגעמיינעם דענאַמינאַטאָר אויסצושמידן פון יוגענטלעכע פון איבער זיבעציק לענדער אַזאַ איינהייטלעכן מיליטערישן כוח, ערצויגן אויף דער קאַ־מאַנדע פון דער העברעאישער שפּראַך, און באַלאָדן מיט אַזאַ גרויסן און טיפן

געפיל פון אחריות און דיסציפלין, געבויט אויף ליבשאַפט און מסירת נפש פאַר דער אידישער מדינה???

אַוודאי האָט ישראל איבער אַ דריטל פון איר באַפעלקערונג אין די ער־ציאונגס אינסטיטוציעס, ריכטיקער געזאָגט אַריבער זיבן הונדערט און פופציג טויזנט יוגענטלעכע, וואָס באַזוכן שולן, ישיבות, קאָלדזשעס אאַ״וו. די אַלע בתי חינוך טוען זייערע געוויינלעכע פליכט פון אויפברענגען אַ דור פון יונגע, גע־זונטע, געטרייע קינדער פון זייער פאָלק. אָבער די אַרמיי איז, לויט אונזער מיי־נונג, אפשר די בעסטע און גרעסטע ערציאונגס־אינסטיטוציע, וואָס שמעלצט צונויף אידישע יוגענטלעכע פון מאַראָקאָ מיט בחורים און מיידלעך פון פוילן, קינדער פון אַלזשיר מיט קינדער פון רומעניע, קינדער פון תימן מיט קינדער פון ליטע און ניט נאָר פאַראייניקט זיי דער מיליטערישער מונדיר, נאָר אויך די העברעאישע שפּראַך, די גרויסע אחדות און דיסציפלין, וואָס דאָס איז אפשר דער אַכטער וואונדער פון דער וועלט...

טראַכטנדיג אין טערמינען פון יום העצמאות, וועלכן מיר האָבן אַזוי גערן אָפּגעוואָרט בעת׳ן באַווך אין מדינת ישראל, כדי דורכצומאַכן די אַלע פריידן און די גייסטיקע עמאָציאָנעלע דערהויבונג, וואָס מען דערפילט אַזוי ספּאָנטאַן, האָבן מיר דורכגעלעבט שעה׳ן פון התרוממות הנפש, שעה׳ן פון נייעם נאַציאָ־נאַלן חשבון מיט זיך אַליין און מיט דער גאַנצער איבעריקער וועלט... די נביאות פון ישעיה, זכריה, יחזקאל, די גרויסע וויזיע פון עזרא און נחמיה און די גאַנצע מיטלאַלטערלעכע אידישע געשיכטע מיט אירע גזירות און ביטערע עפּיזאָדן. די תקופה פון ת״ח ות״ט, די כמעלניצקיס צייטן, די רוסישע פּאָגראָמען, דער דרייפוס און דער בייליס פּראָצעס, און די פינסטערע עפּאָפּייע אין אונזער אידישער מאַרטירער געשיכטע — דער קאָשמאַר פון היטלעריזם און נאַציזם, וואָס האָט אָוועקגערויבט כמעט פערציג פּראָצענט פון אונזער שוצלאָזן פאָלק; אויך די לאַגע פון די פאַרבליבענע דריי מיליאָן אידן - די גייסטיקע אנוסים אין רוסלאַנד און אין אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער — דאָס אַלעם האָט צוגעגעבן אַ באַזונדער אַראָמאַט און חן צום יום העצמאות, וועלכער איז דער בעסטער עדות פון אונזער נאַציאָנאַלן תחית המתים, און דערמאָנט אַז די אידישע געשיכ־טע וועט מער ניט פאַרטגעזעצט ווערן לויט יענע פינסטערע צייטן און גזירות! יום העצמאות האָט באַפרייט די אידן פון זייער אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס און זיי געמאַכט פאַר די בעלי בתים פון זייער אייגענעם שיק זאַל... עס איז איצט אָפּהענגיק נאָר פון די אידן אַליין, צו מאַכן מדינת ישראל דאָס, וואָס זי קאָן און דאַרף ווערן! בלייבענדיק אין דער דיאַספּאָרא, און וואַרעמענדיק זיך ביים סיר הבשר פון פרעמדע טישן, ווי גוט און באַקוועם עס זאָל ניט אויסזען פאַר׳ן מאָמענט, איז אַ קאַרדינאַלער טעות פון די, וואָס קאָנען יאָ עולה זיין און מיטלייסטן פאַר דער בייער מדינת ישראל. זי איז די שענסטע רעהאַבילי־טאַציע פון אונזער פאָלק, וואָס האָט אַזוי פיל געליטן און דורכגעמאַכט פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר!

זייענדיק „פאַר׳כישופ׳ט״ און באַצויבערט פון דעם יום העצמאות פּאַראַד, האָבן מיר דאָס ערינערט בעת אונזער געשפּרעך מיט בן גוריונען, ווען ער האָט קלאָר אַרויסגעבראַכט זיין געדאַנק און בליק אויף ישראל׳ס צוקונפט. ער האָט קלאָר געמאַכט, אַז :

„אונזער דור שטייט אויפן היסטאָרישן שייד־וועג אין לעבן פון פאָלק. דער אַלטער דור, סיי די יעניקע, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין לאַנד און סיי די יעניקע, וואָס לעבן דאָ שוין צענדליקער יאָרן און זענען געקומען פון די גלות־לענדער — זיי אַלע האָבן אין זיך איינגעזאַפּט דעם ווייטיק און דעם צער און די ליידן פון אַ פאָלק, וואָס איז באַרויבט געוואָרן פון זיין פרייהייט, היימלאַנד, זעלבשטענדיקייט, וואָס איז געווען אָפּהענגיק פונעם גענאָד פון פרעמדע, אָבער, וואָס האָט געצויגן זיין יניקה פון די טראַדיציעס פון דער מאָראַלישער גבורה פון אַ פאָלק, וואָס ראַנגלט זיך פאַר זיין עקזיס־טענץ, טראַדיציע, אמונה, אידעאַלן און זעלבשטענדיקייט. ביי די דאָזיקע מענטשן איז דאָ דאָס גוטע פון שעפערישע ליידן, פון בונטאַרישן פּראָטעסט, פון אַ געראַנגל, וואָס שטאַרקט, פון צופרידנקייט פון דערגרייכונגען און פון פרייד פון זיג, פון פאַרווירקלעכן די דערלייזערישע ענדערונג״.

„דער יונגער דור אָבער, וואָס איז געבוירן געוואָרן עטלעכע יאָר פאַר אָדער נאָך דעם אויפקום פון דער מדינה, האָט כלל נישט געוואוסט דעם טעם פון גלות און די ביטערקייט, שווערקייט, און די דערהויבנדיקע געראַנגלען פון דעם גלות. דער דאָזיקער יונגער דור באַציט זיך צו דער זעלבשטענדיקער אידישער מדינה ווי צו אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער און נאַטירלעכער זאַך, וואָס פאָדערן ניט קיין באַזונדערע אָנשטרענגונג״.

„דער נייער עולה האָט אָנערקענט גוטוויליק די פירער פון פאָלק און זייער מאָראַלישע אויטאָריטעט. מיט צען יאָר שפּעטער אָבער וועט דער יונגער דור זיין די מערהייט פון דער באַפעלקערונג פון לאַנד און זיי אַלע וועלן דעמאָלט שוין זיין פון אַ גלייכן „יחוס״. די פראַגע איז, ווי אַזוי וועט זיך געשטאַלטן דער גייסטיקער און קולטורעלער פּרצוף פון דעם דאָזיקן יונגן דור ?״

„די פראַגע ווערט נאָך ערנסטער צוליב אַ באַדויערנדיקן און אפשר געפערלעכן פאַקט. די מינדערהייט פון פאָלק, די אינטעליגענץ, די מענטשן פון פירנדיקע אינסטיטוציעס, סיי קולטורעלע און סיי פּאָליטישע, וואָס לייגן איצט דעם חותם אויף דער מדינה, — ביי זיי אַלע איז דאָס געבורט פון קינדער אַ קליינע. דאַקעגן ביי דער מערהייט פון פאָלק, וואָס האָט ניט באַקומען קיין בילדונג און באַזיצט ניט קיין קולטור־טראַדיציעס — ביי זיי ווערן געבוירן קינדער צוויי אָדער דריי מאָל אַזוי פיל ווי ביי די ערשטע. און די דאָזיקע קינדער וועלן אין צען יאָר אַרום אָדער אַ ביסל שפּעטער זיין דער רוב מנין און רוב בנין פון דער באַפעלקערונג אין ישראל. זיי וועלן דעמאָלט לייגן זייער חותם אויף דער מדינה און וועלן פאָרמירן דאָס גע־

שטאַלט פון פאָלק. און די גורל־פראַגע איז: וואָס פאַר אַ פּרצוף וועלן האָבן די דאָזיקע יונגע מענטשן, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין לאַנד אָדער זענען דאָ דערצויגן געוואָרן?"

„אויב מיר ווילן ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ לעוואַנטיניש פאָלק און אין אַ לעוואַנטינישער מדינה — און אַ לעוואַנטינישע מדינה וועט ניט קענען עקזיסטירן, ווייל זי וועט ניט קענען זיך אַקעגנשטעלן די לעוואַנטינישע שכנים, וואָס שטייגן זי צוואַנציק־פופציק איבער, מוזן מיר זאָרגן פאַר אַ גוטן חינוך פון אונזער גאַנצער יוגנט אָן אונטערשייד פון עדות און אָן אונטערשייד פון קלאַסן. די דאָזיקע אויפגאַבע איז ניט ווייניקער לעבנסוויכטיק ווי דאָס זיכערקייטס־פּראָבלעם, ווייל פאַקטיש איז אויך דאָס אַ זיכערקייטס־פּראָבלעם, וואָרום נאָר אין דעם פאַל ווען מיר וועלן קענען דערהאַלטן און פאַרשטאַרקן אונזער גייסטיקע און אינטעלעקטועלע העכערקייט, — וועלן מיר קענען עקזיסטירן".

„עס איז קלאָר, אַז מיר נויטיקן זיך אין דער דאָזיקער העכערקייט אויך אָן און פאַר זיך, אפילו ווען עס זאָל מאָרגן פאַרווירקלעכט ווערן די נבואה פון ישעיהו און מיכה, אַז „לא ישאו גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה"."

„עס איז ניט קיין שום ספק, אַז די דאָזיקע וויזיע וועט מקוים ווערן און אפשר ניט אין גאָר ווייטער צוקונפט, אָבער מיר דאַרפן זאָרגן דערפאַר, אַז ווען די דאָזיקע וויזיע וועט פאַרווירקלעכט ווערן, זאָל דעמאָלט עקזיסטירן אַ לעבעדיק אידיש פאָלק, און אַז אונזערע שונאים זאָלן אונז פריער ניט האָבן פאַרניכטעט. און אַזאַ זאַך קען געשען אויב מיר וועלן פאַרלירן אונזער קוואַליטאַטיווע העכערקייט".

„די אידישע מדינה דאַרף דעריבער זיך שטעלן אַלס ציל צו געבן דער גאַנצער יוגנט, סיי פון רייכן סיי פון אָרעמען, סיי פון מענטשן פון איראָפּע און סיי פון עולים, וואָס זענען געקומען פון אַפריקע און אַזיע, ניט בלויז עלעמענטאַרע נאָר אויך מיטעלע און הויכע בילדונג, און יעדער יונגער בחור און מיידל זאָל באַקומען אַן אַקאַדעמישן חינוך".

„עס איז בישטאָ קיין שום שטערונג, אַז יעדעס אינגל און מיידל אין ישראל זאָלן קענען זיך דערווערבן אַקאַדעמישע בילדונג ווען די מדינה וועט האָבן פינאַנציעלע מעגלעכקייטן זיי צו געבן אַזאַ אומזיסטע בילדונג".

„עס איז קלאָר, אַז די מדינה וועט דאָס ניט קענען מאַכן אין איין טאָג און אין איין יאָר, און אפשר אויך ניט במשך פון 10 יאָר. די באַדערפענישן פון דער מדינה זענען זייער גרויסע און אונזערע מעגלעכקייטן זענען באַגרענעצטע. אָבער די מדינה דאַרף זיך שטעלן דעם דאָזיקן ציל צו דער גרייכן שטופנווייז און מיט דער צייט. מיר דאַרפן שטרעבן דערצו, אַז דער גאַנצער יונגער דור פון ישראל, סיי דער אַרבעטער און סיי דער באַאַמטער זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו באַקומען אַקאַדעמישע בילדונג. און ווען דאָס וועט געשען, וועלן מיר זיין אַן עם סגולה און אַן אור לגוים".

ניין און פערציקסטער קאַפּיטל

# די ישראל אַרמיי און איר פאַרטיידיגונגס-גייסט

**ווי די הגנה איז שנעל פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ רעגולערע ישראל אַרמיי, מיט דריי אָפּטיילונגען — אויף דער יבשה, וואַסער און אין לופט. — די דרינגענדע נויט־ווענדיגקייט צו האָבען אַ נאַרמאַלע אַרמיי אַלס שוץ געגען די אַראַבישע שונאים. — ווי לאַנג איז דער דינסט טערמין פון מענער און פרויען. — דער אימפּאָזאַנטער איינדרוק פון אידישע טעכטער אין מיליטערישע מונדירען. — די רעזערוו אַרמיי, און איר צייט־דינסט.**

צוריקגייענדיג פון יום־העצמאות, נאָכדעם, ווי מיר האָבען צוגעזען אַ געזונטע, פרעהליכע און לעבהאַפטע ישראל אַרמיי פון אַלערליי אָפּטיילונגען, כמנהג גאָר גרויסע לענדער, און נאָכדעם ווי מיר האָבען מיט שטאָלץ צו־געזען די אידישע טעכטער אין מיליטערישע מונדירען, וואָס האָט אונז דער־מאָנט אָן דעם „אשת חיל מי ימצא״, וואָס יעדער איד זינגט מיט כוונה יעדען פרייטאָג צו נאַכטס, האָבען מיר באַשלאָסען אויסצוגעפינען אַביסעל מער פּרטים וועגען די ישראל באַוואָפענטע כוחות, וועגען דער סטראַטעגיע פון מיליטער און גאַנץ באַזונדערס — ווי גרויס איז די ראָל פון די אידישע טעכטער אין דער אַרמיי. מיר האָבען געוואוסט פון דעם שווערען קאַמף, וואָס האָט זיך לכתחילה ענטוויקעלט געגען דער מדינה טענדענץ אַריינצוציהען אידישע מיידלאַך אין מיליטער. ניט דווקא שטרענג רעליגיעזע עלטערען, נאָר אַפילו דורכשניטליכע טאַטע־מאַמעס האָבען ניט געוואָלט שיקען זייערע טעכטער אין די קאַזאַרמעס, און זען זיי אַלס פּאַקטישע זעלנער, מיט געווער און גע־העריגער מיליטערישער אויסשטאַטונג.

דאָס לעבען אין דער יונגער מדינה האָט אָבער אויסדריקלעך געפאָדערט צו האָבען וואָס מער יונגע מענשען אָרגאַניזירט אין מיליטערישע יוניטס, ווייל די געפאַר האָט געלויערט פון אַלע זייטען. די אַרמיי איז תיכף געוואָרען דער „המשך״ פון דער פריהערדיגער „הגנה״, וואָס האָט זיך פאַרמירט נאָך אין דער צייט פון דער מאַנדאַט מאַכט, כדי צו פאַרטיידיגען אידיש לעבען און אידיש פאַרמעגען, ווייל אָן אַזאַ אידישען געגען־כוח, וואָלט דאָס גאַנצע לאַנד געווען אויסגעזעצט צו כסדרדיגע געפאַרען און איבערפאַלען מצד די אַראַבישע שכנים. די אידישע אַרמיי האָט זיך צונויפגעגאָסען מיט דער גע־וועזענער אידישער בריגאַדע ביים ענגלישען מיליטער, וואָס האָט געקעמפט

צוזאַמען מיט די אַליאירטע כוחות בעת'ן 2־טען וועלט קריג. אמת, די אַראַבער האָבען בעת זייער קריג געליטען אַ שטאַרקע מפּלה, אָבער, דאָס האָט גראָד נאָך מער צורייצט זייערע „רעוואַנש"־אַפּעטיטען צו נעמען נקמה פון ישראל ביי יעדער מעגליכער געלעגענהייט. דאָס האָט געצוואונגען די ישראל רעגירונג ניט צו פאַרנאַכלעסיגען די באַוואָפנונג פון דער מדינה, און דאָס האָט געפירט צו דער געשטאַלטונג פון אַ נאָרמאַלער מיליטערישער פאַרטיידיגונגס מאַשין, כדי צו זיין גרייט פאַר יעדער עווענטואַליטעט...

די פּאַקטישע דינסט־צייט איז 26 חדשים פאַר מענער צווישען 18 און 26 יאָר, בעת פאַר מענער צווישען 27 און 29 יאָר, וועלכע מען האָט פריהער ניט גערופען צוליב פאַרשידענע סיבות, איז די צייט 24 חדשים אין מיליטער. אומפאַרהייראַטע פרויען ווערען גערופען צו דערפילען זייערע מיליטערישע פליכטען 20 חדשים, צווישען 18 יאָר און 26. די מיידלאַך, אָדער פרויען, וואָס זענען רעליגיעז געשטימט, ווערען אין מיליטער אינגאַנצען ניט גענומען. יונגעלייט, וואָס האַלטען אין שטודירען וויכטיגע וויסענשאַפטען, ווי למשל, מעדיצין, טעכנאָלאָגיע, אַגראָנאָמיע און לערעריי, באַקומען אַ „נדחה", און קאָנען זיך מעלדען צו מיליטער דינסט שפּעטער, ווען זיי האָבען שוין גראַדו־אירט זייערע שולן..

פון באַזונדער אינטערעס איז די צייט פון רעזערוו־דינסט, ווען די געוועזענע מיליטער־לייט זענען פּטור פון פליכטען, אָבער קאָנען אין געציילטע עטליכע שעה זיין ווידער גרייט צו ענטפערען אויף אַגרעסיע, און אַזוי אַרום דאַרף ניט די מיליטער־מאַכט כסדר אָנהאַלטען גרויסע צאָלען זעלנער, וואָס איז נאַטירליך פאַרבונדען מיט קאָלאָסאַלע אויסגאַבען. מענער געהערען צום רעזערוו ביז 49 יאָר, און אומפאַרהייראַטע פרויען — ביז 34 יאָר. מענער האָבען אַ פליכט צו מעלדען זיך יערליך אויף אַ חודש פאַר טרענירונג (וואָס מען פלעגט רופען אין רוסיש (פּאוטאריטעלנאיא סלוזשבאַ"), ד' ה' כדי ניט צו פאַרגעסען די איבונגען און תכסיסי־מלחמה, און דינען אַזוי ביז זייער פערציגסטען יאָר. פון 40 ביז 49 יאָר דאַרף מען דורכמאַכען אַזאַ דינסט במשך פון 14 טעג. מיליטערלייט מיט געוויסע ראַנגען, פאַרברענגען אין מיליטער נאָך אַן איבריגע וואָך.

זעלבסטפאַרשטענדליך האָט ישראל אַלע סאָרטען מיליטער — יבשה, ים און לופט, און יעדער באַזונדער צווייג האָט זיין אוניפאָרם. דער גענעראַל שטאָב איז דער העכסטער פאַקטאָר פון דער אַרמיי, און דער הויפּט פון מיליטער ווערט גערופען רב אלוף (מעידזשער דזשענעראַל). די מיליטערישע סטראַטעגיע האָט געזען זיך געצוואונגען צו שאַפען 3 באַזונדערע אָפּטיילונגען, אין מזרח־טייל, צענטראַלען געגענד און דרום־שטח. דערצו האָט יעדער באַ־זונדער ישוב זיין לאָקאַלע קאָמאַנדע.

# אידישע טעכטער אין מיליטער־מונדירן

פרויען זענען אָפיציעל פאַרטראָטען אין אַלע דריי אָפטיילונגען פון מיליטער־דינסט, אָבער ניט אַלס קעמפענדער עלעמענט, ניט פאַר עכט־מיליטערישע פונקציעס, נאָר צו קאָנען באַפרייען מענער־סאָלדאַטען פון קלענערע פליכטען, און איבערלאָזען צו זיי די פאַרטיידיגונג פון לאַנד.

דאָס מיליטער־דינסט אין ישראל איז ממש אַ נויטווענדיגקייט, ווייל מען באַקענט זיך גוט מיט דער העברעאישער שפּראַך; דאָס מיילטער שמעלצט צונויף די פאַרשידענע עלעמענטען אין דער מדינה, פאַרוואַנדלענדיג זיי אין איין אויסקריסטאַליזירטען ציבור. אַ מיליטער־מאַן קאָן ניט פאַרלאָזען די אַרמיי־רייהען, ביז ער דערגרייכט ניט אַ גרינטליכע באַקאַנטשאַפט מיט העברעאיש. מהאי טעמא איז פאַר די נייע עולים די אַרמיי די בעסטע שול און לייכטעסטער מיטעל אַריינצובורענגען אין די חדרי־חדרים פון דער שפּראַך, און ווערען אַ פולבלוטיגער בירגער אין נאַציאָנאַלען און שפּראַכליכען זין.

דער קשר צווישען דער ישראל־אַרמיי און קאָנסטרוקטיווען אידעאַליזם ווערט אַמבעסטען סימבאָליזירט דורך „נחל", וואָס פאַראייניגט מיליטער־דינסט מיט פּיאָנירען־אַרבייט. נאָך עטליכער חדשים פון אינטענסיווער מיליטערישער טריינירונג, ווערען די דערמאָנטע „נחל"־גרופּען באַשטימט פאַר איין יאָר צייט צו אַרבייטען אין לאַנדווירטשאַפטליכע קיבוצים, אָדער מושבות, וואו זיי דאַרפען אָנהאַלטען אַ מיליטערישע דיסציפּלין, כאָטש זיי סאַרנעמען גיך מיט אַגרי־קולטור ענינים.

די גרופּע „גדנא" באַשטייט אין אַ בשותפותדיגער אחריות פון מיידלאַך און בחורים צווישען 14 און 18 יאָר, וואָס זענען אויך אונטער דער השגחה פון מיניסטעריום פאַר דערציאונג און מיניסטעריום פאַר פאַרטיידיגונג. זיי ווערען מיליטעריש אויסגעשולט אַ־לאַ די באַקאַנטע סקאוטס־גרופּען, און האָבען לופט און נייווי אָפּטיילונגען. זיי האָבען פיר פאַרמס, וואו עס געפינען זיך טויזענטער יוגענדליכע, וואָס לערנען לאַנדווירטשאַפט. אַ סך פרעמדע לענדער האָבען שוין „נאָכקאָפּירט" די מעטאָדען פון די דערמאָנטע צוויי יוגענד אָפּטיילונגען, און באַמיהען זיך צוצופּאַסען זייער אייגענע יוגענד צו אַזאַ סאָרט סיסטעם פון אַרבייט צוזאַמען מיט לאַנדווירטשאַפט. . .

לאָמיר דאָ איבערגעבען אייניגע ספּעציפישע אינפאָרמאַציעס וועגען דער פרויען אַרמיי, וואָס רופט זיך פאַרקירצט „חן", און באַדייטעט חיל נשים — פרויען מיליטער. די פרויען אָפּטיילונגען האָבען זייערע אייגענע קאָמאַנדירשעס און העכערע אָפיצירען באַאַמטע, און די איצטיגע הויפּט פון דער פרויען אַרמיי, די טשיף אָוו סטעף, איז די אינגסטע פון אַלע געוועזענע פרויען הויפּט־קאָמאַנדירשעס, איר נאָמען איז סטעלאַ לעווי, אַ ספרדישע פרוי, וואָס איז געבוירען אין ישראל. זי שטאַמט פון אַ יחוס'דיגער משפחה אין איטאַליע, וואָס האָט נאָך מיט פיר דורות צוריק זיך באַזעצט אין ארץ ישראל. נאַטירליך,

האָט זי קרובים אין די אַראַבישע לענדער, ווי סיריע, לבנון א. אַ. זי איז געבוירען געוואָרען אין חיפה אויפ׳ן הר הכרמל מיט 41 יאָר צוריק, וואו זי וואוינט עד היום מיט איר מאַן, אַ באַקאַנטען אינזשיניר, וואָס פאַרנעמט זיך הויפּטזעכליך מיט דער וואַסער-געזעלשאַפט „התל״.

זי האָט זיך אָנגעשלאָסען פריהער אין דער בריטישער פרויען-הילפס-אַרמיי, און געהיים געווען אַ מיטגליד פון דער „הגנה״. די פרויען אין דער אַרמיי, ווי שוין פריהער באַמערקט, טוען ניט קיין עכט-מיליטערישע אַרבייט, נאָר העלפען באַפרייען די מענער פון געוויסע פליכטען, אַז זיי זאָלען קאָנען אָנהאַלטען די פאַרטיידיגונג פון דער מדינה. דאַריבער קאָן מען טרעפען מיידלאַך אַלס טעלעפאָניסטקעס, סאַניטאַרינס, קראַנקען-שוועסטער א. א.

פרויען אין מיליטער, אויב זיי ווילען, קאָנען פאַרבלייבען אויף שטענדיג מיט ענטשפּרעכענדע שכירות, לויט ווי די מענער.

זאָל אָבער פאַרשטאַנען ווערען, אַז פרויען אין מיליטער מאַכען אויך דורך אַ גרינטליכע מיליטערישע ערציהונג, ווי צו נוצען וואָפען בשעת הדחק, כאָטש מען שיקט זיי קיינמאָל ניט אין אָפענעם קאַמף, און אפילו בעת דער באַפרייאונגס-מלחמה, און ביי דער סועץ-אַקציע האָט מען פרויען-זעלנערינס ניט געשיקט אין קאַמף, פּשוט צוליב דער אויסרעכענונג, טאָמער פאַלען זיי אַריין אין געפאַנגענשאַפט... אַזוי ווערט געשאַנעוועט דער כבוד פון דער אידישער טאָכטער אפילו אין דער אַרמיי דינסט. אַלע אָנגעהעריגע צו „חן״ (חיל נשים) פילען זיך גליקליך, וואָס זיי האָבען זייער חלק בייגעטראָגען צו דער גרינדונג און פאַרפעסטיגונג פון מדינת ישראל, וועלכע איז נאַטירליך יעדער אידישער טאָכטער ליב און טייער, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון אויג...

ביים שלוס פון דעם קורצען איבערזיכט פון דעם ישראל מיליטערישען וועזען, ווילען מיר צוגעבען די נעמען פון די פאַרשידענע ראַנגען און טיטולען, וואָס הערשען אין דער ישראל אַרמיי, כדי דער לייענער, וואָס באַגעגענט די דאָזיגע טיטולען, זאָל זיך קאָנען לייכט אָריענטירען:

| | |
|---|---|
| טוראי ...... געוויינליכער סאָלדאַט | סגן משנה .... 2-טער לעפטענענט |
| טוראי ראשון פּריוועט פוירסט קלאַס | סגן ......... לעפטענענט קעפּטען |
| רב טוראי ........... קאָרפּאָראַל | סרן .................. קעפּטען |
| סמל ................. סערזשאַנט | רב סרן .............. מאַיאָר |
| סמל ראשון ..... סטאַף סערזשאַנט | סגן אלוף .. מאַיאָר, לעפּט. קאָלאָנעל |
| רב סמל ראשון סערזשאַנט מעידזשאָר | אלוף משנה ........... קאָלאָנעל |
| רב סמל ...... סערזש.-מעידזשאָר | אַלוף ............... בריגאַדיר |

רב אַלוף ........ גענעראַל מאַיאָר

פופציקסטער קאַפּיטל

# הרב שלמה גורן, רב ראשי לצבא ההגנה לישראל

**וואָס איז דער גייסטיגער ניוואָ פון דער ישראל אַרמיי, און וואָס שטעלט מיט זיך פאַר איר מנהיג רוחני, הרב ראשי שלמה גורן. — זיין טיפע בקיאות אין תלמוד און שאלות־ותשובות. — די גרויסע השפעה פון דער ישראל אַרמיי אויפ'ן גאַנצען ישוב. — ווען יהדות און קיום־האומה גייען האַנט אין האַנט. — הרב גורן און דער סיני־עפּיזאָד. — ווען פיזישער כוח פון אַן אַרמיי שטיצט זיך אויף גייסט און אמונה, בטחון און ישועה.**

(פון אַ לענגערען געשפּרעך מיט'ן רב ראשי אלוף גורן)

עס איז ניט קיין וואונדער, ווען מען לייענט וועגען די פאַרשידענע עפּיזאָדען און דעם הויכען ניוואָ פון דער ישראל פאַרטיידיגונגס־אַרמיי ווען מען זעהט פאַר זיך דעם גייסטיגען מדריך, דעם מורה דרך, הרב הגאון ר' שלמה גורן, וועלכער איז דער רב ראשי פון דער ישראל אַרמיי. אַליין אַ געוועזענער קוירנעל, אַ פאַראַשוטיסט, אַ סאָלדט אין שענסטען זין פון וואָרט, און אַ גרויסער תלמוד חכם, ממש אַ גאון אין תורה, און עס שפּרודעלט פון איהם אַ קוואַל פון ליכט, אַ קוואַל פון וויסענשאַפט, פון אידישער גאונות.

בלויז דאָס אָנקוקען אים פאַרשאַפט פיל פרייד און נחת רוח. אַ צויבער־חן איז אויסגעגאָסען אויף זיין פאַטריאַרכאַליש געזיכט, און עס איז אַזוי אינטערעסאַנט צוצוהערען זיך צו זיינע רייד, וועלכע שילדערען אידיש לעבען, אידישען קאַמף און די ניי־דערוואַכטע מדינת ישראל. זעלבסטפאַרשטענדליך, איז הרב גורן מערסטענס פאַראינטערעסירט אין דער אַרמיי, וועלכע ער דינט מיט אַלע זיינע כוחות און פעהיגקייטען. מיר אידען האָבען פאַר קנאַפע צוויי טויזענד יאָהר ניט געהאַט קיין אַרמיי. מיט'ן ווידערגעבורט פון מדינת ישראל, און מיט דער שאַפונג פון אַן אייגענער אַרמיי, זיינען אויסגעוואַקסען טויזענדער פראַגען, קשיות און פּראָבלעמען, ווי אַזוי רעכט צו מאַכען דאָס לעבען פון דער אַרמיי על פי תורה ווי אַזוי צו באַוואָרענען אַז יעדער פאַרטיידיגער פון לאַנד זאָל דורכגעדרונגען ווערען ניט נאָר מיט פיזישען כלי זיין, נאָר אויך מיט גייסטיגען, כדי צו קאָנען מיט אַלע פיזישע און גייסטיגע כוחות שטעהען אויף דער וואַך פון מדינת ישראל.

נאַטירליך, דער תלמוד און משנה, דער שולחן ערוך און יורה דעה, חושן משפט און אַלע אַנדערע שאלות ותשובות האָבען זיך אויסקריסטאַליזירט

נאָכ׳ן חורבן פון בית המקדש. אויב זיי האָבען דאָ און דאָרט אָנגערירט מיליטערישע ענינים, על פי תורת משה, האָבען זיי זיך ניט פאַרטיפט אין דעם פּראָבלעם, אויב אַ אידישע אַרמיי וועט געשאַפען ווערען לעתיד לבוא, ווען אַ נייע מדינת ישראל וועט אויפדאָסנײַ געבוירען ווערען... דאַריבער קומט אויס דעם רב ראשי פון דער אַרמיי צו שטודירען טיף און אַלזייטיג דעם תלמוד, זיך גריבלען אין אַן אַ שיעור ירושלמי׳ס, ספרא׳ס, תוספתא׳ס, מכילתות און אַנדערע ספרים פון שאלות ותשובות, כדי צו קאָנען גלייכשטעלען דעם היינטיגען סאָלדאַט אין דער אַרמיי מיט די גרונד־פּרינציפּען פון דער תורה.

לויט ווי הרב גורן האָט אונז געמעלדעט, איז שוין דער סידור פאַר דער אַרמיי צוזאַמענגעשטעלט פון די אַלערליי סידורים, וואָס האָבען עקזיסטירט ביי אונז אידען ביז היינט צו טאָג. אַזוי, למשל, האָט ער אויפגענומען די אַלע נוסחאות פון פריהערדיגע דורות, ביז דעם ווילנער גאון און זיין סידור, און ביז דעם נוסח האר״י הקדוש און אַנדערע נוסחאות פון די פאַרשידענע אידישע ישובים אין צפון אַפריקע, תימן, שפּאַניע אא״וו. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט איין איינהייטליכען סידור, וועלכער גיט ביז אַ געוויסער מאָס „באַרעכטיגונג״ צו די אַלע פריהערדיגע אָנהענגער פון דעם אָדער יענעם נוסח...

דאָס זעלבע איז געטאָן געוואָרען מיט דער הגדה של פסח וועלכע איז קאָמפּילירט געוואָרען פון פאַרשידענע מקורות, לענדער, געגענדען, א. אַז. וו. און עס איז אַרויסגעקומען איין טיפּ פון דער נייער הגדה וואָס שטעלט צופרידען אַלעמען.

אַלסביישפּיל פון דעם דערפאָלג, האָט הרב גורן באַמערקט, אַז די חינוך מוסדות, שולען, ת״ת און אַנדערע ערציהונגס אַנשטאַלטען, בעטען איצט, אַז מען זאָל זיי אויך געבען אַזעלכע נייע אויפלאַגעס פון סידורים און הגדות כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינצופירען איינהייטליכקייט אין נוסח התפילות. און געפינען אַ זיכערע באַרעכטיגונג פאַר די אַלע שינויים לויט דער תורה שבכתב און תורה שבעל פה.

אידישקייט און טראַדיציע איז דער הויפּט־יסוד פון דער אידישער אַרמיי, האָט באַמערקט הרב גורן אין זיין אינטימען געשפּרעך. שבת — ווערט אָפּגעהיט מיט אַלע פּינקטליכקייטען, סיידען ער דראָהט חלילה אַ געפאַר. פרייטאָג צו נאַכט איז יעדער סאָלדאַט אין זיין שוהל, אין זיין אָפּטיילונג, ווייל יעדע מיליטערישע אָפּטיילונג מוז האָבען אַ שוהל. דאָס זעלבע זעהט מען יעדען איינעם ביים עונג שבת, סיי פרייטאָג נאַכטס און סיי שבת פאַרנאַכט. עס ווערען געזונגען שבת׳דיגע זמירות, ניגונים עס ווערט גערעדט וועגען אידישע געגענשטאַנדען, און יעדער סאָלדאַט פיהלט דאַן, ווי פריי ער זאָל פריהער ניט האָבען געווען, איז ער דאָך אַן אָפּשטאַמיגער פון אברהם יצחק און יעקב... דער שבת — איז די שטאַרקסטע אינסטיטוציע אין דער אַרמיי, און זאָל דאָ באַמערקט ווערען, אַז בלויז אויף וויין פאַר קידוש מאַכען אין דער אַרמיי שטעלט צו דער בודזשעט הונדערט פופציג טויזענט פונט יערליך...

יעדער סאָלדאַט האָט זיין טלית און תפילין, זיין סידור, זיין חומש, זיין מחזור, און ביי יעדער נויטיגער געלעגענהייט קומט דער אידיש־רעליגיע־זער סענטימענט אַרויס אין פאָדערגרונד, מיט אַ תפילה, מיט אַ שבועה ביי דער תורה און מיט אַלע אַטריבוטען, וועלכע אידישקייט פאַרלאַנגט...

הרב גורן האָט בעת דעם היסטאָרישען סיני קאַמפּיין (דעם 29־טען אָקטאָבער 1956, באַגלייט די אַרמיי אויף איהר אַרויסמאַרש אין מדבר סיני, און געלייענט פאַר די סאָלדאַטען די פרשה כי תשא: „והיה בקרבכם אל המלחמה" און פאַרענדיגט מיט די ווערטער פון „אל ירד לבבכם, אל תראו, ואל תחפזו ואל תערצו מפניהם, כי ד' אלוקיכם ההולך עמכם להלחם לכל עם אויבכם להושיע אתכם" (שופטים קאַפּ. כ') און דאַן פאַרענדיגט מיט דעם לעצטען פסוק פון קאַפּיטעל ס' אין תהלים: „באלוקים נעשה חיל, והוא יבוס צרינו".

די לעצטע ווערטער האָבען דאַן אָנגעצונדען מיט דער גרעסטער התלהבות די הערצער פון די אדישיע סאָלדאַטען, און דעריבער איז דער ערפאָלג פון דיר סיני אַקציע געווען אַזוי גרויס און אַזוי שנעל... במשך פון 36 שעה איז די גאַנצע ישראל אַרמיי געשטאַנען אויף די פיס, און דאָס מיינט — דאָס גאַנצע לאנד, וואָס איז אונטער מיליטער־פליכט...

עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ אַרמיי אין דער גאַנצער וועלט — האָט הרב גורן אונטערגעשטראָכען. די מסירת נפש פון דעם אידישען סאָלדאַט לאָזט זיך גאָר ניט אין ווערטער אויסדריקען...

לאָמיר דאָ אָנגעבן איבערגעבען איניגע שטריכען פון זיין פערזענליכקייט. הרב גורן איז בסך הכל אַלט 48 יאָר, און שוין 40 יאָר, ווי ער איז אין ישראל. געבוירען אין זאמבראווע, לאָמזשער גובערניע, האָט ער פון דער פריהסטער יוגענד געאָטעמט מיט אידישקייט און תורה, ווייל זיין פאָטער הרב גאָראָנטשיק, איז געווען דער מרא דאתרא פון שטאָט. קומענדיג אין ישראל, האָט דער יונגער שלמה דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּען פון אַ חלוץ, געאַרבייט אויף די שאָסייען, געטריקענט זומפּען, געפּאַשעט שעפּסען, און איינ־געזאַפּט אין זיך אוירא דארץ ישראל... זיין משפחה איז דאַן געווען מיט איהם און זי האָט ניט אויסגעמיטען קראַנק צו ווערען אויף מאַלאַריע, ווי דער שטייגער איז דאַן געווען... דאַן האָט ער זיך אַריבערגעצויגען קיין ירושלים, וואו ער האָט געפונען אָפענע קוואַלען פון תורה, און איז גאַנץ שנעל באַוואוסט געוואָרען אַלס גרויסער בקי.

זיין אַנשליסען זיך אין דער הגנה איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1929, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פאָגראָם אין חברון, וואו אין דער ישיבה „כנסת ישראל" זענען אומגעקומען 29 יונגע בחורים גאונים וגדולי ישראל...

זעהר גיך האָט הרב גורן געשטיגען אין זיין תורה לערנען. ער איז געוואָרען באַקאַנט אַלס „עילוי", און ער האָט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט

פון הרב קוק ז״ל און הרב הג׳ עפשטיין ז״ל. ער האָט פון זיי ביידע באַקומען סמיכה.

דער ערשטער ספר, וואָס הרב גורן האָט פאַרעפענטליכט אין עלטער פון 17 יאָר איז געווען „נזר הקודש״, אין וועלכען ער האָט באַהאַנדעלט די ביאָגראַפיע און שיטה פון רמב״ם. זיין צווייטער ספר האָט געהייסען „שערי טהרה״, וואָס נעמט אַרום אַלע שאלות, דינים און אויפקלערונגען וועגען טהרת המשפחה, מקוואות, א. אַ. וו.

דער נאָמען פון דעם ליבען מענשען איז געוואַקסען פון יאָר צו יאָר, און ער איז געווען דער ערשטער זוכה צו זיין צו קריגען די פרעמיע פון הרב קוק.

אויך פון זיין פרוי׳ס צד האָט ער אַ שעהנעם יחוס. ער איז דער איידעם פון דעם באַרימטען „נזיר״ ר׳ דוד הכהן, וועלכער איז אַ טיפער דענקער און גרויסער עקספערט אין קבלה ענינים.

מיט׳ן סוף פון דער באַפרייאונגס־מלחמה אין יאָר 1948 האָט זיך הרב גורן אָפיציעל אָנגעשלאָסען אין דער ישראל־אַרמיי, און אַרויסגעוויזען קאָלאָ־סאַלע אָרגאַניזאַטאָרישע פעהיגקייטען אַלס גייסטיגער פירער. גאַנץ שנעל איז ער באַשטימט געוואָרען אַלס דער רב־ראשי פאַר דער גאַנצער ישראל־אַרמיי. ער האָט לעצטענס אַרויסגעגעבען אַ נייעם חלק פון שולחן־ערוך, צוגעפּאַסט צו די פאַרשריפטען פון דער אַרמיי. ער האָט אויך צו זיין קרעדיט, אַ גרעסערע אַרבייט וועגען דעם ווילנער גאון ז״ל.

דערמאָנענדיג די סיני־אַקציע, האָט הרב גורן דערציילט פיל פּרטים, ווי ער איז אַרויפגעשטיגען אויף דעם באַרג מיט אַ מיליטערישער אָפּטיילונג, דאָרט געבלאָזען שופר (וועגען וועלכען עס איז דאָ אַ גאַנץ באַזונדערע וואונדערליכע געשיכטע), און ערמוטיגט די סאָלדאַטען צום קאַמף.

די סיני אַקציע איז געווען און פאַרבליבען איינער פון די גרעסטע עפּיזאָדען אין דער וועלט־געשיכטע, האָט הרב גורן צוגעגעבען, און אַזוי אַרום פאַרשאַפט מיט זיין פערזענליכקייט פרייד און שטאָלץ דעם רעליגיעזען ציוניזם, וואָס עס מיינט מזרחי־הפועל המזרחי־אָרגאַניזאַציע, וועמעס געטרייער חבר ער איז. היינט טראָגט ער דעם טיטעל פון בריגאַדע־אַלוף, און זיין פּרעסטיזש וואַקסט אַלץ מער. ער איז אין די לעצטע ישראל וואַלען פאַר רב ראשי, דורכגעפאַלען בלויז מיט 3 שטימען, און הרב אונטערמאַן איז דער־ווילט געוואָרען. אָבער הרב גורן וועט נאָך זיין רב ראשי בישראל.

איין און פופציקסטער קאַפּיטל

# דער פּראַכט און צויבער אַרום ים כנרת

**דער שאָטן פון דעם ירדנ׳ישן גרענעץ עטלעכע קילאָמעטער פון דעם ים. — די אַרומיקע בערג ביים כנרת, וועלכער איז דער נידעריגסטער אָרט אין גאַנץ מדינת־ישראל. — היסטאָרישע ערינערונגען, וועגן כנרת, און פונוואַנען שטאַמט דער נאָמען. — פאַרגאַנגענהייט און געגנוואַרט. — דער ירדן, וואָס ריזלט דורך דעם כנרת, הגם זיין וואַסער האָט אַן אַנדער טעם ווי דאָס וואַסער פון ירדן.**

אין ישראל קאָן מען ניט סתם אָנקוקן מערקווירדיקייטן, נאַטור — ערשיינונגען, בערג, טאָלן, וואַסערן, בוימער, בלומען, ווי מען טוט דאָס למשל אין אַנדערע לענדער פון דער וועלט. יעדער טראָט דערמאָנט דעם באַזוכער אָן אַמאָליקע אַלטע עפּיזאָדן, היסטאָרישע פּאַסירונגען; לעגענדעס... וואו מען שטייט און וואו מען גייט, טרעט מען אויף הייליקער ערד, וואָס איז דורכגעוויקט מיט אידישער געשיכטע, מיט אידישן עבר... מען ווערט נאָך דערצו געפאַנגען פון דער אייגענער פּאַנטאַזיע, און מען קאָן ניט אָנזעטיקן דאָס אויג פון זען, און מען קאָן ניט קאָנטראָלירן דעם שטראָם פון מחשבות, וואָס וועקן זיך אויף אין האַרץ און נשמה.

מיר זענען צוגעקומען צום כנרת, וועלכער האָט זיך אַמאָל גערופן „ים הגליל״, און אַ זיסע אידיליע האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן איבער אַלע אברים... שטיל איז דער כנרת; ער איז ניט קיין ים אין פולן זין פון וואָרט, נאָר גיכער אַן אָזיערא (אַ לייק), וועמעס וואַסער שטראָמט אַזוי באַשיידן און באַוועגט זיך קוים, ביז איינצודרעמלען... אויפן געדאַנק איז אונז געקומען גאָגאָלס וואונדערבאַרע באַשרייבונג פון טייך דניעפּר, זיין פּאָעטישער אויסגוס אין פּראָזע, וועלכער האָט געשילדערט אין די הערליכסטע פאַרבן דעם שטילן לאַנגזאַמען שטראָם פון דעם טייך, זיצנדיג ביים ברעג פון כנרת האָט זיך אונז געדוכט, אַז אפשר שטראָמט ער גאָרניט, אפשר באַוועגט זיך גאָרניט זיין אויבעפלאַך, ווייל אַלץ איז אַזוי שטיל, אידיליש און טרוימעריש...

האָבנדיג געלערנט אין די יוגנד־יאָרן אין תנ״ך וועגן דעם ים כנרת, האָבן מיר זיך געגומען גריבלען אין זכרון, וואו אייגנטליך געפינט זיך דער נאָמען כנרת, און פאַרוואָס טראָגט ער דעם דאָזיגן נאָמען? באַלד דערמאָנען מיר זיך, אַז אין חומש במדבר ל״ד, י״א ווערט דערמאָנט כנרת; אויך אין יהושע י״ב ג׳, ווערט דערמאָנט כנרת, און נאָך קלאָרער און אויסגעשפּראָכענער

ווערט געבראכט אין קאפ. י״ג כ״ז „עד קצה ים כנרת, עבר הירדן מזרחה — ביז׳ן ברעג פון ים כנרת, אויף יענער זייט ירדן צו מזרח. דאס איז געווען לויט יהושע׳ס אײנטייל אין דער נחלה פון בני־גד. (יהושע י״ג).

אבער מען קאן דאך ניט זיצן לאנג און בלויז טראכטן, אדער גריבלען זיך אין זכרון; מען מוז ענדליך אונטערלענען דאס הארץ... וואס זשע עסט מען ביים כנרת? אלע טוריסטן עסן פיש, נאר וואס געכאפטע, און דער קעל־נער שטרייכט גלייך אונטער אז אלע באזוכער פארלאנגען נאר כנרת־פיש, ווייל אזעלכע פיש קריגט מען ניט אין גאנץ מדינת ישראל... האבן מיר נאטירלעך אויך געבעטן א פיש־איבערבייס, און לאמיר מגלה סוד זיין, עס האט געהאט אלע טעמים פון גן עדן... דער ים כנרת איז פון אייביקע צייטן געווען געבענשט מיט א שפע פון פיש, און ניט אומזיסט איז ער פון די גאר אלטע צייטן געווען פארפולט מיט פישער־שיפלאך, וואס פלעגן פאנגען פיש, און פירן פארקויפן... קוקנדיג אויף דער פײנטליכער גרענעץ פון די ירדנער, וועלכע ליגט אזוי נאענט צום ברעג פון כנרת, האבן מיר פארשטאנען, פארוואס עס לאקט אזוי די ירדנער אריבערצוכאפן זיך איבער דעם קליינעם מרחק פון געציילטע צענדליקער מעטער און כאפן פיש. ניט אומזיסט קומען דארט פאר פון צייט צו צייט איבערשיסונ־גען צווישן די ירדנער און ישראלים, ווייל לויט דער אפיציעלער דעמארקאציע־ליניע, ליגט דער כנרת אינגאנצן אין אידישן שטח, און קיינער האט ניט קיין רעכט אריינצודרינגען אין דער טעריטאריע צוליב אייגענע אינטערעסן, צי דאס איז פיש, אדער עפעס אנדערש. דער כנרת איז כולו ישראל׳דיג, און דער גרענעץ ציט זיך ערשט נאך דעם סוף פונ׳ם ים. ניט זעענדיק אליין מיט די אייגענע אויגן , קאן מען זיך ניט משער זיין, אז דער כנרת, וואס האט 20 קילאמעטער אין דער לענג, און ליגט 141 פוס נידעריקער פון געוויינליכן ים־פלאך, זאל זיך ענדיקן מיט נאר געציילטע מעטערס אפגערוקט פון דער ירדנ־ישער גרענעץ. אמת, עס איז נאקעטער גרענעץ, עס וויבעלט ניט און שוויבעלט ניט מיט מענשן, מיט ישובים, ווי דאס איז געווען אין די אמאליקע אלטע צייטן, ווען ארום דעם כנרת האט זיך געצויגן א קייט פון שטעט און דערפער, היינט איז כמעט אלץ וויסט און לער...

וואס אנבאלאנגט דעם אפשטאם פון נאמען כנרת, זאל ער זיך אזוי רופן צוליב דעם, וואס די אזיערע האט געהאט א פארם פון א הארף (כנור), אבער אין תלמוד זענען פאראן נאך מיינונגען, אז די פרוכט פון דעם טאל זענען אזוי זיס, ווי די קלאנגען פון א הארף...

אויף דעם מערב־ברעג פון כנרת שפרייט זיך אויס די שענע שטאט טבריה, וועלכע איז אין די אלטע צייטן געווען פארעכנט אלס גרויסער קולטור צענטער ביי אידן. בנוגע דעם פארנעם, איז טבריה פון די קלענסטע שטעט אין ישראל, אבער דערפאר האט זי א היסטארישע וויכטיקייט און א פארבינדונג מיט׳ן היינט, ווען זי איז געווארן דער אדמיניסטראטיווער און קאמערציעלער

צענטער פון גליל־התחתון. טבריה ציילט שוין אַ 25 טויזנט נפשות. היסטאָריש זאָל דער נאָמען שטאַמען פון אַמאָל געוועזענעם אימפּעראַטאָר טיבעריוס.

ווען ירושלים און יהודה זענען פאַרניכטעט געוואָרן פון די רוימער, איז טבריה געווען אין פולן בלי פון דער דאַמאָלסטדיקער קולטור, און גאָר באַזונדערס פון די פאַרטריבענע אידישע געלערנטע. טבריה האָט במשך פון יאָרהונדערטע גערינט אַלס וויכטיקער מקום תורה, און אפילו מוסולמענער האָבן זיך געוואָרימט ביי די קולטור קוואַלן אין טבריה...

צוקומענדיק צו טבריה, קאָן מען ניט אויסמיידן די הייליקע קברים פון אונזערע אַמאָליקע גדולי ישראל, און עס איז געוווּג צו דערמאָנען דעם קבר פון רמב״ם, פון רבי עקיבא, רבי חייא, זיין זון ר׳ יוחנן, רבי מאיר בעל הנס, א.א. דער שטורעם, וואָס האָט זיך איבער 125 יאָר צוריק אַראָפּגעלאָזט איבער טבריה און פאַראורזאַכט אַ שרעקלעכע ערדציטערניש האָט חרוב געמאַכט די שטאָט און די גאַנצע אומגעגנד, אָבער לאַנגזאַם איז טבריה צוריק אַרויסגעקראָכן פון אירע חורבות !...

די גרעסטע צוציאונגס־קראַפט פון טבריה ליגט נאַטירלעך אין אירע הייסע וואַסערן, די אַזוי גערופענע חמי טבריה, וואוהין עס ציען זיך ליידענדע מענטשן אויף רומאַטיזם. נאַטירלעך, האָט די ישראל רעגירונג אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו „פאַרפאָלקאָמען״ דאָס וואַסער, אַלס הייל־מיטעל, און דאָס ציט טויזנטער מענטשן פון אַלע עקן וועלט צו קומען קיין טבריה און געניסן סיי פון די הייל־וואַסער, און סיי פון דעם וואונדערבאַרן קלימאַט, וואָס הערשט אין טבריה. אגב זענען שוין לעצטנס אויפגעבויט געוואָרן אַ סך האָטעלן מיט אַלע מאָדערנע באַקוועמליכקייטן, כדי צו פאַרוואַנדלען טבריה אין אַן ערשט־קלאַסיקן רעזאָרט. דאָס דינט אגב אַלס היבשער הכנסה־קוואַל פאַר דער ישראל רעגירונג.

אַזוי זעט אויס טבריה די אַלטע שטאָט ביים ים כנרת, זי איז געבויט פון רוימישען קייזער טיבעריוס, און איז דורכגעגאַנגען פאַרשידענע תקופות זינט זי איז געגרינדעט געוואָרן. אין דער צייט פון מיטעלאַלטער האָט טבריה ניט פאַרנומען קיין באַזונדער אָרט אין אידישן לעבן, כאָטש יהודה הנשיא זאָל דאָרט האָבן מסדר געווען די משנה, און ר׳ יוחנן — דעם תלמוד ירושלמי.

זינט דעם 16־טן יאָרהונדערט ווען דער נשיא דון יוסף האָט צוריק אויפגעבויט טבריה, האָט זי אויפדאָסניי אויפגעלעבט, און געוואָרן איינע פון די 4 הייליקע שטעט אין א״י, לויט׳ן סדר — ירושלים, חברון, צפת און טבריה.

זעלבסטפאַרשטענדליך, וועט טבריה, אונטער דער באַנייטער מדינת ישראל, ווערן וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערער צענטער, סיי צוליב די וואַרימע הייל־קוואַלן, וועלכע זענען באַקאַנט אין דער גאַנצער וועלט, און סיי אַלס צענטער פון די אַרומיקע שכונות, צווישן וועלכע קרית שמואל איז פון די וויכטיקסטע.

טבריה האָט אויך אַ גרויסן „חסידישן יחוס״: דאָרט האָבן זיך באַזעצט

גרויסע חסידישע רביים, ווי ר׳ מענדעלע וויטעבסקער, ר׳ יעקב שמשון פון שעפעטאָווקא און אַנדערע.

פונקט ווי דער כנרת איז פול מיט „סודות״, מיט פאַרבאָרגענע אידיליעס, — אַזוי איז אויך טבריה, וועלכע האָט אַ זייער אַלטע געשיכטע פול מיט גילגולים, עליות און ירידות...ביידע צוזאַמען — דער כנרת מיט טבריה — וועבן אין האַרצן פאַרשידענע חלומות־זכרונות, רופן אַרויס אין דער פאַנטאַזיע היסטאָרישע עפּיזאָדן, און מען ווייסט ניט, פון וואָס פריער צו טראַכטן... דער עיקר מחשבה אָבער דרייט זיך אַרום דער האָפנונג פון אַ שלום מיט די אַרומיקע שכנים, ווען אידישע פישער־לייט וועלן קאָנען רואיק טאָן זייער ארבעט אין דעם אייגענעם כנרת, און ניט דאַרפן זיין כסדר באַוואָפנט כדי צו ענטפערן אין פאַל פון אַ שיסעריי. אויך טבריה דאַרף האָבן אַ נייע תקופה פון פעסטער זיכערהייט און מנוחה. פון די אַלע טרוימען און פאַנטאַזיעס, חלומות און מיראַזשען, קומט מען ענדליך צום סוף פסוק: דערווייל איז שלום לרשעים!...

מדינת ישראל נויטיקט זיך אין דעם לעבנס־וויטאַמין „שלום״, און די ירדנ׳ער ביים כנרת וויזן דאָס לײדער זעהר ווייניק אַרויס...

ביים ברעג פון כנרת האָט אונז אַ האָטעל אינהאָבער פון טבריה איבער־געגעבן אַ טשעקאַוון פאַקט וועגן דעם סדר לעצטן פסח אין „גלי־כנרת״. דער אָנפירער פון סדר איז געוועזן דעפּוטאַט פּנחס ראָזען, דער באַרימטער העברעאישער דיכטער און שריפטשטעלער ש. עגנון, האָט ביים סדר, ניט באַמערקט, ווי אַ קינד האָט שטילערהייט „אַרויסגע׳גנב׳עט״ דעם אפיקומן, און ווען מען האָט פאַרלאַנגט, פון אים אָפּצוגעבן די „גניבה״, (דעם אפיקומן), האָט דאָס קינד ניט אַנדערש פאַרלאַנגט, ווי עגנון זאָל לייענען איינע פון זיינע דערציילונגען, און כך הוה... ער האָט געלייענט. דאָס איז נאַטירליך אַ קליינער עפּיזאָד, איבערהויפּט ביי אַ סדר, אָבער ער כאַראַקטעריזירט די שטימונגען פון דער ישראל יוגנט און איר פאַרשטענדעניש פאַר ליטעראַטור. אגב זענען לויט די ערטער פון דעם האָטעל אינהאָבער אַלע עפנטליכע פלעצער און האָטעלן שטענדיק געפּאַקט פסח מיט טוריסטן און אייגענע ישראל תושבים. אין יעדן האָטעל איז פאַראַן אַ חזן, אַ סדר אָנפירער, און נאַטירליך, פיל געסט, וואָס האָבן נאָך קיינמאָל אַזאַ „סדר״ אין זייער לעבן ניט געהאַט...

צוויי און פופציקסטער קאַפּיטל

# פיבערהאַפטע באַוועגונג אין ישראל

**די אַנטוויקלטע נעץ פון אויטאָבוסן, באַנען, עראָפּלאַנען און שיפן אין דער מדינה. — דער פאַרשטאַרקטער „אימפּעט", וואָס האָט אַריינגעבראַכט די דיזעל מאָטאָרן אין דער טראַנספּאָרטאַציע. — די נויטווענדיקייט צו פאַרלענגערן דעם אייזנבאַן־וועג ביז טיף אין נגב, און מיט דער צייט — ביז אילת. — די „לעבנס־אַרטעריע" פון האַנדלס פלאָט פאַר עקספּאָרט און אימפּאָרט. — די צאָל שיפן, וואָס איז לעצטנס פאַרגרעסערט געוואָרן. — די פּאָרטן אין חיפה און ספּעציעל אין אשדוד, וואָס זענען פון גרויס וויכטיקייט. — די שטאַרקע און לעבהאַפטע באַוועגונג אין ישראל וואָס וועט מיט דער צייט „פאָדערן" צו בויען סאָבוועיס אין די גרויסע שטעט.**

מיר זיינען שוין לאַנג באַקאַנט אַלס „עמא־פּזיזא", אַלס פאָלק וואָס רוט ניט, וואָס באַוועגט זיך שטענדיק, וואָס איז איילענדיק און יאָגענדיק, און וואו קומט דאָס נאָך אַזוי צום אויסדרוק, ווי אין מדינת ישראל? — די קאָמוניקאַציע־סיסטעם, וועלכע איז באַזונדער שווער פאַר אַזאַ לאַנד ווי ישראל, צוליב די בערג און טאָלן, ווילדערנישן און צעוואָרפנקייט, — האָבן זיך דאָך אחינו בני ישראל אַן עצה געגעבן, און איינגעשטעלט אַ נאָרמאַלען און שנעלן פאַרקער צווישן שטעדט, דערפער, קיבוצים, מושבים, הגם דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע הוצאות און אָנשטרענגונגען פאַר דער יונגער מדינה. זיכער האָבן די מוניציפּאַליטעטן געמוזט שטאַרק אַרויסהעלפן אין דער שאַפונג פון די טראַנספּאָרט־מיטלען. מען האָט געדאַרפט גרעסער מאַכן די בודזשעטן פון די פאַרשיידענע קהילות, מאַגיסטראַטן און אויך באַנוצן זיך מיט דער רעגירונגס־הילף און הלוואות. ועל כולם האָט דאָס פאַרשלונגען זייער אַ גרויסן טייל אַרבעט, און הויפּטזעכלעך ביים איינשטעלען די פאַרשיידענע סטאַנציעס, וואַקזאַלען, פּאָרטן, לופט־פּאָרטן אָן וועלכע די מדינה וואָלט ניט געקענט האָבן אַ געהעריגען שוואונג, און דער פּראָגרעס פון לאַנד וואָלט פאַרבליבן שטאַרק הינטערשטעליק...

נאַטירלעך, קומען אויפן סאַמע ערשטען פּלאַץ די אויטאָבוסן, וועלכע פאַרבינדן די הויפּט פונקטן, סיי אין שטאָט, און סיי אין דאָרף, און גיבן אַ מעגלעכקייט צו באַוועגן זיך, און אָנגיין מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן. דער

אַרבעטער, דער באַאַמטער, דער געשעפטסמאַן און דער אינטעלעקטואל — אַלע מוזן זיך שנעל באַוועגן, ווייל ישראל איז דאָס לאַנד פון אַרבעט, עפישענסי. פאַבריקן און אָפיסעס ווערן געעפנט האַלב נאָך 7 אַזייגער אין דער פרי, און די פיל צענדליגער טויזנטער אַנגעשטעלטע, מוזן נאַטירליך קומען פינקטלעך, צו דער מינוט. דער דאָרפסמאַן איילט זיך אין שטאָט, ווייל ער מוז אויף גיך צוריקקומען אַהיים, און זיין פאַרנומען מיט זיין ווירטשאַפט, שפּיטאָלן מוזן האָבן די דאָקטוירים און נוירסעס אין צייט. דאָס גאַנצע לעבן אין ישראל איז, ווי אַ זייגער, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ, אַלץ מוז קלאַפּן אין אוניסאָן. דאַריבער איז דער פאַרקער דער ערשטער עלעמענטאַרער געברויך פאַר יעדן איינעם. מיטן אויסנאַם פון די וואָס האָבן אייגענע אויטאָ־מאָבילען, און זיינען ניט אַזוי אָנגעוויזן אויף די לאָקאָמאציע־מיטלען פון לאַנד.

אָבער ניט איבעראַל איז לייכט צוצוקומען, האָבנדיק אפילו אַן אייגענעם אויטאָמאָביל. די באַנען העלפן פיל אַרויס אין דער צווישן שטעט באַוועגונג, כאָטש בויען באַנען אין ישראל איז פאַרבונדן מיט זעהר גרויסע אויסגאַבן און שוועריקייטן. עס געניגט דער פאַקט, וואָס זינט די מדינה איז גַעבוירן געוואָרן, אין יאָר 1948, — זיינען צוגעקומען בלויז 161 קילאָמעטער אייזנבאַן אויף די הויפּט־ליניעס, און צוזאַמען מיט די פריער־דיקע 76 קילאָמעטער פון זייטיקע ליניעס, קרייץ־וועגן און שטעגן, האָבן זיי פאַרלייכטערט די באַוועגונג. אַלע פריערדיקע באַן ליניעס אין ישראל ביז׳ן יאָר 1957 האָבן געהאַט 632 קילאָמעטער, אָבער אין די לעצטע 10 יאָר איז ניט בלויז פאַרלענגערט געוואָרן די באַן קאָמוניקאַציע, נאָר אויך די סיסטעם, די אויסבעסערונגען זיינען געוואָרן פון גרויס וויכטיקייט...

ווי מען האָט אונז אינפאָרמירט, איז די גרעסטע שנעלקייט פון די באַנען ביי דער מאַנדאַט מאַכט געווען 70 קילאָמעטער אַ שעה, און די פראַכט באַנען — 50 קילאָמעטער אַ שעה. היינט קאָנען די באַנען לויפן 100 קילאָמעטער אַ שעה. איבערהויפּט זעט מען דעם פּראָגרעס פון די אייזנבאַנען זינט דער פראָקלאַמירונג פון דער מדינה. די היבשע צאָל דיזל מאָטאָרן, וואָס זיינען צוגעקומען, די 650 פראַכט וואַגאָנען פון פאַרשיידענע טיפּן, די 13 דיזל הויפּט־ליניעס לאָקאָמאָטיוון און די פאַרגרעסערטע צאָל פּאַסאַשיר־וואַגאָנען, — דאָס האָט גינסטיק זיך אָפּגערופן אויף דעם באַן־וועזן. עס זיינען שוין פאַראַן היינט קנאַפּע 10 טויזנט זיץ פּלעצער אין די וואַגאָנען, בעת ביי דער פראָקלאַמירונג פון דער מדינה, זיינען געווען בסך הכל 1138 פינף מיליאָן פּאַסאַזשירן באַנוצן זיך יערלאַך מיט דער אייזנבאַן... וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פראַכט־טראַנספּאָרט, ווערן איבערגעשיקט מיט דער באַן אַרום $2\frac{1}{2}$ מיליאָן מעטריק טאָן סחורות. דער פאַרגרעסערטער פאַרקער פון פּאַסאַזשיר און פראַכט האָט פיל פאַרלייכטערט דעם בודזשעט פון די באַנען, און זיי אַרבעטן לעצטנס כמעט אָן דעפיציטן.

אַזאַ גינסטיקער מצב האָט דערוועקט נייער פּלענער צו פאַרלענגערן די באַן ליניעס אין די קומענדע צען יאָר, איבערהויפּט האָט מען לעצטנס געאַרבעט איבער דעם פּלאַן פון דער ליניע צווישן באר שבע און דימונה: ווי זאָל מען איינשטעלן אַ בעסערע אָרדנונג, און ווי זאָל מען מאַכן די קאָמוניקאַציע־ליניע צווישן דימונה און אורון (די פאָספאַטן גרובן), וואָס וועט פאָדערן צו פאַרלענגערן אויף דאָסניי די באַן ליניע אויף 74 קילאָמעטער. די באַנען זיינען רעגירונגס־אייגנטום. די הויפּט־ליניעס ציען זיך אויף אַרום 500 קילאָמעטער לענג און די זייטיקע ליניעס האָבן אַ לענג פון 215 קילאָמעטער. דאָס איז דערמעגלעכט געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק די דיזל־מאָטאָרן, וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרן אין יאָר 1959.

רעדענדיק מיט רעגירונגס באַאַמטע, האָבן מיר באַקומען דעם איינדרוק, אַז די גרעסטע אויפגאַבע איז צו פאַרלענגערן די באַן ליניעס אין נגב, ווייל דאָס וועט פאַרלייכטערן דעם אַבזאָרבירונגס פּראָצעס פון נייע עולים און באַזוכער, וואָס ווילן זען דעם שנעלן פּראָגרעס פון נגב.

די באַן־וועגן ווערן כסדר פאַרלענגערט און פאַרבעסערט מיט יעדן יאָר. דער הויפּט וועג וואָס פאַרבינדט אילת מיט באר שבע האָט געשאַפן אַ גוטע פּערספּעקטיוו צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע, צו האָבן אַ וועג צווישן ים המלח און מיטלענדישן ים, וואָס וועט אַלעגאַריש אָנגערופן דער „ישראל יבשה־סועץ קאַנאַל".

מיר האָבן שוין פריער באַמערקט, אַז די באָסעס זיינען דער הויפּט פאַרקער־מיטל פאַר דער באַפעלקערונג. ס'זיינען שוין פאַראַן אַרום 3 טויזנט באָסעס, וואָס פירן דורכן יאָר איבער הונדערט מיליאָן פּאַסאַזשירן, בעת די פינף ליניעס וואו טעקסיס אָפּערירן, פירן איבער אַרום דריי מיליאָן פּאַסאַזשירן, וואָס מאַכן דורך אומגעפער 30 מיליאָן קילאָמעטער וועג.

האָבנדיק אַ געוויסן באַגריף וועגן די באָסעס און באַן־ליניעס, לאָמיר כאַפּן אַ בליק אויף די וואַסער־וועגן, די שיפן און פּאָרטן, וואָס פאַרבינדן ישראל מיט אַנדערע לענדער. דער האַנדלס פלאָט ווערט כסדר אויסגעבעסערט און אויסגעברייטערט. פון די געוועזענע פיר שיפן מיט זייערע 6 טויזנט טאָן אין יאָר 1948, זיינען שוין היינט פאַראַן איבער 50 שיפן, וואָס האָבן די מעגלעכקייט צו פירן אַרום 400 טויזנט טאָן פראַכט. דערצו זיינען פאַראַן זעקס וויכטיקע פּאַסאַזשיר־שיפן, 40 טראַנספּאָרט שיפן, וואָס אַ העלפט פון זיי פירט נאָר ציטרוס־פּרוכטן. עס זיינען אויך פאַראַן עטלעכע טאַנקערס. דער פאַקט, וואָס אין די לעצטע עטליכע יאָר זיינען צוגעקומען 50 שיפן וואָס קאָנען פירן 70 טויזנט טאָן פראַכט, מאַכט די לאַגע העלער און שענער. נאַטירלעך, איז די „צים" ישראל נאַוויגאַציע קאָמפּאַני למט. די גרעסטע.

נאָך איר קומט „אל־ים״־געזעלשאַפט, און נאָכהער די „עתיד מעדיטעריניען ליניעס״, וואָס זיינען צושטאַנד געקומען אין יאָר 1955.

גאָר לעצטנס איז צוגעקומען די שיף „שלום״, וועלכע האָט אַרויסגערופן פיל ויכוחים צוליב די כשרות און איין קיך. אגב האָט שוין „שלום״ דורכגע־מאַכט אַ גרויסן עקסידענט מיט אַ נאָרוועגישער שיף, און באַקומען איבער גענוג „פירסום״.

ווער גרייט צו דעם פערסאָנאַל פאַר די אַלע שיפן, די מאַטראָזן, אָפיצירן אא״וו.

דער ישראל נאוטיקאל קאלעדזש (ים שולע) אין עקרה איז אַ זעלבשטענדיקע אינסטיטוציע מיט טריינירטע אָפיצירן, אינזשינירן און טעכניקער, וואָס לייסטן סיי פאַר דעם ים פערסאָנאַל, און סיי פאַר דעם האַנדלס־ים־פלאָט.

דער האַנדלס פלאָט אָבער ענטוויקלט זיך באַזונדערס זעהר שנעל און אַ סברא, אַז פון דעם איין מיליאָן טאָן קאַרגאָ, וואָס דער איצטיקער ים פלאָט פירט במשך פון אַ יאָר, וועט אין גאָר געצעלטע עטליכע יאָר ווערן 2 מיליאָן טאָן, און זעלבסטפאַרשטענדליך וועט דאָס פאָדערן אַ פיל פאַר־גרעסערטע צאָל מאַטראָזן, אָפיצירן, אינזשינירן, טעכניקער און מעכאַניקער, און פאַרשידענע אַנדער פאַכלייט, וועלכע אַרבייטן געוויינליך ביי אַ ים־פלאָט.

דאריבער הויבט אָן צו שפּילן אַ חשוב׳ע ראָל די שול פון ים־אָפיצירן אין עכו וועלכע גרייט צו דעם נויטיקן מענשן־מאַטעריאַל פאַר׳ן ים פלאָט. איבעריק צו ערקלערן, אַז דאָס איז אַ זעהר שווערער געביט פאַר טריינינג און שטודיום.

איבערהויפּט, אַלס יונגע מדינה, האָט נאָך ישראל ניט באַוויזן צו שטאַרק אַריינצודרינגען אין די ברייטע יוגנד־שיכטן, צו שטודירן „ים־ווייסן״, וואָס גיט אַרויס נאָר אַ „תודעה ימית״, וואָס מיינט אַ ציַיגניש, אַז מען האָט דורכגעמאַכט אַ מין עלעמענטאַרן קורס אין ים קענטניש, דאָס איז נאָך ווייט ניט גענוג.

די עלטערן פאַרשטייען ווייניק דעם געביט, און זענען ניט פעהיק אויפצונעמען און אָפּצושאַצן די וויכטיגקייט פון אַ ים־פלאָט. דאָס ווייזט אויך דער צוזאַמענשטעל פון די סטודענטן אין דער ים־שולע אין עכו׳ כמעט אַ „קווער־שניט״ פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, די תלמידים ווערן אַריינ־גענומען אין עלטער פון 14 יאָר און לערנען ביז אַכצן יאָר. נאַטירליך איז די שולע ניט גענוג גרויס צו קענען אַריינעמען אַלע קאַנדידאַטן און אַקאָמאָ־דירן זיי. פיל יוגנטליכע קומען לכתחילה צוליב „ספּאָרט״־צוועקן, זען דעם

ים, לעבן אויפ׳ן ים, און באַקענען זיך מיט דעם ים־געביט. זיי שטודירן אָדער שיפס־מעכאַניק, אָדער פשוט נאַוויגאַציע, אָבער דער דאָזיקער אויסוואַל קאָן געמאַכט ווערן ערשט נאָך 2 יאָר שטודיום אין דער שולע, ווען זיי ענדיקן דעם פולן קורס, באַקומען זיי „תעודות בגרות״ (רייף־צייגנישען), וואָס איז אייגנטליך אַ פולער קורס פון אַ מיטל שולע, און דערלויבט זיי נאָכן באַפרייען זיך פון מיליטער־דינסט, שטודירן אין די אוניווערסיטעטן, כדי צו ווערן פּראָפעסיאָנעלע ים־באַאַמטע.

די אָפיצירן־ים שולע אין עכו האַלט אָן אַ שטרענגן רעזשים, און גיט די סטודענטן אַ דאָפּעלטן בענעפיט, אי אַלגעמיינעם וויסן, און אי ים־וויסן. די שולע־בנינים אין עכו זענען געבויט לויט דער לעצטער פאָדערונג פון טעכניק, אויך די דאָרמיטאָריס זענען גוט איינגעריכטעט. די אַרבייט־וואַרשטאַטן זענען פון דער בעסטער קאָנסטרוקציע. ווי מיר האָבן באַמערקט אין די סאַמע לעצטע בולעטינען פון דער שולע, זענען צווישן די 450 סטודענטן עפּעס מער ווי אַ העלפט געבוירענע אין ישראל, אַ 170 — אין מזרח און מערב איראָפּא, אַ צוואַנציק אין אַזיע, און אַן ענליכע צאָל אין אַפריקע.

דאָס ווייזט, אַז כמעט גאַנצע 90% פון סטודענטן זענען פון איראָפּע־אישן אָפּשטאַם, עס געפינען זיך אויך בחורים פון ליבעריע, וואָס מיט זיי לערנט מען אין ענגליש ביים שטודירן שיפ׳ס־מעכאַניק.

וואָס אַנבאַלאַנגט פּאָרטן, די וויכטיקסטע פּאָרטן זעט מען, אַז דער חיפה׳ר פּאָרט איז אָנערקענט פון דער מדינה און פון גאַנצן ישוב אין לאַנד, אַלס דער וויכטיקסטער, ווייל ער האָט אַ לאַנגן היסטאָרישן הינטערגרונד, וואָס ציט זיך אַזש ביז צוויי טויזנט יאָר פאַר דער היינטיקער צייט־רעכענונג. ער איז נאָך בימי מלכות יהודה געווען גוט באַוואוסט אַלס דער גרעסטער און וויכטיקסטער פּאָרט אין ארץ ישראל.

אין די לעצטע יאָרהונדערטע, ווען די טערקן האָבן גע׳באַלעבאַטעוועט איבער ארץ ישראל, האָבן זיי דעם פּאָרט פאַרנאַכלעסיקט, ניט ענטוויקלט, און דעריבער איז דער חיפה׳ער פּאָרט ביז צום ערשטן וועלט־קריג פאַרבליבן זייער פאַרלאָזן און צוריקגעשטאַנען. ערשט אין יאָר 1934 האָט די ענגלישע מאַנדאַט מאַכט אָנגענומען געוויסע שריט, און געשאַפן אַ בריק־וואַסערן, און גלייכצייטיק דערלויבט צו האַלטן שיפן נאָך אַ 3־4 וואָכן אין האַלטן קלענערע שיפלעך אין פּאָרט און פאַראַנקערן זיי אין די פּאָרט־וואַסערן. דאָס האָט אויך דערלויבט צו האַלטן שיפן נאָך אַ 3־4 וואָכן אין יאָר אין האַפן, ווען דער ים איז שטורמיש, און מען קען דאַן ניט אַרבעטן רעגולער אויף די שיפן.

בעת די אומרועו אין ארץ ישראל אין די יאָרן 1936־1939 איז דער חיפה׳ער פּאָרט געשטערט געוואָרן אין זיינע אָפּעראַציעס. דאַן האָט מען אויפגעבויט דעם פּאָרט אין תל אביב, און אַ גרויסער טייל פון דער ים־טעטיקייט איז אַריבער צום תל אביבער פּאָרט. — ווען די צה״ל האָט אין יאָר 1948 פאַרנומען יפו און די גאַנצע אויסשטאַטונג, וואָס איז פאַרבליבן פון די אַנטלויפנדיקע אַראַבער, איז דער פּאָרט געשטעלט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון דער „מאַרין פּאָרט טראַסט למט.״ — מיט פיר יאָר שפּעטער האָט די ישראל רעגירונג איבערגענומען דעם פּאָרט אין איר רשות. זעלבסטפאַרשטענדליך, זענען אין די לעצטע יאָרן געמאַכט געוואָרן קאָלאָסאַלע אויסבעסערונגען. קודם איז פיל פאַרגרעסערט געוואָרן דער שטח פון האַלטן סחורות (סטאָרעדזש). עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ מאָדערנער איבערפירונג־סיסטעם פאַר סחורות, און בכלל זיינען געמאַכט געוואָרן פיל שינויים ווייל נייע מיטלען זיינען איינגעפירט געוואָרן. דאָס האָט דערמעגלעכט דעם יפו׳ער פּאָרט צו ענטוויקלען זיך וואָס גרעסער און בעסער, און במילא האָט דאָס פיל בייגעטראָגן צו דעם פּראָגרעס פון אימפּאָרט און עקספּאָרט אין לאַנד. עס איז כדאי צוצוגעבען אַז אַרום 300 שיפן קומען אַריין יערלעך אין די פּאָרטן, הויפּטזעכלעך אין חיפה, מיט פראַכט איבער 450 טויזנט טאָן. ציטרוסן אַליין ווערן אַרויסגעשיקט איבער 2 מיליאָן קעסטלעך אַ יאָר. עס איז אויך דאָ אַ קלענערער פּאָרט פאַר שיפן ביז 3 טויזנט טאָן, ביים מויל פון נהר קישון לעבן חיפה׳ער בעי. דאָס מיינט, אַז דער פּאָרט אין חיפה צוזאַמען מיט דעם קישון פּאָרט קאָנען האָבן אַ 3מיליאָן טאָן קאַרגאָ, יערלעך, און מען האָפט צו קענען נאָך מער אויסברייטערן די ים־טעטיקייטן. וואָס איז נוגע דעם תל אביב־יפו פּאָרט, האָט ער אַ מעגלעכקייט צו דירעקטירן אַ ¾ מיליאָן טאָן יערלעך. דער נייער פּאָרט אין אשדוד, 20 מייל דרום פון תל אביב, איז נאָך אַלץ אין דער סטאַדיע פון פּאַרטיק ווערן מעגליך אין דעם יאָר וועט ער שוין אַריינעמען קאַרגאָ אַרום אַ מיליאָן מיט דריי פערטל טאָן יערלעך, און שפּעטער אַביסל — גאַנצע דריי מיליאָן טאָן, איבער ער וועט פאַרטיפערט ווערן.

דער דרום פּאָרט אין אילת ביים גאלף פון עקבא האָט לעצטנס פיל געוואונען צוליב דער ערעפנונג פון דעם גאלף פאַר ישראל בירגער, און אינטערנאַציאָנאַלן שיף־פאַרקער נאָך דער סיני אַקציע. די וויכטיקייט פון אילת, אַלס דער טויער פאַר האַנדל מיט אזיאַטישע און מזרח אַפריקאַנישע לענדער, איז היינט איינע פון די וויכטיקסטע ישראל ענטוויקלונגס אָביעקטן. אילת קאָן האָבן יערלעך איבער אַ פערטל מיליאָן טאָן פאַרקער. ישראל׳ס לופט פלאָט איז געבוירן געוואָרן מיט דער מדינה אין יאָר 1948 ווען ס׳זיינען געוועזן נאָר צוויי ציוויליע עראָפּלאַנען רעגיסטרירט. היינט האָט שוין „אל־על״ דערוואָרבן אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע, און עס זיינען שוין פאַראַן

עטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע קאָמפּאַניעס פאַר לופט־פליערייַ, וועלכע האַלטן אָן רעגלמעסיקן פאַרקער צו און פון לוד, וועלכע איז דער גרעסטער לופט פּאָרט אין ישראל. אַנדערע לופט פּאָרטן זיינען פאַראַן אין חיפה, מחניים, תל אביב און אילת, וועלכע דינען פאַר דעם אינערלעכן פאַרקער בעת תל אביב און אילת באַדינען נאָר דעם אויסערלעכן פאַרקער.

די „אל על" עראָפּלאַנען דינען אַלס פאַרקער, פון לוד און אילת מיט לאָנדאָן, פּאַריז, ברוסעל, אַטען, רוים, וויען, ציריך, מינכען, אַמסטערדאַם, ניקאָסיא, איסטאַנבול, יאָהאַנעסבורג און טעהעראַן. עס איז פון באַזונדער אינטערעס, אַז דער גרויסער סטעף פליער, משרתים וכדומה, זיינען מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, כמעט אַלע פון ישראל.

די אינערלעכע עראָפּלאַנען פאַרבינדן תל אביב מיט באר שבע און אילת. עס זיינען אויך פאַראַן קאָמפּאַניעס, וואָס פאַרבינדן ישראל מיט אַטען און ציפּערן. צווישן די אויסלענדישע לופט־קאָמפּאַניס זיינען טעטיק ט. וו. א., עיר פראַנס, אָלימפּיק, אַלטאליא א. א.

נאַטירלעך, קאָנען מיר ניט געבן מיט פולער פּינקטליכקייט דאָס גרויסע בילד פון לופט פאַרקער, דער לייענער קאָן סיי ווי זיך שאַפן אַ באַגריף וואָס מדינת ישראל האָט אויפגעטאָן אין די קורצע יאָרן פון איר קיום אויפן געביט פון קאָמוניקאַציע, סיי אויף דער יבשה, סיי אויפן וואַסער און סיי אין דער לופט... עס איז אַ וועלט מיט אַרבעט...

דריי און פופציקסטער קאַפּיטל

# דער אַנגעשטרענגטער קאַמף צו פאַרוואַנדלען מים מלוחים אין מים מתוקים

**די זאָרג פון וואַסער אין אַ סך לענדער, וואו די באַפעלקערונג ווערט שנעל פאַרגרעסערט. — דאָס שפּאָרן וואַסער, און זוכן נייע קוואַלן. דער פּראָצעס פון פאַרוואַנדלען וואַסער אין אייז, נאָכהער אין פּאַרע, ביז מען באַקומט אַנטזאַלצטע וואַסער.**

געוועזן צייטן, ווען דאָס זוכן גאָלד און אויל האָבן באַשלאָסן דעם גורל פון לענדער. אין אונזערע צייטן איז וואַסער אַ הויפּט עלעמענט, וואָס באַאומרוהיקט גרויסע פירער פון לענדער און טעריטאָריעס, ווייל זיי קאָנען זיך ניט ענטוויקלען געהעריק, און ווערן אויסגעזעצט צו פאַרשידענע געפאַרן און צוריקגעשטעלטקייט אַן גענוגענדען וואַסער.

פאַר מדינת ישראל האָט וואַסער אַן ענליכע באַדייטונג, ווי „אויל", אָן וועלכן מען קאָן ניט אַנטוויקלען וועלכע עס איז אינדוסטרי, אין גרעסערן פאָרמאַט. פאַר געוויסע קיבוצים אָדער ישובים איז וואַסער פשוט אַ לעבנס־פראַגע, הויפּטזעכליך אין די באַרג־געגענדן, וואו דער צושטעל פון וואַסער איז מער קאָמפּליצירט, ווי אין די נידעריקע און פלאַכע ערטער. דאָרט מוז מען זיך אַרויסהעלפן מיט טראָקס און אַנדערע צושטעל־מיטלען, כדי צו אַריינקריגן דאָס וואַסער אין הויז, אָדער פאַר׳ן גאָרטן...

דאַריבער איז די גרעסטע זאָרג צוצושטעלן וואַסער, אויך פאַר טרינקען, וואַשן, מען זאָל ניט דאַרפן דריימאָל נוצן דאָס זעלבע וואַסער, עטליכע מאָל און נאָכהער פאַר די הויז חיות. וויפיל וואַסער דאַרף האָבן אַ דונאַם לאַנד כדי צו קאָנען זיין פּרוכטבאַר, האָבן עקספּערטן אויסגערעכנט, אַז אַ דונאַם באַדן דאַרף 132 טויזנט גאַלאָן וואַסער יערליך, און קנאַפּע 27.000 גאַלאָן פאַר׳ן טרינקען און אינדוסטריעלע צוועקן. ווען מיר האָבן געפרעגט, ווי קאָן ישראל איינשטעלן אַזאַ אַפּאַראַט, צו „שטילן דעם וואַסער־דורשט"? — האָבן מיר באַקומען אַן ענטפער, אַז עס וועט געפּאָמפּעט ווערן וואַסער פון ירדן, צפון־צו פון דעם חולה געגענד, ביז אַ צענטראַלן וואַסער רעזער־וואואר אין גליל, וואָס קאָן אַריינגעמען אַ ביליאָן קוביק מעטער וואַסער. פון דאָרט וועט דאָס וואַסער פליסן צום דרום דורך דעם עמק יזרעאל, צו אַ נייעם צענטראַלן פּונקט, פון וועלכן דאָס וואַסער וועט געלאָזן ווערן דורך רערן אין די נויטיקע ערטער. באַזונדערס וועט דער ירקון — נגב קאַנאַל דאָ

שפּילן אַ ראָלע, און דאָס איז אַן אויפגאַבע פאַר עטליכע יאָר. דער חסרון איז, וואָס דאָס גוטע וואַסער איז גראָד אין צפון פון לאַנד, און דאָס געזאַלצענע אין דרום טייל, און עס איז אויך שווער צו זאַמלען דאָרט וואַסער. מען האָט אונז ערקלערט, אַז די איריגאַציע, דאָס אויסטריקענען געוויסע לאַנד שטחים, וועט פאַרלייכטערן דעם פּראָצעס פון צושטעלן וואַסער אין נגב.

דער ישראל באַדן בכלל איז ניט מסוגל איינצוהאַלטן לאַנג וואַסער. דאַריבער האָט מען געמוזט זוכן מיטלען, ווי צו פּרעזערווירן וואַסער. דער חשבון איז לכתחילה געווען, אַז ביז׳ן יאָר 1960 וועט מען אַרויסקריגן 1.300 מיליאָן קוביק וואַסער, און מען וועט אָנהייבן זוכן נייע וואַסער־קוואַלן. דער פּאַרדרוס איז, פאַרוואָס סיריע גייט אין שפּאַן מיט אַנדערע אַראַבישע לענדער, וועלכע „אַמפּערן זיך" איבער וואַסער, בעת זי, סיריע אַליין, האָט גאָרניט קיין געמיינשאַפטליכע גרענעץ מיט׳ן ירדן. ישראל וואַרט אָבער ניט, זי גייט אַן ענערגיש מיט איר פּלאַן, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף זיבן יאָר צייט.

ישראל פילט זעהר גוט, אַז וואַסער איז דער באַראמעטער פון דער מדינה׳ס ענטוויקלונג, איר קולטור און ציוויליזאַציע, דער וואוקס פון דער באַפעלקערונג, עקאָנאָמישער שוואונג און אַלגעמיינער ענטוויקלונג. דאָס אַלץ איז פאַרבונדען מיט׳ן סכום וואַסער, וואָס דאָס לאַנד פאַרמאָגט. אין אונזערע צייטן פאַרברויכט יעדער קולטור מענש, וואָס שטרעבט צו אַ העכערן לעבנס־ניוואָ, אַרום 200 ליטער וואַסער אין א מעת־לעת. צוזאַמען מיט׳ן געברויך פאַר מלאכה און לאַנדווירטשאַפט דאַרף מען רעכנען פינף און אַ האַלב קוביק מעטער במשך פון 24 שעה.

שווערער ווערט, ווען מען מאַכט אַ פּראָוויזאָרישן חשבון, אַז די באַפעל־קערונג פון דער וועלט ווערט אין יעדע 35 יאָר פאַרדאָפּלט, און די עקזיסטי־רענדע וואַסער־רעזורסען זענען שטאַרק באַגרענעצט; דאַריבער זאָרגן די פירער פון די לענדער וועגן נייע וואַסער קוואַלן און זוכן צו פאַרקלענערן דעם וואַסער געברויך. במילא קומט מען צום געדאַנק, ווי צו אַנטזאַלצן ים וואַסער, וואָס קאָן ווערן אַ „מלאך הגואל" פאַר פיל „דורשטיגע" לענדער... אין אַמעריקע, וואו עס פעלן ניט קיין טייכן, אָזערעס און אַנדערע גרויסע וואַסער זאַמלונגען, איז פאַרהאַן אַ ספּעציעלער דעפּאַרטמענט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט׳ן ענין פון וואַסער. אפילו אין רוסלאַנד, וואו עס זענען דאָ ריזיקע טייכן, אָזערעס, ימען און בכלל גענוג וואַסער, טראַכט מען אויך וועגן דער צוקונפט, ווי צו פאַרזיכערן די באַפעלקערונג מיט זיסן וואַסער.

ישראל איז אָבער גאָר באַזונדערס סענסיטיוו אין דער פראַגע, און האָט שוין לאַנג אונטערגענומען שריט, צו באַזאָרגן די מדינה מיט מער וואַסער. דאָס ים־וואַסער איז אַ מתנה, אויף וויפיל מען זאָל קאָנען אים ווי אַמביליגסטן אַנטזאַלצן און צופּאַסן פאַר׳ן מענשליכן געברויך. די ביז איצטיקע פאַרשונגען, אַז דורך איינפירירן דאָס וואַסער, און שפּעטער אים צוריק דערוואָרימען און דערפירן צו פּאַרע, העלפט טאַקע אין אַ גרויסער מאָס

אַרויסצוציִהען דאָס זאַלץ פון וואַסער, אָבער דאָס איז אַ גענוג קאָמפּליצירטער פּראָבלעם, ווי דורכצומאַכן די אַלערליי „מעטאַמאָרפאָזעס", ביז צו ריכטן אים אין יענע געגענדן, וואו וואַסער איז אַמערסטנס נויטיק.

ביז איצט איז פאַרענדיקט געוואָרן אין אילת דער אויפבוי פון צוויי באַזונדערע סטאַנציעס פאַר דער וואַסער־אַנטזאַלצונג. צוליב קלימאַטישע באַדינגונגען ווערט דאָרט פאַרברויכט מער וואַסער פער פערזאָן, ווי ערגעץ אַנדערש אין ישראל, דאָרט איז פיל הייסער, ווי אין צפון פון דער מדינה. מיט דער צייט וועט נויטיק זיין איינצושטעלן נאָך אַפּאַראַטן פאַר וואַסער אַנטזאַלצונג.

מיר קענען ניט אַריינגיין אין די אַן אַ שיער פּרטים פון דעם אַנטזאַלצונגס פּראָצעס, וואָס פאָדערט טיפערע וויסנשאַפט און ברייטערע אויפקלערונגס מעגליכקייטן. דער פאַקט איז, אַז די עקספּערימענטן אין אילת און אַרום תל אביב האָבן באַוויזן, אַז מען קאָן פאַרוואַנדלען ים־וואַסער אין גוטע טרינק־וואַסער, ווי אויך פאַר'ן הויז־געברויך און לאַנדווירטשאַפט.

דר. זרחין איז ניט דער איינציקער אויפ'ן געביט פון אַנטזאַל־צונגס־אַרבייט; עס איז דאָ נאָך אַ גרויסער געלערנטער, אינזשינער, א. אסדאר, וועלכער האָט זיין אייגענאַרטיגע טעאָריע וועגן אַנטזאַלצען וואַסער. דאַביי איז אויך קלאָר געוואָרן, אַז אַ ליטער ים־וואַסער אַנטהאַלט פון 35־40 טויזנט מיליגראַם זאַלץ, הגם דאָס איז ניט מאָסגעבנד פאַר אַלע ים'ען און אַלע ערטער, וואו זאַלץ געפינט זיך אין וואַסער... פאַראַן אויך ים־וואַסער וואָס ענטהאַלט נאָר 5־10 טויזנט מיליגראַם זאַלץ אין אַ ליטער וואַסער. ישראל נוצט נאַטירליך די בעסטע וויסנשאַפט מיטלען, און אפילו זון שטראַלן, וואָס ציִהען אָפּ אַלץ. אַזאַ סאָרט אַרבייט ווערט לעצטנס אָנגעפירט אין באר שבע, וואו עס זענען שוין פאַרהאַן „באַסעין־סאָלאַרניעס", געשאַפן פון ישראל־וויסנשאַפטלער דר. בלאָך און דר. תבורי.

נאַטירליך ווערט די דאָזיגע אַרבייט געשטיצט פון דער ישראל רעגירונג און וויסנשאַפטליך — פון דעם טעכניאָן אין חיפה, וועלכער שטעלט צו זיינע בעסטע עקספּערטן אויף דעם געביט...

עס האָט אונז שטאַרק געפרייט צו הערן, אַז זינט ישראל פאַרנעמט זיך מיט דעם פּראָבלעם פון וואַסער — אַנטזאַלצונג, האָבן שוין פיל לענדער זיך געווענדעט צו איר מיט בקשות צו העלפן זיי געפינען וואַסער־קוואַלן און שאַפן רעזערוואוואַרן, צו האַלטן דאָס וואַסער אַזוי לאַנג ווי מעגליך. דער באַרימטער פּראָפעסאָר לעאָ פיקארד, וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין פּראָבלעם פון רעזערווירן גרויסע קוואַנטומס וואַסער, איז דער הויפּט פון געאָלאָגיע אין העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים. ער איז אויך דער הויפּט ראַטגעבער פון „מקורות" און פיל אַנדערע קאָמפּאַניעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט געאָלאָגישע פאָרשונגען און וואַסער זוכונגען. ער איז געבוירען אין דייטשלאַנד אין יאָר 1900, שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון פרייבורג,

בערלין, לאָנדאָן און פּאַריז וואו ער האָט זיך אויסשליסליך אָפּגעגעבן מיט געאָלאָגישע פאָרשונגס־מעטאָדן. ער האָט זיינע אַלע כוחות געשטעלט צו דינסט פון דער ישראל מדינה, און האָט שוין גרויסע פאַרדינסטן פאַר׳ן לאַנד ביים מיטהעלפן אין וואַסער־אַנטוויקלונג. די „יונעסקאָ״ האָט נאָך אין יאָר 1952 אים איינגעלאַדן אַלס עקספּערט און פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע צו פאָרשן טרוקענע געגענדן, און ווי מען קאָן זיי מאַכן פרוכטבאַר. אין ישראל האָט פראָפ. פּיקאַרד שוין דערצויגען אַ יונגען דור, וואָס גיט זיך אָפּ מיט׳ן שטודיום פון געאָלאָגיע, און אייניקע פון זיינע תלמידים זענען שוין אפילו וועלט־באַרימט. בינו לבינו איז מדינת ישראל געוואָרן אַ צענטער, צו וועלכן מען ווענדעט זיך נאָך וויסנשאַפטליכער הילף אין פראַגן פון וואַסער־אַנטוויקלונג.

פּראָפעסאָר פּיקאַרד האָט שוין באַזוכט אַ צאָל לענדער, אַלס ישראל וויסנשאַפטסמאַן, און דאָס האָט דערנענטערט די אידישע מדינה צו זיי, הויפּטזעכליך מיט יוגאסלאוויע איראַן, גריכענלאַנד, בראַזיל, עקוואַדאָר, באָליוויע און ציפּערן.

אויף וויפיל ישראל׳ס וואַסער אַנטוויקלונג איז שוין פּאָפּולער קאָן באַשטעטיקן דער סאַרבאָנער אוניווערסיטעט וועלכער האָט זיך געווענדעט צו פּיקאַרד׳ן מיט עטליכע יאָר צוריק איינלאַדענדיג אים אַלס אינסטרוקטאָר צו העלפן אויסגעפינען וואַסער אונטער׳ן אויבערפלאַך פון באָדן, ווייל דאָס איז איינער פון די בעסטע מיטלען צו באַקעמפן אָרימקייט און הונגער...

חיפה׳ער טעכניאָן שענקט זעהר אַ סך צייט, מי און ענערגיע צום ענין פון וואַסער־אַנטוויקלונג, און האָט שוין פאַרצייכנט היבשע דערפאָלגען אויף דעם געביט, ספּעציעל ביים דיסטילירן וואַסער.

זיכער וועט דאָס פּראָבלעם פון וואַסער נאָך היבשע יאָרן האַלטן געשפּאַנט די ישראל רעגירונג, וועלכע מוז טאָן אַלץ, כדי צו געבן דעם נגב נייע „בלוט־אַרטעריעס״, וואָס מיינט פשוט „וואַסער״...

מדינת ישראל וועט לייזן די וואַסער־פראַגע אין פּאָזיטיוון זין, און וועט מיט דער צייט ווערן דער „פאָקוס״ פאַר אַלע לענדער, וואָס מאַטערן זיך מיט׳ן ענין פון וואַסער־מאַנגל. ישראל שטרעבט צו פאַרוואַנדלען דעם נגב אין אַ בליהענדן אָאַזיס, און מען מערקט שוין די גרויסע ענדערונגען, וואָס האָבן היינט אין געוויסער מאָס ביזגעטראָגן צו דער „פאַרגרינונג״ פון דעם גרויסן שטח וועלכער פאַרנעמט אַרום אַ העלפט פון גאַנצן ישראל־באָדן. דער נגב מוז באַקומען אַ „נשמת חיים״ ווייל ער קאָן לעבעדיק מאַכן און מיטהעלפן צו פאַרווירקליכן דעם אידישן חלום וועגן וועלכן דער „נעים זמירות ישראל״ דריקט זיך אויס: בשוב ד׳ את שיבת ציון היינו כחולמים. ישראל מוז דערמאָנען דעם ביבלישן זאָג ביי בריאת העולם: ורוח אלוקים מרחפת על פני המים...

פיר און פופציקסטער קאַפּיטל

# דער אייביקער מאַנגל אין וואַסער

**אַלע לענדער פון נאָענטן אָריענט, און פיל אַנדערע לענדער לײַדן פון טריקעניש און גרויסע היצן. — די ערנסטקייט פון דער פראַגע אין מדינת ישראל און דאָס פּראָבלעם פון אַנטזאַלצן ים־וואַסער. — די עקספּערטן און געלערנטע, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דעם ענין. — פון דזשאָנסטאָן׳ס ערשטן פּלאַן ביז דעם לעצטן אשכול־דזשאָנסאָן׳ס הסכם. — די אַרבייט פון אַלעקסאַנדער זאַרכין, פּראָפ. לעאָ פּיקאַרד, א. אַ.**

ביים מאַכן דעם באַזוך אין מדינת ישראל, האָבן מיר הויפּטזעכליך, געהאַט בכוונה „אָנצוטאַפּן דעם דופק" פון דער מדינה, אויסגעפינען די הויפּט־שוועריגקייטן, מיט וועלכע ישראל וועט זיך נאָך האָבן צו ראַנגלען לאַנגע יאָרן, כדי אַזוי אַרום זיך שאַפן אַ מער־ווייניג בילד פון דער נאָענטער צוקונפט. מיר האָבן געשאַנקען די מערסטע אויפמערקזאַמקייט צו פּראָבלעמען, וועלכע קאָנען ניט און וועלן ניט געלייזט ווערן אין קורצע חדשים, נאָר וועלן זיך ציהען היבשע יאָרן, ביז מדינת ישראל וועט ווערן אַבסאָלוט אומאָפּהענגיג פון פרעמדער הילף, און פאַקטאָרן, וועלכע קאָנען האָבן אַ דעצידירענדע ראָל אין לעבן און אין קיום פון דער מדינה.

מיר זעהען היינט, ווי די אַראַבישע פיינטליכע שכנים קאָנען נאָך אַלץ ניט רוהען, אויס מורא, טאָמער וועט ישראל אָפּציהען וואַסער פון ירדן, הגם אויף איר טעריטאָריע איז זי באַרעכטיקט צו טאָן אַלץ, וואָס עס איז נויטיק פאַר איר קיום. אויב דער נגב מוז האָבן מער וואַסער, כדי ניט צו פאַרבלייבן אַ מדבר, דאַרף ישראל זען מיט אַלע מיטלען צו קריגן דאָס נויטיקע וואַסער, וואָס איז ממש „קאָנדיציא סינע קווא נאָן" — אַ תנאי, אָן וועלכן מען קאָן זיך ניט באַגיין.

דאַריבער האָבן מיר זיך געמיט, ווי ווייט מעגליך, צו באַקענען מיט׳ן ענין פון וואַסער־מאַנגל אין ישראל, און לויט די סאַמע לעצטע אינפאָרמאַציעס, קאָנען מיר זיך טיילן מיט די לייענער, געבענדיק אַ מער־ווייניק בילד, אין וואָס דאָס פּראָבלעם באַשטייט; וואָס איז ביז לעצטנס דערגרייכט געוואָרן, און ווי זעט בכלל אויס דער „וואַסער־פּראָגנאָז" אין ישראל...

די אידישע און ניט אידישע וועלט האָט אין די לעצטע יאָרן געשאָנקן פיל אויפמערקזאַמקייט צום פּלאַן פון אינזשיניר אַלעקסאַנדער זרחין, וועלכער גיט זיך אָפּ שוין אַ קיימא לן פון איבער צען יאָר מיט׳ן ענין „וואַסער". דר.

זרחין אַרבייט די אַלע יאָרן איבערן פּראָבלעם פון אַנטזאַלצן ים־וואַסער, און מאַכן דאָס נוצליך פאַר׳ן טעגליכן געברויך צום טרינקען, און פאַר דער בעל־הבית׳ישקייט בכלל. דר. זרחינ׳ס פּלאַן האָט שוין אַרויסגערופן אַן אַ שיעור „ויסנשאַפטליכע קאָנקורענץ״, און טעכנישע שוועריגקייטן, ווייל עס פעלן ניט קיין קאַנדידאַטן, וואָס זוכן „לארבער־קרענץ״, און וואָס ווילן אויך אַביסל אנערקענונג פאַר זייערע מיטליסטונגען, איבערהויפּט, ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ וויכטיגער דערגרייכונג, ווי וואַסער... דר. זרחין האָט שוין געוואונען לאַנג צוריק די פולע אנערקענונג פון בן גוריונען, אשכול׳ן און אַנדערע פירער פון ישוב, וואָס האָבן צוגעזאָגט הילף און קאָאָפּעראַציע, אָבער האָבן דאָס צוליב פאַרטיי־„סיבות״ ניט געקענט דערפילן... עס איז שוין געקומען צו אַזאַ מצב, אַז דר. זרחין האָט פאַרלאַנגט כאָטש נאָך איין האַלבן מיליאָן דאָלאַר, נאָכדעם, ווי עס איז שוין אינוועסטירט געוואָרן אין דער אַרבייט איבער 18 מיליאָן דאָלאַר, צוזאָגענדיג, אַז מיט דעם נייעם האַלבן מיליאָן דאָלאַר וועט ער דערפירען זיין אַרבייט צו אַ זיגרייכן סוף, און אַנטזאַלצטע וואַסער וועט זיין געניג פאַר אַ ביליגן פּרייז, אין פאַרגלייך מיט עטליכע יאָר צוריק. זרחין גיט אָן, אַז אַ קוביק אַנטזאַלצטע וואַסער וועט קאָסטן ניט מער פון 4 סענט, בעת לכתחילה האָט געקאָסט 6 פונט און לעצטנס איז שוין צו־געקומען צו איין פונט...

דערווייל אַרבייטן די זרחין אַפּאַראַטן ביים ים סוף, אין אילת, אין קאָאָפּעראַציע מיט אַ גרויסער אַמעריקאַנער קאָמפּאַני, און מען פילט שוין זעהר גוט דעם פאַרביליגונגס פּראָצעס, ווען אַ קוביק מעטער וואַסער קאָסט שוין אַ זעקסטע חלק, ווי מיט יאָרן צוריק. ד. ה. אַנשטאָט 6 פונט, נאָר איין פונט. דאָך איז זרחין אַליין נאָך אַלץ אומצופרידן. אַלס אַן אינזשיניר טעכנאָלאָג, געבוירן אין אוקראַינע מיט 68 יאָר צוריק, געענדיגט דעם טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט אין לענינגראַד, און געטאָן דאָרט פאָרש און וויסנשאַפטליכע אַרבייט וועגן וואַסער, באַזיצט ער איבער צוויי צענדליק פּאַטענטן פאַר פאַרשידענע ערפינדונגען אויפ׳ן געביט פון כעמיע, פיזיק און מעכאַניק, און מערסטנס פאַר וואַסער־פאַרזיסערונג צוועקן.

און אויב ער האָט זיינע לעצטע צען יאָר אָפּגעגעבן זיך אין ישראל מיטן וואַסער־מאַנגל, איז לית מאן דפליג, אַז ער איז אַן עקספּערט אין זיין פאַך. דאָך טיילט ער דעם שיקזאַל פון אַ סך אַנדערע דערפינדער און אַנטדע־קער. ווי האָט אויסגעזען דער וועלט באַרימטער ענגלישער מאַטעמאַטיקער אַסטראָנאָם און פילאָזאָף סיר אייזיק ניוטאָן, איינער פון די גרעסטע פּיאָנערן פון וויסנשאַפט און אַנטדעקער פון דער גראַוויטעט טעאָריע? ערשט פיל שפּעטער איז ער באַרימט געוואָרן אַלס פאָרשער פון „גראַוויטעט״. זיין ווערק וועגן „ספּעקטרום״, וואָס קלערט אויף די קאָמפּאָזיציע פון „ווייסע ליכט״, און זיין שיטה וועגן געזעץ פון דינאַמיק, די קאָנסטרוקציע פון טעלעסקאָפּ, זיין אַרבייט אין געאָמעטריע און דיפערענשעל קאַלקולוס, וועלכע

ער האָט אַרויסגעבראַכט אין זיינע 2 הויפּט ווערק „די פּרינציפּיא״ און די „אָפּטיקס״ — האָבן אים ערשט דערוואָרבן דעם פאַרדינטן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון די גרעסטע וועלט־דערפינדער...

ניט פיל אַנדערש האָט אויסגעזען די מערכה פון אַ קאָפּערניק, אַ עדיסאָן, דר. בענטין (ערפינדער פון אינסולין), דר. סאַלק (ערפינדער פון פּאָליא סערום) און פיל אַנדערע, וועלכע האָבן לאַנגע יאָרן אָוועקגעגעבן פאַר זייערע ווייסנשאַפטליכע פאָרשונגען, און ווען עס איז געקומען צום נצחון האָבן זיך געמעלדעט פיל אַנדערע, וואָס האָבן געוואָלט אַביסעלע כבוד און „עולם הזה״, הגם דאָס איז „מענשליך״ און שוין לאַנג באַקאַנט... נאַטירליך רעדן מיר ניט דאָ פון אַזעלכע ריזן, ווי אַלבערט איינשטיין, דער ערפינדער פון דער 4־טער דימענשאָן, אָדער דעם דערפינדער פון אינסולין, וואָס ראַטעוועט טויזנטער לעבנס יעדעס יאָר, און פיל אַנדערע, ווייל דאָס גייט ניט אַריין אין דער ראַם פון אונזער בוך. מיר פאַרצייכענען הויפּטזעכליך דעם שווערן פּראָבלעם פון וואַסער אין ישראל, צוליב וועלכן עס איז ניט אויס־געשלאָסן אפילו אַ קריג מיט די אַראַבישע פּאָליטישנס, וועלכע ווילן זעען אין דעם ירדן וואַסער־פּראָיעקט אַ געלעגנהייט אָנצופאַנגען אַ מלחמה קעגן ישראל.

די אַראַבישע שכנים שאַרפן שוין די ציין זינט דעם יאָר 1954, ווען פּרעזידענט אייזענהאַוערס ספּעציעלער שליח, עריק דזשאָנסטאָן, איז געשיקט געוואָרן צו פאַרהאַנדלען מיט די רעגירונגען פון ירדן, סיריע, לבנון, און ישראל וועגן דער ענטוויקלונג פון די באַוואַסערונגס־פּלענער און די הידראָ־עלעקטרישע קוואַלן אינ׳ם ירדן־טאָל. צו יענער צייט איז די באַזע פאַר דעם פּלאַן געווען אַן אויספאָרשונג פון די אָנפירער מיט דער פאַרוואַלטונג פון „טענעסי טאָל״ אין אַמעריקע, ווי אַזוי אויסצונוצען דאָס וואַסער פון ירדן טייך אויף דער באַזע פון אַ „רעגיאָנאַלער פאַרוואַלטונג״. עריק דזשאָנסטאָן האָט דעם פּלאַן גוט תופס געווען, און אפילו לעצטנס איז ער נאָך אַלץ אַקטועל. פּרעזידענט דזשאָנסאָן האָט ביים אויפנעמען דעם ישראל פּרעמיער לוי אשכול, אויך באַהאַנדלט דער ענין פון ירדן־וואַסער, לויט דזשאָנסטאָנ׳ס פּלאַן.

דער תמצית פון די געשפּרעכן סוף יאָר 1953, איז געווען אויפצובויען אַ ווערק, וואָס זאָל קאָנען באַוואַסערן איבער אַ מיליאָן דונאַם לאַנד, און עס וואָלט געקאָסט דאַן 121 מיליאָן דאָלאַר. פּרעזידענט אייזענהאַוער האָט דאַן אָנגענומען דעם פּלאַן, און אויך זיין אויסערן מיניסטער מר. דאָלעס, וואָס איז געווען אַ קנאַפּער „אוהב ישראל״, האָט צוגעשטימט, ווייל דער פּלאַן האָט געזאָלט לייזן 3 קאַרדינאַלע פראַגן, וועלכע זענען נאָך עד היום ניט געשליכטעט. דער דזשאָנסטאָן־פּלאַן האָט געזאָלט קאַטעגאָריש פעסשטעלן די רעכט פון די אַראַבישע מדינות און ישראל, און יעדערנס חלק אין דעם וואַסער פון ירדן. דערמיט וואָלט געוואונען געוואָרן אַ גוטער אגראַר־באָדן פאַר 300 טויזנט אַראַבישע פּליטים. עס וואָלטן פיל פאַרבעסערט געוואָרן די

עקאָנאָמישע באַדינגונגען און ענטוויקלונגס־אונטערנעמונגען, און וואָלט פיל פּאַרקלענערט די געגנערשאַפט און די גרענעץ־קאָנפליקטן, איבערפאַלן, שיסע־רייען, און אַנדערע פיינטליכע שריט צווישן ישראל און די אַראַבישע לענדער. דירעקט און אינדירעקט וואָלט אַזאַ צושטאַנד מיט דער צייט געפירט צו אַן אויסגלייך צווישן ישראל און די שכנים־אַראַבער.

לויט'ן דאַמאָלסטיקן באַריכט פון מר. דזשאָנסטאָן, האָט דער פּלאַן געפונען אַ גאַנץ וואַרימען אָפּרוף אין די אַראַבישע לענדער, אַלס „אַ געזונטן און קאָנסטרוקטיוון צוגאַנג צו איינער פון די ברענענדיקסטע פראַגן אין דעם ראַיאָן". אמת, דזשאָנסטאָן האָט ניט פאַרקוקט און ניט איגנאָרירט די אַראַבישע רעזערוואַציעס, ווייל די אַראַבער האָבן אויך דאַן געמאַכט זייערע אויסזעצונגען, אַז זיי ווילן ניט דירעקט פאַרהאַנדלען מיט ישראל, כדי ניט צו באַשטעטיקן איר מדינה־עקזיסטענץ און אַנערקענען זי אַלס צד... די אַראַבישע מדינות האָבן דעם פּלאַן אָפּגעוואָרפן נאָך אַ קורצער צייט, אָבער דזשאָנסטאָן האָט אַלץ זיך געלעגט פייגעלאך אין בוזים אַז ער וועט דעם פּלאַן רעאַליזירן, דורך ניט אונטערשרייבן אַ דירעקטן אָפּמאַך מיט די אַראַבער. דער דאָזיגער פּלאַן וואָלט געקאָסט הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, און די אַראַבער וואָלטן באַקומען פולע צוויי דריטל פון דעם סכום וואַסער. עס האָט אויסגעזען העכסט גינסטיג פאַר זיי און זיי וואָלטן מעגליך אים שפּעטער אַקצעפּטירט...

זעלבסטפאַרשטענדליך, איז דער פּונקט פון פאַרטיילן דאָס וואַסער געווען דער סאַמע וויכטיקסטער. דריי טייכן זענען דאַן געקומען אין באַטראַכט: דער ירדן, ירמוק און ים־כנרת, וואָס וואָלטן געגעבן אַ מעגליכקייט אַרויס־צוציהען פון זיי יערלאַך ביז אַ מיליאָן קוביק מעטער וואַסער. דער דזשאָנ־סטאָן פּלאַן האָט פאַראויסגעזען פאַר מדינת ישראל נאָר אַ 400 מיליאָן קוביק מעטער, אָבער מיט דער צייט וואָלט מען זיך מעגליך איינפאַרשטאַנען.

מען קאָן ניט זאָגן, אַז ישראל איז געווען העכסט צופרידן מיט אַזאַ וואַסער־חלוקה, אָבער זי וואָלט אים אָנגענומען מפני דרכי־שלום, ווייל אַמעריקע האָט דאַן אַרויסגעוויזן אַן אויפריכטיקן צוגאַנג צו דער פראַגע, און דאָס האָט געמיינט אַז מען קאָן „ווייכער מאַכן" שווערע אָנגעלאָדענע הערצער און דערפירן לאַנגזאַם צו אַ פאַרשטענדניש...

ווען מיר האָבן אויסגעהערט די דאָזיגע מיינונגען פון איבער צען יאָר צוריק, האָבן מיר אויך שטילערהייט מסכים געווען צו יענעם פּלאַן, ווייל די אָרימע אַראַבישע פּליטים וואָלטן געפונען נייע מעגליכקייטן פאַר עקאָנאָ־מישער ענטוויקלונג, און וואָלטן נאָכגעלאָזן פון זייערע אויפגעשרויפטע טענות ומענות קעגן אימפּעריאַליסטישע געגנזאַצן און נאַציאָנאַליסטישער קאָנקורענץ... מדינת ישראל, גלויבנדיק, אַז די אַראַבישע מאַסן וועלן ענדליך אָננעמען דעם העכסט גינסטיקן פּלאַן פאַר זיך, האָט בנסתרים מסכים געווען צום קלייגעם סכום וואַסער, וואָס דער פּלאַן האָט פאַראויסגעזען, אָבער גענומען זוכן אַנדערע

וועגן, ווי אַזוי צו באַקומען מער וואַסער. ישראל האָט איבערגעפירט דעם אויסגאַנג פונ׳ם וואַסער־ווערק פון דעמיליטאַריזירטן געביט צו די ברעגן פון ים כנרת, כאָטש די אַראַבער האָבן אָנגענומען אַ שטרייט־פּאָליטיק קעגן ישראל פאַר איר אייגנאַרטיקן פּלאַן... ישראל האָט אין פּרינציפּ ניט געצילט צו ענדערן דעם דזשאָנסטאָן פאָרשלאַג, נאָר געוואָלט אויסנוצן איר אַקוואַדוקט (וואַסער צושטעל), איינטיילן אים אויף איר אייגענעם לאַנד־מאַסשטאַב, ד. ה. ריכטן מער וואַסער דאָרט, וואו עס איז געווען מער נויטיק, און ווייניקער — וואו ווייניקער נויטיק, אָבער אַלץ לויט דזשאָנסטאָנ׳ס פּלאַן.

דער אויפבוי פון אַקוואַדוקט, וואָס האָט געזאָלט דינען אַלס וואַסער־צוטייל־צענטער צווישן די אַלע לענדער, האָט געדאַרפט ברענגען וואַסער פון גליל צום נגב. נאַטירליך איז אויפגעבויט געוואָרן איינע פון די גרעסטע און קאָנסטרוקטיווסטע ווערק, וואָס זענען היינט פאַרהאַן אויף דער וועלט. עס האָט געזאָלט הייסן, אַז קאָלאָסאַלע פּאָמפּעס וועלן שעפּן דאָס וואַסער פון כנרת און פירן צו אַן אָפּענעם קאַנאַל, וואָס הויבט זיך אָן אין גליל התחתון און ציט זיך אויף אַ שטרעקע פון 16 קילאָמעטער לאַנג. פון דאָרט וועט דאָס וואַסער אַריינפליסן אין אַ גרויסן באַסעין אין עילבון (אילאוואַן), און נאָכהער וועט דאָס וואַסער ווידער געריכטעט ווערן צו די פּלעצער, וואו עס איז באַשטימט געוואָרן. נאַטירליך, איז דאָס געווען אַ ריזיקער פאַרמעסט סיי פון טעכנישן און סיי פון וויסנשאַפטליכן שטאַנדפּונקט. ישראל האָט אינוועסטירט אַרום אַנדערטהאַלבן מיליאָן דאָלאַר אין דעם אַקוואַדוקט, ווייל דאָס איז געווען אַ לעבנס־פראַגע פאַר איר. און זי האָט זיך ניט צוריקגעהאַלטן פאַר קיין שום אויסגאַבע זעהענדיק אין דעם וואַסער אַן עקזיסטענץ מעגליכקייט, ממש דאָס „בלוט פון אָרגאַניזם״ לויט ווי לוי אשכול האָט זיך לעצטנס אויסגעדריקט פאַר פּרעזידענט דזשאָנסאָן בעת זיין אויפנאַמע אין ווייסן הויז.

דאָס איז אגב געווען אַ שאַפונג פון הויכן ציוויליזאַטאָרישן כאַראַקטער, און מיר קאָנען ניט באַגרייפן, ווי אַזוי די אַראַבישע פּאָליטישנס האָבן דעם 12־טן סעפּטעמבער 1964 אויף זייער קאָנפערענץ אין אַלעקסאַנדריע, באַש־לאָסן אָפּצוציהען דאָס וואַסער פון ירדן, און שטערן אין דעם ישראל פּלאַן, וואָס איז ממש אַ וואונדער־ווערק פון הויכער ציוויליזאַציע קולטור, און וויסנשאַפט? ישראל האָפט דאָך צו פאַרענדיקן איר אייגענעם הונדערט מיליאָן דאָלאַר פּלאַן וועגן פּאָמפּען וואַסער פון ים, אין וועלכן דער ירדן פאַלט אַריין און דורכזעצן איר גרויסן רעקלאַמאַציע פּראָיעקט, דורך שאַפן מער לעבן און ענערגיע אין נגב. די אַראַבישע דראָהונג אַז דאָס וואַסער באַלאַנגט ניט צו ישראל, און דאָס אָפּציהען וואַסער פון ירדן קאָן פירן צו אַ צוזאַמענ־שטויס מיט ישראל ווערט ניט גענומען אין באַטראַכט. די אַראַבער האָבן זייער אַלטן שטאַנדפּונקט, אַז וואָס מער לאַנד עס ווערט איריגירט, אַלץ מער אידן וועלן אַריינקומען אין ישראל, און דאָס איז נאַסער׳ס איינציקער „פּחד״: — „יהודים עליך, מצרים״! נאַסער האַלט דעם וואַסער־פּראָבלעם אַלס מיטל

צו קענען קאָנצענטרירן אַלע אַראַבישע לענדער אונטער איין לאָזונג, פון שנאה צו מדינת ישראל, הגם מיט אַלע זיינע ביטרע שטיק און מיט דער גרויסער הילף פון סאָוועט רוסלאַנד, איז נאָך אַלץ אַ פראַגע, צי ער וועט וואַגן אָנצופאַנגען אַ קריג מיט ישראל, נאָכדעם, ווי ער איז שוין צוויי מאָל ביטער געשלאָגן און ענטוישט געוואָרן... אגב איז נאָך ישראל ניט קיין „יתום"! דעמאָקראַטישע לענדער מיט אַמעריקע בראש וועלן ניט דערלאָזן חרוב צו מאַכן די אידישע מדינה, וועלכע איז דער פערל פון מיטל מזרח, איז אַ ריזיקער קוואַל פון וויסנשאַפט און פאָרשונג, און איז ניט גרייט, אונטער קיינע אומשטענדן, אויסצובייטן איר „מדינה רענדל" אויף אַן עמבלעם פון קאַרל מאַרקס, לענין און סטאַלין... ישראל וועט זיך אויך ניט אָפּשרעקן פאַר אַן אַראַבישער דראָהונג פון שאַפן אַ גרויסע אַרמיי קעגן איר, לויט ווי דאָס איז אָנגעקינדיגט געוואָרן אויף דער זעלבער קאָנפערענץ אין אַלעקסאַנדריע. באַקענענדיק זיך אין ישראל מיט דער סיטואַציע וואָס וואַסער מיינט פאַר איר, און אַז פאַרהאַלטן דאָס וואַסער מיינט פאַראורטיילן זי צו לאַנגזאַמער ירידה, האָבן מיר געצויגן בשעתו אונזער קאָנסעקווענץ (נאַטירליך פיל פריער, ווי די לעצטע קאָנפערענץ אין אַלעקסאַנדריע), אַז קיין שום וואָרנונג קאָן ניט ווירקן אויף ישראל, וועלכע מוז האָבן אַ פרייען אָטעם, און דאָס מיינט פאַרהעלטניסמעסיג גענוג וואַסער, אָן וואָס איר קיום איז פאַראורטיילט צו וועגעטאַציע!

די גאַנצע וועלט, איינשליסענדיג אפילו סאָוועט רוסלאַנד, וועט ניט קאָנען אַזוי מאָראַליש שטאַרק זינקען, ביז ניט דערלאָזען אויפצולעבן מדבריות, וואו זיי זאָלן ניט זיין, און אַריינברענגען אַהין פריש לעבן, טעטיג־קייט, ענערגיע און מענשליכען זשעני. דאָס וואָלט געווען דער גרעסטער באַנקראָט פון ציוויליזאַציע, און אַזוי ווייט געפאַלן איז נאָך די וועלט ניט!!! רוסלאַנד מעג פאַרקויפן עגיפּטן און אַנדערע אַראַבישע לענדער וואָפּען, אויסלייהען אירע טעכניקער, אינזשינירען, שיטן גאָלד פאַר דער אסוואַן דאַמבע און אַלע אַנדערע חנ'עוודיקע מעשים, — אָבער זי וועט ניט וואַגן אַרויסצוקומען מיט וואָפן קעגן אַ מדינה'לע, וואָס זוכט איר בידנע עקזיסטענץ דורך הייבן איר אייגענעם לעבנס־סטאַנדאַרד, און צוריקברענגען אירע קינדער פון אַלע גלות'ן, וואו זיי זענען אויסגעזעצט צו כל ערליי רדיפות, שיקאַנעס און בלוטיקע אַרויסטריטן.

מיר דערמאָנען דאָ אויך די „הוספה" צו דער 1964 פּראָגראַם פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישער פאַרטיי קאָנווענשאָן פאַר דער דערוויילונג פון אַ נייעם פּרעזידענט. די דעמאָקראַטישע פּלאַטפאָרמע האָט גוטגעהייסן דעם אָפּמאַך צווישן ישראל און אַמעריקע וועגן דער אַטאָמישער אַנטזאַלצונג פון ים־וואַסער, און אויך דעם צוזאָג פון יאָר 1960 צו אַרבייטן פאַר ישראל־אַראַבישן שלום, וואָס דאָס האָט ניט דערלאָזט צוצושטערן דעם וואָפן־באַלאַנס צווישן ישראל און דעם אַראַבישן צד. די „הוספה" צו דער פּאָליטישער

פלאַטפאָרמע ערב די פּרעזידענט וואַלן האָט קלאָר געמאַכט אַז די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַנטשלאָסן צו העלפן ברענגען די רעוואָלוציע אין דער טעכנאָלאָגיע פון וואַסער אַנטוויקלונג, כדי צו העלפן די טרוקענע געגענטן אין מיטעלען מזרח".

די צוגאָב ערקלערונג צו דער דעמאָקראַטישער קאָנווענשאָן־פּראָגראַם, איז געווען אַ מין אָנדייטונג, אַז זי וועט ניט „אויסליפערן מדינת ישראל צום ווילקיר פון נאַסער'ן און זיינע אַרויסהעלפער.

עס איז בלויז אַ האַרצווייטאָג, וואָס אַזאַ לעבנס „עלעמענט", ווי וואַסער, דאַרף מעגליך זיין אַ סיבה, וואָס קאָן פירן צו זעהר אומאַנגענעמע שריט מצד די אַראַבער, כאָטש ישראל איז גרייט צו יעדער צייט אָפּצושלאָגן אַן אַטאַקע און באַשטיין אויף אירע פולע סואווערענע רעכט צו לעבן און עקזיסטירן, און דאָס מיינט צו געווינען דעם „וואַסער־קאַמף" וועלכער איז אַ פול־באַרעכטיגטער פון אַלע שטאַנדפונקטן. די מאָדערנע וויסנשאַפט קאָן דאָס אַמבעסטן באַשטעטיקן, ווייל דאָס איז אַן ענין פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און יושר, אַז מען זאָל יעדן אינטש באָדן, אויסנוצן לטובת דער באַפעלקערונג, וואָס נויטיקט זיך אין דעם, און גלייכצייטיק פאַרבעסערן איר אַגריקולטור־ווירטשאַפט, און הויבן דעם ניוואָ פון דער אינדוסטרי און שאַפונגס־קראַפט.

פינף און פופציקסטער קאַפּיטל

# ווי גרויס איז דער מיסיאָן געפאַר אין ישראל

**אַלטע סיבות, וואָס דערמוטיקן עלטערן איבערצוגעבן זייערע קינדער צו דער „השגחה" פון מיסיאָנערן. — וויפיל קינדער געפינען זיך אין די מיסיאָנערישע שולן, קינדער־היימען און בכלל אונטער זייער אויפזיכט. — די איינגעוואָרצעלטע אידישע געגנערשאַפט צו מיסיאָנערישער טעטיגקייט, און ספּעציעל וועגן בייטן רעליגיעס. — די גרויסע אומצופרידנהייט פון די מיסיאָנערן, ווען זיי געלינגט ניט צו פאַנגן אידישע נשמות.**

דער באַגריף פון מיסיאָן, וואָס צילט צו פאַנגען אידישע נשמות, איז אייגענטליך אַן ערפינדונג פון די ענגלענדער, כאָטש עס זענען נאָך פיל פריהער געווען תקופות, ווי, למשל די שפּאַנישע אינקוויזיציע, ווען מען האָט געקענט אויסקויפן דאָס לעבן דורך שמד און באַהעפטן זיך מיט קריסטענטום. באַזוכענדיק מדינת ישראל האָבן מיר אין פיל באַגעגענישן, סיי מיט געזעל־שאַפטליכע טוער, און סיי מיט פּשוט'ע בירגער פאַרפירט שמועסן וועגן דער געפאַר פון מיסיאָן. מיר האָבן געוואָלט הערן דעם דעת הקהל וועגן דער אַנגעוויטאָגטער פראַגע, וויסנדיק, ווי די גאַנצע אידישע פּרעסע אין חוץ־לארץ באַשעפטיקט זיך זעהר אָפט מיט דעם ענין, און ברענגט אַרויס ביטערע געפילן פון כעס און פאַרדרוס, פאַרוואָס זאָל אין דער יונגער אידישער מדינה, וואָס איז כולו ישראל, זיין פאַלן פון אָפּ'שמד'ען קינדער, און אַמאָל אויך דערוואַקסענע...

מיר האָבן געוואוסט, אַז אין איראָפּא פלעגן מיסיאָנערן פאַנגען אָפט מאָל יונגע מענשן, וועלכע האָבן געזוכט אַ קאַריערע, און אַלס אידן האָבן זיי דאָס ניט געקענט קריגן. געווען טויזענטער פאַלן, ווען מיסיאָנערן פלעגן זיך פאַרנעמען מיט מסירות אויף אידן און אַזוי אַרום פאַנגען דאָ און דאָרט אַ אידישע נשמה, כדי ריינצעוואַשן זיך פון שולד, און אַזוי אַרום האָט זיך דער ענין „שמד" געהאַלטן אויף גאַר שוואַכע יסודות, און מיסיאָנערישע טעטיגקייט האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין גרויסע מזל ברכה... נאַטירליך זיינען אויך געווען ראָמאַנטישע סיבות אין אַלע צייטן וואָס האָבן געפירט צו **שמד!**

עס איז אַ פאַקט, אַז אַ סך מלוכות האָבן אַרויסגעוויזן געגנערשאַפט צו

פראָפעסיאָנעלע מיסיאָנערן, ווייל די רעזולטאַטן זענען געווען זעהר מאָגערע, די הוצאות פון אַריינברענגען אַ איד אונטער די פליגל פון קריסטענטום, זענען געווען שרעקליך גרויסע, אַזוי אַז פון פינאַנציעלן שטאַנדפונקט האָט דאָס פשוט ניט געלוינט... לאָמיר זאָגן, אַז מיסיאָנערן אין ענגלאַנד, וועלכע האָבן געאַרבייט „אָווערטיים״ כדי צו כאַפּן אַ אידישע נשמה, און נאָך היבשע יאָרן האָבן זיי קוים אָפּגע׳שמד׳ט אַ פּאָר צענדליק אידן, מענער און פרויען; איז וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס געקענט האָבן? מיר שטעלן זיך אָפּ הויפּטזעכליך אויף ענגלאַנד, וועלכע איז אַלע מאָל געווען דאָס לאַנד פון דער ביבעל, און וואו מען האָט זיך איינגעשמועסט, אַז ג־ט׳ס קינגרייך אויף דער ערד וועט קומען ווען אידן וועלן דורכגענומען ווערן מיט׳ן גלויבן אין יעזוס׳ן אַלס דעם משיח. דאַן וועט ג־ט צונויפקלייבן זיין עם הנבחר (די אידן) אין הייליקן לאַנד, וואו עס וועט אויפגעבויט ווערן די מלכות ישראל...

דער דאָזיקער צוגאַנג איז שטאַרק פאַרשפּרייט און אָנערקענט געוואָרן אין די ענגלישע קרייזן, און דאָס האָט דערמוטיקט די מיסיאָנערן אָנצוגיין מיט זייער שמד־טעטיגקייט. איבער הויפּט איז דאָס געווען ביים סוף פון קאַמף קעגן נאַפּאָלעאָנען, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע מיסיאָנערן־געזעלשאַפט, לויט דער איניציאַטיוו פון אַ אידישן משומד יוסף שמואל כריסטיאַנא פרעי, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1808, און האָט געהאָלפן שאַפן „די לאָנדאָנער סאָסייעטי צו פאַרשפּרייטן קריסטענטום צווישן אידן״. דער הויפּט־ציל איז געווען דער זעלבער, וואָס ווערט אויך היינט פּראַקטיצירט, הגם מיט איבער אַ 150 יאָר שפּעטער, נעמליך: זיך אָפּגעבן מיט „רחמנות״־געפילן, באַזוכן קראַנקע, העלפן בויטליידענדע, שפּייזן זייערע קינדער, געבן זיי אַ שוך, אַ קלייד, דערוואַרעמען זיי אַביסל, און אַזוי אַרום אַריינקריגן זייערע נשמות אין דער ספערע פון קריסטענטום... נאַטירליך, האָט מען געפּרעדיקט קריסטענטום, יעזוסעס לערע; מען פלעגט פאַרשפּרייטן דעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט; מען פלעגט האָבן ספּעציעלע צוזאַמענ־קונפטן יעדן שבת און זונטאָג אין געוויסע קלייסטערס, א א. וו. פאַקטיש האָט מען געזוכט קינדער פון אַלע ניט־קריסטליכע גלויבנס, אָבער דער הויפּט טראָפּ איז געשטעלט געוואָרן אויף אידישע קינדער, וועלכע מען האָט געצילט צו פאַנגען...

די מיסיאָנערן האָבן קיינמאָל ניט געזען קיין גרויסע הצלחה אין זייער אַרבייט, ווייל נאָכדעם, ווי די קינדער פלעגן אונטערוואַקסן און ווערן מענטשן, האָט מען געדאַרפט זוכן פאַר זיי פּרנסה־קוואַלן, און דאָס איינציקע וואָס איז געווען דאַן פּאַסיג איז געווען בוכבינדעריי, אַביסל שניידעריי און אַנדערע קלענערע מלאכות, וואָס האָבן ניט געקענט מאַטעריעל צופרידנשטעלן די יונגע „אידישע גויים״... די מיסיאָנערישע פירערשאַפט איז געקומען

צו אַ באַנקראָט, און אַ געוויסער ה׳ ווערי האָט געדעקט דעם דעפיציט פון 75 טויזנט דאָל. כדי די אַרבייט זאָל ווייטער אָנגיין... דער זעלבער „מעצענאַט" איז אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ ענגלאַנד, האָלאַנד, דייטשלאַנד, פוילען, רוסלאַנד, פראַנקרייך, און איבעראַל אַפּעלירט צו העלפן די מיסיאָנערן אָנצוגיין מיט זייער אַרבייט... עס איז אָבער זעהר אינטערעסאַנט, וואָס דער זעלבער גרויסער פּאַטריאָט פון קריסטענטום האָט אויף דעם קאָנגרעס אין אַאכען (פּרייסען), אין יאָר 1818, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די אימפּעראַטאָרן פון רוסלאַנד, עסטרייך, דער קעניג פון פּרייסען און הויכע פּאַרשטייער פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, בעת עס איז פאַרהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון אַרויסציהען דאָס געמיינזאַמע מיליטער פון פראַנקרייך, און פאַרנעמען זיך אויף ווייטער מיט דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק אין גייסט פון „הייליקן פאַרבאַנד" — האָט אפילו דאָרט באַוויזן אַרויסצורוקען די פראַגע פון מיסיאָן. ער האָט פאָרגעשלאָגען, אַלס וויטזיכטיקער מיסיאָנערישער פּאַטריאָט, צו געבן אידן גלייכע רעכט, אַלס „דאָס פאָלק פון מלכים"... ער האָט מיט פּסוקים פון דער תורה פאַראויסגעזאָגט אַ גיכע גאולה פאַר אידן און זייער ווידערגעבורט אין לאַנד פון זייערע אבות... אַזוי טיף און ווייט האָט דער דאָזיקער ה׳ ווערי געגלויבט אין דער ביבעל וואָס איז ממש אַ פּאַראַדאָקס... קירצליך איז געשאַפן געוואָרן אַ „היברו קאָלעדזש" מיט אַ גרויסער ביבליאָטעק; עס זענען אָנגעשטעלט געוואָרן פעהיקע לערער און פרעדיקער צוצוגרייטן נייע טאַלאַנטירטע מיסיאָנערן. דער פּועל יוצא פון דער גרויסער אָנגעשטרענגטער טעטיגקייט במשך פון די ווייטערע 30 יאָר (1821־1851) איז געווען אַ מינדערוועדטיקע צאָל פון הונדערט סטודענטן, פון וועלכע מען האָט אויסגעקליבן די סאַמע פעהיקסטע רעדנער, מטיפים, אָבער מיט די אַלע גרויסע אָנשטרענגונגען און מאַטעריעלע אויסגאַבן איז די צאָל געפאַנגענע נשמות געווען זעהר קליין. ביים סוף פון נייִנצענטן יאָרהונדערט האָבן די מיסיאָנערן געהאַט זיבן פרעדיקער, זיבן פאַרמיטלער (אַגענטן), וואָס האָבן פאַרשפּרייט די מיסיאָנערישע ביכער, און אַ זעקס לערער און לערערינס, און מערסטע פון די דערמאָנטע זענען אַליין געווען פון די גע׳שמד׳טע!... וואָס האָבן זיי ניט געטאָן כדי צו פאַנגען אידישע נשמות? מען האָט איבערגעזעצט דעם אַלטן טעסטאַמענט אויף אַלע שפּראַכן, אויך אויף אידיש,, מען האָט פאַרשפּרייט דעם נייעם טעסטאַמענט אין טויזנטער עקזעמפּלאַרן. מען האָט אָבער געמערקט, אַז מערסטנס ווערן גענומען די ביכער פון אַלטן טעסטאַמענט, פּשוט די תורת־משה, בעת דער נייער יעזוס־טעסטאַמענט איז פאַרבליבן ווינציק פאַרשפּרייט... די כוונה איז געווען, אַז וואָס מער די אידן וועלן לייענען דעם תנ״ך, אַלץ נענטער וועלן זיי ווערן צו מלכות „יעזוס", צום משיח׳ן. אָבער דער רעזולטאַט האָט געוויזן, אַז לשוא עמלם! אומזיסט אַזאַ קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונג צוליב עטליכע צענדיק גע־

פאַנגענע נשמות, און אפילו צוליב עטליכע הונדערט — לוינט זיך אויך ניט אנצעווענדן אַזאַ אַפּאַראַט פון מיסיאָן... פאַקטיש איז די גאַנצע מיסיאָנערישע אַרבייט געשטיצט אויפ'ן תנ"ך, און אַ איד, וואָס קאָן תנ"ך, וואָס האָט געלערנט אין די יונגע יאָרן די נביאים, וועט ניט אַזוי לייכט אויסבייטן „דאָס רענדל"...

דאָס און נאָך עפּעס: אַלע מיסיאָנערישע אויסגאַבעס רעדן פון נאַציאָ־נאַלן אידישן ווידערגעבורט אין פּאַלעסטינע, אַלס פאַלק אין זיין פון גאָט־פאַרשפּראָכענעם לאַנד... זיי דענקען אַז אַזוי אַרום קלערן זיי אויף די אידן, וואָס עס איז נויטיק אידער ג־ט'ס „קעניגרייך" וועט הערשן אויף דער ערד...

מיסיאָן אין ישראל איז אייגנטליך אַן „אַפּענדיקס" פון דער אַלטער מיסיאָנערישער קרענק, וואָס האָט שוין אויסגעמאָסטן גאַנץ אייראָפּא, פאַרזוכט צו שטעלן טריט אין אַפריקע, אין אַזיע, כלומר'שט צווישן די ווילדע פעלקער. טויזנטער גלחים און נאָנעס פאַרנעמען זיך מיט דער „מצווה" פון פאַרשפּרייטן קריסטענטום צווישן די „פינסטערע מאַסן" איבער דער גאָרער וועלט. אויב עס געלינגט זיי עפּעס אויפצוטאָן צווישן די צוריקגעשטאַנענע פעלקער, האָבן זיי אָבער גאָר אַ קליינעם, ממש דעם מינימאַלסטן דערפאָלג צווישן אידן, און ספּעציעל אין מדינת ישראל... אודאי דאַרף דאָרט אינגאַנצן ניט זיין ערלויבט פאַר אַזעלכע נשמה־כאַפּערס צו אַרבייטן, און פאַנגען אָרימע קינדער, אָדער אָרימע איינגעוואַנדערטע עלטערן, וועלכע האָבן נאָך ניט באַוויזן צו געפינען אַ תקומה. מאַנכע ווערן אפילו „יורדים", און נעמען ניט אָן די אויסגעשטערעקטע האַנד פון מיסיאָן... דאָס איז אַלע מאָל געווען עקלהאַפט פאַר אידן, און אפילו צווישן דעם רוב קריסטן איז דאָס אַ מלאכה בזויה, כאָטש דער נייער פּאַפּסט האָט אויך זיך אַרונטערגעלאָזן צו דער מדריגה פון מאַכן די אידן אַן „אײדעלען" פאַרשלאַג צוצושטיין צום קריסטנטום...

מיסיאָן אין ישראל האָט ניט קיין פּלאַץ, און עס איז נאָר אַן ערשיינונג פון די איצטיקן שווערע יאָרן, ווען קיבוץ־גלויות ווערט ניט פאַרווירקליכט כהרף עין. עס זענען נאָר פאַלן פון עקאָנאָמישער נויט און הילפלאָזיגקייט, וואָס וועט זיכער מיט דער צייט איינגעשטילט ווערן... לויט אונזער באַשיי־דענער מיינונג איז נישטאָ וואָס צו באַאומרוהיקן זיך צוליב דער אַרבייט פון די מיסיאָנערן... אויב זיי האָבן ניט געזען קיין הצלחה ערגעץ אַנדערש, כאָטש זייער באַוועגונג איז שוין גענוג אַלט, וועלן זיי אודאי ניט זען קיין מזל ברכה אין מדינת ישראל, און עס איז ביי אונז אַ גרויסע סברה, אַז אַפּילו די, וואָס עס איז זיי געלונגען צו פאַנגען וועלן אויך שפּעטער פיל פון זיי זיך צוריקקערן צום אידנטום, ווייל בלייבענדיק אין ישראל, האָבן זיי אַלע געלעגנהייטן צו זיין אידן, און ניט קיין „פאַבריצירטע" גויים...

וואָס אנבאַלאַנגט אונזער אידישער פילאָזאָפיע וועגן גע׳שמד׳טע, זענען זיי איינגעטיילט אין 2 קאַטעגאָריעס, וואָס רופן זיך „מומר״, ד. ה. איינער וואָס פאַרבייט אָדער פאַרלאָזט זיין פאָלק, זיין אמונה און זיין תורה. אַזאַ איז אַ „מומר להכעיס״ אַ באַוואוסטזיניקער שמד׳ניק וואָס וויל זיך כלומר „אָפּרעכ־נען״ מיט זיין עדה, מיט זיין קהלה, מיט זיין גאַנצן פאָלק... עס איז אויך פאַראַן אַ „מומר לתיאבון״ ער שמד׳ט זיך צוליב זיינע קליינע אַמביציעס, פאַרלאַנגען, וועלכע ער קאָן ניט דערגרייכן אַלס איד... אַזאַ איינער קאָן צוריקקומען צום אידנטום און זיך שטיצן אויף דעם מאמר: ישראל אף על פי שחטא, ישראל הוא, אַ איד, אויב ער האָט געזינדיקט, איז ער דאָך אַ איד, אַזאַ איינער ווערט אָנגערופן אַ „פושע ישראל״, און זיין דין (זיין סטאַטוס) איז ווי אַ איד, אין פיל הינזיכטן... עס איז אגב כדאי צו דערמאָנען האָט זיך ווערטל פון דעם געוועזענעם רוסישן איד דניאל כוואלסאָן, וועלכער האָט זיך גע׳שמד׳ט צוליב אַ קאַריערע, כדי צו ווערן אַ פּראָפעסאָר אין אַן אוניווער־סיטעט, וואָס אַ פשוט׳ער איד האָט בשום אופן ניט געקענט דערגרייכן. כוואלסאָן איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע, אין יאָר 1819, און געשטאָרבן אין 1911 אין פעטערבורג. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַרימט בוך וועגן דער געשיכטע פון די סעמיטישע רעליגיעס. ער אַליין האָט זיך אין יאָר 1855 גע׳שמ׳ד און געוואָרן אַ לעקטאָר פון אידישער, סירישער און כאלדעאישער (ארם נהרים) ליטעראַטור אויפ׳ן פאַקולטעט פון מזרח־שפּראַכן אין פעטערבורג. ער האָט 25 יאָר געלעקטשורט אין דעם זעלבן פעטערבורגער אוניווערסיטעט וועגן דער אידישער שפּראַך און ביבל־אַרכעאָלאָגיע, אויך אין דער גייסטליכער אַקאַדעמיע, און שפּעטער אין פעטערבורגער רוימיש־קאַטוילישער אַקאַדעמיע. דער זעלבער גע׳שמד׳טער ווילנער איד האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט אין נוסח פון סוף יום כיפור׳דיקער שמונה עשרה: „אלוקי, עד שלא נוצרתי, איני כדאי, ועכשו שנוצרתי כאילו לא נוצרתי״ — דער אמת׳ער טייטש פון דעם איז: ג־ט, ביז איך באַשאַפן געוואָרן, בין איך גאָרניט געשאַפן געוואָרן... אָבער דאָס וואָרט „נוצרי״ מיינט אין העברעאיש אַ קריסט, און כוואלסאָן האָט דאָס פיגוראַטיוו אויסגעדריקט וועגן זיין שמד: איידער איך האָב זיך גע׳שמד׳ט, בין איך געווען גאָרניט, און איצט שוין נאָכ׳ן שמד, איז ווי איך וואָלט זיך גאָרניט גע׳שמד׳ט... און לסוף האָט ער נאָך בדרך־הלצה צוגעגעבן: עס איז אָבער אַלץ בעסער צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט איידער אַ דרדקי מלמד אין שניפּישאָק...

מיר האָבן שפּאַצירט איבער די היסטאָרישע גאַסן פון ירושלים, רחוב הנביאים, חבצלת, אברבנאל, איבן גבירל און צענדליקער אַנדערע גאַסן און פּלעצער, און דאָס זעלבע אין תל אביב איבער די שדורות ראטשילד, מקוה ישראל, רחוב התנאים, דרך השלום, און קיין זכר ניט געזען פון מיסיאָן־טעטיגקייט... מיר האָבן אָבער יאָ געזען ישיבות, שולען, בתי מדרשים,

שטיבלאך, קלובען, מוסדות התורה והצדקה, וואס איבעראל קלאפט דער אידישער פולס, און מען קלערט ניט וועגן די זעהר־ווייניק אפגעפאלענע בלעטער פון אידישן בוים... עס זענען אין אלע צייטן געוועזן שוואכלינגע, וואס האבן ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון פון עקאנאמישן דרוק, אדער דעם גייסטיקן דרוק, זוכנדיק בעסערע טעטיקייטן, קאריערעס, שטעלעס א. א. וו.... היטלער י״ש האט אבער אנגעקלאפט אין די טירן פון 2־טן און דריטן דור משומדים, און האט זיי אויסגעליפערט צו די גאז־קאמערן און קרעמאטאריעס!...

אויב אונז האבן ווי געטאן פיל אנדערע פראבלעמען, וואס ווארטן נאך אויף זייער לייזונג, ווי למשל, דער שרעקליכער מאנגל אין היימען, מער באקוועמליכקייטן פאר א מענשליך לעבן, פאר א קיבוץ־לעבן, פאר א העכערן לעבנס סטאנדארד בכלל, — האבן מיר זעהר ווייניק וואס געהערט קינות וועגן דער מיסיאן טעטיגקייט, וועלכע איז קיינמאל ניט געוועזן קיין דערפאלג, ווייל אידן בלייבן אידן. וואו ניט וואו פאלט אוועק א בלאט פון גזע ישי אבער דאס מערקט זיך כמעט ניט, און על אחת כמה וכמה איז נישטא קיין געפאר פאר א מאסן־שמד צוליב דער קליינער גרופע מיסיאנערן, קעגן וועלכער עס איז אפשר ניט כדאי צו קעמפן עפנטליך, כדי ניט צו געבן זיי א וועלכן עס איז „סטאטוס" אלס א „צד" אין מדינת ישראל. זיי וועלן אליין מיד ווערן פון זייער „נשמות פאנג", ווייל עס וועלן זיך קאטעגאריש אויסשעפן זייערע מיטלען, און אן געלד קאן אפילו א נשמה־כאפער אויך גארניט אויפטאן... נאטירליך, דארף מען ווי ווייט מעגליך פארמאכן פאר זיי די טירן דורך העלפן ארימע משפחות ניט צו אריינפאלן אין זייערע פאסטקעס, אבער ליארמען וועגן דעם צו־פיל איז ניט כדאי... אין שווערע צייטן מוז מען צאלן „ציגזן" אפילו דורך פארלירן אביסל אידישע נשמות, הגם מיר גלויבן, אז פון אזעלכע וועלן קיין גוטע גוים ניט ארויסוואקסן נאר גיכער פון אלץ שלעכטע אידן... זינט דער ענטשטעהונג פון דער מדינה האבן זיי נאך אלץ ניט געפאנגען קיין טויזנט קינדער. ערגער איז מיט די געקומענע גע׳שמד׳טע, וואס רייסן זיך מיט אלע כוחות צו דערקלערן זיך אלס אידן, און דאס פארשאפט פיל ארבייט און זארג...

קוקענדיק מיט די אויגן אויף איין זייט פון די בערג ארום ירושלים, און מיט׳ן אנדער אויג אויף צוריק צו די לענדער פון דער ווייטער דיאספארא, האבן מיר געטראכט אז די אידן אין חוץ לארץ, און איבערהויפט די רעליגיעזע אידן קוקן זיכער מיט גרויס צער אויף די מיסיאנערישע האנדלונגען און זייערע אינסטיטוציעס, וואו מען זוכט אפצוסמ׳ען אידישע אומשולדיקע נשמות, און העכסט ווארשיינליך האבן זיי אן אנדער צוגאנג צו דער פראגע פון מיסיאן, וואס זוכט אוועקצורייסן אומשולדיקע קינדער פון דער שויס פון

אידישקייט. זיי ווייסן נאַטירליך, אַז פון שטאַנדפונקט פון משפחה לעבן איז דאָס אַ זעהר אומגעזונטע דערשיינונג וואָס פירט צו אָפטע גט׳ן און פאַמיליע טראַ־געדיעס א.א.וו. דער אמת אָבער איז, אַז מען דאַרף שטאַרק באַדויערן די עלטערן פון אַזעלכע קינדער, וועלכע גיבן זיך ניט אָפּ קיין צו שטאַרקן דין וחשבון, וואָס זיי טוען, און ווי נידריק זיי זינקען אין תהום פון אַסימילאַציע און שמד! די קינדער זענען נאַטירליך ניט שולדיק. אלה הצאן מה חטאו? די הויפּט שולד ליגט ביי דער טיר פון די עלטערן, וועלכע זענען אַליין אויס־געלעדיקט פון אידישקייט, אידישער טראַדיציע, חינוך און אידישן זעלבסט־באַוואוסטזיין.

עס איז, דאַרף מען פאַרשטיין, מער אַ פּסיכאָלאָגישע קראַנקהייט, ווי אַ רעליגיעזע. די ישראל רעגירונג וויל זיך ניט אידענטיפיצירן מיט די שרייער, וועלכע הייסן און פאָדערן צו פאַרווערן לגמרי מיסיאָן טעטיגקייט, ווי למשל אינדיע האָט דאָס געטאָן און דאָרט איז אַזאַ ערשיינונג ניט בנמצא. עס זענען אָבער פאַרהאַן ניכטערע מענשן, דענקער, וועלכע האָבן אַן אייגענ־אַרטיגען צוגאַנג צו פּראָבלעם פון מיסיאָן, אַז די אידישע מדינה דאַרף אויסמיידן אַרויסצוקומען אין אַן אָפענעם קאַמף מיט די נשמה כאַפּער... דאָס וואָלט דאָך געמיינט אַ קאַמף קעגן קריסטענטום, און דווקא אין ישראל איז די דאָזיקע פראַגע מער, אַנגעווייטאָקט, ווי ערגעץ אַנדערש... מיסיאָן האָט אין א״י אַ זעהר לאַנגע פאַרגאַנגענהייט און אויך אין גאַנצן מיטעלען מזרח. די רעגירונג וויל ניט פאַרשטאַרקן די שנאה פון דער קריסטליכער וועלט, עס פעלן איר ניט אויס קיין שונאים פון דער מוסולמאַנישער, אַראַבישער און אַנדערע רעליגיעזע גרופּן. דערצו איז ישראל היבש אָנגעוויזן אויף פרעמדער הילף, און די דאָזיקע הילף קומט געוויינלאך פון ניט־אידישע לענדער און קרייזן...

דאַריבער איז אויך ניט צו פּראַקטיש אָנצופירן דעמאָנסטראַציעס קעגן די נשמה־כאַפּערס, ווייל ערשטנס וועט דאָס ניט פיל העלפן. צווייטנס וועט דאָס אַרויסרופן אַן אומגעווינשטע שטימונג אין דער קריסטליכער וועלט, וואָס דאָס איז שטאַרק אומגעזונט פאַר ישראל.

היוצא לנו מדברינו — אידן אין דער דיאספּאָרא וואָלטן געדאַרפט קאָאָפּערירן דורך ספּעציעלע ביטראָגן צו ישראל, וואָס זאָלן גיין אויסשליסליך פאַר די נויטן פון די אָרימע אידישע קרייזן, פאַר די ניט לאַנג אַריבערגעקו־מענע, וואָס האָבן זיך נאָך ניט עטאַבלירט, און די ערציהונגס פראַגע איז ביי זיי פון די וויכטיקסטע ענינים. מילא, פאָלקס שול קאָסט ניט קיין שכר לימוד, אָבער מיטל שול, און ווער רעדט אַ העכערע שול קאָסט שוין פיל, און ניט אַלע זענען באַוואָפנט מיט אַזעלכע מיטלען, צו דערמעגליכן די קינדער שטודירן. אויך זייערע אייגענע עקזיסטענצן זענען זעהר וואַקלדיקע,

און דאָס דערנענטערט זיי צו מיסיאָנערישע אָרעמס... דער סאַמע קאָנסטרוק־טיוועסטער פּלאַן, ווי צו עלימינירן, אָדער צו רעדוצירן די געפאַר פון מיסיאָן, איז נאָר דורך געבן אָרימע עלעמענטן בעסערע מאַטעריעלע מעגליכקייטן, אין וועלכער פאָרם דאָס זאָל ניט זיין, און אַזוי אַרום פאַרטרייבן פון אידישע הימען די שאָטנס פון מגיפה־שמד, פון מיסיאָן, וועלכע האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין שטאַרקע אחיזה אין אידישן לעבן. מען מוז אויך פירן אַ אידישן פּראָפּאַגאַנדע קאַמף, דורך אויפקלערן די אָרימערע מאַסן וועגן דער ניט ראַטזאַמקייט פון גיין מיט די מיסיאָנערן.

אַ איידעלע אידישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס זאָל ברייטער אויפקלערן די „קאַנדידאַטן" פאַר מיסיאָן און זייערע קינדער, צו וואָס דאָס וועט זיי פירן אין דער צוקונפט, וועט בלי ספק ווירקן און אָוועקנעמען די שאָטנס, וואָס לעגן זיך ווי אַ שוואַרצער וואָלקן פאַר די אויגן פון יעדן איד, וואָס איז מער וועניק באַקאַנט מיט עיקרי הדת והיהדות.

דורך אידיש ליכט קאָן מען פאַרטרייבן קריסטליכע פינסטערניש, וואָס האָבנדיק הונדערטער מיליאָנען נאָכפאָלגער, קאָנען זיי זיך נאָך אַלץ ניט באַרוהיקן און זוכן נאָך אַלץ איינצעלנע פאַרוואָגעלטע און פאַרשמאַכטע אידישע נשמות, כדי צו שלאָגן דעם אלוקי ישראל!...

אַ באַוואוסטזיניקער אויפקלערונגס קאַמף קאָן דינען אַלס דער בעסטער „אַנטי־טאָקסין" פאַר די אַלע, וואָס קוקן גלייכגילטיק אויף רעליגיע, און זענען גרייט צו פאַרקויפן זייער חיי עולם פאַר איין שעה עולם הזה!...

אין סך הכל פון דעם גאַנצן געשריי און פונ׳ם זוכן מיטלען, ווי אַזוי ווי אָפּצושטעלן די געפאַר פון מיסיאָן אין ישראל, האָט דער יוסטיץ מיניסטער דר. דוב יוסף אַריינגעבראַכט אַ ביל אין כנסת, מיט דער צושטימונג נאַטירליך פון דער רעגירונג, וואָס פאָדערט צו פאַרקלענערן ווי ווייט מעגליך די געפאַר פון די מיסיאָנערן און זייערן שולן אין ישראל. דער ביל לויטעט: פאַר איבעררייכן קינדער צו אָננעמען אַן אַנדער רעליגיע, זאָל מען באַשטראָפט ווערן מיט זעקס חדשים תפיסה. דער בילדונגס מיניסטער זלמן אראנע האָט פון זיין שטאַנדפּונקט מאָטיווירט, אַז עס איז ניט באַקוועם פאַר דער כנסת צו פאַסען אַ פאָרמעלען געזעץ, וואָס פאַרבאָט מיסיאָן טעטיגקייט אין ישראל צוליב פאַרשידענע מאָטיוון, וועלכע מיר האָבן שוין דאָ אַרויסגעבראַכט פריהער.

ער האָט אויך באַטאָנט, אַז די אַרבייט פון די מיסיאָנערן איז גוט באַקאַנט צו דער רעגירונג, און דאַריבער איז פאַרלויפיק כדאי צו שענקען אויפמערקזאַמקייט דעם ביל פון יוסטיץ מיניסטער, וואָס פאַרבאָט אָפּצו׳שמד׳ן קינדער קעגן דעם ווילן פון זייערע עלטערן, און יוגענדליכע — אפילו ווען

זייערע עלטערן שטימען צו צו דעם. מיט אַנדערע ווערטער, די ישראל רעגירונג האָט אַ גענוגענדען קאָנטראָל אויף דער לאַגע, און די אידן אין די תפוצות דאַרפן זיך ניט שרעקן צו־פיל, אַז חלילה גרויסע צאָלן קינדער וועלן אַרויס־געריסן ווערן פון אידישע אָרעמס... אמת, לויט דער רעליגיעזער אויפפאַסונג איז „כל המציל נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא" — ווען איינער ראַטעוועט איין אידישן נפש, איז ער מקיים אַ „גאַנצע וועלט", אָבער דער גרעסטער כלל האָט אויך אַ פּרט, אויב ניט מערערע פּרטים, און הלוואי וואָלטן אין דער דיאַספּאָרא מער ניט פאַרלאָזן דאָס אידישע פאָלק און די אידישע ירושה־שאַפט, ווי דאָס איז דער פאַל אין מדינת ישראל.

דאָס רירט אָן אויך דעם ענין פון געמישטע הייראַטן, הגם ניט דירעקט, אָבער זאָלן די תפוצות ניט אויסזען ערגער אין דעם זין, ווי מדינת ישראל, און ס'וואָלט געווען גאָר צופרידנשטעלענד.

אַלס באַזוכער אין ישראל האָבן מיר ניט געקאָנט אַרויסציהען קיין בעסערן מוסר השכל, אַז אידישקייט אין ישראל איז נאָך אַלץ דער גרעסטער כוח, ווייל דע־פאַקטאָ האָט אידישקייט ניט קיין פּאַרטיי־שטעמפּל, ניט קיין אָרגאַניזאַציע, נאָר איז אַ אינערליכער פאַרבאָרגענער כוח, וואָס וועט ניט פאַרשווינדן און וועט קעמפן פאַר דער צוקונפט, ניט ווייניקער ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט.

זעקס און פופציקסטער קאַפּיטל

# די דריי משה'ס — משה שרת *, משה שאַפּירא און משה דיין

## זייערע באַזונדערע ראָלן אין ישראל. — אַן אינדירעקטער „חוט המשולש", וואָס קאָן דינען אַלס אַ ישראל־רעגירונג אין „מיניאַטור".

יעדער לייענער ווייסט און קאָן די „דריי משה'ס", אפילו ניט זייענדיג אין ישראל, ווייל זיי זענען שוין לאַנג פּאָפּולער איבער דער גאַנצער אידישער וועלט, פּאַקטיש נאָך אידער ישראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אַלס די אידישע מדינה. משה שרת איז געקומען קיין ישראל אין יאָר 1906, אַלס 22 יאָריגער בחור. משה שאַפּירא איז געקומען אין יאָר 1925, אַלס יונגערמאַן פון 33 יאָר, אַ מושלם, באַוואָפּענט מיט תורה־טראַדיציעס און אידישען גייסט, און דאָס ווייזט, אַז ער איז שוין פערציג יאָר אין א"י. משה דיין איז געבוירען געוואָרען אין א"י, אין דעם קיבוץ דגניה, מיט פופציג יאָר צוריק. אַזוי אַרום זענען אַלע דריי משה'ס פאַרבונדען מיט'ן וואוקס, און אויפבלי פון דער היינטיגער אידישער מדינה. זיי האָבען באַוויזען אַריינצוּוואַקסען אין גוף און נשמה פונ'ם באַנייטען אידישען היימלאַנד, און פאַרנעמען פּאָזיציעס, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם אידישען עבר, און שאַפען אַ בריק צום נייעם „היינט", צו דער עטאַבלירטער מדינת־ישראל, וועלכע איז דער קנין פון גאַנצען פאָלק ישראל און פון אונזערע ווייטערע דורות.

מיר האָבען אָבער ניט געדאַרפט זיך באַגנוגענען מיט בלויז קענען די נעמען פון די דריי דערמאָנטע „משה'ס", וועלכע מיר האָבען שוין עטליכע מאָל פריער געטראָפען זייענדיג אין ישראל, האָבען מיר בלויז דערגענצט אונזערע איינדרוקען, וואָס האָבען פאַרשטאַרקט די ליבע און רעספּעקט צום ווירדיגען „מזומן", ביים בלעטערען אויף צוריק די זייטען פון אונזערע נאָטיצען אין ישראל, האָבען מיר געפונען פאַר נויטיג אַרויסצוברענגען מער פּרטים, וועגען די דריי משה'ס, וואָס זענען אַ שטאַלץ פון דער אידישער מדינה און פון גאַנצען פאָלק ישראל. מיר שטעלען זיך אָפּ אויף די דריי פּערזענליכקייטען, הגם עס איז שוין וועגען זיי פאַרהאַן אפשר אַ גאַנצע ליטעראַטור, וואָס איז צעוואָרפען איבער אַ צאָל ביכער, זשורנאַלען, צייטשריפטען, רעגירונגס־באַ־ריכטען, פּובליקאַציעס מכל המינים, א. א. וו. מיר ווילען דאַריבער אין אונזער

* משה שרת איז לײדער נפטר געוואָרן אין יאָר 1965.

באַשיידענעם באַגרענעצטען ווינקעלע פון דעם בוך אויך איינגלידערען די דריי אינדיווידועלע משה׳ס, הגם נאָך איינער אַ „משה״ פאַרדינט דערמאָנט צו ווערען צווישען די אומדערמידליכע טוער פאַר דער מדינה, און דאָס איז משה קול, וועלכער דערפילט אַן אייגענאַרטיגע פונקציע מיט אַ סך אחריות, ליבע און מסירת נפש. ער איז איצט דער מיניסטער פון ענטוויקלונג און טוריזם, און ער איז פון די אומאָפּהענגיגע ליבעראַלען.

לשם טאַקט און „סטאַזש״ וועלען מיר אָנפאַנגען מיט׳ן עלטסטען פון די דריי משה׳ס, און אילוסטרירן איניגע כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון יעדען פון זיי, כדי דער לייענער זאָל אָפּפרישען אין זיין זכרון און פאַנטאַזיע דעם אָרעאָל פון דעם „מזומן״, זאָלען דאַריבער די נאָכפאָלגענדע שורות דינען אַלס אונזער באַשיידענער אויסדרוק פון אַנערקענונג און דאַנקבאַרקייט.

## משה שרת

דער פריערדיגער אָריגינעלער נאָמען פון שרת׳ן איז געווען שער־טאָק. געבוירען אין יאָר 1895 און ערצויגען אין זיין היימשטאָט כער־סאָן, אוקראַינע, האָט ער באַקומען אַ געהעריגע אידישע ערציהונג, און דער ריח פון אַמאָליגען רוסישען „טשער־נאָזיאָם״ האָט אַריינגעדרונגען אין זיינע נאָזלעכער. צו עלף יאָר (1906), נאָך דעם העסליכען רוסישען פּאָג־ראָם אין קעשינעוו (1903), וועגן וועלכן ביאַליק האָט אָנגעשריבען זיין היסטאָרישע עלעגיע „משא נמירוב״, און אַנדערע קלענערע פּאָגראָמעלעך אין אוקראַינע און אַנדערע געגענ־דען, זענען שרת׳ס עלטערן צוזאַמען מיט דער משפחה עולה געווען קיין



משה שרת ע״ה

ארץ ישראל. דאָס איז געווען אַ מין באַזונדער פּרק פון „בילו״-כאַראַקטער, ווען גאַנצע משפחות האָבען זיך דערזען פאַרצווייפעלט און אויפגעגעבען זייערע האָפענונגען אויף אַ לייטישע יושרדיגע רוסישע הערשאַפט... אגב איז משה׳ס פאָטער נאָך מיט 3 יאָר צוריק געווען איינער פון די בילו׳יצעס, וואָס האָט געאַרבעט אַלס פּשוטער האָרעפּאַשניק אין „מקוה ישראל״ צוזאַמען מיט

אַנדערע בילוי׳צעס, און שפּעטער — אין דער קבוצה שה״ו (שיבת החרש והמסגר״) אין ירושלים. במילא איז דער פאָטער, יעקב שערטאָק, געוואָרען אַ ציוניסטישער טוער, אויך אַ ציַיטונגסשרייבער אין רוסיש, ביז ער האָט זיך ענדליך באַזעצט אין א״י, אין די בערג פון אפרים.

דער יונגער משה האָט אַזוי אַרום געהאַט פאַר זיך אַ לעבעדיגען ביַישפּיל פון זיין פאָטער דעם משכיל, דעם חובב־ציון און השכלה, און ער האָט לעבעדיגערהייט „געירשנ׳ט״ פון אים פיל אייגענשאַפטען און נייגונגען, וועלכע האָבען אים געהאָלפען פלאַסטערן דעם וועג צו אַן אייגענער מדינה, צו אַ וועלט־אַנשויאונג וואָס איז געווען ציוניסטים, ארץ ישראל׳דיג, מיט אַן אומ־אויסלעשבאַרער מסירת־נפש פאַר זיין פאָלק און לאַנד.

מיר האָבען זיך באַגעגענט מיט משה שרת אין בניני־האומה בעת דער פּעדציגיאָריגער פייערונג פון הפועל המזרחי, וואו ער איז געזעסען ביים הויפּט טיש נאָענט צו קדיש לוז, פאַרזיצער פון כנסת און צו משה שאַפּיראָ, איַינערן און געזונדהייט מיניסטער פון ישראל, וועלכער איז געווען דער יו״ר פון דער פייערונג. משה שרת האָט דורכגעמאַכט אין ישראל אַלע תקופות, וואָס יעדער גרויסער מענש, דענקער, עסקן און שעפערישער גייסט מאַכען געוויינליך דורך אין אַ לעבען. ער האָט אין א״י שטודירט אין דער „הרצליה״ גימנאַזיע, און געווען פון די ערשטע אַבסאָלווענטען אירע, פאַרענדיגענדיג מיט גרויס דערפאָלג.

שפּעטער איז ער אַוועק שטודירען אין איסטאַמבולער אוניווערסיטעט (טערקיי), געזען, און צוריקקומענדיג קיין א״י, האָט ער אונטערריכטעט טערקיש אין די העברעאישע שולן אין יפו. ווען טערקיי איז אַריין אין דעם ערשטען וועלט־קריג, האָט ער מיט אַ גרופּע חברים וואָלונטירט אין דער טערקישער אַרמיי, און באַקומען דעם ראַנג פון אָפיציר און ער איז פאַרבליבען דאָרט ביז׳ן סוף פון דער מלחמה. ער האָט געדינט אַלס איבערזעצער פון דייטש אויף טערקיש.

שפּעטער איז ער אַריין אין ועד הצירים, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַראַבישע לאַנד־באַזיצען אין ירושלים. אין יאָר 1930 איז ער אַריינגעטראָטען אין דער „מפלגת פועלי א״י״ — (מפא״י), און פאַרגעזעצט זיין שטודיום אין לאָנדאָן, וואו ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט זשורנאַליסטישער טעטיגקייט, און געוואָרען גלייכצייטיק אַ מיטגליד פון די פּועל״צ אין ענגלאַנד.

ער איז געוואָרען שטאַרק רייף פּאָליטיש, און געקומען אָפּט אַנטייל אין געשפּרעכען צווישען אידישע און אַראַבישע פירער, אויך מיט אַבדולא, אבן הוסיין, און אַנדערע פיגורען פון עבר הירדן.

דער 18־טער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט אַריינגענומען משה׳ן אין דער פירערשאַפט, און זינט דאַן האָט זיין שטערן אָנגעהויבען צו פינקלען. ער האָט געפירט שפּעטער אַ קאַמף געגען ענגלאַנד׳ס „ווייסען פּאַפּיר״; איז אויפגעטראָטען אַ פּאָר מאָל פאַר דער פעלקער ליגע. אין 2־טען וועלט קריג

האָט ער פאַרנומען אַ באַזונדער חשובען פּלאַץ צוליב זיין פּרוכטבאַרער טעטיג־קייט. אין יאָר 1946 איז ער אַרעסטירט געוואָרען דורך די ענגלענדער צו־זאַמען מיט יצחק גרינבוימען, דר. דוב יוסף (געוועז. יוסטיץ־מיניסטער), הרב י. ל. פישמאַן, דוד רמז, מרדכי שאַטנער, ד״ר זאב פאַן וויזל, יוסף שופמאַן, (די לעצטע 2 האָבען געהערט צום רעוויזיאָניסטישען לאַגער), מען האָט זיי אַלעמען „באַזעצט״ אין לאַטרון, אַלס „חשובע אַרעסטאַנטען״, און מיט זיי נאָך אַ גרויסע צאָל פערפאָנען. זיי זענען געזעסען אַרום 5 חדשים, אָבער דאָס האָט זיי צוגעגעבען מאָראַלישען פּרעסטיזש און זעלבסטזיכערקייט, אַז זיי זענען ניט געזעסען אומזיסט!...

משה שרת איז אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון די וויכטיגסטע מנהיגים פון ישוב און פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג. ער איז דערוויילט געוואָרען אַלס אויסערן מיניסטער אין דער צייטווייליגער רעגירונג דאַן אַלס דעפּוטאַט, צו דער ערשטער כנסת אויף דער ליסטע פון מפא״י נעקסט צו בן־גוריונען, ווערענדיג נאָכהער דער ערשטער ישראל אויסערן־מיניסטער. אין יאָר 1951 האָט ער געענדערט זיין נאָמען אויף שרת, אַנשטאַט שערטאָק.

די זעהר קורצע שטריכען זענען אָבער נאָר פון ביאָגראַפישער נאַטור.

משה שרת איז אַ פיל־קאָלירענדיגע פּערזענליכקייט, וואָס פאַרנעמט אַ חשובען פּלאַץ אין דער אויפלעבונגס געשיכטע פון מדינת ישראל. ווען בן גוריון האָט צום ערשטען מאָל רעזיגנירט פון פּרעמיער אַמט אין יאָר 1953, איז גאָר קיין פראַגע ניט געווען, ווער עס זאָל ווערען זיין נאָכפאָלגער... דער נעקסטער נאָמען נאָך בן גוריונען אַלס סימפּאַטישסטער און באַליבטער שטאַטסמאַן, וועלכער האָט תמיד געהאַט מיט זיך די ליבשאַפט און רעספּעקט פון ישוב איז געווען משה שרת. ער איז שוין געווען גוט באַקאַנט אין מאָנטרעאַל אַלס טאַנגעבער פון מדינת ישראל, בעת עס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען לכבוד זיין באַזוך אַ ריזיגע מאַניפעסטאַציע אין מאָנומענט נאַשיאָנאַל טעאַטער, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרען מיט אַזאַ פאַראַד און יובעל, וואָס האָט פריהער קיין גלייכען ניט געהאַט. שרת האָט זיך אַרויסגעוויזען אין זיין פולען גלאַנץ און פּראַכט, און געוואָרען דער ליבלינג פון אַלע תפוצות, אַ דאַנק זיין זשעני און רעדנער־טאַלאַנט.

בעת זיין שפּעטערדיגען באַזוך אין מאָנטרעאַל איז ער שוין געקומען אַלס „פּאַטענטירטער״ שטאַטסמאַן און „געקרוינטער״ דיפּלאָמאַט, אַלס אויסערן מיניסטער פון דער אידישער מדינה, און ווידער איבערגעלאָזען אַ אומפאַר־געסליכען רושם, אַ דאַנק זיין גרויסען שאַרם, און מאַגנעטיזם וואָס ער באַזיצט. אין יאָר 1955 איז ענטשטאַנען אַ „פּאָליטישע״ מיספאַרשטענדניש צווישען אים מיט בן גוריונען, און נאָכדעם, האָט בן גוריון „געזיגט״ ווערענדיג צוריק פּרעמיער און פאַרטיידיגונגס־מיניסטער. עס איז געווען אַ „בלוטלאָזע״ אָפּעראַ־ציע... שרת האָט פאַרגעצויגען אַ באַשיידענעם צוריקטריט, איידער אַרויס־רופען אַ מיספאַרשטענדניש.

זינט דאַן איז שרת אַרונטער פון דער אויסערן פּאָליטיק־אַרענע, און זיין אַמט האָט איבערגענומען גאָלדע מאיר, הגם זי האָט באַזונדערס באַוויזען, וואָס אַן „אשת־חיל" קאָן אויפטאָן אויפ׳ן פאָרום פון דער יונייטעד ניישאָנס, און שאַפן זיך אַ רעפּוטאַציע צווישען די ערשטע פרויען אין דער וועלט. דאָס איז אָבער אַ קאַפּיטעל פאַר זיך.

משה שרת איז זינט זיין פאַרלאָזען דעם אַמט פון פּרעמיער און אויסערן מיניסטער אין יאָר 1955, מער צו אַ רעגירונגס־אַמט ניט צוגעטראָטען. ער איז דער פאָרזיצער פון דער אידישער אַגענטור אין ירושלים, וועלכע איז פון באַזונדער חשיבות, אָבער האָט ניט צו טאָן מיט פּאָליטיק. דורך דער צייט האָבען מיר געהאַט אַ געלעגענהייט צו באַקומען איניגע מאָל וואַרימע גרוסען און דאַנק־אויסדרוקען פאַר אונזער אַרויסגעוויזענער סימפּאַטיע און ליבשאַפט צו אים, דורך דער פּרעסע. זייענדיג אין ישראל, האָבען מיר ווידער געהאַט אַ קורצען געדאַנקען־אויסטויש דורך געשריבענע צעטעלעך, ווען ער איז געזעסען ביים הויפּט־טיש פון דער הפועל המזרחי 40־יאָריגער פייערונג אין בניני־האומה. ער האָט מיך דערקענט פון פריהערדיגע בריוולאַך, און זעהר גערן געבעטען אַריבערצוקומען צו אים פאַר אַ שמועס, אָבער ער האָט גלייכ־צייטיג באַמערקט, אַז איך זאָל ניט פאַרלאַנגען קיין ספּעציעלען אינטערוויו, ווייל ער איז איצט אויסער זיין אָפיציעלער קאָמפּעטענץ.

משה שרת אַלס פּרעמיער און אויסערן מיניסטער, האָט אַרויסגעוויזען פול ערפאַרונג, אַז ער איז דער בעסטער קענער פון דער ישראל אויסערן פּאָליטיק, און דערצו אַ שטאַטסמאַן בחסד עליון.

זיצענדיג פנים אל פנים ביים פּרעזידיום־טיש פון דער הפועל המזרחי־פייערונג, האָבען מיר אַרויסגעלייענט פון זיין צאַרטען געזיכט זיין פּערזענליכע טראַגעדיע. ער האָט פאַרלוירען אַ פּאָזיציע, וואָס וואָלט אים געקענט געבען נאָך אַ סך געלעגענהייטען צו ווערען מער באַליבט, אינסטרומענטאַל און נוצליך פאַר דער יונגער אידישער מדינה. קיין מענש איז ניט מסוגל צו ווערען אַ מלאך, מעג ער זיין ווי געבענשט מיט כל ערליי מעלות טובות. משה שרת פילט זיך לעצטענס היבש דערשלאָגען, אינערליך שטאַרק פאַרוואונדעט, אָבער איזה גיבור הכובש את יצרו. ער האָט איינגעהאַלטען אין די לעצטע יאָרען זיין אינערליכען ברויז, און צוליב „שלום־בית" אין דער מפא״י, אַרונטער־געשלונגען זעהר פול פאַרדרוסען און פּערזענליכע דערנידערונגען, הגם דער ישוב איז מיט אים, און באַטראַכט אים אַלס איינעם פון די גאָר ווייניגע הויפּט־אינסטרומענטען ביים לעגען די יסודות פאַר דער באַנייטער מדינת ישראל. מיר האַלטען זיינע קורצע שורה׳לאך אַלס אנדענק פון פריינדשאַפט און געגענזייטיגען רעספּעקט, און צו זיינע 70 יאָר וועלכע זיינע פריינד און פאַר־עהרער פייערען צוזאַמען מיט אים און זיין משפחה, טראָגען מיר אים צו אונזערע בעסטע ברכות און גליקוואונשען פאַר וויטערע צענדליגער שעפערישע יאָרען

און נחת פון מדינת ישראל, פאַר וועלכער ער האָט געווידמעט אַלע זיינע שעהנסטע טעג און מעשים, זינט זיין פריהסטער יוגענד און ביז היינט צו טאָג, ביז זיין זון איז ליידער פאַרשוואונדען געוואָרן פון דער אידישער לעבענס־אַרענא.

## משה שאפירא

מיר וועלען אים אָנרופען דער „צווייטער משה", לויט זיין עלטער נאָך משה שרת'ן. משה שאַפּיראָ איז געבוירען געוואָרען אין גראָדנע דעם 26־טען מאַרץ 1902, און איז היינט אין סאַמע גלאַנץ־פעריאָדע פון זיין לעבען און טעטיגקייט. פון זיינע 64 יאָר האָט ער צוויי דריטעל אָפּגעגעבען צו א"י (פערציג יאָר), און היות ער האָט שטענדיג געהערט צום רעליגיעזען לאַגער, אַלס פירער פון הפועל המזרחי און מזרחי, האָט ער ניט ווייניג זיך אָנגעליטען



דער מחבר ע"ה מיט אינערן־מיניסטער משה שאַפּיראָ

אויף זיין שווערען דערנער־וועג, היינט קאָן ער רוהיג זאָגען און אפילו זיך ערלויבען אַ שמייכעל צו טאָן: „ארבעים שנה אקוט בדור"... פערציג יאָר געקעמפט קעגן די פרייע פּאַרטייען, ניט אַרויסלאָזענדיג פון האַנט דעם דגל מחנה יהודה...

משה שאַפּיראָ איז געקומען קיין א"י שוין מיט אַ היבשען רעליגיעז־פּאָליטישען סטאַזש, נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט היבשע עטליכע יאָר אַוועקגעגעבען אין פוילען און ליטע צו דער רעליגיעז ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט שוין געהאַט געגרינדעט אָפּטיילונגען פון מזרחי הפועל המזרחי אין פאַרשידענע שטעדט, געבויט דעם החלוץ המזרחי, אין ווילנע; געווען מזרחי פירער אין וואַרשע, און געוואָרען דער שטענדיגער דעלעגאַט פון רעליגיעזען ציוניזם צו אַלע קאָנגרעסען און צוזאַמענפאַרען. קומענדיג קיין ישראל אין יאָר 1925, האָט ער זיך פאַרנומען מיט אימיגראַציע־פּראָבלעמען, זוכענדיג ווי ווייט־מעגליך צו פאַרגרעסערען דעם ישוב אין לאַנד. 13 יאָר האָט ער אַוועקגעגעבען דער דאָזיגער טעטיגקייט ביז די קאָנטורען פון דער נייער מדינת ישראל זענען שוין געוואָרען גענוג קלאָר ,און עס איז געשאַפען געוואָרן די פּראָוויזאָרישע ישראל רעגירונג, וואו ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון אימיגראַציע מיניסטער און געזונטהייט אָנגעלעגענהייטען.

אין יאָר 1919 איז משה שאַפּיראָ דערוויילט געוואָרען צו דער כנסת, אַלס דער ערשטער, וואָס איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון „החזית הדתית" (רעליגיעזער פראָנט). מיט דער דערוויילונג פון דער ערשטער אָפיציעלער ישראל־רעגירונג, איז משה שאַפּיראָ געוואָרען געזונטהייט און אינערן מיניס־טער, אַן אַמט, וואָס האָט אין דער צייטווייליגער רעגירונג אָנגעהאַלטען דער געוועזענער פירער פון פוילישען אידענטום יצחק גרינבוים. משה שאַפּיראָ האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבעט צו דעמאָקראַטיזירען די קהילות, און אַריינברענגען אין זיי מער אידישען גייסט און אינהאַלט.

עס איז געווען זיין איניציאַטיוו צו פאַראייניגען יפו מיט תל אביב. אין יאָר 1949 איז ער געוואָרען מיניסטער פאַר רעליגיעס אין ישראל, אַן אַמט, וואָס האָט פריער באַקליידט דער באַרימטער גאון וגדול בישראל הרב מימון (פישמאַן ז"ל). אַזוי אַרום האָט משה שאַפּיראָ געטראָגען אַ לענגערע צייט דריי באַזונדערע קרוינען — מיניסטער פון אינערן, געזונטהייט און רעליגיעס — נאָר אַ דאַנק זיין געזונטער אָריענטאַציע און גרענעצלאָזער ליב־שאַפט צום לאַנד, האָט ער באַוויזען אויסצוויקלען זיך פון די דאָזיגע פונקציעס, וועלכע האָבען אים באמת שטאַרק פאַרשלונגען...

משה שאַפּיראָ איז אָבער ניט בלויז דער מענש פון „דזשאָבס"... זיין לעבענס־פילאָזאָפיע איז תמיד געווען רעליגיעזער ציוניזם, וואָס האָט געפונען דעם בולטסטען אויסדרוק אין הפועל המזרחי, און במילא אין דער מזרחי־אידעאָלאָגיע.

משה שאַפּיראָ איז צווישען די געציילטע אידישע פּאָליטיקער און מלוכה־מענער, וועלכע זוכן ניט קיין אָדלער אין דער לופטען, נאָר ציהען פאָר אַ פויגעל אין דער האַנט... ער פאַרלירט ניט קיינמאָל זיין טעמפּעראַמענט, ער ווייסט פון מאָס און פּראָפּאָרץ, אָבער וועט קיינמאָל ניט מוותר זיין אויף זיין פּרינציפּ, אויף זיין קאָנסעקווענטע שטעלונג צו פּראַגען, וואו ער איז אומ־בויגזאַם.

שוין ניט איינמאָל האָט ער באַוויזן זיין עקשנותדיגע שטעלונג, ווען עס איז אָנגערירט געוואָרען דער ענין „ווער איז אַ איד". משה שאַפּיראָ, אַלס געוועזענער תלמיד מובהק פון דעם גרויסען געוועזענעם ראש הישיבה אין גראָדנע, ר' שמעון שקאָפּ ז"ל, און זייענדיג פאַרוואָרצעלט אין עיקרי הדת והאמונה, וואָלט קיינמאָל ניט נאָכגעגעבען קיינעם אין ענינים דת והיהדות...

ער איז ארויסגעטראָטען פון דער רעגירונג, אַלס פּרינציפּ, ניט מיט־צוגיין מיט אַזעלכע פירער וועלכע זוכן צו שאַפען נייע באַגריפען וועגען איד און אידישקייט! זיין שטאַנדפּונקט איז — הלכה.

זיין אידישקייט ציט די יניקה פון אונזערע אַלטע קוואַלען, און דאָס בלויז קומען און זאָגען „עברי אנוכי" מיינט נאָך ניט פאַר שאַפּיראָ'ן אמונת ישראל און תורה מסיני...

בעת דער פראַגע „גיוס נשים", ד. ה. אַריינגעמען אידישע טעכטער אין דער ישראל אַרמיי, האָט משה שאַפּיראָ אויך געפירט אַ שטאַרקען געראַנגעל, צי זאָל ער אַלס רעליגיעזער פאַרשטייער שטימען פאַר גיוס נשים (ח"ו), אָדער ניט. ער האָט אויפגעזוכט אַלע נויטיגע אַרגומענטען, לויט דער הלכה, וואָס האָבען גערעכטפערטיגט דאָס אַריינגעמען מיידלאך אין מיליטער ווייל די קליינע אידישע באַפעלקערונג אין ישראל, איז געווען (און איז נאָך אויך היינט) אַרומגערינגעלט מים אַ ים פון אַראַבישע בלוטיגע שונאים, און בעל כרחו צוגעשטימט צו „גיוס נשים", מיטן אויסנאַם פון עכט־רעליגיעזע אידישע טעכטער.

משה שאַפּיראָ האָט שוין דורכגעמאַכט אַ טרויעריגען אינצידענט אין כנסת, ווען אַ מאַניאַק האָט געשאָסען אויף דער זייט פון דער רעגירונג און גראָד אים געטראָפען און שטאַרק פאַרוואונדעט. ער האָט זיך אָבער שפּעטער ערהאָלט און צוריקגעקומען צו זיינע פליכטען.

אין אונזערע פיל־מאָליגע געשפּרעכן און הויפּטזעכליך פאַרברענגענדיג פסח ביי אים אין הויז אין דער האַרציגער אַטמאָספערע פון זיין צניעותדיגער פרוי, זון און טאָכטער, האָבען מיר גענטער זיך צוגעקוקט צו זיין לעבען, צו זיין טעטיגקייט, און ערשט טיפער באַגריפען וויפיל חזקת היהדות ער פאַר־מאָגט...

שאַפּירא האָט אונז מיטגענומען אין שול (אין היכל שלמה), און אַרויס־שפּאַצירענדיג צוזאַמען שבת חול המועד, האָט ער אונז אַוועקגעפירט אין אַ

ווייטע גאַס, טראַגענדיג מיט שטאָלץ דעם טלית אונטער׳ן אָרעם, און ענט־פערענדיג אויפ׳ן וועג אַ „שבת שלום״ צו די הונדערטער אידען, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון אַנדערע שולען און שטיבלאַך, און אים באַגריסט.

— וואוהין גייען מיר? — האָב איך געפרעגט משה שאַפּיראָ, — און ער האָט געענטפערט, אַז קודם גייען מיר אַריין אָפּגעבען אַ גוט שבת און גוט יו״ט צו דער אלמנה פון הרב הערצאָג ז״ל, דאָרט וועט מען האָבען אַ קידוש, און דאַן וועט מען גיין צו אים אויף דעם שבת׳דיגען מאָלצייט... ביי פרוי הערצאָג, וועלכער מיר האָבען אגב איבערגעגעבען אַ לעבעדיגען גרוס פון איר זון יעקב, דעם דאַמאָלסדיגען אַמבאַסאַדאָר אין אָטאַוואַ, האָבען מיר געטראָפען אַרום אַ פופציג געסט, „קידוש מאַכער״, וועלכע פאַרלאָזען זי ניט און קומען צו איר כמעט מדי שבת בשבתו אָפּצוגעבען אַ „שבת שלום״. די אלמנה האַלט אָן דעם סדר־החיים, דעם פּרעסטיזש און הנהגה פון איר גאָט־זעליגען מאַן הרב הג׳ יצחק אייזיק הלוי הערצוג ז״ל וועלכער איז געווען רב ראשי אין ישראל היבשע יאָרען...

קומענדיג אין הויז פון השר משה שאַפּיראָ, האָבען מיר געטראָפען זיין אשה צדקנית, אַ מיוחסת, אַן אָפּשטאַמיגע פון דער באַרימטער באָסטאָמסקי משפחה, גלייך האָט זיך פאַרפירט אַ שמועס וועגען גראָדנע, אמדור און אַנדערע שטעטלאַך, דאַרונטער וועגען מיין היימשטאָט סלאָנים, וואָס האָט אויך געהערט צו גראָדנער גובערניע אין די צאַרישע צייטען. עס איז געוואָרען היבשלאַך היימיש.

די שאַפּיראָ משפחה דערמאָנט אָן אַמאָליגע פּאַטריאַרכאַלע אידישע היים, וואו מען שפּיגעלט זיך אין אידישקייט, וואו דער זון און די טאָכטער קוקען מיט אַזוי פיל ליבע און יראת הכבוד אויף זייערע עלטערען. עס איז געווען ממש אַ גייסטיגער פאַרגניגען צו געפינען זיך צווישען זיי. משה שאַפּיראָ האָט ניט אַזאַ רייכע היים, ווי מיר זעען דאָס אין אַמעריקע, קאַנאַדע אָדער אַנדערע רייכע לענדער. עס איז אָבער אַ היים מיט אַ רוח־השכינה, אַ היים, וואו תורה, מצוות און מעשים טובים גייען צוזאַמען...

עס איז אַ געמיטליכע וואוינונג, אַביסעל גרעסער פון די געוויינליכע
2 צימערען מיט אַ קיך, אָבער ווייט פון לוקסוס און אויסערליכען גלאַנץ...

נאָכ׳ן שבתדיגען עסען האָבען מיר פאַרפירט אַ מין „לאַנדסלייט״־געשפּרעך מיט השר שאַפּיראָ, וועלכער איז אגב זעהר ווייט פון גדלות, אָנגע־בלאָזענקייט און אינערליכער שטייפקייט, כמנהג מיניסטאָרען פון חשובע פּאַרטפּעלען. ער איז שוין אגב געווען במקום פּרעמיער, ווען בן גוריון פלעגט פאַרלאָזען אויף אַ געוויסע צייט ישראל און אָפּפאָרען צוליב רעגירונגס פליכטען אין אַנדערע לענדער. משה שאַפּיראָ האָט אַרונטערגעצויגען דאָס רעקעל, זיך געמאַכט באַקוועם, און גענומען רעדען צו אונז, מעשה גאַסטפריינדליכקייט...

— איך גלויב בכל נפשי ומאדי, אז רעליגיעזע אידישקייט מוז זיין

דער הויפּט „אני מאמין" פון יעדען איינעם, וואָס רעכענט זיך אַלס איד אין פולען זין פון וואָרט, — האָט ער באַטאָנט.

— איך בין שטאָלץ אויף אונזער דור, וואָס האָט זוכה געווען צו דער גאולה, און די אַמעריקאַנער, קאַנאַדער און אַלע אַנדערע אידען דאַרפען זיך חלילה ניט באַקלאָגען, און ניט קריטיקירען מדינת ישראל צוליב דעם אָדער יענעם פעלער. הלואי אויף אַלע אידען אין דער וועלט אַזעלכע שבתים און יום טובים, ווי ישראל האָט! הלואי אזא אידישקייט אויף אַלע גוטע לענדער געזאָגט געוואָרען!...

— וועלכע זענען די קענטיגסטע שינויים אין ישוב פאַר די לעצטע יאָרען? האָבען מיר געפרעגט.

— אָט נעמט למשל תל אביב — געווען אַ צייט ווען עס איז ניט געווען קיין איינציגע שול צום דאַוונען אין תל אביב. היינט — פינף הונדערט בתי כנסת און בתי תפלה, און אַלע זענען ברוך השם אָנגעפילט מיט אידען, מתפללים, לומדים א. אַ. וו. אָדער נעמט, למשל, ישיבות:

— מיר האָבען היינט אפשר קרוב צו 200 ישיבות, און פיל פון זיי גאַנץ וויכטיגע, וואו מען זיצט יומם ולילה און מען לערנט ש"ס, פוסקים, תוספות און פילפולים. דאָס איז נאָך אָבער אַלץ דער אָנפאַנג, האָט ער, מיט אַ באַזונדער בטחון אונטערשטראָכען. דער רעליגיעזער ציוניזם, דער מזרחי הפועל המזרחי דעראָבערט טאָג איין און טאָג אויס נייע פּאָזיציעס, נייע רעליגיעזע פעסטונגען, קאָלאָניעס און קיבוצים, און דאָס שאַפט דעם פּאָן פון מדינת ישראל, און רוקט זי אַרויס אין פאָדערגרונט פון אַ סך עלטערע מדינות אויף דער וועלט, אָפּגערעדט פון די ניי־ענטשטאַנענע לענדער אויפ'ן אַפרי־קאַנער־אַזיאַטישען קאָנטינענט. מיר מעגען שטאָלץ זיין מיט אונזער יוגענד, מיט אונזער דור, וועלכער האָט פאַרשטאַנען די חשיבות פון גאולה, און קיין שום קרבן איז אים ניט שווער געווען, אבי צו ראַטעווען די אידישע צוקונפט פון אַסימילאַציע און פשוטען אונטערגאַנג!

אַזוי דענקט דער ליב האַרציגער משה שאַפּיראָ, קוקענדיג דורך זיינע ליכטיגע ברילען אויף דער צוקונפט פון אונזער פאָלק און לאנד, און דינט די צילן, וואָס זיין מיניסטאָרן־אַמט לעגט אויף אים אַרויף.

אין לעצטען סך הכל, משה שאַפּיראָ איז דער סינטעז פון רעליגיע און מדינת ישראל. ער האָט במשך פון אונזערע מערערע געשפּרעכען שטענדיג אויסגעדריקט דעם צער, פאַרוואָס די רעליגיעזע פּאַרטייען קאָנען ניט געפינען דעם „קאָמאָן דענאָמינאַטאָר", און גיין צוזאַמען, וואָס וואָלט זעהר פיל פאַר־גרעסערט דעם פּרעסטיזש פון תורה און אידישער אמונה אין לאַנד פון אונזערע אבות... לויט זיין קורצען חשבון און אויפ'ן סמך פון די ציפער, וועלכע ער באַזיצט, אַלס אינערן מיניסטער און מיניסטער פון געזונדהייט, ציילען זיך אין אַלע אָרטאָדאָקסישע חינוך־מוסדות אַרום פערציג פּראָצענט פון אַלע

קינדער פון שול־עלטער. ער קאָן דעריבער ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס די צאָל רעליגיעזע דעפּוטאַטען אין כנסת איז ניט מער פון פופצען פּראָצענט.

אויף אונזער פראַגע, ווי אַזוי איז עס טאַקע מעגליך, האָט משה שאַפּירא געענטפערט: מאַנגעל אין פאַרשטענדעניש! אנשטאט שלום־בית צווישען אידען, וואָס שטייען אויפן באַזיס פון תורה־אידישקייט, הערשען מחלוקות, רייסערייען, טענות, וואָס האָבען ניט קיין גרונט און דאָס קוקען קרום איינע אויף די אַנדערע. דערמיט האָט ער געמיינט די אגודת ישראל וועלכע וויל נאָר גיין מיט אירע אייגענע אַמביציעס, כאָטש דאָס שאַדט אַמשטאַרקסטען דעם רעליגיעזען אידנטום, סיי אין ישראל, און סיי אין דער דאספּאָראַ. ער קאָן בשום אופן ניט משיג זיין, פאַרוואָס רעליגיעזע אידען, וועלכע האָבען דורות לאַנג מתפלל געווען פאַר ארץ ישראל און פאַר ירושלים עיר־הקודש, זיצען נאָך אַלץ היינט אין דער פרעמד, על אדמת נכר, פאַרגעסענדיג וואָס זיי האָבען אַזוי לאַנג געבעטען „ולירושלים עירך ברחמים תשוב" און „בנה ביתך כבתחילה וכונן מקדשך על מכונו", און „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", און אַזוי ווייטער און ווייטער! — ווי קאָנען די זעלבע רעליגיעזע אידען זיך ווייטער וואַרעמען ביי פרעמדע טישען, אויף וועלכע ישעיה הנביא דריקט זיך אויס: „כי כל שלחנות מלאו קיא צואה" (כ"ח, ח').

דעריבער גייען זיינע בליקען אין צוויי ריכטונגען: — ערשטענס — שאַפען אַ געמיינזאַמען פראָנט פון אַלע רעליגיעז־געשטימטע עלעמענטען, און בילדען מיט זיך אַ גרעסערען כוח סיי כלפי פנים און סיי כלפי חוץ. צווייטענס — דאַרפען אַלע רעליגיעזע ריכטונגען גיין מיט איין בשותפותדיגער ליסטע צו די קומענדע כנסת וואַלען, בפרט, אַז בדרך כלל זענען פאַראַן אַרום זיבעציג פּראָצענט אידען, וואָס געהערען ווער מער ,און ווער ווייניגער צום רעליגיעזען לאַגער, אָבער דאָס קומט ניט צום אויסדרוק צוליב קליינליכע פּערזענליכע אַמביציעס! דאָס האָט אויך לויט זיין מיינונג דערפירט צו דעם, וואָס די מפא"י זוכט לעצטענס צו שלאָגען קאַפּיטאַל פון דער צומישעניש אין רעליגיעזען לאַגער, און זי האָט אויך אָנגעפאַנגען שאַפען בתי כנסת, זאַמלען ספרי תורה'ס און אַנדערע תשמישי קדושה, אַ געביט, פון וועלכען זי איז געווען מיילען ווייט זינט זי עקזיסטירט. דאָס קאָן אויך פיל שוואַכער מאַכען דעם רעליגיעזען עלעמענט ווייל די מפא"י האָט מער מאַטעריעלע כוחות משפיע צו זיין אויף אַזעלכע, וועלכע זענען ניט הונדערט־פּראָצענטיגע רעליגיעזע אידען.

אַזוי זעט פאַראויס די לאַגע דער מוסטערהאַפטער אידישער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער פירער ר' משה שאַפּירא, וועלכער איז פאַרוויקעלט סיי אין אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישען קאַמף אין לאַנד, און סיי מיט די אַנדערע רעליגיעזע גרופּען, וועלכע קאָנען נאָך אַלץ ניט געפינען דעם „שביל־הזהב" צו פאַר־

איינציגען תורה און ציון, און ווערען דער מאָסגעבענדער כוח אין ישראל, און אויך אין די תפוצות הגולה, ווי דאָס קומט אים לויט אונזער געשיכטליכער פאַרגאַנגענהייט.

## משה דיין

גאָר אַן אַנדער טיפּ איז דער יונגער משה דיין, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין דגניה מיט פופציג יאָר צוריק (29־טען מאי 1915).

ער טראָגט אויף זיך דעם פולען שטעמפּל פון אַ סאַברא, פון איינעם, וואָס האָט ניט פאַרזוכט דעם טעם פון „גלות״, וואָס האָט זינט זיין געבוירענ־טאָג געאָטעמט די לופט פון ארץ ישראל, און פילט ניט קיין „גלות־קאָמפּלעקס״, קיין תפוצה־השפעה, ווייל ער איז דורך און דורך אַ ישראל פּראָדוקט.



דער מחבר ע״ה און משה דיין

נאַטירלעך, איז ער ניט דער איינציגער, וואָס האָט געהאַט דעם זכות געבוירען צו ווערען אין א״י. ער איז אָבער פון די גאָר געציילטע סאַברעס, וועלכער שטאָלצירט מיט זיין וויגעלע אין דגניה, וועלכער איז אַריינגע־וואַקסען אין ישראל־באָדען מיט אַלע זיינע רמ״ח איברים ושס״ה גידים, ווייל ער איז אַ ישראל פּראָדוקט פולע הונדערט פּראָצענט, און משמעות, אַז ער איז געבוירען געוואָרען צו העלפען זיין מולדת צו ווערען אַ לאַנד מיט לענדער צוגלייך.

אַלס קינד, וואָס איז אויפגעצויגען און אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אין קיבוץ, האָט משה דיין שטאַרק ליב געקראָגען די נאַטור, און ער האָט זיך פאַראינטערעסירט הויפּטזעכליך מיט לאַנדווירטשאַפט. ער איז אַריינגעטראָטען אין דער אַגריקולטור שולע, און אַ לענגערע צייט זיך פאַרנומען מיט פאַר־מערייַ אין נהלל. ער האָט זעהר יונג דערפילט די ספּעציפישע לאַגע פון א״י, איר הילפסלאָזיגקייט, און באַשלאָסען צו פאַרנעמען זיך אויף אַזעלכע וועגען, וואָס זאָלען איר העלפען מיט דער צייט ווערען אַ פולשטענדיג פרייע מדינה פאַר זיך אַליין, לויט ווי א״י איז דאָס געווען ביז׳ן חורבן בית שני. דאָס האָט אים געפירט צו אַנשליסען זיך אין דער הגנה, וועלכע איז לכתחילה געווען אַ מין אונטערערדישע באַוועגונג. ווען דער ענגלישער גענעראַל ווייגנגייט איז געוואָרען דער אַנפירער פון די נאַכט סקוואַדען, האָט דיין איבערגענומען דעם אַמט פון אַ שומר, צו באַשיצען די אידישע גרעניצען פון אַראַבישע איבער־פאַלער... אין דעם קאַמף געגען די סיריער האָט משה דיין זיך אויסגעצייכענט, און שפּעטער אָנגעפירט מיט די פּלמ״ח יוניטס; ווען די אַלאַאירטע האָבען אינוואַדירט סיריע, איז ער געווען פון די הויפּט עקספּערטען פון דער מיליטע־רישער אַקציע, און ער האָט דאַן פאַרלוירען זיין לינקען אויג ווען אַ קויל איז דורכגעלאָפען און געטראָפען אין זיינע אויגענגלעזער...

אין די יאָרען 1939 — 1941 איז ער געווען אַרעסטירט פון די ענגלענ־דער אין עכו, אָבער ווען עס איז געקומען די מלחמת השחרור (דער באַפריי־אונגס־קאַמף) האָט ער אָנגעפירט מיט אַ מיליטערישער אָפּטיילונג, און געוואָרען בריגאַדיר קאָמאַנדאַר פון ירושלימער געגענד, וואָס איז דאַן געווען באַלאַגערט.

משה דיין איז געווען דער הויפּט פון דער ישראל דעלעגאַציע צו די פאַרהאַנדלונגען וועגען וואַפענשטילשטאַנד אין ראָדאָס, וואו עס איז פאַר־געקומען די זיצונג פון די אַראַבישע לענדער. ער איז געווען הויפּט פאַר־בינדונגס־אָפיציר צווישען די אַראַבער און אידען, ווייל זיין אַראַביש האָט גוט געדינט דעם ציל צו פירען פאַרהאַנדלונגען. שפּעטער איז ער געוואָרען דער הויפּט פון גענעראַלשטאַב, און איז געוואַקסען אין זיין מיליטערישער קאַריערע זעהר שנעל. 5 יאָר איז ער געווען דער טשיף פון גאַנצען מיליטע־רישען פּערסאָנאַל.

זעלבסטפאַרשטענדליך, האָט ער געהאַט אַ גאָר גרויסען חלק אין דעם נצחון ביים סועץ קאַנאַל, וואו ישראל האָט באַוויזען ממש וואונדער: במשך

פון איין וואָך איז דערגרייכט געוואָרען אַזאַ בכבודיגער זיג, אַז די ישראל־אַרמיי איז פּונקט צו דער וואָך צוריקגעקומען אַהיים און יעדער באַזונדער צו זיין אַרבייט און פונקציע. דאָס האָט בשעתו אַרויסגערופען די גרעסטע שפּאַנונג אין דער וועלט פון מיליטאַריזם. נאַסער האָט געקראָגען אַ טויט קלאַפּ, פיזיש און מאָראַליש, און ווען ניט כרושטשעוו, אייזענהאַוער און ענג־לאַנד, וואָלט ער שוין קיינמאָל קיין „תחית המתים״ ניט אויפגעשטאַנען... אָבער דער „אין מזל לישראל״ האָט זיך אַפילו דאָרט ביים סועץ ווידערהאָלט. די ישראל אַרמיי האָט פאַרלאָפען דעם סועץ קאַנאַל, צוריקגעצויגען די באַוואָפענטע קרעפטען, און נאָכגעקומען די פערזענליכע בקשות פון פּרעזידענט אייזענהאַוער און די דראָהונגען פון די אַנדערע, וואָס האָבען אויפגעאַיבט אַ שטאַרקען דרוק אויף בן גוריונען...

עס איז אַמשטאַרקסטען אינטערעסאַנט, וואָס בן גוריון און דיין, וועלכע זענען אין תוך צוויי באַזונדערע טיפּען, אויסגעהאָדעוועט אונטער פאַרשידענע הימלען, מיט אַנדערע פּסיכאָלאָגיעס און וועלט־אַנשויאונגען, און דאָך האָט זיך פאַרוואָרצעלט אַזאַ שטאַרקע ליבע צווישען זיי ביידען! דיין איז גרייט אויף אַלע קרבנות, אַבי ניט צו דערלאָזען בן גוריונען צו אַ וועלכער עס איז נידער־לאַגע, אַ מאָראַלישע, אָדער פּאַרטייאישע, סיידען זיין אויטאָריטעט איז שוין ניט גענוג גרויס צו דעקען אַלץ, וואָס בן גוריון קאָן זיך דערלויבען צו טאָן...

מיר וועלען דאָ ניט אַריינגיין וויים אין דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר באַרירען איינעם פון די סאַמע לעצטע עפּיזאָדען: ווען עס איז אויסגע־בראָכען דער בן גוריון־לבון אינצידענט (צום 2־טען מאָל), נאָכדעם, ווי ער האָט זיך שוין געהאַט „איינגעשטילט״ פאַר צענדליג יאָרען), און דער קאַמף צוליב דער באַרימטער „פּרשה״ מיט „עסק ביש״ האָט זיך אויפדאָסניי צו־פלאַקערט, האָט זיך פּרעמיער אשכול געפונען אין אַ כאַאָטישען צושטאַנד, ניט קענענדיג זיך באַשליסען, וואָס פאַר אַ שטעלונג אָנצונעמען, דיין האָט דאַן באַוויזען אַ זשעסט און געמעלדעט, אַז ער גייט אַרויס פון דער אשכול־רעגירונג, אַלס מיניסטער פון לאַנדווירטשאַפט. נאַטירליך, האָט דאָס אויפ׳ן מאָמענט געהאַט אַ שטאַרקען עפעקט, אָבער דער קריזיס אין דער רעגירונג איז געוועזען אַזוי ערענסט, אַז אשכול האָט תיכף נאָמינירט אַ ממלא מקומו פון משה דיין, און עס האָט זיך ווידער אויף אַ ווייל איינגעשטילט דעם ים... עס האָט געהאַלטען, אַז אויך דוב יוסף, דער יוסטיץ מיניסטער, דער געשוואָרענער ידיד פון בן גוריונען, זאָל פאַרלאָזען די אשכול רעגירונג. אויך טעדי קאָלעק, די רעכטע האַנט פון פּרעמיער (פאַר יאָרען לאַנג פון בן גוריונען) האָט זיך צוריקגעצויגען פון זיינע פונקציעס אַלס הויפּט פון פּרעמיער׳ס־אָפיס, און עס האָט אויסגעזען, אַז באַלד וועט צוזאַמענברעכען די גאַנצע אשכול־רעגירונג, און עס האָט ניט פיל געפעלט, אַז פּרעזידענט שזר זאָל צוריקרופען בן גוריונען און אים באַפאָלמעכטיגען צו שאַפען אַ נייע רעגירונג... דער דעת הקהל האָט

אָבער געהאַלטען מיט אשכול'ן, און ער איז צוריק פאַרבליבען דער ראש־הממשלה, און דער שטורם האָט זיך אַביסעל באַרוהיגט.

מיר שטעלען זיך אָבער אָפּ אויף דער האַלטונג פון משה דיין, וועלכער האָט ניט ענטוישט בן גוריונען, און גענומען זיין צד, כאָטש ער האָט ניט געהאַט קיין געניגענדען גרונד אַלס חבר פון מפא״י צו האַנדלען געגען אשכול'ן... עס איז געוואָרען אין כנסת אַ גאַנצע טרעוואָגע וועגען דיינען: איניגע האָבען געטענה'ט, אַז דאָס איז אַ וואונק פון בן גוריונען, און אַנדערע האָבען געגלויבט, אַז דאָס איז וואַרשיינליך צוליב זיינע אייגענע אויס־רעכנונגען.

דער עולם איז געוואוינט אין ישראל צו באַטראַכטען משה דיינען אַלס „קינד, וואָס פאַרשאַפט קאָמפּליקאַציעס און זאָרג״, אָדער ווי מען רופט דאָס אין פראַנצויזיש ל„אנפאַן טעריבל״ פון דער מפא״י פּאַרטיי. ער איז ניט קיין מאַרקסיסט, קיין סאָציאַליסט, און ער מישט זיך ניט אין די אַלע פּאַרטיי־דיסקוסיעס און דעבאַטען, און איז גיכער אַ פּשוטער פאָלקס־מענש אין שענסטען זין פון וואָרט. ער איז מערסטענס דורכגענומען מיט דער שיטה פון מיליטאַריזם, וויסענדיג, אַז מדינת ישראל נויטיגט זיך אַמערסטנס אין שוץ און זיכערקייט, און דאָס וויל ער איר געבען לויט זיינע בעסטע מעגליכקייטען. ער האָט אגב איבערגענומען דעם מעטאָד פון דעם געוועזענעם רוסישען צאַר פּיאָטר אַז „עס איז בעסער צו באַגעגענען דעם שונא אין זיין לאַנד, איידער אין אייגענעם... ער גלויבט, אַז מען דאַרף ניט וואַרטען אויף אַ שונא'ס „וויזיט״, נאָר אים באַצייטענס מאַכען אומשעדליך...

מהאי טעמא האָט ער זיך טאַקע גאָר וועניג געמישט אין די ערשטע יאָרען פון דער מדינה אין פּאָליטיק. ער פלעגט אויסמיידען צו באַזוכען די כנסת, די מפא״י מיטינגען, און זיך מערסטענס אויסגעלעבט אין דער סביבה און אין קלימאַט פון דער ישראל אַרמיי. דער סוד פון משה דיינ'ס אַנטי־פּאַטיע צו לבונב'ען נעמט זיך נאָך פון יאָר 1953, ווען בן גוריון איז אַוועק צום ערשטען מאָל אין שדה בוקר, און לבון איז געוואָרען פּאַרטיידיגונגס־מיניסטער, משה דיין איז געווען דאַן דער שעף פון דער ישראל־אַרמיי, און זענען שוין דאַן געווען צוויי באַזונדערע טיפּען, וואָס האָבען ניט געהאַלטען איינער פון צווייטען.

בן גוריונס פריינטשאַפט צו דיינען איז געקומען צום קולמינאַציע־פּונקט, ווען דער לעצטער האָט אַרויסגעוויזען מיליטערישע גאונות אין דער סיני־אַקציע, בן גוריון האָט אים דאַן געראַטען אַריינצוגיין אין פּאָליטיק. נאַטירלעך, איז ער קודם געוואָרען אַ כנסת דעפּוטאַט, און נאכהער — אַגרי־קולטור מיניסטער, הגם ער האָט געהאַט אַ טענדענץ צו באַקליידען אַן אַנדער אַמט.

דיין איז געווען היבשע יאָרען אַ שטאַרקער פריינט און נאָכפאָלגער

פון בן גוריונען. ווען די לאַגע האָט זיך אָבער געענדערט, און אשכול איז געוואָרען פרעמיער, האָט דיין געחלומט צו ווערען זיכערקייטס־מיניסטער, אַן אמת, וואָס בן גוריון האָט אַנגעהאַלטען כל זמן ער איז געווען פרעמיער. אָבער אשכול האָט ניט געוואָלט אויפגעבען די ביידע פּאָרטפעלען, וועלכע בן גוריון האָט געהאַלטען, און איז פאַרבליבען אי פרעמיער און אי פאַרטיידיגונגס־מיניסטער. דאָס האָט משה דיינען שטאַרק געערגערט, און ער האָט ניט געוואָלט אַנגעהאַלטען זיין פּאָרטפעל אַלס אַגריקולטור מיניסטער. ער האָט אַפילו מערערע מאָל עפענטליך דעמאָנסטרירט זיין ניט־איינשטימיגקייט מיט אשכול׳ן.

אין דעם זין האָט ניט פיל געהאָלפען די פּאַרטיי־דיסציפּלין פון מפא״י, צו וועלכער זיי ביידע האָבען געהערט. דאָס האָט מערערע מאָל געשאַפען אַ סלע המחלוקת צווישען דיינ׳ען און די אַנדערע מפא״י־מיניסטאָרען. באַזונדערס איז דיינ׳ען ניט געפעלען געוואָרען די אשכול־ליניע אין דער אויסערליכער פּאָליטיק, ווייל ער האָט געהאַלטען, אַז מען מוז זיין שטרענגער צו די אַראַבער פאַר זייערע דראָהונגען, איבערפאַלען און אָפטע שיסערייען ביי די גרעניצען... דיין האָט געוואָרענט, אַז כל זמן עס איז ניט צו־־שפּעט, דאַרף מען נאָסערן מאַכען אומשעדליך, און ניט וואַרטען, ביז ער וועט האָבען די אַטאָמישע באָמבע, וועלכע דייטשע עקספּערטען גרייטען צו אין עגיפּטען... דיין איז אויך געווען געגען דעם מערך פון צונויפבברענגען לבונען מיט דער מפא״י־פּאַרטיי, כאָטש ער האָט זיין אייגענאַרטיגע טעאָריע געהאַט, אַז ניט פּנחס לבון און ניט דער הויכער אָפיציר זענען שולדיג געווען אין דעם עסק ביש, נאָר אַן עגיפּטישע פּראָוואָקאַציע!

אין פּרינציפּ אָבער איז ער מסכים מיט בן גוריונען, אַז לבון דאַרף פאַרבלייבען מחוץ למחנה פון דער מפא״י, ווייל אין זיין קאַמף, האָט ער דער־נידריגט סיי דעם פּרעסטיזש פון בן גוריונען, אויף וואָס דיין וויל ניט מוותר זיין, און סיי דעם פּרעסטיזש פון דער ישראל אַרמיי. די 2 מיניסטאָרען — יוסף אלמוגי און דוב יוסף זענען אידעאיש אויך ניט ווייט פון משה דיינען, אין זייער צוגעבונדענקייט צו בן גוריונען, אָבער די עקשנות פון לעצטען, אַז ער וועט קעמפען ביז אַן עגד, כדי צו דערווייזען לבונ׳ס שולד, האָט צו־שרויפט די רייהען פון מפא״י, און דערפירט צו אַ שטאַרקען ישוב הדעת, וואָס האָט אין לעצטען סך הכל צוריקגעקערט אשכול׳ן צו דער מאַכט צו־זאַמען מיטן גאַנצען קאַבינעט, אויסער דב יוסף, יוסף אלמוגי און גאָלדע מאיר.

בלעטערען מיר אויף צוריק די לעבנס געשיכטע פון יונגען משה דיין, זעהען מיר, אַז ער איז געבוירען געוואָרען צו זיין דער קעמפער פון ארץ ישראל. ער איז צוגעשטאַנען צום קרייז פּאַרטיידיגער, וועלכען די ענגלענדער האָבען געקרויינט מיט׳ן נאָמען „צבא בלתי חוקי״ (אומגעזעצליכע מיליטער). ער איז געווען אַרעסטירט, אָבער דאָס האָט נאָר פאַרשטאַרקט זיין אַמביציע צו זיכערען די קומענדע אידישע מדינה. ער האָט ביי יעדער געלעגענהייט

דעמאָנסטרירט זיין פּאַטריאָטיזם צו א״י, פּונקט ווי די ענגלענדער און פראַנ־צויזען האָבען דאָס פּראַקטיצירט לגבי זייערע לענדער. ער האָט אינדירעקט געלעגט דעם שטעמפּעל אויף ישראל׳ס זעלבסטשטענדיגקייט פאַר אַלעמענס אויגען. דיין און די גרויסע אידישע וועלט ווייסען, אַז בעת׳ן אָבסערווירען אַ געהעריגע פּאָזיציע אין אַ געוויסען מאָמענט, איז אַ קויל דורכגעלאָפען פאַר זיינע אויגענגלעזער, און ער האָט פאַרלוירען זיין לינקען אויג. ער האָט אָבער אַפילו דאַן זיין מיליטערישע לייסטונג ניט אויפגעגעבען, און פאַרגע־זעצט דעם קאַמף ביז עס איז אונטערגעקומען איוסטראַלישע מיליטער און אים באַפרייט. דאָס האָט געשאַפען דעם קערנדל פאַר די פלמ״ח אָפּטיילונגען.

נאָך דעם שווערען קאַמף, איז משה דיין צוריק אַוועק צו זיין אַרבייט אין נהלל, הגם ער פלעגט אָפט גערופען ווערען אַרויסצוהעלפען ביי פאַר־שידענע מיליטערישע אַקציעס. אין דער אַרמיי איז ער אָנפאַנגס געוואָרען סגן אלוף. אין 1948 איז ער געוואָרען אויבער קאָמאַנדיר פון ירושלים, אויפן אָרט פון דוד שאלתיאל. ער האָט פיל ביי געטראָגען צו דער פעסטשטעלונג פון די ישראל גרעניצען, לויט׳ן אָפּמאַך אין ראָדאָס. שפּעטער איז ער געווען אַקטיוו אין פאַרהאַנדלונגען וועגען וואָפענשטילשטאַנד מיט די אַראַבער, ספּעציעל מיט עגיפּטען, לבנון, עבר הירדן און סיריע, און אַזוי איז ער כמעט שטענדיג אויף דער וואַך, צו שיצען די אידישע מדינה לויט זיינע בעסטע מעגליכקייטען.

מוזען מיר אויך דערמאָנען אונזער שמועס בעת זיין לעצטען באַזוך אין מאָנטרעאָל און זיין אויפטריט אין פאָרום, וואו טויזענטער מענער און פרויען זענען אים געקומען מקבל פנים זיין. ביים שלוס פון אָוונד האָבען צענדליגער יונגעלייט, בחורים און מיידלעך פשוט נישט געלאָזט זיין אויטאָ־מאָביל רירען זיך פון אָרט. מען האָט אים ממש פאַרהאַלטען אויף אַ לאַנגע צייט און ניט געוואָלט געזעגענען זיך מיט אים, און נאָר נאָך לאַנגע אָנ־שטרענגונגען און צוליב שפּעטער נאַכט שעה, איז אים געלונגען אָפּצופאָרען פון פאָרום, מיר האָבען דאַן נאָך אונזער פריינטליכען געשפרעך דערפילט דעם אמת׳ן אידישען קעמפער, דעם „שמשון הגיבור״ פון אונזער דור. זיינע ער־פאַרונגען ביים סועץ האָבען אָנגעצונדען די פאַנטאַזיע פון טויזענטער אָנ־ווענדע, און זיין שוואַרצער „צודעק״ אויפ׳ן אויג האָט באַשטעטיגט זיין גרענעצלאָזע העלדישקייט, פאַרוואָס ער איז אַזוי באַליבט געוואָרען אין ישראל און אין די תפוצות הגולה. מיר האָבען אים געזען ביים יום העצמאות־פאַראַד, פריש און מונטער, מיט אַ געזיכט, וואָס שפּראָצט מיט ענערגיע, מוט און זיכערקייט. משה דיין וועט נאָך שרייבען אַ קאַפּיטעל געשיכטע, וואָס וועט אפשר איבערשטייגען די לעגענדעס פון אַ סך גרויסע היסטאָרישע העלדען..

זאָלען די דריי משה׳ס פאַרבלייבן אַ „חוט המשולש שלא במהרה ינתק״.

זיבן און פופציקסטער קאַפּיטל

# די זייער שווערע טריט פון בת־ים

**אַ קהילה פון איבער 50,000 נפשות. — אידישע עקשנות, — די ספּעציפישע אייגנשאַפטן פון בת ים, דער רעליגיעזער כאַראַקטער פון דער באַפעלקערונג. — וואָס דער מזרחי האָט אַריינגעבראַכט אין בת ים. — אויפבוי־פּראָצעס פון קרית בובוב, וואָס גייט פּאַראַלעל צו בת ים.**

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, האָט דער פריערדיקער מעיאָר פון בת ים, דוד בן ארי, אונז איבערגעגעבן אַ ריי אינפאָרמאַציעס וועגן „זיין" שטאָט. האָבן מיר געטראַכט אַז מסתם האָט ער אַביסעלע מגזם געווען, ווייל וואָס קאָן אַ מעיאָר טאָן, אויב ער וויל לויבן און זיך באַרימען מיט זיין קהלה?...

אויף אונזער ניט־פולער „זיכערקייט", אַז בת ים איז שוין טאַקע אויסגע־וואַקסן צו אַזאַ גרויסער שטאָט, וואָס האַלט ביי איבער 50 טויזנט תושבים, האָט דער פריערדיקער מעיאָר דוד בן ארי אונז איינגעלאַדן צו קומען און זען מיט אייגענע אויגן, וואָס בת ים שטעלט מיט זיך פאָר. מיר האָבן די איינלאַ־דונג בשעתו אָנגענומען, הגם מיר האָבן נאָך ניט געהאַט קיין שום זיכערקייט, ווען עס וועט אונז באַשערט זיין צו באַזוכן ישראל, און, במילא — אויך בת ים. דער גורל איז אָבער געווען גוט צו אונז, און איך און מיין פרוי האָבן באַזוכט אונזער אידיש־לאַנד — מדינת־ישראל.

לכתחילה איז דער צוועק געווען „אָנצוטאַפּן דעם דופק" פון דער מדינה, אויף וויפיל מען קען דאָס באַוויזן אין געציילטע וואָכן. נאַטירלעך, איז די צייט געווען פיל צו־קורץ, כדי צו קאָנען אַרומנעמען גאַנץ ארץ ישראל, און זיין איבעראַל, וואו מיר זיינען געלאַדן געוואָרן, אין די פאַרשידענע אינסטיטוציעס, רעגירונגס־אַמטן, לערן־אַנשטאַלטן, ישיבות, שפּיטאַלן, שטאָט־ראַטן וכדו׳. דאָך האָבן מיר ניט פאַרגעסן די איינלאַדונג פון געוועזענעם מעיאָר, דוד בן ארי, וועלכער האָט אויף אונז געמאַכט אַ זייער סימפּאַטישן איינדרוק, און מיר האָבן אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין בת־ים. אָבער מעשה שטן, איז ער אָפּוועזנד געווען און מיר האָבן געמוזט אויפנעמען אינפאָרמאַציעס פון פאַרשידענע באַאַמטע, פירער פון דער שטאָט, און אַזוי אַרום זיך געשאַפן אַ היבש בילד פון בת ים, וואָס האָט נאָך מער איבערצייגט אין די אמת׳ן וועלכע דוד בן ארי האָט בשעתו אונז דערציילט.

בת־ים האָט אַ לאַנגע געשיכטע פון אַ פערציג יאָר עקזיסטענץ. די טרוי־מער און בויער פון בת ים קאָנען זיכער און מיט שטאָלץ זאָגן „ארבעים שנה

אַקוט בדור״ — פערציק יאָר האָט מען זיך געַנוג אָנגעפּלאָגט, איבערגעלעבט שרעקלעכע נסיונות, דורכגעמאַכט דם ואש ותמרות עשן, אָבער בת ים האָט אַלץ גובר געווען. אמת איר פריערדיקער נאָמען איז געווען „בית וגן״ אַ הויז מיט אַ גאָרטן, אָבער נאָך די פאַרשידענע שטורמווינטן, איבערלעבונגען און צרות האָט מען באַשלאָסן משנה השם צו זיין פון „בית וגן״ אויף בת ים. די פאַקטי־שע דאַטע פון בת־ים רעכנט זיך פון יאָר 1926, און לויט דער אינפאָרמאַציע האָט דער ערשטער ישוב געציילט בסך הכל אַ 120 רעליגיעזע משפחות. מען האָט לכתחילה אויפגעשטעלט אַ צאָל צריפים מיט גערטנדלעך לעבן יעדן הייזקעלע, און דאָס האָט באַרעכטיקט דעם ערשטן נאָמען „בית וגן״. ווען עס זיינען אויסגעבראָכן די בלוטיקע פּאַסירונגען אין יאָר 1929, האָבן פיל פון די תושבים באַשלאָסן צו איבערוואַנדערן קיין תל אביב. די ענגלישע מאַכט האָט אָבער אין יאָר 1930 איבערגענומען די געגנט פון בת ים, און זינט דאַן איז די לאַגע געוואָרן רואיק. די איינוואוינער, וואָס זיינען פריער אַוועק קיין תל אביב האָבן זיך צוריקגעקערט קיין בת ים. אָבער אין יאָר 1931 האָט ווידער בת ים דורכ־געמאַכט אַ שווערן קריזיס, ווייל מען איז געווען אויסגעזעצט צו פאַרשידענע בלוטיקע סורפּריזן מצד די אַראַבער.

לויט ווי אַ באַאַמטער האָט אונז דערקלערט, איז די גאַנצע געגנט אין יאָר 1937 פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס לאָקאַלער ראָט, און האָט שוין געציילט דרייצן הונדערט תושבים. די פאַרגרעסערטע צאָל איינוואוינער איז באַשטאַנען פון אידיש־דייטשע עולים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן איינוואַנדערן נאָך אין יאָר 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. ווען ס׳איז פּראָקלאַמירט גע־וואָרן אין יונייטעד ניישאַנס די חלוקה פון פאַלעסטינע אויף אַ אידישע און אַראַבישע מדינות, זיינען די ערשטע אַראַבישע שאָסן אָפּגעפייערט געוואָרן אויף בת ים, און דער ערשטער קרבן איז געווען דער צען יאָריקער אינגל עמוס ראָזענצווייג ע״ה! ער איז נעבעך אומגעקומען, בעת ער האָט געפירט זיין בלינדן פאָטער צו דער אַרבעט... נאַטירלעך, האָט געַנומען אַ פּאָר יאָר, ביז דער אויפ־בוי־פּראָצעס פון בת ים איז אַוועק מיט פולן שוואונג. די פירער פון בת ים האָבן געהאַט די אויפגאַבע אויסצואַרבעטן קודם אַ געהעריקן פּלאַן, ווי די שטאָט זאָל איבער געבויט ווערן לויט די פאָדערונגען פון מאָדערנער טעכניק.

די אַרבעט האָט געדויערט ביזן יאָר 1958, ווען בת ים איז אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס שטאָט, מיט אַ פולן סטאַטוס, מיט אַלע רעכט און פּריווילעגיעס. אין דעם דערמאָנטן יאָר האָט בת ים געהאַט ניט מער ווי 25 הונדערט תושבים, ד.ה. אַז אין די עטליכע יאָר איז די באַפעלקערונג פאַרדאָפּלט געוואָרן.

פאָרנדיק צו און פון בת ים האָבן מיר באַוואונדערט די וועגן, די ניי־אויפגעבויטע געגנטן, און דערשפּירט דעם שנעלן ריטם פון דער וואַקסנדער

שטאָט. איבערהויפּט מאַכט אַ זייער אַנגענעמען אײַנדרוק די סימעטרישע פּלאַ־נירונג פון בת ים. מיר האָבן געפרעגט דעם נהג, וועגן אַ גאַנצן קוואַרטאַל, צי געהערט ער אויך צו בת ים, אָדער ניט. דער ענטפער איז געווען, אַז דאָס איז אַ נייער קוואַרטאַל, וואָס רופט זיך רמת יוסף, און לויט די פאַרשפּרעכונ־גען, וועט דאָס זיין דער שענסטער סעקטאָר פון בת ים. אין דער דאָזיקער נייער שכונה זיינען שוין פאַראַן אַ 15 טויזנט מענטשן, האָט דער נהג צוגעגעבן. דער פאַקט איז, אַז בת ים שטייגט איבער אַלע פּלענער און אַלע דערוואַרטונגען. די שטאָט וואַקסט, ווי אויף הייוון, און דווקא מיט אַן עכט אידישן כאַראַקטער, מיט אַ אידישן סדר החיים אין פולסטן זין פון וואָרט.

אויף אונזער פראַגע, ווי האָט דער שטאָטראָט באַוויזן צו דערגרייכן אַזוי פיל אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט, האָט ער אונז דערקלערט, אַז דער גרעסטער אויפטו איז געווען אויסצומישן די פאַרשידענע אידן פון אַסך לענדער, געגנטן, לעבנס אַנשויאונגען, רעליגיעזע השקפות א.א.וו. אין איין קהלה, פון ספרדים און אשכנזים. די שול, די גרעסטע אין שטאָט, האָט צוויי באַזונ־דערע אַריינגאַנגען, פאַר אשכנזישע אידן און פאַר ספרדישע אידן, אָבער אַלע — אין איין גרויסער שול, כאָטש זיי דאַוונען לויט זייערע אַנגענומענע מנהגים און נוסחאות. מען לעבט אין האַרמאָניע, עס איז נישטאָ קיין „מחיצה" אין פולן זין פון וואָרט. מען רעספּעקטירט איינע די אַנדערע, און דערמיט צייכנט זיך אויס בת ים, אַלס איינע פון די שטאָלצסטע קהלות אין לאַנד. זאָל דאָ אָבער צוגעגעבן ווערן אַז די האַנט פון פריערדיקן מעיאָר שפּירט זיך איבעראַל, ווייל ער איז געווען אַ מעורב בין הבריות. האָט אַלעמען צופרידנגעשטעלט, האָט ניט דערלאָזט קיין עוולות. אמת, דער רוח הזמן והמקום איז גורם צו אַ סך מאָדער־ניזמען; יוגנט וויל פרייהייט, און דאָס לעבן פּראָגרעסירט, — אָבער בת־ים איז כמעט אַ יוצא מן הכלל אין אַ געוויסן זין. לויט ווי מען האָט אונז איבערגעגעבן אין נאָמען פון הרב מרדכי פּירון, וועלכער איז סגן אלוף, און אַ גדול בתורה און לימודי היהדות, שטייט דאָס רעליגיעזע לעבן אין בת ים זייער הויך, און גוט פאַרוואַרצלט. יעדן שבת קומען פאַר שיעורים אין „מורה נבוכים", עס איז פאַראַן אַ שטענדיקער „עונג שבת" אין די שולן. צוויי מאָל יערלעך טאַנצן אידן מיט דער תורה, אום שמחת תורה און אין יום העצמאות.

מיר האָבן געפרעגט איינעם פון די ראשי העיר, וואָס איז די פּערספּעק־טיווע פאַר בת ים אין דער צוקונפט? וויפיל נאָך מענטשן און וויפיל לאַנד האָט זי, אויב דער ווייטערער שטראָם פון מענטשן וועט אַזוי אָנגיין?

אויף דער פראַגע האָבן מיר באַקומען דעם ענטפער, אַז בס"ה פאַרנעמט בת ים אַ 7,000 דונאַם באָדן, און דאָס אַליין זאָגט שוין, אַז מען קאָן ניט אַריינ־נעמען אַלע, וואָס ווילן זיך באַזעצן אין בת ים. וואָס־זשע וועט ווייטער זיין?

האָט דער איד אַליין געפרעגט און געענטפערט, אַז מיר דאַרפן זיך פאַרלאָזן אויף אונזערע שטאָט־טאַטעס...

— וואָס קען דען אַ מעיאָר טאָן, אַז עס איז קצר המצע מהשתרע? קאָן ער דען שאַפן באָדן מיט די אייגענע הענט? — האָבן מיר געפרעגט...

— פאַרלאָזט זיך אויף אונזערע פירער — איז געקומען די תשובה... בן ארי האָט נאָך בשעתו פאַרוואָרפן אַן אויג אויף די „ברענענדיקע זאַמדן", וואָס ליגן בשכנות מיט בת ים, און ער האָט שוין דאַן זיך געוועןדעט מיט אַ ביטע איינצושליסן נייע טויזנטער דונאַם אין תחום פון בת ים, און אַז עס וועט גיין גוט, וועט מען קריגן נייע טויזנטער דונאַם זאַמד־באָדן און מען וועט שוין וויסן וואָס צו טאָן מיט דעם... זאָל מען נאָר באַשליסן און אונז געבן — האָט דער איד אונטערשטראָכן.. ראשון לציון, וואָס ליגט היבשלאָך ווייט פון שכנות, דאַרף דאָס ניט האָבן אַזוי דרינגענד, ווי מיר. האָפן מיר דאָס צו קריגן, און ממשיך זיין אונזער בוי־פּראָגראַם לויט די פאָדערונגען פון דער צייט און עליה.

— קענט איר מיר זאָגן, מער אָדער ווייניקער, וויפיל אומגעפער אידן קומען אַריין אין בת ים יעדן חודש, אָדער יאָר? — לויט דער ביז איצטיקער איינוואַנדערונג קומען אַריין אַרום 1500 נפשות חודש'לעך, אָבער ווי וועט אָנגיין דער ווייטערער שטראָם קען מען ניט וויסן, — האָט דער שטאָלצער בת ימ'ער תושב אונז דערקלערט. אָט ווי לאַנג האָבן מיר געציילט צווישן 35־פערציק טויזנט עולים אין בת ים, און מיר האָבן שוין דערגרייכט איבער 50 טויזנט, און איך האָף, אַז אַביסעלע שפּעטער וועלן מיר פייערן דעם זעכציג־טויזנסטן עולה...

— אָט, למשל, גייען מיר אויפשטעלן אין בת ים פיר מאָדערנע גרויסע האָטעלן, און די באַפעלקערונג וועט האָבן אַ גרויסע מאַטעריעלע יניקה פון דעם, — האָט ער געזאָגט. די האָטעל־אינדוסטריע און ים־באַדינונג וועלן ווערן אַ גרויסער מקור פון חיונה פאַר אַ סך תושבים. אויסער די האָטעלן, וועלן אַוודאי געבויט ווערן שיינע הייזער און בנינים אַרום זיי, אָבער דאָס וועלן זיין מערסטנס קולטור אַנשטאַלטן, ווייל דער געוועזענער לאַנג־יאָריקער מעיאָר בן אדיר האָט געוואָלט מאַכן פון בת ים דעם גרעסטן קונסט צענטער פון גאַנץ ישראל... מיר האָבן שוין אַ „בית שלום אַש", אַ שטאָטישן מוזייאום, אַ צענטער פאַר דער רעליגיעזער יוגנט, אַן אינסטיטוט פאַר פּלאַסטישע קונסט און עס איז נאָך אַלץ אַן אָנהויב...

בת ים קוקט מיט גרויס אָפּטימיזם צו דער צוקונפט, איבערהויפּט, ווען די שכנות'דיגע קרית באַבאָוו וועט אויך ציילן עטלעכע צענדליק טויזנט אידן, און זיין אַן אויסגעבויטע שטאָט. דערווייל איז די „ראָזשינקע" פון קרית בובוב די ישיבה, וועלכע וואַקסט און ברענגט שוין פּרוכטן.

די ישיבה רופט זיך „קדושת ציון״ און ציילט פיל צענדליקער לומדי תורה, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי איז געקומען פון אַמעריקע צו לערנען דאָרט. דער ראש הישיבה איז דער גרויסער גאון הרב משה צבי האַלצבערגער, אַ געבוירענער אין ראש פינה, און אַ תושב אין ירושלים. נאַטירלעך זיינען שוין פאַראַן פיל הייזער אין קירית בובוב, פאַבריקן, עס וואַקסט אַ שיינע אידישע קהלה לשם ולתפארת, און דער פענסיאָן „סגולה״, וואָס איז לעצטנס אויפגעבויט געוואָרן, איז אַ זעלטן שיינער בנין מיט אַ מאָדערנער אַרכיטעקטור. דער פענסיאָן איז אויסגעשטאַט לויט נוסח אַמעריקע, און ס׳פעלן ניט קיין געסט און באַזוכער... פאָרלויפיק דערוואַרט מען דאָרט אַ ישוב פון אַ 4000 נפשות, אָבער די באַבאַוער וועלן זיך ניט צופרידנשטעלן מיט דעם, און קירית בובוב וועט ווערן אויסער אַ גרויסער תורה צענטער אויך אַ מקום פון פרנסה... די מזל ברכה וועט קומען, ווען בת ים און קירית בובוב וועלן זיך פילן ווי איין „יוניט״, בת־ים האָט שוין באַוויזן, וואָס מען קאָן אויפטאָן אויף זאַמדן און שטיינער־נעם באָדן. בת־ים איז פאַקטיש דער פולס פון דעם גאַנצן אַרום, ווייל זי דער־מאָנט וואָס אַרבעט און חלוציזם, ענערגיע און אידישער רעליגיעזער דראַנג קאָנען דערגרייכן, און מיט קרית בובוב צוזאַמען קאָן בת ים ווערן אַ גרויסער און וויכטיגער צענטער.

אַכט און פופציקסטער קאַפּיטל

# כפר חב״ד — אַ בלום אין דער „אימפּעריע״ ליובאַוויטש

**דער אָפּקלאַנג פון „איסטערן פּאַרקוועי״ אין ברוקלין, אין לובאַוויטשער „כפר חב״ד״ אין מדינת ישראל. — דער אָטעם פון דער לובאַוויטשער באַוועגונג, וואָס שלאָגט אין כפר חב״ד נאָך 15 יאָר זינט זיין גרינדונג. — די גרויסע נעץ פון שולן, ישיבות, מוסדות פאַר מלאכה און תורה, וואָס איז פאַרשפּרייט פון כפר חב״ד איבער גאַנץ מדינת ישראל. — די זאָרג פאַר אידישקייט און ישראל סבא.**

צווישן אַלע אַנדערע דערפער אין ישראל ציט אַ באַזונדער אויפ־מערקזאַמקייט כפר חב״ד, געגרינדעט פון דער לובאַוויטשער דינאַסטיע, און היינט, נאָך פופצן יאָר פון עקזיסטענץ, איינער פון די שענסטע און דער־פאָלגרייכסטע דערפער אין מדינת ישראל. כפר חב״ד, ביט קוקענדיג אויף זיינע ערשטע 15 יאָר פון עקזיסטענץ, האָט שוין אָבער אַ היבשלאַך לאַנגע און רומפולע חסידישע פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז אַלט איבער אַ 200 יאָר, זינט ר׳ שניאור זלמן בן ברוך שניאורסאָן ז״ל, האָט אין לאָזשנע (רוסלאַנד) אַוועק־געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר דער באַרימטער חסידישער דינאַסטיע, באַקאַנט אַלס ׳חב״ד׳ וואָס איז ענטשטאַנען אין לאַדי.

שניאור זלמן שניאורסאָן איז פּאַקטיש דער מייסד און גייסטיגער שעפער פון דער דערמאָנטער דינאַסטיע, הגם די עצם אידעע אַליין האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַרשפּרייטן אונטער דער פירונג פון רבי ר׳ בער, דעם מעזריטשער מגיד, וועמעס תלמיד ר׳ שניאור זלמן איז לכתחילה געווען. נאָך דער הסתלקות פון מגיד איז רבי שניאור זלמן געוואָרן אַ תלמיד פון ר׳ מענדל וויטעבסקער, און ווען יענער איז אַוועקגעפאָרען קיין א״י, האָט ר׳ שניאור זלמן אַליין אָנגעהויבען פירען אַן עולם חסידים אין דער שטאָט ליאזשנע, מאָהילעווער גובערניע.

דער לעבענסוועג פון ר׳ שניאור זלמנען איז געווען פול מיט דערנער צוליב דער מחלוקה און שפּעטערן חרם, וואָס דער ווילנער גאון האָט בשעתו פאַרעפענטליכט קעגען חסידות.

ר׳ שניאור זלמן איז אַ פּאָר מאָל אַרעסטירט געוואָרען פון דער צאַרישער רעגירונג, און ביידע מאָל שפּעטער באַפרייט געוואָרען. בעת נאַפּאָלעאָנ׳ס מלחמה, איז רבי שניאורסאָן אַנטלאָפען, און אויפ׳ן וועג נפטר געוואָרען לעבן קורסק, און געקומען צו קבורה אין דער שטאָט האדיץ, ביי פּאָלטאַווע. ער

איז פאַקטיש געווען דער שעפער פון דער פילאָזאָפישער שיטה „חב״ד" — וואָס מיינט „חכמה, בינה, דעת", און וועמעס גרונט־פרינציפּען זענען פאַרהאַן אין זיין ספר „תניא", וואָס איז אַ סך הכל פון פילאָזאָפיע און חסידות, און מיינט אין לעצטען סך הכל, אַז אין אַלץ איז פאַרהאַן אַ געטליכקייט. ער האָט אויך מחבר געווען זיין אייגענעם שלחן ערוך מיט הלכות. די שפּעטערדיגע ליובאַוויטשער רביים זענען געווען ר׳ דוב בער (1773 — 1827), וועלכער איז באַקאַנט מיט׳ן נאָמען „דער מיטעלער רבי". ער האָט מחבר געווען דעם ספר „אמרי בינה", „קונטרס־ההתפעלות", און אַנדערע ספרים. נאָך אים איז גע־קומען דער רבי מנחם מענדל (1866 — 1789), אַן אײדים פון רבי ר׳ בער, אַ מקובל און מחבר פון ספר „צמח צדק". זיין אייניקעל רבי שלום בער איז געווען דער גרינדער פון דער ליובאַוויטשער ישיבה. נאָך אים איז געקומען ר׳ יוסף יצחק, דער שטאַלצער קעמפער פאַר אידישקייט אין דער פריהערדיגער רוסלאַנד, און אויך ביי די סאָוועטען.


אדמו״ר יוסף יצחק שניאורסאָן נ״ע
דער ליובאַוויטשער רבי

ער איז אויך געווען בשעתו אַרעסטירט אין רוסלאַנד, און שפּע־טער באַפרייט געוואָרען נאָך אַ שטאַר־קער אינטערווענץ פון אויסלענדישע אויטאָריטעטען. ער איז אַרויסגעלאָ־זען געוואָרען קיין ריגע, פון דאָרט איז ער געקומען קיין וואַרשע, אָט־וואָצק, באַזוכט ארץ ישראל, און אין יאָר 1940 דערגרייכט די ברעגען פון אַמעריקע וואו עס האָט זיך אָנגעפאַנ־גען אַ העכסט וויכטיגער נייער קאַ־פּיטעל פון חיזוק־הדת פון פלאַנצען ישיבות, אָנפירען פּדיון שבויים, און אַלץ, וואָס דינט דעם צוועק צו שטאַרקען אידישקייט אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער. מיט זיין פּטירה איז אַוועק דער „פרינץ" פון דער לובאַוויטשער דינאַסטיע, אַ רבי, וואָס האָט איבערגעלאָזען אַ רייכע תורה־ירושה פאַר דורות, און דעם פלאַן פאַר׳ן דאָרף חב״ד אין ישראל, וועלכען מיר האָבען באַזוכט אין ישראל, און וועלכער איז שוין היינט אַלט 15 יאָר. דעם כסא הרבנות והחסידות האָט איבערגענומען זיין אײדים, הרב הגאון מרן ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א, וועלכער האָט אַרויס־

גערוקט דאָס לובאַוויטשער חסידות אין פאָדערגרונט פון אַלע חסידישע דינאַסטיעס און ריכטונגען. דער היינטיגער ליובאַוויטשער רבי איז געוואָרען אַ „פערסאָנא גראַטא״ אין דער אידישער וועלט בכלל, און אין אַמעריקע בפרט. ער האָט פאַרוואַנדעלט לובאַוויטשער חסידות אין אַ „וועלט-אימפעריע״, מיט „קאָלאָניעס״ איבערן גאַנצן ערד-קוגעל...

אונזער הויפּט אינטערעס אין כפר חב״ד איז געווען אויסצוגעפינען, וואו ליגט דער כוח פון חב״ד? וואָס זענען די מילשטיינער פון דער באַוועגונג, וואָס האָט דעראָבערט ניט נאָר די תפוצות, נאָר אויך מדינת ישראל? פאַר וואָס טרעפט מען כסדר אַ לובאַוויטשער שול, אַ ישיבה, אַ ת״ת, אַ מיידל שולע, אַ לערערין סעמינאַר אַ ישיבה פאַר תורה און מלאכה סתם שולן און שטיבלעך, וואו אידען זיצען און לערנען תורה, און זענען ממשיך דאָס אידישע לעבען אין אַלע זיינע אַמאָליגע פאָרמען און אַטריבוטען, און אַט וואָס מיר האָבען אויסגעפונען:

תיכף נאָכ׳ן סוף פון 2-טען וועלט-קריג האָבען זיך פיל באַפרייטע לובאַוויטשער חסידים גענומען ציען קיין א״י, כדי אויפצוהאַלטען וויטער דעם „נר-ישראל״ און די אמונה אין השגחה פרטית. זיי האָבען אָנגעפאַנגען ענטוויקלען לאַנד-ווירטשאַפט, כדי צו פאַרגעסען די תענוגים פון דער גרויסער שטאָט און אירע באַקוועמליכקייטען. כפר חב״ד איז געוואָרען אַ מוסטער פאַר אַנדערע דערפער, ווי אויסצולעבען זיך פון אייגענער פראַצע, און גלייכצייטיג טריי בלייבען די טראַדיציעס פון אידישקייט און כפר חב״ד איז אַ וואונדערבאַרער „זיווג״ פון תורה און מלאכה. אַרבייטען בזיעת אפיים, און גלייכצייטיג פלעגען תורה, אָפּהיטען שבת, יו״ט און געניסען מזיו השכינה.

דער עלעמענט תושבים אין כפר חב״ד איז אַ געמישטער. טייל קומען פון צפון אַפריקע, און אַנדערע לענדער, וואו די אידעע פון חב״ד האָט שוין באַוויזען אַריינצודרינגען מיט היבשע יאָרען צוריק. דער שיכון פאַר יונגע חתונה-געהאַטע פאָרלעך איז פון באַזונדער וויכטיגקייט, ווייל דאָרט באַזעצען זיך יונגע פאָרלעך, וואָס קומען פון פאַרשידענע לענדער און גלות-אַינקווי־זיציעס. נאַטירלעך ליגט אַ באַזונדער גרויסע חשיבות אין די אויפגעשטעלטע ישיבות און מוסדות-התורה, וועלכע ציילען שוין הונדערטער תלמידים, וואָס זענען באַזאָרגט מיט אַלעם נויטיגען, כדי צו קאָנען זיצען על התורה ועל העבודה. דער בנין פון „בית ספר למלאכה״, וואו אַ האַלבען טאָג לערענט מען תורה און דעם אנדער האַלבען טאָג — אַ מלאכה, אַ אומנות, איז אַ שטאָלץ פאַר׳ן דאָרף. עס איז זיך שווער אין אונזערע צייטען פאַרצושטעלען סטאָלעריי־מלאכה מיט אַ שווערער סוגיא אין תלמוד, אין פוסקים, אין חסידות חב״ד.

אָבער דאָס איז אין כפר חב״ד אַ רעאַליטעט כמעט אַ טאָג-טעגליכע ווירק־ליכקייט... נאַטירלעך, האָט דער אַמעריקאַנער „דזשווינט״ פיל געהאָלפען, צו־שטעלענדיג נויטיגע מאַשינען פאַר די פאַרשידענע פאַכען. די אַגריקולטור

שולע איז לויטן מוסטער פון אַנדערע פאַך־שולן פאַר יוגענטליכע, און אַ פאַר הונדערט תלמידים פון אַלע עקען לאַנד קומען לערנען אין דער דערמאָנטער שולע. רעדענדיג צו די אַנפירער פון כפר חב״ד, האָבען מיר געוואָלט אָפּ־פרישען דעם טרויעריגען קאַפּיטעל פון דעם איבערפאַל אויף דעם דאָרף אין יאָר 1957, אַ באַנדע פעדואינער האָבען דערמאָרדעט 5 תלמידים פון דער ישיבה בעת תפילת מעריב, צוזאַמען מיט זייער אינסטרוקטאָר, ה׳ עמוס. די פעדואינער האָבען אַרויסגעוויזען אַ שרעקליכע רציחה און אויסער די אומגעבראַכטע, האָבען זיי נאָך אַ צאָל תלמידים שטאַרק פאַרוואונדעט!!!


אדמו״ר מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א
דער ליובאַוויטשער רבי

דער כאָאָס איז געווען דאַן אַזוי גרויס, אַז עס האָט זיך דערוועקט אַ געדאַנק אפשר אויפצולייזן דעם כפר חבד און זוכען אַ מער זיכערען ווינקעל... דער היינטיגער רבי, הרב מנחם מ. שניאורסאָהן שליט״א, האָט אַריינגעשיקט אַ זעהר האַרציגען טרייסט בריוו צו דער הנהלה פון דאָרף און צו די עלטערען פון די אומגעבראַכטע קינדער, און פאַראָרדענט צו בלייבען אין דאָרף, וועלכער איז היינט פון די שעהנסטע יישפילען און פון די חשובסטע עקספערימענטען אין ישראל.

לזכר די פינף אומגע־בראַכטע תלמידים האָט מען אויפגעשטעלט אַ שעהנע דרוּ־קעריי אונטער׳ן נאָמען „יד חמישה״, כדי צו פאַראייביגען זייערע נעמען, און פיל מעצענאַטען פון אַמעריקע און ענגלאַנד, האָבען אַריינגעשיקט גרעסערע געלד־סומען פאַר דער דערמאָנטער דרוקעריי, וואו ס׳ווערען געדרוקט פיל חב״ד ספרים, דרוקזאַכען און בראָשורען. עס האָט אונז געפרייט צו זען, ווי ציכטיג, טעכניש שיין עס קומט אַרויס די דרוק אַרבייט אין דער דרוקעריי. דער וואַרימער אָפּרוף פון אידישע נדבנים, האָט פאַרוואַנדעלט „יד חמישה״ אין אַן איגענאַרטיגע אינסטיטוציע. אויך

אַרבייט מיט דערפאָלג די שלאָסעריי־אָפּטיילונג, וועלכע האָט שוין איר אייגענעם בנין, אַ דאָרמיטאָרי און אַלץ, וואָס עס איז נויטיג כדי צו העלפֿען אויסברייטערען דעם קוריקולום פון תורה און מלאכה. פּאַראַלעל צו די בתי חינוך פאַר בחורים, גייט אויך אָן ענערגיש די אַרבייט פון דעם מיידעלשען לערער־סעמינאַר, וואָס גרייטען צו הונדערטער אידישע טעכטער צו ווערען ערציהערינס פון יונגען מיידעלשען דור. די בית רבקה שולע האָט באַזונדער עטליכע הונדערט תלמידות, וואָס צאָלען זעהר ווייניג, און אָרימע מיידלאַך באַקומען דעם חינוך פריי, אויסער אַ היים און אויסהאַלט.

אַ גרויסע צאָל ישיבות האָבען זייערע שיעורים אין די אָוונטן, ווייל די בחורים און יונגעלייט אַרבייטען ביי טאָג, און קאָנען ניט ביי טאָג באַזוכען רעגעלמעסיג די ישיבות. אין איין ירושלים אַליין זענען פאַראַן עטליכע אָפּטיילונגען פאַר דעם צוועק. די „רשת תורה אור״ איז אַ באַזונדער ענין פאַר זיך, און דאָס מאַכט דעם בודזשעט פון חינוך זעהר גרויס, און באַשווערט בכלל די אַרבייט אין כפר חב״ד, וואו עס געפינט זיך דער רעזערוואואַר פון תורה און אידישקייט, און וואו עס שלאָגט דער וואַרימער אָטעם פון חסידות חב״ד.

אַלע אַנדערע מוסדות־התורה, ווי ישיבת תורת אמת הכללית, ישיבת אַחי תמימים (אין תל אביב), ישיבת תומכי תמימים אין לוד און די ראשון לציון ישיבה „אַחי תמימים״, דאַן די באַזונדערע מוסדות התורה א. נ. „אָהלי יוסף יצחק״ — דאָס ווייזט, וויפיל כוחות און געלד דער חינוך שלינגט איין, בפרט, אַז זיי זענען צעוואָרפען איבער יפו, כפר סבא, לוד, רחובות, תענך, ברושי, תדהר, שדה מיכה, חולון, קירית גת, נס ציונה, א. אַ. וו.

אַריינקוקענדיג אין דער אָפּטיילונג פון צעירי אגודת חב״ד, זעט מען, ווי עס האָדעוועט זיך אונטער אַ דור, וואָס איז שוין באַקאַנט מיט נגלה און נסתר, און הויבט שוין אָן צו שפּילען אַ וויכטיגע ראָל אין המשך פון חב״ד. דאָס זעלבע מערקט מען ביי די „נשי ובנות חב״ד״, וועלכע האָבען פאַר די ערשטע 15 יאָר אַרויסגעוויזען אַ גרויסען פאַרשריט און דערפילען זייערע אויפגאַבען, ווי אידישע טעכטער זענען דאָס אַלע מאָל געווען געוואוינט.

כפר חב״ד לעבט אָבער אין שיין פון כ״ק לובאַוויטשער רבי שליט״א הרב ר׳ מנחם מ. שניאורסאָן, וועלכער איז דער קוואַל פון האָפנונג און בטחון פאַר די טויזענטער חסידים, וואָס פאָלגען נאָך זיין יעדען שריט און טריט, און זענען הונדערט פּראָצענטיגע מאמינים אין אַלץ, וואָס דער רבי זאָגט אָדער לערענט צו טאָן... ער אינספּירירט די גרויסע מאַסען צו דת ישראל, און איז משפּיע אויף זיינע חסידים איבער־צופלאַנצען די אמונה אין דער יוגענד פאַר די ווייטערע דורות.

זיצנדיג אין כפר חב״ד, אַרומגערינגעלט מיט דער הנהלה, האָבען מיר געוואָלט אַריינדרינגען אַביסעל טיפער אין מהות און אין דער מענ־טאַליטעט פון חב״ד׳ער חסידות, און ניט קאָנענדיג גיין מיט אונזער זכרון צו די סאַמע ערשטע וואָרצלען האָבען מיר זיך מיט׳ן געדאַנק אָפּגע־שטעלט אויף דעם לעצטענס נפטר געוואָרענעם רבי, ר׳ יוסף יצחק ז״ל, וועלכען מיר האָבען פּערזענליך געקענט, און זיין איידים, יבדל לחיים, דעם היינטיגען רבי׳ן, מרן ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א.

דער פריהערדיגער רבי האָט איבערגעלאָזען אַ ניט געשריבענע „צוואה״ — ניט אָפּשרעקען זיך פאַר קיינע שונאים!! ער האָט דורכ־געמאַכט ביי די קאָמוניסטען די איבערוואַנדערונג פון לובאַוויטש, אין צענטראַל רוסלאַנד, אין ראָסטאָוו אויפ׳ן דאָן, וואו זיין פאָטער ר׳ שלום דובער ז״ל, דער פינפטער רבי אין דער שלשלת חב״ד איז דאָן געווען דער לובאַוויטשער רבי. ער איז נפטר געוואָרען ב׳ ניסן תר״פ אין ראָסטאָוו, און דער זון, ר׳ יוסף יצחק, איז געוואָרען דער זעקסטער רבי פון חסידות חב״ד. ער האָט אַרויסגעוויזען אַ סך שטאַרקייט פון גייסט, אַלס מוסטער פון עומדער־שראָקענקייט, און געוויזען אַ לעבע־דיגען ביישפּיל צו טויזענטער אידען, ווי מען דאַרף זיך ניט אָפּשרעקען פאַר שונאים. ער האָט אין דער ממשלה פון די סאָוועטען געפּערדיגט אידישקייט, אָנהאַלטען ישיבות, חדרים, שוחטים און כלי־קודש. ער פלעגט לייהען געלד ביי די רייכע אידען און שטיצען די אָרימע. ער האָט געזען, אַז אידישע אַרבייטער זאָלען קאָנען אויסמיידען חילול־שבת און ניט דאַרפען אַרבייטען אין שבת.



דער פּרעזידענט שזר אין כפר חב״ד

שפּעטער האָט ער איבערגעוואַנדערט פון ראָסטאָוו קיין מאָסקווע, נאַכהער קיין לענינגראַד, און צוריק קיין מאָסקווע. די יעווסעקציע האָט אים ניט אָפּגעלאָזען פון אויג!... אויך די גע. פּע. או. האָט זיך פאַרלעגט אויף אים און באַשלאָסען צו אַרעסטירעען. יעדער בריוו פון אים און צו אים איז פאָטאָגראַפירט געוואָרען, אַלס דאָקומענט. די יעווסעקציע האָט גענומען קוקען אויף אים מיט פחד, ווי אויף אַ קעמפער געגען איר אַליין.

ט״ו בסיון תרפ״ז אום 2 אַזייגער ביינאַכט האָבען זיך אַריינגעריסען צום רבי באַוואָפּענטע סאָלדאַטען, און גע. פּע. אוּ. לייט צו אַרעסטירען אים. דער רבי האָט זיך ניט פאַרלוירען, און געוומען ריידען צו זיי מיט שטאַרקן אידישען שטאָלץ און יחוס. מען האָט אים באַוויזען רעוואָלווערען, אָבער דער רבי האָט געענטפערט, אַז דאָס זענען בלויז קינדער שפּילצייג אויף אָפּצושרעקען מענשען, וואָס האָבען אַ סך געטער, אָבער ניט אים, וואָס האָט נאָר איין איינציגען גאָט...

מען האָט אים אַוועקגעפירט אין טורמע, און ווען ער איז געבראַכט געוואָרען פאַר די אויספאַרשער, האָט ער ווידער ניט אַרויסגעוויזען קיין פּחד און מיט שטאָלץ ערקלערט: „דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, ווען איך ווער אַריינגעבראַכט אין אַ צימער, וואו מענשען זיצען, און זיי שטעלען זיך ניט אויף פאַר מיר!״...

מ׳האָט אים געדראָהט אַוועקצונעמען פון אים דעם טלית און תפילין. דער רבי האָט ערקלערט אַ הונגער-סטרייק, און מען האָט אים צוריקגעגעבען דעם טלית ותפילין. דער סוף איז געווען מען האָט אים פאַרשיקט קיין קאסטראָמאַ, אָנשטאָט געפּלאַנטער טויט-שטראָף, ווי עס איז געווען פאָראויסגעזען וואָס נאָר אַ דאַנק דעם שטורם אין דער אויסערליכער וועלט מצד דיפּלאָמאַטען און גרויסע שטאַטסלייט האָט זיך זיין גזר דין געענדערט. שפּעטער איז געקומען די פאַראָרדנונג, אַז דער רבי מוז פאַרלאָזען דעם סאָוועטען פאַרבאַנד (איסרו חג סוכות תרפ״ח) און ער קאָן מיטנעמען זיינע תשמישי קדושה און זיין גאַנצע ביבליאָטעק.

נאָך אַ ריי גילגולים אין ריגע, וואַרשע, אָטוואָצק, איז דער רבי מיט אַ סקאַנדינאַווישער שיף אָנגעקומען קיין ניו יאָרק וואו ער איז תיכף צוגעטראָטען צו ווייטערער תורה-טעטיקייט. ווען מענשען האָבען אים געוואָלט איבערצייגען, אַז אַמעריקע איז ניט פוילען, ניט ליטע, ניט אייראָפּע, האָט ער געענטפערט: „אַמעריקע איז ניט אַנדערש״! דערמיט האָט דער פריהערדיגער רבי זי״ע אַוועקגעלעגט דעם ערשטען פונדאַמענט פאַר לובאַוויטשער חסידות אויף דעם קאָנטינענט. ווען ער איז נסתלק געוואָרען (י׳ שבט, תש״י) האָט דער איצטיגער לובאַוויטשער רבי, זיין איידים, מרן מנחם מענדל שניאורסאָן, יבדל לחיים אַרוכים, וועלכער איז אויך אַ יורש פון פאָטערס צד פון דעם בעל „התניא״ און „צמח צדק״, איבערגענומען דאָס לובאַוויטשער חסידות און געוואָרען דער רבי.

דעם פּולס פון דעם באַנייטען לובאַוויטשער גייסט האָבען מיר דערפילט אין כפר חב״ד, ווען מיר האָבען דערזען די בילדער פון שווער און יבדל לחיים פון איידים, וועלכע האָבען פאַרצעמענטירט דעם פונדאַמענט פון חסידות אין כפר חב״ד און אויך אין אַלע וועלט-טיילען. עס איז ממש שווער געווען צו באַגרייפען, וואָס אין אַ צייט, ווען אַלטע קעניגליכע טראָנען זענען צושמעטערט געוואָרען, אָדער האַלטען ביים איינפאַלען, ווען

אַלטע אימפעריעס זענען צומורשט געוואָרען אונטער די רעדער פון דער נייער צייט, — איז דווקא מלכות חב״ד שטאַרק נתגדל געוואָרען, אַלס אַן „אימפעריע״ אין שענסטען זין פון וואָרט. וואו זענען היינט ניטאָ קיין לובאַוויטשער „אַמבאַסאַדעס״? אין אַמעריקע, קאַנאַדע, מעקסיקע, בראַזיל, אַרגענטינע, אורוגוואַי, פּאַריז, לאָנדאָן, דרום און צפון אַפריקע, אין שוועדען, דענמאַרק און וואו מען וואַרפט אַ בליק, — איבעראַל זענען דאָ לובאַ־וויטשער נקודות, נעסטען פון חסידות חב״ד... דער היינטיגער רבי שליט״א האַלט זיין האַנט אויסגעשטרעקט צו אַלע נאָענטע און ווייטע אידען, ער דריקט זיי ממש צום האַרצען, ער נעמט זיי אויף, ווען זיי קומען מיט עראָפּלאַנען מארבע פינות העולם; ער רעדט צו זיי, אינספּירירט זיי און גיט זיי מיט גייסטיגע צידה־לדרך, ביז זיי וועלען ווידער אַמאָל קומען קיין ברוקלין און זיך געפינען אונטער זיין השפעה...

דער פאַרלאַג פון לובאַוויטשער מוסדות, אָנגעפירט פון הרב הג׳ ח. מ. א. חדוקוב, וועלכער איז די רעכטע האַנט פון רבי׳ן, און איז אויך מסדר די זעהונגען פון טויזענטער חסידים און סתם מענשען, וואָס קומען זען דעם רבי׳ן, האָט ענטוויקעלט דעם „מרכז לעניני חינוך״ צו אַזאַ מאַסשטאַב, וואָס איז פּשוט שווער צו באַגרייפען. אין צען שפּראַכען ווערען געדרוקט ספרים, ספרי־לימוד, און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו חינוך, און זיי ווערען צעשיקט אין פאַרשידענע לענדער, מדינה ומדינה ככתבה ולשונה, כדי די יוגענד, און אויך דער מיטעלער דור זאָל קאָנען לערנען תורה און חסידות. דער „מרכז לעניני חינוך״ איז איינער פון די גרעסטע פאַרלאַגען אין דער וועלט, פאַר רעליגיעזע אויסגאַבעס, און דערצו אַרבייט שטאַרק דער אינערליכער אַפּאַראַט פון פירסום, וואָס העלפט פיל אַרויס.

דער היינטיגער רבי אדמו״ר ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א, איז געוואָרען אַ וועלט פיגור, סיי אַלס מושלם בכל המעלות, און סיי אַלס מנהיג הדור פון דער לובאַוויטשער שיטה, און צו זיין וואָרט הערען זיך צו מיליאָנען אידען און אויך ניט אידען איבער דער גאָרער וועלט... דאָס איז אונזער איינדרוק פון „כפר חב״ד״.

נײן און פופציקסטער קאַפּיטל

# דער אויפבוי פון קרית צאַנז

**אַ קהילה מיט אַלע אינסטיטוציעס פאַר אַ אידיש לעבן. — אַ שליחות פון אָרטאָדאָקסיע, אויסצומײַדן פּאַרטײאישקײט, נאָר שטאַרקן דעם פּרעסטיזש פון רעליגיעזן אידנטום. — די אינסטיטוציעס אין קרית צאַנז, און די װײטערע פּלענער פון מרן ר' יקותיאל יהודה האַלבערשטאַם שליט"א אדמו"ר צאַנז־קלויזענבורג. — גײסטיקער פאָטער און גרינדער פון קרית צאַנז. — די גרויסע קאָאָפּעראַציע מצד דער רעגירונג.**

צווישן די פאַרשידנאַרטיגע באַזוכן אין מדינת ישראל, וואָס האָבן בולט באַוויזן, וואָס ענערגיע, אַנטשלאָסנקייט, ערנסקייט און אידישקייט קאָנען אויפטאָן, — האָט אונז אימפּאָנירט קירית צאַנז, וואו דער קלויזענבורגער רבי, הרב יקותיאל יהודה האַלבערשטאַם האָט אויפגעבויט אַ גאַנצע שטאָט מיט אַלע נויטיקע קהלשע אינסטיטוציעס וואָס אַ נאָרמאַלע אידישע קהלה דאַרף האָבן. עס האָט אונז פאַרשאַפט אַ נחת־רוח צו זען דעם גרינדער און פאָטער פון קרית צאַנז, זיצנדיק אין זיין זיידענער קאַפּאָטע אין אויפנאַמס צימער, און שעפּנדיק נחת פון'ם גרויסן דערפאָלג וואָס ער האָט דערגרייכט, צונויפצוברענגען זיינע אַמעריקאַנער חסידים קיין ארץ ישראל. דאָס איז אַ קאָלאָסאַלער זשעסט מצד זיינע נאָכפאָלגער, וואָס האָבן אויפגענומען דעם רבי'ס רוף, און עולה געווען קיין ישראל להשתקע, במילא האָבן זיי מיטגעווירקט צום אויפבוי פון קירית־צאַנז, וועלכע איז היינט אַ שטאָלץ פאַרן ישוב. עס איז שוין אייגנטלעך אַ גע־שיכטע פון אַ 12 יאָר. זינט דער רבי האָט צום ערשטן מאָל זיך באַוויזן אין מדינת ישראל, און געקומען מיט דער כוונה צו שאַפן דאָרט אַ גייסטיקע סביבה און אַ פּערמאַנענטע היים פאַר זיך און זיינע חסידים.

דער רבי האָט שוין אגב געהאַט היבשע דערפאַרונג פאַר דער צייט, וואָס ער האָט געלעבט אין אַמעריקע, און אויפגעבויט דאָרט אַ צאָל מוסדות התורה, אַריינברענגנדיק אַ נייעם רוח החיים אין דער „שארית הפליטה" פון דער ניו יאָרקער וויליאַמסבורג. ער האָט אויפגעשטעלט אַ צאָל תלמוד תורה'ס, ישיבות, שולעס פאַר מיידלעך, כוללים און אַלץ, וואָס אַ רעליגיעז אידיש לעבן האָט נויטיק געהאַט. דאָך האָט דער קלויזענבורגער רבי תופס געווען, אַז דאָס אַלץ איז אַן אַרבעט פון אַ צייטווייליקן כאַראַקטער; אַז די סביבה איז דאָך ניט קיין אידישע; דעריבער איז ער געקומען צו גאַנץ אַנדערע מחשבות און שלוסן: בויען אידישקייט אויף אַן עכט אידישן באָדן, וואָס מיינט אין ארץ ישראל.

שמועסנדיק מיט הרב האלבערשטאם, האָבן מיר געמערקט זיין גרויסע חדווה, וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין צאַרטן רביאישן געזיכט; ער איז ממש נהנה מזיו השכינה, וואָס רוט אויף אים אין מדינת ישראל. דער רבי האָט בעת זיין ערשטן באַזוך פאַרבראַכט אין ישראל קנאַפּע 2 חדשים, אַרומפאָרנדיק פון איין פלאַץ צום צווייטן, פון איין קאָלאָניע אין אַ צווייטער; ער האָט אַפילו באַזוכט אַ צאָל קיבוצים, כדי בעסער צו באַקענען זיך מיט דער קאָנסטרוקציע און מיט'ן כאַראַקטער פון די באַדינגונגען, וואָס הערשן דאָרט. ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט אויפגענומען אַ סך אינפאָרמאַציעס, און זיך גוט באַקענט מיט דער לאַגע פון לאַנד, האָט ער באַשלאָסן צו שאַפן אַ צענטער פאַר צאַנזער חסידות אין מדינת ישראל, און זיך אַליין אויך באַזעצן דאָרט, כדי צו זיין ניט בלויז אַ נאה דורש, נאָר אויך אַ נאה מקיים...

דער פלאַץ, וואָס דער רבי האָט אויסגעקליבן פאַר זיין קירית צאַנז איז אין שכנות מיט נתניה, וועלכע ליגט אין צענטער פון דער מדינה, און וואו די טראַנספּאָרטאַציע איז זייער אַ באַקוועמע. אויסער דעם איז די לופט גוט, ווייל עס ליגט כמעט ביים סאַמע ים, און אַזאַ קלימאַט אימפּאָנירט פיל אַמעריקאַנער און קאַנאַדער אידן צו קומען אַהין...

12 יאָר זיינען פאַרביי זינט דעם ערשטן באַזוך פון רבי אין ישראל, און וואָס איז דורך דער צייט אויפגעטאָן געוואָרן?

עס איז אַ פרייד צו זען אַ גרויסע אידישע קהלה מיט אַלע אַטריבוטן, וואָס אַ אידישע שטאָט דאַרף האָבן. אַ גרויסע צאָל שיינע בנינים איז אויפגעבויט געוואָרן, און ניט דווקא צום וואוינען אין זיי, נאָר אויך פאַר האַנדל און אינדוסטריע, דערציאונגס־אינסטיטוציעס, ישיבות, ת"ת, שולן פאַר מיידלעך, דאָרמיטאָריס אַ „בית־אבות" פאַר עלטערע רבנים און באַלעבאַטים, אַ בילדינג פאַר קליינוואַרג א.ג. „מעון לתינוקות וילדים", מיט וועלכן עס באַנוצן זיך הויפּטזעכלעך עלטערן, וואָס דאַרפן אַרבעטן, און אַ מושב זקנים. ווען מיר האָבן געפרעגט דעם רבי, וואָס איז מכוח אַ שפּיטאָל, נאָכדעם, ווי עס איז שוין דאָ אַ מושב זקנים, און פיל אַנדערע אינסטיטוציעס — האָט דער רבי דערקלערט, אַז דער שפּיטאָל איז שוין אויפן טאָג־אָרדנונג פון קירית צאַנז, און מען וועט אים באַלד זען אָפן פאַר אַלעמען, וואָס וועלן זיך נויטיקן אין מעדיצינישער הילף. דער נייער מאָדערנער שפּיטאָל באַדינט שוין היינט דעם גאַנצן קרייז אַרום נתניה.

פון גאָר באַזונדער אינטערעס איז דער מושב זקנים, וועלכן מיר האָבן באַזוכט און גראַד געטראָפן דאָרט אונזערע 2 מאָנטרעאַלער, וועלכע וואוינען שוין דאָרט עטלעכע יאָר, און זיינען העכסט צופרידן.

דער בית יתומים ציילט אַ פערציק קינדער, און צווישן זיי עופהלאָך פון געציילטע וואָכן. די קינדער ווערן דאָרט דערצויגן, ביז זיי גרייכן שול־עלטער. איבריק צו זאָגן אַז זיי קריגן אַ העכסט רעליגיעזע אויפּברענגונג. וואָס אָנבאַלאַנגט דער קליניק, איז זי אָפן כסדר און טיילט אויס מעדיצינישע הילף צו

אַלעמען, וואָס קומען נאָך דעם. אין האָספּיטאַל וועלן באַלד זיין 250 בעטן, דער ערשטער קאָמפּליטער שפּיטאָל פאַר דער גאַנצער אומגעגנט, און קירית צאַנז איז שוין באַקאַנט אַלס גרויסער מעדיציניִשער צענטער אין ישׂראל.

מיר האָבן אויך אויסגעפונען אַז אין קירית צאַנז איז שוין פאַראַן אַ פאַבריק צו שלייפן דימענטן, און צענדליקער מענשן מאַכן דאָרט אַ לעבן ביי דער דאָזיקער אַרבעט. אַ געוויסער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסט, נחמיה קאָרן, וועלכער איז גוט באַקאַנט אין אַמעריקע אַלס דימענטן־פאַבריקאַנט, האָט מיט־געהאָלפן צו דער אַנטוויקלונג פון דער דימענטן־אינדוסטריע אין קירית צאַנז.

דערמיט צילט דער רבי צו באַזאָרגן ווי וויַיט מעגלעך די באַפעלקערונג פון קירית צאַנז מיט פּרנסה־קוואַלן; דאָס וועט זיכער מאַכן די קריה מיט סטאַבילע איינוואוינער, וואָס וועלן ניט דאַרפן, חלילה, זוכן נייע פּלעצער און אַנדערע באַשעפטיקונגען אויסער קירית צאַנז.

די „אָרט" אָרגאַניזאַציע האָט דאָ אויך עטאַבלירט אַ שולע פאַר עלעק־טראָניקס. אַזוי אַנטוויקלט זיך קירית צאַנז, און לויט דער מיינונג פון דעם שעפער און פירער פון דער קריה איז דאָס נאָך אַלץ בלויז דער „בראשית", דער אָנפאַנג פון בוי און אַנטוויקלונג.

דאָס שענסטע, וואָס אונז איז געפעלן געוואָרן פון דעם שמועס, איז דאָס וואָס דער רבי שליט"א איז אַ מענטש אָן וועלכע עס איז פּאָליטישע פּרעטענ־ציעס; ער געהערט ניט צו קיינער פון די עקזיסטירנדע פּאַרטייען. זיין „אני מאמין" דריקט זיך אויס אין הרבצת־תורה ויראת־שמים. זיין איינציקער ציל — איז צו פּאַרפעסטיקן די יסודות פון אידישקייט, פריער אין דער גרויסער ניו יאָרק רבתי, און לעצטנס — אין מדינת־ישׂראל. זיין שיטה איז, אַז די שליחות פון אָרטאָדאָקסישן אידנטום דאַרף זיך אויסדריקן ניט בלויז אין בויען הייזער, אָפּיסעס, אָדער אַפילו פאַבריקן, — נאָר לייגן פונדאַמענטן פאַר אידיש־קייט. דאָס מיינט שאַפן אַ געזונטן יסוד פאַר אַ פולבלוטיק אידיש־רעליגיעזן לעבן. פון דעם נעמט זיך זיין כוונה צו באַזאָרגן קירית צאַנז מיט אַלע נויטיקע אידישע אינסטיטוציעס, ניט זיין אָנגעוויזן אויף פרעמדער הילף, און אַליין לעגען פעסטע פונדאַמענטן פאַר אַ געזונטן אידישן לעבן!

קירית צאַנז האָט אַלץ, וואָס אַ מאָדערנע אידישע קהלה מוז האָבן סיי בנוגע געזונטהייט און פיזישער אַנטוויקלונג, און סיי בנוגע גייסטיקער אַנט־וויקלונג. דעריבער האָט קירית צאַנז אויסער אַ גרויסער שול צום דאַווענען אויך ישיבות, ת"ת, קינדער היימען, אַ נוירסערי פאַר צוגרייטן מיידלעך צו קאָנען באַדינען קראַנקע. עס איז אויך אויפגעבויט געוואָרן אַ העכסט מאָדערנע מקוה.

בכלל זעט דער רבי ווי עס ווערט מקוים דער צוזאָג „עיני ד' בה מראשית השנה עד אחרית השנה".

די שול קאָן אַריינבעמען אַ סך הונדערטער מתפללים, און בעת הדחק — ביז טויזנט מענטשן; עס איז אַ בית הכנסת הגדול, פאַר וועלכן די ישׂראל רעגירונג האָט געשענקט אַן אָרון קודש, וואָס איז איבער פיר הונדערט יאָר

אָלט, און דער אויבן איז געדעקט מיט ריינעם גאָלד. די שול איז שטאָלץ מיט אַזאַ אָרון קודש, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פון ליוואָרנאָ, איטאַליע, מיט אַ צייט צוריק.

ווען ווענדיק ציען אַ געוויסן סך הכל פון גאַנצן רעליגיעזן פאַרמעגן אין קרית צאַנז, זעט מען, אַז די ישיבה ציילט אַ צוויי הונדערט תלמידים, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי קומט פון אַמעריקע. די ישיבה „דברי חיים" האָט אַ פיינע דאָרמיטאָרי; דער נאָמען שטאַמט נאָך פון רבינ'ס זיידע, באַוואוסטן צאַנזער רב, בעל מחבר פון „דברי חיים". פאַראַלעל צו דער ישיבה אַנטוויקלט זיך דער כולל פון יונגע לייט, וועלכע באַשליסן נאָך זייער חתונה זיך אַוועקזעצן על התורה ועל העבודה און לערנען מיט מתיקות יומם ולילה. דער כולל ציילט צו באַרייכערן דעם דור מיט אַ סך גדולי־ישראל, וועלכע פעלן אַזוי אויס אין אונזער צייט. די ת"ת ציילט אַ פיר הונדערט תלמידים, און די בית חנה פאַר מיידלעך האָט איר באַזונדער גרויסע צאָל תלמידות, אַזוי, אַז עס האָדעוועט זיך אַן עכט אידישער דור. קרית צאַנז האָט שוין צום גרעסטן טייל „גע־דעקט" דעם אַזוי גערופענעם „מעדיציניש און פעדאַגאָגישן" פראָבלעם, און מען קאָן ציען אַ שלוס, אַז אין אַ געזונטן קערפּער איז אַ געזונטע נשמה. דעם רבי'ס הויפּט־זאָרג איז געווען ביז איצט צו פאַרוואָרצלען די אַלע עולים אין ישראל באָדן, דורך שאַפן פאַר זיי געוויסע געביטן פון עקאָנאָמיע און אויסבילדונג, און דאָס איז אים געלונגען...

עס איז אָבער מער ווי דאָס: עס איז אַ מקום מנוחה פאַר יעדן איינעם, וואָס וויל זיך אויסלעבן אידישלעך רעליגיעז און גייסטיק אין לאַנד פון די אבות, און דערביי ניט האָבן די צו־גרויסע זאָרג, וועלכע צואַקערן געוויינלעך דעם אידנס שטערן, דורך זוכן צו מאַכן אַ לעבן, און אַרויסצוציען אַ פּרנסה...

דער רבי האָט דעריבער זיין פערזענלעכע הנאה פון דעם, וואָס צוויי מאָל וועכנטלעך זאָגט ער אַ שיעור פאַר די תלמידים, און ער זעט מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי אידישקייט ב"ה וואַקסט און ברייטערט זיך אויס אין קרית צאַנז. די פאַר הונדערט אידישע משפּחות לעבן זיך אויס געמיטלעך, עקאָנאָמיש און גייסטיק, און כאָטש זיי זיינען כמעט אַלע פון דער רייכער אַמעריקע, געפינען זיי אָבער אין קרית צאַנז יענע מאָראַלישע באַפרידיקונג, וואָס מען קאָן ניט געפינען אין אַמעריקע, און אין ערגעץ ניט, אַחוץ אין מדינת ישראל.

אַ באַזונדער טראָפּ שטעלט דער קלויזענבורגער רבי אויף דער שיטה פון לערנען: ער אַליין איז דערצויגן געוואָרן על ברכי־התורה און אויף דער אידישער שפּראַך, און ער זוכט דעם המשך פון זיין אייגענעם חינוך, אויף אידיש, בפרט אַז די רעגירונג מאַכט ניט קיין שום דרוק אויף דעם סדר הלימודים און שפּראַך... דעריבער קלינגט אָפּ אידיש אַ גאַנצן טאָג בכתלי־בית־המדרש און אין שול. לאָמיר צוגעבן, אַז פאַר דעם רבי איז דאָס אַ באַזונדער פרייד, ווייל בטבע פאַרטראָגט ער ניט קיין פרעמדע מנהגים, שפּראַכן, זיטן און געוואוינהייטן.

ער האָט ליב אַלץ, וואָס איז אידיש, וואָס איז בירושה איבערגעגעבן געוואָרן פון די עלטערן. ער האָט ליב דעם צור מחצבתו מיטן גאַנצן האַרץ און נשמה... ער איז אַזוי אויפגעצויגן געוואָרן, און איז טריי געבליבן זיין אייגענעם חינוך און טראַדיציעס ביז היינט...

עס איז געווען העכסט אינטערעסאַנט צו אָבזערווירן און שמועסן מיטן רבי, וועלכער האָט מיט אַ וואָסערע 20 יאָר צוריק אָוועקגעשטעלט זיינע טריט אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעטרונקען ביז צום דנאָ דעם כוס התרעילה אין אייראָפּע... אַליין אַ צעפּייניקטער און דערשלאָגע־נער, זוכט ער גאַנץ צו מאַכן זיין אידישע נשמה, ווי ווייט נאָר מעגלעך, און האָפּט, אַז עס וועט אים געלינגען בע״ה צו פאַרוואַנדלען צאַנז אין אַ מקום של תורה און בית היוצר לנשמת האומה. דאָס איז זיין כוונה און ווילן, און ער רעדט ניט, און מיידט אויס אַריינצוגיין אין זייטיקע ענינים, אפילו ניט אין משפחה־אַנגעלעגנהייטן, ווייל ער זעט קלאָר פאַר זיך דעם דרך ד׳, ער וויל מיט קירית צאַנז באַווייזן דעם המשך פון עם ישראל על אדמת־ישראל. אַ גע־שפּרעך מיט׳ן קלויזנבורגער רבי און דענקער, איז ממש אַ עונג רוחני, מיר האָבן פאַרלאָזן זיין „רעזידענץ״ מיט אַ שטאַרקן געפיל פון רעספּעקט און דרך ארץ, זעענדיק אַרום אַזוי פיל אויפגעבויטע הייזער, צדקה־אינסטיטוציעס, ערציאונגס אַנשטאַלטן און מוסדות התורה, אויך געוויסע אינדוסטריס וואָס קאָנען זיין אַ שטאָלץ ניט נאָר פאַר צאַנז, נאָר פאַר גאַנץ מדינת ישראל... הלואי ירבו רבים כמוהו — האָבן מיר געטראַכט ביים געזעגענען זיך מיט׳ן רבי און צדיק הדור...

אויך וויפיל די חשיבות און אויטאָריטעט פון רבי גרייכט אין ישראל, קאָן מען גאָר באַזונדערס אורטיילן פון דעם לעצטן אינצידענט, ווען דער רבי האָט ניט געקענט פאַרליידן די שבת־סקאַנדאַלן און געשלעגן, און האָט פּלוצים אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ער טראַכט צו פאַרלאָזן מדינת ישראל און קירית צאַנז און זיך אומקערן קיין ניו יאָרק, וואו ער איז געווען פריער אַ תושב. ער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אין מדינת ישראל זאָלן אום שבת פאָרקומען אַזעלכע סקאַנדאַלן, געשלעגערייען, וואָס זענען מער חילול שבת, ווי קדושת שבת...

וואָס מען זאָל ניט טראַכטן, וועגן רבי׳ס מעלדונג, אַז ער פאַרלאָזט ישראל, איז אָבער זיכער, אַז פון זיין שטאַנדפּונקט האָט ער געמאַכט אַ זייער אָן ערענסטן זשעסט... דער נשיא המדינה שלמה זלמן שזר און אַ צאָל מיניס־טאָרן, שטאַטסלייט און מענטשן מיט פּרעסטיזש, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום רבי׳ן און געפּועלט, אַז ער זאָל פאַרבלייבן אין קירית צאַנז, און ניט אומקערן זיך צוריק אין גלות. דאָס וואָלט געשאַפן אַ זייער אומאַנגענעמען פּרעצעדענט און ביישפּיל פאַר אַ סך אַנדערע רעליגיעזע פירער און זייערע נאָכפאָלגער. דער קלויזנבורגער רבי האָט גענומען אין אַכט די „השתדלות״ פון די מנהיגים, און האָט זיין מעלדונג צוריקגערופן, און עס איז געוואָרן שלום ושלוה...

מיר זענען אין ישראל אויך געוואויר געוואָרן, פון אַ פריערער פּאָסי־רונג; לעבן דער גרענעץ פון קירית צאַנז האָט זיך געפונען אַ לעדיקער מגרש, וועלכער האָט וואַרשיינלעך געוואַרט אויף אַ „קונה". זענען פּלוצים געקומען פירער פון די אַרבייטער־ציוניסטן, און אָפּגעקויפט דעם פּלאַץ, מיט'ן ציל צו שאַפן דאָרט אַ שווים־באַסעין און אַנדערע ספּאָרט אָפּטיילונגען. מיט'ן מאָמענט, וואָס דער רבי האָט זיך דערוואוסט פון דער טראַנזאַקציע, איז ער געקומען אין קאָנטאַקט מיט די פירער פון דער רעגירונג, און באַזונדערס מיט בן גוריונען, צו וועלכן ער האָט געהאַט אַ פולן צוטרוי, און ערקלערט, אַז אויב די „הסתד־רות"־מענטשן וועלן נוצן דעם ניי־געקויפטן פּלאַץ פאַר פאַרוויילונגען און אַ שווים־באַסעין, וועט דאָס ניט זיין אין איינקלאַנג מיט די שטימונגען פון זיינע תלמידים, וועלכע זיצן יומם ולילה על התורה ועל העבודה... דירעקט, צי אינ־דירעקט וועט דאָס מאָראַליש ווירקן נעגאַטיוו אויף די יונגע קינדער, און ער קאָן דאַריבער ניט בלייבן גלייכגילטיג צו אַזאַ ענין...

ווי מען האָט אונז איבערגעגעבן אויפ'ן אָרט, איז די טראַנזאַקציע פון באַדן צוריקגערופן געוואָרן, און דער רבי האָט זיך באַרואיגט... נאַטירלעך זענען אונז ניט באַקאַנט די אַלע הינטערקוליסן פּרטים פון דעם מגע־משא, אָבער דער פאַקט איז געבליבן, אַז דעם רבי'ס וואונש איז נאָכגעגעבן געוואָרן.

דער קלויזנבורגער רבי, וועלכער האָט אַזוי פיל דורכגעמאַכט אין זיין פּריוואַטן לעבן, האָבנדיק פאַרלוירן אין לעצטן קריג זיין גאַנצע משפּחה, איז אַ מענטש מיט אַ זייער טיפן גלויבן אין דער השגחה הפּרטית, און זיינע ער־פאַרונגען און נסיונות, מאַכן זיין לעבן פול מיט תוכן, מיט יראת שמים און טיפער זאָרג פאַר'ן כלל ישראל, און מדינת ישראל.

זעכציקסטער קאַפּיטל

# קאַנאַדער הדסה — „וויצ״א און מדינת ישראל

## דער באַטראַג פון דער קאַנאַדער הדסה־„וויצא״ לטובת ישראל, במשך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, און אַ דריי צענדליג יאָר פון יוגענד־עליה טעטיגקייט.

איבער פופצען טויזענד פרויען זענען אַנגעשלאָסען אין דער קאַנאַדער הדסה־וויצ״א אָרגאַניזאַציע איבער׳ן לאַנד, פאַנאַנדערגעטיילט אין 330 צווייגען. אויסער דער אָפיציעלער צאָל זענען נאָך פאַרהאַן הונדערטער יוגענדליכע מיט־גלידערינס, וואָס זענען שטאַרק אינסטרומענטאל אין אַלע ציוניסטישע אַקטי־וויטעטען. אויף דער שפּראַך פון געלד, וואָלט מען געקענט זאָגען, אַז דירעקט, און אונדירעקט זענען כמעט דריי פערטל הכנסות פון קאַנאַדער ציוניזם, אַ פועל יוצא פון דער הדסה־וויצ״א אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט איר אייגענעם גרויסען אַרבייטס אַפּאַראַט, וואָס איז שטאַרק פאַרצווייגט איבער אַלע געביטען פון ציוניסטישער טעטיגקייט.

יעדע הדסה טוערין איז אַ לעבעדיגער פאַקטאָר, וואָס באַווירקט די מענער, ברידער, ממש גאַנצע משפחות, וועלכע אַרבייטען פאַר דער יונגער מדינת ישראל.

דער קומענדער געשיכטע שרייבער וועט האָבען פאַר זיך אַ זעהר גרויסע פעלד און אויפגאַבע אָפּצושאַצען די לייסטונגען, וואָס די וועלט באַ־רימטע אָרגאַניזאַציע האָט געליפערט נאָך לאַנג פאַר׳ן געבורט פון דער מדינה, און ספּעציעל זינט די מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרען. אין ישראל איז שווער צו געפינען אַ וויסענשאַפטליכע אָדער ערציהונגס־אינסטיטוציע, וואו עס זאָל זיך ניט מערקען די הילף פון הדסה, גאָר באַזונדערס באַגעגענט מען אויף שריט און טריט יונגע מענשען, וועלכע די הדסה — וויצ״א האָט אַרויס־געראַטעוועט פון פאַרשידענע גיהנומס אין אייראָפּע, וואו זיי זענען געווען ממש ביים ראַנד פון שמד און אַסימילאַציע!...

דער דאָזיגער זעהר וויכטיגער קאַפּיטעל פון יוגענד־עליה איז אַ גאַר גרויסע פרשה פאַר זיך אַליין, און עס איז ניט אָפּצושאַצען אַזאַ לייסטונג, וואָס האָט שוין אָפּגעראַטעוועט קנאַפּע 120 טויזענד קינדער פון אָפּגרונד!... דער יוגענד־עליה־דעפּאַרטמענט איז אפשר דאָס קרוין־ווערק פון הדסה—וויצ״א פּראָגראַם. מען ראַטעוועט אַרויס קינדער אין פריהסטען עלטער, מען ברענגט זיי אַריבער קיין ישראל, מען גיט זיי קודם כל אַן עלעמענטאַרע ערציהונג, און ווען נויטיג — אויך אַ מיטל־שול ערציהונג, מאַכענדיג זיי אויף אַזאַ

אופן פאַר מענשען, וואָס קאָנען שוין אַליין טראַכטען וועגען זייער צוקונפט. דאַן קומען די יוגענדליכע אַריין אין מיליטער עלטער, גוט ענטוויקעלטע, מיט אויסקריסטאַליזירטע פעהיגקייטען און נייגונגען צו געוויסע באַשעפטיגונגען, פאַכען און ספּעציאַליטעטען. אין מיליטער־דינסט פאַרפאָלקאָמען זיי זיך נאָך מער, און אַרויסקומענדיג פון דאָרט, זענען זיי אַבסאָלוט רייפע מענשען, וואָס גייען אַריין אין לעבען, אין דער געזעלשאַפט, און הויבען אָן בויען זייער



מרס. טשאַרלס אייזענשטאַט
פרעז. פון „הדסה"



מרס. דבורה ראָזענפעלד
פרעז. פון „יוגענד־עליה"

זעלבשטענדיג לעבען. דאַריבער איז די תקופה פון יוגענד־עליה געוואָרען דער דעצידירנדער פאַקטאָר אין לעבען פון יונגען דור, וועלכער וואָלט חלילה אינגאַנצען פאַרלוירען געגאַנגען פאַר אונזער פאָלק און לאַנד! אָן דער השגחה און מסירת־נפש פון דעם העכסט וויכטיגען דעפּאַרטמענט פון הדסה־וויצ"א, וואָס פאַרנעמט זיך מיט ראַטעווען אידישע יוגענדליכע פונוואַנען נאָר עס לאָזט זיך, וואָלט ישראל ניט געהאַט היינט אַזאַ יוגענד, אַזוי ענטוויקעלט און צוגעגרייט צו אַ נייעם לעבען...

ביז איצט איז געווען די הויפּט עובדה צו ראַטעווען קינדער פון די אַפריקאַנער לענדער, און אַריבערברענגען זיי קיין ישראל, הגם דאָס איז געווען אַ העכסט קאָמפּליצירטער ענין. די רעזערוון פון יענע יוגענדליכע שעפען זיך אָבער כמעט אויס, און דער יוגענד־עליה דעפּאַרטמענט שפּרייט איצט אויס

זיינע פליגלען איבער אידישע קינדער פון צענטראַל איראָפּע, לאַטיין אַמעריקע און אַנדערע לענדער, וואו עס געפינען זיך נאָך אַלץ קינדער־־קרבנות פון לעצטען קריג.

דאָס מאַכט די הדסה־טעטיגקייט פולסירענד און שטאָלץ, וויסענדיג אַז זי האָט דערפילט, און וועט ווייטער דערפילען איר אויפגאַבע פון ראַטעווען אידישע קינדער. ניט אומזיסט איז דער דעפּאַרטמענט פאַר יוגענד עליה אפשר דער טעטיגסטער און אַקטיוועסטער אין דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע. אמת, הדסה־וויצ״א האָט צו איר קרעדיט די נהלל שולע, און אַ חשובען אנטייל אין דעם העברעאישען אוניווערסיטעט, אין דעם גרויסען האָספּיטאַל, אין חיים ווייצמאַן מעמאָריאַל ביאָלאָגיש־וויסענשאַפטליכער פאָרשונג, אין דעם קאַנאַדער האָל אויפ׳ן נאָמען פון ווינסענט מאסעי, געוו. גאָווערנער דזשענעראַל אין קאַנאַדע, אין דעפּאַרטמענט פאַר קאנסער־פאָרשונג, אין רויטען מגן דוד, אין דעם פּאָליא־רעהאַביליטאַציע־צענטער אין סאַראָפאַנד, אין האָספּיטאַל פון אילת, אויסער נאָטירלעך די וויכטיגע ביישטייערונגען צו ישראל בכלל, און צו דעם ישראל באָנד פאַרקויף בפרט. דאָך איז די רעטנוג פון קינדער איינע פון די הייליגסטע פונקציעס פונ׳ם גאַנצען אַרבייטס־פּראָגראַם.

די היינטיגע פּרעזידענטין פון קאַנאַדער הדסה־וויצ״א אָרגאַניזאַציע מרס. טשאַרלס אייזענשטאַט האָט שוין הינטער זיך אַ קאַריערע פון אַרום 40 יאָר ציוניסטישער לייסטונג, זי האָט איר גאַנץ לעבען געווידמעט צו ארץ ישראל. די איצט מאָנטרעאָלער פּרעזידענטין פון יוגענד־עליה, דבורה ראָזענ־פעלד, פרוי פון דר. הירש ראָזענפעלד איז שוין אויך היבשע יאָרען פאַרבונדען מיט דער זעלבער באַוועגונג און גיט זיך אָפּ הויפּטזעכליך מיט׳ן פּראָבלעם פון ראַטעווען קינדער, און אַריבערברענגען זיי קיין ישראל. דאָס איז אַן אַקציע פון היסטאָרישער וויכטיגקייט — אַרויסצורייסען קינדער פון קריסטליכע היימען און אַריינברענגען זיי אין שויס פון אידישקייט און אידענטום. פרוי דבורה ראָזענפעלד איז אגב געבענשט מיט דעם וואָס זי איז ערצויגען אויף דער העברעאישער קולטור און שפּראַך, האָט מיטגעאַרבייט אַלס סעקרעטאַרין פונ׳ם פאַרשטאָרבענעם גרויסען העברעאישען שריפטשטעלער ראובן ברייניןֿ, און זי האָט זיך גענצליך געווידמעט צו דער אַרבייט פון קינדער־רעטונג, אַלס הייליגע מיסיע אינ׳ם רענעסאַנס־פעריאָד פון אונזער נאַציאָנאַלער דער־וואַכונג.

איין און זעכציקסטער קאַפּיטל

# ספּאָרט אין ישראל

**די פיר וויכטיגע סטודיעס פאַר ספּאָרט, און די הויפּט ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס אין ישראל. — די פאַראייניגטע „ספּאָרט־פעדעראַציע" און די „ספּאָרט יום־טובים" במשך פון גאַנצן יאָר. — דער אינטערעס צו ספּאָרט אין גאַנצן מיטל־מזרח, און הויפּטזעכליך — אין ישראל. — דער באַזוך אין די אַראַבישע שכנה'שע לענדער פון דעם מאַנטרעאַלער באַרימטען ספּאָרט־דירעקטאָר, בען ווידער, און די אויפנאַמעס פאַר אים אין עגיפּטען, איראַן, סיריע, איראַק, לבנון און אַנדערע לענדער. — ספּאָרט — די „אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך", וואָס דערנענטערט פעלקער און לענדער, כאָטש זיי זענען געגענזייטיגע שונאים.**

בעת אונזער באַזוך אין ישראל, האָבען מיר געמערקט אַ שטאַרקע נויגונג פון ישוב צו ספּאָרט. מען זעט איבעראַל, ווי יונג און אַלט „ספּאָרטעווען", און מאַכט דורך פאַרשידענע איבונגען, כדי צו שטאַרקען דעם קערפּער, און האַלטען אים גלייכצייטיג אין פולער פאָרם, ניט דערלאָזענדיג צו מערקען די עלטערע יאָרען, וואָס רוקען זיך אַרויף אויף יעדען איינעם, לאַנגזאַם, אָבער זיכער, ביז מען דערפילט זיך באמת אַלט און שוואַך.

אין ישראל האָט ספּאָרט פאַרנומען אַ זעהר חשובען פלאַץ אין לעבען, און דאָס מכמה טעמים. ישראל דאַרף האָבען אַ גוט טריינירטע און פיזיש־ענטוויקעלטע אַרמיי, אין וועמעס הענט עס ליגט די זיכערקייט פון דער מדינה און פון ישוב בכלל. דער פיזיש ענטוויקעלטער זעלנער קאָן בעסער פאַרטיידיגען זיין פּאָזיציע, קאָן שנעלער אַ יאָג טאָן דעם שונא, קאָן זיך העלדיש אויסהויבען אין דער לופטן, און בכלל זיין מער נוצליך און מער לייסטונגספעהיג פאַר זיין אַמט, וואָס ווערט אים צוגעטיילט צו דערפילען.

אָבער ניט דווקא ישראל אַליין פאַרנעמט זיך שטאַרק מיט ספּאָרט, נאָר אַלע אַרומיגע אַראַבישע לענדער, זייערע פירער און הויפּט־פיגורען פאַרשטייען די גרויסע ראָל, וואָס ספּאָרט קאָן שפּילען, און עס גייט כמעט אָן אַ „געיעג", ווער ווען עס זאָל אַריבערשטייגען אין ספּאָרט. האָבען מיר צופעליגערווייזע באַקומען אַ מער קלאָרער בילד פון אונזער מאָנטרעאָלער „קעניג פון ספּאָרט אַקטיוויטעטען" פריינד בען ווידער, וועלכער האָט גראָד דאַן דורכגעמאַכט אַ לענגערע רייזע איבער אַלע אַראַבישע לענדער, מיט'ן צוועק

צו געווינען זיי אַלס מיטגלידער פון זיין געשאַפענער אינטערנאַציאָנאַלער „פיזיקאַל פיטנעס פעדעראַציע". נאַטירליך איז ישראל תיכף געוואָרען אַ מיטגליד אין דער פעדעראַציע, און אויך די אַראַבישע לענדער אַרום ישראל האָבען מיט גרויס אינטערעס אויפגענומען מר. ווידער, און געוואָרען מיט־גלידער פון דער וועלט־פאַראייניגונג פון דער דערמאָנטער פעדעראַציע. היינט צו טאָג, האָט אונז איבערגעגעבען פריינד ווידער, האָט ער שוין געוואונען 54 לענדער, און מען קען זאָגען, אַז זיין „ספאָרט פעדעראַציע" האָט דעראָבערט כמעט דעם גאַנצען גלאָב... ביי דער געלעגענהייט, האָט ער אונז דערציילט, אַז ער קומט נאָר וואָס פון אַ לענגערען באַזוך אין די שכנישע אַראַבישע לענדער, וועלכע האָבען אים אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג, און זיך גענטער באַקענט מיט זיין „פעדעראַציע", אירע צילען און אויפגאַבען. אין עגיפּטען, וואו ער האָט פאַרבראַכט 2 וואָכען, און זיך גוט באַקענט מיט דער יונייטעד אַראַביק רעפּובליק, איז ער אויפגענומען געוואָרען פון דער „אָלימ־פּישער קאָמיטע", און דער אָפּרוף אין דער אַראַבישער פּרעסע איז געווען זעהר ענטוזיאַסטיש.

נאָך אַ גרעסערער סורפּרייז איז געווען די אָפיציעלע איינלאַדונג פון דעם פּערסישען שאַך, וועלכער איז אַליין אַ גרויסער ליבהאָבער פון ספאָרטס, און האָט איינגעלאַדען מר. ווידער און אויפגענומען זעהר פריינדליך, ווי מען קאָן דאָס זען אויפ׳ן בילד, וואו דער שאַך איז פאָטאָגראַפירט צוזאַמען מיט מר. און מרס. בען ווידער. דער דאָזיגער באַזוך האָט אינספּירירט די אַנדערע אַראַבישע שכנ׳ישע לענדער אַנצושליסען זיך אַלס מיטגלידער פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער „פיזיקאַל פיטנעס־פעדעראַציע", און אַזוי אַרום האָט ער אויך באַזוכט לבנון, איראַק א. א. אַרומיגע לענדער, וועלכע ער האָט שוין געזען עטליכע מאָל, בעת זיינע פריהערדיגע פיר נסיעות איבער דעם אַזיאַטישען און אַנדערע קאָנטינענטען.

צווישען די אַנדערע אויפנאַמעס האָט פריינד ווידער דערמאָנט זיין „ספאָרט"־געשפּרעך מיטן טשערמאַן פון דער „יונייטעד אַראַביק רעפּובליק אַטלעטיק פעדעריישאַן" — דר. א. וו. געיסא, מיט׳ן מיניסטער פאַר יוגענדליכען ספאָרט עלסאַיד נאַסיער און מר. אבדעל האמיד על גואינדי, איינער פון די גרעסטע וועלט אַטלעטען, און דאָס אינטערעסאַנטסטע איז, וואָס מר. ווידער האָט ערגעץ ניט אויסבאַהאַלטען זיין אידישקייט, און דאָס האָט באַקרעפטיגט די היפּאָטעזע, אַז ספאָרט איז באמת די „אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך", וואָס מאַכט פאַרגעסען אַלע שווערע פּאָליטישע און מלוכות־אַנדערשקייטען. ביים טיש פון „ספאָרט" הערשט קאָלעגיאַליטעט און איין גייסט פון קאַמעראַד־שאַפט, און דאָס ווירקט אין אַ גאַנץ באַדייטענדער מאָס אויף דערנענטערונג צווישען שונאים אפילו...

אין ישראל, ווייזט זיך אַרויס, איז ספאָרט געוואָרען אַ טאָג־טעגליך

„ליד״... מען מוז האָבען אַ קרעפטיגע יוגענד, מיט געזונטע מוסקולען, כדי צו קענען פאַרטיידיגען דאָס לאַנד פון די אַרומיגע שונאים, וואָס זוכען אָן אויפהער אָנצוגרייפען די קליינע אידישע מדינה׳לע... דאַריבער איז די ישראל־אַרמיי אַזוי פעהיג, אַזוי עלאַסטיש, אַזוי בראַוו, אַז זי שטייגט איבער אין מאַכט און שוואונג אַלע אַנדערע אַראַבישע אַרמייען, כאָטש יענע זענען באַ־



דער שאַך פון איראַן נעמט אויף מר. און מרס. בען ווידער אין זיין קעניגלעכן פאַלאַץ אין טעהעראַן

וואָפענט מיט די בעסטע וואפען און פון העכסטער קוואַליטעט, אָבער האָבען ניט די אויסבילדונג פון אַ ישראל־מיליטערמאַן.

זוכענדיג מער אינפאָרמאַציע וועגען ספּאָרט אין ישראל, זענען מיר געוואויר געוואָרען, אַז די הויפט ספּאָרט־קערפּערשאַפטען זענען: דער „הפועל״, וועלכער איז פאַראייניגט מיט דער „הסתדרות״, און האָט אַרום 600 צווייגען איבער׳ן גאַנצען לאַנד, און ציילען צוזאַמען אַ 700 טויזענד מיטגלידער, אַ דריטעל פון גאַנצען ישראל ישוב. אַנדערע גוט־אָרגאַניזירטע ספּראָט־אָרגאַני־זאַציעס זענען „מכבי״ מיט 60 צווייגען איבער דער מדינה, מיט אַ 12.000 חברים.

די רעליגיעזע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „אליצור״ האָט 64 אָפּטיילונגען

מיט איבער 11,000 מיטגלידער, און „ביתר", פאַראייניגט מיט „חירות" (רעוויזיאָניסטען) האָט 40 צווייגען מיט אַ צוועלף הונדערט מיטגלידער. בלויז די „אַקאַדעמישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע" ציילט 5 צווייגען מיט 2,500 מיט־גלידער. די אַלע מינים ספּאָרטלייט, מיט'ן אויסנאַם פון „סאָקער" און „טעניס", זענען פאַראייניגט אין דער „ישראל ספּאָרט פעדעראַציע", וועלכע איז, אַלס גאַנצע, אַנגעשלאָסען אָן אייניגע אינטערנאַציאָנאַלע ספּאָרט־קערפּערשאַפטען.

די ישראל רעגירונג שענקט פיל אויפמערקזאַמקייט צו ספּאָרט, און אויף שריט און טריט, אויף די ביטשעס און אַנדערע פרייע פּלעצער „ספּאָרטע־וועןן" יונג און אַלט, און זעהר פיל מיטל־עלטערליכע מענער און פרויען, וועלכע ווילען דערהאַלטען די גראַציעזקייט און די שטרענגע „ליניעס" פון אַ געזונטען קערפּער־בוי...

ספּאָרט איז איינער פון די אַקטועלסטע ענינים אין ישראל. פּאַרלויפיג זענען פאַראַן 4 גרויסע סטודיעס — אין ירושלים, חיפה, תל־אביב און באר־שבע, וועלכע פירען אָן לאָקאַלע פאַרמעסטען צווישען אייגענע חברים, און לאַדען אויך אָפּט ספּאָרטלער פון אויסער ישראל, צו קומען און פירען ספּאָרט „רייסעס"... אַלץ אָבער טראָגט אַ כאַראַקטער פון פּריוויליגען ספּאָרט.

ווילען מיר דאָ נאָך צוגעבען, אַז היות תל־אביב האָט ביז איצט געהאַט אַ היבשלאַך שוואַכען ספּאָרט צענטער, און די גרעטע אידישע שטאָט אין ישראל האָט ניט געהאַט די געהעריגע וויזיע — איז לעצטענס צוגעקומען אַ נייע ספּאָרט אונטערנעמונג, וואָס האָט געשאַפען אַ ספּאָרט צענטער צען קילאָ־מעטער פון תל אביב, אַ „מרכז לתיירות וספורט של תל אביב", ד. ה. אַ צענטער פאַר ספּאָרט אין תל אביב. די דאָזיגע נייע ספּאָרט אָרגאַניזאַציע געהערט צו די מעקסיקאַנער אידען, און טראָגט אַ „ביזנעס־כאַראַקטער". מהאי טעמא האָבען זיך צונויפגענומען 25 אַקציאָנערען פון לאַטיין אַמעריקע. זיי האָבען אינוועסטירט אין דעם ספּאָרט און טוריסטען בנין אַרום 4 מיליאָן דאָלאַר, און דער דאָזיגער צענטער וועט האָבען אַ צאָל האָטעלען, באַנגאַלאָס און אַנדערע נויטיגע צוגאָב בנינים, וואָס מען וועט אויפבויען אויף דער אַנדער זייט פון ירקון. דער ספּאָרט בנין האָט געקענט צופרידענשטעלען די געסט, באַזוכער און ספּאָרטלער פון דעם לעצטען יום העצמאות־פּאַראַד (1965). ער האָט פאַרשידענע שפּיל פּלעצער און זאַלען פאַר גימנאַסטיק; אַ פוטבאָל זאַל מיט עטליכע טויזענט זיץ פּלעצער און אַ צאָל אָפענע פּלעצער פאַר פאַרשי־דענע ספּאָרט פאַרמעסטען. אויסער דעם האָט דער נייער ספּאָרט פּלאַץ 14 טעניס פּלעצער, אַ ריזיגען האָל פאַר גימנאַסטיק, אַ שווים טאַנק מיט וואַרימע און קאַלטע וואַסער, ווען עס איז נויטיג. נאַטירליך זענען אויך פאַראַן פּלעצער פאַר פּינג פּאָנג, גאָלף שפּיל, בייזבאָל און אַלערליי אַנדערע ספּאָרט שפּילען.

עס וועט נאָך געבויט ווערען אויף דעם פּלאַץ אַ גרויסער האָטעל מיט אַ 100 צימערען, פאַר די ספּאָרטלער אָדער מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, ווי אויך פאַר די אויסלענדישע טוריסטען.

דער הויפּט־ציל באַטריליך איז, צו קאָנצענטרירען וואָס מער ספּאָרט־אָנהענגער און אַמאַטאָרען פון תל אביב און אומגעגענד, און פאַרוואַנדלען דעם פּלאַץ אין אַ גרויסען ספּאָרט צענטער, און דאַבײ ניט צו פאַרלירען קײן געלד... עס וועט זײן פּלאַץ פאַר יוגענדליכע און מיטלעלטער־מענשען, וואָס ווילען געניסען פון ספּאָרט, זון, לופט, גימנאַסטיק, געוואוינען זיך צו הויבען לכתחילה לײכטע און שפּעטער שווערערע געוויכטער. דער ספּאָרט צענטער וועט פיל צוגעבען תל אביב, וועלכע האָט פריהער אויך געהאַט אַ ספּאָרט צענטער, אָבער ווײט ניט אויף אַזאַ מאַסשטאַב, ווי דער נײער, וואָס וועט ברענגען פרישען אָטעם און פיזישע „עקספּאַנסיע” צו די אַלע, וואָס וואוינען אין און אַרום תל אביב.

אַזוי אַרום וואַקסט דער קולט פון ספּאָרט אויף אַלע געביטען, און אַלערלײ סאָרטען ספּאָרט, ווי פוטבאָל, באַסקעט באַל, אַטלעטיקס, הויבען געוויכטער, סקיאינג אויפ׳ן וואַסער, פענסינג, רעסלינג וכדומה...

ישראל האָט זיך שוין באַטײליגט אין די אָלימפּיק שפּילען אין די יאָרן 1952 — 1956 — 1960 און 2 מאָל פאַרנומען דעם 2־טען פּלאַץ אין אַזיאַטישען פוטבאָל פאַרמעסט אין סעאול, קאָרײאַ. איבריג מוסיף צו זײן, אַז ישראל שאַצט אָפּ די גרויסע ראָל פון ספּאָרט, וואָס פאַרטרײבט מידקײט, ברענגט פרישע ענערגיע, מאַכט זיכער און פעסטער דעם טראָט און דעם שפּרונג אין דער לופט, און צו דעם אַלעמען האַלט ספּאָרט אינדירעקט אונטער דעם גלאַנץ און פײערל אין די אויגען... ישראל דאַרף נאָך מער ספּאָרט טרײבען, ווײל דאָס קאָן ווערען דער באַראָמעטער פון איר פאָלקס־געזונטהײט און גרײטקײט צו פאַרטײדיגען זיך אין אַלע צײטען און בײ אַלע אומשטענדען.

צוויי און זעכציקסטער קאַפּיטל

# אַ בליק אויפ'ן גליל

**די היסטאָרישע און געאָגראַפישע לאַגע פון דעם גליל. — די פאַרשידענע נעמען, וואָס דער גליל האָט געטראָגן אין געוויסע תקופות. — דער קק"ל אין גליל העליון און גליל התחתון. — אַ פאַרשטאַרקטע עליה, אין וועלכער דער גליל נויטיקט זיך צוליב דער גרויסער אַראַבישער באַפעלקערונג. (אַ שמועס מיט יוסף נחמוני)**

צוויי הויפּט פּראָבלעמען שטייען פאַר דעם שיקזאַל פון גליל העליון, און גליל התחתון — גרייט מאַכן דעם באָדן, צוגרייטן היימען און מאַכן אַלע מעגליכע הכנות אויפצונעמען וואָס אַ גרעסערע צאָל נייע עולים אין גליל, וועלכער איז דאָס האַרץ און נשמה פון מדינת ישראל — אַזוי האָט אונז ערקלערט יוסף נחמוני, דער „ספּעץ" אין גליל־פּראָבלעמען, אין דער אָנוועזנהייט פון אונזער מאָנטרעאָלער נדבן מאיר סיגאַלס און זיין פרוי.

די הויפּט זאָרג דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס אין גליל געפינען זיך אַרום 150 טויזנט אַראַבער, וועלכער מאַכן אויס אַרום איין און נײַנציג פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, און אידן נאָר אַ ניין פּראָצענט. אַזאַ סיטואַציע איז שטאַרק אומגעזונט. דער גליל איז די „בלום" פון ישוב, און מען מוז אים שענקן מער אויפמערקזאַמקייט.

ווי קאָן דאָס געטאָן ווערן? דאַרויף האָט נחמוני געענטפערט: אַז פאַר זיין 32 יאָריגער ערפאַרונג, ווייס ער די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון גליל פאַר ישראל און אַז פון דעם פערטל מיליאָן אַראַבער אין ישראל, זיינען גאַנצע דריי פינפטל אין גליל. אין טבריה געפינען זיך 21 טויזנט אידן און דער ראש העיר, משה צחר, זעט קלאָר דעם אומבאַלאַנסירטן פּראָפּאָרץ צווישן אידן און אַראַבער אין דעם טייל פון ישראל. דאַרף מען צוגרייטן וואָס מער באָדן, היימען, לאַנדווירטשאַפטליכע אינסטרומענטן, כדי צו דערמעגליכן נייע אימיגראַנטן אַריינצוקומען אין לאַנד און אָנפאַנגען אַ נייעם לעבן.

נאָר ווען אַזאַ אַרבייט וועט פאַרגרעסערט ווערן, וועט זי פאַרוואַנדלען דעם גליל אין אַ פּלאַץ וואו עולים וועלן געפינען אַן עקזיסטענץ און מקור פון פרנסה, דאָס וואָלט אינדירעקט אַ שטויס געטאָן טויזנטער אידן צו קומען אין גליל, און זיכערן מער די צוקונפט פון דער מדינה.

פריינד נחמוני האָט אונז באַמערקט, אַז פאַרלויפיק זעט זיך ניט קיין אָפענע שנאה און שטרייטיקייטן מצד די אַראַבער, אָבער לויט ווי זיי רעדן

און אַרגומענטירן, אַז אויב אידן האָבן נאָך 2,000 יאָר ניט פאַרלוירן זייער קאָנטאַקט און ליבע צו ארץ ישראל, על אחת כמה וכמה האָבן זיי ניט פאַרלוירן דעם סענטימענט", זיי זיינען קיינמאָל געגצליך ניט אַוועקגעגאַנגען און ניט פאַרלאָזן זייער וואוינאָרט, במילא האָבן זיי אַ שטאַרקן צובונד צום לאַנד. אַזעלכע אַרגומענטן קאָן מען ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, און דער בעסטער מיטל איז צו פאַרגרעסערן דעם פּראָצענט אידן אין גליל, אַז זיי זאָלן ווערן, אויב ניט אַ פולע העלפט, איז לפּחות אַ היבשער טייל פון דער באַפעלקערונג. די אַראַבער טאָרן ניט האָבן אין גליל אַזאַ גרויסן פּראָצענט ביז דריי פינפטל פון גאַנצן אַראַבישן ישוב אין ישראל.

פיל פון די אַראַבער ווילן פאַרקויפן שטיקער באָדן צו ישראל, אָדער צום קרן קימת לישראל, און דאָס איז אַ מצות עשה שהזמן גרמא... דאָס טאָר מען ניט אָפּלעגן אויף שפּעטער, ווייל ווער ווייסט, וואָס שפּעטער קאָן ווערן...

אגב איז גוט באַקאַנט פון אונזער תורה און נביאים, וואָס דער גליל מיינט, און ווי ער האָט דורך די טויזנטער יאָרן געהאַט פאַרשידענע נעמען. דער גליל ליגט אין צפון פון מדינת ישראל, און דער נאָמען „גליל" זאָל זיך נעמען פון דעם, וואָס דאָרט זענען אַמאָל געזעסן פאַרשידענע שבטים, אַ געמיש פון פעלקער. אין דער צייט פון משנה האָט מען דעם גליל איינגעטיילט אין 2 טיילן — גליל העליון און גליל התחתון. אין גליל איז פאָרגעקומען דער קאַמף קעגן די רוימער ביים חורבן בית שני; דאָרט איז פאָרגעקומען די צוזאַמענ־שטעלונג פון דער משנה און תלמוד ירושלמי. אין צייט פון די גאונים איז דאָרט פעסטגעשטעלט געוואָרן די מסורה פון תנ"ך, דער ניקוד, און אַנדערע כללים, וואָס האָבן דירעקטירט דאָס אידישע לעבן. אין זעכצעטן יאָרהונדערט איז דער גליל געוואָרן דער צענטער פון מקובלים, הויפּזעכליך אין צפת, און במשך פון די לעצטע דורות איז אין גליל אויסגעוואַקסן אַ גרויסע צאָל קאָלאָניעס פון די ערשטע חובבי ציון, וואָס זענען געקומען קיין ארץ ישראל.

היינט צו טאָג ווערט אונטערן נאָמען גליל אַנערקענט דער גאַנצער שטח צווישן דעם באַרג גלבוע און נהר קסימיה. יוסף בן מתתיהו שרייבט צו צום גליל נאָר די געגענדן, וואו אידן האָבן געוואוינט. אין דער נייער מדינת ישראל טיילט פאַנאַנדער דעם באַגריף וועגן גליל דער אָפּמאַך צווישן מדינת ישראל און לבנון.

עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז זינט אידישע געשיכטע האָט זיך גענומען ענטוויקלען, איז שוין באַקאַנט געווען דער נאָמען גליל, הגם געאָגראַפיש האָט ער פון צייט צו צייט אָנגענומען אַן אַנדער נאָמען, לויט דעם צוזאַמענשטעל פון זיין באַפעלקערונג. שלמה המלך האָט באַלוינט דעם מלך חירם פון צור מיט 20 שטעט אין גליל, פאַר'ן צושטעלן דאָס געהילץ (צעדערבוימען און ציפּרעסענ־האָלץ) אויך גאָלד פאַרן ביהמ"ק לויט שלמה'ס פאַרלאַנג. (זע מלכים־א קאַפּ. ט').

אין סעפטעמבער 1963 האָט פרעמיער אשכול געמאָלדען וועגען אַ נייעם ענטוויקלונגס־פּראָגראַם אין גליל, פאַר אַ משך פון 3 יאָר. ווען די שורות וועלען געלייענט ווערען, וועט שוין דער נייער פּלאַן זיין כמעט פאַר־ענדיגט. עס זענען אויסגעבויט געוואָרען 6 דערפער. דער באַדען פאַר אַגרי־קולטור איז צוגעגרייט. דירות זענען פאַרטיג געוואָרען. דער קרן היסוד און קק״ל האָבען בשותפות קאָאָפּערירט לטובת דעם פּלאַן. אַ גרופּע יונגע פּיאָנירען פון נח״ל (נוער חלוצי לוחם) זענען דעם 29־טען נאָוועמבער 1963 אַרויף אויפ׳ן באַדען און האָבען זיך באַזעצט אין נייעם דאָרף בירנית (אויף העברעאיש מיינט עס אַ פעסטונג). דאָס איז אויפ׳ן שיידוועג צווישען עכו און לבנון. בירנית איז אגב געווען אַ פעסטונג אין די צייטען פון דעם חשמונאי אלכסנדר ינאי. במשך פון די לעצטע דריי יאָר זענען אָפּגערייניגט געוואָרען 1500 דונאַם באַדען. עס זענען שוי פאַראַן שאָסייען, און לאָקאַלע וועגען, וואָס פירען צו נייע ישובים. נאָך איין צענטער איז אַרום יודפס, די געוועזענע פעסטונג, וואו עס איז פאָרגעקומען דער העלדישער ווידערשטאַנד פון אירע קעמפער געגען די רוימער לעגיאָנערען בעת׳ן אויפשטאַנד פון חורבן בית שני. די נייע יודפת איז אַרומגערינגעלט מיט וויינגערטנער און פרוכטבוימער. צוויי שטאָ־טישע צענטערס דינען אַלס הויפּט־פונקט פאַר׳ן פּראָגראַם כרמיאל, אַ דאָרף, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1957 און ציילט שוין היינט פיר טויזענד איינוואוינער.

מען זעט, ווי דער גליל ווערט צוגעגרייט פאַר פיל נייע עולים, און די אַרבייט גייט אָן ענערגיש, כדי צו ווערען אויפנאַמספעהיג פאַר אַ גרעסערער אַבסאָרבירונג פון נייע עולים, וועלכע זענען אַ ספּעציפישע נויטווענדיגקייט סיי פאַרן גליל אַליין און סיי פאַר מדינת ישראל, וועלכע מוז זען ווי ווייט מעגליך אָנצוהאַלטען אַ געוויסע פּראָפּאָרץ צווישען אידען און אַראַבער, ווייל אַזוי קאָן דאָס ווייטער ניט בלייבען.

דער חשובער יוסף נחמוני, וועלכער איז אַ תושב אין א״י זינט דעם יאָר 1907, און איז פיל יאָרן געווען אַן ערד־אַרבעטער אין די קאָלאָניעס פון יהודה און זכרון יעקב, האָט לאַנג מיטגעאַרבעט אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט בן צבי און אַנדערע, וואָס זענען מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק גע־קומען קיין א״י, אין רירנדע ווערטער האָט ער אונז געזאָגט אַז די אידן אין דער דיאַספּאַרא פאַרשטייען ניט די וויכטיקייט פון גליל, צו קומען און באַזעצן זיך און לעבן אַ גליקליכן לעבן.

— דערמאָנט זיך נאָר, וואָס מיר האָבן מיט פופציג־זעכציג יאָר צוריק געדאַרפט דורכמאַכן, קומענדיק קיין א״י!... קיין זאַך איז ניט געווען צוגעגרייט! מען האָט געדאַרפט אַלץ אָנפאַנגען פון „בראשית״. ווייניג אידן און אַ סך וויזיע... היינט קומט אַן עולה קיין ישראל, באַזעצט ער זיך אין גליל, און ער געפינט כמעט אַלץ וואָס ער וויל האָבן. דער באָדן, אַ היים צו וואוינען, אַ שטאַל פאַר די הויז חיות, מאַשינעריע צו באַאַרבעטן דאָס לאַנד, און אויך וועגן פאַר־

שפּרייטן זיין פּראָדוקציע אַלץ איז שוין פאַר אים צוגעגרייט. פאַרוואָס זאָלן אידן פון אַמעריקע, קאַנאַדע, אַרגענטינע, מעקסיקאָ, אורוגוואי און בכלל פון אַלע וועלט־טיילן, וואו זיי געפינען זיך, ניט צונויפנעמען זייערע מטלטלין און קומען קיין מדינת ישראל, און זיך קאָנצענטרירן אין גליל, וועלכער איז דאָס האַרץ פון דער אידישער מדינה?!?...

דער גליל דאַרף האָבן מער אידן, כדי ניט איבערצולאָזן די גרויסע מער־הייט אויף דער זייט פון די אַראַבער. דאַן וואָלט גיכער געקומען צו אַ שליכטונג און פאַרלייכטערונג צום צוזאַמענלעבן צווישן דיביידע פעלקער, און מדינת ישראל וואָלט אָנגעהויבן פינקלען מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן... מר. נחמוני רעדט ניט ווי אַ באַאַמטער: ער זוכט ניט קיין פּראָזעלאָגיע. ער דערציילט ווי אַן אַלטער תושב, וועלכער זעט בולט דאָס בילד פון דער אַראַבישער מער־הייט, און וויל אַז די פּראָפּאָרץ צווישן אידן און אַראַבער זאָל געענדערט ווערן, ווייל דאָס קאָן פאַרלייכטערן דעם גאַנצן פּראָצעס פון שלום און פריינדשאַפט אין ישראל, און אינדירעקט — אויך מחוץ למדינת ישראל.

מר. נחמוני, אַן אָפּשטאַמיקער פון אוקראַינע, טראָגט אויף זיך אַלע צייכנס פון אַ פּשוט׳ן האָרעפּאַשניק. ער איז צוגעבונדן צום לאַנד, צום באָדן, און האָפט צו באַאיינפלוסן און פאַרבעסערן די לאַגע אין גליל, דורך אויס־לייזן וואָס מער באָדן פאַר סעטעלמענטס, באַזאָרגן די עולים מיט מער היימען און לאַנדווירטשאַפטן, וואָס וואָלט געבראַכט אַ נייעם שטראָם פון מענשן אַלס שוץ פאַר׳ן גליל און ברכה פאַרן גאַנצן ישוב.

אידישע זיכערקייט אין ישראל בכלל, און אין גליל בפרט, הענגט אָפּ פון אידן אַליין, די אידן אין די תפוצות דאַרפן דאָס פאַרשטיין און אָפּשאַצן אַז מיט זייער קומען אין לאַנד, העלפן זיי צעמענטירן דעם אידישן קיום אויף אַלע צייטן...

דריי און זעכציקסטער קאַפּיטל

# מוזייאומס און גאַלערייען אין ישראל

**דער בצלאל מוזיי אין ירושלים. — דער תל אביבער מוזיי. — דער מוזיי פון מאָדערנער קונסט. — דער יאַפּאַנעזישער קונסט־פּאַוויליאָן און אַנדערע אין חיפה. — דער מוזיי אין ירושלים, אין צעסאַריע, אין דגניה, אין עין חרוד, אין שער הגולן, ניר דוד, עקרה, באר שבע, הזורע. — דער קונסט־דאָרף „עין הוד" לעבן חיפה. — דער קונסט־צענטער אין צפת. — דער העלענאַ רובינשטיין פּאַוויליאָן. — דער האַרץ מוזיי פון מיטללענדישער קונסט, א. אַ.**

ניט קוקענדיג אויף די טויזענד און איין זאָרג, וואָס מדינת ישראל האָט, און וועט נאָך פאַר לאַנגע יאָרען האָבען, האָט זי אָבער אויך ניט פאַר־געסען און ניט אויסגעמיטען דאָס גרויסע פעלד פון קונסט און קולטור, מיט וועלכע זי קאָן זיך שוין באַלד פאַרגלייכען מיט פיל עלטערע און רייכערע מדינות. מיר האָבען דאָ אויבען אויסגערעכענט אַ ריי מוזייאומס און גאַלערייען, קונסט־אויסשטעלונגען און האַנט־מלאכה, וואָס גיבען צו אַ געוויסען קאָליר צו דער אַלגעמיינער ישראל׳ס שאַפונגס־־־־קראַפט און גייסט פון אידישען פאָלק. אין יאָר 1906 איז געשאַפען געוואָרען „בצלאל" אַלס קונסט־שול אין ירושלים, מיט אַ גרויסער קאָלעקציע פון אידישער פאָלקס־קונסט, וואָס האָט במשך פון די קנאַפע 60 יאָר זיך שטאַרק ענטוויקעלט און געפאָדערט אַ צאָל נייע בנינים. „בצלאל" האָט דריי הויפּט געביטען פון אַרבייט : גראַפיק, אילוס־טראַציעס און האַנט־אַרבייט, ווי וועבעריי, שטריקעריי און אַנדערע. זי האָט אויך אַנשטאַלטען פאַר לערער־צוגרייטונג פאַר קונסט און קינסטליכע האַנט־אַרבייט. זינט דעם יאָר 1956 גיט „בצלאל"־שול אַרויס תעודות אַלס „בוגר אמנות", ד. ה. דיגריען, וואָס באַשטעטיגען געוויסע ספּעציאַליטעטען, נאָכדעם, ווי מען האָט דאָרט שטודירט נאָך אַ פינפטען יאָר, בעת די רעגולערע קורסען דויערען נאָך 4 יאָר. דער סטודענטען־עלטער איז צווישען 16 און 30 יאָר, און די צאָל איז אַרום 150 יוגענדליכע. עס זענען אויך פאַרהאַן אָווענט־קורסען פאַר אַ 100 סטודענטען. דער לערער־סטעף איז 25. די שול ווערט געשטיצט טיילווייז פון וויצ״א און טיילווייז פון אַנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס. די רעגירונג שטעלט צו נאָר אַ טייל פון בודזשעט, אויסער דעם זענען פאַרהאַן סטיפּענדיעס פאַר אומפאַרמעגליכע סטודענטען. די „בצלאל"־שול איז גע־גרינדעט געוואָרען פון פּראָפעסאָר און סקולפּטאָר באָריס שץ, אַלס צענטער

פאַר אידישער קונסט און האַנט־אויסאַרבייטונגען אין א״י. אין „בצלאל״ האָט מען אָנפאַנגס אונטערריכטעט פאַרשידענע קונסט־מלאכות, שפּעטער איז ענט־שטאַנען די קאָלאָניע בן־שמן, וואו עס האָבן זיך באַזעצט תימנער אידען, און זיך באַשעפטיגט מיט אַגריקולטור. „בצלאל״ האָט איבערגעלעבט דעם קריג, און געבליבען עקזיסטירען נאָך מיט מער שוואונג און פאַרמעסט.

אַ וויכטיגער אויפטו פון באָריס שץ איז געווען דאָס אויפשטעלען פון אַ נאַציאָנאַלען אינוואַלידען־צענטער, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרען אַ העכסט וויכטיגע אָפּטיילונג פון בצלאל. דאָרט ווערען באַשלאָסען נייע פּלענער פאַר „בצלאל״־טעטיגקייט און ניי־צוגעקומענע קינסטלער. „בצלאל״ גיט אַרויס די צייטשריפט „אמנות״, וואָס מיינט קונסט.

מען מוז צוגעבען, אַז דער סקולפּטאָר און קינסטלער באָריס שץ איז געווען דער פאָטער און שעפער פון לעבעדיגער קונסט אין לאַנד, און ער האָט אַפילו אין זיינע לעצטע יאָרען געשטרעבט צו פאַראייביגען דעם ביבלישען נאָמען „בצלאל״, וועגען וועלכען די תורה דריקט זיך אויס „וימלא אותו רוח אלוקים בחכמה, בתבונה ובדעת כל מלאכה, ולחשוב מחשבות לעשות בזהב ובכסף ובנחושת״ (שמות ל״ה). אין גרונט איז באָריס שץ נאָר געווען אַ סקולפּטאָר און אַ רעליף־צייכענער. די פּלאַסטישע קונסט ביי אים איז ניט געווען רייף אין א״י; בלויז אין פאַרשידענע פאָלקס־שאַפונגען, ווי כתובות, בילדער פון עולי־רגל׳ניקעס, טישטוכלאך פאַר שבת און יו״ט, אויף ווענט־באַצירונגען דורך פאַרשידענע בילדער האָט מען געמערקט סימנים פון קונסט, אָבער דאָס איז נאָך ווייט ניט געווען קיין קונסט... ערשט מיט באָריס שץ׳ן, וועלכער האָט געשאַפען די בצלאל־שול, אַלס אַרבייטס־אַנשטאַלט פאַר קונסט און מלאכה, האָט זיך אָנגעפאַנגען דער קאַפּיטעל פון ישראל־קונסט, און אויס־שטעלונגען אין ישראל. שפּעטער זענען געקומען קינסטלער פון אַלע וועלט־טיילען קיין א״י, און האָבען ענטוויקעלט, יעדער לויט זיינע פעהיגקייטען, געוויסע קונסט־געביטען, ווי שניצעריי, מאַלעריי, סקולפּטור־אַרבייט. צייכנער האָבען געשאַפען אין בילד, פאַרב, מיט פּענזל און דלאָט, אויך דיכטער, קינסט־לער מיט טינט און פּען פאַרשידענע קונסט־אויסאַרבייטונגען און פּאָעטישע אימאַזשען. „בצלאל״ — איז געווען די מוטער פון דער נייער ישראל קונסט־פּראָדוקציע און שאַפונג. אין יאָר 1920 האָבען די „בצלאל״־קינסטלער גע־גרינדעט דעם קינסטלער־פאַראיין — „איגוד אמנים עבריים״.

אין יאָר 1926 איז געגרינדעט געוואָרען דער מוזיי אין תל אביב, שפּעטער דער מוזיי פאַר פיינע קונסט אין חיפה און אַנדערע. למען האמת דאַרף באַמערקט ווערען, אַז צו דער ישראל קונסט האָבען אויך בייגעטראָגען די אויסשטעלונגען פון פראַנצויזישע, ענגלישע און אַמעריקאַנישע קינסטלער, וואָס האָבען דעמאָנסטרירט זייערע שאַפונגען אין א״י. די ישראל קונסט האָט זיך אָבער ניט באַגנוגענט נאָר מיט די עטליכע שטעט, וואו מוזייאומס זענען

פאַרהאַן; ישראל קינסטלער פלעגען דורכפירען אויסשטעלונגען אויך אין קלענערע שטעט, ווי עכו, חדרה, פתח תקוה, רחובות, אשקלון, באר שבע א. אַ. שפּעטער האָט זיך אין אַשקלון אַנטוויקעלט אַן אייגענער חשובער מוזיי. אויך אין פאַרשידענע קיבוצים זענען דורכגעפירט געוואָרען מערערע אויס־שטעלונגען, און עס איז לעצטענס געגרינדעט געוואָרען אַ פּאָר צענטערס פאַר קונסט, אין „עין הוד־כפר אמנים" ביי חיפה, און אין צפת. די לעצטע זענען די שאַפונגען פון די קינסטלער אַליין, צוליב זייערע נייע טענדענצען, פאַנטאַזיעס און שיטות אין דער קונסט.

זיכער האָט די השפעה פון אייראָפּעאישע קינסטלער ניט פאַרפעלט צו באַווירקען די ישראל'דיגע קונסט, לויט'ן אַלטען אידישען כלל „קנאת סופרים תרבה חכמה". דאָס מערקט זיך למשל אין פּאַוויליאָן פון העלענא רובינשטיין, אין הארץ־מוזיי פון מיטעללענדישער קונסט, אין דעם מוזיי פון מאָדערנער קונסט, אין דעם יאַפּאַנעזישען קונסט פּאַוויליאָן אין חיפה, אין די קונסט־אָפּטיילונגען אין צעסאַריע, דגניה, שער־הגולן; די נייע התחלות פון קונסט־מוזייאומס און אַנטיקען אין ניר דוד, עקרון, און אַנדערע קונסט שולען. מיר וועלען דאָ זיך אָפּשטעלען אויף דעם נייעם קונסט־צענטער עין הוד כפר אמנים, ביי חיפה און אויפ'ן נייעם קולטור און קונסט צענטער אין צפת.

פיר און זעכציקסטער קאַפּיטל

# עין הוד און צפת — די נייסטע קונסט-צענטערס אין ישראל

## ווי דער נייער קינסטלער דאָרף „עין הוד" איז געוואָרען אַלס קולטור און קונסט צענטער „עין הוד כפר אמנים". — פון דער אַלטער קבלה־שטאָט צפת, ביז אַ נייעם קולטור צענטער.

בעת אונזער פּאַרווײלען אין ישראל האָבען מיר אָנגעטראָפען די מאָנ־טרעאָלער פריינד דר. א. א. אייזענשטאָט און זיין חשובע פרוי וועלכע זענען געווען שטאַרק באַגייסטערט מיט זייער באַזוך אין „עין הוד־כפר אמנים". דער נייער קינסטלער צענטער איז געוואָרען דער „מאַגנעט", וואָס האָט זיי ניט נאָר צוגעצויגען, נאָר ממש געפאַנגען זייער האַרץ און נשמה. זיי האָבען אונז גענומען דערציילען וועגען עין הוד, און דער סיפור האָט אונז אַליין גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט. אגב, איז דאָס געווען די „בר מצוה" דאַטע און פייערונג פון דאָרף עין הוד־כפר אמנים.

די פאַקטען זענען געווען היבש פּיקאַנט און אָנגעלאָדען מיט באַזונדערן חן. דאָס האָט אונז פאַראינטריגירט צו דערגיין מער פרטים וועגען עין הוד, און דאָס זענען זיי: אין יאָר 1951 האָט די ישראל רעגירונג זיך גענומען עקספּלואַטירען די בערג־שטחים אין לאַנד, און איז צוגעקומען צום כרמל, ניט ווייט פון קיבוץ ניר עציון, און דאָרט זיך אָנגעטראָפען אויפן געוועזענעם אַראַבישען דאָרף עין הוד.

די לאַנדשאַפט אַרום איז געווען צויבערליך־שעהן, און געוועקט אַ קינסטלער־פאַנטאַזיע. סטראַטעגיש איז אָבער די פּאָזיציע ניט געווען גינסטיג פאַר דער מדינה. מען האָט לכתחילה געדענקט פאַרניכטען דעם דאָרף צווישען תל אביב און 15 קילאָמעטער פון חיפה. אַן אַנדער פּלאַן איז געווען צו פאַר־וואַנדלען דעם דאָרף אין אַ גרויסען נאַציאָנאַלען פּאַרק, און אויפבויען דאָרט אַ וויכטיגען מאָנומענט. דער כישוף פון דער פּאָזיציע האָט אָבער ניט דער־לויבט חרוב צו מאַכען אַזאַ נאַטור־ווינקעלע, וואו מען זעט דעם ים און וואונדער שענע שטיינערנע הייזער. מען האָט געדענקט אָנצופאַנגען בויען אַ נייעם עולים קיבוץ, אָדער גאָר אַ טוריסטען־רעזערוואַציע. ענדליך, נאָך לאַנגע וואַקלענישען האָט מען באַשלאָסען צו פאַרוואַנדלען עין הוד אין אַן אַרטיסטען־דאָרף. אַ פּאָר צענדליג מענשען האָבען זיך תיכף אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט, און דעם 1־טען מאַי 1953 איז מען שוין אַרויף אויפ'ן באַרג.

מיטנעמענדיג מיט זיך פאַרשידענע זאַכען פון ערשטען מענשליכען געברויך. דער פלאַץ איז נאָך געווען פיל מיט מאָסקיטעס, שלאַנגען, פליגען, וואָס האָבען זיך אָנגעפלאָדיעט דורך די לעצטע עטליכע יאָר, זינט די אַראַבער האָבען דעם פלאַץ פאַרלאָזען. מען האָט נאַטירלעך אָפּגערייניגט דעם באָדען, די הייזער, און קינסטלער האָבען זיך אָנגעהויבען באַזעצען... אַודאי איז נאָך ניט געווען קיין עלעקטריש ליכט, קיין וואַסער, אָבער דער מעיאָר פון חיפה, אבא חושי האָט שטאַרק צוגעהאָלפען, און עס איז געוואָרען אַ פלאַץ צום לעבען, צו אָטעמען און צו שאַפען...

ווי זעט אויס לעצטענס „עין הוד־כפר אמנים?".

עס איז אַ פּרעכטיגער דאָרף, וואָס וואַקסט און ענטוויקעלט זיך זעהר שעהן. די קינסטלער האָבען אין אים אַריינגעלעגט ניט נאָר פיזישע אַרבייט, נאָר אויך גייסט, נשמה. עין הוד האָט שוין פיל אייגענשאַפטען און באַקוועמ־ליכקייטען פון אַ שטאָט ווי דורכגעשניטענע וועגען, עלעקטריש ליכט, וואַסער, וואָס דאָס איז געוואָרען אַ דאַנק דער מסירת נפש פון די אייגענע איינוואוינער און דער הילף פון גע־וויסע פילאַנטראָפען.



ד"ר אַנרי אייזענשטאַט

עס איז שוין אויסגעבויט גע־וואָרען אַ גרויסע גאַלעריי, אַרבייטס־אָפּטיילונגען, אַ טעאַטער, אַ קאָמיוּ־ניטי צענטער, מיט סעמינאַרען פאַר מאָלער, סקולפּטאָרען, אַ פלאַץ אויפ־צונעמען אויסלענדישע טאַלאַנטען־געסט, קינסטלער. אויך אַ רעסטאָראַן, אַ פאַרקינג פלאַץ א. אַ. וו.

עין הוד איז היינט ניט סתם אַ דאָרף אין פשוטען זין פון וואָרט. עין הוד איז געוואָרען אַ „קאָנצעפּ־ציע", וואָס האָט שוין געוואונען פיל אַנערקענונג ריי אין ישראל, און סיי אין דער דיאַספּאָראַ, הויפּטזעכליך צווישען אַרטיסטען, קינסטלער און גרויס־קאַליבערדיגע טאַלאַנטען.

אין תוך איז עין הוד אַ „קיבוץ גלויות" פון פיל צוזייטע און צו־שפּרייטע וועלט־קינסטלער, וואָס זענען פאַרבליבען לעבען נאָך דעם היטלער־הוראַגאַן אין צענטראַל־אייראָפּע און אַנדערשוואו. דאָ האָבען זיי געפונען אַ מקלט, צו קאָנען רוהיג לעבען און שאַפען, יעדער אויף זיין געביט, אַלס אַרטיסט, סקולפּטאָר, מאָהלער א. אַ. וו.

דאָ געניסען זיי פון דער פּראַכט פון דער נאַטור און שעפּען אינספּי־

ראַציע; דאָ וואַקסט זייער פאַנטאַזיע און שוואונג. דאָ האָבען זיי דערפילט זייער אַרטיסטישע נשמה. דאָס גיט צו מדינת־ישראל אַ באַזונדער קאָלאָריט און פּלאַץ אין דער וועלט פון קונסט. דר. און מרס. אַנרי איזעשטאַט, האָבען זיך פּשוט ניט געקענט שיידען מיט עין הוד. זיי האָבען געקוקט אויף יעדען קינסטלער, און זיין שאַפונג, ווי אַ בייטראג צו דער „שאַץ־קאַמער" פון אונזער פאָלק און לאַנד.

אייגענטליך, האָבען זיי שוין אין זייער היים אין מאָנטרעאָל, אַ „עין־הוד" אין מיניאַטור. די פאַרשידענע צעראַמיק־אויסאַרבייטונגען, קינסטלערישע אַנטיקען, פּרעכטיגע בילדער פון עין הוד... זייער מאָטאָ איז אָבער: „ווילסטו דעם דיכטער פאַרשטיין, מוזטו אין דיכטער'ס לאַנד גיין". מען דאַרף אַליין זען „עין הוד־כפר אמנים", איינזאַפּען די אַטמאָספּערע פונ'ם קונסט־דאָרף, און דאַן ערשט בעסער באַגרייפן דעם בייטראַג און חשיבות פון עין הוד, וואָס קאָן ווערען די „מעטראָפּאָליע" פון ישראל קונסט און קולטור אין דער ניט ווייטער צוקונפט.

## צפת

די אַלטע קבלה־שטאָט צפת, וועלכע איז אייביג געווען פאַרזונקען אין מיסטיק און קבלה, האָט לעצטענס אָנגעהויבען באַקומען אַ נייעם פּנים און אַ מאָדערנעם אויסזען, אַ דאַנק דער ענטוויקלונג פון פאַרשידענע נייע מלאכות און קונסט־שאַפונגען, וועלכע זענען אין דער פאַרגאַנגענהייט דאָרט לגמרי ניט געווען. מען האָט געוואוסט, אַז די דריי גרויסע שטעדט, ירושלים, תל־אביב און חיפה — גיבען דעם ענטפער צו אַלץ און צו אַלעמען, סיי צום אידישען עבר, און סיי צום מאָדערנעם אידישען מלוכה־לעבען. דאַגעגען צפת, וועלכע ליגט אין גליל העליון, און האָט הינטער זיך אַ זעהר שעהנע פאַר־גאַנגענהייט, האָט מען וועגען איר זעהר ווייניג גערעדט.

צפת האָט אָבער אין די לעצטע יאָרען געוויזען דער אידישער און ניט־אידישער וועלט, אַז זי קאָן ווערען אַ גרויסער גייסטיגער צענטער, מיט אַלע בולטע סימנים פון איר פאַרגאַנגענהייט, ווי די אַמאָליגע אַלטע חדרים פאַר תינוקות של בית רבן, די אַלטע אָפּגעלעבטע ישיבות, צדקה אינסטיטוציעס א. אַ. וו., האָט זי שוין היינט נאַכט־קלובען, קאַבאַרעטען, ווינקעלאַך פאַר טוריסטען, ניי־געבויטע האָטעלען, טעאַטערען וכדומה... צפת האָט באַקומען אַ לעבעדיגען אָטעם, אנשטאט דער געוועזענער פאַרכמורעטער קבלה־שטאָט, פול מיט מיסטיק און אַלטע לעגענדעס, זעט מען היינט אין צפת אויסערע היסטאָ־רישע קברים, ברענענדע ליכט, הדלקות, קוויטלעך וכדומה, אויך די נייע צפת, וואָס שלאָגט מיט לעבען, מיט אימפּעט און ציט צו פיל טוריסטען און געסט מארבע פינות העולם.

צפת איז נאָך אַלץ היינט אַ קליינער ישוב בסך הכל אַכצען טויזענד

אידען, אָבער קוים האָט זי אָנגעהויבען צו וואַקסען, וועט שוין די צאָל שטייגען כסדר, ווייל דער אויסבליק אַרום איז פּרעכטיג שעהן, און דאָס ציהט צו אימיגראַנטען. מהאי טעמא זעט מען שוין היינט אין צפת אידען פון אַזיע, אַפריקע, אשכנזים, ספרדים, תימנער, פון אַלע גלות׳ן פון דער וועלט...

די נייע עולים האָבען נאַטירליך געפונען פאַרשידענע באַשעפטיגונגען, ווי שניידעריי, טאַבאַק אויסאַרבייטונגען, געשאַפען אַ פאַבריק פון כאַלווא, קאַווע־מילעכלעך וכדו׳. ס׳האָבען זיך אויך פאַיאַוועט בויער פון האָטעלען, וועלכע מאַכען ניט קיין שלעכטע געשעפטען...

די נייע ווינטען האָבען קאַרדינאַל געענדערט דעם „קלימאַט״ פון צפת... פרומע זענען זענען אין אַ קליינער מינדערהייט, און אויך זיי זענען ניט בבחינת מאה שערים... זיי זענען מער טאָלעראַנט, אויך די פרייע זענען ניט קיין צו־גרויסע עקשנים און רייצען ניט אַזוי די איינגעגליבע פון די פרומע... לעצטענס איז צפת געוואָרען אַ קולטור־און קונסט־צענטער, און זי פאַרמאָגט שוין אַ היבשען מוזיי. דער אָנפאַנג איז געמאַכט געוואָרען אַ דאַנק דעם אַלוועלטליכען אידישען קולטור־קאָנגרעס, וועלכער האָט איבערגעשיקט אַ טראַנספּאָרט פון 180 בילדער פון אַמעריקאַנער אידישע מאַלערס.. דער מוזיי האָט איין צימער מיט 30 בילדער פון דעם באַקאַנטען אידישען מאַלער שאול ראַסקין. עס איז שוין אויך געשאַפען געוואָרען אַן אויסשטעלונג. איצט צילט דער מוזיי צו פאַראייביגען דעם אָנדענק פון אַלטע אידישע קהילות אין מזרח אייראָפּע, וואָס זענען חרוב געוואָרען. מען וויל „מחיה מתים״ זיין דעם זכרון פון דער גע־וועזענער עיר ואם בישראל, ירושלים דליטה, — ווילנע. מען וויל אפילו שאַפען נאָכאַמונגען פון געוויסע ווילנער גאַסען, כדי צו פרעזערווירען דעם אויסזען פון דער אַמאָליגער ווילנע. דאָס זעלבע וויל מען נאָכקאָפּירען די ווילנער צדקה־אינסטיטוציעס, כדי צו האָבען כאָטש אַוועלכע עס איז פאַר־שטעלונג פון ווילנע, איר לעבענס־שטייגער, מנהגים, לעבענס־קאָלאָריט א. א. וו. דאָס אַלץ צילט צו איבערלאָזען פאַר דעם יונגען דור אין ישראל סימנים פון אַמאָליגען אידישען לעבענסשטייגער אין דער באַרימטער ווילנע, אירע ישיבות, לערען־אינסטיטוציעס, צדקה־אנשטאַלטען וכדו׳ און אַזוי אַרום פאַר־וואַרפען אַ בריק צווישען דעם נעכטען און דעם היינט, וואָס מיינט צווישען דעם פריהערדיגען גלות און היינטיגען ארץ ישראל...

צפת האָט היינט אַ מאָדערנע מיטל־שולע, אָבער אויך חשובע ישיבות, אַלס לעבעדיגער המשך צווישען אונזער עבר און הווה. וואָס איז נוגע דעם קינסטלער קוואַרטאַל, וועלכער איז ענטשטאַנען מיט עטליכע יאָר צוריק, מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַן אמת׳ן קולטור „אַאַזיס״ אין דער שטאָט פון מקובלים און פאַרדבקה׳טע צפת׳ער אידען, וועלכע ווייסען, אַז זיי האָבען אַ אייגענאַרטיגען ל״ג בעומר, מיט שטראָמען פון געסט און טוריסטען, וואָס ציהען זיך קיין מירון, צום קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאי, צו דער טראַדיציאָ־

נעלער הדלקה און הילולא, וואָס גייט אָן אַ גאַנצען טאָג און אַ גאַנצער נאַכט, און ס'מישען זיך אויס אידען פון אַלע וועלט טיילען, און מען טאַנצט אָן אויפהער „בר יוחאי"... די אַלטע צפת וועלכע זעט שוין אויס היבשלאָך ניי, ענטוויקעלט זיך מיט אַ שטאַרקען טעמפּאָ, און זי קאָן גאָר גיך ווערען אַ וויכטיגער קולטור- און קונסט-צענטער ניט דווקא פאַר'ן גליל אַליין, נאָר פאַר מדינת ישראל בכלל. פּונקט ווי עין הוד האָט פיל צו פאַרדאַנקען דעם מעיאָר פון חיפה, אבא חושי, אַזוי האָט צפת צו פאַרדאַנקען איר זעהר ענערגישען און געטרייען מעיאָר אברהם הכהן, וועלכער שפּאַרט ניט קיין מיה און אַנשטרענגונג צו פאַרוואַנדלען די שטאָט אין אַ לעבעדיגען צענטער, וואו עס זאָל קלאַפּען דער אָטעם פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, צוזאַמען מיט דעם עכאָ פון דער נייער צייט. צפת זעט פאָר צו ווערען אַ מאָדערנע שטאָט מיט אַ רייכען מוזיי און פיל קולטור-אַנשטאַלטען, וואָס וועלען צו־געבען איר און מדינת ישראל אַ באַזונדער חן און גלאַנץ.

פינף און זעכציקסטער קאַפּיטל

# דער סעמועל בראָנפמאַן אַרכעאָלאָגישער און ביבלישער מוזייאום

**דער בייטראַג פון דער בראָנפמאַן־משפחה. — גרעסטער נאַציאָנאַלער מוזייאום פון ישראל, וואָס וועט אויפגעבויט ווערן אין קריה פון ירושלים. — דער שענסטער אויפטו פון נאַציאָנאַלן מוזייאום.**

ווען מירריידן וועגן דער גרעסטער חשיבות פון דעם היסטאָרישן ביבלישן און אַרכעאָלאָגישן מוזעאום לכבוד דעם „פּאַטריאַרך״ פון דער בראָנפמאַן משפחה, האָט דער נאָמען אַרויסגערופן דעם גרעסטן אינטערעס פון מדינת ישראל. ער האָט פאָרגעזען אַ פּלאַן פון פיר יאָר פון שווערער און אומדערמידלעכער אַרבעט פאַר דער קאָנסטרוקציע פון דעם גיגאַנטישן פּלאַן. עס וועט אויפגעבויט ווערן אַ פּופּצן פּאַוויליאָנען פון ישראל, און עס וועלן געשאַפן ווערן אַלס צוגאָב צו די רייכע קאָלעקציעס פון מאַלעריי,



בראָנפמאַנס מוזיאון

סקולפּטור און גראַפישע שאַפונגען, אַ באַזונדער פּאַוויליאָן וואָס וועט גע־ווידמעט ווערן צו ישראל׳ס עטנאָגראַפישער קונסט, וואו עס וועט געפינען דעם ריכטיקן פּלאַץ פאַר די הייליקע פּאַרמעטן פון טויטן ים, און די איינציקע בריוו, געשריבן געוואָרן פון בר־כוכבא.

דער גראַנדיעזער פּלאַן איז אַקצעפּטירט געוואָרן בשעתו פון דער גאָטעסמאַן פונדאַציע, וואָס האָט אין פּרינציפּ אָנגענומען, אַז יעדע משפחה זאָל האָבן אויף זייערע נעמען מוזייאומס בילדינגס. דערצו האָט דער באַרימטער בילדער און קאָלעקציאָנער פון ישראל׳ס מוזייאומס, מר. בילי ראָוז, בייגעטראָגן זיין חלק צו דער ישראל סקולפּטור. דער פּלאַץ אין הארץ פון ירושלים וועט דינען אַלס דער בריק צווישן דער אַלטער אידישער געשיכטע און תורת משה. עס וועט אויך זיין אַן אויסשטעלונג פון אַנטיק־קאָלעקציעס פון אור־אַלטע צייטן, אָנהויבנדיק פון 2־טן ביזן 6־טן יאָר־הונדערט. לויט דעם אויסדרוק פון מר. סעמועל בראָנפמאַן, אַז עס איז געווען און פאַראַן צוויי וועלטן — מדינת ישראל און די דיאַספּאָראַ... עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס דער ישראל נשיא, מר. שזר און דער פּרעמיער מר. אשכול האָבן אים אַזוי האַרציק באַגריסט לכבוד דער „חנוכת הבית״ פון דעם פּראַכטפולן נאַציאָנאַלן מוזייאום אין מדינת ישראל. סעמועל בראָנפמאַן האָט באַמערקט, אַז די עפענונג פון דעם נאַציאָנאַלן מוזייאום וועט דינען אַלס אַ רינג אין דער קייט צווישן דעם וועלט־אידנטום און מדינת ישראל.



דער מחבר ע״ה מיט סעם בראָנפמאַן

דער מוזייאום איז געשענקט געוואָרן פון די קינדער פון מר. בראָנפמאַן, פון דער סעמועל משפחה, וועלכע האָבן אַלע זיך באַטייליקט אין דער גרויסער ווידמונג פונעם נאַציאָנאַלן מוזייאום אין מדינת ישראל.

עס זיינען, נאַטירלעך, פאַראַן נאָך אַנדערע קלענערע מוזייאומס, ווי דער „בית הנכות הלאומי בצלאל", אין ירושלים, דער מוזיי אין תל־אביב, דער מוזיי פאַר נייע קונסט אין חיפה. עס איז אויך באַקאַנט דער „משכן לאמנות ע"ש חיים אתר", דער מוזייאום אין קלענערן מאַסשטאַב אין עין־חרוד, די פאַרשידענע קינסטלער אויסשטעלונגען אין עכו, חדרה, פתח־תקוה, רחובות, אשקלון, באר־שבע, און דאַרונטער אויך אין פאַרשידענע קיבוצים און מושבות. ס'איז כדאי צו דערמאָנען „עין הוד — כפר האמנים", אנגעפירט פון דר. אנרי און פרוי אייזענשטאַט.

די דערמאָנונג פון דעם אימפּאָזאַנטן אויפטו פון מר. טעדי קאָלעק, וועלכער האָט אין יאָר 1958 ערפילט דעם פּלאַן און צוגעהאָלפן צום ביישטייער פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג אין דער סומע פון אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר, איז געווען בשעתו די השפעה פון פרעמיער דוד בן־גוריון, וועמעס רעכטע האַנט ער איז געווען אין דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע. מר. טעדי קאָלעק איז לעצטנס דערוויילט געוואָרן אַלס דער מעיאָר פון ירושלים, אַנשטאָט מרדכי איש שלום, וועלכער האָט לעצטנס אויפגעגעבן זיין אַמט.



ראש הממשלה לוי אשכול מיט סעם בראָנפמאַן

דער נייער היסטאָרישער סעמועל בראָנפמאַן ביבלישער און אַרכעאָלאָגישער מוזייאום האָט פאַרנומען 20 אַקער לאַנד, און דער אויספיר פּלאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען מיטן יאָר 1961. די קינדער פון סעמועל בראָנפמאַן האָבן בייגעטראָגן אַ באַדייטנדע סומע געלט פאַר דער קאָנסטרוקציע פון דעם גראַנדיעזן בילדינג מיט די פאַרשידענע אָפּטיילונגען, מיט רייכע קאָלעקציעס־אויסשטעלונגען א. אַ. וו. עס וועט זיין 4 באַזונדערע אויסשטעלונגען, וואָס וועלן העלפן צו פאַראייניקן דעם גייסט, די קונסט און די אָביעקטן פונעם וויטן עבר ביז היינט.

אמת, די שטאָט ירושלים איז היינט די קרוין פון שיינקייט און פרייד פון דער גאַנצער ערד. עס איז אַראָפּגענידערט געוואָרן צען מעסטלעך פון שיינקייט, און ניין מעסטלעך האָט גענומען ירושלים, און בלויז איין מעסטל פאַר דער גאַנצער וועלט — לויט דעם אויסדרוק אין גמרא (קידושין מ׳) „עשרה קבים יופי ירדו לעולם, תשעה נטלה ירושלים, ואחד כל העולם כולו״.

פאַר די אַכצן יאָר זיינען אויפגעבויט געוואָרן די גרעסטע „בניני האומה״, דער „היכל שלמה״, מיט די רייכע האָטעלן, א. אַ. וו. די „קרית האוניברסיטה״, דער פּאַלאַץ פון דעם נשיא המדינה, אָבער דער נאַציאָנאַלער ישראל־מוזייאום וועט שפּילן די ערשטע ראָל אין דער היסטאָרישער אויפגאַבע פון מדינת ישראל. די העברעאישע שפּראַך איז היינט נאָר אַן אַנטוויקלונג פון 5.500 יאָר צוריק. די אויסגראָבונגען, וואָס זיינען באַקאַנט געוואָרן אין יאָר 1938, אין לכיש, האָט מען געפונען אַן אויפגעגראָבענעם פּאַלאַץ, וואו מען האָט אַנטדעקט אַ שריפט פון „אלף־בית״.

אין דעם זייער ערפּאָלגרייכן „חנוכת הבית״ האָבן זיך באַטייליקט די ראָטשילד משפחה פון פּאַריז, די קינדער פון סעמועל בראָנפמאַן. דאָס איז געוואָרן דער היסטאָרישער מוזייאום פון גאַנצן מיטעלן מזרח.

דער בכור, מר. עדגאר בראָנפמאַן, אַלס דער הויפּט פון „דזשאָזעף ע. סיגרעם ענד סאָנס״, איז דער פירער פון דער אָפּטיילונג פון דער קאַנאַדער פירמע אין ניו־יאָרק, וועמעס אָפּשאַצונג ווערט גערעכנט אין אַכט הונדערט מיליאָן דאָלאַר. די זין, עדוואַרד און טשאַרלס זייען נאַטירלעך אין פּאָטערס שריט, און לויט דעם אויסדרוק פון פּאָטערס געדאַנק, האָט ער באַמערקט, אַז „אויב איר ווילט בויען אַ וועלט־ביזנעס, דאַרף מען קוקן איבער אייערע ברילן״ (אָקט. 29, 1965, „טיימס״). ער האָט נאָך צוגעגעבן: „גיט מיר אַן אַנדער פערציק יאָר, און איך וועל נאָך אַלץ מאַכן אַ בעסערן דזשאָב״...

עס איז דער שטאָלץ פון מדינת ישראל צו האָבן אַזאַ היסטאָרישן מוזייאום, וואָס וועט פאָרזעצן די גרויסע אויפגאַבן פון אונזער צייט.

זעקס און זעכציקסטער קאַפּיטל

# דאָס געזונט־וועזן אין מדינת ישראל

**דער פּלאַץ, וואָס דער משרד הבריאות פאַרנעמט אין דער ישראל־רעגירונג. — דער ניוואָ פון דער מעדיצין און די גרויסע לייסטונג, וואָס ווערט אויסגעטיילט צו אַלעמען. — די מאַקסימאַלע פאַרמינדערונג פון קינדער־קראַנקהייטן און דער קאַמף קעגן טובערקולאָז. — וואָס די מעדיצין טוט פאַר דער אַראַבישער באַפעלקערונג. — מעדיצינישע פאָרשונגס־אַרבעט (ריסוירטש) און די מעדיצינישע הילף, וואָס ישראל גיט צו אַפראָ־אַזיאַטישע לענדער, און די אויסגעשטרעקטע האַנט צו די 40,000 בעדואינער און אַנדערע שבטים. — די אויפגאַבן פון קופּת חולים אין ישראל.**

צווישן די פיר רעליגיעזע מיטגלידער פון ישראל קאַבינעט — אינערן־מיניסטער משה שאַפּירא, מיניסטער פאַר רעליגיעס — דר. זרח וואַרהאַפטיג, סאָשעל וועלפער — דר. שלמה יוסף בורג און געזונטהייט — יצחק רפאל, — פאַרנעמט דער לעצטער איינעם פון די העכסט וויכטיקסטע אַמטן אין לעבן פון דער מדינה. מר. יצחק רפאל איז דער „ממונה" איבער דעם געזונט און מעדיצינישען צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג. ער איז וויצע־מיניסטער פון משה שאַפּירא, וועלכער האָט פּאַקטיש צוויי פּאָרטפעלן, אָבער ער האָט דעם געזונטהייטס־דעפּאַרטמענט איבערגעגעבן צו יצחק רפאל, וועלכער הנט פאַרלוירן זיין אַמט. ער איז אַ מאַן פון 50 יאָר, געבוירן אין עסטרייך און באַקומען זיין דערציאונג אין העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, וואו ער האָט גראַדואירט אַלס מ.א. ער איז אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון הפּועל המזרחי, און פון דער וועלט מזרחי אָרגאַניזאַציע, וואו ער איז צווישן די מיטגלידער פון דירעקטאָרן־באָרד. ער איז געווען דעלעגאַט צו אַלע קאָנגרעסן, קאָנפערענצן און קאָנווענשאָנס, זינט ער איז אין ישראל, סיי פון אַלגעמיינעם ציוניזם און סיי פון רעליגיעזן ציוניזם. ער איז אויך שטאַרק פּראָדוקטיוו אַלס שרייבער, רעדאַקטאָר און אַלס הויפּט אָנפירער פון מוסד הרב קוק.

האָבנדיק געהייראַט די טאָכטער פונעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם גרויסן מנהיג הרב הגאון יהודה לייב הכהן מימון ז"ל — גאולה מימון (איר צו לאַנגע יאָר), האָט יצחק רפאל לעבעדיקערהייט איבערגענומען די קאָלאָסאַל־רייכע גייסטיקע ירושה פון זיין שווער הרב מימון, און גע'ירש'נט

די גרויסע ביבליאָטעק פון טויזנטער ספרים און ביכער, צו וועלכע הרב מימון האָט געמאַכט זיין אייגענעם גרויסן ליטעראַרישן בייטראַג, דורך אַ פּאָר פּאָליצעס פון ספרים, ביכער און זאַמלונגען, וועלכע ער האָט רעדאַגירט. ער האָט אויסגעפילט אַזוי אַרום אַ זייער חשוב׳ן טייל פון דעם מוסד הרב קוק, לויט די גרויסע קולטור אוצרות, וואָס ער האָט אַהין אַריינגעבראַכט. דער עיקר — פון זיין פליכט־באַוואוסטזיין, וואָס פאַר אַ ראָל ער האָט צו שפּילן. דעריבער איז אונז געווען העכסט אינטערעסאַנט צו הערן, ווי עס האַלט מיטן מצב הבריאות אין ישראל, און וויפל די געזעלשאַפט געניסט פון דעם הויכן מעדיצינישן סטאַנדאַרד, וואָס איז אין ישראל אַנטוויקלט, ניט אין פאַרגלייך מער, ווי אין גאַנצן מיטעלן מזרח. פריינט רפאל האָט אונז אויפגענומען אין זיין מיניסטעריום־אָפיס אַלס דער סגן־השר שפּירא, און איבערגעגעבן אַ ריי ערשטהאַנטיקע אינפאָרמאַציעס, וואָס רירן אָן דעם געזונט־מצב פון די ישראל־בירגער.

— איר מעגט פאַרצייכענען — האָט געזאָגט יצחק רפאל — אַז נאָכן זיכערהייטס־מיניסטעריום און נאָך דעם דערציאונגס־וועזן אין ישראל, קומט דער דעפּאַרטמענט פון געזונטהייט, וועלכער האָט אַ בודזשעט פון איבער 100 מיליאָן פונט אַ יאָר. דער דעפּאַרטמענט פירט אָן מיט אַלע אָנגעלע נהייטן וואָס זיינען נוגע דעם געזונט פון ישוב, ווי שפּיטאָלן, פּרעווענטיווע מעדיצין, היגיעניש־סאַניטאַרע באַדינגונגען, שולן, געשעפטן, קאַמף קעגן קינדער־קראַנקייטן, עפּידעמיעס, אַפּטייקן, מעדיצינען, די אינדוסטריע פון פאַרשידענע הייל־מיטלען, פּילן, מעדיקאַמענטן אא״וו. דאָס איז נאַטירלעך אַ זייער גרויס פעלד פון אַרבעט, — האָט ער באַטאָנט.

מדינת ישראל איז די ערשטע מדינה אין דער גאַנצער וועלט, וואָס זאָרגט אַזוי שטאַרק פאַרן גוף און פאַר דער נשמה פון בירגער. לויט דער אַנטוויקלונג פון דער ישראל־מעדיצין האָט זי פיל באַוויזן צו פאַרלענגערן דעם מענטשלעכן לעבן, און דער מעדיצינישער פּראָגרעס גייט ווייטער אָן מיט שנעלן טעמפּאָ.

ישראל איז דאָס ערשטע לאַנד אין דער וועלט, לויט דער צאָל דאָקטוירים, האָט באַטאָנט מר. רפאל. עס איז פאַראַן איין דאָקטאָר אויף 420 פּערזאָן, בעת אין די לענדער וואָס פאַרנעמען דעם צווייטן פּלאַץ אין זין פון מעדיצין, זיינען פאַראַן צו איין דאָקטאָר אויף 900 פּערזאָן. אין דער גרויסער און ציוויליזירטער אַמעריקע איז פאַראַן איין דאָקטאָר אויף 1.100 פּערזאָן. דעריבער איז ניט קיין וואונדער, וואָס ישראל איז די ערשטע מדינה אויף דער גאָרער וועלט, וואו עס איז פאַרלענגערט געוואָרן דער לעבנס־שפּאַן פון דער באַפעלקערונג און דערגרייכט שוין צו 72 יאָר אין דורכשניט. דאָס איז אַ הויכער ניוואָ פון מעדיצינישער לייסטונג. און דאָך איז דער פּראָצעס פון פאָרשונג נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט.

— ווי אַזוי האָט די יונגע און אָרעמע מדינה באַוויזן צו דערגרייכן אַזאַ מעדיצינישן הויכן שוואונג, און איבערהויפּט אין אַזאַ קורצע צייט? אפשר קאָנט איר אונז געבן איניקע פּרטים פון דעם גרויסן קאַמף, וואָס דאָס געזונטהייטס־מיניסטעריום האָט געפירט ביז איצט, אום צו דערגרייכן אַזעלכע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן?

— דאָס ערשטע — האָט געענטפערט פריינט רפאל — האָט מען גענומען באַקעמפן מאַלאַריע, וועלכע איז געווען אַ שעדלעכע און שרעקלעכע פּלאָג פאַר דעם ישוב במשך פון דורות. מען האָט גענומען טריקענען זומפּן, דורכפירן איריגאַציע, און אַלסביישפּיל קאָנט איר נעמען די חולה־געגנט, וואָס איז געווען בלויז זומפּן, און היינט איז שווער צו דערקענען, וואָס חולה שטעלט מיט זיך פאָר... עס איז געוואָרן אַ פרוכטבאַרער באָדן, וואָס איז צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר אַגריקולטור, אינדוסטריע און האַנדל. אַזוי אומגעפער איז געפירט געוואָרן דער קאַמף קעגן מאַלאַריע אין אַלע טיילן פון לאַנד, וואו זי האָט עקזיסטירט. מדינת ישראל האָט אויך אַנטוויקלט אַ שטאַרקן קאַמף קעגן פּאָליאָ־קראַנקייט און נאַטירלעך, האָט מען שטאַרק גענוצט דעם סאַלק־וועקסין, אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. די ישראל מעדיצין מאַכט אייגענע „ריסוירטש"־עקספּערימענטן אויפן געביט פון פּאָליאָ, און מען דערוואַרט גרויסע רעזולטאַטן אין דער צוקונפט. מען האָט נאַטירלעך איינגעפירט ספּעציעלע לעקציעס וועגן סאַלק־וואַקסין און לעבנס־רעטונג. די קינדער־קראַנקייטן זיינען אין אַ גאָר גרויסער מאָס פאַר־מינערט געוואָרן ביז אַ מינימום. קינדער־שטערבלעכקייט פאַרשווינדט כמעט פון ישראל. מען האָט אויך היפּש אַרונטערגעדריקט דעם באַראָמעטער פון טובערקולאָז־קראַנקייטן, ווייל בעת, און קורץ נאָך דעם צווייטן וועלט־קריג, איז טובערקולאָז געווען אַ דראָענדע געפאַר פאַר טויזנטער מענטשן פון לאַנד, איז שוין היינט די לאַגע גאָר אַנדערש. די ישראל מעדיצין טיילט אויס הילף און דאָקטוירים השגחה אויף אַלע אַראַבישע דערפער צוגלייך מיט דער אידישער באַפעלקערונג. גאָר באַזונדער האָבן זייער פיל פּראָפּי־טירט די אָרום 40 טויזנט בעדואינער, וועלכע האָבן אין די פריערדיקע יאָרן ניט געקענט אַזוי געניסן פון מעדיצינישער הילף, ווייל זיי פלעגן מערסטנס וואַנדערן פון איין פּלאַץ צום צווייטן. מיטן איינשטעל פון דער ישראל מדינה און מיט זייער נייער סטאַביליטעט, קאָנען זיי פיל מער אויסנוצן די גוט־אַנטוויקלטע ישראל מעדיצין, און זיי טוען דאָס טאַקע אין אַ גאָר גרויסער מאָס — האָט באַטאָנט פריינט רפאל.

צווישן די אַנדערע אויפטואונגען דאַרפן דערמאָנט ווערן די פיל קליניקס אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד, שטעט און דערפער, מושבים, קבוצות און בכלל הייל־אַנשטאַלטן אין ערטער, וואו עס זיינען נאָך ניט פאַראַן קיין ערנסטע שפּיטאָלן.

איך וויל באַמערקן — האָט יצחק רפאל אונטערשטראָכן, אַז אין קיין שום לאַנד אויף דער וועלט, און אויך ניט אין זייערע אייגענע מדינות, האָבן די אַראַבער אַזאַ זאָרגפעלטיקע מעדיצינישע השגחה, ווי אין מדינת ישראל, וועמעס טאַקטיק ווייסט ניט פון אונטערשיידן צווישן אַן אַראַבער אָדער אַ ישראלי. אַלע מענטשלעכע לעבנס זיינען גלייך טייער, און אַלע דאַרפן געהאָלפן ווערן מעדיציניש, אויף וויפל די מעדיצין איז נאָר פעאיק אַנטקעגן צו קומען אַ קראַנקן, ווער ער זאָל ניט זיין...

ישראל איז ניט נאָר אַ צענטער פון דאָקטוירים לויט דער צאָל, ד. ה. לויט דעם כמות, נאָר אויך קוואַליטאַטיוו, אין וויסן, אין איכות — האָט דר. רפאל אונטערגעשטראָכן. ישראל ציילט היינט אַרום 7000 דאָקטוירים, ווערנד אין יאָר 1957 זיינען ערשט געווען 1100 דאָקטוירים. אַ גרויסע צאָל דאָקטוירים זיינען אַבזאָרבירט געוואָרן אין לאַנד און זיי אַרבעטן, דאָס שליסט ניט אויס ציין דאָקטוירים, אַפּטייקן און אַנדערע מעדיצינישע לייס־טונגען, ווי נוירסעס, געהילפן אאַ"וו.

מעדיציניש ריסוירטש' גייט אָן אומאונטערגעבראָכן, סיי אין העב־רעאישן אוניווערזיטעט, און סיי אין מכון וויצמאַן אין רחובות, אין מכון ראגאָף, אין ביילינסאָנס שפּיטאָל, אין שער צדק שפּיטאָל, אין תל השומר האָספּיטאָל א. אַ. ישראל איז דער „אורים ותומים" פאַרן גאַנצן מיטל מזרח פון שטאַנדפּונקט פון מעדיצין, האָט באַמערקט פּריינט רפאל...

דער ענין פון געזונטהייט אין מדינת ישראל קאָן ניט געהער־ק אויפגעקלערט ווערן אָן דער אויפגאַבע פון די קראַנקן־קאַסעס, אָדער ווי זיי רופן זיך „קופּת חולים". דאָס איז אָבער אויך אַ באַזונדער היבש'ע קאָמפּליצירטער ענין, ווייל עס זיינען פאַראַן איינציקע פאָרמען און כאַראַק־טערן פון קופּת חולים, און עס איז נויטיק צו וואַרפן אַ שטראַל פון ליכט אויף זיי אַלע.

די קופּת חולים, וועלכע רופט זיך אין העברעאיש „קופּת חולים לעובדים לאומיים" האָט איר צענטער אין תל אביב אויף דער ביכורי העתים גאַס 23. זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ קראַנקן פאָנד פאַר נאַציאָנאַלע אַרבעטער, באַאַמטע, מיטל־קלאַס מענטשן און אויך מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס. דער כאַראַקטער שטריך פון דער קופּת חולים איז, אַז יעדער קראַנקער האָט די פולע רעכט אויסצוקלייבן וועלכן דאָקטאָר ער וויל. דער מיטגליד קאָן באַקומען די מעדיציני'שע הילף סיי ביים דאָקטאָר אין זיין אויפנאַמס־צימער, אָדער ביי זיך אין הויז, אָדער אין שפּיטאָל און קליניק, אַלץ לויט פרייען ווילן. עס זיינען פאַראַן אויך קראַנקן־שוועסטער, וואָס קומען באַזוכן דעם חולה אין דער היים, און גיבן אים אַלע מעגלעכע הילפס מיטלען, אונטער דער אָנווייזונג פון דאָקטאָר, נאַטירלעך.

די מיטגלידער פון דער קופּת חולים באַקומען פרייע מעדיקאַמענטן,

רעצעפּטן, וואָס ווערן געמאַכט אין די אַפּטייקן פון דער זעלבער קופּת חולים. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט שוין געפייערט פינף און דרייסיק יאָר פון איר עקזיסטענץ. זי האָט שוין דערגרייכט אַ מדרגה צו האָבן אַ 90 אָפּטיילונגען איבערן לאַנד, מיט אַ דאָקטוירים סטעף פון איבער 600 ספּעציאַליסטן אויף פאַרשידענע געביטן פון מעדיצין, און האָט אַרום 150 טויזנט מיטגלידער, וואָס באַנוצן זיך מיט אירע לייסטונגען. אויסער די קליניקס און לאַבאָראַטאָריעס, וואָס געפינען זיך אין אַלע אָפּטיילונגען, איז נאָך פאַראַן אַ ריי הילפס־אַנשטאַלטן, ווי עלעקטראָפיזיא טעראַפּי, קליניקס פאַר היילן ציין, אַפּטייקן, סטאַנציעס, וואָס רופן זיך „אַ טראָפּן מילך", קאָנוואַלעסענט היימען און אויך אַ באַזונדער צענטראַלער סאַנאַטאָריום אין ירושלים.

דאָס איז נאַטירלעך אַ גרויסע און וויכטיקע אינסטיטוציע, און איר פאַרצווייגטע נעץ פון אָפּטיילונגען העלפט איר אויסצואוויקלען זיך פון אירע פליכטן זייער צופרידנשטעלנד.

זי באַשיצט מעדיציניש יעדע משפחה פון אַ באַאַמטן, פון אַ פּראָפעסיאָנאַל, אַן אַרבעטער, און מאַכט אים צו שלאָפן רואיק, ניט מורא האָבנדיק חלילה קראַנק צו ווערן, ווייל מעדיצינישע השגחה איז גרייט פאַר אים צו יעדער צייט.

אַ צווייטער טיפּ קופּת חולים איז די „מכבי" קופּת חולים, מיט אַ צענטראַלן אָפיס אין תל אביב, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1940. אויך מכבי האָט אַ גרויסע נעץ פון אָפּטיילונגען, אַרום אַ 100 מיט אַ 500 דאָקטוירים איבערן לאַנד. עס איז פאַראַן אַ היבשע צאָל עקס־רעי סטאַנציעס, לאַבאָראַטאָריעס און אַנדערע מעדיצינישע נויטווענדיקייטן. צו „מכבי" קופּת חולים געהערן אַרום זעכציק טויזנט מיטגלידער. דער בודזשעט איז פיר מיליאָן פונט יערלעך. אויך אין מכבי עקזיסטירט דער פּרינציפּ פון פרייען אויסוואַל פון דאָקטאָר, וועלכער נעמט אויף די קראַנקע סיי ביי זיך און סיי ביים חולה אין הויז. מכבי־מיטגלידער קאָנען באַקומען זייערע מעדיקאַמענטן אין אַלע אַפּטייקן איבערן לאַנד. די מעלה פון מכבי איז וואָס די קופּת חולים איז אַן אַפּאָליטישע קערפּערשאַפט, און ווייסט ניט פון קיינע פּאַרטיי אָנגעהעריקייט. מכבי איז אַ געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוט אויסשליסלעך פאַר געזונטהייט־צוועקן און טראָגט אויך ניט קיין כאַראַקטער פון אַ ריווח אָרגאַניזאַציע...

נאָך אַ טיפּ קראַנקן פאַרזיכערונג איז „רפא" (לייען ראַפאַ) אין תל אביב, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1951. דאָס איז אַ מין מעדיצינישע אינסטיטוציע פון פינאַנצן כאַראַקטער. רפא גיט די נויטיקע ערשטע באַהאַנדלונגען אין אַרטרייטיס און רומאַטיזם, און דאָס מאַכט איר אַלס אַן אוניקום צווישן אַנדערע טיפּן פון קראַנקן־פאַרזיכערונגען.

לאָמיר זיך אַביסל מער אָפּשטעלן אויף דעם הויפּט טיפּ פון קופּת חולים, די אינסטיטוציע פון אַרבעטער, וועלכע איז איינע פון די גרעסטע שאַפונגען פון דער הסתדרות העובדים. די קופּת חולים ציילט שוין אַרום אָנדערהאַלבן מיליאָן מיטגלידער, מיט קרוב צו אַ טויזנט קליניקס איבערן לאַנד, פופצן אַלגעמיינע שפּיטאָלן און איבער דריטהאַלבן טויזנט בעטן.

די קופּת חולים האָט 15 ערהאָלונגס־היימען מיט אַ 2000 בעטן צוזאַמען. די קופּת חולים האַלט אויס אַרום 200 פּונקטן פון „מוטערס און קינדער וועלפעיר השגחה״. דער סטעף איז איבער צען טויזנט מענטשן, איינשליסנדיק 2000 דאָקטוירים. איר בודזשעט שטייגט איבער 110 מיליאָן פונט אַ יאָר. איר וואוקס ווערט וואָס וייטער אַלץ גרעסער, און דאָס ווייזט ווי דער געזונט־צושטאַנד אין ישראל שטייט אויף אַ געהעריקער הויך...

פּריינט יצחק רפאל האָט אַ זייער דעליקאַטן אַמט, וועלנדיק צופרידנ־שטעלן אַלע ריכטונגען און טיפּן פון קראַנקן־פאַרזיכערונגען. ער וויקלט זיך אָבער אויס זייער געלונגען, און דאָס איז לטובת דעם גאַנצן ישוב, ווי פאַרן יחיד, אַזוי פאַרן כלל.

זיבן און זעכציקסטער קאַפּיטל

# מחשבות ביים אַריינקום קיין באר־שבע, די היינטיקע הויפּט־שטאָט פון נגב

דער „חומש", וואָס פאַרלויפט אַלע וועגן און „רופט אַרויס פון די קברים" אברהם אבינו, יהושע, אַ צאָל שופטים. דערינערונגען פון מלכות יהודה, מלכות ישראל א. אַ. וו. — דאָס פריערדיקער שלאַגוואָרט „מדן ועד באר שבע" און דאָס היינטיקע מדן עד אילת. — די באַפעלקערונג פון באר שבע. — ווי די שטאָט האָט אויסגעזען אונטער דער אַראַבישער הערשאַפט, און שפּעטער אונטער די טערקן, און בעת דער מאַנדאַט מאַכט — די היינטיקע באר שבע אַלס הויפּט־שטאָט פון נגב.

מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ און מיט אַ מערקווירדיקן געפיל פון יראת־הכבוד זענען מיר צוגעקומען צו דער אַלטער ביבלישער שטאָט באר שבע, וועלכע איז היינט, דער אַדמיניסטראַטיווער צענטער פון נגב. עס איז פאַר־שוואונדן יעדער מין פאַנטאַזיע. דער מוח האָט זיך ניט געקענט אָפּגעבן מיט פּאָעזיע, מיט שילדערונגען פון דער נאַטור און אַנדערע ענליכע זאַכן. געוויינלאַך, ווערט אַ שרייבער באַהערשט פון עמאָציאָנעלע געפילן, און זוכט וואָס שענערע אויסדרוקס־פאָרמען, ווען ער וויל מאַכן אַ געוויסן פּלאַץ מער אימפּאָזאַנט, צוציהענד, רייצענד און קאָלירפול. אַנדערש איז געווען מיט אונזער שטימונג... כאָטש גיי און פאַרפיר אַ קאַמף מיט׳ן חומש, מיט די נביאים ראשונים אחרונים, און מיט דער גאַנצער היבשלאַך לאַנגער געשיכטע, וואָס איז פאַרבונדן מיט באר שבע... אודאי ווייסט יעדער חדר־אינגל, אַז אברהם אבינו האָט געפלאַנצט אַן אשל (אַזאַ בוים) אין באר שבע, און די פאַרשידענע מפרשים טייטשן אויס די ראשי תיבות פון „אשל" — אכילה, שתיה, לינה, אַז דאָס סימבאָליזירט גאַסטפריינטליכקייט אין שענסטן זין פון וואָרט, דורך געבן דעם אורח צו עסן, טרינקען און אויך לאָזן אים איבער־נעכטיקן, כדי ער זאָל חלילה ניט פאַרבלייבן איבער נאַכט אויף דער גאַס...

די תורה דערציילט אונז אויך גאַנץ גענוי, אַז אברהם און יצחק האָבן אין באר שבע געגראָבן ברונימער, און דאָרט געשלאָסן אַ בונד מיט אבימלכ׳ן, דעם קעניג פון די פלשתים, צו לעבן בשלום, און מען זאָל די ברונימער ניט פאַרשיטן. דער אָפּמאַך איז באַקרעפטיגט געוואָרן דורך אַ שבועה, און צוליב דעם זאָל זיך דער פּלאַץ רופן „באר שבע". אַזוי ווייט

גייט די ביבלישע ווערסיע. די שטאָט ליגט אויפ׳ן ברעג פון מדבר נגב, אין דער אַמאָליקער דרום יהודה. ווען יהושע האָט איינגענומען דאָס לאַנד, איז באר שבע געוואָרן דער צענטער פון בני שמעון ויהודה, ווי עס איז פאַרשריבן אין יהושע י״ט, ב׳. שפּעטער, אין דער עפּאָכע פון די שופטים, איז דער גאַנצער צענטער פון אידן געווען אין נגב, און באר שבע איז דער דרום׳דיקסטער פּונקט פון א״י, אַנטקעגן דער נחלה פון שבט דן, וואָס האָט זיך גערעכנט אַלס סאַמע צפון׳דיקסטער פּונקט.

לויט דער דאָזיקער געאָגראַפישער לאַגע האָט זיך וואַרשיינליך געשאַפן דער אויסדרוק „מדן ועד באר שבע״, און לויט פיל אינפאָרמאַציעס, איז ביז די צייטן פון דוד און שלמה, באר שבע געווען דער גאַנצער שטח פון ארץ ישראל.

ווען די אידישע מלוכה איז צוטיילט געוואָרן אויף צווייען, נאָך שלמה המלך׳ס טויט אויף ישראל און יהודה, איז באר שבע פאַרבליבן אין מלכות יהודה. עס האָט זיך אָבער דאַן אַביסל געענדערט דער אויסדרוק: אַנשטאָט צו זאָגן פון דן ביז באר שבע, האָט מען געזאָגט „פון באר שבע ביז הרי אפרים״, אָדער פון „גבע ביז באר שבע״...

יעדנפאַלס, אין אַלע צייטן איז באר שבע געווען די טיר צום נגב און כמעט שטענדיק האָבן זיך אידן געפונען אין באר שבע, מער, אָדער ווייניגער, — אָבער מען איז דאָרט געווען!... אין נחמיה יא, כ״ז ווערט אויך געבראַכט, אַז נאָך שיבת ציון האָבן זיך אידן געפונען אין באר שבע לויט׳ן תנ״ך אויסדרוק: ובחצר שועל ובבאר שבע ובנותיה...

ווען „יוחנן כהן גדול״ (הורקנוס דער 1־טער) האָט פאַרנומען אדום, איז באר שבע געשטעלט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון מלכות החשמונאים. נאָכ׳ן חורבן איז באר שבע געוואָרן איינער פון די הויפּט־פּונקטן ביים גרענעץ־פּאַס.

אַ ירידה איז געקומען פאַר באר שבע אין דער צייט פון אַראַבישער ממשלה. באר שבע איז זעהר פאַרנאַכלעסיקט און פאַרוואָרלאָזט געוואָרן; דער דאָזיקער מצב האָט אָנגעהאַלטן כמעט ביז׳ן אָנפאַנג פון אונזער יאָרהונדערט, ווען די שטאָט איז געוואָרן דער צענטער פון גאַנץ דרום ארץ ישראל. נאַטירליך, האָבן די דאָרטיקע אידן אין אַלע צייטן, צוליב זייער קליינע צאָל ניט פיל משפּיע געווען, אַז די שטאָט זאָל לעבעדיק ווערן. אויך אין דער צייט פון בריטישן מאַנדאַט האָבן זיך דאָ און דאָרט געפונען אידן אין דעם געגנד, ווייל באר שבע איז געווען דער צענטער פון קרייז־הערשער. דאָרט איז אויך געווען אַ געריכט, און עס האָבן דאָרט געלעבט אַרום פיר טויזנט פערזאָן, מיט אַ מערהייט פון מוסולמענער, אַביסל קריסטן (5%) און אַביסל אידן.

בעת דער מלחמת השיחרור איז באר שבע פאַרנומען געוואָרן פון עגיפּטישן מיליטער, אָבער זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט אין הערבסט

1948, אונטער דעם דרוק פון דער צבא הגנה לישראל, ווען די מצריים האָבן ווידער אַמאָל „פאַרזוכט דעם טעם" פון די אַמאָליקע עשר מכות... היינט איז באר שבע אַ אידישע שטאָט, דער הויפּט צענטער פון נגב, און אַרום די פאַרלאָזענע אַראַבישע דערפער, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן ברייטע אידישע שכונות. אַזוי אַרום לעבט איצט איבער באר שבע אַן ענליכע תקופה, ווי אין דער צייט פון די שופטים, ווען זי איז געווען דער צענטער פאַר די אידן, וואָס האָבן געלעבט אין נגב.

מיר זענען אַריינגעקומען אין באר שבע גראָד אין אַ מאַרק־טאָג, ווען די אַראַבישע פאַרמער ברענגען אַרויס זייערע פּראָדוקטן צום פאַרקויפן... דער טומעל איז געווען גרויס. קעמלען זענען געשטאַנען האַלב אָנגעלאָדענע מיט גרינסן און אַנדערע פּראָדוקטן, און אידישע קונים האָבן ניט אויסגעפעלט. אויף וויפיל די באַפעלקערונג וואַקסט דאָרט שנעל, קאָן מען אורטיילן פון דעם, וואָס די איצטיקע באַפעלקערונג גרייכט שוין קרוב צו 60 טויזנט נפשות, און דער גרעסטער טייל פון די איינוואוינער זענען יונגע עולים. די איצטיקע באר שבע איז מערסטנס געבויט אַרום דעם רוימיש־ביזאַנטישן דאָרף, וואו עס געפינען זיך פיל אַלטערטימליכקייטן, אַלטע גריכישע שריפטן, דאָקומענטן, וואָס זענען שוין איבער אַ 15 הונדערט יאָר אַלט, און דערציילן וועגן שטייערן, וועלכע אידן האָבן נאָך דאַן געמוזט צאָלן...

קוקענדיק אויף דעם גרויסן נייעם בילדינג פון דער פרויען מזרחי אָרגאַניזאַציע, אַ בילדינג וואָס האָט געקאָסט איבער אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר, אַלס וואָקיישאָנאַל מיידל סקול (היי סקול) זעט מען, ווי באר שבע הויבט אָן שטאַרק צו וואַקסן.

קורץ זינט דעם יאָר 1948, האָט באר שבע צוריק באַקומען אַ אידישן אָטעם, ווייל ביז דעם באַפרייאונגס־קאַמף זענען דאָרט געווען זעהר ווייניק אידן. היינט זענען שוין פאַראַן פיל אינסטיטוציעס; מען גראָבט אויס נאַטירליכע רייכטימער; מען עקספּלואַטירט דעם פאַרלאָזטן באָדן; מען פּראָדוצירט סעראַמיק־אויסאַרבייטונגען, כעמישע אינדוסטריס דימענטן־שלייפעריי, בוי מאַטעריאַלן, וואָס ווערן אויסגעאַרבייט אין די פאַבריקן, א. א. וו.

אין באר שבע געפינען זיך הויפּט ביוראָען פון גרויסע אינדוסטריס, אויך אָפּטיילונגען פון חשוב׳ע בענק, אינסטיטוציעס, אַ גרויסע שול נעץ, אַ מאַגיסטראַט און אַלץ, וואָס אַ גרויסע שטאָט דאַרף האָבן. אַריינקומענדיק אין דער מוניציפּאַליטעט, האָבן מיר אויסגעפונען, אַז דאָרט האָט געהערשט בשעתו אַ פאַרטיי־קאַמף, די לופט איז געווען העכסט שטורמדיק, און גאָר אַ קנאַפּער שלום־בית ביי די פאַר׳עקשנ׳טע פּאָליטישע פאַרטייען. דער שטאָט ראַט האָט שוין זעהר שטאַרק אויפגערודערט די כנסת, וואו דער ענין איז מערערע מאָל באַרירט געוואָרן. די דאָזיגע אומאָרדנונגען אין באר שבע׳ר קהילה האָבן דערפירט אַז די „חירות" פאַרטיי איז אַרויסגעקומען מיט אַ פאָרשלאַג, אַז די כנסת זאָל באַשטימען אַ קאָמיסיע

אונטערצוזוכן די „באר שבע סקאַנדאַלן" די כנסת האָט איבערגעגעבן דעם ענין צו אַ קאָמיסיע מיט אַ פאָרשלאַג, אַז נייע וואַלן זאָלן דאָרט פאָרקומען. דער מיניסטער פון אינערן און געזונטהייט משה שאַפּיראָ האָט געוואָרנט, אַז אויב דער שטאָט ראַט וועט ניט רעאָרגאַניזירט ווערן במשך פון געציילטע טעג, וועט ער פאַראָרדענען אים אויפצולייזן גלייך און באַשטי־מען אַ קאָמיסיע פון ציווילע אַנגעשטעלטע אָנצופירן מיט די שטאָטישע אָנגעלעגנהייטן... דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך געצויגן איבער אַ יאָר. 8 פון די 15 ראַטמעמבער האָבן באַשלאָסן אַראָפּצוזעצן דעם פאָרשטייער פון מפא"י — דוד טוביהו, אַלס מעיאָר, און האָבן שנעל דערוויילט דעם מפם'ניק זאב זאריסי אַלס ממלא מקומו. דאַן האָט זיך דער ליבעראַלער ראַטמאַן אברהם פליישער צוריקגעצויגן פון דער קאָאַליציע, כדי אַראָפּצו־זעצן זאַריסי'ן, און אַ פאָרשטייער פון מפא"י זאָל צוריק ווערן דער מעיאָר פון באר שבע... אָבער די לופט איז נאָך עד היום ניט אָפּגערייניקט געוואָרן אין באר שבע, און עס איז אונז בכלל געוועזן שווער אויפצונעמען די אַלע פּרטים פון דעם פאַרביטערטן פּאַרטיי קאַמף...

דער אינערליכער חילוק־דעות שפּירט זיך נאָך אַלץ אין דער לופט.

מיר האָבן זיך געפּילט זייער אומאַנגענעם, וואָס אין דער זעלבער באר שבע, וואו עס איז געשלאָסן געוואָרן אַ „שלום־אָפּמאַך" צווישן אונזער פּאַט־ריאַך אברהם אבינו מיט אבימלכ'ן זאָל זיך עפּענען אַ קוואַל פון קנאה־שנאה



צווישן אייגענע ברידער, און אַז עס זאָל קומען צו דעם, אַז די כנסת זאָל זיך דאַרפן אַריינמישן אין די לאָקאַלע אינטערעסן ביז דראָהען קאַטעגאָריש אַריינצוזעצן אַ נייעם פּערסאָנאַל אָנצופירן מיט די צרכי־העיר...

אויסער דעם מאַגיסטראַט זעט מען אין באר שבע אַ שענע ביבליאָטעק, אַרכעאָלאָגישן מוזיי, אַ צענטער פאַר פאַרזאַמלונגען, אַ שווים באַסיין און נאָך פיל קהל׳שע אינסטיטוציעס, וואָס די צייט האָט ניט ערלויבט צו באַזוכן יעדע באַזונדער און דערוויסן זיך מער וועגן דעם מהות פון דער היינטיקער באר שבע...

די גאַסן ווערן שעהן אויסגעלעגט. פאַרשידענע שכונות, אָדער סעקטאָרן זענען שוין פאַראַן, וואו עס געפינען זיך בתי־חינוך, קינדער־גאַרטנס, האַנדלס־צענטער פאַרוויילונס־פּלעצער א.אַ.וו. מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז באר שבע האָט עפּעס אַ „דאָפּעלטן" אויסזען אַ „דו־פּרצופים", ווייל מען זעט בולט די שטריכן פון דער אַלטער באר שבע און דער נייער.

פון באַזונדער אינטערעס זענען די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען, וועל־כע שטעלן פעסט, אַז באר שבע איז אַלט צווישן פערטהאַלבן און פיר טויזנט יאָר פאַר דער איצטיקער צייט־רעכנונג. אין די פרע־היסטאָרישע צייטן איז זי געווען אַ צענטער פון וואַנדערענדע פּאַטריאַרכן. אידן האָבן דאָרט געלעבט אין דער צייט פון די שופטים, און געבילדעט דעם דרום־גרענעץ פון מלכות יהודה. אין די צייטן פון די רוימער האָט באר שבע געדינט אַלס צוגאַב־שוץ צום דרום. דאָרט איז אויך געווען דער זיץ אָרט פון בישאָפּ אין די ערשטע צייטן פון קריסטענטום. די ערגסטע מערכה האָט באר שבע געהאַט אונטער דער אַראַבישער ממשלה. זיי האָבן זי ממש פאַרניכטעט, עד היסוד! דאַגעגען האָבן די טערקען געזען צוריק אויפבויען באר שבע, וואָס איז היינט דער אַלטער טייל פון שטאָט. די מאַנדאַט־מאַכט, ווי שוין פריער באַמערקט, האָט באַטראַכט באר שבע אַלס הויפּטקוואַרטיר פון דרום, און די באַפעלקערונג איז דאַן געוואַקסן צו אַ 4.000 מענשן.

עס איז געווען די הצלחה פון דער שטאָט, וואָס די אַראַבער האָבן זי עוואַקואירט אין יאָר 1948, און די ניי־פּראָקלאַמירטע מדינת ישראל האָט צוריק־געגעבן באר שבע ניט בלויז דעם אַמאָליקן ביבלישן נאָמען, נאָר אויך דעם חן און די זיסע ערינערונגען פון אונזער באַליבטער ביבלישער שטאָט באר שבע, מיט וועלעכר עס זענען פאַרבונדן ניט בלויז קינדער־זכרונות, נאָר אויך אַ סך היסטאָרישע פּאַסירונגען און גילגולים, וואָס באר שבע האָט דורכגעמאַכט דורך די אַלע צענדליקער יאָרהונדערטע.

ווי געזאָגט, מען קאָן ניט מעסטן, און ניט שילדערן גענוי, באר שבע בלויז לויט איר איצטיקן אויסזען. די שטאָט האַלט זיך אין פורעמען, און מעגליך, אַז אין אַ הונדערט, אָדער מער יאָרן וועט זי באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען און באַדייטונג פאַר דער אידישער מדינה. קיינע געפליגעלטע

פראַזן, שיינע ווערטער, קיינע פּאָעטישע אויסדרוקן קאָנען ניט פאַרבייטן די שפּראַך פון דער ביבעל, די טרוקענע פאַרצייכענונגען, וועלכע זענען צוואָרפן איבער פאַרשידענע שטעלען. באר שבע׳ס שענקייט ליגט אין איר געשיכטע אין דעם אַלטן ביבלישן פרידנס־טראַקטאַט, וואָס איז דאָרט געשלאָסן געוואָרן צווישן אונזער אור פאָטער אברהם מיט אבימלך׳ן, קעניג פון גרר: פריער האָט אַבימלך געגעבן אברהמ׳ען שעפּסן און רינדער, קנעכט און דינסטן און אומגעקערט שרה׳ן צו אים און דערצו נאָך באַטאָנט: הנה אַרצי לפניך, כטוב בעיניך שב — מיין לאַנד איז צו דיין דיספּאָזיציע, קלייב אויס, וועלכן פונקט דו ווילסט, און באַזעץ זיך דאָרט. אין דעם ווייטערן פּרק לייענען מיר שוין „ויקח אברהם צאן ובקר ויתן לאבימלך — אברהם האָט גענומען זיינע שעפּסן און רינדער, און געגעבן צו אבימלך׳ן, און דאַן — ויכרתו שניהם ברית — זיי האָבןביידע געשלאָסן אַ פרידנס בונד. אַזוי אַרום האָט באר שבע געוויזן אַ סימבאָל פון שלום, יושר און פאַרשטענדניש צווישן אונזער פאָטער אברהם און דעם קעניג פון גרר. הלואי זאָל די זעלבע באר שבע ווידער אַמאָל זוכה זיין צו ווערן דער צענטער פון שלום און גוט־שכנה׳שאַפט צווישן אידן און אַראַבער, וועלכע קאָנען ניט געווינען עפּעס מער ווי פון אַ שלום מיט מדינת ישראל. באר שבע איז דאָס „שריפט אויף דער וואַנט״, וואָס דאַרף כסדר וועקן און מאָנען פרידליכקייט און ברידערליכקייט, אויב ביידע צדדים ווילן לעבן בשלום, און ווערן די ברכה פון דעם גאַנצן נאָענטן אָריענט... על אחת כמה וכמה דאַרף דאָרט אויסגעמיטן ווערן יעדער פּאָליטישער פּאַרטיי־קאַמף, וואָס פאַרטונקלט די שיינקייט פון באר־שבע...

אַכט און זעכציקסטער קאַפּיטל

# די גרויסע ראָל
# פון קיבוצים און קבוצות אין ישראל

**דער אורשפּרונג פון די קיבוצים, וועלכע האָבן פּאַקטיש געשאַפן דעם קערן פון ארץ ישראל מיט איבער אַכציק יאָר צוריק. — דער פּרינציפּ פון די קיבוצים, אייגענע אַרבעט, אייגענע לאַנדווירטשאַפט; פינאַנציעלע און גייסטיקע פּראָבלעמען פון קיבוץ. — דער לאַנגער און שווערער וועג פון דער ביל״ו באַוועגונג זינט דעם יאָר 1882, ביז דער גרויסער נעץ פון קיבוצים איבער גאַנץ מדינת ישראל.**

עס וואָלט אויסגעזען, ווי „עיקר חסר מן הספר״, ווען זייענדיק אין מדינת ישראל, ניט באַקענען זיך מיט דעם גאָר גרויסן און העכסט וויכטיקן ענין פון קיבוצים און קבוצות, וועלכע זיינען פּאַקטיש דער קערן פון דער מדינה, און וועלכע האָבן „אויסגעהאָדעוועט״ דעם געדאַנק, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אַז פון די קליינע און גרויסע נקודות אויפן א״י־באָדן, וועלן אויסוואַקסן גאַנצע שטעט, דערפער, און גרויסע קאָלאָניעס־קיבוצים, וועלכע זיינען געווען און זיינען אויך היינט דער שטאָלץ פון ישוב.

עס איז אַ לאַנגע און זייער שפּאַנענדע געשיכטע, ווי אַזוי די קיבוצים האָבן זיך אַנטוויקלט, און וואָס פאַר אַ גרויסע ראָל זיי האָבן געשפּילט אויפן באַגינען פון בנין הארץ, ביים „שחרית״ פון ציוניסטישן אַרבעטער־געדאַנק. עס איז דאָך ניט געווען די פּראַגע, ווי אין די צייטן פון יהושע בן נון, פון גיין און דעראָבערן דאָס לאַנד מיט מאַכט און קראַפט, פאַרנעמען און באַזעצן דעם באָדן. אידן אין רוסלאַנד און אונגאַרן, פּוילן, ליטע, אוקראַינע, סערביע, בולגאַריע א. אַ. לענדער האָבן אַפילו ניט געקענט טראַכטן וועגן דעראָבערן ארץ ישראל מיט כוח, בעת דאָרט האָט געהערשט ביד חזקה דער טערק. אידן האָבן אויך ניט געקענט חלומ׳ען צו באַקומען ארץ ישראל פון אַנדערע אָקופּאַנטן, וועלכע האָבן אין שפּעטערע צייטן באַהערשט ארץ ישראל. ווער רעדט אין די 30 יאָר פון דעם ענגלישן מאַנדאַט, האָט מען זיכער ניט גע׳חלומ׳ט פון איבערנעמען א״י (פּאַלעסטינע) פון די ענגלישע אָקופּאַציע־הענט!...

דעריבער איז דער אידישער געדאַנקענגאַנג געווען, אַנהויבנדיק פון אָנפאַנג אַכציקער יאָרן, צו קאָלאָניזירן ביסלעכווייז א״י; צו שאַפן די

ערשטע נקודות אויף דער מאַפּע פון פּאַלעסטינע, די אַזוי גערופענע קליינע און גרעסערע ישובים, וואָס מען האָט גערופן קיבוצים, אָדער קבוצות, אויב זיי זיינען געווען זייער קליין. דעם ערשטן שטויס צו אַזעלכע קיבוצים האָט געגעבן דאָס טרויעריק באַקאַנטע יאָר 1881, ווען אין רוסלאַנד האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען אויף אידן. די אידישע שטודירענדע יוגנט איז געבליבן שטיין פאַר אַ רעטעניש: וואָס זאָל מען טאָן? אידן אין די אינטעליגענטע פּראָפעסיעס האָט מען כמעט ניט צוגע־לאָזן ערגעץ; אידישער האַנדל איז געווען באַשווערט דורך פאַרשידענע גזירות, (שבת און זונטיק־רו) רעגירונגס־יום טובים, פייערלעכע טעג, און סתם יומא דפּגרא׳ס, ווען אידישע קרעמער זיינען געווען געצוואונגען צו האַלטן די קראָמען געשלאָסן. דער אידישער אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז באַשטאַנען פון בעלי־מלאכות, און האָט זיך געשטיקט אין דער ענגער לופט פון תחום־המושב, האָט געלעבט אַ זייער שווערן און פינסטערן לעבן. מען האָט געזען, ווי אידיש לעבן איז קולטורלאָז, דערנידעריגט, פאַרשעמט, און האָט ניט קיין צוקונפט. דער דאָרף איז געווען געשלאָסן פאַרן איד, און אַפילו די „אָרענדאַרן" ביי די פּריצים האָבן אויך געהאַט אַ זייער שווערע מערכה, פאַרוואַלטענדיק מיט דער מיל, אַזיערע, וועלדל, פיש־פאַנג אאַ״וו. די אַלע הילפסלאָזע עלעמענטן האָבן ממש קיין אויסוועג ניט געהאַט, און געצויגן דעם יאָך פון שווערער פּרנסה, פאַרקנעכטעט, פאַר־אָרעמט!...

דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף דער אידישער שטודירנדער יוגנט אין די אוניווערסיטעטן וועלכע האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס איז נישטאָ קיין תכלית אין אַזאַ פאַרשקלאַפּט לעבן, אין אַזאַ געדיכטער לופט, וואָס מ׳קען ניט פריי אָטעמען. דאַן האָט זיך אויפגעהויבן אַ קליינע צאָל סטו־דענטן, וואָס האָבן באַשלאָסן איבערצורייסן מיט אַזאַ סדר־החיים, און אָוועק־לאָזן זיך אין דער וועלט. נאַטירלעך, איז קודם געקומען אויפן געדאַנק — ארץ ישראל, וואו עס איז געשטאַנען די וויגעלע פון אונזער פאָלק מיט 1800 יאָר צוריק. נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת האָבן 13 בחורים און איין מיידל, זייענדיק אינספּירירט פון דעם גרויסן אידישן נאַציאָנאַלן שרייבער פּרץ סמאָלענסקין און אליעזר בן יהודה, וועלכער האָט אָנגעפאַנ־גען ריידן אויסשליסלעך העברעאיש אין זיין היים — (אַפילו זיין דינסט האָט גערעדט העברעאיש) — אַוועקצולאָזן זיך מיט אימפּעט קיין ארץ־ישראל. די גרופּע האָט לכתחילה זיך אָנגערופן מיטן נאָמען „דאביו", וואָס זיינען געווען די ראשי תיבות פון פּסוק „דבר אל בני ישראל ויסעו". אַביסל שפּעטער האָבן זיי אָבער געענדערט דעם נאָמען אויף „בילו", וואָס האָט געמיינט „בית יעקב לכו ונלכה", און דער טערמין ביל״ו איז פאַרבליבן היסטאָריש ביז היינט. דער שריט פון די בילו׳יצעס האָט געשאַפן אין רוסלאַנד אַן איבערקערעניש אין די מוחות פון אַ סך יוגנטלעכע, איבער־

הויפּט ביי די סטודענטן, וועלכע האָבן ניט געזען קיין תכלית אַפילו נאָכדעם, ווי זיי וועלן שוין אַרויסגיין פון די אוניווערסיטעטן. רעגירונגס־שטעלעס האָבן אויף זיי ניט געוואַרט. אין די געריכטן איז שווער געווען פאַר אַ אידישן אַדוואָקאַט צו קעמפן און געווינען אַ „קעיס“. אין די שפּיטאָלן פלעגן אידישער דאָקטוירים ניט אַריינגענומען ווערן. קיין נאָטאַר האָט אַ איד ניט געקענט ווערן. אינזשינירן פלעגן זיך מוזן אָפּגעבן מיט פּריוואַטע ענינים און שטעלעס, ווייל די רעגירונג האָט זיי ניט געגעבן קיינע אַמטן, און פשוט ניט צוגעלאָזן...

דאָס האָט געשטויסן די שטודירענדע יוגנט צו פאַרלאָזן רוסלאַנד מיט אירע פּאָגראָמען. ענלעך האָט אויך אויסגעקוקט די לאַגע אין אונגאַרן, אין דייטשלאַנד, עסטרייך, כאָטש כלפּי חוץ איז דאָרט כלומרשט געווען אַביסל מער פרייהייט און מער רעכט פאַר אידן.

די בילויצעס האָבן באַשלאָסן דורכצוברעכן דעם וועג קיין ארץ ישראל, אַרבעטן פיזיש, שאַפן אייגענע קאָלאָניעס, קיבוצים, קבוצות, נוצן אייגענע אַרבעט, און זיך „איינבייסן“ אין דעם פאַרוואָרלאָזטן באָדן... זיכער איז דאָס געווען אַ שטאַרקע חלוצישע אַרבעט, אַ שווערע און אַ האַרטע, דערצו — די ליידן פון קלימאַט, פון מאַלאַריע, פון מאַנגל אין וואַסער, הייזער, גערטנער, וועלדער און וואָס ניט ?...

די גוט־באַקאַנטע אידישע עקשנות האָט אָבער גענומען די אויבער־האַנט... נישטאָ קיין צוריק, ווי שלעכט עס זאָל ניט זיין — אַלע בריקן זיינען פאַרברענט געוואָרן! מען מוז זיך איינגראָבן אין באָדן, און בלייבן! זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז די קבוצה האָט שוין געטראָגן דעם נאָמען „ב“, ווייל עס איז שוין פון פריער געווען אַ צאָל אידן וואָס זיינען געקומען קיין א״י, אָבער ניט מיטן זעלבן ציל צו אַרבעטן, צו שאַפן אַ יש מאין, נאָר אויסצולעבן דאָרט די לעצטע יאָרן מיט דער הילף פון קיצבה, ר׳ מאיר בעל הנס פּושקעס און אַנדערע „טרוקענע“ קוואַלן, אַבי דערציען זייערע לעצטע טעג און וואָכן אין לאַנד פון די אָבות... עס זיינען שוין אויך געווען באַראָן הירש׳ס קאָלאָניעס, אָבער דאָס זיינען געווען קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען... דעריבער ריידן מיר דאָ הויפּט־זעכלעך פון קבוצה „בית“, — וועלכע איז די ערשטע לויט איר פּאָליטישער איינשטעלונג, אַז מען מוז בויען ארץ ישראל, הגם לאַנגזאַם און מיט יסורים, אָבער אַלס אַן אָנפאַנג פון אַן אייגענער אידישער היים ביי די ברעגן פון ירדן... דער אָנפירער פון דער קבוצה איז געווען ישראל בעלקינד, אַ געוועזענער קאַנדידאַט אַריינצוקומען אין אוניווערסיטעט אין כאַרקאָוו, וועלכער האָט אָבער פאַרלאָזן דעם עצם געדאַנק און זיך פאַרנומען קיין א״י. ער האָט פריער דורכגעמאַכט אַ מין „הכשרה“ אין און אַרום כאַרקאָוו, צוזאַמען מיט נאָך אַ צאָל סטודענטן, און זיי האָבן באַשלאָסן

דורכצוזעצן דעם געדאַנק — „שאַפן אַ מלוכה צענטער פאַרן אידישן פאָלק", — אַ „מרכז מדיני".

נאַטירלעך, ווי יעדע אידעע, איז אויך דער פּלאַן ניט פולשטענדיק און ניט אַזוי לייכט דורכגעפירט געוואָרן... עס זיינען געקומען גזירות אויף גזירות מצד דער טערקישער הערשאַפט. מען האָט געמוזט מאַכן פאַרשידענע שינויים אין די פּלענער, און איבערהויפּט ניט אַרויסרופן דעם צאָרן פון דער טערקישער מאַכט, וועלכע האָט גענומען קוקן זייער שטרענג אויף יעדן נייעם שריט... דערוויל האָט חברה־בילויים געשאַפן אַ שטעמפּל מיט אַן אויפשריפט „הקטן יהיה לאלף, והצעיר לגוי עצום", און מיט דעם צוזאַמען — צוויי געפלאָכטענע הענט מיט אַן אויפשריפט אין לאַטיין און העברעאיש... דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון קבוצה „בית", אַלס קערנדל פון דער חיבת־ציון באַוועגונג, וועלכע האָט שוין דאַן אָנגעצייכנט דעם וועג צו דער פאַרווירקלעכונג פון אַן אייגענער מדינה אין א"י דורך עליה, חלוציות און פערזענלעכע דערגרייכונגען דורך אַרבעט. נאַטירלעך, האָט מען פריער געגרייט די יוגנט אין כאַרקאָוו, שפּעטער אין אָדעס, און פון דאָרט — קיין א"י.

ווי אין יעדער באַוועגונג זיינען אויך ביי די בילוי'צעס געווען פיל שוועריקייטן: אייניקע האָבן גע'טענה'ט, אַז מען דאַרף פריער קריגן פון דער טערקישער מלוכה דאָס רעכט אויף באַזעצן זיך אָפיציעל און שאַפן קיבוצים. אַנדערע זיינען געגאַנגען מיטן וועג, אַז „פרעגן איז טריף", און מען דאַרף אַלץ אַליין טאָן וויפל עס לאָזט זיך... מען האָט אַריבערגעפירט דעם „הכשרה־פונקט" קיין א"י אָן קיינע ערלויבענישן פון טערק, דערוויל האָט רוסלאַנד גענומען נאָכלאָזן אַביסל דעם דרוק, כדי צו אַנטמוטיקן די אידישע שטודירענדע יוגנט פון פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דאָס האָט אָבער ניט באַווירקט די יוגנט, וועלכע האָט שוין געהאַט באַשלאָסן אַרויסצוגיין פון דעם רוסישן „עמק הבכא", און אַוועקלאָזן זיך קיין ארץ ישראל, כאָטש דער טערק האָט געמאַכט גענוג שוועריקייטן. עס האָט ניט צוריקגעהאַלטן די בילוי'צעס די נייע מעלדונג פון רוסישן מיניסטער, דימיטרי טאָלסטאָי, וועלכער האָט פאַרנומען איגנאַטיעוו'ס אַמט, דער מאַן, וואָס איז באַרימט געוואָרן מיט זיינע שווערע גזירות און געזעצן. טאָלסטאָי האָט צושיקט צירקו־לאַרן אין יוני 1882, מעלדענדיק, אַז ער וועט שטאַרק באַשטראָפן די שולדיקע, וואָס וועלן זוכן צו מאַכן פּאָגראָמען אויף אידן. דאָס אַלץ האָט גאָר ניט געווירקט, און ווי שוין געזאָגט, דער באַשלוס איז געווען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

די אַרבעט אין ישראל פון די בילויצעס איז איינגעשטעלט געוואָרן לויטן פּרינציפּ פון בשותפות'דיקן סיסטעם, אַ מין קאָמונאַלער סדר־החיים, ענלעך צו די „אַרטעלן", וואָס האָבן אַמאָל עקזיסטירט אין רוסלאַנד.

לאָמיר דאָ אויך פאַרצייכענען, אַז די ערשטע 14 בילויצעס, צווישן

זיי איין מיידל דבורה סיראטא, אונטער דער אָנפירונג פון ישראל בעלקינד, זיינען אַריינגעקומען קיין יפו דעם 19־טן טאָג אין תמוז תרמ״ב (זעקסטן יולי 1882). די גרופּע איז האַרציק באַגעגנט געוואָרן דורך דוב פרומקין, וועלכער האָט דאַן רעדאַגירט די העברעאישע צייטשריפט „חבצלת״, און זלמן דוד לעוואָנטין, וועלכער האָט זיך געפונען אין א״י און געזוכט צו קויפן לאַנד פאַר אַ גרופּע רוסישע אידן (ער האָט ענדלעך געקויפט אַ שטיק לאַנד אין ראשון לציון).

די ערשטע בילויים, נאָכן אַריינקומען אין לאַנד, זיינען אַוועק אין מקוה ישראל, וואו זיי האָבן באַקומען אַרבעט. קיין געלט האָבן זיי ניט געהאַט, און ניט קוקענדיק אויף אַלע גוטע האַפנונגען, צו אַרבעטן קאָלעקטיוו אין אייגענע קיבוצים, האָבן זיי דערווייל געמוזט אָנפאַנגען אַרבעטן אין ראשון לציון, וואו זיי האָבן זיך איינגעאָרדענט אַלס קאָמונע, כאָטש זיי האָבן ניט געקענט יעדן טאָג פון וואָך אַרבעטן, ווייל דער אַרבעטס־לוין איז געווען זייער קליין. באַזונדערס האָט די פירערשאַפט פון באַראָן הירש׳ס דירעקטאָרן שטאַרק אַנטמוטיקט די בילוי׳צעס, און עס האָט גענומען לאַנג ביז זייער צאָל האָט דערגרייכט צו 50 פּערזאָן.

די אויסזיכטן צו ווערן זעלבסטשטענדיק און פירן אַ קבוצה־לעבן זיינען ניט געווען קיין „ראָזעווע״... עס האָט גענומען אַ היבשע צייט, ביז דער באַראָן האָט אָנגעשטעלט אַלס דירעקטאָר אַ געוויסן קאַרל־יעקב נעטער, צו פאַרוואַלטן מיט מקוה ישראל. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ פּיאָנערן גייסט, און האָט אַרויסגעוויזן צו די יונגע בילויצעס אַ סך וואַרעמ־קייט. ליידער האָט ער לאַנג דעם אַמט ניט אָנגעהאַלטן, און עס איז ווידער שלעכט געוואָרן... דאַן איז געקומען צו הילף די בילויצעס יחיאל מיכל פּינעס, וועלכער איז פון זיי אויפגענומען געוואָרן אַלס מדריך און הויפּט־פירער. ער האָט אַריבערגענומען אַ טייל פון די בילויצעס קיין ירושלים, וואו זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט מלאכה. מען האָט אויפגעשטעלט אַן אייגענע סטאָלעריי און אַ וואַרשטאַט פאַר פרויען אויסאַרבעטונגען און אַנדערע געגנשטאַנדן. די פּאַרטיקע פּראָדוקטן זיינען שנעל פאַרקויפט געוואָרן, הגם צו זייער נידעריקע פּרייזן, אַזוי אַז מאַטעריעל איז דאָס געווען ווייט פון דערפאָלג, און דעריבער איז די ירושלימער גרופּע אינגיכן צופאַלן געוואָרן. אַ טייל איז אַוועק אין ראשון לציון, אַרבעטן פאַר 42 פראַנק אַ טאָג, און מען האָט אויך דאַביי באַקומען אַ שטיקל לאַנד אַליין צו באַאַרבעטן. אַ לענגערע צייט האָט מען געמערקט דעם דאָזיקן פּראָצעס. קיין וועזנטלעכע הילף פון אויסלאַנד האָבן די בילויצעס ניט באַקומען אויסער פון די אָרעמע חובבי ציון. אויפשטעלן אַ געהעריקן אייגענעם קיבוץ האָבן זיי ניט געקענט צוליב מאַנגל אין מיטלען. אין רוסלאַנד גופא איז שוואַכער געוואָרן דער סענטימענט אויסצוואַנדערן, און פאָרן זוכן אַרבעט אין ארץ ישראל. פּינעס האָט אָבער ניט אָפּגעלאָזן די בילויצעס. ער האָט געזוכט

פאַר זיי הלוואות, הילף, לאַנד, ביז ער האָט געקראָגן אַ שטיק באָדן אין דעם אַראַבישן דאָרף גדרה, אַ שטח פון 3,300 דונאַם. ער האָט דאָס לאַנד פאַר־טיילט אין 25 חלקים, אַוועקגעשיקט אַ שליח קיין רוסלאַנד צו פאַרקויפן די מגרשים צו ציוניסטישע קערפּערשאַפטן, מיטן באַדינג, אַז זיי זאָלן איבער־געבן דעם געקויפטן באָדן צו די בילויצעס. אַזוי איז אויסגעוואַקסן די ערשטע מושבה גדרה, וועלכע מיר האָבן פריער דערמאָנט. שפּעטער זיינען צוגעקומען די בילויצעס, וואָס זיינען פאַרבליבן אין מקוה ישראל און ראשון לציון. דערמיט איז פאַרזיכערט געוואָרן דער יסוד פון דער קאָלאָניע, וועגן וועלכער עס איז אין די שפּעטערע יאָרן אָנגעשריבן געוואָרן כמעט אַ גאַנצע ליטעראַטור, זינט די יק"א האָט אָנגעהויבן זי צו שטיצן...

אַזוי האָבן אויסגעזען די ערשטע שריט פון די בילויים, וועלכע האָבן אין יאָר 1882 אַוועקגעלאָזן זייערע היימען און אַוועק בויען אַ נייע אייגענע היים אין ארץ ישראל, דורך אויפשטעלן איין קבוצה נאָך דער אַנדערער, איין קיבוץ נאָכן צווייטן. די אַרבעט איז שפּעטער אַריבער צו די פאַרשידענע ציוניסטישע גרופּן, איבערהויפּט אַרבעטער ציוניסטן, און הפּועל המזרחי, וועלכע האָבן פאַרוואַנדלט דעם ענין פון קיבוץ אין אַן ערשט קלאַסיקע וויכטיקייט. אָן די קיבוצים וואָלט מדינת ישראל קיינמאָל ניט געוואָרן דאָס, וואָס זי איז היינט צו טאָג...

מען קען דעריבער ניט פאַרבייגיין לייכטזיניק דעם עצם־ציל פון די בילויצעס, וועמעס הויפּט־פּראָגראַם האָט געלויטעט, אַז יעדער יוגנטלעכער פון 18 יאָר און העכער דאַרף אַרבעטן פאַר זיין פאָלק און לאַנד, 3 יאָר אין גדוד עבודה (אַרבעטס־באַטאַליאָן), אין אַ מושב, וואָס געהערט צו דער גאַנצער גרופּע און דאַרף געפירט ווערן לויטן מוסטער פון אַ קאָמונע. נאָך 3 יאָר זאָל יעדער אַרויסגיין זוכן אַ „מעמד" פאַר זיך אין אַנדערע קאָלאָניעס, וואָס וועלן געגרינדעט ווערן, און, אַלס „וותיקים־בילויצעס" ווערן די לערער און וועגווייזער... מיט אַנדערע ווערטער, ווערן אינסטרוקטאָרן צו לערנען אַנדערע צו אַרבעטן און פירן אַ קאָמונע־לעבן... נאַטירלעך, אויפן אָרט פון די אַרויסגייענדיקע בילויצעס, האָט מען אַריינגענומען אַנדערע, נייע חלוצים.

דער דאָזיקער פּראָגראַם האָט אויסגעהאַלטן די פּראָבע. אַזוי האָט מען שפּעטער באַשלאָסן צו שאַפן די קאָלאָניע טירת צבי, מיט אַ לאַנד־סטאַטוס פון אַן עקאָנאָמיש־גייסטיק לעבן אין לאַנד פון אונזערע אָבות.

אויף וויפל דאָס פּראָגראַם פון די בילויצעס האָט בכלל אינספּי־רירט די דעמאָלטיקע אידישע יוגנט אין רוסלאַנד, קען מען אורטיילן פון דעם, וואָס עס האָט לאַנג ניט גענומען, און עס איז אַרויסגעפאָרן פון מאָסקווע אַ נייע גרופּע חברים אין אַ צאָל קרוב צו 50; מיט אַ חודש שפּעטער איז ווידער אַרויסגעפאָרן אַ גרופּע פון 24 חברים, און אַלעמען

האָט פאַראייניקט דער איינציקער אידעאַל — שאַפן אַ מדינה־צענטער, כדי אומצוקערן די אידן אין זייער אַמאָליקער היים...

נאָכדעם, ווי עס זיינען שוין געגרינדעט געוואָרן די ערשטע צוויי קאָלאָניעס אין א״י — ראשון לציון און זכרון יעקב (אין יאָר 1882), איז קירצלעך געגרינדעט געוואָרן די קאָלאָניע „ראש פינה״, וועלכע האָט לעצטנס געפייערט איר אַכציק יאָריקן יובילײ. די בילויצעס זיינען ניט געווען צו באַגייסטערט פון צושפּרייטן זיך איבערן לאַנד; זייער ציל איז געווען צו שאַפן נאָר אייגענע קאָלאָניעס, און די אַרבעט אין באַראָן ראָטשילד׳ס קאָלאָניעס, ווי אין ראשון לציון, האָט זיי ווייניק וואָס צופרידנגעשטעלט.

די לאָקאַלע תושבים אין א״י האָבן לכתחילה אויך זייער קאַלט אויפגענומען די בילויצעס. די פאַרביסענע רעליגיעזע האָבן אַפילו געפרעגט: „ווער זיינען דאָס די שקצים און די שיקסעס (3 מיידלעך), און ווי האָבן זיי גאָר געוואָגט צו קומען אין ירושלים עיר הקודש״? אַ פאַקט איז געבליבן, אַז ווען דער באַראָן האָט איבערגענומען ראשון לציון אין זיין פולן רשות, זיינען די בילויים פאַרבליבן גאָר אָן אַרבעט.

די בילויצעס האָבן זיך אָנגעליטן פון אַלע זייטן; זיך געשלעפּט צו פוס פון יפו קיין גדרה, זוכענדיק אַרבעט, אַ זכות הקיום, און דער עיקר — די פאַרווירקלעכונג פון זייער אידעאַל — אויפבויען אַן אייגענע פרייע היים פאַרן אידישן פאָלק. עס איז העכסט כאַראַקטעריסטיש, וואָס ביי די בילויצעס איז געקומען פריער פון אַלץ דער טאַט, און נאָכדעם די מחשבה. דאָס איז געווען אַ ספּאָנטאַנע דערשיינונג ביי דער דאַמאָלסדיקער אידישער יוגנט אין רוסלאַנד, וועלכע האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן רייכע היימען, עלטערן און געשוויסטער, און אַוועקוואַנדערן קיין א״י...

די בילויצעס האָבן געעפנט דעם ערשטן קאַפּיטל פון חלוציזם און זאָרג, ווי איבערצושמעלצן דאָס אַלטע אידישע לעבן וואָס האָט קיין ליכטיקן שטראַל ניט געזען און ניט ערוואַרטעט! דאָס מאַכט אויך פאַרשטענדלעך, ווי אַזוי עס איז נאָכדעם אַרויסגעקומען דר. פּינסקער מיט זיין בראָשור „אויטאָ־עמאַנציפּאַציע״ און שפּעטער — דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם, דר. טעאָדאָר הערצל מיט זיין „יודענשטאַט״, וועלכע האָבן „געענטפערט״ דעם רוף פון דער אידישער שטודירענדער יוגנט. ביידע האָבן דערפילט אַז עס רוקט זיך אונטער דער היסטאָרישער מאָמענט פון ליזן דאָס אידישע פּראָבלעם. דאָס האָט אויך באַוואויגן דר. הערצל צונויפצורופן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, וואו די אידן־פראַגע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין סאַמע צענטער פון דער ציוניסטישער אידעע — צו שאַפן אַן עפנטלעך רעכטלעך אידישע היים אין ארץ ישראל...

נאַטירלעך, איז דאָן די פראַגע פון שאַפן נייע קאָלאָניעס, נייע קיבוצים און מושבים געוואָרן דער עיקר פון דער ציוניסטישער טעטיקייט. די הויפּט־אידעאָלאָגיע פון דער קיבוץ־באַוועגונג האָט שפּעטער באַ־

קומען פולן אויסדרוק מיט דער גרינדונג פון דער קאָלאָניע דגניה א׳ מיט וואָסערע פופציק יאָר צוריק. דגניה איז געבוירן געוואָרן צוליב דעם אַרבעטס־קריזיס אין די קאָלאָניעס פון באַראָן אין ראשון לציון, זכרון יעקב, פתח תקוה, וואו עס איז ניט געווען גענוג אַרבעט פאַר די חלוצים. צוזאַמען מיט זיי זיינען אויך אַוועק קיין דגניה שוין פריער איינגעזע ענע קאָלאָניסטן פון דער ערשטער עליה, און האָבן מיט שטאָלץ באַוויזן, אַז זיי קענען זיין פעאיקע ערד־אַרבעטער און אָנפירן מיט דערפאָלג זייערעווירטשאַפטן.

דאָס האָט פאַרפעסטיקט דעם דאָפּעלטן ציל און פּראָגראַם פון דער קיבוץ באַוועגונג, און דעם פּרינציפּ פון אַ נאַציאָנאַל־ציוניסטישער אידעע, וואָס זאָל אַרבעטן האַנט אין האַנט מיט דער סאָציאַלער. די אויבערהאַנט אין ציוניזם האָט אָבער באַקומען די נאַציאָנאַל־ציוניסטישע אידעע, וועלכע האָט געוואונען זעכציק פּראָצענט פון שטימען און הכנסות. די דאָזיקע סיטואַציע האָט געהערשט ביזן אויסברוך פון 2־טן וועלט־קריג, אַ קיימא לן פון אַ קנאַפּן האַלבן יאָרהונדערט. דער קיבוץ כאַראַקטער איז פאַרבליבן אויסגעהאַלטן, און עבודה עצמית האָט פאַרנומען דעם הויפּט־פּלאַץ אין די אַלע קאָלאָניעס און קיבוצים וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין גייסט פון די בילויצעס און שפּעטער פון אַנדערע ציוניסטישע אַרבעטער־גרופּן. אייגענע אַרבעט — איז געוואָרן דער „אַלף בית״ פון דער קיבוץ־פילאָזאָפיע און פּראָגראַם, הגם צוליב נייע אומשטענדן איז דאָס דאָך ניט פאַרבליבן אַזוי שטרענג אויסגעהאַלטן און אַזוי דיסציפּלינירט, ווי מען האָט פריער געטראַכט און פּלאַנירט...

עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז עס קענען ניט זיין אַלע קיבוצים און מושבים פון איין און דעם זעלבן שניט. די צייט האָט מיטגעבראַכט שינויים און נויטווענדיקייטן צו ענדערן די אַלטע פּראָגראַמען. צוליב דעם האָבן זיך אויסגעשיילט דריי פאַרשידענע מינים קיבוצים, הגם דער הויפּט־פּרינציפּ פון זעלבסט־אַרבעט האָט אַלץ דאָמינירט אין זייערע פּראָגראַמען. עס זיינען צוגעקומען נייע טענדענצן מצד רעליגיעזע עלעמענטן, און אין רעזולטאַט — זיינען היינט פאַראַן דריי פאַרשידענע סאָרטן קיבוצים: 1) „איחוד הקבוצות והקיבוצים״ וועלכע זיינען מערסטנס מפא״י קיבוצים; 2) „קיבוץ המאוחד״ — וואָס געהערט צו „אחדות העבודה״ און 3) „קיבוץ אַרצי״ פון השומר הצעיר — מפ״ם. די קיבוצים פון די רעליגיעזע עלעמענטן שאַפן מיט זיך אַ באַזונדער טיפּ, וואָס רופט זיך „הקיבוץ הדתי״, און צו זיי אַלעמען קומט צו דער קיבוץ פון „פועלי אגודת ישראל״.

נאַטירלעך איז דער הויפּט יסוד פון זעלבסט־אַרבעט איבעראַל דער זעלבער, כאָטש רעליגיעזע מאָטיוון טיילן אָפּ די לעצטע קיבוצים פון די פריערדערמאָנטע דריי טיפּן. דער עיקר בלייבט: ערד־אַרבעט און עבודה־עצמית. אַ קיבוץ דאַרף ניט געניסן פון פרעמדער פּראַצע. מהאי טעמא איז

דער אידעאַל פון קיבוץ געווען און פאַרבליבן דער „ווינקלשטיין" פון דעם אַרבייטער־פּראָגראַם — צו בויען דאָס לאַנד אויף סאָציאַליסטישע יסודות, מיט יושר און גערעכטיקייט. די געשיכטע האָט באַוויזן, ווי ערלעך, הייליק און אידעאַליסטיש עס איז געווען דער פּרינציפּ פון קיבוץ.

אויב סאָוועט רוסלאַנד איז עד היום פול מיט שנאה צו ישראל, צוליב ריין קאָמוניסטישע צילן, קען מען זיך פאָרשטעלן, ווי זי וואָלט זיך נאָך באַצויגן צו ישראל, ווען זי איז אַבסאָלוט קאַפּיטאַליסטיש און האָט ניט אַזאַ פּרעכטיקע אַרבעטער־באַוועגונג; ווען ישראל פאַרמאָגט ניט קיין קאָמונע־קיבוצים און איז דורך און דורך „בורזשואַזיש", לויט ווי מאָסקווע רופט אָן אַלע אַנדערע לענדער וואָס ווילן ניט האָבן ביי זיך דעם סערפּ און האַמער, און „באַגייען" זיך מיט זייערע אייגענע סימבאָלן און עמבלעמען... די קיבוצים האָבן אין אַ גרויסער מאָס בייגעטראָגן צו ישראל'ס דערפאָלג און סאָציאַלן קאָלאָריט, און האָבן פאַקטיש אָוועקגענומען דעם באַזונדער שטאַרקן „ריח" פון קאַפּיטאַליזם, קעגן וועלכן קאָמוניזם נוצט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע מיטלען אים אויסצוראָטן...

דער קיבוץ אין ישראל האָט דירעקט און אומדירעקט אַוועקגעלייגט זיין שטעמפּל אויפן גאַנצן לעבן פון ארץ ישראל, נאָך מיט פיל יאָרן פריער, איידער זי איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס זעלבסטשטענדיקע מדינה. במילא האָט די קיבוץ־באַוועגונג אויך שטאַרק געווירקט אויף דעם גאַנצן ציוניסטישן פּראָגראַם. דערצו האָט דער קיבוץ אַרויסגעגעבן אַ צאָל וויכטיקע מנהיגים, שטאַטסלייט, אידעאַליסטן און פּאָליטיקער, וואָס שטייען עד היום אין צענטער פון ישראל'ס לעבן, און האַלטן די האַנט אויפן פּולס פון ישוב. דאָס מיינט אָבער ניט צו זאָגן, אַז דער גאַנצער ישוב איז אַבסאָלוט קיבוציש... דער געבורט פון דער באַנייטער מדינת ישראל האָט אַרונטער־געגנידערט דעם כוח און פּרעסטיזש פון אַלע פריערדיקע גרינדונגען און אָרגאַניזאַציעס און אַלץ וואָס האָט פריער געלעבט אין אייגענעם זכות... אַלעמעס כוחות זיינען היינט קאָנצענטרירט אויף דער מדינה, וועלכע קומט פריער פון אַלץ און אַלעמען... ניט דער ציוניזם, ניט דער קיבוץ אידעאַל קענען איבערשטייגן דעם גלאַנץ פון דער מדינה, וועלכע האָט אַלץ פאַר־טונקעלט...

אַזוי למשל, האָבן די עולים פון די לעצטע 15־20 יאָר זיך ניט געווענדעט צו די קיבוצים, אַז מען זאָל זיי איינשליסן אַלס חברים, נאָך היטלערס חורבן און סאָוועטישן גן עדן האָט מען זיך געווענדעט דירעקט צו דער ישראל־רעגירונג. אַפילו די עולים פון די אַראַבישע לענדער האָבן אויסגעמיטן די קיבוצים, ווייל זיי זיינען גראָד געווען זייער ווייט פון סאָציאַליזם און פון ציוניזם. אַזוי אַרום איז דער קיבוץ פאַרבליבן אין אַן אומקלאָרער לאַגע. דאָ האָט אויך ניט געהאָלפן דאָס, וואָס די קיבוצים האָבן באַקומען גרויסע לאַנד שטחים נאָכדעם, ווי די אַראַבער זיינען

אַנטלאָפן און איבערגעלאָזן זייערע באָדנס אויף הפקר. די קיבוצים זיינען פאַרבליבן אָן גרויסע מיטלען, און האָבן פשוט ניט געקענט באַאַרבעטן די נייע לאַנד־שטחים...

מעשה נס זיינען גראָד צו יענער צייט אָנגעקומען גרויסע צאָלן (אין די צענדליקער טויזנטער) מענטשן וואָס האָבן געזוכט אַרבעט. די לאַגע איז געוואָרן זייער שאַרף און קריטיש, ווייל דער גאַנצער פּרינציפּ פון קיבוץ איז געשטעלט געוואָרן צו פראַבע: אַליין באַאַרבעטן דעם גרויסן באָדן איז געוואָרן אומעגלעך. אַריינעמען פרעמדע אַרבעטער — האָט געמיינט שעדיקן דעם עצם ציל פון קיבוץ, וועלכער מוז זיך שטיצן נאָר אויף אייגענער אַרבעט. דאָס האָט געצוואונגען דעם דאַמאָלסדיקן פּרעמיער דוד בן גוריון אַרויסצוקומען מיט אַ ווענדונג צו „פאַרבויגן פּרינציפּן“ און אַריינעמען יעדן איינעם, וואָס זוכט אַרבעט און איז פעאיק צו אַרבעטן, בפרט, אַז דער מאַנגל אין אַרבעטס־הענט איז געוואָרן שאַרפער פון טאָג צו טאָג...

אַזוי אַרום האָבן באַשלאָסן די קיבוצים אַריינצונעמען ניט־קיין מיטגלי־דער, און באַנוצן זיך מיט זייער אַרבעט, מיט געדונגענע הענט פון די אַרומיקע עולים־ישובים. נאָך אַ וויכטיקער פאַקטאָר איז געווען דאָס, וואָס דער גרויסער אינדוסטריאַליזאַציע פּראָצעס האָט געפאָדערט אַלץ מער און מער אַרבעטער, און דאָס סאַמע פּיקאַנטסטע איז געווען דאָס, וואָס לאַנדווירטשאַפט אַליין האָט שוין ניט געקענט אַזוי פאַרכאַפּן די פאַנטאַזיע פון די קיבוצים, וועלכע האָבן סוף כל סוף זיך אַרומגעזען, אַז מען קאָן דאָס לעבן פאַר־לייכטערן און ציען יניקה ניט דווקא פון באָדן, נאָר פון אינדוסטרי...

אַזוי צי אַזוי, עס איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע אין די מוחות פון די קיבוצניקעס. דער דאָרף האָט פאַרלוירן זיין גלאַנץ און צוציאונגס־קראַפט. די פאַבריק, די אינדוסטרי האָט שוין געזונגען אַנדערע לידער... וואָס מער פאַבריקן, וואָס מער נייע אינדוסטריעס מען האָט געעפנט אין קיבוץ, אַלץ מער האָט מען נויטיק געהאַט נייע פרעמדע מענטשן פאַר דער אַרבעט. ווילנדיק און ניט ווילנדיק האָבן זיך גענומען מערן די צאָלן פון געדונגענע אַרבעטער, וואָס דאָס האָט ענדלעך אַרויסגערופן אַ שווערע דילעמע אין דער קיבוץ־פּסיכאָלאָגיע, ווייל די גרונט־אידעע פון קיבוץ האָט זיך דערזען אין שטאַרקן געראַנגל מיט דער האַרטער ווירקלעכקייט. מען האָט געפילט זייער קלאָר, ווי די צוויי הויפּט־אידעען, די קאַרדינאַלע תביעות פון קיבוץ — צו בלייבן ביי דער לאַנדווירטשאַפט און אַנגיין נאָר מיט עבודה עצמית, הויבן אָן צו פאַרשווינדן. במילא איז אַנטשטאַנען די פראַגע: לאָן? וואוהין זאָל מען גיין פון קיבוץ? וואָס פאַר אַ ריכטונג זאָל מען אָננעמען נאָכדעם, ווי די פריערדיקע לאַנגיאָריקע שיטה פון קיבוץ און עבודה עצמית ווערט כמעט פאַרענדיקט?

די לאַגע איז געוואָרן זייער טראַגיש. אַוועקלאָזן זיך אויף די

וועגן פון אינדוסטרי, און באַשעפטיקן בלויז פרעמדע, געשולטע און ספּע־ציאַליזירטע אויף זייערע געביטן אַרבעטער — איז למה לי כל הטורח הזה? צו וואָס דער קיבוץ?! וואָס איז דאָן דער אונטערשייד צווישן עכטן קאַפּיטאַליזם און קיבוץ, וועלכער מוז נאָכפאָלגן דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם פון פרעמדער פּראַצע, עקספּלואַטאַציע וכדומה? דער דאָזיקער ענין איז אויך ניט אַרונטער פון טאָג־אָרדענונג בעת די צוזאַמענפאָרן פון דער קיבוץ־באַוועגונג אין כנרת און אין דגניה, וואו די פּראַגע פון ווייטערער פירערשאַפט און זכות־הקיום פון קיבוץ האָט באַקומען אַ פולן אַנאַליז און אָפּשפּיגלונג. טייל דעלעגאַטן האָט געוואָלט מוותר זיין אויף די אַלע נייע אינדוסטריס און זייערע גליקן, און צוריקקערן צום „שורש" — צו לאַנד־ווירטשאַפט, צו אייגענער, ניט געדונגענער אַרבעט, און אפילו דאָס אַוועקשיקן די פרעמדע אַרבעטער, וועט אויך ניט שאַפן קיין פּראָבלעם, ווייל מען זוכט בכלל לעצטנס אַרבעטער ווי מיט ליכט... דעריבער וועט דער „פּראָלעטאַרישער געוויסן" בלייבן רואיק. די פרעמדע אַרבעטער דראָט ניט קיין געפאַר פון פאַרלירן פּרנסה.

אַנדערע דעלעגאַטן האָבן אַרויסגערוקט אַזאַ מאָטיוו: זאָל די הסתדרות איבערנעמען די אינדוסטריעס אין די קיבוצים, וואָס וואָלט אַגב אַרייב־געבראַכט אַ היבשע צומישעניש אין דער קיבוץ־באַוועגונג. נאָך אַ צד איז געקומען מיט אַ פאָרשלאָג־: אפשר וואָלט כדאי געווען אָרגאַניזירן די פרעמדע, געדונגענע אַרבעטער אין די קיבוצים אין אַ באַזונדער קאָאָפּעראַטיוו, און אַזוי אַרום זאָלן זיי קענען ווערן שותפים צום קיבוץ. מען קאָן ניט זאָגן, אַז די פאַרגעשלאָגענע פּלענער זיינען געווען לגמרי גרונטלאָז, אָבער אין לעצטן סך־הכל האָבן זיי ניט געשטימט מיט דער עצם אידעאָלאָגיע פון קיבוץ, וועלכער האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ פאַרגאַנגענהייט פון אַ האַלבן יאָרהונדערט ערפאַרונג און קאָנסעקווענטער אויסגעהאַלטנקייט, וואָס דאָס האָט געמיינט — לאַנדווירטשאַפט און אייגענע פּראַצע.

נאַטירלעך איז שווער צו דרייען די ראָד פון דער געשיכטע אויף צוריק, און נאָך לאַנגע דעבאַטן און פאַרהאַנדלונגען איז מען געקומען צום הסכם, אַז אידעע בלייבט אידעע, אָבער ווירקלעכקייט קאָן מען דאָך ניט מבטל זיין!... מען קאָן ניט אַוועקשטופּן אָן אַ זייט אַ סיטואַציע, וואָס פאָדערט אַן אַנטשיידענדע לייזונג, און מען איז צוגעקומען אַזוי אַרום צו אַ נייעם פּלאַן — פאַראייניקן די קיבוצישע באַוועגונג. דאָס האָט אָנגע־טראָפן נייע שוועריקייטן, ווייל די עכטע „חסידים" פון קיבוץ, די אַלטע געשוואָרענע אידעאַליסטן פון דער באַוועגונג, האָבן אַרויסגעוויזן אַ היבש ביסל אַנטוישונג און ספקות...

אויך די פאַרשטייער פון קיבוץ־המאוחד און קיבוץ אַרצי, וועלכע זיינען געקומען אַלס באַאָבאַכטער און אַלס באַגריסער פון דער קאָנפערענץ,

האָבן זיך דערפילט, ווי אויף אַ פרעמדער שמחה... זיי זיינען דאָך געווען חברים, געאָטעמט די זעלבע לופט פון קיבוץ במשך פון צענדליקער יאָרן, — און מיטאַמאָל האָבן זיי זיך דערפילט ווי ווייטע, פרעמדע מענטשן! דער צוזאַמענפאַר, וועלכער האָט געזאָלט געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך צווישן די קיבוצים, און פאַרשטאַרקן די האַרמאָניע און אחדות צווישן אַלעמען, האָט ניט דערגרייכט זיין ציל. אַפילו דער באַזוך פון דוד בן־גוריון, וועלכער איז ספּעציעל געקומען צו דער קאָנפערענץ און שטאַרק געלויבט די בויער און נאָכפאָלגער פון דער קיבוץ־אידעאָלאָגיע, האָט ניט באַוויזן צו געפינען אַן אויסוועג פון דער לאַגע, וואָס האָט זיך אין די לעצטע יאָרן געשאַפן. בן־גוריון האָט אַרויסגערוקט אַן אייגנאַרטיקן פּלאַן, אַז די יוגנט פון קיבוץ זאָל זיך מאָביליזירן אין דער אַרמיי, אין דער האַפּנונג, אַז פון קיבוץ וועלן נאָך אַרויסקומען פירער און קאָמאַנדירן פאַר דער ישראל אַרמיי, און דאָס איז פון גאַר גרויס וויכטיקייט. בן גוריון האָט אויך אויסגעדריקט זיין וואונש, אַז יעדע קיבוץ־משפחה זאָל האָבן לכל הפחות צו פיר קינדער, און דאָביי זאָלן 2 פאַרבלייבן אין קיבוץ צוזאַמען מיט די עלטערן, און די אַנדערע 2 זאָלן גיין אין נגב און שאַפן דאָרט נייע קיבוצים...

נאַטירלעך, איז בן גוריון שטענדיק געווען פול מיט „איינפאַלן״, און דער צוזאַמענקונפט האָט אים אַפּלאָדירט אָן אַ שיעור...

אין ליכט פון דעם אַלעמען זעט מען, אַז דער וואוקס פון די קיבוצים איז דאָך היבש פאַרהאַלטן געוואָרן, און דער פּראָצעס פון אינ־דוסטריאַליזאַציע האָט אַוועקגענומען אַ היבש ביסל שוואונג און פּראָגרעס פון קיבוץ, כאָטש ער זעצט פאָר זיין גאַנג מיט לאַנגזאַמע טריט. די נייע צייט האָט אויך מיטגעבראַכט נייע ווינטן, נייע אויסזיכטן. דאָס, וואָס האָט מיט יאָרן צוריק געכישופ׳ט אַ בחור, אָדער מיידל צו גיין אין קיבוץ, לעבן אַ קאָמונאַלן לעבן, ליידן און פרייען זיך אַלע צוזאַמען, און טיילן גליק, פרייד און שוועריקייטן צוזאַמען, — דאָס האָט אין ליכט פון דער נייער עפּאָכע, נאָך דעם 2־טן וועלט־קריג, פאַרלוירן דעם חן! עס זיינען אַריינגעקומען מענטשן, וואָס דער בעסטער אידעאַל האָט זיי ניט דערוואָרעמט, אויב מען זעט ניט פאַראויס דעם תכלית... מענטשן ווילן פאַרגעסן זייער חורבן, זייערע שרעקלעכע איבערלעבונגען, זייערע נאַצי־קעמפּס און גאַז־קאַמערן, און דאָס קאָן מען ניט איינשטילן דורך אַ קמיע, דורך פאַר־ריידן, אָדער פּראָפּאַגאַנדע. אַלע שיינע אידעאַלן ווערן צעדרונגען אין שפּיגל פון דער ווירקלעכקייט. דאָס מיינט, אַז פיל טויזנטער פון די נייע עולים זיינען ניט געווען מסוגל אַריינצולעבן זיך אין דער קיבוץ אידעאָלאָגיע. נאָך מער אָפּשטויסענד איז דער קיבוץ געוואָרן פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן געלעבט אין אַ סאָוועטישן קאָלכאָז, און זיי זיינען שוין צו גוט באַקאַנט מיט אַזאַ לעבן און פּאַראַנדקעס... אַזעלכע עולים איז אוממעגלעך געווען איינצו־

גלידערן אין קיבוץ, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ געוואַלדיקע לעבנס־פעאיקייט; עס איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז איבער ניינציק פּראָצענט פון זין און טעכטער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין קיבוץ, זיינען פאַרבליבן אויף די ערטער. דאָס איז דער בעסטער עדות, ווי קערנדיק און תכלית׳דיק עס איז דער קיבוץ וויל הגם „בזיעת אפיך תאכל לחם", ווי שווער עס זאָל ניט זיין ערד־אַרבעט, איז דאָס דאָך דער סאַמע תכלית פון אַ מדינה. אָן ברויט, אָן אייגענער לאַנדווירטשאַפט איז נישטאָ קיין נאָרמאַלער לעבן. מהאי טעמא האָט נאָך אַלץ דער קיבוץ, מיט אַלע זיינע אָפּגעשוואַכטע כוחות, אַ מעכטיקע לעבנספעאיקייט, און ער איז נאָך אַלץ אַ זייער וויכטיקער פאַקטאָר אין עקאָנאָמישן לעבן פון דער מדינה. מיט וויפל קיבוצניקעס מען זאָל ניט ריידן, קיין פאַרצווייפלונג אויף זייערע געזיכטער איז ניט צו מערקן. אדרבא, אַ פריש געזונט פּנים, אָפּגעברענט פון דער זון, אַ קוועלנדיק שמייכל און געלעכטער, אַ טיפער פאַרבאָרגענער גלויבן אין זיך און אין דעם „מאָרגן", און ועל כולם — אין אידעאַל, וואָס מאַכט דאָס לעבן כדאַי און ווערטפול...

די נייע צייט האָט וואָס אמת היבש „פאַרוואונדעט" דעם עצם־אידעאַל, אָדער אידעע פון קיבוץ, בפרט אַז מ׳האָט ניט ערוואַרטעט קיין גרויסע גליקן פון אים... מען פילט די טריט פון פּראָגרעס; מען טראַכט ניט ווילנדיק פון גרעסערע, באַקוועמערע דירות; מען וויל האָבן אַן אייגענע טעלעוויזיע, אייגענע פיאַנאָ, מען וויל שטילערהייט „נאָכטאַנצן" דער צייט, נאָכדעם ווי מען האָט לאַנגע יאָרן געלעבט אין דחקות, שווערער פּראַצע און שטאַרקער באַגרענעצטקייט.

אגב איז אַ גרויסער טייל פון קיבוץ שוין עלטער געוואָרן... אויך אין קיבוץ עלטערט מען זיך, כאָטש מען האָט אַ סך זון, פרישע לופט און כמעט אַ זאָרגלאָז לעבן... עס איז קענטיק, ווי יאָרן פאָדערן זייערס. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּראָבלעם פון עלטערע מענטשן, וועלכע מען וויל ניט לאָזן פילן אַז זיי זיינען איבריק. מען דאַרף זיי געבן „אינהאַלט" אין לעבן, כאָטש זיי זיינען אַלט. מען קאָן אגב ניט „פאַרשליסן" די טיר פאַרן פּראָגרעס פון טעכניק און ציוויליזאַציע וואָס האָט פאַרקירצט די אַרבעטס־שעה׳ן, אַ דאַנק די נייע מאַשינען און ערפינדונגען, מיט וועלכע דער קיבוץ באַנוצט זיך. עס איז אויסגעוואַקסן אַ מין עקאָנאָמישער קאָמפּלעקס צווישן דער לאַנדווירטשאַפט און טעכניק. דעריבער זוכן קיבוצים, וואָס ליגן נאָענט איינער פון צווייטן, אונטערצונעמען אַ געמיינשאַפטלעכן פּלאַן פון אַן אינדוסטריעלן פּראָיעקט, און דאַבֿיי קאָן מען שוין לייכט געפינען אַ לייזונג פאַר אַרבעטער, אָדער שאַפן אַ געוויסע שותפות צווישן קיבוץ און שטאָטישן קאָאָפּעראַטיוו.

אונטער אַלע אומשטענדן איז דער קיבוץ געווען, און איז נאָך עד היום אַ ווינקלשטיין אין דעם בנין פון דער נייער ישראל רעפּובליק, און

דער וואוקס פון קיבוץ איז ניט פּאַראַליזירט געוואָרן אויף וואָס עס זאָגט עדות די קורצע סטאַטיסטיק:

אין יאָר 1911 ד. ה. מיט אַ דרייסיק יאָר שפּעטער נאָך דער בילוי־באַוועגונג זיינען בסך הכל געווען אין א״י 41 קאָלאָניעס מיט קרוב צו אַכציק טויזנט אַקער לאַנד; די באַפעלקערונג האָט אויסגעמאַכט אַ קנאַפּע צען טויזנט נפשות אין אַלע קאָלאָניעס, אויסער יחידישע נקודות און פון באַראָן ראָטשילד יק״א א. אַ. עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז מיט דער איבערגעבונג פון באַראָן ראָטשילד די קאָלאָניעס צו דער יק״א, האָבן אַ סך קאָלאָניסטן ביסלעכוויז אויסגעצאָלט זייערע חובות, און זיינען אַליין געוואָרן די בעלי בתים פון זייערע לאַנד־שטחים. היינט צו טאָג איז שווער אונטערצוציען אַ סך הכל פון דעם גאַנצן קיבוץ־פאַרמעגן, ווייל דער קיבוץ ווערט „מוזן״ איבערלעבן אַלע קריזיסן, און אויסדויערן, הגם ער ווערט העכסט וואַרשיינלעך דאַרפן ענדערן פיל פון זיינע גרונט־פּרינציפּן, אין ליכט פון דער נייער צייט, וואָס איז שוין געקומען, און וואָס קומט כסדר אָן מיט יעדער וויטערן טאָג...

דער מוסר־השכל פון קיבוץ פּראָבלעם איז, אַז קיין שום אידעע, אָדער אידעאַל, ווי הייליק און חשוב עס זאָל ניט אויסזען לכתחילה, ענדערט זיך מיט דער צייט, מיטן לויף פון יאָרן; קיין שום זאַך קאָן ניט אויף איביק פאַרבלייבן אָן ענדערונגען. פון סטאַטיק ווערט לאַנגזאַם דינאַמיק.

לויט אונזער באַשיידענער מיינונג, האָט דער קיבוץ „געבוירן״ די מדינה, ווייל מיט אים איז פאַרבונדן געוואָרן די אָפּפערווילִיקייט און גרייט־קייט אויף אַלע קרבנות, און דאָס איז געווען דער לעבנס־עליקסיר, וואָס האָט אויסגעוואָרעמט, אויסגעהאָדעוועט און פאַרווירקלעכט דעם ציל פון שאַפן אַן אייגענע מדינה אין ארץ ישראל.

וואָלטן אַלע ציוניסטיש־געשטימטע עלעמענטן צווישן די אַרבעטער־מאַסן געווען באַהויכט מיט איין אידעאַל, מיט איין סאָרט קיבוצים, דאָס הייסט, האָלטן זייערע אידעען און כוונות נאָר אין האַרצן, ניט אַריינברענגענדיק זיי אין לעבן פון קיבוץ — וואָלט קיין שום כוח אין דער וועלט ניט געקענט פאַרהאַלטן זייער אָטעם. די קיבוצים וואָלטן אויסגעמיטן טויזנ־טער אַסיפות, מחלוקות, דעבאַטן, קנאה־שנאה, אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס, און וואָלטן געהאַט דעם שליסל פון דער מדינה אין זייערע הענט. מיטן מאָמענט אָבער, וואָס מען האָט די אַלע פּאַרטיי־שאַרפקייטן, די אַלע דיסאָ־נאַנסן אַריינגעבראַכט אין קיבוץ־לעבן, די פאַרשידענע דאָגמעס און טעאָריעס פון דעם און יענעם דענקער און וואָרטזאָגער, — האָט מען ניט נאָר אַוועקגענומען די גלאָריע פון קיבוץ, נאָר מען האָט צעטיילט און צעבראָקלט די כוחות, וועלכע וואָלטן ביי האַרמאָנישע באַדינגונגען, געקענט ברענגען נאָך פיל גרעסערע רעזולטאַטן. אָבער ווער קען פאָראויסזען דעם גאַנג פון דער געשיכטע? אַלע גרויסע באַוועגונגען און פילאָזאָפיעס, אַלע שיטות

און טעאָריעס, סיי אין דער וויסנשאַפט, און סיי אין לעבן פאַרלירן מיט דער צייט זייער גלאַנץ, און ווערן בלייכער און שוואַכער, ווייל די צייט אַליין ווירקט קעגן זיי, און מענטשן גייען מיט דער צייט...

מדינת ישראל איז נאָך זייער יונג, און די אותות ומופתים, וואָס זי האָט באַוויזן פאַר דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ, זיינען ממש אומבאַגרייפלעך. מען דאַרף בלויז אַרומשפּאַצירן איבער ישראל, ריידן מיט אַלע סאָרטן אידן, זען זייערע געזיכטער און הערן זייער פּולס־קלאַפּ, און ערשט דאַן זיך שאַפן אַ קליינעם באַגריף, וואָס ישראל מיינט פאַר אונז „היינט" און פאַר אונזער „מאָרגן". דער קיבוץ האָט פאַרנומען אַ צענטראַלן אָרט אין געבוי פון דער מדינה, ווייל ער האָט בדיעבד צוגעגרייט דעם פונדאַמענט פון דער מדינה, און דער דאָזיקער פאַקט בלייבט לעולם ועד, כאָטש עס קענען מעגלעך קומען שינויי ערכין אין דער גאַנצער קיבוץ פילאָזאָפיע, מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל. דערווייל איז נאָך די קיבוץ־ראָל ניט אויסגעשפּילט געוואָרן ביז צו ענד. מיר וועלן ממשיך זיין דעם קאַפּיטל „קיבוץ" דורך אַ וויטערן קורצן אַריינבליק אין די קיבוצים פון רעליגיעזן ציוניזם — מזרחי הפּועל המזרחי, און ווי ווייט מעגלעך אויך אין די קיבוצים פון אַגודת און פּועלי אגודת ישראל, פון קיבוץ המאוחד און קיבוץ אַרצי.

ניין און זעכציקסטער קאַפּיטל

# רעליגיעזע קיבוצים אין ישראל

**דערגרייכונגען פון איבער דריי צענדליק יאָר רעליגיעזע קיבוצים אין ישראל. — זייער הויפּט־שטריך און אויפגאַבן. תורה ועבודה־אידעאַל אין די מזרחי הפּועל המזרחי קיבוצים. — די שווערע פּראָבלעמען פון אַזעלכע קיבוצים.**

די פּאַקטישע התחלה פון רעליגיעז־ציוניסטישער טעטיקייט אין א״י געהערט צו דער תקופה פון דער דריטער עליה, הגם דערפער, וואָס זענען אויפגעבויט אויף יסודות און פּרינציפּן פון תורה ומצוות, זענען שוין געווען פיל פריער אין א״י, ריכטיקער געזאָגט פון די צייטן פון „ישוב החדש", פון פריערדיקן יאָרהונדערט. דער הויפּט־דאַטום אָבער פאַנגט זיך אָן מיט דער דריטער עליה, און שפּאַנט אַריין אין דער פערטער. זינט דאַן האָט דער רעליגיעזער ציוניזם איין גרויסע אויפגאַבע: פאַרמערן און פאַרגרעסערן די צאָל רעליגיעזע מושבים, קיבוצים און קבוצות; פאַרוואָרצלען אַלץ מער דעם תורה־אידעאַל אין דער נייער מדינת ישראל. די צווייטע זאָרג און אויפגאַבע פון די רעליגיעזע קיבוצים איז, ווי ווייט מעגלעך פאַרשיטן דעם תהום, וואָס טיילט זיי אָפּ פון דעם אַלגעמיינעם לעבן אין ישראל, און אָוועקשטעלן דעם קיבוצישן רעליגיעזן סדר־החיים אויף אַ העכערער מדריגה, ווי דאָס נייע אידישע לעבן פאָדערט.

לאָמיר דאָ איבערגעבן אייניקע פּרטים פון דער רעליגיעזער קיבוץ־באַוועגונג, וועלכע מיר האָבן גוט תופס געווען.

דער רעליגיעזער קיבוץ האָט זיך אָנגעפאַנגען מיטן דריטן שטראָם עולים. דאָס זענען געווען רעליגיעזע יונגעלייט און מיידלעך, וועלכע האָבן גע־האָט אין געדאַנק עולה צו זיין קיין א״י און בויען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלן לעבן. דער דאָזיקער סענטימענט איז געקומען ווי אַ פערזענלעכער דראַנג אין אָנפאַנג פון אונזער יאָרהונדערט, און געוואוינען פיל אָנהענגער נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג אין דער זעלבסטשטענדיקער פּוילן, וואו חסידיזם האָט געשלאָגן שטאַרקע וואָרצלען, און געוואָרן היבש־פּאָפּולער צווישן ישיבה־בחורים. די לעצטע האָבן גענומען ערנסט טראַכטן עולה צו זיין קיין א״י, און אַרבעטן מיט די אייגענע צען פינגער, כדי צו שאַפן אַן עקזיסטענץ. דער רעליגיעזער רעיון האָט זיי דערמוטיקט צו פאַרלאָזן דעם סדר־החיים אין פּוילן און אַוועקגיין קיין א״י, וואו זיי וועלן קענען אָנפאַנגען אַ נייעם זעלבסטשטענדיקן קיבוץ־לעבן אויף

יסודות התורה והמסורה. די ערשטע קענטיקע דערגרייכונגען פון רעליגיעזע ציוניסטן געהערן צו די יאָרן 1920—1927, ווען עס האָט זיך גענומען אויס־פורעמען די אידעאָלאָגיע פון רעליגיעזע קיבוצים פאַר אַגריקולטורעלע טעטי־קייטן. נאַטירלעך, איז די צאָל פון אַזעלכע יונגעלייט געווען קליין לכתחילה, אָבער די אידייע האָט געוואונען שפּעטער פיל נאָכפאָלגער, און דער ציל איז געוואָרן ניט בלויז מצוות שבין אדם למקום, נאָר הויפּטזעכלעך מצוות שבין אדם לחברו. מיט אַנדערע ווערטער, ניט בלויז פרומקייט, ניט בלויז חסידות, אָדער אַנדערע מצוות התלויות בארץ, — נאָר אויך איינשטעלן אַ געזונטן נאָר־מאַלן אידישן לעבן. די דאָזיקע קערנדלעך זענען פאַרבליבן, וואו מער און וואו וויניקער, אַלס גרונט־פּרינציפּ פון רעליגיעזן חלוציזם, און האָבן געבראַכט די געוואונטשטע פּרוכט...

די תקופה איז צונויפגעפאַלן מיט דער אַנטשטייאונג פון די ערשטע גרופּן פון הפועל המזרחי, וועלכער האָט שוין ביי זיין גרינדונג אַריינגענומען די דאָזיקע עקרים אין זיין פּראָגראַם. פאָלגענדע זענען די ערשטע רעליגיעזע קבוצות אין א״י: אין 1923 איז אויפגעשטעלט געוואָרן די קבוצה „שמואל" אויפן נאָמען פון ר׳ שמואל מאָהליווער, און די קבוצה „ריינעס",ביידע אין פּתח תקוה. מיט אַ יאָר שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן די קבוצה „יהודה הלוי" און קירצלעך — די קבוצה „חתם סופר", און ווידער אין פּתח תקוה. אַזוי אַרום איז פּתח תקוה געוואָרן די „מוסטער־קבוצה" פאַר אַלע אַנדערע רעליגיעזע קיבוצים.

אגב האָט נאָך פאַרן ערשטן וועלט־קריג אַ דייטשער איד, אַ חובב ציון, הרב אריה סילוואַנד, אָפּגעקויפט אַ שטיק לאַנד פאַר רעליגיעזע קיבוצים. לעצטנס געפינט זיך דאָרט די קבוצה „כפר אברהם", וועלכע איז אַ „מוסד עליה וישיבת תורה ומלאכה". אַביסל שפּעטער זענען צוגעקומען די קיבוצים אין חדרה אויפן נאָמען פון הרב צבי הירש קאַלישער ז״ל. מען האָט אָנגעפאַנגען פלאַנצן טאַבאַק. פיל עולים האָבן גענומען שטראָמען אין גליל העליון והתחתון.

ווייטערע רעליגיעזע סעטלמענטס זענען געווען די קבוצה פון „נציב" אין ראש פינה, אויפן נאָמען פון הרב נפתלי צבי יהודה בערלין, די קבוצה „חיים" און „התקוה" אין דרום יבנה. אַ גרויסער טייל פון ראש פינה זענען געווען חברים פון הפועל המזרחי.

שפּעטער איז צוגעקומען אַ קיבוץ אין „כפר חטין" פון הפועל הדתי, הגם דער עקספּערימענט האָט זיך ניט גוט איינגעגעבן. ווייל ס׳האָט געפעלט לאַנד, און די אַרבעט האָט זיך ניט געקענט אַנטוויקלען געהעריק... אַזוי איז אָנגעגאַנגען דער לאַנגזאַמער און שווערער פּראָצעס פון רעליגיעזן קיבוץ און קבוצה, ביז דער הפועל המזרחי האָט אויפגעשטעלט אין שדה יעקב, דעם ערשטן מושב...

די הויפּט־אויפגאַבע פון מזרחי חלוצים איז נאַטירלעך געווען צוציג־גרייטן דעם באָדן, אַלס תנאי קודם למעשה... די אומשטענדן זענען ניט געווען צו גוט פאַר זיי. די אַראַבישע שנאה האָט זיך שטענדיק געלאָזט פילן זייער שטאַרק. דערצו זענען געקומען אַנדערע סיבות, ווי טריקעניש, קראַנקהייטן פון הויז־חיות, מאַלאַריע, און אַנשיקענישן, וועלכע האָבן ניט דערמוטיקט גרויסע צאָלן פרומע חלוצים צו קומען.

לאַנגזאַם האָט מען געבויט אַ הויז נאָך אַ הויז, אַ קיבוץ נאָך אַ קיבוץ. אַט האָט מען פאַרפלאַנצט אַ וואַלד אויפן נאָמען פון ר' שמואל חיים לנדוי, דעם פירער פון דער תורה־ועבודה באַוועגונג, וועלכער איז ליידער אַזוי פרי נפטר געוואָרן! אין שדה יעקב האָט מען אויפגעשטעלט אַ מוסד פאַר קינדער „נוה עמיאל" אויפן נאָמען פון תל אָביבער רב מ. א. עמיאל ז"ל וואָס איז שפּע־טער געוואָרן אַ חינוך־אינסטיטוציע פאַר יונגע עולים.

בעת דער פערטער עליה זעט מען שוין רעליגיעזע סעטלמענטס פון חסידים, וועלכע האָבן אויסגעקליבן דעם מזרח־טייל פון עמק זבולון, וואָס האָט געצויגן אין יענער צייט פיל אויפמערקזאַמקייט. יונגע רביים, ווי דער קאָזע־ניצער רבי און דער יאַבלאָנער רבי האָבן פאַרלאָזן זייערע חסידישע טישן און הייפן, און עולה געווען קיין א"י. ערשט דאַן האָט דער קרן היסוד באַשלאָסן צו קומען זיי צו הילף ביי יעדן נייעם אָנפאַנג. ס'האָט ניט לאַנג גענומען, און עס איז אויסגעוואַקסן דער כפר פינס אין יאָר 1927, און גלייכצייטיק אויך אַ קליינער משק פון הפועל המזרחי. כפר פינס איז אויף דער גרענעץ צווישן די אַראַבער און אידן. נאָך אַ צוויי יאָר איז כפר פינס אַריין אין בודזשעט פון דער אַגענטור.

שפּעטער איז צוגעקומען באָדן פון אויסגעלייזטן עמק יזרעאל, דערנאָך דער עמק חפר, וועלכן די קאַנאַדער אידן האָבן אויסגעקויפט. עמק חפר איז אין האַרץ פון עמק השרון, און איז געווען באַקאַנט אַלס „ואדי חוארית", אַלס בריק צווישן צוויי ישובים־קרייזן — פון שרון און שומרון *.

אין כפר הרועה איז אויפגעשטעלט געוואָרן די ערשטע ישיבה „בני עקיבא" און ניט ווייט פון דער ישיבה — דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קינדער־מוסד „יקיר".

בסך הכל זענען פאַר דער צייט, זינט די מדינה איז פּראָקלאַמירט גע־וואָרן, אַנטשטאַנען אַרום אַכציק פּונקטן, וואָס יעדער האָט געהאַט מינימום 23 דונאַם לאַנד. היינט איז די צאָל אין די טויזנטער, און עס איז זייער ווייניק

---

* מער פּרטים וועגן עמק־חפר זע קאַפּיטל: קאַנאַדע און קק"ל.

פלאַץ פאַרבליבן פאַר נייע עולים אין די דאָזיקע קיבוצים און מען מוז שאַפן נייע.

פון די שפּעטערע קיבוצים איז כדאי צו דערמאָנען כפר יעבץ, ביי פּתח תקוה, און כפר חסידים. דער אירגון „נחליאל" איז אַריבער צו כפר יעבץ. די ערשטע תקופה האָט זיך פאַרענדיקט מיט „כפר הרואה" אַלס רעליגיעזער סעטל־מענט. די תקופה האָט זיך געצויגן 7 יאָר, זינט שדה יעקב איז געשאַפן געוואָרן. דער בוי־פּראָצעס איז געווען זייער אַ לאַנגזאַמער און אַ שווערער.

דער רעליגיעזער קיבוץ האָט בכלל געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס אין דער ראָם פון רעליגיעזן ציוניזם האָט עקזיסטירט און שטאַרק גע־ווירקט „המזרחי הצעיר הארץ־ישראלי", וועלכער האָט פאַראייניקט פיל רעליגיעזע יוגנטלעכע סאַברעס, וואָס האָבן געפונען פאַר גוטיק אויפצו־שטעלן אייגענע קבוצות אין דער הסתדרות המזרחי אין א"י. דער „המזרחי הצעיר" האָט גענומען אַרויסווייזן פיל איניציאַטיוו, און איז געקומען צום הסכם: גאולת ישראל וועט קומען דורך לייזן די רעטעניש פון לאַנד־אַרבעט, און דורך אויפשטעלן אַלץ מער און מער אייגענע דערפער. די ילדי־ירושלים האָבן אָבער אָנגעטראָפן זייער שווערע באַדינגונגען, און באַשלאָסן צו גרינדן דעם „קרן בנין והכשרה", וואָס זאָל פאַר זיי שאַפן הילף. וואָס מער ס'איז געוואַקסן די צאָל קבוצות און רעליגיעזע חברים, אַלץ מער האָט זיך געשאַפן אַ נויטווענדיקייט פאַר אַן אירגון מרכזי — אַ צענטראַלער אַפּאַראַט פאַר אַלע רעליגיעזע סעטלמענטס. אַזוי איז געקומען צום לעבן דער „חבר הקבוצות של הפועל המזרחי", באַשטייענד לכתחילה פון 3 קבוצות מיט אַ 200 חברים. תיכף איז צוגעקומען די קבוצה „אריה" שוין פון עלטערע חברים, און אַ קבוצה פון עולים פון דייטשלאַנד און טשעכיע, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „רמת־השומרים" אין פרדס חנה. דער ציל פון די רעליגיעזע, ווי פון די ניט־רעליגיעזע, איז געווען „עבודה־עצמית" — אייגענע אַרבעט, ד. ה. ניט באַנוצן זיך מיט פרעמדע הענט. די פּלאַטפאָרם פון רעליגיעזן קיבוץ איז געווען כמעט די זעלבע, ווי פון די אַלע אַנדערע קיבוצים, און דאָס האָט געמיינט: אַ סאָציאַליסטישער פרינציפּ, מיט אַ נאַציאָנאַל־ציוניסטישער, מיט אַ רעליגיעזער מאָטיוו. די דריי באַגריפן זענען געוואָרן איינס. נאַטירלעך, איז דער סאָציאַליזם פון רעליגיעזן קיבוץ אָדער מושב ניט דער זעלבער, וואָס פון קאַרל מאַרקסן. עס איז אַ רעליגיעזער סאָציאַליזם, וועלכער זוכט אויסצובעסערן די שוואַכקייטן פון דער געזעלשאַפט אויף די יסודות פון תורה, און זען פאַרווירקלעכן יענע האַפענונגען, וועלכע מען האָט אין גלות ניט געקענט דערוויַזן צו רעאַליזירן.

מיט אַנדערע ווערטער — דער רעליגיעזער קיבוץ האָט תמיד גע־שטרעבט צו דערהאַלטן אין רעליגיעזן לעבן אַלע דאָגמעס און כללים פון

דער פאַרגאַנגענהייט און הווה, לויטן רעליגיעזן צוגאַנג צום לעבן. ניט נאָר פּריוואָט האָט די קאָנצעפּציע געדאַרפט ווירקן, נאָר אויך פאַרן כלל, פאַרן ציבור, ווייל פון פּרטים ווערט אַ כלל, און דער כלל דאַרף פאַרענטפערן אַלע ספקות, שאלות און וואַקלענישן, אויפן סמך פון דער תורה.

אַ העכסט־וויכטיקער קאַפּיטל פון רעליגיעזן קיבוץ איז איינגעשריבן געוואָרן אין דעם 10־יאָריקן צייט־אָפּשניט פון צווישן 1937—1947, אָנפאַנ־גענדיג פאַקטיש אַ פּאָר יאָר פאַר דעם אויסברוך פון 2טן וועלט־קריג. עס איז געגרינדעט געוואָרן די קאָלאָניע „טירת צבי" וועלכע איז צושטערט געוואָרן מיטן אויסברוך פון דער „באַפרייאונגס־מלחמה". מען וואָלט געקענט די דאָזיקע תקופה אָנרופן אַלס „תקופת הביניים" אין דער געשיכטע פון רעלי־גיעזער קאָלאָניזאַציע. אויב אין די פריערדיקע צען יאָר איז געשאַפן געוואָרן אַ נעץ פון מושבים, איז אין דער נייער פּעריאָדע דער קיבוץ געשטיגן צו נאָך אַ העכערער מדריגה. אין טאָג פון הערצל־ביאַליקס־יאָרצייט, כ"א תמוז תרצ"ז, איז אַרויף די ערשטע רעליגיעזע קבוצה אויפן באָדן אין דרום פון בית שאן, וואו טירת צבי, אַלס די נייע נקודה איז באַשטימט געוואָרן פאַר מיליטערישע צוועקן. טירת צבי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר האַרציקער חבר'שאַפט. אין דער צייט פון באַפרייאונגס־קאַמף האָט טירת צבי ניט געליטן, ווייל דאָרט האָבן כמעט אַלע רעליגיעזע חלוצים באַקומען זייער הכשרה. אָבער דער ביטערער שיקזאַל האָט געטראָפן טירת צבי דווקא ביים סוף פון מאַנדאַט. דער קיבוץ איז געפאַלן, פאַראורזאַכנדיק פיל פאַרוואונ־דעטע צווישן די אָנפאַלער. איין חבר נפתלי פרידלאַנד ע"ה, איז אומגעקומען.

קבוצת „אריה" איז געשאַפן געוואָרן פון אַ רעליגיעזער יוגנט גרופּע, וואָס איז געקומען דורכן „מפעל עלית הנוער", און אויך דער סעטלמענט האָט דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס...

וועגן דעם קיבוץ „יבנה" וועלן מיר דאָ נאָך צוגעבן, אַז די סביבה פון יבנה, וועלכע איז געווען איינער פון די צענטראַלסטע פּונקטן פון התישבות ביים סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט האָט געהאַט אַרום זיך „ראשון לציון", רחובות, „נס ציונה" און עקרון. ערשט דאַן איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצוליזן יבנה אויף אַ קאָנקרעטן און דעצידירנדן אופן, ווייל יבנה האָט געהאַט אַ נאַציאָנאַל רעליגיעזן יסוד, זינט די צייטן פון ר' יוחנן בן זכאי...

עס לאָזט זיך ניט אויסרעכענען די אַלע קיבוצים און מושבים פון רעליגיעזן ציוניזם. דאָ קומען צו די קיבוצים „משואות יצחק", די קבוצה „עין שורים", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך די בני עקיבא; דער מושב „הזורעים" פון הפועל המזרחי, און אַנדערע. אַזוי ציט זיך די קיבוץ און קבוצות טעטיקייט דורך די אַלע יאָרן; היינט צו טאָג איז דער רעליגיעזער קיבוץ־עלעמענט איינער פון די חשובסטע אין דער געשיכטע פון בנין־הארץ.

נאַטירלעך זענען צוגעקומען טשעכישע, רומענישע און אַנדערע אידן, וועלכע האָבן זיך געטוליעט צו די מושבים און קיבוצים. אָבער עס איז ניט אונזער ציל און אויפגאַבע צו שרייבן די פולע געשיכטע פון התישבות. דער רעליגיעזער יוגנט־עלעמענט, וואָס האָט געהערט צו די בני עקיבא, החלוץ המזרחי און הפועל המזרחי — זיי אַלע האָבן זייער פיל בייגעטראָגן צום קליטה־פּראָצעס, און דווקא אין אַזעלכע פּונקטן, וועלכע זענען געווען אויסגעשטעלט צו געפאַרן. דער דת־תורה פּרינציפּ פון גערעכטיקייט און יושר, דאָס געדענקען די הבטחה, וואָס די תורה האָט געגעבן, אַז אידן וועלן ירש׳ענען דאָס לאַנד, און ארץ ישראל וועט האָבן אָנגעפילטע גאַסן מיט קינדער פרייד; אַז מען וועט פלאַנצן ווייגגערטנער און עסן די פּרוכט, און אידיש לעבן וועט קוועלן אין די אָדערן — דאָס איז געווען דער אינערלעכער מאָראַלישער און גייסטיקער כוח, וואָס האָט באַוואָפנט די אידיש־רעליגיעזע יוגנט מיט מוט און קוראַזש, ניט אָפּצושרעקן זיך פאַר קיינע שונאים, נאָר גיין פאָראויס, גיין און זיגן.

אַודאי האָט די אגודת ישראל און פועלי אגודת ישראל בייגעטראָגן זייער וויכטיקן חלק, אַלס רעליגיעזע יוגנט, און זייער ביטראַג איז נאַטירלעך פון באַזונדער חשיבות פאַר ארץ ישראל.

אין סך הכל — די רעליגיעזע קיבוצים האָבן נאָך עד היום זייערע ספּעציפישע פּראָבלעמען. די שווערסטע זענען — די צוקונפט פון די קינדער; ווי זאָל מען זיי דערהאַלטן אין קיבוץ? ווי זאָל מען פאָרזעצן די טראַדיציע פון קיבוץ, וואָס דאַרף זיין אי רעליגיעז און אי קיבוץ, אין פולן זינען פון וואָרט?

ווי שאַפט מען מיטלשולן פאַר קינדער, און וואו קריגט מען געהעריקע לערער?

שיקן די קינדער אין די שטאָטישע מיטל־שולן, מיינט איבעררייסן זייער פאַרבינדונג מיטן קיבוץ. דאַקעגן איז אוממעגלעך פאַר אַ קיבוץ אויסצוהאַלטן אַ מיטל־שולע. דער אויסוועג פון אָפּטיילן די קינדער פון ניט רעליגיעזע חברים, איז ווידער אַ העכסט אומאָנגענעמע אויפגאַבע... די אַטמאָספערע מוז דאָך זיין אַן אַלגעמיינע, לעבן צוזאַמען, און ניט זיין איזאָלירט... אויב ניט, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דער טערמין „מיזוג גלויות״? באַזונדערס עקזיסטירט אַ פּאָרגעפיל, אַז פיל רעליגיעזע חלוצים וועלן ניט צוקומען אַזוי שנעל, ווייל דער גרויסער רוב פון נייע עולים זוכט ניט דעם קיבוץ, און ווייל זיך אויסלעבן זעלבסטשטענדיק. די צייט פון קיבוץ־ראָמאַנטיק איז פאַרביי; מוז מען דעריבער טיפער פאַרוואָרצלען אין דער יוגנט דעם געדאַנק, אַז זי מוז זיך ווייטער אויסלעבן אין קיבוץ, וואו עס איז אַלץ פאַראַן, אָדער אַלץ קאָן

זיין... דער קיבוץ דאַרף מאַכן זיין נייעם פעסטן באַשלוס: אויס שטאָט! מען מוז ווייטער בלייבן אין קיבוץ.

בלייבנדיק אָבער אין קיבוץ, פילט מען אַ מאַנגל אין רבנים. עס קומען אויף הלכה־פראַגן, וועלכע מען וויל פאַרענטפערן אויפן אָרט, און ניט דאַרפן אָנקומען צו די רבנים אין די אַרומיקע שטעט. דאָס זעלבע איז וועגן שאלות טריפה אָדער כשר. מען מוז גלייך האָבן דעם ענטפער פון אַ רב... און וואו איז אַ ברית־מילה, אַ חתונה, אַ פדיון הבן, אַ לוויה ר״ל?... און ווער וועט לערנען אַ בלאַט גמרא אָדער זאָגן אַ שיעור?

ס׳איז שוין פאַראַן אַ מיינונג, אַז אפילו דער רב, דער מנהיג רוחני, דאַרף זיין אַ פּראָדוקט פון קיבוץ. עס פעלן אויך ניט אויס נאָך אַ סך שווערע פּראָבלעמען פאַרן רעליגיעזן קיבוץ. אויך די מכה פון פּאַרטייען מיידט ניט אויס דעם קיבוץ, און דאָס איז אַ באַזונדער צרה, פון וועלכער רעליגיעזע קיבוצים און מושבים שטרעבן צו באַפרייען זיך...

דער קיבוץ בכלל, און דער רעליגיעזער קיבוץ בפרט, האָט נאַטירליך געגנוג זאָרג און שוועריקייטן ביים אָנגיין מיט זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. די יוגנט איז אַ גרויסע און שווערע פּרשה פאַר זיך. בלויז די צייט וועט מעגליך געפינען אַ לייזונג אָדער אַן ענטפער צו די אַלע שוועריקייטן. עס וועט זיך מוזן אויסקלאָרן דער קיבוץ־הימל. אַזוי האָבן מיר דעם ענין אויפגעפאַסט בעת אונזערע באַזוכן אין אייניקע מושבות און קיבוצים. קיין מאָמענטאַלער ענטפער על רגל אחת איז ניט פאַראַן און דעריבער וועט די צייט אַליין מוזן היילן די אַלע שווערע פּראָבלעמען, אָבער ביז דאַן — תיקו!...

זיבעציקסטער קאַפּיטל

## צו וואָס אַזוי פיל פּאַרטייען אין ישראל?

**די פּאַרטיי־„מחלה" וואָס ווירקט שעדליך אויפ'ן געזונט און גייסט פון דער מדינה. — בן גוריונ'ס שטרעבונג צו דערפירן צו אַ פּאַרטיי־סיסטעם, ענליך צו אַמעריקע, ענגלאַנד קאַנאַדע א. אַ. דעמאָקראַטישע לענדער. — די קאַמפן אין שלום־צייט, און דער פאַראייניגטער כוח אין סכנה־מאָמענטן.**

צי מען וויל, צי מען וויל ניט, זייענדיק אין ישראל מוז מען זיך אָנטרעפן אויף די פאַרשידענע פּאַרטייען, זייערע פירער און קעמפער, און מען דערפילט אַ מערקווירדיקן ביי־טעם נאָך אַזעלכע געשפּרעכן, אַרגומענטאַציעס און אויספירונגען... יעדער פּאַרטיי חבר זוכט צו באַרעכטיקן די האַנדלונג פון זיין פּאַרטיי, מעג עס זיין קרום, עקשנות'דיק און פּשוט בלינד. אָפּגערעדט פון די פירער פון די עטשפּרעכנדע פּאַרטייען, זענען אַלע מיטגלידער דורכ־גענומען מיט'ן זעלבסטבאַוואוסטזיין, אַ זייער פּאַרטיי איז די גערעכטעסטע, די קליגסטע, די אויסגעהאַלטענסטע, און אַלע אַנדערע זענען פאַרבלענדט, און האָבן ניט קיין ריכטיקע אָריענטאַציע...

דאַרף מען ניט זיין קיין נביא, קיין חוזה, נאָר אַ פּשוט'ער בשר ודם, אום צו פאַרשטיין, אַז פאַרוואַנדלען אַ פּאַרטיי פּראָגראַם אין אַ לעבנס־קולט, אַוועקשטעלן די פּאַרטיי איבער אַלע אַנדערע טויזנטער פּראָבלעמען, איז נאַאיוו, באַגרענעצט, און זונדערט אָפּ דעם מענטש פון קומען אין נאָענטע, ברידערליכן קאָנטאַקט מיט אַ צווייטן אויב יענער איז אַ חבר פון אַ וועלכער עס איז אַנדער פּאַרטיי, אָדער ריכטונג...

מיר האָבן מיט אַ שווער געמיט אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אַז די גרויסע צאָל פּאַרטייען איז אַ גרויסע צרה פאַר ישראל! אין די תפוצות איז דאָס אויך ניט גוט, אָבער ניט אַזוי שעדליך, ווי אין ישראל. נאָך מער וואונדער איז דאָס, וואָס אחינו בני ישראל האָבן שוין צוגעזען די אומגליקן אין פוילן, אין פראַנקרייך א. א. לענדער, וואו פּאַרטיי־רייסערייען האָבן זיי שיער ניט אומגעבראַכט! מיר האָבן נאָך פאַרשטאַנען פּאַרטיי־צאַנקערייען, ווען מען איז געווען אויפ'ן וועג צו דער אידישער מדינה, און מען האָט נאָך געאָטעמט די לופט פון פוילן, פראַנקרייך וכדו' אַזעלכע לענדער, וואו פּאַרטיי־געגנערשאַפט האָט פאַרצערט דעם וואויל פון זייערע בירגער. ווען מען איז שוין אָבער אין דער אייגענער מדינה, און מען מוז כסדר שטיין אויף דער וואַך, אָפּהיטן אירע גרענעצן, שיצן די בירגער, שאַפן לעבנס־מעגליכקייטן פאַר'ן

פאָלק השוכן בציון, — זאָל מען נאָך אַלץ אָוועקגעבן אַזוי פיל צייט, מי, ענערגיע און געזונד פאַר פאַרשידענע פאַרטיי־פּראָגראַמען, בפרט, אַז געוויסע פאַרטייען האָבן אַ סך אידענטישקייט צווישן זיך, דאָס איז לגמרי געוועזן אומ־פאַרשטענדליך פאַר אונז; איז עס טאַקע אַבסאָלוט נויטיק צו פירן פאַרטיי־חשבונות בעת וואַלן, אָדער ביי יעדער אַנדער געלעגנהייט? איז דאָס ניט פיינליך, פאַרדריסליך און עגמת נפש׳דיק!?

דער טיפערער באַאבאַכטער קאָן פשוט ניט משיג זיין, פאַרוואָס היינט, ווען מען איז שוין אין „דערהיים״ ביי דער אייגענער מוטער „ציון״, זאָל מען נאָך פירן אַזאַ צושפּליטערונגס קאַמף, וואָס גראָבט אונטער דעם עקאָנאָמישן, מאָראַלישן און פּאָליטישן פּרעסטיזש פון דער מדינה!?

ווי אַנדערש וואָלט געקענט אויסזען די יונגע מדינה׳לע, ווען עס הערשט אין איר אינערליכער שלום־בית? וואָס פאַר אַן איינדרוק וואָלטן געהאַט די דיפּלאָמאַטן פון די פרעמדע לענדער, ווען זיי וואָלטן צוגעזען אַ מער סאָלידאַריש, פּאָליטיש רעגולירטן לעבן פון די בירגער אין ישראל, און וואָלטן בעסער באַגריפן די לעבנס־נויטווענדיגקייט פון אידישן פאָלק, צו האָבן זיין אייגענעם ווינקעלע אונטער דער זון, וואו ער קאָן ענטוויקלען פריי און אומגעשטערט זיין גרויסע קולטור־ירושה פון טויזנטער יאָרן, און ביישטראָגן צו דער מאָדערנער וויסנשאַפט און ציוויליזאַציע זיינע גרויסע פּאָטענצן, וואָס ער פאַרמאָגט?

נאָך מער איז געווען פאַרדריסליך, וואָס די קאַפּיטאַנען פון די גרויסע פאַרטייען גיבן אַליין צו שטילערהייט, אַז די פאַרטיי־מחלה איז ממש אַ נעגאַ־טיווע ערשיינונג אין ישראל, ניט רעדענדיק שוין וועגן דעם, וואָס בן גוריון איז גרייט געווען מבטל צו מאַכן אפילו די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אָנרופענדיק זי אַלס „רושטאַוואַניעס״ צו אַ בילדינג, וועלכער איז שוין אויסגעבויט געוואָרן, און אַלע צוגרייטונגס־מיטלען זענען היינט איבריק...

נאָכטראַכטענדיק וועגן דעם ענין, זענען מיר געקומען צו דער מסקנא, אַז פאַרטיי־פּאָליטיק איז עפּעס אַ באַזונדער סאָרט „ספּאָרט״, וואו יעדער פירער, אָדער וועגווייזער וויל דווקא דערווייזן, אַז זיין פאַרטיי איז די שענסטע און די פּראַקטישסטע, און אַלע אַנדערע זענען פאַרבלאָנדזשעטע סילועטן, וואָס קענען נעבאָך ניט געפינען דעם ריכטיקן וועג...

גייען מיר ניט חלילה באַשולדיקן קיינעם פון די פאַרטייען, און ווילן אויסמיידן „לשון הרע״ אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, ווייל אין לעצטן סך הכל זענען דאָך אַלע, ווער מער און ווער וועניקער, שולדיק אין אַזאַ מצב. פרעגט זיך דאַריבער: „עד מתי״? ווי לאַנג נאָך וועט מען פראַוון „טישן״ באַזונדער און האַלטן זיך איזאָלירט איינער פון צווייטן? מיר האָבן געטראָפן אפילו אַזעלכע פאַרביסענע פאַרטיי לייט, וואָס וואָלטן ניט אַ קרעכץ געטאָן, ווען מען קומט און מען מעלדעט זיי, אַז איבער נאַכט האָבן זיך צוויי אָדער דריי פאַרטייען ליקווידירט צוליב וועלכע עס איז אורזאַכן... די צופרידענע

וואָלטן דאָן גלייך געגומען חשבונ׳ען, וואָס און וויפיל קאָנען זיי געווינען פאַר זייער פּאַרטיי? זיי וואָלטן גלייך גענומען קאַלקולירן, וויפל מער מאַנדאַטן מען וואָלט באַקומען אין די נעקסטע כנסת־וואַלן...

דער פאַקט איז, אַז די אמת׳ע פירער פון דער מדינה זענען גאַרניט באַגייסטערט פון דעם פּאַרטיי־אָרקעסטער, ווייל פעהיקע מענשן וואָלטן סיי ווי געקומען אין באַטראַכט, ווען עס וואָלט זיך געשאַפן אַ נויטווענדיגקייט אין זיי, און ניט סתם, ווייל מען געהערט צו דער אָדער יענער „איינפלוסרייכער" פּאַרטיי.

ווען ישראל באַפרייט זיך פון דעם „מנין" פּאַרטייען, אויב ניט מער, און בלייבט נאָר ביי 2, אָדער העכסטנס 3 פּאַרטייען, וואָלט די מדינה שנעל אויסגעהיילט געוואָרן פון דעם שעדליכן מיקראָב, און וואָלט דעם גרויסן שטראָם פון ענערגיע פאַרקירעוועט אין יענע ווינקעלאך, וואו עס פאָדערט זיך נאָך פיל אַרבייט און ענערגיע, אָבער צוליב מאַנגל אין צייט, געדולד און הרחבת הדעת, קומט מען צו זיי ניט צו!...

ווען מען שפּאַצירט אין ישראל, און מען מערקט ווי פון אַלע זייטן, ציהען זיך דראָטן פון גרענעצן, און פיינטליכע אַראַבישע אויגן קוקן בייז אַן, זייענדיק גרייט צו שיסן, זעהען דאַן אויס די אַלע פּאַרטיי אָנשיקענישן לעכערליך און שעדליך! אָט פאַרוואָס מיר האָבן באַשלאָסן איינצוגלידערן אַ באַזונדער פּרק אין דעם בוך וועגן דער ראָל פון די פּאַרטייען אין ישראל, און פאַרצייכנען זייער יחוס, אָפּשטאַם און דערגרייכונגען.

## הסתדרות הכללית של העובדים העברים בארץ ישראל

אונטער׳ן באַגריף „הסתדרות" ווערט פאַרשטאַנען אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, מיט פאַרשידענע פונקציעס און אויפגאַבן. עס זענען אייגענטליך פאַרהאַן פיר באַזונדערע צענטראַלע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס: די אַמערסטנס באַוואוסטע „הסתדרות הכללית", הסתדרות הפועל המזרחי, הסתדרות לאומית און פועלי אגודת ישראל. יעדע פון די פיר אויסגערעכנטע אָרגאַניזאַציעס פירט איר אייגענע „בוכאַלטעריע", און שפּילט אַ געוויסע ראָל אין לעבן פון ישראל־אַרבייטערשאַפט. אין דער שפּיץ אָבער פון גאַנצן אַרבייטער אַפּאַראַט, פון עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און גייסטיקן לעבן פון דער מדינה, שטייט די „הסתדרות הכללית של העובדים העברים בא״י", וועלכע איז די גרעסטע און מעכטיקסטע קערפּערשאַפט, פריי פאַר אַלע אַרבייטער, אפילו פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס ווילן זיך אָנשליסן אַלס יחידים, און זענען גרייט צו צאָלן צווישן 3 און $4.1/2$ פּראָצענט פון זייערע שכירות. דער דאָזיקער אָפּצאָל דעקט אַלע זייערע פאַרפליכטונגען אַלס מיטגלידער, געזונטהייט און געזעל־שאַפטליכע לייסטונג. די הסתדרות איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1920, און

פאַר אירע 45 יאָר איז זי געוואָרן דער מעכטיגסטער אַפּאַראַט אַ דאַנק איר פּיל פאַרצווייגטער טעטיגקייט. דער פאַקט, וואָס בעת איר געבורט האָט די הסתדרות געציילט נאָר אַ 5.000 חברים, פון אַ באַפעלקערונג וואָס האָט געהאַט אַ הונדערט טויזנט נפשות, וואָס האָט דאַן אויסגעמאַכט אַרום 5% פון ישוב, האָט היינט די הסתדרות מענער און פרויען, וועלכע זענען נאַטירליך אויך מיטגלידער, צוזאַמען קנאַפּע 900 טויזנט נפשות, ד. ה. איבער אַ העלפט פון דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג, פון וועלכער אַ 30 טויזנט זענען אַגב אַראַבער.

ביי דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה זענען געווען קנאַפּע 200 טויזנט חברים, און פאַר די לעצטע 18 יאָר איז די צאָל אויף פיר מיט אַ האַלב מאָל פאַרגרעסערט געוואָרן, ד. ה. 900 טויזנט מיטגלידער.

די הסתדרות האָט געהאַט שווערע אויפגאַבן ביים רעגולירן דעם שטראָם פון נייע עולים, איינגלידערן זיי אין ישוב, זאָרגן פאַר זייערע היימען, אַרבייט, געזונטהייט און ערציהונג; שאַפן געוויסע אינדוסטריס, אַלס קוואַלן פון פּרנסה, אויסברייטערן די לאַנדווירטשאַפט, באַזאָרגן מעדיצינישע הילף פאַר דער באַפעלקערונג, ערציהונג פון יונג און אַלט, און ביי דעם אַלעמען — אָנהאַלטן אַ טרייד יוניאָן סיסטעם...

דער ענין פון געזונטהייט און מעדיצינישער השגחה האָט אויך געבראַכט צו דער הסתדרות חברים פון הפועל המזרחי, וועלכע זענען פאַרזיכערט אין פאָלן פון קראַנקהייטן, און אַ דאַנק זייערע אָפּצאָלונגען, זענען זיי פולשטענדיק באַרעכטיקט און פאַרטראַטן אין דער טרייד־יוניאָן־סעקציע פון דער הסתדרות. דער הפועל המזרחי ציילט קרוב צו 80 טויזנט חברים, און פאַרמאָגט אייגענע עטליכע און זיבציק אַגריקולטורעלע סעטעלמענטס, דאַרונטער 12 קיבוצים, 27 מושבי־עובדים, 5 צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס פאַר עולים, ערציהונג, התיש־בות א. א. וו. די דערמאָנטע קיבוצים און מושבים באַלאַנגען צו דעם מאַרק פונ׳ם אַגריקולטור צענטער דורך „תנובה״, און צום איינקויף־צענטער פון המשביר המרכזי.

אויך די פועלי אגודת ישראל מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום 30 טויזנט רעליגיעזע אַרבייטער, זענען פאַרזיכערט אין דעם הסתדרות קראַנקן־פאָנד, און זענען אויך פאַרטרעטן אין דער טרייד יוניאָן סעקציע. זיי האָבן אויך אייגענע סעטעלמענטס, ערציהערישע און אַנדערע טעטיגקייטן. די 15 סעטעלמענטס פון פועלי אגודת ישראל, דאַרונטער 2 קיבוצים, 9 מושבי עובדים, איין מושב שיתוף און 3 קינדער דערפער, באַלאַנגען צום אַגריקולטור־צענטער, און באַנוצען זיך מיט „תנובה״ און „המשביר המרכזי״.

ווי ווערט אָנגעפירט דער אַפּאַראַט פון דער הסתדרות?

די הסתדרות, אַלס „אַ מלוכה אין אַ מלוכה״ פירט נאַטירליך איר אייגענע פּאָליטיק און אַלע חברים נעמען אנטייל אין די וואַלען צו דער הסתדרות קאָנווענשאָן, וועלכע באַשליסט דעם גאַנג פון דער ווייטערער טעטיקייט. די קאָנווענשאָן וואָס קומט פאָר איין מאָל אין פיר יאָר קלייבט אויס אַ גענעראל קאונסול, אַ „מ ו ע צ ה״, און אַן עקזעקוטיוו קאונסיל, וואָס הייסט „ו ע ד הפּועל״ וואָס קלייבט אויס דעם צענטראַל־קאָמיטעט, „וועדה מרכזית״. די הויפּט פליכטען און אויפגאַבען פון הסתדרות הכללית זענען:

> פאַרוואַרצלען דעם טרייד יוניאָניזם אין דער מדינה. אַוועק־שטעלען דעם אַרבייטער אויף זיין געהעריגער פּאָזיציע. געפינען דעם „שביל הזהב״ צווישען דעם אידישען און אַראַבישען אַרבייטער, וועלען שוין קירצליך זיין אַרום 300 טויזענד נפשות, און אויס־און זאָרגען פאַר דער פאַרבעסערטער לאַגע פון די אַראַבער, וועלכע מאַכען מער־וועניגער 10% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, זאָרגען וועגען דער ענטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער טעטיק־קייט, דער שייכות צווישען פּראָדוצענט און קאָנסומער. אָנפירען מיט דער גרויסער נעץ פון טראַנספּאָרט־מיטלען, און מיט אַנדערע איג־דוסטריעלע און פינאַנציעלע אינסטיטוציעס. זאָרגען פאַר עלטער־פּענסיעס, האָספּיטאַליזאַציע, בתי הבראה (קאָנוואלעסענט היימען), חינוך פון אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט א. א. וו.

נאַטירליך, האָבען אַנדערע פּאַרטייען אויך נאָכגעמאַכט די זעלבע, אָדער ענליכע פּראָצעדור, וועלענדיג געבען זייערע מיטגלידער אַלע פּריווי־לעגיעס און הנחות, ווי די הסתדרות, אָבער נאַטירליך זענען זיי קלענער אין פאַרמעסט און מעגליכקייטען.

וואָס אנבאַלאַנגט דער טרייד אַרבייטער באַוועגונג, ווערט זי אָנגעפירט דורך געקליבענע קאָמיטעטען, לאָקאַלע אַרבייטער קאונסילס און איבער אַ 30 נאַציאָנאַלע אַרבייטער יוניאָנס.

זיי רעגולירען די הויך פון די שכירות, לויט׳ן לעבנס־מיטעל אינדעקס; זעהען צו, אַז אַרבייטער זאָלען באַקומען באַצאָלט פאַר דער צייט פון קראַנק־הייט, אָדער באַצאָלען אַ געוויסע סומע ביים אָפּזאָגען אַן אַרבייטער. די הסתדרות האָט אויך אַ וועלפעיר פאָנד, וואָס רופט זיך „משען״, און אַ באַ־זונדערס גרויסע טעטיגקייטס פּראָגראַם פאַר פרויען און קינדער, מיט וועלכע עס פאַרנעמט זיך די „מועצת הפועלות״.

הסתדרות פירט אָן מיט אַ ריי קולטור־טעטיגקייטען, איינשליסענדיג קורסען פאַר עולים, וואָקיישאנאל טריינינג און נאַכט־קלאַסען פאַר דער

וואָקסענע, אַ דרוקעריי, צוויי טעגליכע צייטונגען אין העברעאיש און אידיש( וואָכענשריפטן, חודשליכע און פערטל יעהרליכע אויסגאַבען, זשורנאַלען א. א. וו. אויך אַ צאָל כאָרען, גרופּען פאַר פאָלקס-טענץ, און שטיצט אויך ישראל׳ס גרעסטע ספּאָרט אָרגאַניזאַציע „הפועל״.

אַלע עקאָנאָמישע טעטיגקייטען ווערען קאָנטראָלירט דורך דער אַלגע־מיינער קאָאָפּעראַטיווער אַסס׳ן, וואָס רופט זיך „חברת העובדים״, וועלכע האָט פונקט די זעלבע צאָל מיטגלידער, ווי די הסתדרות. די גרעסטע צאָל קיבוצים און מושבים זענען אָנגעשלאָסען אָן דער הסתדרות דורך דעם אַגרי־קולטור צענטער, וועלכער איז דער אויספיר אַפּאַראַט פון דעם לאַנדווירטשאַפט־ליכען אַרבייטער פאַרבאַנד, וואָס איז אַפּיליאירט מיט דער הסתדרות, און האָט איבער אַ פערטל מיליאָן חברים אין 550 קיבוצים, מושבים און מושבות.

אַנדערע וויכטיגע צווייגען פון דער הסתדרות זענען „סולל בונה״ — די גרעסטע הסתדרות אונטערנעמונג, וואָס גיט זיך אָפּ מיט בוי און געזעל־שאַפטליכע אַרבייטן, און ציילט 26 טויזענט אָנגעשטעלטע, מאַכענדיג אַן אומ־זאַץ פון אַ 300 מיליאָן פונט יערלאַך און איז פאַרבונדען מיט אַ קאָמפּאַני פון אויסערן לאַנד, וואָס פירט דורך וויכטיגע אַרבייטס־-פּראָיעקטען אין אַפריקע, אַזיע, מיטל מזרח און מאַכט געשעפטען אוי־ף אַרום קנאַפּע 100 מיליאָן פונט. סולל־ובנה האָט אויך אַן אָפּמאַך מיט אַן אינדוסטריעלער קאָמפּאַני, וואָס רופט זיך „קור״, און האָט פאַבריקן מיט אַ ניין טויזענד אַרבייטער און איר אומזאַץ איז אַרום 300 מיליאָן פונט (1963).

דער אַגריקולטור מאַרקעט „תנובה״ איז אַ קאָאָפּעראַטיוו פון באַזונדער חשיבות, און נעמט אַריין זיבציג פּראָצעט פון אַלע פאַרם־פּראָדוקטען, און שטרעבט צו פאַרגרעסערען כסדר דעם ישראל עקספּאָרט. אין יאָר 1963 איז דער אומזאַץ געווען 400 מיליאָן פונט. אויך דער „המשביר המרכזי״ שפּילט אַ גרויסע ראָל אין לעבען פון דער מדינה, ווייל ער איז דער הויפּט-צושטעלער צו די קיבוצים און מושבים און באַזאָרגט אַרום אַ 100 קאָאָפּעראַטיווע קראָמען. צוזאַמען מיט זיינע צוגאָב אינדוסטריעס מאַכט ער אַן אומזאַץ פון אַ 350 מיליאָן פונט יערלאַך. די הסתדרות האָט אויך 200 פּראָדוצענטען און לייסטונגס-קאָאָ־פּעראַטיוון, אויך 3 „באָס״-קאָאָפּעראַטיוון, וואָס באַדינען די שטאָטישע און אויסער שטאָטישע באַפעלקערונג. נאָך וויכטיגע צווייגען פון „חברת-עובדים״ זענען: די אַרבייטער באַנק, מיט דער אַמעריקאַנער אָנגעשלאָסענער קערפּער־שאַפט „הסנה״ א. אַ. אויף אונזער פראַגע, צי האָט הסתדרות וועלכע עס איז שאַפט „הסנה״ א. א. אויף אונזער פראַגע, האָט הסתדרות וועלכע עס איז שותפים? האָט מען געענטפערט, אַז זי אַרבייט מיט דער ישראל רעגירונג און מיט דער אידישער אַגענטור (סוכנות) אין דער „מקורות״ וואַסער קאָ., אין „צים״ (שיפען-געזעלשאַפט), וועלכע איז די נאַציאָנאַלע שיפען ליניע,

און מיט דער „אל על", נאַציאָנאַלע לופט ליניע, הסתדרות האָט אויך פּאַר־שידענע שותפים אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען.

אַלס אַרבייטער אָרגאַניזאַציע איז הסתדרות אפיליאירט מיט דער אינ־טערנאַציאָנאַלער קאָנפעדעראַציע פון „פרי טרייד יוניאָנס"; מיט דער „אינ־טערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיוו אַליאַנץ", און אַרבייט בכלל אין פולער האַר־מאָניע מיט אַלע אַרבייטס־באַוועגונגען איבער דער גאַרער וועלט. זי האָט אויך געשאַפן אין יאָר 1960 אַן אינסטיטוט פאַר אַפריקאַנער־אַזיאַטישע פעל־קער, און פירט אַן קורסען וועגן אַרבייט און קאָאָפּעראַציע פאַר 650 סטודענטען אין 53 לענדער.

די הסתדרות שטעלט צו דעם גרעסטען טייל פון אַרבייטס־קראַפט אין דער מדינה, און ברענגט אַריין דורך איר מיטגלידערשאַפט אַרום אַ דריטל פון אַלע נאַציאָנאַלע הכנסות אין אַלע אירע צווייגען. זי איז דער גרעסטער פּראָדוצענט אויפ'ן געביט פון לאַנדווירטשאַפט, און פאַרנעמט אויך דעם אויבנאַן אין דער שווערער אינדוסטרי, אין די בוי־טעטיגקייטען, אַ דאַנק וואָס זי האָט שוין פאַראינטערעסירט גרויסע אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע זענען געקומען קיין ישראל און געשאַפן דאָרט נייע אינדוסטריעס.

אַזוי אַרום איז די הסתדרות כמעט דער „שליסעל" צו אַלץ, וואָס בויט, שאַפט און פורעמט דעם געשטאַלט פון דער מדינה. ניט אומזיסט זענען אַלע פירער און „קאַפּיטאַנען" פון דער ישראל „רעפובליק", די יעניגע, וועלכע האָבען געטראָגען אַ ציגל צו אַ ציגל צום אויפבוי און פאַרעפסטיגונג פון דער מדינה, מיט אַלע חילוקי דעות, מיינונגס־פאַרשידענהייטען, צאַנקערייען און קריגערייען, — זענען דאָך זיי געווען די טרוימער, די חוטבי עצים ושואבי מים, ביז די מדינה איז דורך זיי פּראָקלאַמירט געוואָרען.

זיכער איז היינט ניט שווער צו קוקען, באַוואונדערען, אפילו נתפעל ווערען פון דעם גרויסען נס, ווען עס איז געשאַפן געוואָרען אַ „יש מאין", אָבער די קנייטשען אויף זייערע צעקאַרבטע שטערנס, די מאָזאָלנע הענט און די פיס וואָס הויבען זיך שוין ניט אַזוי לייכט צו טאַנצען די „האָראַ" — זאָגען עדות אויף דעם גרויסען היסטאָרישען פענאָמען, וואָס איז דורך זיי אויסגעווייטאָגט און אויסגעטראָגען געוואָרען, ביז עס איז געקומען דער פאַקטישער געבורט פון דער מדינה... די הסתדרות איז אין אַ גרויסער מאָס די „פאָטאָגראַפיע" פון ישוב, און עס איז זיך שווער פאָרצושטעלען דעם געבורט פון דער מדינה, אָן דער „הויב־אַם", וואָס רופט זיך „הסתדרות העובדים העברים בא"י".

נאַטירליך האָבען מיר ניט בדעה אויסצושעפען דעם גאַנצען אַרבייטס־פּראָגראַם, צילן און טעטיגקייטען פון דער הסתדרות, וואָס דאָס איז אַן

אַרבייט פאַר אַ באַזונדער בוך, אָבער פון די ראשי פרקים קאָן דער לייענער זיך שאַפן אַ געוויסן באַגריף וועגן דעם מהות און טעטיגקייט פון דער „הסתדרות הכללית". אַלס איינער, וועלכער האָט געוואָלט אָנטאַפּן דעם „דופק" פון אַרבייטענדן ארץ ישראל, און געפינען דעם „חוט־השדרה" פון דעם גרויסן אַרבייטס־אַפּאַראַט, וועלכער האָט קאָנצענטרירט אין זיין רשות אַ זעהר גרויסן טייל פון לעבן און שאַפן אין מדינת ישראל, האָבן מיר דאָ אָנגעוואָרפן נאָר די הויפּט־שטריכן פון דעם ריזיגן אינסטרומענט, וואָס רופט זיך „הסתדרות", און האָט שוין אָפּגעציילט 45 יאָר פון עקזיסטענץ. במילא, קאָן מען זען דעם גאַנצן „פרצוף" פון דער באַנייטער מדינה, אין ליכט פון טעטיגקייטן און דערגרייכונגען פון דער הסתדרות, ווייל זיי זענען געוואַקסן פּאַראַלעל, סיי אין מעשים און סיי אין מחשבה (גיכער אין פאַנטאַזיע), מיר וועלן איצט אַריבערגיין צו דער צווייטער פאַזע פון אַ גרויסצוגיגער אַרבייטס־־טעטיגקייט, צו דער אַזוי גוט־באַקאַנטער „מפלגת פועלי ארץ ישראל", אָדער ווי זי רופט זיך פאַרקירצט „מ פ א י", וועלכע איז די ישראל אַרבייטער פּאַרטיי, וואָס גיט דעם טאָן צו דער גרויסער אַרמיי אַרבייטער און בויער אין דער באַנייטער מדינת ישראל.

איין און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# די צאָל רעגיסטרירטע מיטגלידער אין מפא״י

**דער נאַציאָנאַלער קאָונסיל פון 200 חברים, און די עקזעקו־טיווע פון 60 חברים. — אירע דערגרייכונגען פאַר די 35 יאָר פון איר עקזיסטענץ, אַלס פאַראייניקטע קערפּערשאַפט פון „הפועל הצעיר״ און „אחדות העבודה״. — מפא״י פאַרטרע־טערשאַפט אין כנסת, מיט איבער אַ דריטל פון אַלע דע־פּוטאַטן. — איר גרויסע רעפּרעזענטאַנץ אין „הסתדרות״ אַלס צענטראַלער נערוו פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן.**

די מערכה פון דער מפא״י איז געווען פיל גרינגער, ווי פון דער „הסתדרות״, וועלכע איז געווען איר פאַרגייערין מיט אַ צענדליג יאָר פריהער. זי האָט שוין געטראָפן אַ רוטין פון אַרבייט, אַ רייפן מיינונגס־אויסטויש, געוויסע גרונדלאַגעס, וואָס האָבן פאַרלייכטערט דעם פּראָצעס פון ענטוויקלונג און אויפבוי פון דער אָרגאַניזאַציע. מיט אַנדערע ווערטער, די הסתדרות, וואָס איז שוין אַלט געוואָרען 45 יאָר, און דורכגעמאַכט דעם „ארבעים שנה אקוט בדור״, האָט געגעבן גייסטיגע און פּאַרטיי־יניקה צו דער מפא״י און אירע מיט־שותפים, וועלכע האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט די הויפּט־פּונקטען פון פּאָליטיש ציוניסטישען פּראָגראַם. נאַטירליך, איז די גרעסטע צאָל חברים פון מפא״י אָנגעשלאָסן אין דער „הסתדרות״, און עס איז אַפילו אָפט מאָל שווער פאַר אַ „שוואַכען״ פּאַרטיי־קענער צו געפינען קענטיגע גרעניצען צווישען הסתדרות און מפא״י... לייכטער איז דאָס צו מערקען אין די „שטרייט־פּונקטען״ וואו עס קומט אַמאָל פאַר אַ „צוזאַמענשטויס״, ווייל די טאַטעס פון דער הסתדרות ווילען ניט נאָכגעבען אין אַלץ מפא״י, וועלכע האָט ניט אַזוי שטאַרק געפּאַקט און געמאַזעלט, ווי די הסתדרות...

מפא״י האָט ניט געהאַט די אורשפּרינגליכע ווייטאָגען, ווי הסתדרות; ניט געהאַט אַזעלכע דעבאַטען פון א. ד. גאָרדאָן, אַ טרומפּעלדאָר, און פיל אַנדערע, וועלכע האָבן מיט גרויס אחריות געפלאַסטערט דעם וועג פון אַרבייטער־ציוניזם, דורך דער „הסתדרות״...

דאָס האָט דערמעגליכט דער מפא״י פאַר די לעצטע 35 יאָר פון איר עקזיסטענץ (זינט דעם יאָר 1930), צו שטעלען פעסטערע טריט אויף דעם גאַנצען שטח פון ציוניזם, אין דער אידישער אַגענטור, אין די פאַרשידענע פּאָליטישע קעמערלעך, וואו עס האָט זיך געשמידט שטילערהייט דער גורל פון דער קומענדער מדינה... אַריינקוקענדיג אין דער געשיכטע פון מפא״י,

אירע קאַמפּען און נצחונות,, זעט מען, ווי דער ישוב איז געוואַקסן געזעל־שאַפטליך, סאָציאַל, ערציהעריש און עקאָנאָמיש. די גרויסע עפּאָכע אין אידישען לעבען, דער הוראַגאַן פון נאַציזם איבער דער וועלט, דער קאַמף פון דעמאָקראַטיע געגען פאַשיזם, די אומבאַגרייפליכע אָנשטרענגונגען לטובת דעם קיבוץ־גלויות און דער עטאַבלירונג פון מדינת ישראל — דאָס איז דער רויטער פאָדים, וואָס קרייצט דורך די גרויסע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע טעטיגקייט פון דער פּאַרטיי, וועלכע האָט געשלאָגען זעהר טיפע וואָרצלען, ניט בלויז אין ישראל באַדען, נאָר אין אַלע תפוצות הגולה, וואו אידיש שטרעבען צו אַן אייגענער מדינה האָט זיך אַלע מאָל געפילט...

די „הסתדרות" אַלס די „מאַמע" פון מפא"י, קאָנען ביידע שטאָלץ זיין, כאָטש ניט אַלץ קוקט אויס אַזוי דאָ... דער הויפּט שטריך, וואָס הסתדרות און מפא"י האָבען אַרויסגעוויזען דורך די לעצטע 3—4 צענדליג יאָר, איז דאָס אַרייננעמען קאָלירען און פאַרבען פון אַנדערע ריכטונגען, און איינגלידערן זיי אין דער בשותפותדיגער אַרבייט. זיי האָבען געזוכט דעם וועג צו אַ דעמאָקראַטישען לעבענס־סיסטעם, מיט אַ העפטיגען טאָן פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט, לטובת די ישראל־אַרבייטער, הגם אינערליך איז מען נישט אַלע מאָל געווען אינגאַנצען איינפערשטאַנען איינע מיט די אַנדערע. עס זענען תמיד געווען אינערליכע און אויסערליכע רייבונגען צווישען די גרויסע צאָלען מיטגלידער, אַ סך פון זיי זענען אַריין אין דער מפא"י, איז ניט צוליב פּאַרטיי־הסכם, נאָר צוליב עקאָנאָמישע אויסרעכנונגען און פּריווילעגיעס...

מפא"י האָט זיך פאַרזיכערט מיט אַ מעכטיגער אייגענער פּרעסע („דבר" און אַנדערע צייטשריפטען). זי ציילט קנאַפּע 200 טויזענד חברים. דאָמינירט די קראַנקען קאַסעס, די אינערליכע רוה און אָרדנונג אין לאַנד. זי האָט די גרעסטע צאָל מיניסטאָרען און כנסת־מיטגלידער, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פּאַרטייען, דעריבער האַלט זי כסדר אָן די מאַכט, מיט דער קאָאָפּעראַציע פון די קלענערע פּאַרטייען, וועלכע קעמפען אויך פאַר זייער סטאַטוס און דער־פאָלג.

מפא"י האָט ביז איצט געפורעמט די פּאָליטיק פון דער מדינה, האָט רעגולירט דעם שטראָם עולים, האָט פאַרפעסטיגט די עקאָנאָמישע לאַגע פון לאַנד און איז אויך געווען אינסטרומענטאַל דורך אירע דיפּלאָמאַטען, צו שליסען פריינדשאַפט מיט אַ צאָל נייע־ענטשטאַנענע מדינות אין אַזיע און אַפריקע, געבענדיג זיי אַ סך עקאָנאָמישע און מאָראַלישע הילף, אַלס „עופה'לאך" אין דער משפחה פון פעלקער... די קיבוצים, מושבים און קבוצות פון מפא"י זענען אַ קאָלאָסאַלער פּרק אַן און פאַר זיך, און וועגען דעם האָבען מיר שוין באַזונדערס געשריבען. מפא"י טראָגט די הויפּט זאָרג פאַר שיצען די גרענעצען פון ישראל לייזן די פּראָבלעמען פו קליטה, עליה און חקלאות. איר גרעסטע אויפמערקזאַמקייט ציט דער נגב, וועלכער איז אַ לעבענס־פראַגע פאַר'ן גאַנצען ישוב.

זעלבסטפאַרשטענדליך, שפּילט זי די ערשטע פידל אין דער מדינה און האָט די גרעסטע צאָל דעפּוטאַטען אין כנסת און אין דער מיניסטאָרען ליסטע. נאָך 18 יאָר פון קיום המדינה איז נאָך אַלץ ידה על העליונה; זי האַלט דעם פּולס פון דער מדינה, כאָטש קיין אייגענע רעגירונגס מערהייט האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געהאַט, און מאַנעווורירט אַמאָל מיט די רעכטע, אַמאָל מיט די לינקע, אַמאָל מיט'ן צענטער, אָבער זי בלייבט דאָך אַלע מאָל ביים שליסעל פון דער מאַכט.

זי האָט אויך די אונדירעקטע הילף און קאָאָפּעראַציע מצד דעם „איחוד הקבוצות והקיבוצים", וועלכער איז די גרעסטע פעדעראַציע פון קאָלעקטיווע קיבוצים. זי האָט די מיטהילף פון דער תנועת־המושבים, וואָס איז די גרעסטע קאָאָפּעראַטיווע קיבוץ־באַוועגונג. אויך דער „הנוער העובד והלומד" — פאַר־אייניגט די יוגענד אין גייסט פון מפא"י, און אַלע צוזאַמען העלפען דירעקט און אונדירעקט דער מפא"י.

מפא"י איז דער פאַרבינדונגס פאַקטאָר פון „איחוד עולמי", וועלכער איז די וועלט־יוניאָן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער אידישער אַגענטור (סוכנות).

מיט אַנדערע ווערטער, מפא"י האָט פיל יונגע כוחות, וואָס קרעפטיגען איר פּרעסטיזש און שטאַרקען איר ראָל אין דער מדינה.

מפא"י'ס אויסערליכע פּאָליטיק צילט צו אַ שלום מיט די אַראַבער, באַזירט אויף די אומענדערליכע טעריטאָריאַלע גרעניצען פון די לענדער אין מיטל מזרח און געגענזייטיגע קאָאָפּעראַציע אין דער ענטוויקלונג פון גאַנצען מיטל איסט געגענד.

די אינערליכע פּאָליטיק פון מפא"י שטרעבט צו קיבוץ גלויות פון גאַנצען אידישען פאָלק, גאולת האדמה און אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיך שטיצען אויף סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרינציפּען.

צוויי און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# די ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע

**וואָס וויל „חירות" דורך איר אַמביציעזע פּאָליטיק, וואָס איז אין אָפּאָזיציע צו די אַלע ביז איצטיקע ישראל־רעגירונגען. — איר געבורט אין יאָר 1948, אַלס „יורש'טע" פון „אירגון צבאי לאומי", און אויפגאַבע צו דערגרייכן די טעריטאָריע, וואָס א"י האָט פאַרנומען אין די ביבלישע צייטן, אין די אַלטע היסטאָרישע גרעניצן. — איר קאַמף פאַר פריוואַטע איניציאַ־טיוו און עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטליכן געבוי פון דער מדינה. — חירות — די ערשטע נאָך מפא"י פּאַרטיי אין דער כנסת.**

(קורצע פאַר־געשיכטע צו דער „חירות"־באַוועגונג)

ווען מען קוקט היינט אַריין אין דער געשיכטע פון עבר הירדן, פאַר די לעצטע פיר הונדערט און פופציג יאָר, זעט מען אַז אין 1517 איז דער עבר־הירדן געווען אונטער דער טערקישער הערשאַפט און איז אַזוי פאַרבליבן ביז'ן אָנפאַנג פון 18־טען יאָרהונדערט. במשך פון דער צייט זענען דאָרט פאָרגעקומען שרעקליכע רייסערייען און אינערליכע צושפּליטערונגען צווישען די לאָקאַלע פאַרשידענע שבטים. אין 1831 איז עבר הירדן און אַנדערע טיילען פון א"י און סיריע פאַרנומען געוואָרען פון די עגיפּטער אָבער אין יאָר 1841 האָבען די גרויסע אייראָפּעאישע מאַכטן צוריקגעקערט עבר הירדן צו טערקיי, אַלס טייל פון א"י, וואו זי האָט געהערשט. פון יאָר 1894 ביז דעם ערשטען וועלט קריג איז עבר הירדן געווען אַ טייל פון סיריע. אידען האָבען זיך גענומען באַזעצען אין עבר הירדן אין יאָר 1830, ווען דער באַרימטער ענגלישער שרייבער און רייזענדער לאָרענס אוילפאַנט, אַליין אַ קריסט, אַן אָפּשטאַמיגער פון אַ מיוחסדיגער סקאָטישער משפחה אָבער אַ גרויסער אוהב ישראל, האָט באַזוכט פיל מזרח לענדער, און אָנגעשריבען וועגען זיי רירענדע דערציילונגען, וואָס האָבען בשעתו געמאַכט אַ זעהר שטאַרקען איינדרוק אויף זיין גאַנצען דור, ער האָט דאַרונטער פאַרעפנטליכט אַ ווערק א. נ. „ארץ הגלעד", אין וועלכען ער האָט שטאַרק באַטאָנט די וויכטיגקייט פון אידען, וואָס וואָלטען זיך דאָרט געדאַפט באַזעצען, און אַריינברענגען ליכט און ציוויליזאַציע, און דער עיקר מעדיצינישען וויסען צו היילען די קראַנקע מענשען. זינט נחום סאָקאָלאָוו האָט דאָס ווערק איבערזעצט אין העברעאיש א.

ג. „ארץ חמדה״ אין יאָר 1886, האָבן זיך אידישע אויגן גענומען ווענדען צום עבר הירדן. אַ גרופּע פראַנצויזישע אידען האָט אָפּגעקויפט אַ שטיק לאַנד פון דריי און אַ האַלב טויזענד דונאַם אויף דער אַנדער זייט פון כנרת, און אויפגעשטעלט אין יאָר 1886 די מושבה „בני יהודה״, וועלכע איז שפּעטער פאַרלאָזען געוואָרען, ערשט אין יאָר 1900 איז בני יהודה צוריק געוואָרען אַ אידישע נקודה אויף דער מאַפּע פון נאָנטען מזרח, אַ דאַנק די לאָנדאָנער „חובבי־ציון״. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אָבער שווער געטראָפען עבר הירדן, און די לעצטע אידישע משפחה איז דערמאָרדעט געוואָרען דורך די אַראַבער אין יאָר 1920. עס איז אָבער געווען אַ פריהערדיגער פאַל, ווען באַראָן עדמונד ראָטשילד האָט אָפּגעקויפט אין יאָר 1894 70 טויזענד דונאַם לאַנד אין עבר הירדן, הגם קיין ישוב איז דאָרט ניט ענטשטאַנען צוליב פאַרשידענע סיבות. דאַן האָט די געזעלשאַפט פּיק״א איבערגענומען אין איר רשות דעם געקויפטען באָדן, אָבער אויך זי האָט ניט באַוויזען קיין מופתים, און געמוזט פאַרדינגען דעם באָדען צו אַראַבער פאַר אַ זעהר נידריגען פּרייז.

דעם פאַקטישען „האַנדעל״ מיט עבר הירדן האָט אָנגעפאַנגען גראַד ענגלאַנד, וועלכע האָט לויט איר ערפאַרונג פאַרקאָכט אַ „קאַשע״, אין יאָר 1916, און גאַנצע 30 יאָר האָט זי מאַנעווירט מיט דער טעריטאָריע, געביטען איר נאָמען, געמאַכט פאַרשידענע קאָמבינאַציעס, אפשר ניט ווייניגער ווי מיט איר באַלפור דעקלאַראַציע, און יעדעס מאָל אָנגעקומען צו דער פעלקער ליגע פאַר אַ „מאַנדאַט״... אין צווייטען וועלט־קריג האָט ענגלאנד סאַרנומען ארץ ישראל, און דער גאַנצער שטח־־לאַנד, אויך סיריע איז אַריינגעפאַלען אין איר רשות. דאַן האָט זי אָנגעפאַנגען אַ נייע אימפעריאַליסטישע סטראַטעגיע, און זיך פאַרגליכען מיט פראַנקרייך, וועלכע האָט פריהער געהערשט איבער סיריע. אַזוי האָט זיך געדרייט די ראָד פון דער געשיכטע, ביז עבר הירדן איז אַרונטערגעפאַלען אונטער ענגלישען מאַנדאַט פּונקט ווי א״י. די פעלקער ליגע האָט דעם 24־טען יולי 1922 באַשטעטיגט ענגלאַנדס ספּעקולאַטיווע מאַכינאַציע, אַרויסצוציהען עבר הירדן פון דעם ארץ ישראל מאַנדאַט, אין וועלכען עס רעדט זיך קלאָר וועגען העלפען שאַפען אַ אידישע היים אין א״י. אין אַפּריל 1923 האָט ענגלאַנד אָפיציעל געמעלדעט וועגען דער שענדליכער „אָפּעראַציע״...

זיכער האָבען אַלע ציוניסטען פּראָטעסטירט געגען אַזאַ אונפאַרשעמטער ענגלישער פּאָליטיק, ווייל עבר הירדן איז דאָך געווען איינגעשלאָסען אין די ישראל גרעניצען לויט דער ביבעל. די לאַגע איז געוואָרען זעהר פאַרשאַרפט, אָבער מען איז געווען מאַכטלאָז צו ענדערען דעם באַשלוס פון דער פעלקער־ליגע, און איבערהויפּט ענגלאַנדס ביטרע פּאָליטיק, און מען האָט דעם ענין עבר הירדן בעל כרחה פאַרשוויגען. אפילו דר. חיים ווייצמאַן האָט פאַר דער קעניגליכער קאָמיסיע וועגען ארץ ישראל, זיך אויסגעדריקט: „איך וועל ניט אַריינגיין און ניט פאַרנעמען מיין קאָפּ מיט אַ דיסקוסיע וועגען דעם סטאַטוס

פון עבר־הירדן, קיין שום פאַרנונפטיגער איד אַ בעל שכל וועט ניט גיין איצט זוכען אַן ענדערונג אין דער סיטואַציע״.

די איינציגע ציוניסטישע גרופּע וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען די נייע לאַגע, און ניט מסכים געווען, אַז עבר הירדן זאָל אַרויסגענומען ווערען פון שטח פון א״י, איז געווען די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי, אונטער דער פירערשאַפט פון זאב זשאַבאָטינסקי. פאַר אים איז דער אומקער פון עבר־הירדן צום שטח פון ארץ ישראל געווען אַ הויפּט־עיקר פון זיין שיטה. די אידישע אַגענטור האָט דאַן געמעלדעט, אַז אַ רעגירונג, וואָס וועט פאַרווערען אידען אַריינצוקומען אין עבר הירדן, וועט הייסען, אַז זי צושטערט די פּאַראַגראַפען 2 — 15 — 16 און 18 פון מאַנדאַט־טעקסט, וועלכער גיט גלייכע רעכט אין אַלע געביטען פון מאַנדאַט שטח צו יעדען איינעם, אָן אונטערשיד פון רעליגיע, אָפּשטאַם א. א. וו. די סוכנות האָט געטענה׳ט, אַז הגם די מאַנדאַט מאַכט איז ניט געצוואונגען צו פאַרלייכטערען די אידישע איינוואַנדערונג קיין עבר הירדן, צושטערט זי אָבער דערמיט דעם מאַנדאַט, אויב זי מאַכט פאַר אידען שוועריגקייטען אַריינצוקומען אַהין.

אין יאָר 1933 האָט די אַגענטור אונטערגעשריבען אַן אָפּמאַך מיט אַבדולא, לויט וועלכען ער האָט מסכים געווען צו פאַרדינגען 65 טויזענד דונאַם לאַנד אין עבר הירדן פאַר אידישע סעטעלמענטס אויף אַ טערמין פון 99 יאָר. אָבער אונטער׳ן דרוק פון ענגלאַנד און דעם ירושלימער מופטי, וועלכער האָט געהאַט היבשע אָנהענגער, האָט אַבדולא זיך געזען געצוואונגען אָפּצורופען דעם אָפּמאַך. פיל אַראַבער האָבען דאַן גראָד געוואָלט פאַרקויפען זייער לאַנד צו אידען. אפילו אַראַבישע פירער אין עבר הירדן זענען געווען גינסטיג געשטימט צו פאַרקויפען אידען שטחים לאַנד, אָבער ווידער אַמאָל האָט ענגלאַנד דורך פּאָליטישע קאָמבינאַציעס זיך גענומען דורכצופירען אין דער פעלקער ליגע אַ געזעץ, וואָס זאָל פאַרבאָטען צו פאַרקויפען באָדען צו ניט־ירדנער, און אפילו ניט צו פאַרדינגען באָדען צו פרעמדע... ענגלאַנדס פאַרשלאַג איז דורכגעפאַלען, ווען די אָפּשטימונג האָט געוויזען 13 געגען 3...

ווידער אַמאָל איז ענגלאַנד אַריין אין אַ ״שידוך״ מיט׳ן הערשער פון עבר הירדן, אַבדולא, אין יאָר 1928, צו טיילען די מאַכט צווישען ביידע לענדער — ענגלאַנד און עבר הירדן. די לאַגע אין עבר הירדן האָט אויסגעזען שרעקליך. ניט קיין אינדוסטריעס, ניט קיין שפּיטאָלען, ניט קיין ער־ציהונג, אַלץ אויף די שפּיץ פינגער...

נאָכ׳ן צווייטען וועלט־קריג האָט שוין עבר הירדן פיגורירט אַלס זעלבסטשטענדיגע מדינה און אַלס ״געוועזענער חלק״ פון ארץ ישראל. אין אַפּריל 1949 איז געענדערט געוואָרען דער נאָמען פון ״עבר הירדן״ אויף ״די ירדן האַשעמיטישע קענגרייך״, און ס׳איז פאַרוואָרפען געוואָרען דער נאָמען ״פּלישתין״. היינט איז דער נאָמען די ״ירדן מלוכה״, אָדער ״ירדן״.

פון דער גרויסער הקדמה צום קאַפּיטעל ״חירות״ — די ציוניסטיש־

רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע, איז צו זען, אַז עבר הירדן איז ניט געווען קיין „אידעע פיקס" ביי זשאַבאָטינסקי'ן, און אַז די גאַנצע ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט לכתחילה זיך שטאַרק געגענגעשטעלט דעם „אָפּרייס" פון עבר הירדן פון מאַנדאַט. וואָלט מען יענעם ערשטען קאַמף געוואונען, וואָלט מען פאַרשפּאָרט אַזוי פיל בייז בלוט און אַ נייע ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע, מיט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי בראש, וואָס דאָס האָט אַוועקגענומען פיל כוחות, ענערגיע און שפיכות־דמים, און דערצו נאָך צושפּאַלטען דעם ציוניסטישען אַפּאַראַט אויף צווייען.

עס איז ניט אונזער אויפגאַבע אַריינצוגיין דאָ אין מער פּרטים, אָדער אַרויסגעבען אונזער ווערדיקט. די געשיכטע האָט זיך שוין אויסקריסטאַליזירט. עבר הירדן איז אַוועקגעריסען געוואָרען פון ארץ ישראל, און די ענגלישע שמד־שטיק פליוס אידישע נאָכגיביגקייט אין די דרייסיגער יאָרען, האָבען פאַרחתמה'ט דעם גורל פון עבר הירדן, וואָס איז געזעצליכע אידישע טעריטאָריע... דאָס האָט געשאַפען דעם שרעקליכען ריס אין דער ציוניסטישער געביידע, און צעטיילט פריינד און קאָלעגען אויף שונאים און פאַרהאַסטע עלעמענטען. זשאַבאָטינסקי האָט שוין ענדליך זוכה געווען מקובר צו ווערען אין דער הייליגער ערד אויפן הר הערצל, אָבער דער ריס צווישען די אַלטע און די נייע ציוניסטען (רעוויזיאָניסטען) איז נאָך אַלץ פאַרהאַן...

דאָס האָט בשעתו געפירט צו דער שאַפונג פון „אירגון צבאי לאומי" אין יאָר 1948, וועלכער איז עד היום געגען דעם רעזשים פון ישראל. „חירות" גיט ניט אויף די האָפענונג, אַז דער עבר הירדן וועט נאָך צוריק זיין איינגעגלידערט אין מדינת ישראל, אין אירע אַלטע אַמאָליגע גרעניצען לויט תורת משה, און זיין נאָכפאָלגער יהושע בן נון. „חירות" וויל אויך אַ זעלבסטשטענדיגען סיסטעם אין ישראל אין זין פון אַרבייט און קאַפּיטאַל, אָן קיינעמס דרוק, אָדער באַפעל. יעדער איינער זאָל זיין פריי אין זיין האַנדעל, אין טאָן און באַשעפטיגונג, אָן פרעמדער אַריימישונג אָדער דעות זאָגער...

„ח י ר ו ת" — צווישען די פּאַרטייען

נאָכדעם, ווי מיר האָבען אַביסל באַלויכטען די טעטיגקייטען און צילען פון מפא"י און איר גרויסע ראָל, וואָס זי שפּילט אין מדינת ישראל, שטעלען מיר זיך אָפּ אויף דער צווייטער גרעסטער פּאַרטיי אין ישוב, די „חירות", וועלכע איז באַקאַנט אַלס די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי, און האָט די גרעסטע צאָל דעפּוטאַטען אין כנסת, נאָך דער מפא"י־הסתדרות־ליסטע.

דער כוח פון „חירות" האָט זיך ניט פאַרקלענערט במשך פון די 18 יאָר סון ישראל'ס עקזיסטענץ. דאָס איז צו זען פון דער אָנהאַלטענדער צאָל כנסת־מיטגלידער וואָס בעת אַנדערע פּאַרטייען האָבען שוין געהאַט קלענערע ירידות אָדער עליות, האָט „חירות" דערהאַלטען איר צאָל דעפּוטאַטען, און איר שטעלונג צו אַלע פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. דאָס אַריבערפירען לעצטענס די עצמות פון וולאַדימיר און יאָהאַנאַ זשאַבאָ־

טינסקי קיין ישראל און דאָס קובר זיין זיי אויפן „הר הרצל", לויט ווי עס איז געווען דער וואונש פון זשאַבאָטינסקי'ן, אַז נאָר אַ געזעצליך דערוויילטע ישראל־רעגירונג זאָל דורכפירען זיין ווילען, — האָט באַזונדערס געשטאַרקט דעם קעמפעריש ען גייסט פון די רעוויזיאָניסטען איבער דער גאַנצער וועלט, וביחוד — אין ישראל. דער דאָזיגער מאָראַלישער נצחון האָט צוגעגעבען מער קוראַזש און מוט די נאָכפאָלגער פון דער זשאַבאָטינסקי טעאָריע, אַז מדינת ישראל דאַרף ניט אויפגעבען די האָפענונג אויף עבר הירדן ווייל א"י האָט היסטאָריש געהאַט בײדע זייטען ירדן.

די השפעה פון „חירות", וואָס האָט אָנגעפאַנגען איר אָפיציעלע פּאַרטיי־עקזיסטענץ נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל, אין יאָר 1948, ווערט ניט קלענער, ווייל די ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דער־וואָרבען אַנערקענונג דורך איר טאַקטיק, אויסגעהאַלטענקייט און שטרענגער קאָנסעקווענץ, ניט אָפּבויגענדיג פון דער אָנגעצייכענטער ליניע. די „תנועת החירות" וועלכע איז אַ טייל פון דער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישער וועלט־פּאַרטיי, ציילט איבער פופציג טויזענט רעגיסטרירטע מיטגלידער און האָט אין דער כנסת 17 דעפּוטאַטען. די צאָל שטימען, וואָס ווערט אָפּגעגעבען פון אין כנסת ביז דער צווייטער, וואַקסט אַלץ גרעסער און פּאַראַלעל צו דעם — אויך איר פּרעסטיזש און פּאָזיציע. „חירות" האָט איבער 200 צווייגען, און איבער הונדערט פאַרשטייער אין פאַרשידענע שטאָט ראַטען, אין זיבציג מוני־ציפּאַליטעטען־קאָונסילס, א. א. וו.

די אויסערליכע פּאָליטיק פון „חירות" פאָדערט פולע רעכט פון אידען אויף ארץ ישראל אין די אַלטע ביבלישע גרעניצען; עס זאָל דערגרייכט ווערען אַ פּערמאַנענטער שלום מיט די שכנות'דיגע אַראַבער, כדי צו פּאַר־איינינגען גאַנץ א"י, און עס זאָל איינגעשטעלט ווערען אַ פּאָליטיק פון געגענ־זייטיגער הילף צווישען די אַרומיגע לענדער. „חירות" וויל מיטהעלפען צו פאַרמיידען אַ דריטען וועלט־קריג, און בכלל אַגרעסיע.

אין דער אינערליכער פּאָליטיק וויל „חירות" שאַפען אַ קאָנסטיטוציע מיט פולע און גלייכע רעכט פאַר אַלע אָן אויסנאַם בירגער, ליבעראַלע פּרינציפּען אין די לעגיסלאַציעס, און השגחה איבער דער אַדמיניסטראַציע פון דער מדינה. „חירות" וויל פולע גאַראַנטיעס פאַר פרייהייט פון געוויסען, גלויבען, ראַסע און קאָליר, גלייכע מעדיצינישע הילף צו אַלע בירגער.

עקאָנאָמיש וויל „חירות" אַ פּאָליטיק פון פרייער קאָנקורענץ און שטיי־גענדער פּראָדוקציע.

עס זאָל בטל ווערען די סיסטעם פון פאַרבאַנדערטיילען די נאַציאָנאַלע עקאָנאָמיע אין פּאָליטישע סעקטאָרען; פולע סעפּאַראַציע אין טעאָריע און אין פּראַקטיק צווישען דער אַרבייטער פעדעראַציע אַלס טרייד יוניאָן און אייגענטום פון די ביזנעס אין אַלע אונטערנעמונגען. די קאָאָפּעראַטיווע באַ־וועגונג זאָל זיין פריי פון אויסוועניגער השפעה מצד פּאַרטיי און טרייד־

יוניאָניזם. עס זאָל געשאַפֿן ווערן אַ געזעץ, וואָס זאָל בטל מאַכן אַלערליי מאָנאָפּאָלן, קאַרטעלן און טראַסטס־אונטערנעמונגען, ווייל די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין ישראל דאַרף זיין דורכאויס פריי, אָן וועלכער עס איז אָפּ־הענגיגקייט מצד אַ פּאַרטיי, אָדער טרייד־יוניאַניזם. אַ ספּעציעלע לעגיסלאַציע זאָל סטאַביליזירען די ישראל־מטבע, און עס זאָל אויך איינגעשטעלט ווערן אַן אַלגעמיינע שטייערן־סיסטעם אויפ'ן יסוד פון פּראָגרעסיווען ליבעראַליזם, וואָס מיינט אַ רעפאָרמירונג פון פיסקאַלער פּאָליטיק... גאָר באַזונדערס שטרעבט „חירות" צו דערמוטיגען מאַסען־עליה, און אָפּלאָזען דעם פּרינציפּ פון סעלעק־טיווער (געקליבענער) אימיגראַציע. זי וויל אויך אָנהאַלטען אַ פּאָליסי צו קריגען שילומים־געלדער פאַר אַלע פאַרמעגענס אין זייערע פריהערדיגע היימען. די רעגירונג זאָל אויך געבען לאַנד־מאַרטגיידזשעס און באַפרייען אין דער ערשטער צייט פון הויכע שטייערן נייע אינדוסטרי־בילדינגס און מיט־העלפען בויען הייזער אויף אַ באַזיס פון דירה־געלט. עס זאָלען אויך געשאַפען ווערן אַרבייטס־געריכטען פאַר דער רעגולירונג פון פאַרשידענע פּראָבלעמען, וואָס וואַקסען אַרויס פון צייט צו צייט צווישען אַרבייטער און אַרבייטס־געבער.

חירות וויל אַ פרייע מיטלשול־ערציהונג, און ביז דאָס וועט פאַר־ווירקליכט ווערן — זאָל רעדוצירט ווערען שטאַרק דער שכר־לימוד אין די מיטל שולן, און ס'זאָל פאַרגרעסעט ווערען די צאָל סקאָלערשיפּס.

„חירות" איז אַפיליאירט מיט „בית"ר"יוגענד אָרגאַניזאַציע, הסתדרות עובדים לאומית, קופת חולים, ברית נשים א. א. וו. צווישען אירע קאָלאָניעס און מושבים, זענען באַקאַנט „אמאזיא", גבעת ניל, כפר אביאל, כנף לבנה, משגב דוב, משמר הירדן, מבועות ביתר מושב עאיקם, נחלת זשאַבאָטינסקי, נורדיה, נחלת שלמה, רמת רזיאל, רמת שמעון רמת טיאַמקין און אַנדערע, וואָס זענען אויף אַזאַ, אָדער ענליכען אופן פאַראייניגט מיט „חירות"... אויך חוות־הנוער (יונגע פאַרמער) אין באר יעקב לזכר יאַהאַנאַ זשאַבאָטינסקי אין הרצליה לזכר דוד רזיאל אין נורדיה און לזכר שלמה בן יוסף א. אַ. וו. — זיי זענען די שאַפונגען פון „חירות"... די באַוועגונג האָט אַ טעגליכע צייטונג, אונטער'ן זעלבען נאָמען „חירות" און וואָכענבלעטער אין אַראַביש, פראַנצויזיש, בולגאַריש און רומעניש.

בעת די לעצטע כנסת־וואַלען האָט זיך חירות פאַרבונדן מיט אַ טייל פון די אַלגעמיינע ציוניסטן.

דריי און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# מפ״ם — מפלגת פּועלים מאוחדים
## פאַראייניגטע א. פּ. א. י.

דער עצם נאָמען פון דער פּאַרטיי איז אין תוך ניט געווען באַקאַנט צום בריטען עולם ביז דער עטאַבלירונג פון מדינת ישראל. זי איז פּאַקטיש ענטשטאַנען אין יאָר 1948, נאָך דער פאַראייניגונג פון פאַרשידענע גרופּען אַרבייטער מיט לאַנגע טראַדיציעס פון פּיאָנירען גייסט. זיי זענען מאַראַליש, און לויט אַלע כללים פון יושר געווען באַרעכטיגט צו באַקומען אַ חשובען חלק אין דער שאַפונג, וואוקס און פּראָגרעס פון די קאָלעקטיווע סעטעלמענטס אין ישראל. די גרופּען זענען אויסגעוואַקסען פון פּיאָנירען פון יוגנדליכע באַוועגונגען אין דער דיאַספּאָראַ, וואו זייער הויפּט ציל און אויפגאַבע איז געווען — טריינירען פרישע קאַדרען פון חלוצים פאַר׳ן אויפבוי פון דער קומענדער ישראל מדינה.

די מפּם־אידעאָלאָגיע שטיצט זיך אויפ׳ן סינטעז פון חלוצישען ציוניזם און גלייכצייטיג רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם, וואָס דאָס איז אייגענטליך געווען דער „בראשית״ פון פּלמ״ח. ווי די ערשטע, אַזוי די צווייטע, האָבען ענערגיש געקעמפט געגען ענגלאַנד׳ס ווייסען פּאַפּיר און פאַר דער זעלבסטשטענדיגקייט פון אַ אידישער מדינה אין ארץ ישראל.

אין אייראָפּע האָבען זיי געקעמפט געגען דעם פינסטערן נאַציזם און ברוטאַלען כוח, וואָס האָט געהערשט אין די געטאָס פון וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק און צענדליגער אַנדערע שטעט.

ווען די מדינה איז געבוירען געוואָרען, האָט מפ״ם זיך באַטייליגט אין דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, טראָגענדיג איר חלק אחריות אין דעם היסטאָרישען מאָמענט, ווען די חבלי־גאולה זענען אונטערגעקומען... מפ״ם האָט באַקומען צוויי מיניסטאָרען־פּאָרטפעלען אין דער ערשטער אָפיציעלער ישראל־רעגירונג: אַגרי קולטור, און אַרבייטס־מינסטער.

ווען די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט זיך אויפגעלייזט, מאַכענדיג פּלאַץ פאַר אַ נאָרמאַל און געזעצליך־דערווילטע רעגירונג, האָט זיך געשאַפען אַ קאָאַליציע צווישען מפא״י און פּאַרטייען פון רעכטען פליגעל. מפ״ם איז דאַן אַריבער צו דער אָפּאָזיציע, און זי האָט שטענדיג פּאַרטיידיגט דעם שטאַנדפּונקט פון אַ קאָאַליציע־־רעגירונג. אין דער דריטער און פערטער כנסת איז מפ״ם ווידער אַריין אין דער קאָאַליציע רעגירונג, און אירע פּאַרטרעטער זענען געווען מ. בן־טוב און י. ברזילי.

וואָס איז די הויפּט פּראָגראַם פון מפ״ם?

מאָביליזירען אַלע קוואַלען און רעזערווען פון דער מדינה, כדי צו

פאַרזיכערען אַ כסדרדיגע ענטוויקלונג, און מיטהעלפען אין פראַגרעסר פון לאַנד אויף אַלע געביטען פון עקאָנאָמישער פלאַנירונג און ווירטשאַפטליכער עקספּאַנסיע, רעגעלמעסיג הויבען דעם לעבענס־סטאַנדאַרד פון אַרבייטער, און אָפּהיטען אַלע פּרינציפּען פאַר פולע ציווילע רעכט, ווי אויך די רעכט פון די אַראַבישע מינדערהייטען און זייער פולען ציווילען סטאַטוס, בטל מאַכען מיליטערישע געריכטען.

אין דער אויסערן פּאָליטיק זוכט מפּ״ם פולע זיכערקייט אויף די גרעניצען, דורך דירעקטע שלום־פאַרהאַנדלונגען מיט די אַראַבער און זייערע מדינות, אָן שום פאַרבאַדינגונגען. מפּ״ם וויל אַ פולשטענדיגע נייטראַליזאַציע פון גאַנצען מיטל־מזרח, און ניט געהערען צו קיינעם פון די וועלט־בלאָקען; אַלגעמיינע אַנטוואָפענונג, וואָס מיינט — שטרעבען צו עלימינירען אַטאָמישע וואָפען און זיך פולשטענדיג אידענטיפיצירען מיט פּלענער פון אַלגעמיינער אַנטוואָפנונג. בלייבען קאָנסעקווענט אין דער פראַגע פון ישראל׳ס זעלבסט־שטענדיגקייט־סטאַטוס, און בלייבען וואַכזאַם צו די פאָדערונגען פון מיליאָנען מענשען אין די פאַרפאַלגטע לענדער אין אַזיע און אַפריקע. מפּ״ם האָט איר טעגליכען אָרגאַן „על המשמר״, אַ אידישע וואָכענשריפט „די ישראל שטימע״, און אייניגע צייטשריפטען אין אַראַביש, פויליש און רומעניש. די הויפּט־מאַכט פון דער באַוועגונג ליגט אין די הענט פון דעם גענעראַל־סעקרעטאַר מ. יערי, וועלכער איז דערוויילט געוואָרען אין יאָר 1958.

גאָר לעצטענס איז געשאַפען געוואָרען דער „גן הזכרון״ אין בתניה עילית, אין פאַרבינדונג מיט דעם פופציג יאָריגען יובל פון קיבוץ אַרצי — השומר הצעיר. די דאָזיגע באַוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אייראָפּע מיט איבער אַ האַלבען יאָרהונדערט צוריק. די סימפּאָזיומס, וואָס זענען אָפּגע־האַלטען געוואָרען אין פאַרבינדונג מיט דער פייערונג, האָבען אויפגעקלערט דעם חלוציש־דערציערישען און קולטורעל־אידעאָלאָגישען וועג פון „השומר הצעיר״. דער „גן הזכרון״ אין ביתניה עילית צילט צו פאַראייביגען דעם זכרון פון איינער פון די ערשטע גרופּעס פון השומר הצעיר, וואָס האָבען עולה געווען קיין ישראל אין אָנהויב פון די צוואַנציגער יאָרען, און געשאַפען 73 קיבוצים, וואו די „ראשונים״ פון השומר הצעיר האָבען אויסגעחלומ׳ט דעם שומרישען קיבוץ.

דאָס שאַפען פון „גן הזכרון״ האָט פאַרוואַנדעלט אַ ראָמאַנטיש קאַפּיטעל געשיכטע פון השומר הצעיר אין אַן אמת׳ער לעגענדע.

עס איז כדאי דאָ איבערצוגעבען אַ מיינונג פון דעם אידעאָלאָג פון מפּ״ם־השומר הצעיר, מאיר יערי, וועלכער האָט לעצטענס ערקלערט, אַז *אין יאָר 1923 האָט ער באַמערקט אַ געוויסע ראָמאַנטיק און סימבאָליק, וואָס איז אין תוך געווען אַ שטרעבונג צו אויסלייזונג און אַ דראַנג צו דערשלאָגען זיך צום יסוד פונ׳ם מענשן. דער המשך פון די גאולה־וויזיעס ציט זיין יניקה פון חסידות, און אין דעם איז פאַרוויקעלט דאָס פולע אידענטיפיצירען זיך

צווישן מענטש און גאָט, מענטש און מענטשלעכקייט״... מאיר יערי דערמאָנט, אין דער ביילאַגע צו „ישראל שטימע״ פון אַפּריל 1964, און מען זעט דאָס פון אייניקע באַמערקונגען זיינע, אַז לכתחילה זענען די חברים געקומען אין א״י אַלס מאַרקסיסטן; דער גרעסטער טייל איז געווען גענייגט צום „הפועל הצעיר״ פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט, און פון עקאָנאָמישן — צו „אחדות העבודה״.

דער הויפּט ציל איז געווען אויסצובעסערן די געזעלשאַפט און דעם מענטש, אָבער אָן אַ קלאַסן־קאַמף. מאיר יערי איז געוואָרן אַ מאַרקסיסט אין יאָר 1924, הגם ניט דער מאַרקסיזם האָט אים און זיינע נאָענטע חברים געבראַכט אין קיבוץ. די הויפּט „רביים״ זענען געווען מאַרטין בובער און א. ד. גאָרדאָן, כאָטש מען האָט זיך אויף זיי ניט פאַרלאָזן אינגאַנצן... דער אמת איז, אַז מען האָט נאָך געבלאָנדזשעט און געזוכט דעם ריכטיקן וועג, אויסצופורעמען אַ טעאָריע, וואָס זאָל דערמעגלעכן אַ רעוואָלוציאָנער־חלוצישע טאַט״.

פון די אייניקע ניט גענוג געמאַכטע ערקלערונגען, קאָן מען דאָך באַגרייפן די פּאַקטישע לאַגע, וואָס האָט געהערשט מיט אַ פערציק יאָר צוריק, די אַלע זוכענישן און בלאָנדזשענישן וואָס האָבן באַהערשט באַדייטענדע צאָלן יוגענדלעכע, ווען דער אמת׳ער זיג איז נאָך געווען זייער ווייט, די האָריזאָנטן אומקלאָר, וואַקלענדיק, פאַרנעפּלט...

די באַוועגונג האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג, אָבער אין ליכט פון דער היינטיקער תקופה, שיינט אונז, אַז עס מוז זיין מער ווי איין וועג צו אחדות, צו פאַראייניקונג, ווייל דער אורשפּרונג פון דער פּאַרטיי איז געווען אידעאַליזם, חלום, אויסבעסערן די וועלט, און דאָס האָבן דאָך אייגנטלעך אַלע געוואָלט, כאָטש מען האָט גערעדט אויף פאַרשידענע שפּראַכן און געזוכט פאַרשידענע וועגן, ווי צו קומען צו אַ הסכם ,וואָס זאָל פאַרמינערן דעבאַטן און האָר־שפּאַלטענדיקע סברות און מיינונגען. מען דאַרף היינט אויסאַרבייטן בשותפות אַ געזונטע אַרבייטס־פּראָגראַם, וואָס וואָלט געווען אַ היסטאָרישע דערגרייכונג פאַר ישראל׳ס פּאָזיציע צווישן דעם ים פון שונאים, וואָס קוקן נאָר אַרויס אויף מחלוקות, שפּאַלטונגען און פּאַרטיי־רייסערייען.

פון פאַרשידענע געשפּרעכן אין מדינת ישראל מיט אָנהענגער פון מפא״י און מפ״ם האָבן מיר דאָך ניט גענוג אויסגעפונען די קאַרדינאַלע חילוקי־דעות, וואָס זאָלן זיין אָן אמתער שטער פאַר אַ „שלום־בית״ צווישן זיי... בלויז קליינליכע פּאַרטיי־פּאָליטיק און עקשנות פון ביידע זייטן. וואָס ווייניקער פאַרמאַליטעטן און „יחוס־בריף״ פון ביידע צדדים, אַלץ זיכער וואָלט מען סוף כל סוף געקומען צו אַן אויסגלייך און פאַרשטענדניש.

מפ״ם איז צו פיל באַשעפטיקט מיט פּאָליטיק, אַנשטאָט צו ווידמען זיך מער סאָציאַלע, קולטורעלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון מדינת ישראל. די צייט פון „אַטאָמישן פּראָגרעס״, און שנעלן שוואונג, פאַרפליכטעט ניט

צו לויפען פאַראויס און טרומייטערען וועגען „גאולה״, וועלכע וועט סיי ווי קומען צו אונזער פאָלק און מדינה בעת אַ „וועלט־איבערקערעניש״ ! ! !

„מדינת ישראל״ דאַרף פּאַרלויפּיג האָבען אַ סך ישוב הדעת, שטעלען אַ שריט נאָך אַ שריט אויפ׳ן וועג פון וויטערען פּראָגרעס, ביז דער אַלוועלט־ליכער האָריזאָנט וועט ווערען ראָז און אָנזאָגען די „פּעמי־הגאולה״ והישועה. דערווייל — דאַרף ישראל ווערען ככל־הגוים, פעסט עקאָנאָמיש, זעלבסט־אויסהאַלטענדיג, און ניט אָנגעוויזען אויף וועלכע עס איז פרעמדער הילף, אַפילו ניט פון פריינד. דער אַלטער אידישער אויסדרוק „אל תבטחו בנדיבים, בבן אדם שאין לו תשועה״ מוז גילטען פאַר אונז, און נאָך מער פאַר אונזער קליינעם פּינטעלע אויף דער וועלט מאַפּע, וואָס טראָגט דעם יחוס נאָמען: „מדינת ישראל״.

דאָס מיינט אָגב אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען, וואָס דאַרפען קוקען צום „פאָקוס״ פון אונזער געשיכטע, צו דער אידישער מדינה׳לע, וועלכע איז דאָס שוואַרץ־אַפּעל פון אונזער אויג !...

פיר און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# הקיבוץ הארצי — השומר הצעיר

## וועלט פעדעראַציע פון השומר הצעיר אָרגאַניזאַציע

**צילען און אויפגאַבען פון דער השומר הצעיר־באַוועגונג, וואָס ווערט שוין אַלט זעכציג יאָר. — דערגרייכונגען פון דער באַוועגונג. — דער קיבוץ ארצי וועלכער איז געשאַפען געוואָרען אין יאָר 1927, און די צאָל קיבוצים וואָס ער האָט במשך פון דער צייט געשאַפען.**

פיל פון אונז געדענקען נאָך די ערשטע יונגע ציוניסטישע גרופען, מערסטענס באַשטייענד פון יונגע אינגלאַך און מיידלאַך, וועלכע פלעגען פאַראַדירען אין זייערע „סקאַוטס־העמדלעך, און מאַרשירען אָפט איבער די גאַסען ביי פאַרשידענע פייערליכקייטען, ווי ל״ג בעומר, אָדער ביי צוזאַמענ־קונפטען פון עטליכע שטעטלאַך צוזאַמען, עלטערען פלעגען קוקען און טראַכטען: מילא, זאָל זיך יונגוואַרג שפּילען... זאָלען אינגלאַך און מיידלאַך פאַרברענגען... אָפטמאָל פלעגען זיי דינען אַלס „וואַד״, ווען עס פלעגט פאַר־קומען אַ אידישע פאַרזאַמלונג, אָדער סתם אַ פאַסירונג. השומר הצעיר — האָט דערפילט זיין פליכט דורך „אָפּהיטען״ די אָרדנונג, אַלס אמת׳ע שומרים, און מען האָט זיך געקענט אויף זיי פאַרלאָזען...

פון דעם ערשטען שפּראָץ, פון דער יונגוואַרג האָט זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט אַ געזונטע און באַוואוסטזיניגע קעמפערישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אַריינגעשריבען אַ זעהר שעהנע בלאַט אין דער געשיכטע פון ציוניזם, און אין דעם קאַמף פאַר אַן אייגענער היים אין ארץ ישראל. דער השומר הצעיר האָט זיך אינסטינקטיוו צונויפגעשמאָלצען מיט׳ן קיבוץ הארצי, און געוואָרען אַ חשובער כוח, וואָס האָט היבש באַווירקט דעם גאַנג פון דעם פרייהייטס־פּראָצעס פאַר אַן אייגענע היימלאַנד אין ארץ ישראל. דער השומר הצעיר האָט געגעבען געבורט צום פאַראייניגטען כוח, וואָס האָט געפונען אויסדרוק אין דער קיבוץ ארצי־באַוועגונג, וועלכע האָט געמאַכט גרויסע עקס־פּאַנסיע און האָט שוין אָפּטיילונגען אין אַ פּאָר צענדליג לענדער, דאַרונטער אין אַמעריקע, קאַנאַדע, ענגלאַנד, דרום אַפריקע, אויסטראַליע, אַרגענטינע, בראַזיל, טשילע, אורוגוואַי, מעקסיקע, קאָלומביע, ווענעזועלא און צפון אַפריקע; אויך אין איראָפּע ווי פראַנקרייך, בעלגיע, שווייץ, עסטרייך, איטאַליע א. אַ.

די צילען פון השומר הצעיר האָבען נאַטירליך אין די ערשטע יאָרען ניט געהאַט קיין קלאָרען אויפזיכט בנוגע דער צוקונפט, און דער ראָל, וואָס

וועט מעגליך אים אויסקומען צושפילען, ווען די מדינה וועט געשאַפען ווערען, אָדער וועט זיין אין פּראָצעס פון שאַפונג... מיט דער צייט האָט זיך אָבער אויסקריסטאַליזירט אַ קלאָרע פּראָגראַם, וואָס קאָן אין עטליכע ווערטער כאַראַקטעריזירט ווערען אויף אַזאַ אופן: שאַפען אַ נייעם טיפּ איד, אַ נייע געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיך שטיצען אויף סאָציאַלען יושר און גלייכהייט. נאַטירליך, איז דאָס געווען אין איינקלאַנג מיט די נייע ווינטען, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון אַלע זייטען, און געבראַכט די בשורה פון צושמעטערטע טראָנען, אומגעוואָרפענע מאָנאַרכיעס און אַ דראַנג צו נייע פּאָליטישע פריי־הייטען, וועלכע זענען ביז׳ן אויסברוך פון 1־טען וועלט־קריג ניט געווען „פּאָפּולער״... די באַוועגונג האָט אין ארץ ישראל באַקומען ניט נאָר אַ נייעם אָטעם, נאָר אויך נייע פליגלען. עס זענען ענטשטאַנען עליה־גרופּען, הכשרה־פּלעצער, פּאַרמעריי קיבוצים, כדי צו קאָנען אַריינגעמען גרויסע צאָלען חברים, וואָס פלעגען שטראָמען פון אייראָפּא און אַנדערע קאָנטינענטען.

דער קיבוץ ארצי איז אַזוי אַרום געוואָרען דער גרעסטער פון דער גאַנצער קיבוץ־באַוועגונג די חברים פון השומר הצעיר — די יוגענד באַ־וועגונג, וואָס האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען, האָט מיט דער צייט באַוויזען אויסצושטעלען אין ישראל קנאַפּע 75 קיבוצים וואָס געהערען היינט צו דער פעדעראַציע. די באַוועגונג ציילט איבער 30 טויזענד חברים, הגם ניט אַלע זענען רעגיסטרירט. פּאָליטיש איז די באַוועגונג פאַראייניגט מיט מפ״ם.

דער קיבוץ ארצי איז אַ קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, וואָס האַלט אָן איר השגחה אויפ׳ן גאַנג פון דער אַרבייט; קויפט איין און שטעלט צו מאַטעריאַלען פאַר די ישובים פון קיבוץ אַרצי. זי האָט אַ דעפּאַרטמענט, וואָס פּלאַנירט אויס נייע סעטעלמענטס, גיט טעכנישע אָנווייזונגען פאַר פאַרשידענע אינדוסטריעס און פּראָדוקציעס. זי האָט אַן אייגענער דרוקעריי (דפוס השומר הצעיר—הדפוס החדש), אַ סעמינאַר, אַ ביבליאָטעק, אַ היבשע צאָל אייגענע ערציאונגס־אינסטיטוציעס פאַר יונג און אַלט, 130 קינדער־גערטנער א. אַ. וו.

דער קיבוץ ארצי האָט פאַרשידענע ליטעראַרישע אויסגאַבעס, חינוך, זשורנאַלען, קורסען און אַ וועכענטליכען בולעטין א. נ. „השבוע בקיבוץ הארצי״, וואָס באַריכטעט מערסטענס וועגען דעם פאַרמעריי־פּראָגראַם און ענינים, וואָס זענען וויכטיג פאַר דער באַוועגונג.

פינף און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# אחדות העבודה — פּועלי ציון

## (ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי)
## פאַראייניגט מיט די לינקע פּועלי ציון זינט 1954

**דער פּראָגראַם פון פּלאַנירטער עקאָנאָמיע, פאַרגרעסערען נעץ פון קיבוצים און מושבים. — קאָאָפּערירען מיט די סאָציאַליסטישע גרופּען אין כנסת און רעגירונג. — זעלבסט־שטענדיגע פּאָליטיק, און פריינדשאַפט מיט אַלע פרידענס־ליבענדע פעלקער.**

אחדות העבודה איז אָפיציעל אַפיליאירט מיט דער אַלוועלטליכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער האַלט אָן איר אייגענע זעלבסטשטענדיגע פּראָגראַם, אַלס אַן אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע קערפּערשאַפט, אין דעם ראַם פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער אַרבייטער באַוועגונג.

במילא, צילט די באַוועגונג צו קאָאָפּערירען מיט די 3 ציוניסטישע אַרבייטער פּאַרטייען, און מיטהעלפען צו דערגרייכען אַן אַרבייטער־רעגירונג, וועלכע די באַוועגונג באַטראַכט אַלס וויכטיג, אין ליכט פון דער ישראל ווירקליכקייט. די פּאַרטיי איז פאַרטראָטען אין דער רעגירונג דורך דעם קאָ־מוניקאַציע מיניסטער ישראל בר יהודה און יגאל אלון, אַרבייטס־מיניסטער. די באַוועגונג וואַקסט, און קריגט צו יעדעס מאָל נייע שטימען. אַזוי אַרום איז זי די 2־טע שטאַרקסטע פּאַרטיי אין דער הסתדרות, אַן וועלכער „אחדות העבודה״ איז אַנגעשלאָסען.

איר הויפּט־אויפמערקזאַמקייט שענקט די באַוועגונג צו דער אויסער־ליכער פּאָליטיק, וואָס זאָל זיין זעלבסטשטענדיג ווי נאָר מעגליך. זי וויל שלום; ישראל זאָל ניט צושטייך צו קיינעם פון די עקזיסטירענדע בלאָקען. זיין מיליטעריש צוגעגרייט צו אַקטיווער זעלבסט־פּאַרטיידיגונג, לויטן פּאַראַ־גראַף 51 פון דעם יונייטעד ניישאַנס טשאַרטער. גלייכצייטיג צילט די באַווע־גונג צו באַגרענצען די קאַמפּס־פעהיגקייט פון די שכנישע לענדער און זוכען אַ בעסערער פאַרשטענדיגונג און געגענזייטיגען צוטרוי. אַזוי אַרום וועט פיללייכט אין דער צוקונפט געשאַפען ווערען אַ נייע „קאָמאָנוועלט״ אין מיטעלען מזרח, וואָס וועט זיך שטיצען אויף רעספּעקט, זעלבסטשטענדיגקייט און טערי־טאָריעלע גאַנצקייט פון אַלע פעלקער. אחדות העבודה וויל אויסמיידען יעדען מין אינטערווענץ, קאַמפּס־מיטלען, נאָר דורכזעצען אַלע אינטערנאַציאָנאַלע

סיכסוכים דורך פאַרהאַנדלונגען, געגענזייטיגער הילף און בשותפות׳דיגער אַנטוויקלונג פון די גאַטירלּיכערייכטימער פון ענטשפּרעכענדען ראַיאָן. די באַוועגונג פּראָפּאַגאַנדירט פאַרזיכערען די פולע ענטוויקלונג פון נאַציאָנאַלע רייכטימער, און גייט אַרויס פון שטאַנדפּונקט, פאָדערט אַ פּיאָנערישע און גוט־פּלאַנירטע נאַציאָנאַלע עקאָנאָמיע. דאָס מיינט קודם כל גלייכהייט פאַר אַלעמען, סיי אין פליכטען און סיי אין רעכט. די באַוועגונג זוכט ברייטערען לעבענס־סטאַנדאַרד פאַר דעם אַרבייטער. שאַפען נייע קוואַלען פון עקזיסטענץ, דורך גרעסערע ענטוויקלונג פון די אינדוסטריעס, אַגריקולטור־סעטעלמענטס, קאָ־לעקטיווע אָדער קאָאָפּעראַטיווע קערפּערשאַפטען פאַר געזעלשאַפטליכער נוצ־ליכקייט. אחדות העבודה—פועלי־ציון פאָדערט פולע ציווילע רעכט פאַר די אַראַבישע בירגער אין ישראל, און עלימינירען די נאָך פאַרבליבענע מיליטע־רישע השגחות אין געוויסע געגענדען.

די באַוועגונג האָט אַ טעגליכען אָרגאַן „למרחב", און אַ וועכענטליכען אין אידיש, וואָס רופט זיך „פאָלקסשטימע", אויך אַנדערע צייטשריפטען אין פּויליש, פראַנצויזיש, רומעניש א. אַ. זי האָט אַ צוויי־וועכענטליכע אויסגאַבע אין אַראַביש, וואָס רופט זיך „אל אמאל".

אחדותהעבודה—פועלי־ציון פאַרמאָגט דעם „וואַרימען אָטעם" פון דעם אידעאָלאָג זרובבל, וועלכער איז אַן אָפּשטאַמיגער פון רוסלאַנד, און געבוירען אין יאָר 1886, און איז געקומען קיין א"י אין יאָר 1910, שפּעטער האָט ער פאַרלאָזען דאָס לאַנד און צוריקגעקומען אין יאָר 1935; ער איז דער מיט־גרינדער פון דער פּוע"צ וועלט־באַוועגונג. ער האָט זיך באַטייליגט אין פיל ציוניסטישע קאָנגרעסען, האָט פאַרפאַסט דאָס ווערק „די כנסת אין טעאָריע און פּראַקטיק" און גאַר לעצטענס פאַרעפענטליכט אַ בוך „ביקור בברית המועצות". זרובבל איז אַ שטאַרקע פערזענליכקייט, און ער איז דער עמוד התווך פון דער באַוועגונג „אחדות העבודה—פוע"צ".

זעקס און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# המפלגה הדתית הלאומית — המזרחי־הפועל המזרחי
(צוזאַמענגעשמאָלצען אין יאָר 1956)

**מזרחי־הפועל המזרחי אַלס די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פּאַרטיי, און אירע עיקרים, וואָס זענען געשטיצט אויף אידישער עטיק און מאָראַל. — געזעצגעבונג, געבויט אויף תורה־פּרינציפּען. — ענטוויקלען קאָנסטרוקטיווע טעטיגקייט אין רעליגיעזע סעטעלמענטס פאַר חינוך, מלאכה און קליטה.**

די יאָרען־לאַנגע פאַרהאַנדלונגען צווישען די פירער פון מזרחי און אַרבייטער־מזרחים האָבען ענדליך געפונען זייער פינאַל אין יאָר 1956, וועןביידע קערפּערשאַפטען האָבען זיך ענדליך צונויפגעשמאָלצען, און געבילדעט די אַזוי גערופענע „נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פּאַרטיי". נאַטירלעך זענען אין די לעצטע יאָרען צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי פיל נייע חברים, וועלכע עס האָט פאַראייניגט דער רעליגיעזער עלעמענט, און באַפרידיגט זייערע וואונשען צו זען אַ אידישע מדינה געבויט אויף תורה־יסודות, און פאַרווירקליכט דעם לאָזונג „ארץ־ישראל לעם ישראל על פי תורת ישראל". די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע ציוניסטישע פּאַרטיי איז ניט קיין נייע „ערפינדונג". זינט קבלת־התורה און די קלאָרע אָנווייזונגען וועגן ארץ ישראל זענען פאַראייביגט געוואָרען אין דער תורה, מיט אַ קלאָרער דעפיניציע פון אירע גרעניצען, לעבענס־שטייגער, מאָראַל און עטיק, דינים און משפטים, און מיט אַ פולשטענדיגער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט געפונען דעם פולען אויסדרוק אין תורה שבכתב ותורה שבע"פ — זענען דירעקט אָדער אונדירעקט אַלע אידען, וואָס גלויבען אין תורת משה, רעליגיעזע ציוניסטען, אָדער רעליגיעזע ישראל־אידען.

עס איז געווען דער לאַנגערביטערער גלות, וואָס האָט כסדר געזוכט צו פאַרבלאַסען די עשרת הדברות, פאַרניכטען אידישע מאָראַל און אמונה, פאַרוואַנדעלנדיג זיי אין געצען־דינער; אויסמעקען דאָס פינטעלע איד פון דער אידישער נשמה און די אייביגע בענקשאַפט נאָך דער אַמאָליגער ארץ־ישראל. אידען האָבען אָבער אויסגעהאַלטען אַלע רדיפות און גגישות, און פאַרבליבען אידען!

נאַטירליך, האָט דער רעליגיעזער איד זייענדיג אין גלות, שטענדיג געהאָפט זוכה צו זיין און צען דאָס אידישע פאָלק צוריק אין ארץ ישראל. דער פּראָצעס איז אָבער געווען אַ זעהר לאַנגער, אַ פּייניליכער און קאָסט־באַרער אין זין פון בלוט, טרערען, אומגליקען, הריגות, שריפות, און כל ערליי מיתות משונות ר"ל! אויסער עקאָנאָמישע ליידען...

דער מזרחי איז אַרויסגעוואַקסען פון דער תורה, וועלכע איז געווען און פאַרבליבען דער ווינקעלשטיין פון אונזער פאָלקס־עקזיסטענץ. ער האָט

ניט געדאַרפט אָנקומען צו וועלכע עס איז נייע באַגריפען וועגען איינשטעלען אַ נאָרמאַל אידיש־רעליגיעז און טראַדיציאָנעל לעבען אין ארץ ישראל. ער האָט אויפגעשטעלט צענדליגער קאָלאָניעס, קיבוצים, מושבים און מושבות אויף תורה־יסודות, און געגעבן המשך און קיום צו אונזער פאָלק, וועלכער האָט שוין געהאָט זעהר אַ סך פאַרלוירען דורך די קנאַפע 2000 יאָר פון גלות־לעבען !...

דער מזרחי־הפועל המזרחי אין ישראל איז אַן אומצוטיילבאַרער חלק פון אַלוועלטליכען רעליגיעזען אידענטום וואָס שטרעבט צו אַ ווידער אויפלעבען פון אונזער פאָלק אין מדינת ישראל, וואָס זאָל זיך באַפעסטיגען אויף יסודות התורה, און אַנערקענען אחדות ישראל אַלס יסוד פאַר אַלע אידען. דאָס מיינט גלייכצייטיג קאָאָפערירען מיט אַלע אַנדערע ריכטונגען, וואָס געהערען צום אידישען פאָלק.

מזרחי־הפועל המזרחי נעמט אַ זעהר לעבהאַפטען אָנטייל אין אַלע פראַגען פון פּאָליטיק, מוניציפּאַלע אָנגעלעגענהייטען, יוגענד אָרגאַניזאַציעס, רעליגיע, קולטור, ליטעראַטור, ספּאָרט ווירטשאַפט וכדומה. דער מזרחי־הפועל המזרחי וויל אויסבילדען אַ קהלה־לעבן, וואָס זאָל זיך שטיצען אויף יסודות־התורה, וואָס דאָס מיינט אָריגינעלע ישראל־געזעצען, און אַ ווירטשאַפט־סיסטעם וואָס זאָל נאָכפאָלגען יושר און גערעכטיגקייט, גלייכהייט פאַר אַלע תושבים לטובת המדינה ואזרחיה.

מזרחי־הפועל המזרחי שטייט אויפ׳ן שטאַנדפּונקט פון אויפצולעבען איינגקייט אחדות ישראל, אַלס באַזיס פון אַ וועלט־אויסבליק פון אידענטום, און שטרענגט זיך אָן ממשיך צו זיין דעם רעליגיעז־ציוניסטישען וועג פון פּראַקטישע דערגרייכונגען און בייטראָגען אויף אַלע געביטען פון לעבען און קאָאָפּעראַציע מיט די אַנדערע גרופּען פון אידישען פאָלק. די מזרחי פירער אין ישראל האָבען שוין באַוויזען, אַז ווי וויכטיג עס זאָל ניט זיין כתר מלכות, איז אָבער כתר תורה נאָך העכער. אירע פאָרשטייער, משה שאַפּיראָ, אינערען און געזונדהייטס־מיניסטער (פריהער רעליגיע־מיניסטער), דר. שלמה בורג, מיניסטער פאַר געזעלשאַפטליכען וואויל, דר. זרח וואַרהאַפטיג — רעליגיע־מיניסטער און פריער רפאל, הויפּט פון געזונדהייט דעפּאַרטמענט אונטער משה שאַפּיראָ, זענען וויכטיגע זיילען אין דער רעגירונג. די רעליגיעז־נאַציאָנאַלע פּאַרטיי האָט זעהר פיל געשאַפען אין ישראל, און דער לייענער וועט אין אַ באַזונדער קאַפּיטעל געפינען מער פּרטים וועגען די רעליגיעזע קיבוצים און מושבים, וואָס די באַוועגונג האָט צו איר קרעדיט.

דער קרן ארץ ישראל של המזרחי איז אַ ספּעציעלער פאָנד צו שטיצען אַלע קאָנסטרוקטיווע טעטיגקייטען פון מרכז עולמי של המזרחי והפועל המזרחי. די פּראָיעקטען פון קאָלאָניזאַציע, התישבות, יוגענד־עליה, רעליגיעזען חינוך, קולטור אַרבייט, און העלפט אויך אין פּלענער פון עקאָנאָמישען כאַראַקטער, הייזער סכעמעס, געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס א. אַ. וו.

זיבן און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# אגודת ישראל

**די פּראָבלעמען פון אגודת ישראל אין מדינת ישראל. — זאָרג וועגן קיבוץ גלויות און מלוכה־קאָנטראָל איבער פּאַר־שידענע פאָנדען. — די גרויסע נעץ פון חינוך מוסדות. — די „בית יעקב" שולן אין ארץ ישראל און אין אייראָפּע. — דער איינגעפירטער „דף־יומי" פון תלמוד אין פיל לענדער.**

די אגודת ישראל, וועלכע איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1912, האָט בס"ה במשך פון איר עקזיסטענץ אָפּגעהאַלטען דריי קאָנגרעסען, אָדער וועלט־אסיפות, אויף וועלכע עס זענען געווען באַהאַנדלט געוואָרן אַלע פּראָבלעמען, וואָס גייען אַריין אין סוג פון יהדות החרדית, שטרענגע אידישקייט. די ערשטע כנסיה גדולה איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין וויען אין יאָר תרפ"ג (1922), אונטער דער פירערשאַפט פון הרב דר. פנחס כהן. די 2־טע כנסיה גדולה איז אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין וויען אין יאָר תרפ"ט. די 3־טע כנסיה גדולה איז פאַרגעקומען אין מאַריענבאַד אין יאָר תרצ"ז. די לעצטע 2 כנסיה־גדולות זענען שוין אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין מדינת ישראל. די באַוועגונג האָט פיר מיטגלידער אין כנסת אָבער איז ניט פאַרטראָטען אין דער רעגירונג צוליב צוויי טעמים: די פאָדערונג איינצושטעלען אַ פולשטענדיגען געזעץ וועגען שמירת־שבת, און אָפּהאַלטען זיך פון „ניתוח־מתים" — ניט פאַלמעסען קיין בר מינן. די רעגירונג האָט ניט מסכים געווען צו דער שטעלונג פון דער אגודת ישראל, און זינט דאַן זענען זיי ניט פאַרטראָטען אין דער רעגירונג.

די הויפּט אויפטואונגען פון די 2 לעצטע כנסיות איז דאָס גרינדען אַן איגוד הרבנים און די באַנייאונג פון פאָנד, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס „קרן התורה".

די אויסזיכטען פון דער אגודת ישראל זענען, אַז ווען עס וועט צו־שטאַנד קומען אַ „חזית דתית" — אַ פאַראייניגטער רעליגיעזער פראָנט, צו־זאַמען מיט מזרחי הפועל המזרחי — דאַן וועט די לאַגע מעגליך געענדערט ווערען, און נייע פּלענער וועלען וואַרשיינליך אויפגענומען ווערען. ביז איצט האָט די אגודת ישראל געשאַפען אַ נעץ פון אייגענער בתי חינוך אין ישראל. דאַרונטער אַ צאָל „בית־יעקב"־שולן פאַר מיידלעך, וואָס עקזיסטירען שוין אגב אין אַ סך לענדער, אויסער מדינת ישראל. זי האָט אירע אייגענע פּרעסע אָרגאַנען א. אַ. וו.

לכתחילה, ביי דער פראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל, האָט די אגודת־ישראל געהאַט איר פאַרשטייער הרב יצחק מאיר לעווין, אַלס מיניסטער פון געזעלשאַפטליכער שוץ; אין יאָר 1949 האָבען זיך פאַראייניגט אגודת ישראל און פועלי אגודת ישראל מיט מזרחי און הפועל המזרחי, שאַפענדיג אַ רעליגיעזען פראָנט, וואָס האָט דאַן פאַרנומען דעם דריטען פלאַץ אין דער כנסת לויט דער פאַרגרעסערטער צאָל מיטגלידער.

פון באַזונדער חשיבות איז דער איינגעשטעלטער „דף יומי", וואָס אידען לערנען טעגליך אַ בלאַט גמרא, בכל תפוצות ישראל. דער „קרן התורה" און דער דף יומי" — זענען פון די וויכטיגסטע דערגרייכונגען פון אגודת ישראל, וועלכע וויל ניט מוותר זיין אויף קיינע פון די מצוות־התורה, און קעמפט פאַר דער ירושה פון ישראל סבא, כדי אויסצוהאַלטען אידישקייט אין פולען זין פון וואָרט.

אכט און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# פּועלי אגודת ישראל

**פּראָגראַם אויפצובויען מדינת־ישראל אין גייסט פון תורה. — פאַרטיידיגען די רעכט פון אַרבייטער, לויט דער תורה. — אָנפירען אַ קליטה און חלוצישע־אַרבייט. — די זאָרג וועגען קינדער־יתומים און זייער ערציהונג דורך „תורה ועבודה". — די ספּעציעלע קורסען, התישבות טעטיגקייט, קיבוצים און שטח, וואָס פּועלי אגודת ישראל באַזיצען.**

דער נאָמען פּ. א. י. ווייזט, אַז דאָס איז אַן אַרבייטער באַוועגונג, און איז פאַראינטערעסירט אין דער פאַרגרעסערונג פון איר צאָל קיבוצים, מושבים און כוחות וואָס וואַקסען אַרויס פון מער עולים, מער רעליגיעזע אַרבייטער, וועלכע פאַרבינדען זייער מלאכה מיט רעליגיע, לויט ווי אידישקייט האָט זיך געפירט מקדמת דנא.

„פּועלי־אגודת־ישראל" איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1924 אין פּוילען דורך אַ גרופּע, וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון רעליגיעזען אַרבייטער, און גענומען זוכען וועגען און מיטלען, ווי צו פאַר־איינגען זייער מלאכה מיט מצוות התורה ואמונת ישראל. די ערשטע טריט זענען געווען — צו קירעווען רעליגיעזע אַרבייטער קיין ארץ ישראל, און העלפען זיי זיך איינצואָרדנען, לויט יסודות התורה אין דערפער און אַגרי־קולטור־סעטעלמנטס, ווי אויך אין פאַרשידענע צווייגען פון דער ווירטשאַפט. פיל זענען באַשעפטיגט געוואָרען ביי געזעלשאַפטליכע אַרבייטס־אונטער־נעמונגען, ווי בויען נייע וועגען, וואָס איינער פון זיי פאַרבינדט תל־אביב־נתניה, און אַנדערע שאָסייען. זיי האָבען זיך אויך באַטייליגט אין דער ציטרוס־אינדוסטריע א. א.

די הויפּט־זאָרג פון פּועלי אגודת ישראל איז געווען די יוגענד, און קודם כל די יתומים קינדער, אינגלאך און מיידלאך, וועלכע זיי האָבען אַריבערגעבראַכט פון מזרח און מערב אייראָפּע. די קינדער זענען ערצויגען אין גייסט פון שטרענגער אידישקייט; לערנען פאַרשידענע פאַכען און לימודים אויף פאַרשידענע קורסען.

היינט צו טאָג האָבען „פּועלי אגודת ישראל" איבער 15 קיבוצים און קליינע סעטעלמענטס, מיט אַ באַפעלקערונג פון היבשע טויזענטער מיטגלידער, דאַרונטער אַ גרויסע פּראָצענט קינדער. זייער שטח איז אַרום זעכציג טויזענד

דונאַם באָדען. די באַוועגונג האָט אויך דערגרייכט אַ געוויסען דערפאָלג דורך אויפבויען עטליכע טויזענד היימען פאַר די זעכציג צווייגען מיט׳ן הויפט־צענטער אין תל אביב. זי האָט אויך אָפטיילונגען אין אַמעריקע, ענגלאנד און אַנדערע לענדער.

די באַוועגונג נאָך פערציג יאָר עקזיסטענץ, האָט געהאַט און האָט נאָך אויך היינט אַ שווערען געראַנגעל פאַר איר קיום. צוזאַמען מיט דער אגודת ישראל בילדען די פועלי אגודת ישראל אַ באַדייטענדען כוח, וועלכען די ישראל רעגירונג, שענקט אויפמערקזאַמקייט, און וויל זייער קאָאָפּעראַציע, ווייל דאָס איז אַן אַרבייטער גרופּע, וואָס באַטייליגט זיך אין אַלע פּראָצעסען פון מדינה־אויפבוי, און צילט צו דערהויבען דעם קולט פון אַרבייט, לויט תורת ישראל. פועלי אגודת ישראל איז מקיים דעם „ששת ימים תעבוד ועשית כל מלאכתך, ויום השביעי שבת לד׳ אלוקיך״. זי הויבט אַרויס דעם קולט פון אַרבייט, לויט׳ן תלמודישען אויסדרוק „גדולה מלאכה שמכבדת את בעליה״ (גיטין פ״ז).

ניין און זיבעציקסטער קאַפּיטל

# מפלגת הציונים הכלליים

## (די אַלגעמיינע ציוניסטישע פּאַרטיי אין ישראל)

**הויפּט פּונקטען פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער פּראָג־ראַם אין ישראל, און די פאַרשידענע דעפּאַרטמענטען פון דער אָרגאַניזאַציע. — די ענטוויקלונג פון באָדען דורך אידישן קאַפּיטאַל, וואָלט אַריינגעבראַכט ווערן אין ישראל. — מוניציפּאַלע און אַנדערע אַנגעלעגנהייטען, צו וועלכע די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע שענקט באַזונדער אויפמערק־זאַמקייט.**

אויב ציוניזם האָט באַקומען אַ געוויסע געשטאַלט נאָכ'ן ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל, אין יאָר 1897, ווען דער פאָטער פון פּאָלי־טישען ציוניזם דר. טעאָדאָר הערצל איז אויפגעטראָטען אויף דער אַרענע פון אידישען פאָלק, אַלס פירער און שעפער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע — האָט גראָד אין ארץ ישראל גופא דער ענין ניט געהאַט קיין גרויסען ערפאָלג: אידן, וואָס זענען געזעסען אין א״י האָבען ניט געדאַרפט דעם ציוניזם, ווייל זיי זענען דאָך שוין געווען אין ציון... דער אַלגעמיינער ציוניזם האָט געהאַט די היסטאָרישע עובדה צו פּראָקלאַמירען דעם כוח און שטרעבונג צו שיבת־ציון, ד. ה. אומקערען דאָס אידישע פאָלק צו זיין היסטאָריש לאַנד — ארץ ישראל. מיר וועלען זיך דאָ אָפּשטעלען אויף דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג אין ישראל, זינט זי האָט גענומען אַרבייטען אין יאָר 1922. די מיטגלידערשאַפט פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַרום זעכציג טויזענד, מיט אַ אַרום 120 אָפּטיילונגען אין פאַר־שידינע שטעט, דערפער און סעטעלמענטס.

דער אַלגעמיינער ציוניזם אין ישראל, האָט אויסגעמיטען פיל חבלי לידה, וואָס ער האָט אָנגעטראָפען אין די תפוצות־הגולה. די פריהערדיגע קאָנגרעסען, די פאַרשידענע חילוקי־דעות און דראַנג נאָך מאַכט, — דאָס האָבען די ישראל תושבים אויסגעמיטען אין די ערשטע 25 יאָר פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין מדינת ישראל ווילען די אַלגעמיינע ציוניסטען דערגרייכען אַ קאָנסטיטוציע, וואָס זאָל שטיין אויף דער וואַך פון פריוואַטען בירגער: ער זאָל האָבען גלייכע רעכט לגבי די רעגירונגס־אינסטיטוציעס, פרייהייט פון וואָרט, געדאַנק און רעגירונגס־אָנערקענונג.

די אַלגעמיינע ציוניסטען אין ישראל העלפען אין דער אַרבייט פון קיבוץ־גלויות מאַטעריעל און גייסטיג, אין דער קליטה פון נייע עולים פון

יעדען מין פאַך און באַשעפטיגונג. די באַוועגונג שטרעבט אויפצוהאַלטען די סאָוועראַניטעט פון דער מדינה, עקאָנאָמיש, קולטורעלע, פּאָליטיש און מיליטעריש.

די אַלגעמיינע ציוניסטען זענען פאַר'ן בטל מאַכען די סיסטעם פון קאָנטראָלען און באַגרענצונגען, און איינשטעלען אַ ליבעראַלען רעזשים אין לאַנד, וואָס זאָל פאַרזיכערען דעם איניציאַטאָר און פּראָדוצירער זיינע מאַטעריעלע ווערטען, און געהעריגע באַדינגונגען צו ענטוויקלען זיינע פעהיגקייטען. די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וויל אַז די ישראל אַרמיי זאָל באַשטיין פון מענשען, אָן השפעות מצד פּאַרטייען; זי זאָל זיין באמת אַ נאַציאָנאַלע אַרמיי. זי וויל אויך אַן אוניפאָרמירטע נאַציאָנאַלע ערציהונג, געשטיצט אויף פּעדאַגאָגישער דיסציפּלין, אָהן קיינע פּאַרטיי־אַריינמישונגען אין ענינים פון מיליטער. זי וויל אַ מיטל־שול חינוך פאַר אַלע, וואָס פאַרלאַנגען דאָס, און בכלל אויסברייטערען העכערע ערציהונג אויף אַלע געביטען. זי וויל ווירדיגע ציווילע לייסטונג, פריי פון פּאַרטיי־שטעמפּעל און איינפלוסען; סאָציאַלע פאַרזיכערונג, וואָס זאָל זיין דירעקט אונטער דער רעגירונגס אויפזיכט בנוגע אַרבייט און באַשעפטיגונג. די אַלגעמיינע ציוניסטען זענען גרייט צו קעמפען פאַר אַ סיסטעם פון בטל מאַכען אַלע מאָנאָפּאָלען אין דער אינדוסטריע, מלאכה און באַשעפטיגונג.

די אַלגעמיינע ציוניסטישע באַוועגונג אין ישראל צילט צו ענטוויקלען אַלע טיילען פון דער מדינה, אויסלייזען וואָס מער באָדען, מיט דער הילף פון אידישען אויסלענדישען קאַפּיטאַל. באַזונדערס דערמוטיגען אינוועסטירונס־קאַפּיטאַלען, דורך געבען די אינוועסטאָרס פרייהייט פון באַוועגונג און האַנדלונג, לטובת דער מדינה און דעם יחיד.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט היינט אַ גרויסע צאָל אָפּטיילונגען אין ישראל, פאַר פּראָפּאַגאַנדע און פּרעסע־ענינים, פאַר יוגענדליכע, פאַר פרויען־טעטיגקייטען, ערציהונג, הייזער־בוי, קאָלאָניזאַציע, עליה־אויפגאַבען, וועלפער־הילף צו עולים, אַרבייטער אינטערעסען, קראַנקען שטיצע, פאַרלאַמענטאַרישע און לעגיסלאַטיווע פונקציעס און פיל אַנדערע אויפגאַבען.

דער הויפּט פּרעסע אָרגאַן איז די טעגליכע צייטונג „הבוקר", וועלכע גיט אויסדרוק צו אַלע אינטערעסען און פּראָבלעמען פון ציונים כלליים, אויסער דעם האָט די פּאַרטיי אַ צאָל צייטשריפטען אין העברעאיש, אידיש, דייטש, רומעניש, ענגליש און שפּאַניש, פאַרשידענע איינמאָליגע אויסגאַבעס ביי וויכטיגע געלעגענהייטען.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין ישראל שפּילט אַ בכבוד'יגע ראָל, הגם די צוטיילונג פון דער באַוועגונג אויף אַלגעמיינע און פּראָגרעסיווע ציוניסטען האָט אָוועקגענומען אַ סך גלאַנץ. דאַריבער האָט זי איצט נייע אויפגאַבען אַלס „די ליבעראַלע ציוניסטישע פּאַרטיי" אונטער איר נייעם „גילגול".

אַכציקסטער קאַפּיטל

# די ליבעראַלע ציוניסטישע פּאַרטיי

## (צוזאַמענגעשמאָלצען פון „פּראָגרעסיווע" און „אַלגעמיינע ציונים")

**פּאָדערונגען צו שאַפן אַ געהעריגע קאָנסטיטוציע, און פאַר־זיכערן דער באַפעלקערונג אַ נאַציאָנאַלע געזונדהייט־סיס־טעם. — גלייכע רעכט און געלעגנהייטן פאַר פאַרשידענע עקאָנאָמישע סעקטאָרן. — אָפּשאַפן פּראָטעקציאָניזם און פּאָליטישע השפּעה.**

די ליבעראַלע ציוניסטישע באַוועגונג, צוזאַמענגעשמאָלצען פון די פּראָגרעסיווע ציוניסטען מיט די אַלגעמיינע, אין יאָר 1961, בילט צו דער־גרייכען אַ „ביל אָוו רייטס" פאַר אַלע בירגער, און לאָקאַלע אויטאָריטעטען. זי ווענדט אָן מיטלען צו באַפרייען זיך פון פּאָליטישע פּאַרטייען אין די לאָקאַלע אינסטיטוציעס, און אויסצוטיילען מער גערעכטיגקייט און שטאַרקערע שטראָפן פאַר קאָרופּציע און פאַרשווערונגען. זי וויל גלייכהייט צווישען פאַר־שידענע קהלות, און אַ מיטל־שול־ערציהונג זאָל דערגרייכט ווערן אויף אַ פרייען אופן. די פאַראייניגטע פּאַרטיי וויל אויסגלייכען די רעכט פון די אַראַבער מיט די אידען, כאָטש די אַראַבער זענען אַ מינדערהייט. זי וויל אויך אָן אויסגלייך צווישען די דריי עקאָנאָמישע פאַקטאָרען: פּריוואַטער, קאָאָפּעראַ־טיווער און רעגירונגס־מאַכט, וואָס אַלע האָבען זיי די אויפגאַבע צו אויס־ברייטערען די ראַמען פון דער ישראל ווירטשאַפט און איר עקאָנאָמיע. די באַוועגונג וויל אויך עס זאָל געגעבען ווערן פאָרצוג צו פּריוואַטער איניציאַ־טיווע, לכל הפּחות אין די יונגע מדינה־יאָרען.

די פּאַרטיי זוכט וואָס מער פּריוואַטען קאַפּיטאַל, סיי פון חוץ לארץ, און סיי פון ישראל, כדי צו האָבען אין לאַנד מער אינוועסטירונגען, שאַפן גע־העריגע מעגליכקייטען דורך איינשטעלען אַ סיסטעם פון יושר׳דיגע פּראָפיטען, און אַז די אַטמאָספערע זאָל זיין גינסטיג פאַר יעדען סאָרט אינוועסטמענט. די באַוועגונג איז פאַראינטערעסירט אין דער אינדוסטריאַליזאַציע פון דער מדינה. זי צילט צו דערגרייכען אָן אינדוסטריעלע פּלאַנירונג פון עקספּאָרט, מאַקסימום פון אַרבעטס־מעגליכקייטען, אַ געזונטע באַציהונג און גלייכגעוויכט צווישען אינוועסטירטען קאַפּיטאַל און פּראָדוקציע, כדי אָנצוהאַלטען אַ לעבענס סטאַנדאַרט צו די דעמאָקראַטישע לענדער אויפ׳ן אַמעריקאַנער און אייראָפּע־אישען קאָנטינענט...

דער הויפט טראָפּ ווערט געשטעלט אויף קליטה, אַבסאָרבירונג פון נייע עולים, און הייזער־בוי. די איצטיגע צונויפגעשמאָלצענע פּאַרטיי האָט אַ באַדייטענדע צאָל קיבוצים, מושבים, חינוך־אנשטאַלטן, וואָס זענען צע־וואָרפן אפילו אין פּריוואַטע דערפער.

אויף אַזאַ אופן האָפט די פּאַרטיי צו קאָנען דערהאַלטן אַ גלייכגעוויכט צווישן דער רעגירונג און דער ציוניסטישער באַוועגונג. אַלס די אויפריכ־טיגסטע ליבעראַלע פּאַרטיי אין ישראל, וואָס קעמפט פאַר אַ פרייע ליבעראַלע מדינה־עקזיסטענץ, זי איז אָנגעשלאָסן אָן דעם ליבעראַלן אינטערנאַציאָנאַל.

איין און אַכציקסטער קאַפּיטל

# די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין ישראל

**ווי די מאַרקס־לענין טעאָריע זוכט צו פאַרגרונטעווען סאָ־ציאַליזם אין ישראל. — דער קאַמף פאַר ישראל׳ס סואווער־ניטעט און נייטראַליטעט. — גלייכע רעכט פאַר דער אַראַ־בישער מינדערהייט. — שלום צווישען די ישראלים און אַראַבער, אויך פריינדשאַפט צווישען מדינת ישראל, סאָ־וועטען, און אַנדערע סאָציאַליסטישע לענדער.**

מיט דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל אין יאָר 1948, איז תיכף „אויסגעוואַקסען” די קאָמוניסטישע פּאַרטיי (מק״י) „מפלגת קומוניסטים ישר־אלים”, און נאַטירליך, שטייט זי ביי דער מאַרקס לענין־טעאָריע: דאָס מיינט אַרונטערוואַרפען די אויבערהערשאַפט, די עקספּלואַטאַציע פון מענשען דורך איינפירען סאָציאַליזם אין ישראל.

ווי אַ פּאַרטיי אין ישראל, קעמפט זי פאַר ישראל׳ס זעלבסטשטענדיג־קייט און נייטראַליטעט, פאַר שלום צווישען מדינת ישראל און די אַראַבישע מדינות. זי וויל געגענזייטיגע נייטראַליטעט, וואָס זאָל אנערקענען די גערעכטע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון אידען און אַראַבער. זי וויל אויך אַנולירען ישראל׳ס „צוגעבונדענקייט” צו דער נאָרט־אַטלאַנטיק טריטי־אָרגאַניזאַציע (נאטאָ). זי שטיצט די רעכט פון אַרבייטער צו קעמפען פאַר אַ העכערען לעבענס־סטאַנ־דאַרד און פאַר דער פאַרטיידיגונג פון דער מדינה; אויסברייטערן דעמאָקראַ־טישע פרייהייטען געגען יעדען סאָרט דיסקרימינאַציע צוליב נאַציאָנאַלע, געזעלשאַפטליכע אָדער געשלעכט־סיבות, געגען אַ פּאָליטיק פון נאַציאָנאַלער אומגערעכטיגקייט. זי באַשטייט אויף׳ן פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלע און ציווילע רעכט פאַר דער אַראַבישער באַפעלקערונג, און בטל מאַכען די לעצטע מילי־טערישע תקנות אין די אַראַבישע ראַיאָנען. (לעצטנס זענען שוין כמעט אַלע אַזעלכע באַגרענצונגען אָפּגעשאַפט געוואָרען).

ווי אַלע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, נעמט זי אַריין יעדען איינעם, אומ־אָפּהענגיג פון אָפּשטאַם, פאָלק, ראַסע אָדער גלויבען, און פאַרשטייט ישראל׳ס פּאַטריאָטיזם און פּראָלעטאַרישען אינטערנאַציאָנאַליזם.

זי פּראָפּאַגאַנדירט צו נאַציאָנאַליזירען די גרויסע אויסלענדישע מאָנאָפּאָלען ישראל׳ס נאַציאָנאַלע רייכטימער, וועלכע דער באַדען פאַרמאָגט, און וויל אַ פּראָדוקטיווע אַבסאָרבציע פון נייע אימיגראַנטען, דורך פאַרזיכערען זיי אַרבייט,

הימען און סאָציאַלע דינסט־לייסטונגען. די פּאַרטיי קולטיווירט די דעמאָקראַ־טישע טראַדיציעס און די קולטור־ירושה פון אידישען פאָלק, אַלס באַזיס אין קאַמף פאַר אַ דעמאָקראַטישע, פּראָגרעסיווע און נאַציאָנאַלע קולטור.

די קאָמוניסטען האָבען פאַרטרעטערשאַפט אין כנסת, אַזוי גוט, ווי אין אַ סך מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס איבער׳ן לאַנד; אויך אַן אָרגאַן, וואָס רופט זיך „קול העם״ און אַ זשורנאַל אין אַראַביש (צוויי מאָל וועכענטליך), צייט־שריפטען אין אידיש, בולגאַריש, רומעניש, פראַנצויזיש, אונגאַריש און פּויליש. זי האָט אויך אַן ענגלישען בולעטין, וואָס ווערט אַרויסגעגעבען יעדע פאַר חדשים. ווי אַלע פּאַרטייען, האָט מק״י אויך אַ יוגענד באַוועגונג. דאָס ווייזט, אַז די פּאַרטיי צילט צו פאַרוואָרצלען זיך אין לאַנד, און געווינען וואָס מער באַדען פאַר אירע טעטיגקייטען מיט׳ן לויף פון דער צייט.

דער כוח פון די קאָמוניסטען אין ישראל איז באַטירליך זעהר קליין; זייער פירער דר. משה סנה, כנסת דעפּוטאַט, איז פון באַרוף אַן אַדוואָקאַט, אַ גראַדואירטער פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. ער איז אַמאָל געווען דער פּאַרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילען. אין ישראל איז ער זינט דעם יאָר 1940, און איז אַ באַגאַבטער זשורנאַליסט. זיין פּאַרלאָזען די פריהערדיגע פּאָזיציעס איז נאַטירלאך אַ פאַרלוסט פאַר ישראל, אָבער אויסנאַמען זענען שטענדיג געווען און וועלען אויך שטענדיג זיין...

צוויי און אַכציקסטער קאַפּיטל

# דער סך-הכל פון דער פּאַרטיי-קראַנקהייט אין ישראל

ווי מיר האָבען אין אָנפאַנג פון דעם קאַפּיטעל „פּאַרטייען אין ישראל" באַטאָנט, זענען זיי געווען אין פאַרבליבען אַלס העסליכער סלע המחלוקת אין ישוב, וואָס רואינירען זיין מצב, דעם שלום בית און ווער ווייסט נאָך, וויפיל שאָדען און אומגליקען די פּאַרטייען וועלען ברענגען צו דער יונגער שוואַכער מדינה ! ! !

אַוודאי איז דער פּאַרנעם פון די אַלע פּאַרטייען אין ישראל ניט אין פאַרגלייך גרעסער און ערענסטער, ווי אין די תפוצות, וואו מען זעט ניט אין גרונט אַזעלכע ערענסטע צושפּליטערונגען און קנאה־שנאה, ווי מען זעט דאָס אין ישראל. אין חו"ל זענען נישטאָ קיין וואַלען צו אַ כנסת, צו שטאָט־ראָט, און צו קיין אַנדער רעגירונגס־אינסטיטוציע. במילא איז ניט מערקבאַר דער פּאַרטיי־קאַמף. אין ישראל האָט אָבער יעדע פּאַרטיי אירע אייגענאַרטיגע אַמ־ביציעס, פּאָדערונגען, פּראָגראַמען, וואָס קעמפען און באַקעמפען זיך געגענ־זייטיג. דעריבער האָט בן גוריון און אַנדערע מדינה־פירער געזוכט און זוכען נאָך ביז היינט צו רעדוצירען די צאָל פּאַרטייען, און דערגרייכען אומגעפער אַזאַ לאַגע, ווי עס הערשט אין די שטאַטען, קאַנאַדע, און אַנדערע סטאַבילע לענדער. לויט אונזער באַשיידענער מיינונג, וואָלט ישראל געקענט זיך באַגיין מיט 2, העכסטענס 3 פּאַרטייען, דאַרונטער איינע פון דעם פאַראייניגטען רעליגיעזען פראָנט. די צייט, וואָס דער פּאַרטיי־קאַמף רויבט אַוועק, וואָלט בעסער געקענט אויסגענוצט ווערען פאַר דער קאָנסאָלידאַציע פון די אינער־ליכע כוחות אין דער מדינה. אָבער פאַרלויפיג איז דאָס אַ חלום !...

דער נייער קאַפּיטעל בן גוריון—לבון, די באַנייאונג פון פּרעמיער אשכול און זיין רעגירונג, דער ענטשלאָסענער פּאַרטיי קאַמף צווישען די פּאַרטייען און אין די רייהען פון דער מפא"י אַליין, וואָס דאָס איז ממש אַ סכנה פאַר'ן קיום פון דער מדינה, — דאָס זענען די פּרוכט פון פּאַרטיי מחלוקות, פון אַמביציעס, וואָס טאָרן ניט מער עקזיסטירען... מיר ווייסען נאָך ניט מיט וואָס דער איצטיגער שפּאַנענדער קאַפּיטעל פון פּאַרטיי פּאָליטיק וועט זיך פאַרענדיגען, על כל פנים האָט ער שוין צושטערט אין אַ גאַר גרויסער מאָס יעדע אילוזיע פון קאָנען ווייטער וועבען דעם חלום פון דער קרעפטיגער מפא"י. ער האָט אויך צושטערט אין אַ זעהר גרויסער מאָס דעם פּרעסטיזש פון די אַרכיטעקטען פון דער מדינה, דאַרונטער פון דוד בן גוריון, ניט קוקענדיג, ווער עס זאָל אַרויס־

קומען זיגרייך פון דעם איצטיגען קאמף... אונז שיינט, אז „נאך אזא נצחון, און דאס פאטערלאנד איז פארלוירען״!...

מיר גלויבען אבער דאך, אז דער שטורם פון פארטיי־קאמפן וועט זיך איינשטילען. דער ישראל הימל וועט זיך ווידער אויסקלארען. ישוב הדעת און אחריות וועלען פארנעמען דעם געהעריגען פלאץ אין דער אידישע מענטאליטעט, אפילו ביי די אויסגעשפראכענע פארטיי־פירער און ווארטזאגער.

עס וועלען מעגליך „איבערגעטאשט ווערען די פאליטישע קארטען״, די לאגע קאן ווערען אנדערש, אבער ניט אויף צו־לאנג. דער געזונטער אינסטינקט און ליבע צו ישראל וועט אויסדויערען אלץ, און דווקא אפ־געשוואכטע פארטייען וועלען ווערען א רפואה שלימה פאר׳ן ישוב און פאר׳ן לאנד.

מיר שטרייכען אונטער, ישראל מוז אויסרויכערען דעם פארטיי־ווארעם, זיך באגנוגענען מיט העכסטענס מיט א 3־2 פארטייען, כדי אויס־צומיידען דיקטאטורשאפט, און דאן קאן זי ווערען א מוסטער־מדינה פון אחדות און געגענזייטיגער קאאפעראציע, וואו יעדער איינער זאל שטרעבען צו דערהויבען דעם גייסט פון ישראל סבא און זיך דערנענטערען צו די צייטען, וועגען וועלכע אונזערע נביאים האבען געפרעדיגט, אז יעדער וועט זיצען אויף זיין נחלה, אונטער זיין וויינשטאק און פייגענבוים...

מיר האבען ניט געוואלט אויסלאזען דעם ענין פארטייען פון בוך, וואס הגם עס איז איינער פון די פיינליכסטע קאפיטלעך, וואס האט פאר־שאפט דעם מחבר פיל הארצווייטאג און עגמת נפש, אבער מיט פארמאכען די אויגען און ארונטערדרוקען דעם קאפ אין זאמד, קאן מען דעם ווייטאג־ליכען ענין ניט היילען און ניט העלפען. יבוא הקהל וישפוט, זאל דער לייענער אליין משפט׳ן און פארטראכטען זיך איבער דער דאזיגער פיינלי־כער סיטואציע. צי עס וועט אמאל קומען צו א דערנענטערונג, אדער צו א פאראייניגונג צווישען פארטייען, וואס זענען כמעט חברים לדעה, איז ניט זיכער און ניט באוואוסט. דערווייל האלטען אן מחלוקות רעכטס און לינקס. און ווי האט איינער זיך אמאל אויסגעדריקט גאנץ אומשולדיג: „אין ישראל פעלט א מיניסטעריום פאר מחלוקות״... עס זענען פארהאן פיל פלענער פאר פארשידענע פארטיי־שידוכים, אבער עס איז נאך אלץ ווייט פון קלארקייט, און קיינער קאן ניט פארויסזען, וואוהין דער פארטיי ווארעם קאן נאך פארקריכען. ווען מיר שרייבען די שורות, איז דער ישראל הארייזאנט שטארק פארנעפעלט צוליעב דער בן גוריון־לבון מיסטישער געשיכטע. די רעגירונג פון אשכול׳ן לעבט „תחית המתים״, אבער קיינער איז ניט צופרידען, אפילו ניט בן גוריון. קאן מען רוהיג זיין וועגען א נייער רעגירונג. אבער וועגען דעם גורל פון די פארטייען — מי יודע וואס זייער שיקזאל וועט מיט דער צייט ווערען.